# די יודישע געשיכטע

ניי בעאַרביים נאָך פּראָפ. גרעץ

אונ אַנדערע קוועלען

דורך ב. ק—י.

III-טער באַנד.

פערלאַג
"וועלט-ביבליאָטעק".

ווארשא
תרע"ג.

Типографія Ф. Баумриттера, Красинская пл. № 6.
ВАРШАВА 1911 г.

## ערשטעס קאַפּיטעל.

### די לאַגע אין יהודה און דער נייער גייסטיגער צענטר אין יבנה.

מיט דעם אונטערגאַנג פון ירושלים אלס צענטר פון יהודה'ס נאַציאָנאַל־פּאָליטישען לעבען, הויבט זיך אָן אַ נייע, מערקווירדיגע עפּאָכע אין דער יודישער געשיכטע.

דער מעכטיגער שונא האָט אַלץ פערניכטעט; פון דער גאַנצער בעפעלקערונג אין יהודה איז נאָר אַ קלייִנער טייל איבערגעבליבען, און ער איז כמעט איינגאַנצען פערטריבען און צוטומעלט געוועזען פון דעם שרעקליכען חורבן. „דאָס גאַנצע לאַנד איז פּוסט, חרוב און פערווילדעט; וועט דען אָט דער טויט־שוואַכער קערפּער זיך קענען דערהאַלטען? וועט די טאָכטער יהודה קענען נאָך ווען ס'איז צו זיך קומען פון איהר שרעקליכען קלאַפּ? עס זענען, אמת, נאָך פערהאַן גרויסע יודישע קהלות אין סיריען און אין בבל, אין קליין אזיען און מצרים; די דאָזיגע קהלות האָבען אָבער די גאַנצע צייט געצויגען זייער גייסטיגע יניקה פון דער הייליגער יהודה'שער הויפּטשטאָדט, פון ירושלים, און איצט שטעהען זיי איך פערצווייפעלטע, דערשלאָגענע, ווי אָהן אַ זיכער'ן פעסטען באָדען

אונטער די פיס. וואס וועט אלאָ זיין? צי איז ווירקליך נישט אָנגעקו־
מען די לעצטע שעה פאר דעם טויזענד־יעהריגען יודישען שטאַם, און
ער געהט אונטער, ווייל דאס איז דער ווילען פון דער אויבערשטער
השגחה?"— אַזעלכע טרויריגע געדאַנקען האָבען בעהערשט דעם מעהר
ענטוויקעלטען עלעמענט פון די איבערגעבליבענע יודישע מאַסען, און
אַנדערע פון זיי האָבען אַפילו בעטראַכט אָט די השערה פאר אַ זיכערען
פאַקט *).

און די פאָלגען פון דער דאָזיגער פערצווייפלונג זענען געוועזען פער־
שידען. אַ סך האָבען זיך אינגאַנצען דערווייטערט פון דער וועלט און
פון אַלע לעבענס־תענוגים, זענען פערזונקען געוואָרען אין אַ אייביגען
טרויער, כדי אויף אַזאַ אופן צו שטילען דעם צאָרן פון גאָט געגען זיין
פאָלק ישראל; אַנדערע, ווידער, וועלכע האָבען זיך בעזונדער
שטאַרק גענומען צום האַרצען די אבידה פון בית המקדש, אלס הייליגער
אָרט פון תשובה און חרטה פאר גאָט, האָבען זיך אַריינגעוואָרפען אין
די אָרעמס פון די יונגע קריסטליכע סעקטעס, אום אויסצופילען דעם
חלל אין זייערע הערצער מיט קרבנות פון ריינע געפיהלען און האָפנונגען
אויף דער נאָהנטער „מלכות השמים". ווי אַזוי־זשע, פרעגט זיך, זענען
עס נאָך אַלעם דעם די איבערגעבליבענע צוריסענע גלידער פון פאָלק
דאָך בייגעקומען די שרעקליכע געפאַהר? ווי אַזוי־זשע האָבען עס די
דאָזיגע צושפּליטערטע כחות בעוויזען, זיך צו דערהאַלטען, ווי אַיין
גאַנצער, פעסטער אָרגאַניזם, אין דעם משך פון הונדערטער דורות?

די ערקלערונג פון דעם פאַקט, — וועלכער בלייבט דאָך איינע פון
די מערקווירדיגסטע ערשיינונגען אין דער מענשליכער געשיכטע—ליגט,
ערשטענס, אין דעם אייגענאַרטיגען גייסטיגען לעבען, מיט וועלכען
דער יודישער שטאַם האָט זיך אויסגעצייכענט באַלד אין אָנהויב פון זיין
ענטשטעהן. דורכגעדרונגען מיט אַ אונגעוועהנליכער אָנגע־
בוירענער רעליגיעזיטעט, מיט אַ טיעפען אָנגעבוירע־
נעם זין פאר דאָס איבערערדישע, הייליגע אין'ם מענשלי־

---

*) עס איז בעקאַנט, למשל, דאָס אליעזר, דער העלדישער אָנפיהרער פון דער פעסטונג מסדה, האָט פאר דעם, איידער ער האָט אַריינגעזעצט זיין שווערד צו זיך אין ברוסט, אַ פערצווייפעלטער אויסגעשריען, אַז גאָט האָט זיך פערביזערט אויף זיין אויס־דערוועהלטען פאָלק און האָט איהם פער'משפט צום אונטערגעהן.

כֿען לעבען , — איז דאָס יודישע פאָלק , אין תּוך גענומען , לכתּחילה
גלייך אַזוי ווי בעשאַפען געוואָרען נ י ש ט פאַר קיין רעגולירטער
וועלטליכֿער מלוכה-מאַכט , וואָס מוז זיך שטיצען אויף דער פיזישער
קראַפט . די שענסטע און רייכֿסטע גייסטער פון דער יודישער אומה
זענען פון אייביג-אָן געווען ג ע ג ע ן די פערטרעטער פון דער מלוכה ,
און די לעצטע זענען , אייגענטליך , נאָר אויף אַזוי פיעל געווען ווירק-
ליכֿע מלוכה-מענטשען , אויף וויפיעל זיי זענען פ ר ע מ ד געווען דעם
אָריגינעלען יודישען גייסט , אויף וויפיעל זיי זענען וויים געווען פון די
אייגענטימליכֿע יודישע טראַדיציעס . אין דער צייט , ווען די פאָרשטע-
הער פון דער מלוכה פלעגען זוכֿען צו ערציהען דעם פאָלק אויף די
אידעאַלען פון מאַכֿט און קראַפט , פון וועלטליכֿער גרויסקייט און ערדי-
שער עשירות , — אין דער צייט האָבען די אמת'ע לעהרער פון פאָלק
אונטערגעגראָבען דעם י ס ו ד פון די דאָזיגע בעגריפען , פלאַנצענדיג
אין איהם דעם בעוואוסטזיין פון זיין הויכֿער שליחות , פון זיינע ג ע ט-
ל י כֿ ע אידעאַלען , די אידעאַלען פון גייסטיגער ריינקייט און הייליגקייט ,
פון „לעבען ווי גאָט האָט געבאָטען”, אָדער גאָר — א י ן גאָט און
מ י ט גאָט ; און דאָס פאָלק האָט זיך צוגעהערט צו זיינע ל ע ה ר ע ר
מעהר ווי צו זיינע פיהרער — די ערשטע זענען שטענדיג געשטאַנען
אויף ז יי ן זייט , האָבען אויסגעדריקט ז יי נ ע גוטען און פיינען , און
אין זיין נאָמען געקעמפפט אַנטקעגען די פערשכור'טע , אויסגעלאַסענע
אַריסטאָקראַטען —: די גאַנצע רייהע דורות , וואָס איז אַריבער פון דער
צייט , זינט דער דאָזיגער פערביטערטער קאַמפף האָט זיך אָנגעהויבען ,
איז איין גרויסער טריאומף פון דאָס געטליכֿע איבער דאָס ערדישע
אין'ם יודישען פאָלקס-לעבען . פון דור צו דור האָט זיך די לעבענס-
אַנשויאונג פון דער נבואה, איהרע בעגריפען פון גאָט, מענש און וועלט,
איהר פאָרשטעלונג וועגען דער בעזונדער געטליכֿער שליחות פון דער
יודישער אומה , — אַלץ מעהר און מעהר איינגעזויגען א י נ ' ם ב ל ו ט
א ו ן מ א ר ך פון די יודישע מאַסען , און אַט די נבואה-בעגריפען ,
וועלכֿע זענען מיט דער צייט פערוואַנדעלט געוואָרען אין שטרענגע
קלאָר-בעשטימטע דינים , גזירות און חומרות , האָבען אַרויפגעלעגט א
איינגעאַרטיגען שטעמפעל אויף דער גאַנצער פסיכיק פון דער יודישער
אומה . דאָס פאָלק האָט טיעף איננערליך נישט אָנערקענט קיין שום
מאַכט , אויסער דער אונבעגרענעצטער אַלמעכטיגקייט פון גאָט אין
הימעל ; יעדער יחיד פון דער אומה האָט קודם כל געקוקט אויף זיך

ג׳ִשט , וויִ אויף אַ בִּירגעֶר פון אַ בּעֶשטִימטעֶר מ ל ו כ ה , נאָר וויִ אויף
אַ מִיטגלִיעד פון אַ בּעֶשטִימטעֶן כ ל ל , פון אַ בּעֶשטִימטעֶן , אויסדעֶר־
וועֶהלטעֶן ש ט אַ ם , וואָס האָט אויף זִיךְ בּעֶזונדעֶרעֶ פלִיכְטעֶן , און קיין
זאַךְ האָט נִישט אַזוי אָנגעֶגרִיפעֶן און אויפגעֶבּראַכְט אָט דיִ יחידים, וויִ דיִ
פעֶרלעֶצונג פון דעֶם רעֶלִיגִיעֶזעֶן געֶפִיהל . נִישט קיין בּלויזעֶ רעֶוואָלוצ־
יאָנעֶרעֶן און פריַיהיַיטס־קעֶמפּפעֶר האָבּעֶן דורכְגעֶנעֶצט דיִ עֶרד פון יהודה
מִיט זייעֶר הייסעֶן בּלוט, נאָר פִיעל מעֶהר — און אפשר בּלויז — מ עֶ ר־
ט ִיר עֶ ר , מעֶנשעֶן בּעֶגיַיסטעֶרטעֶ פון אַ געֶווִיסעֶר רעֶלִיגִיעֶזעֶר פאָרשטעֶ־
לונג , וואָס האָבּעֶן זִיךְ דעֶרפאַר מוסר נפש געֶוועֶן .

דאָס יודִישעֶ פ אָ ל ק האָט , אויף אַזאַ אופן , נִישט געֶקעֶנט אונ־
טעֶרגעֶהן צוזאַמעֶן מִיט דעֶר יודִישעֶר מ ל ו כ ה שוין נאָר דעֶרפאַר אַליין,
וואָס אָט דיִ בּיידעֶ בּעֶגרִיפעֶן זעֶנעֶן צווִישעֶן זִיךְ דיִ גאַנצעֶ צייט נ ִי ש ט
אָ ר ג אַ נ ִי ש פעֶראייניִגט געֶוועֶן , און וועֶהרעֶנד דיִ מלוכה האָט כסדר
געֶקרעֶנקט און געֶגוסס׳ט, האָט נאָךְ דאָס פאָלק געֶהאַט דיִ גאַנצעֶ סומעֶ
וואַקסעֶנדעֶ גיַיסטִיגעֶ כחות פון אַ געֶזונדטעֶן , לעֶבּעֶנספעֶהִיגעֶן אָרגאַנִיזם ;
פאַקטִיש זעֶנעֶן דאָ אָבּעֶר געֶוועֶן אויךְ אַנדעֶרעֶ קרעֶפטעֶן , וואָס האָבּעֶן
שטאַרק מִיטגעֶווִירקט צו דעֶרהאַלטעֶן דיִ גאַנצקייט פון דעֶר אומה און
אִיהר לייכְטעֶר צו מאַכְעֶן דעֶם אִיבּעֶרגאַנג פון איין לאַגעֶ אִין דעֶר אַנ־
דעֶרעֶר. אָט דיִ קרעֶפטעֶן זעֶנעֶן : דעֶר שאָטעֶן פון פּאָלִיטִישעֶר זעֶלבּסט־
שטעֶנדִיגקייט , וואָס האָט נאָךְ געֶשוועֶבּט אִיבּעֶר אַ געֶווִיסעֶן טייל פון
לאַנד (אִין גליל) , און בּעֶזונדעֶר דעֶר נ ייַ עֶ ר ג ייַ ס ט ִי ג עֶ ר צ עֶ נ ט ר
פאַר דעֶם גאַנצעֶן פאָלק, וואָס אִיז אויפגעֶבּויט געֶוואָרעֶן אויף דיִ חורבות
פון בּ י ת ה מ ק ד ש , נאָךְ איידעֶר דעֶר לעֶצטעֶר אִיז געֶהאַט אונטעֶרגעֶ־
גאַנגעֶן אִינגאַנצעֶן . דאָס אִיז געֶוועֶן אַ אונגעֶהויעֶר וויַיטזִיכְטִיגעֶר שרִיט
פון איינעֶם פון דיִ גרעֶסטעֶ יודִישעֶ גיַיסטעֶר , וועֶלכְעֶ דעֶר נאַציאָנאַלעֶר
עֶרהאַלטונגס־אִינסטִינקט האָט שטעֶנדִיג אַזוי וויִ צוגעֶגרייט פּאָראויס פאַר
יעֶדעֶן קרִיטִישעֶן מאָמעֶנט אִין דעֶר יודִישעֶר געֶשִׁיכְטעֶ .

---

אִין דיִ עֶרשטעֶ צעֶהנדלִיגעֶר יאָהרעֶן נאָכ׳ן חורבן אִיז יהודה
כמעט אִינגאַנצעֶן פוסט געֶוועֶן . דיִ רוימִישעֶ רעֶגִירונג האָט אַפילו
געֶפונעֶן פאַר נויטִיג , צו האַלטעֶן אִין לאַנד אַ בּעֶזונדעֶר פעֶרטרעֶטעֶר
מִיט אַ בּעֶדיַיטעֶנדעֶר מִילִיטעֶרִישעֶר מאַכְט ; דיִ לעֶצטעֶ האָבּעֶן אָבּעֶר ,
וויִ ס׳אִיז צו גלויבּעֶן , קיין גרויסעֶ אַרבּייט נִישט געֶהאַט , און אִין דעֶר

ייִדישער געשיכטע איז פון זיי קיין זכר נישט איבערגעבליבען. די רעזידענץ פון די דאָזיגע פערטרעטער איז פערבליבען, ווי פריהער, קסריה, וואָס איז איצט, אויף וועספּאַסיאַנ׳ס בעפעהל, פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ „רוימישער קאָלאָניע״. אַ שטאַרקער מיליטערישער גאַרניזאָן האָט זיך געפונען שטענדיג אויך אין ירושלים, האָטש די שטאָדט איז אינגאַנצען צעשטערט געוועזען, און, ווי יוסף־פלאַוויוס זאָגט עדות, „האָט זיך גאָרנישט געלאָזען גלויבען, אַז אויף דעם אָרט האָבען אַמאָל מענשען געוואוינט״. דער גרעסטער טייל ערד פון די יהודה׳שע שטעדט און דערפער איז בעזונדער געוואָרען פון רוימישע קאָלאָניסטען, וועלכע פלעגען אפילו אַוועקנעהמען די ערד מיט געוואַלד פון איהרע יודישע בעלי בתים (סקריקון). בעזונדער האָבען זיך אָט די קאָלאָניסטען בעזעצט אין דער פּראָווינץ שומרון, און דאָ, נעבען דער הייליגער הויפּטשטאָדט פון די שומרונים, שכם, האָט זיך מיט דער צייט אויסגעבילדעט דער נייער רוימישער ישוב נעאַפּאָליס (נאַבלוס), וואו ס׳האָט זיך געפונען אַ צעאוס־טעמפּעל און אַ פּלאַץ פאַר די אָלימפּישע שפּיעלען. בעזעצט פון יודען איז געבליבען נאָר דער דרום־מערב־טייל פון יהודה, אָבער אויך דאָ האָט זיך די ערד איצט גערעכענט פאַר אַ אייגענטום פון דעם רוימישען קייזערליכען הויז און די יודען האָבען פאַר זייער ערד געמוזט אָבצאָהלען אַ געוויסען מס. צו דעם דאָזיגען ערד־אָבצאָהל איז נאָך צוגעקומען דער יעהרליכער מס פון אַ האַלבען שקל (אַ ערך פון 65 ק.), וואָס פלעגט שטרענג אויפגעמאָהנט ווערן פון אַלע יודען אין דער גאַנצער רוימישער אימפּעריע פאַר דעם קאַפּיטאָלישען יופּיטער־טעמפּעל. אָט דער „פיסקוס יודאַאיקוס״ האָט פאַר די יודען געהאַט אַ בעזונדער בעליידיגענדע זייט, ווייל ער האָט געשטאַמט פון דעם האַלבען שקל, וואָס די יודען פון אַלע לענדער פלעגען יעהרליך שיקען אַלס נדבה פאַר׳ן בית המקדש אין ירושלים.

אין אַ ביסעל בעסערע לאַגע האָבען זיך געפונען די יודען אין גליל. דאָ האָט דער געטרייער רוימישער וואַסאַל אַגריפּוס II נאָך אַלץ געגאָלטען פאַר אַ קעניג, און נאָך דעם אויסגאַנג פון דער גרויסער מלחמה האָט איהם וועספּאַסיאַן נישט אויפגעהערט אַרויסצעווייזען פערשיעדענע חסדים און טובות. פערברענגענדיג די מעהרסטע צייט אין רוים, אין וועספּאַסיאַנ׳ס הויף, האָט דער דאָזיגער „פערדעטערישער קעניג״ דאָך נישט איין מאָל זיך אָנגענומען פאַר זיינע דערשלאָגענע אונטערטאַנען און אויסגעפּועל׳ט פאַר זיי פערשיעדענע הנחות. נאָך אַ

גרעסערן איינפלוס אין דער ריכטונג האט געהאט אגריפּוס'ס שוועסטער בערעניקא, די בעריהמטע אונבעגרוועלקליכע שענהייט, וואס האט געלעבט אין טיטוס'עס פּאלאץ און געשפּיעלט די ראליע פון א קומענדיגער רוימישער קייזערין. טיטוס'עס אייפערזוכט צו דער יהודה'עאישער פּרינ-צעסין איז דערגאנגען ביז אזוי וויים, אז ער האט אמאל געלאזען דער-שטיקען זיין געוועזענעם טיש-חבר צעצינא דערפאר, וואס ער האט איהם חושד געוועזען אין געהיימע בעציהונגען מיט איהר. ווי ס'איז צו גלויבען, האט טיטוס די ערשטע צייט ווירקליך געמיינט, חתונה צו האבען מיט בערעניקא'ן און נאר דערמיט ערקלערט זיך דער פאקט, וואס דער ערעאפּאג, דער ראט פון די זעקס הונדערט און דאס פאלק פון אטען האבען געלאזען אויפשטעלען בערעניקא'ן א מאנומענט מיט א אויפשריפט, אין וועלכען זי ווערט בעטיטולט: די גרויסע קעניגין, טאכטער פון דעם גרויסען קעניג יוליוס אגריפּא. פון טיטוס'עס פּלאן האט זיך אבער גארנישט אויסגעלאזען, ווייל זיין פאטער, וועס-פּאסיאן, און מיט איהם די גאנצע רוימישע אריסטאקראטיע זענען געווען געגען דעם שידוך. בערעניקא איז דאן אוועק פון רוים, און איז אהין צוריקגעקומען ערשט נאך וועספּאסיאנ'ס טויט; איצט האט זי שוין אבער געהאט געגען זיך אויך טיטוס'ען אליין, וועלכער איז פאר דער צייט אבגעקיהלט געווארען צו איהר און האט כסדר געזוכט, אונטערצו-חנפה'נען דעם רוימישען פאלק. דאס האט געמאכט א שטארקען איינדריק נישט בלויז אויף בערעניקא'ן, נאר אויך אויף אגריפּוס'ען; זיי האבען זיך ביידע צוריקגעצויגען אינגאנצען פון דער רוימישער געזעלשאפט און זיי פערבראכט די לעצטע יאהרען איינזאם און פערלאזען אין זייערע פּאַ-לעסטינישע נחלאות. אגריפּוס האט פון יענער צייט אנגעהויבען ארוים-צעווייזען מעהר צוגעבונדענקייט צו זיינע ברידער-אונטערטאנען, און זיי האבען זיך צו איהם אויך שטארקער צוגעבונדען. די בלוטיגע מלחמה האט אין דער דאזיגער פּראווינץ אויך נישט איבערגעלאזען נאך זיך אזא חורבן, ווי אין יהודה, — דא האט דער קאמפף געדויערט בלויז עטליכע חדשים און האט זיך געענדיגט מיט דער צושטערונג פון עטליכע פעסטונגען — און די צוויי גרויסע שטעדט צפורה און טבריה, זענען פערפולט געווען פון יודען, וואס זענען געקומען אהער זיך זוכען א שוץ אונטער די פליגלען פון דעם יודישען „קעניג״.

א דאנק אגריפּוס'עס השתדלות'ען האבען זיך מיט דער צייט

אויפגעבויט צוריק מעהרערע שטעדט אויך אין יהודה. עס איז רעסטאַוי-רירט געוואָרען די האַנדעלס-שטאָדט לידדאַ, די געגענד מיט רײַכע וואַסער-קוואַלען אַרום חמת, און אויך יריחו. דאָ האָבען זיך געפונען רײַכע פּלאַנטאַציעס פון די טײַערסטע באַלזאַם-פּלאַנצונגען, איבער וועל-כע ס'האָט זיך בעת'ן קריעג צופלאַקערט אַ בלוטיג געשלעכט צווישען די רוימער און יודען, ווײַל די לעצטע האָבען עס געוואָלט בעסער אינ-גאַנצען פערניכטען, איידער איבערגעבען דעם שונא. געענדיגט האָט זיך דער סבסוך דערמיט, וואָס די פעלדער מיט די דאָזיגע טײַערע פּלאַנצונגען זענען איבערגענאַנגען אינ'ם רוימישען אוצר המלוכה, און כדי צו היטען אָט דעם געוואַלדיגען מקור פון הכנסות און איהם נאָך צו פערגרעסערן, האָט וועספּאַסיאַן געמוזט אײַנשטימען, צו לאָזען צוריק אויפבויען די שטאָדט און צוזוציהען אַהער וואָס מעהר יודישע גערטנער. צוזאַמען מיט די שטעדט אין דער געגענד פון ירדן, האָבען זיך צוריק אָרגאַניזירט מעהרערע יודישע ישובים אויך אין דער מערב-געגענד, אַרום ים.

צו אַגריפּוס'ען האָבען זיך די איבערגעבליבענע יודען פון גליל און יהודה בעצויגען מיט ליעבע, און ווען ער איז אַמאָל געקומען אין דרום-יהודה, איז די גאַנצע בעפעלקערונג געלאָפען איהם בעגריסען. די דערשלאָגענע יודען האָבען קודם כל געזעהען איצט אין אַגריפּוס'ן דעם שאָטען פון דער פריהערדיגער זעלבסטשטענדיגקײַט, און אָט די לעבע-דיגע ערינערונג פון די בעסערע צײַטען האָט זײַ מילד און ווייך גע-מאַכט אויך צו די שווערע פערברעכענס, וואָס דער זעלביגער אַגריפּוס איז בעגאַנגען געגען זײַן אומה, בעת דעם גרויסען פרײַהײַטס-קריעג.

דער עלענדער שאָטען-קעניג איז אָבער דאָך נישט אימשטאַנד געווען, צו קאָנצענטרירען אַרום זיך די אַלע צושפּליטערטע אײַנצעלנע קהלות, וועלכע האָבען זיך נישט געהאַט, אָן וואָס אָנצוהאַלטען און זענען געווען אינגאַנצען הילפלאָז נישט בלויז בנוגע צו זײַער פּאָליטישער לאַגע, נאָר אויך — און בעזונדער שטאַרק — בנוגע צו זײַערע רעליגיעזע פליכ-טען. אַזוי לאַנג, ווי דער בית המקדש איז געשטאַנען, האָבען די קרבנות געדיענט פאַר דעם מיטעל-פונקט פון דער גאַנצער רעליגיעזער פּראַקטיק; האָט אַ יוד געזינדיגט אין וועלכער ס'איז הינזיכט, האָט ער געוואוסט, אַז ער האָט צו ברענגען אַזאַ און אַזאַ קרבן און זײַן זינד וועט איהם פערגעבען ווערן. דער קרבן איז אויף אַזאַ אופן געווען כמעט דער שטאַרקסטער באַנד, וואָס האָט פערבונדען יעדען יחיד פון דער אומה מיט

דער נאָטהייט; עס האָט אַלזאָ געקענט הייסען, אַז איצט, אָהן בית המקדש און אָהן אַ מזבח, איז אינגאַנצען נישט מעגליך קיין שום דער־נעהנטערונג צו גאָט, אָדער גאָר, אַז גאָט האָט זיך אָבגעזאָגט פון זיין פאָלק און וויל מעהר מיט איהם קיינע בעציהונגען נישט האָבען. דאָס זעלבע איז געוועזען אויך מיט דער בעשטימונג פון די צייטען, ווען עס געפאַלט אויס שבת און יום־טוב, און מיט די פראַקטישע געבאָטען פון דעם אַלטעגליכען לעבען בכלל. אָט די אַלע פונקציעס האָבען אָנגעהערט צום סנהדרין אין ירושלים, וואָס האָט געדיענט אַלס העכסטער אויטאָ־ריטעט פאַר דער גאַנצער אומה; אונטער די חורבות פון ירושלים איז אָבער אויך די אינסטיטוציע בעגראָבען געוואָרען, און דאָס פאָלק איז געבליבען, ווי אַ שיף אָהן אַ רודער. וואָס וועט־זשע ווייטער זיין? ווער וועט דעם פאָלק פיהרען און דעם ריכטיגען וועג ווייזען? ווער וועט ער־קלערן די געזעצען פון דער תורה אין זאָגען, וואָס מ'מעג און וואָס מ'טאָר נישט, וואָס ס'איז כשר און וואָס — טרפה, וואָס מ'דאַרף און וואָס מ'דאַרף נישט טאָן?

פון דער פערצווייפעלטער לאַגע האָט דעם פאָלק אַרויסגעהאָלפען דער גרויסער רבן יוחנן בן זכאי. אָט דער ליכטיגער און ווייט־זיכטיגער גייסט האָט געזעהען די געפאַהר, וואָס שטעהט פאַר דעם קיום פון דער אומה, נאָך איידער עס האָט זיך געענדיגט דער בלוטיגער אויפשטאַנד, און ווי אַ נאָכפאָלגער פון דעם גרויסען הלל, איז איהם אויך געלונגען, די געפאַהר צו פערהיטען. ער האָט געשאַפען אַ נייעם גייסטיגען צענטער, וואָס האָט וויעדער פעראייניגט אַרום זיך אַלע צושפלי־טערטע טיילען פון דער אומה און געדיענט אַלס פעסטען באָדען פאַר דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון יודענטום.

רבן יוחנן בן זכאי איז געוועזען פון די אָנגעזעהענסטע געזעץ־לעה־רער אין ירושלים, ווען דער בית המקדש איז נאָך געשטאַנען. אין אַ אָבגעלעגענעם ווינקעל פון גאָט'ס הויז, ווייט פון דעם גאַנצען גאַסען־טומעל און פון אַלע פּאָליטישע אונרוהען, פלעגט ער זיצען מיט אַ רייהע תלמידים און לערנען מיט זיי גאָט'ס תורה, גאָט'ס געזעצען, און זיין אָנזעהען אין ירושלים איז געוועזען אַזוי גרויס, אַז אויסער דעם נשיא פון סנהדרין, ר' שמעון בן גמליאל, האָט ער אויך געהאַט דאָס רעכט, מבטל צו זיין אַנ'אַלטען אָנגענומענעם מנהג. פון דער נאַטור ווייך און מילד און אינגאַנצען אַ תלמיד פון דעם גרויסען רודף שלום, הלל הבבלי, איז ר' יוחנן אויך געוועזען געגען די אַקטיווע אַרויסטרעטונגען פון די

פאַנאַטישע רעוואָלוציאָנערען און ער האָט צוגערעדט די זעלאָטען, זיי זאָלען זיך בעסער אויסגלייכען מיט'ן שונא און שליסען שלום מיט איהם. ווען די בעלאַגערונג האָט זיך אָנגעהויבען און די זעלאָטען האָבען, אונטער דער געפאַהר פון טויט-שטראָף, צו פער-לאָזען די שטאָדט, האָט ר' יוחנן דאָך פעסט בעשלאָסען, צוצוקומען צום מעכטיגען שונא, כדי אויסצופועל'ן ביי איהם אַ רוהיגען ווינקעל פאַר דער יודישער געזעץ-לעהרע, פאַר דער ווײַטערדיגער אויסבילדונג פון דעם יודישען גײַסט. צו דעם צוועק האָט ר' יוחנן זיך פערטרויט פאַר איין אָנפיהרער פון די סיקאַריער-באַנדען, אבא סיקרא, און אַ דאַנק יענעמס הילף איז עם זײַנע צוויי תלמידים, יהושע און אליעזר, גע-לונגען, אַרויסצוטראָגען איהם, ווי אַ טויטען, פון שטאָדט. דאָ איז ער געבראַכט געוואָרען פאַר טיטוס'ען און דער לעצטער האָט איהם פריינד-ליך אויפגענומען, ווייל עם איז בעקאַנט געווען, אַז ר' יוחנן האָט אָנ-געהערט צו די לאָיאַלע בירגער און געראַטען, זיך אונטערצוגעבען. די דאָזיגע געניגטקייט פון דעם רוימישען האַר האָט ר' יוחנן אויסגענוצט און איהם פאָרגעלעגט עטליכע בעשיידענע בקשות, פון וועלכע די בעדייטענדסטע איז געווען, צו לאָזען איהם, דעם פריעדליכען יודישען געזעץ-לעהרער, זיך בעזעצען אין דעם שטעדטיל יבנה, וואָס האָט זיך געפונען אויף דעם רוימישען געביעט, און גרינדען דאָרט אַ ישיבה. און טיטוס האָט די בקשה ערפילט — דעם רוימישען בעלאַגערער איז גאָר-נישט איינגעפאַלען אַפילו אַ טראַכט צו טאָן, אַז אָט די קליינע „ישיבה" וועט ווערן אַ קוואַל פון פרישע לעבענס-כחות פאַר דער דערשלאָגענער אומה, אין זי וועט אַ דאַנק דעם מיט טויזענדער יאָהרען איבערלעבען איהם מיט זיין רוימערטום צוזאַמען!

אַזוי האָט זיך ר' יוחנן מיט זיינע תלמידים בעזעצט אין יבנה, — אַ שטעדטיל נישט ווייט פון ברעג מיטעללענדישען ים, צווישען דער האַפענשטאָדט יפו און דער אמאָליגער בעריהמטער פלשתים-שטאָדט אַשדוד. אַזוי לאַנג, ווי דער פערביטערטער קאַמפף האָט געשטורמט אין דער הייליגער הויפטשטאָדט און פאַר די ווענט פון בית המקדש,— האָט אָבער נאָך קיין רייד נישט געקענט זיין וועגען צוטרעטען צו אַ אינטענסיווער אַקאַדעמישער טעטיגקייט. ווען ס'איז אָנגעקומען קיין יבנה די טרויעריגע בשורה, אַז ירושלים איז געפאַלען און דער בית המקדש שטעהט אין פלאַמען, האָבען ר' יוחנן מיט די תלמידים צוריסען אויף זיך זייערע קליידער און געוויינט, ווי מ'ווײַנט איבער אַ נאָהנטען מענשען,

וואס איז געשטארבען; דער רבי האט אבער נישט געלאזען די תלמידים, זיך איינגאנצען מיאש זיין. די לעצטע האבען געגלויבט, אז דאס גאנצע יודענטום איז ארגאניש פערבונדען מיט'ן בית המקדש און מיט די קרבנות, און קיום איז גאט'ס הויז חרוב געווארען, וועט דאס יודענטום שוין אויך מעהר קיין תקומה נישט האבען. אויף דעם האט זיי ר' יוחנן ערקלערט, אז דער בית המקדש מיט'ן מזבח איז איינגאנצען געווען נישט מעהר, ווי א טייל פון דאס גאנצע יודענטום, וואס איז פיעל העכער און ברייטער. זיך שטיצענדיג אויף פיעל פסוקים פון די נביאים, האט ער איבערצייגט די תלמידים, אז די קרבנות אליין זענען נישט אזוי וויכטיג, ווי דער זין זייערער און אז גאט פערלאנגט נאר אינערליכע זיטליכקייט און גוטע מעשים, און נישט קיין קרבנות. די דאזיגע פרייערע מיינונג וועגען דער בעדייטונג פון די קרבנות האט געמוזט ארויסרופען ביי ר' יוחנן דעם געדאנק וועגען שאפען א נייעם מיטעלפונקט אנשטאט דעם בית המקדש, און ער האט ארגאניזירט אין יבנה א גרויסען בית דין (טריבונאל), וואס האט פאקטיש איבערגענומען אין זיינע הענד אלע פונקציעס פון דעם אונטערגעגאנגענעם סנהדרין אין ירושלים, און געדינט אלס העכסטע געזעצגעבענדע אינסטיטוציע פארן גאנצען פאלק. פון דער רוימישער זייט האט מען דעם לאיאלען ר' יוחנן קיינע שטערונגען נישט געמאכט ביי דער גרינדונג פון דעם בית דין, וויסענדיג, אז ער וועט זיך בעשעפטיגען בלויז מיט געזעלשאפטליך-רעליגיעזע פראגען און וועט זיך נישט צושרייבען קיין שום פאליטישע פונקציע; דאגעגען האבען זיך אין די יודישע ספערען גופא געפונען בעדייטענדע געגנער פון אזא אינסטיטוציע, אנערקענענדיג, אז דאס סנהדרין האט בעזעסען די ענטשיידענדע געזעצגעבענדע מאכט, נאר אזוי לאנג, ווי עס האט זיך געפונען אין דעם לשכת הגזית פון בית המקדש און האט זיך גערעכענט פאר איין טייל פון דעם אלגעמיינעם רעליגיעזען צערעמאניאל אין גאט'ס הויז; קוים אבער ווערט עס איבערגעטראגען אויף אנ'אנדער ארט, פערליערט עס דעם גאנצען געטליכען אויטאריטעט און הערט אויף צו זיין די פערטרעטונג פון דער אומה. ר' יוחנן האט זיך אבער פאר דעם אלעם נישט אבגעשטעלט און א דאנק זיין פערזענליכער בעריהמטקייט אין אלע קרייזען פון פאלק, איז איהם דאך געלונגען, אוועקצושטעלען די נייע אינסטיטוציע אויף א פעסטען באדען און צו געווינען פאר איהר די נויטיגע שטיצע און סימפאטיע; אזוי האט דער גרויסער בית דין אין יבנה פערטרעטען פון

איצט דעם סנהדרין אין ירושלים און איז געוואָרען דער רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער מיטעלפּונקט פאַר דער גאַנצער דיאַספּאָראַ. דאָ פלעגט רעגולירט ווערן דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע און רעליגיעזע לעבען פון פאָלק, דאָ פלעגט מען בעשטימען גענוי די צײַט פון חדשים און יום־טובים, און פון דאַנען פלעגען שלוחים צושיקט ווערן אין אַלע שטעדט פון סיריען און בבל, כדי איבערצוגעבען די דאָרטיגע יודישע קהלות די בעשטימונגען פון דעם גרויסען „בית דין" אין יבנה.

און דאָס פאָלק האָט זיך בּיסליכווײַז צוגעוועהנט צו דער נײַער לאַגע. דערצו האָט אַ סך מיטגעווירקט דאָס, וואָס דער נײַער גײַסטיגער צענטער, פערטרעטענדיג פון איין זײַט, דעם פּלאַץ פון די קרבנות אין בית המקדש, האָט, פון דער צווייטער זײַט, דאָך נישט פערקלענערט די הויכע בעדײַטונג פון דער דאָזיגער טראַדיציע. דער בעשעפער פון דער נײַער אינסטיטוציע, ר' יוחנן בן זכאי אַליין, איז אויך נישט אַרויסגעטרעטען געגען דעם עצם מהות פון די קרבנות; ער האָט נאָר געלערנט, אַז דערווײַל, כל זמן דער בית המקדש איז צעשטערט און מ'קען קיין קרבנות נישט מקריב זײַן, זאָל מען דאָס אויספילען מיט צדקה און מעשים טובים. דערבײַ האָט ער אָבער אויך נישט אויפגעהערט, צו פלאַנצען אין פאָלק די האָפנונג, אַז באַלד וועט גאָט אַראָבשיקען זײַן געזאַלבטען שליח, משיח'ן, און ירושלים צוזאַמען מיט'ן בית המקדש וועלען צוריק אויפגעבויט ווערען.

ר' יוחנן'ס טעטיגקײַט אין יבנה גופא האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ גאַנצער ריי גזירות און תקנות, וואָס האָבען געהאַט דעם צוועק, צוצופאַסען דאָס איצטיגע רעליגיעזע און בירגערליכע לעבען פון דער אומה צו די נײַע פּאָליטישע בעדינגונגען. אַ סך מנהגים פון דער עבודה אין בית המקדש זענען דורך דעם בית דין אײַנגעפירט געוואָרען אויך אין דעם איצטיגען גאָטעסדיענסט (דאַוונען) צום אָנדענקען פון דער פערגאַנגענהײַט (צו די געהערען, למשל, דאָס דוכנען, ד. ה. די פײַערליכע צערעמאָניע בײַ דער ענדע פון דאַוונען, ווען די כהנים בענשען דאָס פאָלק; דאָס שופר בלאָזען, די פיער מינים: אתרוג, לולב, הושענות און ערבות — אום סוכות א. א. וו.); געבליבען זענען אין זייער קראַפט אויך די פערשידענע געזעצען וועגען ברענגען מעשר די כהנים און די לויים — דאָס האָט געזאָלט דערמאָנען דעם פאָלק, אַז אָט די גאָט'ס דינער וועלען זיך אין גיכען צוריק אומקערען צו זייער הייליגער אַרבײַט. צו דעם צוועק פון אײַנפירען אַ אַלגעמיינעם פאָלקס־

טרויער נאָך דעם אומגעקומענעם בית המקדש, האָט ר' יוחנן פעראָר־דענט, אז חתן־כלה זאָלען אין דעם טאָג פון זייער חתונה נישט טראָגען מעהר אויפ'ן קאָפּ קיין בלומען־קרענץ, ווי דאָס איז געוועזען איינגע־פיהרט ביז דאַן, און עס זאָלען נישט געשפּיעלט ווערן דערביי קיין לוסטיגע נגונים.

אין פּאָליטישער הינזיכט איז ר' יוחנן אויך געגאַנגען אין די וועגען פון דעם גרויסען הלל, און ער האָט געזוכט דאָס אַוועקצושטעל'ן אַלס יסוד פאַר דעם געמיינדע־לעבען, וואָס ער האָט געשאַפען. ער איז געוועזען פריינדליך געשטימט צו די געצענדיענער און האָט זיי קיינע שטערונגען נישט געמאַכט, ווען זיי האָבען געוואָלט איבערגעהן צום יודענטום; דערמיט איז ער געוועזען פּונקט דער היפך פון פיעל פון זיינע חברים, וועלכע זענען נאָכ'ן חורבן נאָך מעהר פערביסען געוואָרען נעגען די געצענדיענער. אַט די חברים האָבען אויסגעטייטשט, למשל, דעם פּסוק: וחסד לאומים חטאת (די גנעדיגקייט פון די פעלקער איז זינד) אין דעם זין, אז „די געצענדיענער מעגען אונז גוטס טאָן, וויפיעל זיי ווילען, און זיי וועט דאָס אַלץ פערגעכענט ווערן פאַר זינד, ווייל וואָס זיי טוען, טוען זיי נאָר, כדי זיך צו רייצען מיט אונז"; דאגעגען אָבער האָט איהם ר' יוחנן אויסגעטייטשט מיט אַ טיעפען געפיהל פון פריעדליכקייט און ריינער מענשענליעבע: „אַזוי ווי די קרבנות פערגע־בען די זינד פון ישראל, אַזוי ווערט די זינד פון די פרעמדע פעלקער פערגעבען דורך גנעדיגקייט און מעשים טובים". פאָראויסזעהענדיג די געפעהרליכע פאָלגען, צו וועלכע עס קען ברענגען יעדע פערביסענע שטימונג פון פאָלק בנוגע צו דער רוימישער מאַכט, האָט ר' יוחנן גע־זוכט, צו ווירקען אויף די יודישע מאַסען און צו פלאַנצען אין זיי גע־פיהלען פון פריעדליכקייט און לאָיאַליטעט. דערפאַר טאַקי האָבען די ערש־טע פלאַוויאַנישע מלכים, וועספּאַסיאַנוס און טיטוס, זיך בעצויגען נישט זעהר שטרענג צו די יהודה'עאישע קהלות. ביז דעם בלוטדורשטיגען דאָמיציאַן האָבען די פערבליעבענע יודען נישט געשפּירט קיין בעזונדער פּאָליטישען דרוק, און דאָס איינציגע, וואָס האָט פערוואונדעט זייער האַרץ און זיי דערמאָנט אָן דעם שרעקליכען חורבן, איז געוועזען דער מס פאַר דעם רוימישען יופּיטער־טעמפּעל. ר' יוחנן האָט אָבער פערשטאַ־נען, אויך די אויפרעגונג צו מילדערן, אַרויפלעגענדיג די שולד פון דער גזירה אויף די יודען אַליין. „אונגליקליך פאָלק! — האָט ר' יוחנן געקלאָגט — איהר האָט נישט געוואָלט דיענען דעם הימעל (גאָט),

מוזט איהר איצט דינענען פרעמדע פעלקער; איהר האָט נישט געוואָלט צושטייער געבען אין האַלבען שקל פאַר דער עבודה אין בית המקדש, מוזט איהר איצט פופצעהן שקלים געבען פאַר דער מלוכה פון אייער שונא; איהר האָט נישט געוואָלט האַלטען אין אָרדנונג אייערע וועגען און גאַסען און פעסטונגען, מוזט איהר איצט היטען די קאַזאַרמעס, כדי צו שיצען דעם קייזער'ס ווייַנגערטנער". מיט אַזעלכע מיטלען האָט ר' יוחנן בן זכאי געווירקט אויף די איבערגעבליבענע טיילען פון דער אומה, און פון דעם קליינעם מיטעלפּונקט אין יבנה אַרויסגעגעבען בעפעהלען און פעראָרדנונגען פאַר אַלע יודישע קהלות אין דער רוימישער אימפעריע און אין בבל.

פיעל דויערהאַפטער און טיפער איז אָבער געווען די ווירקונג פון ר' יוחנן'ס אַקאַדעמישער טעטיגקייט. ר' יוחנן האָט פערזאַמעלט אַרום זיך אַ רייהע תלמידים און געגרינדעט אַ פרייע אַקאַדעמיע אויף צו שטודירען די תורה אונטערן נאָמען בית המדרש. אָט דער בית המדרש איז געווען אָרגאַניש פערבונדען מיט'ן בית דין און די מיטגליעדער פון דער אַקאַדעמיע האָבען זיך בעטייליגט אויך אין דער אינסטיטוציע, וואָס האָט געדאַרפט רעאַליזירען די טעאָרעטישע בעגרינדונגען פון געזעץ אין איהר פּראַקטיש צופּאַסען צום לעבען. אַלס לעהרער פין דער אַקאַדעמיע האָט ר' יוחנן קודם כל איבערגעגעבען זיינע תלמידים דעם רייכען מאַטעריאַל פון מונדליכע מסורות, וואָס האָבען געשטאַמט נאָך פון די אוראַלטע צייטען און זענען פערמעהרט און בערייכערט געוואָרען אין די ישיבות פון שמאי און הלל; דערצו זענען נאָך צוגעקומען די לאָגישע פאָרמולען (מדות), וואָס אַ דאַנק זיי האָבען די נייע געזעץ־איינפיהרונגען געקענט אַרויסגעדרונגען ווערן פון דער תורה גופא. אָט דער מאַטעריאַל פון מסורות, לאָגישע יסודות צו דרשה'נען די תורה, פערשיעדענע גזירות, סיגים און תקנות, וואָס זענען איינגעפיהרט געוואָרען אין פערשיעדענע תקופות פון פערשיעדענע אויטאָריטעטען, — האָט געדיענט אַלס גרונד־שטאָף פאַר דער משנה (דאָס איבערגעחזר'טע, צווייטע געזעץ) און דאָ, אין יבנה, האָט ער אָנגעהויבען סיסטעמאַטיש בעאַרבייט צו ווערן. ער איז איינגעטיילט געוואָרען אין צוויי זעלבסטשטענדיגע טיילען: הלכה און אגדה; די הלכה האָט זיך בעשעפטיגט מיט דער אויסטייטשונג און בעגרינדונג פון די געזעצען, מיט זייערע פּראַקטישע אויספיהרונגען און בכלל מיט אַלץ, וואָס שטיצט זיך אויף די געבאָטען פון דער תורה; דאַגעגען בעז

שטעהט די אגדה פון מאָראַלישע און טעאָלאָגישע דרשות, געבויט אויף די פערשיעדענע ספורים און מוסר־פסוקים פון דער תורה און די נביאים, וואָס האָבען נישט די קראַפט פון א פערפליכטונג. די אגדות האָבען געהאַט דעם צוועק, אויסצוטייטשען דעם פשט פון פסוק און בעזונדער, צו פלאַנצען אין די צוהערער (די אגדות פלעגען אַממעהרס־טענטהייל געדרשה'נט ווערן פאַר'ן המון) גוטע מדות, צוגעבונדענקייט צו די זכרונות פון דער אומה און וואַרימע געפיהלען בנוגע צו אַלע איהרע ליידען, פרייד און האָפנונגען.

אין דעם לעצטען טהייל, אין דער אגדה, זענען פון דעם גרויסען ר' יוחנן אויך פערבליבען גלענצענדע מוסטערן, וואָס זאָגען עדות אויף זיין מילדער, עניוות'דיגער און מענשענפריינדליכער נאַטור. ער פלעגט זאָגען: „אויב דו האָסט געלערנט אַ סך תורה, האַלט זיך נישט גרויס דערמיט, דען דו ביזט דערצו בעשאַפען געוואָרען“. ער האָט געפרעגט זיינע תלמידים: „וועלכער איז דער גוטער וועג, וואָס דער מענש זאָל זיך בעהעפטען אין איהם?“ אויף דעם האָט רבי אליעזר געענטפערט: „אַ גוט אויג“; רבי יהושע — „אַ גוטער חבר“, רבי יוסי — „אַ גוטער שכן“; רבי שמעון — „זעהען די צוקונפט“ און רבי אלעזר האָט געענטפערט: „אַ גוט האַרץ“. דאַן האָט רבן יוחנן געזאָגט: מיר געפעלן די רייד פון רבי אלעזר בן ערך בעסער פון אייערע רייד, ווייל אין זיינע רייד זענען שוין דאָ אייערע אויך“.

ר' יוחנן איז געשטאָרבען אויף זיין בעט אין די אָרעמס פון זיינע תלמידים. די לעגענדע דערצעהלט, אַז דער גרויסער חולה האָט פאַר'ן טויט זיך שטאַרק פונאַנדערגעוויינט, און ווען זיינע תלמידים האָבען איהם געפרעגט: „אונזער רבי, ליכט פון ישראל, רעכטער זייל, שטאַרקער האַמער, פאַרוואָס וויינסטו?“ האָט ער זיי ערקלערט, אַז ער שרעקט זיך פאַר דעם אַלמעכטיגען „מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא“ און פאַר זיין משפט. דאַן האָבען די תלמידים צו איהם געזאָגט: „רבי! בענש אונז“; אויף דעם האָט ער געענטפערט: „הלואי זאָל די מוראָ פאַר גאָט זיין אויף אייך אַזוי שטאַרק, ווי די מורא פאַר מענשען“. „דאָס איז געווען נישט בלויז אַ רעליגיעזע צוואה, נאָר אויך אַ נאַציאָנאַלע: דאָס פאָלק, וואָס האָט פערלוירען די מלוכה־דיסציפלין, דאַרף זיך אונטערגעבען דער דיסציפלין פון דעם געטליכען וואָרט און היטען זי אַזוי שטאַרק פונקט, ווי ווען זי וואָלט געשטיצט ווערן פון אַ

מענשליכער מאַכט" *).

אַזוי האָט געלעבט און געווירקט דער מעכטיגער יודישער גײַסט, וואָס שטעהט ווי אַ ליכט־זײַל אויף דער שוועל פון דער גאַנצער נאָך־חורבן׳דיגער עראַ אין דער יודישער געשיכטע. ר׳ יוחנן האָט פעראײַ־ניגט די פערבליבענע צושפּליטערטע גליעדער פון דער אומה און גע־מאַכט פון זיי איין גאַנצען פאָלקס־אָרגאַניזם, און מיט דעם אָרגאַניזם האָט ער פערזיכערט אַ ווײַטערדיגע זיכערע עקסיסטענץ דערמיט, וואָס ער האָט איהם בהדרגה אַרויסגעפיהרט פון דעם רוישיגען, פערוויקעלטען מלוכה־לעבען און צוגעבראַכט צו דעם שטיל אָבער נישט ווייניגער רײַ־כען לעבען פון גוט אָרגאַניזירטע קהלות, פון גײַסטיגע, אײַביגע שאַ־פונגען.

נאָך ר׳ יוחנן׳ס טויט האָבען זײַנע תלמידים אָבגעהאַלטען אַ בע־ראַטונג וועגען דער ווײַטערדיגער הנהגה פון די פאָלקס־אָנגעלעגענהײַ־טען און וועגען דעם אָרט, וואו עס זאָל פאָרטגעזעצט ווערן די אָנגע־הויבענע אַקאַדעמישע טעטיגקײַט. די מעהרהײַט פון די תלמידים איז געווען דערפאַר, אַז די ישיבה זאָל ווײַטער אויך בלײַבען אין יבנה; נאָר איין רבי אלעזר בן ערך, ר׳ יוחנן׳ס ליעבלינג, איז בעשטאַנען דערויף, אַז די ישיבה זאָל דורכאויס איבערגעטראָגען ווערן אין חמת. און ער האָט זײַנס דורכגעפיהרט: גלויבענדיג, אַז די איבריגע תלמידים וועלן זיך אָהן איהם קיין עצה נישט קענען געבען, איז ער גלײַך אַוועק אין דעם דערבײַאיגען שטעדטיל חמת און זיך געגרינדעט דאָרטין אַ אײַגענע בעזונדערע ישיבה. זײַן האָפנונג האָט זיך אָבער נישט פער־ווירקליכט: אַ אָבגעשניטענער פון דער אַרומיגער וועלט און פון דעם לעבעדיגען געדאַנקען־אויסטויש, זענען זײַנע קענטנישען וואָס ווײַטער אַלץ שוואַכער און ווייניגער געוואָרען, און אין דער צײַט, ווען ער, דער שטאָלצער בן ערך, האָט נישט איבערגעלאָזען קיין זכר נאָך זיך אין דער יודישער געשיכטע, האָבען זײַנע חברים פאָרטגעזעצט די אָנגעהויבענע אַרבײַט פון זייער גרויסען רבי׳ן און זייער נאָמען איז גע־בליעבען צום אײַביגען אָנדענקען פאַר די קומענדיגע דורות. אין׳ם פאָדערגרונד פון דער דאָזיגער גרופּע געטרײַע תלמידים זענען אַרויס־געטרעטען ר׳ גמליאל הנשיא, ר׳ יהושע בן חנניה, ר׳

---

*) דובנאָוו.

אליעזר בן הורקנוס, און שפּעטער אויךְ ר׳ עקיבא בן יוסף,
וועֶלכעֶ האָבּעֶן געֶבּיִלדעֶט דעֶם קבּוץ פון דיִ עֶרשטעֶ תּנאִים.
יבנה איז אויף אַזאַ אופן פעֶרבּליִבּעֶן אויךְ אויף וויַיטעֶר דעֶר
אויפהאַלטונגס־אָרט פון דעֶם גרויסעֶן בּית־דיִן, און ממילא אויךְ דעֶר
גיַיסטיִגעֶר צעֶנטר פאַר דעֶר גאַנצעֶר אומה; דיִ אַקאַדעֶמיִשעֶ טעֶטיִגקיַיט
האָט זיךְ אָבּעֶר פאָרט ניִשט דעֶרהאַלטעֶן בּלויז איִן יבנה אַליַין, און מיִט
דעֶר ציַיט זעֶנעֶן עֶנטשטאַנעֶן נאָךְ צוויַי גרויסעֶ ישיבות, איַינעֶ איִן ליִד־
דאַ אונטעֶר דעֶר אָנפיִהרונג פון ר׳ אליעזר, און דיִ אַנדעֶרעֶ איִן
בּקיעין (צוויִשעֶן ליִדדאַ און יבנה), אונטעֶר דעֶר אָנפיִהרונג פון ר׳
יהושע. דיִ פעֶרטיִעפונג און פעֶרבּריַיטעֶרונג פון דעֶר יודיִשעֶר געֶזעֶצ־
לעֶהרעֶ האָט פון דעֶר דאָזיִגעֶר צעֶנטראַליִזאַציעֶ אַ סךְ פעֶרדיִענט; דעֶר־
פאַר אָבּעֶר האָט שטאַרק געֶליִטעֶן דעֶרפון איִהר איַינהיַיט און גאַנצקיַיט,
וואָס איז נאָךְ געֶוועֶן גאַנץ שוואַך בּעֶפעֶסטיִגט און האָט זיךְ געֶשטיִצט
בּיִז אַהעֶר נאָר אויף דעֶם אויטאָריִטעֶט פון דעֶם גרויסעֶן רבּן יוחנן. עֶס
האָט זיךְ פון דאָסניַי פונאַנדעֶרגעֶקאָכט דיִ אַלטעֶ מחלוקת צוויִשעֶן דיִ
בּית שמאי און דיִ בּית הלל; יעֶדעֶר ישיבה האָט אַנדעֶרש אויסגעֶטיַיטשט
דיִ פּסוקים פון דעֶר תּורה און ממילא אויךְ — אַרויסגעֶדרונגעֶן פון זיַי
אַנדעֶרעֶ אָנוועֶנדונגעֶן בּנוגע צו פראַקטיִשעֶ, אַלטעֶגליִכעֶ פראַגעֶן; דאָס,
וואָס איִן איַין אָרט איז געֶוועֶן עֶרלויבּט, איז פעֶרבּאָטעֶן געֶוועֶן איִן אַ
צוויַיטעֶן, און „פון דעֶר איַין תּורה—וויִ דיִ לעֶגעֶנדעֶ דריִקט זיךְ אויס—
זעֶנעֶן געֶוואָרעֶן צוויַי תּורות״.

איִן אָט, אום אַ סוף צו מאַכעֶן מיִט דיִ דאָזיִגעֶ מחלוקת׳עֶן,
צו בּעֶפעֶסטיִגעֶן דיִ אָבּגעֶשוואַכטעֶ איַינהיַיט פון יודעֶנטום און זיַי צו
בּעֶשיִצעֶן אויךְ אויף וויַיטעֶר פון יעֶדעֶן עֶהנליִכעֶן אָנפאַל, דאָס איז
געֶוואָרעֶן דיִ לעֶבּעֶנס־אויפגאַבּעֶ פון רבּן גמליאל II, וועֶלכעֶ עֶר
האָט זיִ דורכגעֶפיִהרט מיִט אַ אונגעֶוועֶהנליִכעֶר פעֶסטקיַיט און מיִט דעֶם
בּעֶוואוסטזיַין פון דעֶר גרויסעֶר נאַציאָנאַלעֶר נויטוועֶנדיִגקיַיט, וואָס מאַכט
וויַיךְ אַפילו דיִ האַרטסטעֶ מיִטלעֶן.

רבּן גמליאל איז געֶוועֶן דעֶר זוהן פון דעֶם נשיא ר׳ שמעון בּן
גמליאל, וועֶלכעֶר האָט אָנגעֶהעֶרט צו דעֶר פאַרטיַי פון דיִ מעֶסיִגעֶ זעֶ־
לאָטעֶן און איז געֶשטאַנעֶן אַ געֶוויִסעֶ ציַיט בּראש פון דעֶר מלחמה געֶגעֶן
דיִ רוימעֶר. בּעֶת דעֶם אונטעֶרגאַנג פון דעֶר יהודה׳שעֶר מלוכה איז ר׳
גמליאל, וואַרשיַינליִךְ, נאָךְ יונג געֶוועֶן און ניִשט ציַיטיִג געֶנוג, אום
איִבּעֶרצונעֶהמעֶן אַזאַ פעֶראַנטוואָרטליִכעֶן פאָסטעֶן, וויִ ס׳איז געֶוועֶן צו

יענער צײַט די נשיאות (פּאַטריאַרכאַט) איבערן סנהדרין און ממילא אויך איבער דער יודישער אומה; מעגליך איז אויך דאָס, אַז די רוימישע רעגירונג האָט די ערשטע צײַט געקוקט קרום אויפ׳ן זוהן פון דעם פּאַטריאָטישען פּאַטריאַרך און נישט געוואָלט בעשטעטיגען די וואהל פון דער יהודה׳עאישער אינטעליגענץ. די נשיאות איבערן סנהדרין איז דעריבער נאָר צײַטווײַליג איבערגעגאַנגען צו ר׳ יוחנן בן זכאי, און דעמאָלס איז שוין אויך פאַר אַלעמען קלאָר געווען, אַז דער אמת׳ער יורש פון דעם טיטול איז הלל׳ס אייניקעל, וועמענס פאָטער, זיידע און עלטער-זיידע עס זענען געווען נשיאים. נאָך ר׳ יוחנן׳ס טויט איז די נשיאות אַלוא ממילא, אַלס אַ זעלבסטפערשטענדליכער, נאַטירליכער פאַקט, איבערגעגאַנגען צו דעם געזעצליכען יורש, און ווי ס׳איז צו גלויבען, האָט די רוימישע רעגירונג איצט שוין יאָ סאַנקציאָנירט די וואהל פון פאָלק. צום אונטערשייד פון זײַן זיידען, ר׳ גמליאל הזקן, האָט מען דעם איצטיגען נשיא גערופען ר׳ גמליאל פון יבנה. פון זײַן פּריוואַט-לעבען איז אונז ווייניג בעקאַנט; דאָס ביסעל אָבער, וואָס איז יאָ דערגאַנגען צו אונז, זאָגט עדות אויף זײַן מענשליך-שענעם, מילדען כאַראַקטער. ער האָט פערמאָגט גרויסע נחלאות, וועלכע ער פלעגט צוטיילען אָרימע גערטנער אין אַרענדע פאַר אַ קלײנעם פּרײַז; ער האָט געהאַט שקלאַפען, און אין דער בעציהונג איז בעזונדער ריהרענד זײַן ליבע צו דעם געצענדיענערישען שקלאַף טאַבו, וועלכען ער האָט האַרציג בעוויינט, ווען יענער איז געשטאָרבען, און האָט איהם אַפילו געוואָלט בעפרײַען פאַרן לעבען, נאָר זײַן שוואָגער, ר׳ אליעזר, האָט עס געפונען פאַר אַ פערברעך געגען געזעץ. ר׳ גמליאל האָט אויסער זײַנע טיפע קענטענישען אין דער יודישער געזעץ-לעהרע, בעזעסען אויך פיעל אַלגעמיינע, וועלטליכע ידיעות: ער האָט געקענט די גריכישע און לאַטיינישע שפּראַכען און איז געווען גוט בעהאַוועגט אין אַסטראָנאָמיע. פון דער נאַטור אַ קרענקליכער און שוואַכער, האָט ער דאָך אַרויסגעוויזען אַ אונגעוועהנליכע ווילענס-קראַפט, און דאָרט, וואו עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען כלל, וועגען דער אומה, — האָט ער פון קיין שוואַכקייט נישט געוואוסט.

אַלס נשיא (אויף רוימיש: פּאַטריאַרך) פון דער אומה האָט ר׳ גמליאל געהאַט אין זײַן מאַכט אויך געוויסע פּאָליטישע פונקציעס און עטליכע מאָל האָט ער געדאַרפט פערטרעטען די יודישע קהלות פייר דער רוימישער אַדמיניסטראַציע. די צײַט פון זײַן פּאַטריאַרכאַט איז

געווען זעהר אַ אונרוהיגע , אי אינוועניג , אי אויסווענִיג ; פון איין זייט האָט די רוימישע רעגירונג, אונטער די בלוטיגע מלכים דאָ־מיציאַן און טראַיאַנוס, שטאַרק געדרִיקט די יודען פון דער רוימישער אימפעריע און אַלע מאָל ארויסגעגעבען געגען זיי נייע גזירות ; פון דער צווייטער זייט , ווידער , האָט זיך אין דער יודישער וועלט גופא אָנ־געהויבען דעמאָלס די שפּאַלטונג צווישען די אָרטאָדאָקסישע אָנהענגער פון די יודישע געזעצען און טראַדיציעס און די פערשידענע קריסט־ליכע סעקטעס , און ס'איז פאָרגעשטאַנען אַ בעדייטענדע געפאַהר , אַז די המוני'שע יודען זאָלען נישט איבערגעהן גאַנצע מאַסען אין די רייהען פון די יודען־קריסטען (יודעאַ־חריסטיאַנער) . דער נשיא איז צוליעב דעם אַלעמען געצוואונגען געווען , אויסצוניצען זיין פאָלמאַכט מיט אַ געווִיסער שטרענגקייט , מיט אַ געוויסער האַרטקייט אַפילו , אום צו קענען עפּעס אויפטאָן פאַר דער לאַגע, און דאָס האָט אַ סך געגעבען די מעגליכקייט , איהם צוצושרייבען פערשידענע בייזע און דעספּאָטישע כונות . רבן גמליאל האָט זיך אָוועקגעשטעלט פאַר אַ ציעל , צוריקצו־געבען דער נשיאות איהר כבוד און צו מאַכען איהר פאַר'ן צענטר פון דעם געמיינדע־לעבען , כדי די איינהייט פון דער יודישער געזעץ־לעהרע זאָל אויף ווייטער געשיצט זיין פון דער צושפּליטערונג , וואָס די דער־מאָנטע ישיבות האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט . זיין פּלאַן איז דעריבער געווען , אַז יעדער דין , איבער וועלכען עס קומט פאָר אַ מחלוקת צווי־שען די פערשידענע ישיבות , זאָל געבראַכט ווערן פאַרן סנהדרין , וואו די ענדגילטיגע ענטשיידונג געהערט צום נשיא ; דערביי האָט ער אָבער נישט ארויסגעוויזען קיין דעספּאָטישע נייגונגען און האָט זיך נישט ערלויבט צו ענטשיידען די צווייפעלהאַפטע פראַגען לויט זיין פער־זענליכען איינזעהען ; ער האָט נאָר פעראָרדענט , אַז דאָס סנהדרין זאָל צוטרעטען פון דאָס ניי צו קאָנטראָלירען די כללים און יסודות פון די בית שמאי און בית הלל, כדי דאַן דורך אַ אלגעמיינער אָבשטימונג , איינמאָל פאַר אַלעמאָל פעסט צו בעשליסען, וועלכע כללים ס'דאַרפען אָנערקענט ווערן פאַר דעם יסוד פון דער יודישער געזעצגעבונג . דער אויפטו איז אָבער ר' גמליאל'ן נישט אַזוי לייכט אנגעקומען ; די לעגענדע דער־צעהלט , אַז דריי מיט אַ האַלבען יאָהר האָבען זיך געצויגען די דאָזיגע אקאַדעמישע זיצונגען פון סנהדרין , אין וועלכע ס'האָבען זיך בעטייליגט פערטרעטער פון ביידע פאַרטייען, און קיינע פון זיי האָט נישט געוואָל־ט נאָכגעבען פון איהרע מסורות און לאָגישע בעגרינדונגען. דאַן איז ארויס

א בת קול פון הימעל און האט אויסגערופען: ביידע אי די כללים פון בית שמאי, אי פון בית הלל, זענען די רייד פון דעם לעבעדיגען גאט; אין דער פראקטיק אבער זענען גילטיג נאר די דינים פון בית הלל״. די מעהרהייט מיטגליעדער פון סנהדרין איז איינגעגאנגען אויף דער געטליכער ענטשיידונג; נאר איין ר׳ יהושע האט זיך פון דעם בת קול אויך נישט געלאזען איבערצייגען; ער האט אויסגעשריען: „מיר רעכנען זיך נישט מיט קיין בת קול! די תורה איז נישט אין הימעל, נאר אויף דר׳ערד״. דער פערעקשנ׳טער ווידערשטאנד, — וועלכען עס האט אונטערגעשטיצט אויך ר׳ גמליאל׳ס שוואגער, ר׳ אליעזר — האט אבער דאך קיין ערפאלג נישט געהאט; ר׳ גמליאל האט אויסגענוצט אלע מיטלען, וואס ער האט נאר געהאט אין זיין מאכט, אלס נשיא, און האט ענערגיש דורכגעפיהרט די בעשטימונג פון דער מעהרהייט.

אזוי האט זיך דערוויל געענדיגט די גרויסע מחלוקת, און די יודישע געזעצלעהרע האט ענדליך דאך בעקומען א פעסטען איינהייטליכען יסוד, אין זיער געשטאלט פון הלל׳ס מסורות און כללים. פאר די יודישע מאסען איז אט די בעשטימונג געווען א אונגעהויערע פערלייכטערונג, וויל זיי זענען א דאנק דעם בעפרייט געווארען פון א מאסע דריקענדע גזירות און חומרות אינ׳ם אלטעגליכען לעבען; די פאנאטישע אנהענגער, ווידער, פון די דאזיגע חומרות זענען אויך אין קיין זאך נישט געשטערט געווארען, וויל די בעשטימונג פון סנהדרין האט בכלל נישט געטראגען קיין רעפרעסיווען כאראקטער. קיינער האט די שמאי׳איטען נישט געצוואונגען, צו ענדערן מיט אמאל זייער גאנצע ארט לעבען, לויט דעם גייסט פון די אנגענומענע בעשלוסען; יעדער איינציגער פאר זיך האט גאנץ פריי געקענט לעבען ווייטער אויך לויט זיינע שמאי׳איטישע איבערצייגונגען, — עס האט זיך געהאנדעלט נאר וועגען דער אלגעמיינער נארמע, וועגען כלל. דא האט ר׳ גמליאל ארויסגעוויזען זיין גאנצע ענערגיע אין זיין גאנצע מאכט, און דאס האט ארויסגערופען געגען איהם א שטארקע אפאזיציע; יעדער שריט פון דער מינדערהייט, צו שטערן דעם אנגענומענעם בעשלוס פון סנהדרין, איז שטרענג בעשטראפט געווארען, און דערביי האט זיך ר׳ גמליאל נישט אבגעשטעלט אפילו פאר די בערימטעסטע געזעצלעהרער. און דאס איז נאך נישט אינגאנצען געווען: דער ענערגישער פאטריארך איז אזוי וויט אוועק אין זיין אייפער פאר דער איינהייט פון דער יודישער געזעצלעהרע, אז ער האט בעפוילען, אינגאנצען נישט אריינצולאזען אין

דער ישיבה קיין נישט ערהליכע און קריגעריישע תלמידים.

אט דער בעפעהל האט געמאכט א געוואלדיגען רושם, און פון אלע זייטען האבען זיך געהערט בעהאלטענע טענות געגען דעם דעספאָ-טישען נשיא, וועלכער וויל הערשען איבער דעם גייסט פון זיינע חברים און צווינגען זיי, צו דענקען אזוי ווי ער. דאך האט דערווייל נאך קיינער נישט געוואגט אפען ארויסצוטרעטען געגען דעם געאכ-פערטען ר׳ גמליאל׳ן, און דאס איז געשעהען ערשט דאן, ווען ער האט זיך ערלויבט, ארויפצולעגען די הארטסטע שטראף, וואס ער האט געהאט אין זיין מאכט, דעם חרם (נדוי, שמתא), אויף דעם בעריהמטען געזעצלעהרער ר׳ אליעזר בן הורקנוס. זיינע-דיג א הייסער אנהענגער פון שמאי׳ם געזעצ-אויסטייטשונגען, האט ר׳ אליעזר זיך פעסט געהאלטען ביי די אלטע, שמאי׳איטישע, טראדיצי-יעס, און איינמאל האט ער געגען דעם בעשלוס פון סנהדרין, וואס האט שוין געהאט געפסק׳עט די שאלה ווי די בית הלל, בעשטימט א דין לויט די בית שמאי. אלס שטראף דערפאר, האט ר׳ גמליאל בע-פוהלען, אויסצורופען א חרם אויף ר׳ אליעזר׳ן, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס דער לעצטער איז געוועזען זיינער א שוואגער. אין ווען עט-ליכע חברים האבען איהם אויפמערקזאם געמאכט אויף ר׳ אליעזר׳ס גרויסקייט, האט ר׳ גמליאל אויסגערופען: „רבונו של עולם! פאר דיר איינעם איז אפען און ענטפלעקט, אז נישט צוליעב מיין כבוד און נישט צוליעב דעם כבוד פון מיינע עלטערן (הלל׳ס קינדער) האב איך דאס געטאן, נאר צוליעב דיין כבוד, עס זאלען זיך נישט מעהרען קיין מחלוקת ביי יודען!"

ר׳ גמליאל האט אבער א טעות געהאט, ווען ער האט געגלויבט אז איהם וועט זיך איינגעבען מיט אזעלכע מיטלען צו דערהאלטען די איינהייט און דעם פרעסטיזש פון סנהדרין. די רעפרעסיעס געגען איינצעלנע בעריהמטע מיטגליעדער פון דעם קאלעגיום זענען געווארען אלץ אפטער צוליעב דער אפאזיציע, וואס די דאזיגע מיטגליעדער האבען ארויסגעוויזען געגען די החלטות פונ׳ם נשיא, און דאס האט ווידער געגעבען מאטעריאל פאר נייע קאנפליקטען. א בעזונדער שטארקען איינדריק האט געמאכט דער צוזאמענשטויס צווישען דעם מעכטיגען נשיא און דעם ארימען אבער בעליבטען און איינפלוסרייכען ר׳ יהושע בן חנניה. ר׳ יהושע, א ארימער תלמיד חכם, וואס האט זיך געשפייזט פון זיין איינענער פיזישער ארבייט, האט זיך

אויסגעצייכענט מיט זיין אונגעוועהנליכער גוטהערציגקייט און עניוות, און זענענדיג אויסערליך זעהר נישט שען, פלעגט ער דאך מאַכען דעם בעסטען איינדריק אויף מענשען, אַ דאַנק זיינע טיעף־ און שאַרפזיניגע איינפאַלען. בנוגע צו ר׳ גמליאל׳ן האָט ר׳ יהושע זיך אויך געפונען אין דער אָפּאָזיציע, חאָטש ער איז בכלל געוועזען פון הלל׳ס תלמידים און האָט אַ לאַנגע צייט נישט אַרויסגעוויזען אָפען זיין אונצופרידענ־ הייט מיט די בעשטימונגען פון נשיא. איינמאָל האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז ר׳ גמליאל האָט בעשטימט דעם אָנהויב פון חודש תשרי — דער חודש, אין וועלכען עס געפאַלען אויס די גרעסטע יודישע יום־טובים און אויך יום כפור — לויט די לבנה־בעאָבאַכטונגען פון צוויי נישט זעהר זיכערע עדות. ר׳ יהושע האָט אָנגעוויזען אויף אַ בעדייטענדען פעהלער אין ר׳ גמליאל׳ס בעשטימונג און אויפגעפאָדערט די חברים פון קאָלעגיום, צו בעשטימען אַ נייע בעאָבאַכטונג פון דער לבנה און ממילא אויך צו ענדערן די צייט פון די יום־טובים. ר׳ גמליאל׳ס שטענ־ דיגער אָנהענגער און פערעהרער, ר׳ יוחנן בן נורי, און דער רייכער ר׳ דוסא בן הרכינס, זענען דאָס מאָל אויך געווען אויף ר׳ יהושע׳ס זייט און האָבען צוזאַמען מיט איהם אָנערקענט, אַז די עדות זענען פאַלשע. דער נשיא האָט אָבער דורכאויס געוואָלט דער־ האַלטען זיין אויטאָריטעט, און ער האָט געשיקט זאָגען ר׳ יהושע׳ן: „איך בין גוזר אויף דיר, דו זאָלסט קומען צו מיר מיט דיין שטעקעל און טאָרבע און געלד־בייטעל אין דעם טאָג, וואָס לויט דיין רעכנונג געפאַלט אויס אין איהם יום כפור״. ר׳ יהושע׳ן האָט דער דיקטאַ־ טאָרישער בעפעהל שרעקליך אָנגעגריפען, און איהם איז שווער געווען צו פועל׳ן ביי זיך, ער זאָל מחלל זיין דעם הייליגען יום טוב; זיינע חברים, צווישען זיי אויך ר׳ עקיבא און דער אַלטער ר׳ דוסא, האָבען איהם אָבער איבערצייגט, אַז ער מוז פאָלגען דעם נשיא׳ס בעפעהל, „וואָרום אויב מיר וועלן נעהמען נאָכטראַכטען נאָך ר׳ גמליאל׳ס בית דין, דאַרפען מיר שוין נאָכטראַכטען אויך נאָך אַלע בית־דין׳ס, וואָס זענען געוועזען ביי יודען פון משה רבינו ביז היינטיגען טאָג״. דאָס האָט אויף ר׳ יהושע׳ן געווירקט און ער איז געקומען אין דעם בעשטימטען טאָג צו ר׳ גמליאל׳ן, ווי יענער האָט איהם בעפוילען. פון דער גע־ האָרזאַמקייט איז ר׳ גמליאל אַזוי גערירט געוואָרען, אַז ער האָט איהם האַרציג אויפגענומען און געזאָגט: „קום אַריין אין פריעדען, מיין רבי און מיין תלמיד! מיין רבי — אין חכמה, און מיין תלמיד — וויל

דו האסט מיר ארויסגעוויזען אזא געהארכזאמקייט. וואויל איז דעם דור, אין וועלכען די גרויסע הערען זיך צו צו די קלענערע".

דער דאזיגער שלום האט זיך אבער נישט לאנג געהאלטען. צוליעב די שטרענגע מיטלען, וואס ר׳ גמליאל האט אנגעווענדט געגען זיינע געגנער איז געשאפען געווארען א גאנצע פארטיי, וועלכע האט זיך געשטעלט פאר א ציעל, אראבצוזעצען דעם דיקטאטארישען נשיא פון זיין שטוהל, און ארויפצוזעצען אויף איהם אנ׳אנדערן, א וועניגער שטרענגען. אזוי ווי ר׳ גמליאל האט געהאט א גרונד, חושד צו זיין ר׳ יהושע׳ן, אז ער שטעהט בראש פון דער דאזיגער רעוואלוציאנערער פארטיי, האט ער איהם נאך עטליכע מאל הארט אנגעגריפען. ר׳ יהושע׳ס אנהענגער האבען דאס גוט געדענקט, און ענדליך איז עס געקומען צו אנ׳אפענעם אויסברוך, וואס האט זיך געענדיגט מיט א פאלשטענדיגער איבערקעהרעניש אין דעם סנהדרין פון יבנה. — דאס איז פארגעקומען אויף דעם פאלגענדען אופן: צווישען די תקנות, וואס די אנשי כנסת הגדולה האבען מתקן געווען, זענען געווען אויך תפילות צוגעפאסטע צו יעדען קרבן, וואס זענען געווען א חוב פאר אלע יודען אי אין בית המקדש, אי אויסער איהם. אט דער מנהג, צו דאווגען עטליכע מאל אין טאג, האט זיך פראקטיצירט ביי יודען פון גלות בבל אן; אזוי אבער, ווי אין בית המקדש איז געווען נאר א קרבן תמיד של שחר (א שטענדיגער פריהמארגען־קרבן) און א קרבן של בין ערבים (פארנאכטיגער קרבן) און נישט קיין קרבן פון ביינאכט, איז די תפילה פון ביינאכט אויך געוועזן נישט זעהר פערשפרייט און א סך מיטגליע־דער פון סנהדרין האבען געהאלטען, אז דאס מעריב דאוונען איז נישט קיין פליכט פאר אלע. געגען דעם איז געווען ר׳ גמליאל, וועלכער האט בכלל געזעהען אין די תפילות א שטארקען חזוק פאר דעם קיום פון דער אומה און האט מתקן געווען, אז יעדער יוד איז מחויב, צו דאוונען דריי מאל אין מעת לעת: אין דער פריה, פארנאכט און ביי־נאכט. האט זיך געמאכט אמאל א מעשה, אז איין תלמיד איז געקומען צו ר׳ יהושע׳ן און האט איהם געפרעגט: די תפילה פון ביינאכט איז א רשות פרייוויליגע טעטיגקייט צי א חוב? און ר׳ יהושע האט איהם גע־ענטפערט: א רשות. דערנאך איז דער זעלביגער תלמיד געגאנגען צו ר׳ גמליאל׳ן און האט איהם אויך געפרעגט די זעלביגע שאלה, און ר׳ מליאל האט איהם געענטפערט: א חוב. האט איהם דער תלמיד גע־פרעגט: סטייטש, ר׳ יהושע האט דאך מיר געזאגט, אז ס׳איז א

רשות ? האָט ר׳ גמליאל איהם געזאָגט : וואַרט, ביז די חכמים וועלן אַרײַנקומען אין בית המדרש, און ווען זײ זענען אַרײַנגעקומען, האָט ער געפּסק׳עט, אַז מעריב דאַווגען איז אַ חוֹב. דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו דעם גאַנצען קאָלעגיום מיט דער שאלה : קײנער קריגט נישט אויף דער בעשטימונג מײַנער? און ר׳ יהושע האָט געענטפערט: נײן! דאָס האָט דעם שטרענגען נשיא שטאַרק אָנגעריפען, און ער האָט אויסגעשריען : „יהושע! שטעל דיך אויף דײַנע פיס און זאָל מען איבער דיר עדות זאָגען! האָט זיך ר׳ יהושע געשטעלט און געזאָגט : ווען איך וואָלט זײַן אַ לעבעדיגער און ער אַ טויטער, קען אַ לעבעדיגער אָבלײקענען אַ טויטען ; איצט אָבער, אַז איך לעב און ער לעבט — ווי קען אײן לעבעדיגער אָבלײקענען דעם אַנדערן? איז ר׳ גמליאל געזעסען און געדרשה׳נט און ר׳ יהושע איז אַלץ געשטאַנען אויף די פיס, ביז אַלע תלמידים זענען אויפגעקאָכט געוואָרען און האָבען אַ געשרײ געטאָן צו חוצפית דעם מתורגמן (ערקלערער, אויסטײַטשער) : האַלט! און ער איז שטיל געוואָרען". דאָ האָבען זיך פון אַלע זײַטען דערהערט אויסרופען : „ווי לאַנג וועט ער איהם (יהושע׳ן) אַזוי מצער זײַן! שוין דאָס דריטע מאָל פּײַניגט ער איהם! און ווער האָט שוין פון איהם נישט געליטען, — קומט לאָמיר איהם מעביר זײַן פון דער נשיאות!"
און דער גאַנצער קאָלעגיום איז גלײַך צוגעטרעטען, אויסצוועהלען אַ נײַעם נשיא. דאָ זענען געווען שטימען פאַר דעם זעלבינען ר׳ יהושע, ר׳ גמליאל׳ס הויפּט-געגנער, די מעהרהײט האָט אָבער נישט געפּועל׳ט בײַ זיך, אַזוי שטאַרק צו קרענקען די אײגען-ליבע פון דעם אַלטען נשיא, און דער גורל איז געפאַלען אויף דעם יונגען ר׳ אליעזר בן עזריה, „וועלכער איז אי קלוג, אי רײַך, אי אַ צעהנטער דור פון עזרא (הסופר), קלוג — אַז מ׳וועט איהם פרעגען, וועט ער וויסען צו ענטפערן ; רײַך — אַז מ׳וועט דאַרפען זיך משתדל זײַן פאַר׳ן קײזער, וועט ער עס אויך קענען, און ער איז אַ צעהנטער דור פון עזרא׳ן — האָט ער זכות אבות און ר׳ גמליאל וועט איהם נישט קענען בעשטראָפען".

מיט דער בעשטימונג פון ר׳ אליעזר׳ן פאַר אַ נשיא, זענען אָבגעשאַפט געוואָרען די אַלע פעראָרדנונגען און בעגרענעצונגען, וואָס זענען אײַנגעפיהרט געוואָרען פאַר ר׳ גמליאל׳ס צײַטען. „אין יענעם טאָג האָט מען אָבגעזאָגט דעם שומר פון טהיר (פון בית המדרש) און ס׳איז געגעבען געוואָרען רשות אַלע תלמידים אַרײַנצוגעהן". „דען ר׳ גמליאל

האט געהאלטען, אז לעהרנען מיט נישט קיין עהרליכ׳ען תלמיד הייסט ריכטיג, ווי צו־ווארפען א שטיין צו דער עבודה זרה, און ר׳ אליעזר בן עזריה האט גערדרשה׳נט: שטענדיג זאל א מענש עוסק זיין אין תורה און מצוות און אפילו שלא לשמה (נישט עהרליך) ווארום פון שלא לשמה וועט ער קומען צו לשמה". די רעפארם איז גלייך אויסגע־נוצט געווארען, און ווי די לעגענדע גיט איבער, זענען צוגעקומען אין יענעם טאג ביז דריי הונדערט בענק (לויט א צווייטען נוסח זיבען הונ־דערט בענק) אין בית המדרש; דערמיט האבען זיך אבער די פאלגען פון דער איבערקעהרעניש נישט געענדיגט. די ווירקונג פון די נייע וואהלען איז געווען אזוי בעדייטענד, אז דער טאג, ווען די געשעהע־ניש איז פארגעקומען, איז פערבליבען אין זכרון פון די וויטע קומענ־דיגע דורות, ווי א בעריהמטער היסטארישער טאג (בו ביום, אותו היום). אונטער דעם פארזיץ פונ׳ם נייעם נשיא האט זיך דאס סנהדרין גענומען קאנטראלירען און פון דאס ניי דורכשטודירען די אלע געזעצ־בעשטימונגען און איינפיהרונגען, וועלכע זענען אנגענומען געווארען אונטער דעם איינפלוס פון ר׳ גמליאל׳ס אויטאריטעט אינ׳ם גייסט פון די בית הלל. פון די דאזיגע געזעצען זענען איצט א סך געענדערט געווארען; א גרויסע צאהל שאלות, איבער וועלכע ס׳האט זיך שוין פון יאהרען געצויגען א מחלוקת צווישען די בית שמאי און די בית הלל, זענען פון די „חכמי יבנה" פערענטפערט געווארען אין דעם זין פון א פשרה: „נישט ווי דער און נישט ווי דער"; עס זענען פארגע־קומען אויך פאלען, אז די בית הלל אליין האבען חרטה געהאט אויף זייערע פריהערדיגע בעשטימונגען און אנגעהויבען צו פסק׳נען געוויסע הלכות, ווי די בית שמאי. דערביי האט דער נייער נשיא אויפגעטאן נאך א וויכטיגע זאך: ער האט געלאזען צוזאמענרופען די יעניגע אלע, וואס האבען אליין געדענקט נאך די אויטאריטעטען פון די פריהערדיגע דורות און אויפגענומען פון זיי אלע מסורות, וואס זיי האבען געהאט. צווישען די דאזיגע עדות האבען זיך געפונען צוויי בעלי מלאכות פון ירושלים, וואס האבען איבערגעבראכט א וויכטיגע מסורה נאך פון שמעיה און אבטליון. דער פראטאקאל פון אט די היסטארישע זיצונגען איז דערגאנגען צו אונז אין א קלייגעם טראקטאט פון דער משנה אונטערן נאמען „עדיות".

פון די פראגען, וואס זענען בעהאנדעלט געווארען „אין יענעם טאג", זענען בעזונדער וויכטיג די פאלגענדע צוויי, וואס האבען א

פרינציפיעלע, אַלגעמיינע בעדייטונג. עס האט זיך געהאנדעלט וועגען אַ גר פון די עמונים, צי מעג ער נעהמען אַ יודישע טאָכטער. ר׳ גמליאל האט געפסק׳ענט, אַז ער טאר דאס נישט, זיך שטיצענדיג אויף דעם בפירוש׳ען פסוק: „לא יבא עמוני ומואבי בקהל ה׳״ (עס זאָל נישט אריינגענומען ווערן קיין זוהן פון עמון און מואב אין גאָט׳ס געמיינדע); אויף דעם האט ר׳ יהושע געענטפערט: „צי זיצען דען די עמונים און מואבים אויף זייערע ערטער? עס איז דאך שוין לאנג געקומען סנחריב און האט אויסגעמישט די גאנצע וועלט״. אין דער צווייטער פראַגע האט זיך גערעדט וועגען דער היייליגקייט פון די צוויי ספרים, וואס די מסורה האט צוגעשריבען שלמה המלך, „שיר השירים״ און „קהלת״. די בית שמאי האבען אנערקענט, אַז „קהלת״ איז געשריבען געוואָרען נישט מיט „רוח הקודש״ און דארף נישט אריינגענומען ווערן אין דער רייהע פון די „הייליגע שריפטען״. דאס זעלבע איז געווען אויך מיט „שיר השירים״; געזיגט האבען אָבער אין דער פראַגע די בית הלל — דער נאָמען שלמה המלך האט מציל געווען די צוויי שענע פערלען פון דער אלט־העברעאישער ליטעראַטור.

אַ מערקווירדיגען איינדרוק מאַכט ר׳ גמליאל׳ס בעציהונג צו די אַלע געשעהענישען פון „דעם טאָג״, ווי זי ווערט געשילדערט אין דער לעגענדע. דער הייסער אָנהענגער פון אַ צענטראַלער אויטאָריטעט מאַכט האט זיך איצט אַליין אונטערגעוואָרפען דעם נייעם אויטאָריטעט, און נישט אויפגעהערט זיך צו בעטייליגען אין די ווייטערדיגע פערהאַנדלונגען פון סנהדרין; און נישט נאָר דאס — ר׳ גמליאל האט איצט אַליין אנערקענט, אַז ער איז צו ווייט פערגאַנגען אין דער פערטיידיגונג פון זיינע מיינונגען, און ער האט גענומען אויף זיך קודם כל, צו פערריכטען אָט דעם פעהלער. „ר׳ גמליאל האט געזאָגט: אויב ס׳איז אַזוי וועל איך געהן איהם (ר׳ יהושע׳ן) איבערבעטען. ווען ער איז צוגעקומען צו ר׳ יהושע׳ס וואוינונג, האט ער געזעהען, אַז די ווענט פון שטוב זענען שוואַרץ, און ר׳ יהושע זיצט און מאַכט נאָדלען״. דאס האט אויף דעם רייך־ערצויגענעם אַריסטאָקראַט געמאַכט אַ שווערען איינדרוק, און ער האט זיך אָבגערופען: איז דאס ווירקליך דיין פרנסה?! אויף דעם האט ר׳ יהושע איהם געענטפערט: „וועה איז צו דעם דור, וואס דו ביזט זיין מנהיג, און וועה איז צו דער שיף, וואס דו ביזט איהר פיהרער! דו ווייסט נישט דעם צער פון די תלמידי חכמים מיט וואס זיי בעשעפטיגען זיך און פון וואס זיי לעבען״. האט ר׳ גמליאל געזאָגט:

„דו ביזט גערעכט ! זיי מיר מוחל !" ר' יהושע האט זיך אבער נישט אומגעקוקט אויף איהם . דאן האט ר' גמליאל ווידער געבעטען : „טו דאס אין דעם זכות פון מיינע עלטערן" ; דאס האט געווירקט : ר' יהושע האט איהם מוחל געווען און איז אליין געגאנגען זיך משתדל זיין, אז ר' גמליאל זאל צוריק בעקומען די נשיאות . איצט האט זיך עס גע-האנדעלט וועגען דעם , ווי אזוי צו פועל'ן ביי ר' אלעזר'ן , אז ער זאל זיך אבזאגען פון דעם עהרענטיטול , וואס ער האט ערשט בעקומען , און די שליחות האט ר' עקיבא איבערגענומען אויף זיך . ר' אלעזר האט אבער גארנישט געקלערט איבער געוואלט זיך אנצוהאלטען אין דעם פאטריארכען-שטוהל , און ער האט גלייך אבגעטרעטען זיין פלאץ דעם נשיא בן נשיא ; נאר כדי נישט צו פערשעמען אינגאנצען ר' אלעזר'ן , איז בעשלאסען געווארען , אז ר' גמליאל זאל עפנען און פיהרען די זיצונגען פון קאלעגיום צוויי שבתים , און ר' אלעזר — דעם דריטען שבת .

פון דאן אן איז די טעטיגקייט פון סנהדרין געגאנגען אהן גרויסע מחלוקת און שרייענדע סכסוכים . ר' גמליאל האט אויך ווייטער זיך בע-מיהט מיט אלע כחות , אבצוהיטען די איינהייט און דעם אויטאריטעט פון דעם רעליגיעזען און נאציאנאלען צענטר ; איהם האט זיך אבער פארט נישט געקענט איינגעבען , צו דערשטיקען אינגאנצען די פערשיע-דענהייט פון די מיינונגען , וואס איז געלעגען אינ'ם עצם מהות פון די פלפול'דיגע דרינגענישען און געזעץ-ערקלערונגען . „דער אקאדעמישער קאמפף אין בית מדרש האט זיך נישט געלאזען אונטערווארפען די שטרעבונג פון דעם פראקטישען פאלקס-פיהרער , וואס האט קודם כל געקלערט וועגען פערשטארקען די יודישע קולטורעלע אויטאנאמיע . ר' גמליאל'ן איז נאר געלונגען ווייכער צו מאכען אט דעם קאמפף און נישט צוצולאזען דערצו , אז ער זאל אננעהמען זעהר שארפע פארמען , ער איז אבער נישט אימשטאנד געווען, איהם צו בעזייטיגען אינגאנצען".

א דאנק ר' גמליאל'ס ענערגישער הנהגה איז דאס סנהדרין אין יבנה געווארען דאס הארץ פון דער יודישער אומה . די יודישע קהלות אין די ווייטסטע לענדער האבען געקוקט אויף דער נשיאות אין יבנה , ווי אויף א איבערבלייבעניש פון דער יודישער מלוכה, וואס ווערט פער-טרעטען פון א אייניקעל פון דוד'ס הויזגעזינד , און זיי האבען אבגע-געבען דעם נשיא קעניגליכען כבוד . דער לעצטער האט בעזעסען די מאכט , צו בעשטימען ריכטער , פרנסים און אלע אנדערע פאסטענג

פאר די קהלות פון דער גאַנצער דיאספאָרא, און די רוימישע אַדמיניס־טראַציע האָט זיך כמעט גאָרנישט געמישט אין די יודישע אינערליכע אַנגעלעגענהייטען. ביי דער גאַנצער הייסער שטרעבונג פון׳ם נשיא צו איינהייט, האָט ער אָבער דאָך נישט געשטערט די פאָרשטעהער פון איי־גענע ישיבות אין זייער זעלבסטשטענדיגער טעטיגקייט; די לעצטע האָבען געהאַט דאָס רעכט, צו בעשטימען זייערע תלמידים פאַר ריכטער און פאָלקס־לעהרער, און אָט די בעשטימונג האָט געהאַט די פולע קראַפט, אפילו אָהן דער הסכמה פון נשיא. דער אַקט פון מסמיך זיין אַ תלמיד (געבען איהם דעם טיטול רבי, ליהרער) פלעגט צוגעהן זעהר פייערליך; אין דער געגענוואַרט פון צוויי מיטגליעדער האָט דער ראש ישיבה אַרויפגעלעגט די האַנד אויף דעם אָנערקענטען תלמיד, אָנגעטאָן אויף איהם די טאָגאָ פון אַ תלמיד חכם און איהם גערופען „רבי". די דאָזיגע סמיכה האָט, איבריגענס, קיין געמיינזאַמעס נישט געהאַט מיט דער סמיכה, וואָס מיר געפינען ביי די נביאים, וועלכע פלעגען אויך אָנשפאַרען די הענד אויף די קעפ פון זייערע תלמידים, די בני הנביאים; דען דער בעגריף פון איבערגעבען דעם הייליגען גייסט איז בכלל פרעמד געוואָרען דאָס יודענטום נאָכדעם, ווי ס׳האָ־בען זיך אויפגעהערט צו ווייזען אין איהם ערשיינונגען פון עכטער, געטליכער נבואה. די סמיכה פון די זקנים איז געווען נאָר אַ מין הסכמה אָדער עדות זאָגען אויף דעם מוסמך, אַז ער איז גענוג קאָמ־פעטענט צו לעהרנען אַנדערע און צו ענטשיידען אַלערליי ריין־רעליגיע־זע, ווי אויך יורידישע שאלות. דער מוסמך פלעגט אויך קריגען דעם טיטול זקן, וואָס האָט געדיענט פאַר אַ אַטעסטאַט אויף צו קאָנען אַריינגענומען ווערן אַלס מיטגליעד אין סנהדרין.

די עפענטליכע זיצונגען פון סנהדרין פלעגען אויך צוגעהן זעהר פייערליך. דעם העכסטען פלאַץ האָט פערנומען דער נשיא, און פאַר איהם, אין אַ האַלבען קרייז, האָבען זיך אַרומגעזעצט די אָנגעזעהענסטע געזעצלעהרער. הינטער די דאָזיגע מיטגליעדער זענען געזעסען אין עטליכע שורות די „זקנים"; הינטער זיי ווידער זענען געשטאַנען די תלמידים און גאָר צו לעצט איז דאָס פאָלק געלעגען אויף דר׳ערד און זיך צוגעהערט. עפנען די זיצונג פלעגט דער נשיא מיט וועלכער ס׳איז הלכה אָדער מיט דעם אויסרוף: „פרעגט!", וואָס האָט געגעבען יעדערן פון קאָלעגיום דאָס רעכט, פאָרצולעגען זיינע ספיקות און שאלות. דער נשיא אַליין האָט נישט גערעדט צום גאַנצען סנהדרין; ווען ער האָט

געדאַרפט עפּעס ענטשיידען, האָט ער דאָס אין קורצען איבערגעגעבען דעם מתורגמן, און יענער האָט עס דערנאָך גענוי מסביר געווען און ערקלערט פאַר'ן גאַנצען עולם. ביי יעדער שאלה זענען פאָרגעקומען דעבאַטען, אין וועלכע ס'האָבען זיך בעטהייליגט כמעט אלע מיטגליעדער, און נאָר דער גשיא אַליין האָט געהאַט דאָס רעכט, זיי אָבצושטעלען; ער פלעגט דערביי אויסרופען: נגמר הדין (ס'זענען געענדיגט די פערהאַנדלונגען), און נאָכדעם איז מען צוגעטרעטען צו דער אָבשטימונג, וואָס פלעגט זיך אָנהויבען ביי דיני ממונות (געלד-פראַגען) פון דעם גרעסטען מיטגליעד און ביי דיני נפשות (קרימינאַל-פראַגען) פון דעם קלענסטען, כדי די קלענערע, נישט פעסט איבערצייגטע מיטגליעדער פון געריכט זאָלען נישט בעאיינפלוסט ווערן אין זייערע מיינונגען פון די גרויסע.

בעזונדער וויכטיג און בעדייטענד איז געווען די פונקציע פון סנהדרין בנוגע צו די בעשטימונגען פון די חדשים און יאָהרען. די צענטראַלע אינסטיטוציע האָט געהאַט אויף זיך די פליכט, צוזושטעלען אלע צושפּרייטע יודישע קהלות אין די וויטסטע לענדער גענויע ידיעות וועגען דעם, ווען עס געפאַלען אויס די און די יום-טובים, און אַזוי ווי ס'זענען נאָך דאַן נישט געווען קיין פעסט בעשטימטע קאַלענדאַר-אויסרעכנונגען, האָט דאָס סנהדרין אין יבנה געמוזט אייגאָרדנען גענויע אָבסערוואַציעס איבער די פאַזיסען פון דער לבנה און בעזונדער איבער דאָס ערשיינען פון דעם ערשטען לבנה-שטריך, וואָס האָט זיך גערעכענט פאַר דעם אָנהויב פון יודישען חודש.

אין פאַלעסטינא גופא און אין בבל פלעגט די בעשטימונג פון דעם נייעם חודש איבערגעגעבען ווערן אין די וויטערע קהלות דורך אַ ספּעציעלען סיגנאַל: שייטערהויפענס, וואָס פלעגען אָנגעצונדען ווערן ביינאַכט אויף די שפּיצען פון די הויכע בערג; די יודישע קהלות אָבער אין די „מדינות הים": מצרים, קליין אַזיען, גריכענלאַנד, וואוהין די סיגנאַלען האָבען נישט געגרייכט, — האָבען נישט געקענט וויסען גענוי דעם טאָג פונ'ם נייעם חודש אַזוי לאַנג, ווי ס'זענען נישט אָנגעקומען צו זיי די שלוחים פון סנהדרין, דעריבער האָט מען מתקן געווען, אַז די קהלות אויסער פאַלעסטינא זאָלען, פון ספק וועגען, פייערן צוויי טעג יום טוב, אָנשטאָט איינעם, און אָט דער מנהג פון די דאָפּעלע יום טובים (יום טוב שני של גליות) איז פערבליעבען ביז אויף היינטיגען טאָג.

מיט דעם צוועק , צו פֿערשטאַרקען די אײַנהײַט פֿון דער אומה , האָט ר׳ גמליאל מתקן געווען נאָך אַ וויכטיגע תקנה : ער האָט צוזאַ־מענגעשטעלט אײַן בעשטימטען נוסח פֿון שוהל־תּפילות (דאַוונען) פֿאַר אַלע יודען אין דער וועלט . אין דער צײַט פֿון בית המקדש האָבען די תּפילות , ווי מיר האָבען שוין דערמאָנט , געדיענט נאָר אַלס צוזאַץ צו די קרבנות , נישט האָבענדיג קײַן זעלבסטשטענדיגע בעדײַטונג ; איצט אָבער , ווען דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען און דער קולט פֿון די קרבנות איז אונטערגעגאַנגען , האָבען די תּפילות געמוזט בילדען דעם מיטעלפּונקט פֿונ׳ם רעליגיעזען לעבען , און דאָס האָט ר׳ גמליאל פֿאָרגעזעהען . ער מיט זײַן בית דין האָבען אויסגעאַרבײַט אַ פֿאָלשטענ־דיגען טעקסט פֿון אַלטעגליכע תּפילות , וואָס ענטהאַלטען אַ רײַהע לויב־און דאַנק־מזמורים צו דעם אײַנציגען גאָט פֿאַר די גרויסע לעבענס־מתּנות (ליכט , לעבען , גײַסט א. אַ. וו.) , וואָס ער שענקט דעם מענשען טאָג טעגליך , און דאַן אויך עטליכע האַרציגע בקשות נאַציאָנאַלע : עס זאָל צוריק אויפגעבויט ווערען די הײַליגע שטאָדט מיט׳ן בית המקדש , משיח זאָל קומען און אויסלײַזען יודען פֿון גלות און די יודישע אומה זאָל בכלל צוריק בעקומען איהר אַמאָליגען גלאַנץ , איהר אַמאָלי־גע גרויסקײַט . ר׳ גמליאל איז געווען דער ערשטער , וואָס האָט אײַנ־געפֿיהרט די שמונה עשרה (אַכצעהן ברכות) אַלס חוב פֿאַר יעדען יודען דרײַ מאָל אין טאָג , און שמעון פֿון פּקולי האָט די ברכות פֿערפֿאַסט און צוזאַמענגעשטעלט . נישט אַלע געזעץ־לעהרער האָבען אָבער מסכים געווען צו דער נײַער אײַנפֿיהרונג , און אַ בעזונדערע התנגדות האָט אַרויסגעוויזען דער בעריהמטער ר׳ אליעזר בן הורקנוס , וועלכער האָט אָנערקענט , אַז יעדעס געבעט (תּפילה) דאַרף אויסדריי־קען אַ געוויסען לעבעדיגען געפֿיהל , אַ געוויסע שטימונג , און קוים מאַכט מען עס פֿאַר אַ קביעות , פֿאַר אַ בעשטימטען אײַביגען נוסח , פֿערליערט עס אינגאַנצען דעם אײַגענטליכען כאַראַקטער און הערט אויף צו זײַן אַ תּפילה .

אין יענער צײַט איז אויך אײַנגעפֿיהרט געוואָרען דער סדר פֿון דאַווענען בצבור . לויט דעם סדר האָט דער עפֿנטליכער גאָטעסדיענסט בעקומען אַ גאַנץ אײַנפֿאַכע פֿאָרם : יעדער יוד , וואָס האָט דערגרײַכט אַ געוויסע עלטער , אויב ער איז נאָר נישט קײַן פֿערברעכער , מעג ווערען דער „שליח צבור״ , ד. ה. ער קען זיך אַוועקשטעלען פֿאַר׳ן עמוד און פֿאָרזאָגען די תּפילות אין נאָמען פֿון דער גאַנצער עדה .

דאָס רעליגיעזע לעבען פון פאָלק איז, אויף אַזאַ אופן, אין אַלע הינזיכטען רעגולירט געוואָרען דורכ'ן סנהדרין און דעם נשיא, און די צושטערונג פון בית המקדש האָט קיין גרויסען חלל נישט איבער־געלאָזען אין הארץ פון יודענטום. דאַוונען, לערנען תורה און די איבריגע אַנדערע מעשים טובים האָבען כמעט אינגאַנצען אויסגע־פילט דעם פּלאַץ פון די קרבנות; מעשר די כהנים און לויים, פאה (די תבואה פון די עקען פעלדער) און די איבריגע שטייערן, וואָס האָבען זיך ביז דאַן פּראַקטיצירט אין יהודה, האָבען נישט אויפגעהערט זיך צו פּראַקטיצירען איצט אויך; די פערשידענע געזעצען, וואָס האָבען זיך געשטיצט ביז אַהער אויף דער היליגקייט פון יהודה'ס ערד, זענען אויך געבליבען אין זייער קראַפט, און בכלל האָט דאָס גאַנצע לעבען פון לאַנד נישט פערלוירען זיין פריהערדיגען כאַראַקטער. עס זענען נאָך צוגעקומען פערשידענע מנהגים, וואָס האָבען געזאָלט דער־האַלטען אין פאָלק דעם לעבעדיגען, טיפען וועהטאָג איבער דעם אונ־טערגאַנג פון גאָט'ס הויז, און צוזאַמען דערמיט אויך די שטאַרקע האָפנונג, אַז באַלד וועלען זיך פאַר יהודה ווידער אומקעהרען איהרע ליכטיגע צייטען. די פאָלקס־לעהרע האָט פון איין זייט אַזוי ווי פער־פליכטעט יעדען יודען צו טרויערן איבער דעם חורבן פון ר' יהודה, און אין דער זעלביגער צייט אויך געטרייסט, געפלאַנצט אין די הערצער פון איהרע צוהערער די שענסטע האָפנונגען; די פיער תעניתים, וואָס די גולי בבל האָבען פרייוויליג גענומען אויף זיך, נאָכ'ן אונטערגאַנג פון ערשטען בית המקדש, זענען איצט צוריק איינגעפיהרט געוואָרען; דאַנעגען זענען פערבליבען אין זייער קראַפט די טעג פון היסטאָרישע נאַציאָנאַלע שמחות.

אַזוי האָט אויסגעזעהען דאָס אינווענייגסטע יודישע לעבען. פון אויסווענייג האָט זיך יודען געלעבט נישט שלעכט נאָר אונטער וועספּאַס־יאַנ'ען און טיטוס'ען; אונטער דאָמיציאַנוס'ען דאַגעגען האָבען די יודי־שע אונטערטאַנען אין דער גאַנצער רוימישער אימפּעריע געמוזט אויס־שטעהן אַ רייהע שווערע רעפּרעסיעס, און ווי דאָס פאָלק האָט שפּע־טער דערצעהלט, איז דער נשיא צו יענער צייט געפאָהרען קיין רוים, זיך משתדל זיין, אַז דער יודישער גורל זאָל פערבעסערט ווערן. דאָס זאָל האָבען געשעהען אין דער צייט, ווען דאָמיציאַנוס האָט פּלוצלינג גוזר געווען אויף אַלע יודען פון דער גאַנצער רוימישער אימפּעריע, אַז אין אַ משך פון דרייסיג טעג זאָל פון זיי קיין זכר נישט איבערבלייבען;

זיך דערוויסענדיג דערפון, האָט ר' גמליאל און מיט איהם זײַנע חברים: ר' אלעזר בן עזריה, ר' יהושע בן חנניה און ר' עקיבא בן יוסף, אונטערגענומען א רײַזע קײַן רוים. דערבײַ דערצעהלט די לעגענדע, אז דערהערנדיג דעם טומעל פון דער פרעהליכער שטאָדט און פון קאפּיטאָלישען טעמפּעל, האָבען זיך ר' גמליאל, ר' יהושע מיט ר' אלעזר'ן פונאַנדערגעוויינט, אויף וואָס ר' עקיבא האָט זיי געזאָגט: „וואָס עפּעס וויינען? ! אויב גאָט גיט אַזוי פיעל גוטס א נישט געהאָרכזאַמען פאָלק, טאָ וויפיעל־זשע האָט ער שוין אָנגעגרייט אין דער צוקונפט פאַר זײַנע קינדער". אָנקומענדיג אין רוים האָבען זיך די פיהרער פון דער אומה געווענדט נאָך הילף צו א בעקאַנטען רוימישען סענאַטאָר, וואָס איז געווען גוט געגוייגט צום יודענטום, און די פרוי זײַנע, וואָס האָט אויך שטארק געהאַלטען פון דער יודישער תורה, האָט איהם, דעם מאַן, צוגערעדט, ער זאָל זיך מקריב זיין פאַר זײַן „יודישקײַט". דאָס מקריב זײַן זיך, האָט געהײַסען פשוט: זיך נעהמען דאָס לעבען, ווײַל ס'האָט געהערשט א מנהג דאָרטין, אַז אויב איין סענאַטאָר איז געשטאָרבען, איידער ס'איז אויסגעפיהרט געוואָרען די בעשטימונג פון סענאַט ווערט די לעצטע אָבגעלעגט אויף א געוויסער צײַט. און דער יודענפרײַנדליכער סענאַטאָר האָט דעם קרבן געבראַכט: ער האָט זיך פערסמ'ט, אָננעהמענדיג פאַרן טויט דעם יודישען גלויבען, *) און די גזירה איז אונטער דער צײַט בטל געוואָרען.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רײַזע פון די יודישע פערטרעטער קײַן רוים זענען דערגאַנגען צו אונז נאָך א מאַסע לעגענדעס, וואָס דערצעהלען וועגען רעליגיעזע און פילאָזאָפישע וכוחים, וועלכע זאָלען האָבען פאָרגעקומען צווישען די יודישע זקנים און פאָרשטעהער פון דער רוימישער אַריסטאָקראַטיע. די לעצטע האָבען געפרעגט: „אויב גאָט פעראַכט אַזוי דאָס געצענדיענסט, פאַרוואָס־זשע פערניכטעט ער נישט די געצען?" אויף דעם האָבען די „זקנים" געענטפערט: „ווען גאָט וואָלט מיט אַזעלכע מיטלען אויפווײַזען די מענשליכע אַבערגלויבערײַען, וואָלט איהם אויסקומען צו פערניכטען נישט בלויז די געצען, נאָר אויך די זון מיט דער לבנה און די שטערנס, וועלכע א סך געצענדיענער פערגע-

*) לויט אַנ'אַנדער נוסח האָט דער קייזער בעשטראָפט מיט'ן טויט דעם דאָזיגען סענאַטאָר דערפאַר, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזען אַזאַ ליבע צום יודענטום.

טערן. זאל די גאנצע וועלט דען אונטערגעהן צוליעב עטליכע שוטים ?" אנאנדער „מין" (נאמען פון א געוויסער קריסטליך-אפקורס'ישער סעקטע) האט געזאגט ר' גמליאל'ן : „אייער גאט איז א גנב — ער האט אין שלאף אוועקגעגנב'עט א זייט ביי אדם'ען !" אויף דעם האט איהם ר' גמליאל'ס טאכטער געענטפערט : „גאט האט דא געהאנדעלט ווי יענער גנב, וואס איז אריין אין א הויז, האט צוגענומען א זילבערנע וואזע און אוועקגעשטעלט אויף איהר ארט א גאלדענע ; ער האט צוגענומען ביי אדם'ען א זייט און האט איהם געגעבען א שענע פרוי א מיטארבייטערין — אזעלכע גנבים קען מען זיך ווינשען, צו האבען אפטער ביי זיך".

נאכדעם ווי די געפאהר פון דער גזירה איז אריבער האט זיך די דעפוטאציע אומגעקעהרט צוריק קיין יהודה, און ר' גמליאל האט זיך ווידער אוועקגעשטעלט אויף דער וואך פון דעם יודישען פאלקס-לעבען. דאס לעצטע האט זיך כסדר ענטוויקעלט אין דער ריכטונג פון שטרענגער פרומקייט און גאטס-פארכטיגקייט ; עס האבען זיך ווייטער פראקטיצירט די אלע רייניגהייטס-געזעצען (הלכות טומאה וטהרה) פון בית המקדש, חאטש אין אנ'אנדער פארם. די פרומע פרושים האבען זיך געהיט צו עסען זייערע אלטעגליכע מאלצייטען מיט דער זעלביגער רייניקייט און אבהיטענדיג די זעלביגע אלע געזעצען, וואס די כהנים און לוים האבען געמוזט אבהיטען, עסענדיג זייערע הייליגע שפייזען ; די דאזיגע פרושים האבען זיך אויך שטארק אבגעהיט פון בעריהרען א מת אדער אנדערע טמא'דיגע געגענשטאנדען, און האבען זיך געשפייזט נאר מיט אזעלכע תבואות, וואס זייערע בעלי בתים האבען פינקטליך אבגעשיידט פון זיי אלע געהעריגע תרומות און מעשרות. אט די אלע האבען געבילדעט א מין ארדען אדער ברודערשאפט פון „חברים" (אזוי האבען זיך די פרושים גערופען), וואס האט, ווי ס'איז צו גלויבען, געהאט אויך א פאליטישע שאטירונג ; ווער עס האט געוואלט אויפ-גענומען ווערן פאר א חבר, האט זיך געמוזט פערפליכטען צו היטען אלע רעגעלן פון דער חבורה, און קוים האט אימיצער זיך מיט עפעס פערשולדיגט געגען דעם ארדען, איז ער גלייך אויסגעשלאסען געווארען. צונעהמען א נייעם חבר האבען געקענט נישט ווייניגער, ווי דריי אלטע, און די אלע, וואס האבען געהאט וועלכע ס'איז שיכות צו דער רוימי-שער אדמיניסטראציע (מוכס'ניקעס, אויפזעהער א. א. וו.) האבען אין דעם ארדען בכלל קיין צוטריט נישט געהאט.

דעם היפך פון די דאזיגע „ח ב ר י ם" האבען פארגעשטעלט מיט

זיך די עמי הארצים ערד־אַרבייטער . די ערשטע האָבן געבילדעט אין א געוויסער מאָס די יודישע פּאטריציער , אַריסטאָקראַטען, די לעצטע — דעם המון , די פלעבייער . צווישען אָט די ביידע פאָלקס־קלאַסען איז געלעגען אַ מורא'דיגער תהום ; די עמי הארצים זענען שרעקליך פערווילדערט געוואָרען אין דער צייט פון די פּאָליטישע איבער־קעהרענישען , און די גאָטספאָרכטיגע , געלעהרנטע „חברים" האָבן געמוזט קוקען אויף זיי מיט אַ טיפער פעראַכטונג . לויט די שילדערונגען פון די „חברים" זענען די עמי הארצים געווען פאַלש אין האַנדעל , גראָב און ברוטאַל אין פאַמיליען־לעבען , ווילד און מערדעריש אין אומגאַנג מיט מענשען און בכלל דער סימבאָל פון שלעכטס און זיטליכער פער־דאָרבענקייט ; פון די רעלי־יעזע געזעצען האָבן זיי אָבגעהיט נאָר יענע, וואָס האָבן געערדט צו זייערע רויהע אינסטינקטען , און אין אלע אַנ־דערע הינזיכטען זענען זיי געווען חשוד אויף די שרעקליכסטע פער־ברעכענס. דער תהום און די שנאה צווישען די עמי הארצים און חברים איז דעריבער כסדר געוואַקסען , און די זאַך איז ענדליך דערגאַנגען ביז אַזוי ווייט , אַז אַ חבר האָט נישט געגעסען ביי איין טיש מיט קיין עם הארץ און האָט זיך אָבגעהיט פון צוריהרען צו איהם , כדי נישט טמא צו ווערן . חתונה־פערבינדונגען צווישען די ביידע קלאַסען זע־ניִ געווען אַ זעלטענהייט — עס האָט געהייסען , אַז „ווער עס מאַכט חתונה זיין טאָכטער פאַר אַנ'עם הארץ טוט ריכטיג , ווי ווען ער וואָלט זי געבונדען און אַוועקלעגען פאַר אַ לייב" (די עמי הארצים פלעגען גראָב בעהאַנדלען זייערע ווייבער און זיי שלאָגען) , און די שנאה פון די עמי הארצים, דאַגעגען , צו די תלמידי חכמים איז אין אַלגעמיין געווען נאָך שטאַרקער , ווי ס'איז געווען די שנאה פון אַ גוי צו אַ יודען . „ווען זיי וואָלטען אונז נישט דאַרפען צום געשעפטס־פערקעהר , — האָט ר' אליעזר געזאָגט , — וואָלטען זיי אונז מערדעריש בעפאַלען און גע־הרג'עט" , און ר' עקיבא , וועלכער האָט געשטאַמט פון די נידריגע פאָלקס־שיכטען , האָט זיך אין די שפּעטערדיגע יאָהרען אַליין מודה גע־ווען , אַז זענענדיג אַנ'עם הארץ האָט ער זיך געוואונשען : „הלואי זאָל איך בעגעגנען אַ תלמיד חכם אַליין אין וועג , וואָלט איך , ווי אַנ'עזעל איהם צובייסען , דאָס איז געווען דער נאַטירליכער פּראָטעסט פון די פעראַכטעטע און באַקאָטירטע , פאַר וועלכע די אַריסטאָקראַטען־פּרושים האָבן פערצוימט יעדען צוטריט צו זיך און צו דעם געמיינדע־לעבען .

און די פאָלגען פון דער שפאַלטונג האָבען זיך באַלד אַרויסגע־וויזען. צוריקגעשטויסען פון יעדען אומגאַנג מיט די העכערע קלאַ־סען, אויסגעשלאָסען פון יעדער בעטהייליגונג אין דעם לעבען פון דער קהלה, בערויבט פון יעדער גייסטיגער ווירקונג און אָהן אַ שום פיה־רער און ראַט־געבער, — האָבען זיך אָט די פעראַכטעטע פּאַריאַ׳ס אַריינגעוואָרפען אין די אָרעמס פון דעם יונגען קריסטענטום. נאָכ־פאָלגענדיג דעם געקרייציגטען „משיח" אַליין, וועלכער האָט זיין גאַנ־צע אויפמערקזאַמקייט געשענקט אָט די „בעליידיגטע און דערשלאָגע־נע", האָבען די ערשטע קריסטליכע שלוחים אויך זיך געדרעהט נאָר צווישען די ניעדריגע שיכטען פון פאָלק, און די לעצטע האָבען אַרויסגעוויזען אַ טיעפע עמפּפינדליכקייט פאַר דער נייער לעהרע. אויף די פעראַכטעטע און פערשטויסענע האָט געמוזט מאַכען אַ טיעפע ווירקונג דער פאַקט, וואָס די הייליגע שלוחים זענען געקומען צו זיי, האָבען געגעסען און געטרונקען מיט זיי צוזאַמען, און דערצו נאָך פערזיכערט, אַז נאָר צוליעב זיי אַליין איז משיח געקומען און גע־קרייציגט געוואָרען, כדי זיי זאָלען אויך האָבען אַ טהייל אין די אַלע גיטער פון דער בעסערער וועלט! די געזעצלעהרע פון די פרושים האָט ביי זיי אַוועקגערויבט די עלעמענטאַרסטע רעכטען, און דאָ האָבען זיי געהערט פון דעם הייליגען פּאַולוס, אַז „נישט מיט מעשים און מצוות קען זיך דער מענש רעכטפאַרטיגען, נאָר מיט׳ן גלויבען אין משיח׳ן"; דאָס איינציגע וואָס זיי איז געבליעבען צו טאָן, איז דעריבער געווען, זיך צוצושליעסען צו דער נייער עדה, וואָס האָט זיי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און צוגעזאָגט צו עפנען אַלע טויערן פון דער הימעל־מלוכה.

די געזעצלעהרער, פערטיעפט אין זייער אייפער פאַר דער פּאָר־מירונג פון דעם יודישען רעליגיעזען לעבען, האָבען איגנאָרירט פער־זעהען יענע גרויסע מאַסען, פון וועלכע עס זענען שפּעטער אויסגע־וואַקסען פערביטערטע געגנער פון דעם דאָזיגען לעבען, און נאָך איידער זיי האָבען בעוויזען, זיך אַרומצוקוקען, איז שוין געשטאַנען פאַר זיי אַ מעכטיגער שונא, מיט אַ פּאַרטיגער וועלט־ און לעבענס־אַנשויאונג, — אַ שונא, וואָס האָט מיט ריזיגע כחות זיך גענומען צושטערען און צושטורמען דעם פעלזען־פעסטען בנין פון טראַדיציאָנעלען יודענטום.

## צווייטעס קאַפּיטעל.

### די פאָלשטענדיגע שפּאַלטונג צווישען יודענטום און קריסטענטום; די ליטעראַטור.

מעכטיגע, גרויסע יודישע גייסטער האָבען דערהאַלטען דאָס יודענטום, און אין דער צייט האָבען אַנדערע, נישט וועניגער מעכטיגע יודישע פּערזענליכקייטען, צוזאַמען מיט נאָך שטאַרקערע היסטאָרישע כחות, געשאַפען דאָס קריסטענטום. אַ גליק פאַר דער לעהרע פונ׳ם גליל׳ער איז געווען דאָס, וואָס דער ליידענשאַפטליך-פייערדיגער, אונרוהיגער שאול פון תרסי (פּאַאולוס) איז פון אַ פערבּיסענעם, פאַנאַטישען געגנער, געוואָרען נישט בלויז אַ אָנהענגער, נאָר אויך איהר פריידיגער און הויפּט-בעגרינדער; אָהן פּאַאולוס׳ען וואָלט די יעזוס-בעוועגונג פערבליבען נישט מעהר ווי אַ האַלב-איסיישע סעקטע, וואָס שטיצט זיך אויף אַ קליינער גרופּע עמי הארצ׳ישע חסידים און ענטוזיאַסטיש-היסטערישע פרויען. עס זענען אָבער געווען אויך אַנדערע, היסטאָרישע און וועזענטליכע, אומשטענדען, וואָס האָבען אַ סך אויפגעטאָן פאַר דיעם ערפאָלג פון קריסטענטום; דאָ האָט געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָליע פון איין זייט דער אינדיפערענטיזם פון די גריכיש-געבילדעטע יודען בנוגע צו די געבאָטען פון דער יודישער תורה, און פון דער צווייטער זייט, דער עקעל, וואָס די בעסער געשטימטע עלעמענטען פון דער גריכיש-רוימישער וועלט, האָבען אָנגעהויבען פיהלען צו די געצענדיענערישע ווילדקייטען און איינרעדענישען. די ערשטע, ווי

די איבענגדערמאָהנטע יודישע עמי הארצים, האָבען אין פּאַאולוס'עס קריסטענטום געזעהען פאַר זיך אַ אונגעהויערע פערליילטערונג: די דאָזיגע לעהרע האָט זיי איגנאַנצען בּעפרייט פון די שווערע דינים און סיגים און געגעבען די מעגליכקייט, צו לעבען אין אַלע הינזיכטען גלייך מיט די גוים, פערבלייבענדיג דערביי גוטע יודען; די צווייטע ווידער, די גוים גופא, האָבען אָנשטאָט זייערע קערפּערליכע געצען בּעקומען דאָ די בּעגרייפליכע פאָרשטעלונג פון אַ געקרייציגטען משיח, אַ גאָט-מענשען און גאָט'ס זוהן — דאָס האָט פאַר זיי געבּילדעט דעם לייכטסטען איבּערגאַנג פון דער טראַדיציאָנעלער פיעלגעטעריי צו דער גאָטליכער אייגהייט פון יודענטום.

בּעזונדער גינסטיג פאַרן קריסטענטום האָט געווירקט די צושטערונג פון בית המקדש און דער אויסערליכער אונטערגאַנג פון דעם יודישען נאַציאָנאַלען לעבען. די פערצווייפעלטע יודען האָבען זיך איצט געוואָרפען איבּערגעגעבען דעם גלויבען אין די הימעל-חלומות און האָפנונגען פון דעם געקרייציגטען משיח. אין געוויסען הינזיכטען האָט די קריסטליכע לעהרע געבּראַכט אויך ממשות'דיגע, פּאַקטישע נוצען; דאָס איז געוועזען אין יענער צייט, ווען די רוימישע אַדמיניסטראַציע האָט אַרויפגעלעגט אויף אַלע יודען פון דער רוימישער אימפּעריע אַ גרויסען קאָפּשטייער, און אַ סך יודען האָבען געפּרובּט איגנאַנצען פערלייקענען זייער אָנגעהערינקייט צו דער יודישער אומה. אונטער דער הערשאַפט פון די ערשטע צוויי פלאַוויאַנישע מלכים איז אַזאַ מין אויסערליכע אַסימילאַציע פון קיינעם נישט געשטערט געוואָרען; דער דריטער הערשער פון דער דינאַסטיע, דאָמיציאַן, האָט זיך אָבער בּעצויגען צו די דאָזיגע יודען פיעל הארבער: ער האָט בּעפוילען שטרענג צו אונטערזוכען יענע יודען, וואָס האָבען פערלייקענט זייער יודישקייט. דאָס האָט געצוואונגען די לעצטע צו זוכען פערשידענע מיטלען, און אַ סך האָבען אפילו געפּועל'ט בּיי זיך, צו לאָזען אָפּערירען דעם איינציגען יודישען צייכען אויף זייער לייב און איהם אונקענטליג צו מאַכען; געגען דעם איז שוין די רוימישע אַדמיניסטראַציע איגנאַנצען מאַכטלאָז געווען, דער פאַקט איז אָבער שטאַרק פערפאָלגט געוואָרען מצד דער יודישער געזעצגעבונג, וואָס האָט דערפאַר אָבגעזאָגט פון עולם הבא. און דאָ איז געקומען פּאַאולוס מיט זיין לעהרע, וואָס האָט בּעפרייט אי פון מלה, אי פון אַלע אַנדערע מצוות און האָט נאָך צוגעזאָגט אַלע גליקען פון דער קומענדיגער מלכות השמים — דאָס האָט געמוזט מאַכען אַ שטאַר-

קען רוהם אויף די יודען אין רוים און קליין אזיען.

אזוי איז פון פערשידענע זייטען געוואַקסען די קהלה פון די קריסטום-גלויביגע אין די ערשטע צעהנדליגער יאָהרען נאָכ'ן חורבן. דאָס איז שוין נישט געווען קיין גרופּע פון אונוויסענדע פלעבייער, פון מוכס'ניקעס און ווייבער, נאָר אַ בעשטימטע בעוועגונג מיט אַ מאַסע אָנהענגער פון די רייכע און אינטעליגענטע קרייזען, וואָס האָט אָנגעהויבען צו ווירקען, ווי אַ נייער עלעמענט אין דער מענשליכער געשיכטע. אין אלע גרעסערע שטעדט פון דער רוימישער אימפּעריע האָבען זיך געפונען קריסטליכע קהלות, וועלכע זענען שוין פאַקטיש געשטאַנען אויסער די ראַהמען פון דעם יודישען לעבען, כאָטש די רוימער האָבען נאָך אַלץ געקוקט אויף זיי, ווי אויף יודען.

אַנ'אַנדער אויסזעהען, כאָטש דעם זעלבינען תוך, האָבען געהאַט די קריסטליכע קהלות אין יהודה גופא; זיי האָבען געבילדעט אַ בעזונדער סעקטע אין קריסטענטום, אַ יודישע סעקטע מיט די יסודות פון ישו'ס לעהרע. שטעהענדיג נאָך דערווייל אינגאַנצען אויף דעם באָדען פון פּראַקטישען יודענטום האָבען אָט די יודען-קריסטען אָדער „מינים” (אביונים, נזירים) כסדר בעטאָנט ישו'ס ווערטער: גלויבט נישט, אַז איך בין געקומען מבטל זיין די געזעצען (פון דער תורה); ווער עס איז זיי מקיים און גיט זיי איבער אַנדערע ווערט גרויס זיין אין דער מלכות השמים". זייער בעציהונג אפילו צו קריסטוס'ן אַליין האָט זיך אויך שטאַרק אונטערשיידט פון דער בעציהונג צו דעם „בן אלהים", וואָס פּאַולוס האָט געפּרעדיגט. די יהודה'אישע קריסטען, די וועלכע האָבען ווירקליך געלעבט מיט'ן גליל'ער צוזאַמען און איבערגענומען פון איהם דירעקט זיינע אידעען און מיינונגען, — זיי האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַ הייליגען גרויסען מענשען, וואָס איז אויף אַ גאַנץ נאַטירליכען אופן געבוירען געוואָרען פון זיינע עלטערן יוסף און מרים, וועלכע האָבען געשטאַמט פון דוד המלך. אָט דער זוהן פון בית דוד האָט מקרב געווען די מלכות השמים, ווייל ער האָט מענשען געלעהרט, זיך נישט גרויס צו האַלטען, צו פערראַכטען מאַטעריעלע עשירות און זיך צו שטיצען און צו ליעבען איינער דעם אַנדערן, ווי ברידער, ווי קינדער פון איין טאַטען — גאָט. זייער לאָזונג איז געווען ישו'ס אויסרוף: „גליקליך זענען די אָרימע, דען זיי געהערט די מלכות השמים".

כדי צו פערשטאַרקען זייער איינפלוס, האָבען אָט די ערשטע און

אָריגינעלע קריסטליכע קהלות אנגעווענדט די זעלביגע מיטעל, וואָס פּאָולוס האָט אָנגעווענדט, כדי צו פּראָפּאַגאַנדירען זיין קריסטענטום. די מעהר געלעהרנטע צווישען די יהודה׳עאישע קריסטען האָבען צוזאַ- מענגענומען אַלע מסורות און לעגענדעס, וואָס האָבען נאָך פריש גע- לעבט אין זייערע קרייזען, און אויף דעם יסוד פערפאַסט ישו׳ס לעבענס- געשיכטע. אין דער לעבענס-בעשרייבונג, וועלכע זיי האָבען אָנגערו- פען עוואַנגעליום, איז צווישען די פערשידענע מעשׂית וועגען ישו׳ס היילינקייט און זיינע מופתים, בעזונדער בעטאָנט געוואָרען די היילינקייט, וואָס ישו האָט צוגעשריבען די געבאָטען פון דער תורה. געשריבען זענען די דאָזיגע עוואַנגעליען געוואָרען אין דער אומגאַנגס- שפּראַך פון די דעמאָלדיגע יהודה׳ער: האַלב העברעאיש און האַלב אַראַמעאיש, און חאָטש דער טאָן איז דאָ נישט אַזוי לייךענשאַפטליך- שטורמיש, ווי דער טאָן פון די פּאָולי׳נישע בריעף, האָבען זיי דאָך צוגעצויגען אויף זייער זייט אַ בעדייטענדע צאָהל אָנהענגער פון די יודי- שע קרייזען. די לעצטע האָבען גאַנץ וועניג געדאַרפט ענדערן זייערע ביז אַהעריגע לעבענס-מנהגים און אַמשטאַרקסטען האָט זיך זייער אָנגע- הערינגקייט צום קריסטענטום אויסגעדריקט אין דעם, וואָס זיי האָבען אויפגעהערט האָפען אויף אַ ממשות׳דיגער נאַציאָנאַלער גאולה און זענען אינגאַנצען פערזונקען געוואָרען אין די מיסטישע חלומות וועגען דער נאָהנטער „מלכות השמים”. זיי האָבען שטאַרק אָבגעהיט דעם איסיי׳שע- קריסטליכען מנהג פון טבילה און אויך די „היילינגע מאָלצייטען”, וואָס האָבען זיך פּראַקטיצירט ביי די קריסטען פון אָנהויב אָן.

געגען דער פערשפּרייטונג פון די דאָזיגע יודען-קריסטען, וואָס האָבען געשטעלט אין געפאַהר דעם קיום פון דער אומה און אונטער- געגראָבען דעם נאַציאָנאַלען יסוד פון יורענטום, האָט דאָס סנהדרין אין יבנה מתקן געווען פערשידענע תקנות, און דאָ האָט זיך אויך בעזונ- דער אויסגעצייכענט דער פּאַטריאָטישער נשיא, ר׳ גמליאל. ווי מיר האָבען שוין דערמאָנט, האָט דער לעצטער, צווישען די אַלטענליכע תפילות, וואָס ער האָט מתקן געווען, אַריינגענומען אויך עטליכע, וואָס ס׳האָט זיך גערעדט בעזונדער וועגען דער צוריק-אויפבויאונג פון ירושלים און דעם בית המקדש; און אַזוי ווי די „מינים” האָבען נישט געוואָלט אָנערקענען אָט די תפילות, האָט דאָס סנהדרין געפונען פאַר נויטיג אַרויפצולעגען אויף זיי אַ בעזונדער שטעמפּעל פון פערבאַכטונג, און זיי אָבצוזונדערן פון דעם יודישען שוהל- און געמיינדע-לעבען. צו

דעם צוועק האָט ר׳ גמליאל צוגעגעבען צו די אַכצעהן ברכות נאָך אַ נייַנצעהנטע — געגען די מינים, וואָס איז דערגאַנגען צו אונז אין דעם געגענדערטען נוסח פון דער ברכה: ולמלשינים אל תהי תקוה.

אַ צווייטער פאַל פון אַרויסטרעטען שאַרף געגען די „מינים“ איז פאָרגעקומען אין סנהדרין, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דער בעדייַטונג פון די עוואַנגעלישע שריפטען. אויף דער פראַגע, צי האָבען נישט די דאָזיגע שריפטען עפּעס אַ רעליגיעזען ווערט צוליעב די הייַליגע נעמען, וואָס ווערען אין זיי דערמאָנט, — האָט ר׳ טרפון ערקלערט, אַז מ׳מעג זיי פרייַ פערברענען, נישט קוקענדיג אויף דער געטליכקייַט פון די נעמען, מיט וועלכע זיי זענען פול. דערבייַ האָט ער צוגעגעבען די פאָלגענדע שאַרפע כאַראַקטעריסטיק: „ווען אַ רויבער וואָלט זיך נאָכיאָגען נאָך איינעם, וואָלט פאַר איהם גלייַכער זייַן זיך צו ראַטעווען אין דער שטוב פון אַ געצענדינער, איידער אין דער שטוב פון אַ „מין“, ווארום די „מינים“ ווייסען דאָך פון דער תורה און לייקענען זי אָב, און די געצענדינער ווייסען נישט פון איהר“.

די געצענדינער, וועלכע פאַאוּלוס האָט געוואונען פאַר׳ן קריסטענטום האָבען ווידער געהאַט גאָר אַנ׳אַנדער פאָרשטעלונג פון דער נייַער לעהרע. אין די קרייזען איז דער בעגריף פון אַ משיח־אויסלייזער אין דער שפּראַך פון די אַפּאָסטאָלען, אינגאַנצען פרעמד געווען און דער יחוס פון אַ בן דוד האָט דאָ אויך קיין שטאַרקען רייץ נישט געהאַט; דאָ האָט געקענט זייַן די רייד נאָר וועגען אַ קאָנקרעטען געטליכען וועזען, וועגען אַ גאָט׳ס זוהן, און אַזוי האָבען זיך די ערשטע געצענדינער־קריסטען ווירקליך אויסגעטייַטשט די פּראָפּאַגאַנדאַ פון די יודישע אַפּאָסטאָלען; און קוים איז ווידער אָנגענומען געוואָרען דער בעגריף פון אַ גאָט׳ס זוהן, האָבען שוין ממילא געמוזט בעזייַטיגט ווערן די אַלע ערשייַנונגען און געשעהענישען אין ישו׳ס לעבען, וואָס האָבען איהם געשילדערט ווי אַ מענשען. די נאַטירליכע געבורט איז געוואָרען אַ מין פראָפאַנאַציע (חלול הקודש, פערשוועכונג) און פון דאַנען איז שוין נאָר איין טריט געווען צו דער פאָרשטעלונג, אַז גאָט׳ס זוהן איז געבוירען געוואָרען פון אַ הייליגען גייסט.

דאָ האָט בכלל געפעהלט דער יסוד פון דער אָריגינעלער קריסטוס־לעהרע — די גריכיש־רוימישע געצענדינער האָבען נישט געוואוסט נישט פון קיין תורה און נביאים, נישט פון קיין פראַקטישע פערהייליגטע געזבאָטען; דאָ האָט זיך אַפילו נישט געלאָזען רעדען וועגען די וועזענטליכע

געבאָטען פון אָריגינעלען קריסטענטום: דאָס קאָמוניסטישע לעבען און די פעראַכטונג צו מאַטעריעלער עשירות — דאָס לעבען אין די שטעדט פון דער ציוויליזירטער רוימישער אימפעריע האָט זיך נישט געלאָזען איינשליעסען אין די ראַהמען פון אַ אַסקעטישען וואַנדערער־לעבען אין דער מדבר; דערבײַ האָבען די דאָזיגע געצענדיענער נישט געהאַט קײן לעבעדיגע מסורות פון קריסטוס׳עס אייגענעם לעבען און ווירקען, און דער פועל יוצא פון דעם אַלעם איז געווען, אַז יעדער העלעניסטישע קהלה האָט זיך געהאַט איהר קריסטענטום. די קלײנע תלמידים האָבען באַלגעטאָן דעם גרויסען רבי׳ן, פּאַאולוס׳ען, און אויף ער האָט געפונען אין דער קריסטוס־לעגענדע די טיעפקײַט און ברײטקײַט, וואָס ער האָט געוואָלט אין איהר געפינען, האָבען זײ זיך אויך ערלויבט אויסצוטײַטשען די דאָזיגע תורה יעדערער אויף זײַן שטײגער. עס איז געשאַפען געוואָרען אַ גאַנצע רײהע קלענערע און גרעסערע סעקטעס, און יעדע אײנע האָט געהאַט אַנ׳אַנדער אַפּאָסטאָל מיט אַנ׳אַנדער לעהרע. בעזונדער שטאַרק איז געווען די צושפּליטערונג אין קלײן אזיען, אין די „זיעבען שטערן און די זיעבען גאָלדענע לײַכטער״ — די שטעדט: עפעזוס, סמירנאַ, פּערגאַמום, טאַטיראַ, סאַרדעס, פילאַדעלפיאַ און לאַאָדיצעאַ. דער צענטער פון געצענדיענערישען קריסטענטום איז געווען עפעזוס; דאָ האָט פון אײביג אָן געהערשט אַ פײַנדליכע שטימונג געגען יודען, און די דאָזיגע שטימונג האָבען די העלעניסטישע קריסטען איצט איבערגעטראָגען אויף זײערע גלויבענס־ברידער פון יודישער אָבשטאַמונג. דאָס היזט נאָכמעהר פערטיעפט דעם תהום צווישען די יודען־קריסטען און זײערע געצענדיענערישע חברים, און דער קאַמפּף פון די ערשטע געגען פּאַאולוס׳ען מיט זײַנע תלמידים איז וואָס ווײַטער אַלץ העפטיגער און שטורמישער געוואָרען. זײ האָבען נישט אויפגעהערט צו בעשולדיגען פּאַאולוס׳ען, אַפילו שוין נאָך זײַן טויט, אַז ער האָט פערשפּרײַט אַ פאַלשע תורה און האָט אַרײַנגעלעגט אין קריסטענטום אַזעלכע כונות, וואָס קריסטוס אַלײן איז געווען געגען זײ. „ווי אַזוי האָט זיך קריסטוס געקענט בעווײַזען צו דעם אַפּאָסטאָל פון די געצענדיענער, (פּאַאולוס׳ן) — האָבען די יודען־קריסטען געפרעגט — ווען ער לעהרנט פונקט דעם היפך דערפון, וואָס קריסטוס האָט געלעהרנט?״ און נישט קענענדיג שענקען איהם דאָס, וואָס ער האָט געפּרעדיגט פאַלשטענדיגע פרײַהײַט פון דער תורה און מצוות, האָט איהם יעדערער פון זײ גע־קרוינט מיט אַנ׳אַנדער שפּאָט־נאָמען. בלעם, פערפיהרער, פאַלקס־

פֶערדַארבֶּער — דָאס זֶענֶען גֶעוואָרֶען פַּאאוּלוּס׳עֶס גֶעוועֶהנלִיכֶע עֶפִּיטֶעטֶען אוּן זַיינֶע תלמידים הָאבֶּען פוּן דִי יוּדֶען-קרִיסטֶען בֶּעקוּמֶען דעֶם נָאמֶען „שוּל פוּן שטן״.

דִי דָאזִיגֶע שפַּאלטוּנג צווִישֶען יוּדֶען- אוּן הַיידֶען-קרִיסטֶען הָאט אוֹיסֶער דעֶם אָפִּיצִיעֶלֶען רַיין דָאגמַאטִישֶען יסוֹד גֶעהַאט, ווִי ס׳אִיז צוּ גלוֹיבֶּען, אוֹיךְ אַ פָּאלִיטִישֶען הִינטֶערגרוּנד. דִי יוּדֶען-קרִיסטֶען הָאבֶּען גֶעטרָאגֶען אַ טִיעֶפֶע שנאה אִין הַארצֶען צוּ דִי רוֹימֶער, צוּ דִי רוֹימִישֶע מלכים אוּן פּרָאקוּרַאטָארֶען, אוּן גֶעזֶעהֶען אִין זֵיי דִי פֶּערקֶערפֶּערוּנג פוּן אַלדָאס בֵּייז אוּן שלֶעכטס ; אַ גֶעווִיסֶע „נבואה״ פוּן אֵיינֶעם פוּן דִי יוּדֶען-קרִיסטֶען זָאגט פָאר רוֹים דִי שרֶעקלִיכסטֶע פּלָאגֶען אוּן אוּנגלִיקֶען, גָארנִישט אַהנֶענדִיג אַפִילוּ, אַז אָט דִי שטָאדט וועֶט אַמָאל ווערֶן דעֶר ווֶעלט-צֶענטֶר פוּן קרִיסטֶענטוּם ; דַאגֶעגֶען אָבֶּער דִי פַּאאוּל׳יָנִישֶע שלוחים הָאבֶּען כסדר גֶערֶעדט ווֶעגֶען אוּנטֶערוואַרפֶען זִיךְ דעֶר רוֹימִישֶער מַאכט, ווֶעלכֶע אִיז בֶּעשטִימט פוּן גָאט. „יֶעדֶערֶער זָאל זִיךְ אוּנטֶערגֶעבֶּען דעֶר הֶערשֶענדֶער מַאכט, — הָאט אֵיינֶער פוּן דִי שלוחים גֶעלֶערנט — דעֶן עֶס אִיז נִישטָא קֵיין מַאכט נִישט פוּן גָאט״. אַזֶעלכֶע חניפה׳דִיגֶע שמֵייכֶלֶערַייעֶן בנוֹגע צוּ דעֶר זִינדִיגֶער רוֹים הָאבֶּען גֶעמוּזט אוֹיפרֵייצֶען דִי יוּדִישֶע מַאסֶען גֶעגֶען דעֶם גַאנצֶען סִיסטֶעם פוּן דִי נַייֶע קרִיסטֶען.

אַזוֹי זֶענֶען דִי יוּדִישֶע אָנהֶענגֶער פוּן ישו׳ס לֶעהרֶע גֶעווֶען דֶערווַייל אִינגַאנצֶען אַלֵיין : צוּ זַייעֶרֶע חברים גֶעצֶענדִיעֶנֶער הָאבֶּען זֵיי זִיךְ נִישט צוּגֶעקלֶעפּט אוּן זַייעֶרֶע יוּדִישֶע בּרִידֶער הָאבֶּען זִיךְ וואָס ווַייטֶער אַלץ מֶעהר אָבּגֶערוּקט פוּן זֵיי. אִין דִי עֶרשטֶע צַייטֶען הָאט נאָך גֶעהֶערשט אַ גֶעווִיסֶער אוֹיסֶערלִיכֶער פֶערקֶעהר צווִישֶען דִי פרוּשים גֶעזֶעצלֶעהרֶער אוּן גֶעצֵיעֶהלטֶע יוּדִיש-קרִיסטלִיכֶע פָארשטֶעהֶער. דעֶר שטרֶענגֶער ר׳ אליעזר הָאט זִיךְ אָפט אוּנטֶערגֶעהַאלטֶען מִיט דעֶם קרִיסט יַאקָאבּוּס, אוּן ווֶען ר׳ ישמעאל׳ס אַ שוועֶסטֶערזוּהן הָאט זִיךְ גֶעדַארפט אוֹיסהֵיילֶען פוּן אַ גִיפטִיגֶען שלַאנגֶען-בִּיס, הָאט עֶר גֶעקלֶערט, זִיךְ צוּ לָאזֶען „אָבּשפּרֶעכֶען״ דעֶם ווֶעהטָאג פוּן דעֶם זֶעלבִּיגֶען יַאקָאבּוּס׳עֶן מִיט קרִיסטוּס׳עֶס נָאמֶען. עֶס הָאבֶּען זִיךְ נאָך פּרַאקטִיצִירט דַאן אַפִילוּ התונה-פֶערבִּינדוּנגֶען צווִישֶען יוּדֶען אוּן יוּדֶען-קרִיסטֶען, אוּן דעֶר תהום צווִישֶען דִי בֵּיידֶע פָאלקס-טֵיילֶען אִיז נאָך בִּכלל גַאנץ פלַאך גֶעווֶען.

אָט דעֶר צוּשטַאנד הָאט אָבֶּער לַאנג נִישט גֶעדוֹיעֶרט. דעֶר אִידֶעאַלִיזִירטֶער אוּן פֶערעֶהרטֶער גליל׳עֶר הָאט פוּן טָאג צוּ טָאג אַלץ מֶעהר אָנגֶענוּמֶען דִי גֶעשטַאלט פוּן אַ גֶעטלִיכֶען ווֶעזֶען אוּן דִי בֶּעגַיים-

טערונג פאַר איהם איז געוואַקסען צוזאַמען דערמיט, ווי דער פאַקט האָט אָנגעהויבען ווערן אַ לעגענדע. וואָס מעהר די יודישע אָנהענגער האָבען זיך פערטיעפט אינ׳ם לעבען פון זייער משיח, אלץ מעהר האָבען זיי גענומען שטודירען און פאָרשען די נביאים, כדי צו ענטפלעקען אין זיי אַלערליי רמזים אויף אַזאַ און אַזאַ געשעהעניש אין ישו׳ס לעבען, און דערנאָך האָט שוין געמוזט אַלין אַזוי געשעהען — די רמזים פון דער נבואה האָבען דאָך געמוזט מקוים ווערן. די יודענקריסטען זענען דערי־בער אויך נישט געבליבען ביי זייערע איינפאַכע פאָרשטעלונגען פון ישו׳ס משיח׳טום, און אַליין נישט פיהלענדיג דאָס, האָבען זיי זיך אַלע מאָל נעהנטער צוגענויגט צו די הייִדען־קריסטען, אין דער הינזיכט פון צושרייבען ישו׳ן אַלערליי געטליכע איינענשאַפטען און וואונדער־כחות. אַזוי איז געוואַקסען דער תהום צווישען דאָס טראַדיציאָנעלע יודענטום און די יודיש־קריסטליכע סעקטעס; די „אביונים״, וועלכע האָבען אין געמיינזאַמער, קאָלעקטיווער אָרימקייט שטרענג אָבגעהיט אַלע יסודות פון ישו׳ס לעהרע, זענען וואָס וויַיטער אַלץ וועניגער געוואָרען, און דאַגעגען איז געוואַקסען די צאָהל פון די „נזירים״, וועלכע האָבען זיך אָבגעזאָגט אי פון דעם קריסטליכען קאָמוניזם, אי פון דעם גרעסטען טייל געבאָטען פון יודענטום. זיי האָבען אָבגעהיט מלה און שבת, דער־ביי האָבען זיי אָבער אויך געפייערט דעם טאָג פון ישו׳ס לעבעדיג ווערן — זונטאָג. דאָס האָט, נאַטירליך, געמוזט אַרויסרופען געגען זיי פערשיעדענע פערפאָלגונגען מצד דעם יודישען סנהדרין, און דער פרוד איז ממילא נאָך שטאַרקער געוואָרען.

צו די „מינים״ אָדער יודען־קריסטען איז צוגעקומען מיט דער צייט נאָך אַ נייע סעקטע. די נייע לעהרע פון דעם „גאָט־מענשען״, פער־איינינגט מיט די פילאָזאָפישע פשט׳לעך פון די אַלעקסאַנדרינישע אַלע־גאָריסטען, — האָט געשאַפען גאָר אַ נייע צונויפמישונג פון יודישע, קריסטליכע און מיסטישע עלעמענטען. פון דער צונויפמישונג האָט זיך ביי די הייִדען־קריסטען ווידער אויסגעבילדעט אַ נייע לעהרע — די מיסטיק פון דער גנאָזיס. די דאָזיגע לעהרע האָט זיך בעשעפ־טיגט מיט דער אַלטער פראַגע: פון וואַנען שטאַמט דאָס שלעכטס אין דער וועלט, און ווי לאָזט זיך עס דאָס שלעכטס בכלל צוזאַמענפאַסען מיט דעם בעגריף פון אַ גוטער און גערעכטער השגחה? — און האָט זיך געפרובט פערענטפערן די שאלות מיט דער אָנערקענונג פון אַ נייעם געטליכען בעוואוסטזיין. אין דעם קרייז פון אָט די גנאָסטיקער איז

שפּעטער אַריבער דער בערימהמטער תּנא אלישא בן אבויה, וואס האָט בעקומען דערפאַר דעם שימפּ־נאָמען אחר; און ער איז נישט איינער געווען: צווישען די יודישע געזעצלעהרער גופא האָבען זיך אויך געפונען עטליכע, וואס זענען בעאיינפלוסט געוואָרען פון דער גנאָסטישער פילאָסאָפיע. אינ׳ם יסוד פון דער דאָזיגער שטה איז געלעגען דער פּערסישער דואַליזם, וואס בעשטימט אַ בעזונדער געטליכען מקור פאַר גוטס און אַ בעזונדערן פאַר שלעכטס, אַ בעזונדערן פאַר ליכטיגקייט און אַ בעזונדערן פאַר פינסטערניש, און געגען דער מיינונג איז פערפאַסט געוואָרען די ברכה „יוצר אור ובורא חושך״, צו ווייזען, אַז גאָט איז דער בעשעפער אי פון ליכטיגקייט, אי פון פינסטערניש, אי פון גוטס, אי פון שלעכטס. די בעלי התלמוד זענען שאַרף אַרויסגעטרעטען אויך געגען יענע, וואס האָבען בעטאָנט אין זייערע תפילות דעם בעזונדער נוסח: „דיך, גאָט, לויבען די גוטע״ אָדער „דיין נאָמען ווערט דערמאָנט צום גוטען״, ווייל זיי האָבען געזעהען אין דעם אַ רמז אויף דער צוטיילונג פון גאָט׳ם וועזען און אויף דער אָנערקענונג פון צוויי בעזונדערע געטליכע כחות (שתי רשויות): אַ גוטען און אַ שלעכטען. צו דער זעלביגער עפּאָכע געהערט אויך ר׳ אליעזר׳ס אויסרוף: „זאָלען אַלע וויסען און מאַכען וויסען און טיעף איבערצייגט זיין, אַז גאָט איז דער בעשעפער, דער פיהרער א. אַ. וו., דאָס הייסט: גאָט איז דער גאָט פון אַלץ, דער גאָט פון ליכטיגקייט און פינסטערניש, דער גאָט פון קערפּער און פון גייסט — צוזאַמען״.

אָט די אַלע אַקאַדעמישע ערקלערונגען זענען אָבער דאָך צו שוואַך געווען צו בעשיצען דאָס יודענטום פון די אַנטי־יודישע עלעמענטען, וואס האָבען זיך אָנגעהויבען אַלץ בולט׳ער און שאַרפער אַרויס־צוווייזען אין דעם לעבען און אידעען־גאַנג פון די קריסטליכע סעקטעס. צו די אייביגע וכוחים און שאַרפע טעאָרעטישע אַרויסטרעטונגען, זענען מיט דער צייט צוגעקומען אויך ממשות׳דיגע צוזאַמענשטויסען, וואס האָבען געטראָגען אַ פערביטערטען, פיינדליכען כאַראַקטער, און סוף כל סוף האָט זיך דאָס סנהדרין געזעהען געצוואונגען, אַוועקצושטעלען די פראַגע שאַרף און קאַטעגאָריש: וועלכע שטעלונג דאַרף די יודישע קהלה אָננעהמען בנוגע צו די יודען־קריסטען און צי דאַרפען נאָך די לעצטע איבערהויפּט בעטראַכט ווערן פאַר מיטגליעדער פון כלל ישראל?

און די ענטשיידונג איז אויך געווען קלאָר און בעשטימט — עס איז בעשלאָסען געוואָרען אַוועקצושטעלן אַנ׳אייזערנע וואַנט צווישען יודען

און יודען-קריסטען. דאס סנהדרין האט פערבאטען צו קויפען פון די מינים פלייש, ברויט און וויין, כדי אויף אזא אופן איבערצורייסען יעדען פערקעהר צווישען די ביידע פאלקס-שיכטען; איבער די קריסטליכע ווערק איז אויסגערופען געווארען א חרם און מ'האט זיי פערגלייכט מיט כשוף-ספרים. דערביי איז שטרענג פערבאטען געווארען אויך זיך צו היילען מיט די לחשים און אבשפרעכעניזשען פון די קריסטען. די ראזי-גע בעשלוסען זענען דורך בעזונדערע שלוחים צושיקט געווארען אין אלע יודישע קהלות, כדי זיי זאלען וויסען, ווי זיך צו בעגעהן מיט זייערע יודיש-קריסטליכע שכנים; די לעצטע זענען אבער פון די אלע גזירות ווענוג נתפעל געווארען. זיי האבען נישט בלויז נישט פראטעסטירט גע-גען דעם, וואס מ'שליעסט זיי אויס פון דעם יודישען פאלק, נאר האבען נאך אליין אויך זיך אבגעזאגט פון זייערע ביזהעריגע שטאם- און גלויבענס-ברידער. די דאזיגע אבזאגונג איז פערפאסט געווארען אין דער פארם פון א בריעף צו „די העברעער"; אין דעם בריעף בעמיהט זיך דער געשיקטער שרייבער, ארויסצודרינגען אויף א פלפולדיגען אופן פון די פסוקים פון די נביאים, אז ישו הנוצרי איז געווען דער כהן גדול אינ'ם גרויסען משכן פון דער געטליכער נאטור; „ער איז געקומען נאר איינמאל אינ'ם היליגטום נישט מיט קיין בלוט פון שעפסען און קעלבער, נאר מיט זיין אייגען בלוט, און האט אויסגעלייזט די וועלט אויף שטענדיג".

„ישוע דער משיח — שרייט אויס דער שרייבער פון בריעף — איז געווען נעכטין און ער איז דא היינט און וועט זיין אייביג; לאזט זיך נישט פערפיהרען פון פערשידענע פרעמדע תורות, דען בעסער איז פאר'ן הארצען, ווען עס שטיצט זיך אויף גנעדיגקייט און נישט אויף געזעצען וועגען עסען, — געזעצען, וואס טויגען נישט פאר'ן מענשען; מיר האבען א מזבח, וואס די משרתים פון משכן טארען אויך פון איהם נישט עסען, דען די קערפער-טיילען פון די קרבנות, וואס זייער בלוט איז געשפרענגט געווארען אין קדשי קדשים דורכ'ן כהן גדול צו פערגעבען די זינד, — זענען פערברענט געווארען מחוץ למחנה; דעריבער איז ישוע, ווען ער האט געהייליגט דאס פאלק מיט זיין בלוט, אויך געפייי-ניגט געווארען אויסערן טויער (פון שטאדט); לאמיר-זשע דעריבער ארויסגעהן צו איהם מחוץ למחנה און טראגען זיין שאנד; דא האבען מיר נישט קיין אייביגע שטאדט — מיר זוכען די שטאדט פון דער צו-קונפט".

דאָס איז געווען אַ גרויסער מאָמענט נישט בלויז אין דער יודי-שער געשיכטע. דאָס יודענטום און דאָס קריסטענטום זענען זיך פונאַנ-דערגעגאַנגען אין צוויי פיינדליכע, אַנטקעגענגעזעצטע ריכטונגען, דער צווייג האָט זיך אָבגעריסען פון בוים און אַליין אָנגעהויבען וואָרצלען צו לאָזען, — וואָרצלען, וואָס האָבען כסדר געזוכט, צו פערשטעלען און צו דערשטיקען דעם גרויסען אַלטען בוים, פון וועלכען זיי האָבען אַמאָל זייער יניקה געצויגען.

און דער קאַמפּף האָט זיך אַזוי גיך נישט געענדיגט. דער ער-האַלטונגס-אינסטינקט פון יודענטום האָט איצט אָנגעהויבען אַרבייטען מיט זיין גאַנצער קראַפט און די גייסטיגע פיהרער פון דער אומה האָבען זיך גענומען פאַר דעם אַלטען אויסגעפּרובטען מיטעל: אָבצוזומען, אָבזונדערן. אַזוי ווי די ווירקונג פון דער גנאָסטישער לעהרע האָט פערחאַפט גאַנץ ברייטע קרייזען פון פאָלק, האָט ר׳ עקיבא פאָרגעלעגט, מ׳זאָל אינגאַנצען בעהאַלטען פאַר די ברייטערע מאַסען דעם טעקסט פון יענע שטעלן אין דער תּורה און אין די נביאים, וואו עס רעדט זיך וועגען דער יצירה פון דער וועלט און וועגען דעם מהות פון דער העכ-סטער גאָטהייט (מעשי מרכבה), כדי אויף אַזאַ אופן אַוועקצונעהמען דעם באָדען פון די אַלע גנאָסטישע טרוימעריַיען און מעטאַפיזישע גריבלענישען. די עוואַנגעלישע בריעף, שריפטען און ווערק זענען אינ-גאַנצען פערבאָטען געוואָרען אין דער יודישער גאַס און די חכמים האָבען געלעהרנט, אַז לייענען ספרי מינים הייסט ריכטיג, ווי לייקענען אין דעם יודישען גאָט און אין דער יודישער תּורה. די תּנאים פון יענער צייט האָבען געטאָן פאַר׳ן יודענטום דאָס זעלבע, וואָס די נביאים האָבען געטאָן אין די אַלטע דורות: זיי האָבען אָבגעהיט די ריינקייט פון דער יודישער אמונה און דערהאַלטען אין פאָלק די ריינע בעגריפען פון יו-דענטום וועגען גאָט׳ס פערהעלטעניש צו דער וועלט און צו די מענש-ליכע מעשים. און נישט נאָר פאַר דעם גייסט, — זיי האָבען געזאָרגט אויך פאַר די מצוות, פאַר די פּראַקטישע געבאָטען פון דער תּורה. ווייל די גנאָסטיקער האָבען געלעהרנט, אַז די געזעצען שטאַמען נישט פון גאָט אַליין, נאָר פון אַ קלענערן געטליכען כח; ווייל די קריסטען פון אַלערליי סעקטעס האָבען בכלל געזעהען אין די געבאָטען פון דער תּורה, נאָר אַלעגאָרישע רמזים און בילדער, — האָט מען פון דער יודישער זייט בעטאָנט די בולשטעבליכע הייליגקייט פון געזעץ און זיין שטרענגע קראַפט. די מצוות פון דער תּורה זענען נישט געגעבען

געוואָרען פון רחמנות וועגען אָדער צוליעב אַנדערע פערשטענדליכע מענשליכע כונות , נאָר וויל גאָט׳ס אונבעגרייפליכער ווילען איז אַזוי געהען , און „ווער עס זאָגט (צו גאָט) : אויף אַ פויגעל-נעסט גרייכט דיין רחמנות *) , הייסט מען איהם שווייגען" , „וויל ער מאַכט די מדות פון גאָט פאַר רחמנות-געזעצען און אין דער אמת׳ען זענען זיי נאָר גזרות". אַזוי איז ביסליכוויז אינגאַנצען אַוועקגעפאַלען די מאָראַליש-ערציהערישע בעדייטונג פון געזעץ , און אויף דעם אָרט איז אין פאָלק געפלאַנצט געוואָרען דער געדאַנק , אַז די געבאָטען פון דער תורה זענען בעפעהלען פון אַ שטרענגען האַר , פאַר דעם עובר זיין פון וועלכע מ׳ווערט שטרענג בעשטראָפט. דאָס איז געווען אַ ביטערער טעות, וואָס האָט זיך שעדליך אָבגערופען אויף דער גאַנצער שפּעטערדיגער ענטוויקלונג פון יודענטום ; פאַר דעם מאָמענט איז דאָס אָבער דורכאויס נויטיג געווען אַלס געגענזאַץ צו די גריבלענישען און אַלעגאָרישע פּשט׳לעך פון די קריסטליכע גנאָסטיקער .

אין יענער עפּאָכע איז געמאַכט געוואָרען נאָך אַ וויכטיגער שריט, וואָס האָט אויך געהאַט אַ אונגעהויערע בעדייטונג פאַר דעם קיום פון דער אומה : עס זענען אָנגענומען געוואָרען מיטלען אָבצוהיטען די גאַנצקייט פון די אַלט-יודישע הייליגע שריפטען און זיי ריין צו האַלטען פון יעדען פרעמדען עלעמענט. אין דער צייט פון די כנסת הגדולה איז דער ציקל „הייליגע שריפטען" בעשטאַנען פון די דריי אָבטיילונגען : תורה, די אַלטסטע כראָניק (ביז׳ן גלות בבל) און די נביאי׳שע ביכער. פון יענער צייט אָן איז אָבער געשאַפען געוואָרען נאָך אַ גאַנצע ליטעראַטור פון פּסאַלמען , משלים , פילאָזאָפישע און לירישע ווערק , אַפּאָקאַליפּטישע נבואות און נאָך אַזעלכע הייליגע ספרים , און די אַלע טיילען זענען ביסליכוויז איינגעשלאָסען געוואָרען אין דער נייער אָבטיילונג פון די הייליגע שריפטען , אונטערן נאָמען : כתובים . צו די זענען צוגעקומען נאָך אַ בעדייטענדע צאָהל ווערק , וואָס זענען אין דעם נייעם ציקל נישט אריינגעגאַנגען , ווייל מ׳האָט זיי געפונען פאַר צוּוואָכעדיג , און זיי האָבען געטראָגען דעם נאָמען „ספרים חיצונים".

*) ווייל עס שטעהט אין דער תורה : דו זאָלסט נישט אַוועקנעהמען די פויגעל-מוטער מיט איהרע קינדער צוזאַמען ; שיק אַוועק פריהער די מוטער און דערנאָך נעהם דיר די קינדער .

דאָס סנהדרין אין יבנה האָט אָבער דעם צושטאַנד נישט געקענט אי-בערלאָזען אַזוי ווי ער איז געוועזען ; דער גאַנצער ציקל פון דעם גייסטי-גען אוצר , וואָס דאַרף דינען אַלס אַלגעמיינעס הייליגטום פאַר דער גאַנצער אומה, האָט איינמאָל פאַר אַלע מאָל געמוזט אָ ב ג ע ש ל אָ ס ע ן ווערן , כדי עס זאָלען זיך אין איהם נישט אַריינרייסען קיין זייטיגע חערק , און דאָ , ביי דער געלעגענהייט , איז דערוועקט געוואָרען אַ פראַגע וועגען עטליכע פון די ווערק , וואָס זענען שוין אַריין אין די „שריפטען”; בעזונדערע וכוחים האָבען אַרויסגערופען די ספרים : „ש י ר ה ש י ר י ם” , וואָס זעהט אויס , ווי אַ וועלטליך ליעבעס-ליעד אָהן אַ שום רעליגיעזער שאַטירונג , און „ק ה ל ת” , וואָס גראַבט אונטער מיט זיין סקעפּטיציזם די אמונה אין השארת הנפש . ביי די וכוחים האָט מען געפּרובט דערמאָנען אויך דאָס , וואָס וועגען די ספרים איז שוין געווען אַמאָל אַ רייד ביי די חכמים און מ'האָט זיי געוואָלט „ב ע ה אַ ל-ט ע ן” ; דאָס האָט אָבער נישט געווירקט , אין סוף כל סוף איז בע-שלאָסען געוואָרען , איינצושליעסען די ביידע ספרים , וואָס טראָגען אויף זיך שלמה המלך'ס נאָמען , אין דער רייהע פון די הייליגע שריפטען (האַגיאָגראַפען). דער וכוח וועגען די דאָזיגע ספרים האָט זיך געענדיגט אין דעם „בעריהמטען טאָג” פון דער אַקאַדעמישער איבערקעהרעניש אין יבנה , ווען ר' גמליאל איז אָבגעזאָגט געוואָרען פון דער נשיאות , און ר' עקיבא האָט וועגען דעם געזאָגט , אַז ס'קען נאָך זיין אַ שטיקעל קלעהר וועגען „קהלת” , אָבער נישט וועגען „שיר השירים” . „ס'איז נישט געווען — האָט ער אויסגערופען — אין דער וועלט נאָך אַזאַ גרוי-סער טאָג , ווי דער , ווען ס'איז געגעבען געוואָרען שיר השירים . אויב אַלע „שריפטען” זענען קודש (הייליג) איז דער ספר — קודש קדשים (דאָס הייליגסטע הייליגטום)” .

צו די „ספרים חיצונים” (אויסווענדיגסטע ווערק , אַפּאָקריפען) , דאַגעגען , האָבען זיך די מיטגליעדער פון סנהדרין בעצויגען זעהר שטרענג . זיי האָבען אָבגעשלאָסען די כתובים און צוזאַמענגעשטעלט דעם גאַנצען ציקל פון די הייליגע שריפטען אין דער געשטאַלט , אין וועלכער זיי האָבען זיך דערהאַלטען ביי יודען ביז איצט (ת ו ר ה : בראשית , שמות , ויקרא , במדבר , דברים ; נ ב י א י ם : I יהושע , שופטים , שמואל , מלכים ; II ישעיה , ירמיה , יחזקאל , הושע , עמוס , עובדיה , יונה , מיכה , נחום , חבקוק , צפניה , חגי , זכריה , מלאכי ; כ ת ו ב י ם : תהלים , משלי , איוב , שיר השירים , רות , איכה , קהלת ,

אסתּר, דניאל, עזרא, נחמיה, דברי הימים), און אזעלכע ווערק, וויִ דער „ערשטער ספר המכבים״, „בן סירא״ זענען געבליִבען אויס־סער דעם ביִבליִשען קאנאן. צו דיִ ספרים חיצונים זענען צוגערעכענט געווארען אויך דיִ אלע ווערק, וואס זענען געשאפפען געווארען איִן דער עפּאכע פון דיִ חשמונאים און דיִ רוימיִשע פּראקוראטארען, און האבען זיִך פערררופען אויף אלטע אויטאריִטעטען („תּהלות שלמה״, „ספר חנוך״ און נאך אנדערע), אדער האבען מיחס געווען זייערע ערצעהלונגען צו דיִ צייטען פון דיִ אלטע מלכים („יהודית״, „טוביה״). דיִ גריִכיִש־געשריִבענע ווערק פון דער יודיִש־העלעניִשער ליִטעראטור זענען אויך אריין איִן דעם ציִקל (דיִ שפּעטערדיִגע מכבּער־ביִכער, „שושנה״, „חכמת שלמה״), און אזוי וויִ דאס פאלק האט ניִשט שטארק אבגעהיִט דיִ דאזיִגע וואכעדיִגע ספרים, זענען א סך פון זיי פערלוירען געגאנגען און זייער גרעסטער טייל איִז דערגאנגען צו אונז איִן גריִכיִשע איִבערזעצונגען.

דעם זעלביִגען גורל פון דיִ אפּאקריִפען האבען געהאט אויך דיִ אפּאקאליִפּטיִשע ווערק, דיִ אלעגאריִשע זעהונגען און נבואות. צו דיִ ווערק פון דעם טיִפּ, וואס זענען געשאפפען געווארען לויט דעם מוס־טער פון „ספר דניאל״, געהערען דער „פיִערטער ספר עזרא״ און דיִ „זעהונגען פון ברוך (בן נריה)״. „איִן געהיימע אלעגאריִשע ביִלדער ווערט דא (איִן דיִ ווערק) פארגעזאגט דער קומענדיִגער גורל פון דער יודיִשער אומה, וואס האט נאר־וואס איִבערגעלעבט א שרעקליִכע קאַ־טאסטראפע. דיִ מחברים פון „עזרא״ און „ברוך״ טרייסטען דעם פאלק דערמיִט, וואס דיִ אלע צרות האט גאט אויף איהם אנגעשיִקט, כדי איהם ריין צו מאכען פון זיינע זיִנד, און איִן דער צוקונפט וועלן אנקו־מען פאר איהם ליִכטיִגע צייטען. „אט דער יאהרהונדערט וועט זיִך ענ־דיִגען מיִט עשו׳ס ממשלה, און דער קומענדיִגער וועט זיִך אנהויבען מיִט דער ממשלה פון יעקב׳ן״ (עזרא VI, 9); „ציון וועט זיין פערוויִסט, דערנאך אויפגעבויט, דאן וועט זי וויִדער פאלען און בלייבען וויִסט ביִז א געוויִסער צייט, נאר צום סוף וועט זי בעניייט און בעריִהמט ווערן און וועט זיין געקרוינט אויף אייביִג״ (ברוך III, 34 — 31). דיִ דאזיִגע צוויי זעהונגען, וואס שטאמען פון ארץ ישראל, זענען גע־ווען בעקאנט צוויִשען אלע יודיִשע קהלות אויך איִן דער דיאספּארא. עס האט זיִך בעוויִזען א גריִכיִשע איִבערדריִכטונג פון „ברוך״, צו דיִ זעהונגען פון „עזרא״ זענען צוגעגעבען געווארען שטעלן מיִט קריִסטליִכע

טענדענצען , און אַט די אַפּאָקריפען זענען דערנאָך אַריין אין דעם ביבּ־
לישען קאַנאָן פון דער קריסטליכער קירכע צוזאַמען מיט נאָך פיעל
אַנדערע „ספרים חיצונים”, וואָס דער קאַנאָן פון סנהדרין האָט זיי אויס־
געשלאָסען” (דובנאָוו) .

א בעדייטענדער געווינס פאַר דער ליטעראַטור פון יענער עפּאָכע
איז געוועזען די נייע גריכישע איבּערזעצונג פון דער בּיבּעל . די נויטווענ־
דיגקייט פון אַ נייער , עהרליכער בּיבּעל־איבּערזעצונג האָט זיך שטאַרק
געפיהלט אין די נאַציאָנאַלע יודישע קרייזען צוליעב דעם , וואָס די
קריסטען האָבען אויסגענוצט די אַלטע איבּערזעצונג פאַר די צוועקען
פון זייער פראָפּאַגאַנדאַ . זיי פלעגען לייענען בּיי זייער גאָטעסדיענסט
קאַפּיטלען פון די נביאים אין דער אַלעקסאַנדרינישער איבּערזעצונג פון
די אַזוי גערופענע זיבּעציגער (סעפּטואַגינטאַ) , און כדי אַרויסצובּעקו־
מען פון די הייליגע טעקסטען פערשיעדענע רמזים אויף קריסטוס׳עס
לעבּען און ווירקען , האָבּען זיי דאָרט געענדערט און צוגעגעבּען געוויסע
שטעלן—ווי פאַר זיי האָט געפּאַסט . עמפּערט איבּער די דאָזיגע פאַלש־
קייטען , האָבּען די אַלעקסאַנדרינישע יודען , פון זייער זייט , צוריק
איבּערגעמאַכט די צוגעגעבּענע נוסחאות, כדי צו בעזייטיגען פון דאָרטין
די טענדעציעזע רמזים , און אַזוי איז די סעפּטואַגינטאַ געוואָרען אַ מין
קאַמפּפס־פּלאַץ , אויף וועלכען יעדערע פון די בּיידע פּאַרטייען האָט אי־
בערגעלאָזען איהרע שפּורען .

אין די קרייזען פון דעם סנהדרין אין יבנה איז דעריבּער געבּוי־
רען געוואָרען דער געדאַנק , צו שאַפען אַ נייע פאָלשטענדיגע איבּערזע־
צונג פון די הייליגע שריפטען , און גראָד האָט זיך דאָרט געפונען איי־
נער , וואָס איז אַמבּעסטען פּאַסענד געווען פאַר אַזאַ ריזיגער און פער־
אַנטוואָרטליכער אונטערנעהמונג ; דאָס איז געוועזען אַ געווייסער מיטגליעד
פון אַ רייך־אַריסטאָקראַטישער גריכישער פאַמיליע , מיט׳ן נאָמען ע ק י ל ס ,
וואָס איז איבּערגעגאַנגען צום יודענטום און איז געוואָרען אַ איבּערגעגע־
בּענער אָנהענגער און פריינד פון די יודישע געזעצגעבּער , ווי פון דער
יודישער געזעצגעבּונג גופא . עקילס איז לכתחילה גלייך צוגעגאַנגען צו
דער ·אַרבּייט מיט דעם צוועק , צו קעמפּפען מיט די אַלע קנייטשען און
רמזים פון די קריסטליכע דרשנים , און בּעזיצענדיג גרינדליך די בּיידע
שפּראַכען , העבּרעאיש און גריכיש , האָט ער זיך מיט אַ אונגעוועהנלי־
כער פּינקטליכקייט גענומען איבּערזעצען די תורה וואָרט בּיי וואָרט ,
גישט דורכלאָזענדיג קיין וואָרט , קיין אות . איהם איז די הייליגקייט פון

אָריגינאַל טײַערער געװען, װי די שענקײַט פֿון דער איבערזעצונג, און ער האָט זיך אָפֿט ערלויבט, צו פערבויגען אַפילו די נאַטירליכע פּאָר־מען פון דער גריכישער שפּראַך דאָרט, וואו דאָס איז נויטיג געווען, כדי פינקטליכער איבערצוגעבען דעם אינהאַלט פון טעקסט. ווען ער האָט געענדיגט זיין אַרבייט האָט ער זי פאָרגעלייענט פאַר די געזעצ־לעהרער ר' אליעזר און ר' יהושע, און זיי זענען געבליבען שטאַרק צופריעדען; דאָ האָט ער זיך אָבער בעקאַנט מיט ר' עקיבא'ן און מיט זיין מעטאָדע, אויסצוטײַטשען יעדען אות, יעדען תו פון דער תורה און אַרויסצודרינגען פון איהם אַ בעזונדער כונה, — און ער האָט זיך גענוי־מען איבעראַרבײַטען די איבערזעצונג פון דאָס נײַ. אין דער צווייטער איבערזעצונג האָט עקילס נאָך פינקטליכער און בוכשטעבליכער איבער־געגעבען דעם העברעאישען טעקסט, און די אויטאָריטעטען פון קאָלעג־יום האָבען אויסגעדריקט זייער טיפע צופריעדענהייט פון דער אַרבייט אין דעם מאמר: „גאָט האָט בעגאַבט יפת׳ן (דאָס גריכענטום) מיט אַ שענער שפּראַך, איצט וועט זי רוהען אין די געצעלטען פון שם (דאָס יודענטום)". אויף ווי ווייט עקילס'עס ווערטליך־טרײַע איבערזעצונג פון דער תורה האָט אויסגענומען אַפילו בײַ די פרימסטע איז צו זעהען דערפון, וואָס זי האָט בעקומען כמעט די הייליגקייט, ווי דער העברעע־אישער טעקסט, און דאָס סנהדרין האָט זי רעקאָמענדירט אַלע יודישע קהלות צו דעם צוועק פון עפענטליכע פאָרלעזונגען. אויף אַזאַ אופן איז די סעפּטואַגינטאַ אין די ערשטע צײַטען ביסליכווייז אַרויסגעשטופּט גע־וואָרען פון די יודישע קהלות און אַפילו די קריסטליכע „אביונים" האָבען אויך זיך בענוצט בעסער בײַ זייער גאָטעסדיענסט מיט דער נײַער איבערזעצונג, ווי מיט דער אַלטער. די דאָזיגע „אביונים" זענען אויך געווען געגען די קינסטליך־פאַלשע נבואה־רמזים איבער ישו'ס געטליכ־קייט, און צווישען זיי מיט די איבריגע היידען־ און יודען־קריסטען זע־נען אויף דעם באָדען פאָרגעקומען שטאַרקע סכסוכים. (עקילס, למשל, האָט איבערגעזעצט די ווערטער פון ישעיה: „זעה, אַ יונגע פרוי איז מעוברת, וועט אַ זוהן געבוירען און איהם אַ נאָמען געבען עמנואל", און די קריסטען האָבען געלייענט: „זעה, אַ יונג־פרוי וועט מעוברת ווערין" — כדי אַרײַנצולעגען דעם נביא אין מויל אַ רמז אויף ישו'ס גע־בורט פון אַ הייליגער יונגפרוי).

דער ערפאָלג און די פּאָפּולאַריטעט פון עקילס'עס ביבעל־איבער־זעצונג איז פון דעסטוועגען געווען גאַנץ ווייניג דויערהאַפט. אין די

שפּעטערדיגע יאָהרהונדערטער בעגעגענט מען זי שוין זעהר זעלטען, און צו אונז זענען דערגאַנגען פון איהר נאָר די קליינע פראַגמענטען, וואָס האָבען זיך דערהאַלטען אין דער ליטעראַטור פון די ערשטע קריסטלי-כע לעהרער. לויט דעם מוסטער פון עקילס'עס איבערזעצונג איז שפּע-טער געמאַכט געוואָרען דער כאַלדעאיש-אַראַמעאישער תרגום פון דער תורה; דאָס איז דער תרגום אונקלוס (פערגרייזט פון עקילס), וואָס איז גראָד זעהר פּאָפּולער געוואָרען צווישען אַלע יודען פון דער דיאַס-פּאָראַ, און דרוקט זיך נאָך ביז היינטיגען טאָג צוזאַמען מיט'ן העברע-אישען טעקסט.

אַ בעזונדער אָרט אין דער יודישער ליטעראַטור פון יענער עפּאָ-כע פערנעהמען די ווערק פון יוסף בן מתתיהו אָדער, ווי מ'האָט איהם שפּעטער גערופען, יאָזעפוס פלאַוויוס. נאָך דעם טרויעריגען אויסגאַנג פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער מלחמה, אין וועלכער ער, יוסף, האָט געשפּיעלט די ראָליע פון אַ פעררעטער, — איז פאַר איהם צווישען די בעזיעגטע קיין אָרט נישט געבליבען; ער איז דאַן איננגאַנ-צען אַריבער אין לאַגער פון די רוימער און האָט זיך מיט זיי ענג צו-זאַמענגעלעבט. וועספּאַסיאַן האָט איהם געשענקט גרויסע שטרעקעס ערד אין יהודה אָנשטאָט זיין נחלה נעבען ירושלים, וואָס איז פערנומען גע-וואָרען פון דעם רוימישען גאַרניזאָן; יוסף איז אָבער אין יהודה נישט פערבליבען; ער האָט אַוועקגעגעבען זיין ערד אין אַרענדע, און איז אַליין אַוועק, מיט טיטוס'ען צוזאַמען, קיין רוים, וואו ער איז פריינד-ליך אויפגענומען געוואָרען פון זיין קייזערליכען בעשיצער, און האָט ביי-געוואוינט אַלע פייערליכקייטען און טריאומף-צוגען פון די פערשכור'טע בעזיעגער איבער דער דערשלאָגענער יהודה. יוסף'ן איז אפילו געשענקט געוואָרען דאָס רעכט, אַרויסצונעהמען זיינע פריינד און בעקאַנטע פון צווישען די געפאַנגענע און, ווי ס'איז צו גלויבען, האָט ער אָט דעם זכות ברייט אויסגענוצט. פון דאַן אָן האָט ער פערבראַכט אין רוים אַ ערך פון דרייסיג יאָהר, זיך געפינענדיג אין די העכסטע קרייזען פון דער דאָרטיגער געזעלשאַפט. וועספּאַסיאַן האָט איהם געגעבען דעם טי-טול „רוימישער בירגער" און בעשטימט אַ יעהרליכע פּענסיע, און די זעלביגע גענייגטקייט האָבען איהם אַרויסגעוויזען אויך די שפּעטערדי-גע פלאַוויאַנישע מלכים, טיטוס און דאָמיציאַן.

ביי זיין גאַנצער צוגעבונדענקייט צו די רוימישע האַרען און זייער קולטור, האָט אָבער דער דאָזיגער געוועזענער חבר פון די יודישע

„פרושים" דאָך נישט געקענט רוהיג אריבערטראָגען די פעראַכטונג, וואָס זיינע ברידער האָבען איהם אַרויסגעוויזען, און ער האָט כסדר געזוכט, זיך צו רעהאַביליטירען, זיך ריין צו וואַשען פון די אַלע חטאים, וועלכע מ'האָט איהם צוגעשריבען. ער האָט געוואָלט איבערצייגען זיינע צאָרענדיגע ברידער, אַז אין דעם גאַנצען אונגליק פון דער אומה זענען שולדיג געוועזען נאָר די „רוצחים"-זעלאָטען, וואָס האָבען אויפגערייצט געגען יהודה דעם כעס פון די אַלמעכטיגע רוימער, און אַזוי ווי ער האָט בעזעסען אַ שטאַרקען ליטעראַרישען טאַלאַנט, האָט ער זיך גענומען בעשרייבען דעם גאַנצען מהלך פון די לעצטע יודישע מלחמות. געטריבען צו אַזאַ ארבייט האָט איהם אויך זיין פּאַטריאָטישער געפיהל: די רוימישע היסטאָריקער האָבען פאַלש בעשריבען די לעצטע מלחמה, און חוזק געמאַכט פון די יודישע קעמפפער, — און מורא האָבענדיג דערפאַר, טאָמער וועלן די רוימישע האַרען געפינען אין זיין בעשרייבונג עפּעס אַ פּגיעה בכבוד פאַר זיך, האָט ער געגעבען דאָס ווערק צו לייענען וועספּאַסיאַנ'ען, טיטוס'ען, אַגריפּוס'ען און די איבריגע הויכגעשטעלטע אָנטהיילנעהמער פון דער גרויסער מלחמה. די לעצטע האָבען בעשטעטיגט יוסף'ס בעשרייבונגען, און ערשט דאַן האָט ער דאָס ווערק פובליקירט פריהער אין זיין אייגענער שפּראַך, העברעאיש *), און דערנאָך אויך אין גריכיש. דאָס ווערק האָט זיבען טהיילען און נעהמט אַרום די גאַנצע עפּאָכע פון די חשמונאים און אדום'ער, די הערשאַפט פון די רוימישע פּראָקוראַטאָרען ביז דעם העלדישען אויפשטאַנד פון די פּאַטריאָטישע זעלאָטען, אין וועלכע דער אויטאָר זעהט פון דעסטוועגען נישט מעהר, ווי אַ באַנדע פערברעכערישע פּאָלקספערפיהרער, באַנדיטען און „רוצחים".

געענדיגט דאָס ווערק וועגען דער לעצטער עפּאָכע פון דעם יודישען לעבען, האָט זיך יוסף גענומען אַרבייטען איבער אַ ווערק, וואָס האָט אַ אונגעהויערע בעדייטונג פאַר דער יודישער היסטאָריאָגראַפיע—די געשיכטע פון דער יודישער אומה, פון די אוראַלטסטע צייטען ביז צו דעם אונטערגאַנג פון בית שני. די „יהודה'עאישע אַלטערטימער" — אַזוי האָט יוסף אָנגערופען זיין יודישע געשיכטע, וואָס איז לכתחילה

*) דער העברעאישער טעקסט פון דעם ווערק איז מיט דער צייט פערלוירען געוואָרען, און צו אונז איז דערגאַנגען נאָר די גריכישע אויסגאַבע.

גלייך געשריבען געוואָרען אין דער גריכישער שפּראַך — ענטהאַלטען צוואַנציג ביכער, פון וועלכע די ערשטע צעהן גיבען איבער דעם גאַנצען היסטאָרישען מאַטעריאַל פון די ביבעל=ווערק, מיט פערשידענע לעגענדאַרישע הוספות און בעלייכטונגען ; דאַגעגען בעגעגנען זיך אין די אנדערע צעהן ביכער פראַגמענטען פון אַזעלכע יודישע און גריכישע כראָניקעס, וועלכע זענען צו אונז גאָרנישט דערגאַנגען, און בנוגע, למשל, צו דעם לאַנגען פעריאָד פון די ערשטע חשמונאים ביז דעם יודיש=רוימישען קריעג (אַנ׳ערך פון צוויי הונדערט יאָהר) איז יוסף׳ס בעשרייבונג אין זיינע „אַלטערטימער״ כמעט דער איינציגער היסטאָרישער מקור, וואָס איז צוגעקומען צו אונז און האָט אונז געגעבען די מעגליכקייט זיך צו אָריענטירען אין דעם תהום פון די פערנעבעלטע תלמודישע לעגענדעס.

די „יהודה׳עאישע אַלטערטימער״ זענען דורכגעדרונגען מיט אַ ריין נאַציאָנאַלען גייסט. אין די שילדערונגען פון דער אַלטער יודישער פערגאַנגענהייט, האָט טיטוס׳עס פאַוואָריט נישט געהאַט וואָס מורא צו האָבען דערפאַר, טאָמער וועט ער אָנגרייפען די רוימישע איינגעליבע, און ער האָט זיך באמת געגעבען די מיה, אויפצוהויבען דעם יודישען נאַציאָנאַלען כבוד, צו וואַרפען אַ העלע און ליכטיגע שיין אויף דער יודישער תורה, אויף די גרויסע יודישע גייסטער. מיט דעם ווערק האָט יוסף אַלוא געקענט אָבשוואַכען אין אַ געוויסער מאָס די שנאה, וואָס זיינע ברידער האָבען געפיהלט צו איהם פאַר זיינע פעררעטערישע מעשים; ער איז אָבער אַריינגעצויגען געוואָרען באַלד אין אַ שאַרפער פּאָלעמיק מיט אַ פערביטערטען געגנער, וועלכער האָט איהם געצוואונגען צוריק אויפצורודערן די אַלע אַמאָליגע וואונדען און זיי נאָך שטאַרקער פונאַנדערצורייסען.

דער דאָזיגער געגנער איז געוועזען יוסטוס פון טבריה, דער פיהרער פון די דאָרטיגע זעלאָטען, וואָס האָט זיך בעטייליגט אין דעם גליל׳עאישען אויפשטאַנד און אויך פערלאָזען די פאָהן אין רעכטען ברען פון קאַמפּף. יוסטוס איז גלייך נאָך די ערשטע צוזאַמענשטויסען אַריבער אין אַגריפּוס׳עס לאַגער: דער לעצטער האָט איהם מוחל געווען זיינע רעוואָלוציאָנערע מעשים און געמאַכט פאַר זיין סעקרעטאַר, און אָט דער געוועזענער פריוואַטהייטס=קעמפּפער איז איצט אויך אַרויסגעטרעטען מיט אַ ווערק וועגען דער לעצטער מלחמה, אין וועלכען ער האָט אָנגעקלאָגט יוסף׳ן אַלס רוימער=פריינד און אַלס הויפּטשולדיגען און הויפּט=

אָנפיהרער פון דעם גאַנצען גליל׳עאישען אויפשטאַנד . דער צוועק פון דעם ווערק איז געווען , צו קאָמפּראָמיטירען דעם פערהאַסטען יוספ׳ן אין די אויגען פון זיינע אדונים ; די לאַגע אין רוים איז אָבער איצט , אין דאָמיציאַנ׳ס צייטען , געווען אַזעלכע , אַז יוספ׳ן איז פשוט פאָרגעשטאַנען אַ געפאַהר פאַר זיין לעבען , און דאָס האָט איהם געבראַכט דערצו , אַז ביי איהם איז רעכט געוואָרען , אַרויסצוטרעטען מיט אַ אָפענער גיפטיגער בעשולדיגונג געגען זיך אַליין , אַלס זוהן פון יי״ן פאָלק , אַבי נאָר זיך דערמיט ווי ס׳איז ריין צו וואַשען פאַר די רוימער . יוסף האָט אַרויסגעלאָזען זיין „לעבענס־בעשרייבונג״ , וואו ער האָט גערעדט הויפטזעכליך וועגען דער לעצטער מלחמה , און אין דער בעשרייבונג האָט ער זיך בעמיהט צו דערווייזען , אַז ער האָט באַלד פון ערשטען טאָג אָן פערראַטען זיין פאָלק , און נאָך אַלס קאָמענדאַנט פון דער יהודה׳עאישער פעסטונג אין גליל , האָט ער שוין געזוכט מיטלען , ווי אַזוי איבערצוגעהן צו די רוימער .

די ווירקונג פון דעם בוך איז געווען אַנ׳אָבשטויסענדע , אַ עקעלהאַפטע , און יוסף איז ווידער געוואָרען דער סימבאָל פון אַלדאָס בייזעס און פאַלשעס פאַר דער גאַנצער אומה . איהם איז אָבער פאָרט נישט בעשערט געווען , צו שטאַרבען אין פאָלשטענדיגער פעראַכטונג , און גראָד האָט זיך איהם אין יענער צייט געמאַכט באַלד אַ גינסטיגע געלעגענהייט אַרויסצוטרעטען אַלס פערטהיידיגער און בעשיצער פון דעם יודישען כבוד , וואָס האָט געמוהט אַרויסרופען אַ טיעפע דאַנקבאַרקייט צו איהם פון אַלע יודישע קרייזען . יוסף איז אַרויס מיט אַ ניי ווערק „געגען אַפיאָן״ אָדער „וועגען דער אַלטקייט פון דעם יהודה׳עאישען פאָלק״ , — אַ ווערק , וואָס האָט פעראייביגט זיין נאָמען אין דער יודישער געשיכטע אַלס טיעפען דענקער , וועלכער איז ווירקליך דורכגעדרונגען געווען מיט אַ הייסער ליעבע צו זיין פאָלק . „געגען אַפיאָן״ איז אַ פייערדיגע פערטהיידיגונג פון יודענטום געגען די אַלע פאַלשע אָנפאַלען און בלבולים , מיט וועלכע ס׳זענען בסדר אַרויסגעטרעטען אַלערליי יודאָפאָבען אין פערשיעדענע צייטען , אָנהויבענדיג פון דעם עגיפּטישען כהן מאַנעטאָן ביז דעם בעריהמטען הוצפה׳דיגען יודען־פרעסער אַ פּ י אָ ן . דאָ האָט זיך יוסף נישט געשיינט אפילו פאַר זיינע רוימישע בעשיצער , און פערטהיידיגענדיג אין דעם ווערק מיט אַ בעזונדער גלוט די שענקייט און טיעפקייט פון די יודישע עטיש־רעליגיעזע אידעאַלען , ערלויבט ער זיך זאָגאַר צו בעטאָנען זייער י ת ר ו ן אַנטקעגען די וועלבינגע אידעאַלען פון דער גריכיש־

רוימישער קולטור . עס פיהלט זיך דאָ אין יעדער שורה דער טיעפער גייסטיגער פּאַטריאָטיזם פון דעם פּאָליטישען פעררעטער, — דאָס שטאָלצע בעוואוסטזיין פון דער אייגענער קולטורעלער גרויסקייט, די איבערצייגונג פון דער אונגעהויערער בעדייטונג, וואָס די יודישע וועלט- און לעבענס-אַנשויאונג האָט פאַר דער גאַנצער מענשליכער קולטור, און וואָס מ׳פערטיעפט זיך מעהר אין דעם קליינעם ספר קומט מען אלץ מעהר צו דעם אויספיהר, אַז אָט דער אַריסטאָקראַטישער סאַלאָן-פילאָזאָף איז נאָר על פי טעות אַריינגעצויגען געוואָרען אין׳ם שטראָם פון די פּאָליטישע טומלענישען. זיין איינציגעם פערברעכען איז געוועזען דאָס, וואָס ער האָט געפּועלט ביי זיך אמאָל, איבערצונעהמען די קאָמאַנדאָ פון אַ רעוואָלוציאָנערען גאַרניזאָן אין דער צייט, ווען ער האָט, ערשטענס, נישט געגלויבט אינגאַנצען אין דער רעוואָלוציע און איז, צווייטענס, איבערהויפּט נישט געווען קיין מעניש פון קריעג און שווערד. די בלינדע אומשטענדען האָבען דעם פריעדליכען דענקער און היסטאָריקער געמאַכט פאַר אַ פיהרער פון צוהיצטע, צורייצטע ס אָ ל ד אַ ט ען — דערפון האָט ג ע מ וּ ז ט אַרויסקומען נאָר דאָס, וואָס ס׳ א י ז אַרויסגעקומען : שוואַכמוטיגע אַרויסטרעטונגען, געפעהרליכער סקעפּטיציזם און ענדליך אויך — פערראַט .

## רִיטעֶס קאַפּיטעֶל.

## די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון יודענטום און דער נייער אויפשטאַנד געגען רוים.

(93—117.)

דער לייט־טורעם פאַר דער גאַנצער יודישער אומה איז געווען דאָס סנהדרין אין יבנה, און ווייל מען רעדען וועגען די פּערזאָנען, וואָס האָבען געשפּיעלט די הויפּט־ראָליע אין דער אינטענסיווער טעטיגקייט פון דעם דאָזיגען סנהדרין, מוז מען זיך אָבשטעלען אויף די פאָלגענדע פינף: דער נשיא רבן גמליאל, ר' אליעזר בן הורקנוס, ר' יהושע בן חנניה, ר' עקיבא בן יוסף און ר' ישמעאל בן אלישע.

אויב ר' גמליאל האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אין דעם קאָלעגיום די שטרעבונג צו איינהייט און אויטאָריטעט; די שטרעבונג, צו שאַפען אַ פעסטען מיטעלפונקט, וואו עס זאָל בעשטימט און נאָרמירט ווערען דאָס גאַנצע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע לעבען פון דער אומה, — האָט זיין שוואָגער ר' אליעזר דאָ פערטרעטען פונקט דעם היפך דערפון: די שטרעבונג, זיך פעסט צו האַלטען ביי דער אייגענער איבערציינגונג, אפילו אויך אין דעם פאַל, ווען זי געהט געגען דעם בעשלוס פון דער מעהרהייט. אַ אָנהענגער פון די בית שמאי, איז ר' אליעזר געווען געגען די אַלע נייע מעטאָדעס און פאָרמולעס (מדות) אויף צו דרשה'־נען די תורה און אַרויסצודרינגען פון איהר געזעצען און כונות; פאַר איהם האָבען עקזיסטירט נאָר די מונדליכע מסורות, וואָס ער

האָט איבערגענומען בירושה פון די אַלטע אויטאָריטעטען , און זײַן לעע־בענס־אויפגאַבע איז אויך בעשטאַנען נאָר אין דעם , אָבצוהיטען דעם דאָזיגען איבערגענומענעם מאַטעריאַל און איהם איבערצוגעבען גאַנצער־הייד די קומענדיגע דורות . זײַן אונגעוועהנליכער זכרון האָט אײַנגעשלאָ־סען אין זיך אַ גאַנצען אוצר פון איבערגענומענע מסורות , און ר׳ יוחנן בן זכאי האָט געזעהען אין איהם „אַ אויסגעפּלאַסטערטע ציסטערנע, אין וועלכער עס געהט נישט פערלוירען קיין טראָפּען" ; ער האָט אָבער אויסגעמיטען יעדע שאלה, אויף וועלכער ער האָט קיין פאַרטיגע תשובה נישט געהאַט , און אין אַזאַ פאַל פלעגט ער ענטפערן : „דאָס האָב איך פון מײַנע רביים נישט געלערנט" .

ר׳ אליעזר האָט אַלזאָ געבילדעט דעם קאָנסערוואַטיווען עלע־מענט ; ער איז געוועזען דער ז כ ר ו ן , די „אויסגעפּלאַסטערטע ציסטער־נע" , וואָס לאָזט קיין טראָפּען נישט אויסרינען, וועלכע לאָזט אָבער אויך קיין נײַע טראָפּענס נישט אַרײַנדרינגען ; און אַזוי ווי די מעהרהײַט פון קאָלעגיום איז שוין געוועזען דורכגעדרונגען מיט דעם גײַסט פון הלל׳ס „מדות", מיט דעם גײַסט פון אויסטײַטשען די ווערטער פון דער תורה און אַרויסדרינגען פון איהר אַלע געזעצען אויף אַ זעלבסטשטענדיגען , לאָגישען אופן , — זענען די צוזאַמענשטויסען צווישען איהם און דעם סנהדרין געוועזען אונפערמײַדליך ; דערצו איז ר׳ אליעזר געוועזען זעהר אײַנגע׳עקשנ׳ט און לא די, וואָס ער האָט נישט געוואָלט נאָכגעבען קיינ־מאָל פון זײַן פּרינציפּ , האָט ער נאָך געפאָדערט דורכאויס , אַז די צווײַפעלהאַפטע הלכות זאָלען פּ ר אַ ק ט י ש דורכגעפיהרט ווערען לויט ז י י ן איבערצײַגונג געגען דעם בעשלוס פון דער מעהרהײַט . עס איז דערי־בער געקומען ענדליך דערצו , אַז די חברים האָבען זיך פערבײַזערט אויף איהם און אָנגעווענדט געגען איהם דעם שאַרפסטען מיטעל , דעם ח ר ם . די הלכה , איבער וועלכער דער קאָנפליקט איז פאָרגעקומען , איז גראַד געוועזען נישט קיין זעהר וויכטיגע, עס האָט זיך אָבער געהאַנ־דעלט וועגען דעם דעספּאָטישען טאָן , וועגען דעם שטרענגען ענטפער אויף אַלע אַרגומענטען פון די חברים : „א י ך ט ר ע ט נ י ש ט אָ ב פ ו ן מ ײַ נ ע ר ײַ ד" ,—און דער חרם איז אויסגערופען געוואָרען . די שליחות, איבערצוגעבען דעם שטרענגען געזעץ־לעהרער די ידיעה וועגען דער האַרטער שטראָף , האָט ווידער איבערגענומען אויף זיך דער בע־ליעבטער ר׳ עקיבא . אײַנגעהילט אין שוואַרצען , האָט ער זיך אוועק־געשטעלט פאַר ר׳ אליעזר׳ן און געזאָגט מיט אַ ווײַכער שטים : „מיר

דולט, אז די חברים שיידען זיך אב פון דיר". ר' אליעזר'ן זענען ארויס־געריסען טרערען פון די אויגען; ער האט אבער מקבל געווען אויף זיך די גזירה פון סנהדרין: „ער האט צוריסען אויף זיך די קליידער, אויסגע־טאן די שיך און זיך אוועקגעזעצט, אבגערוקט, אויף דר'ערד". די לעגענדע גיט דערביי צו, אז צוליעב ר' אליעזר'ס טרערען, איז א דריטעל פון אלע תבואות און פרוכטען אין דער וועלט צוקלאפט גע־ווארען און דאס טייג ביי די ווייבער אין די הענד איז געווארען פיילט. פון דאן אן האט ר' אליעזר געלעבט ווייט פון זיינע חברים און ווייט פון סנהדרין בכלל; וועהרענד דער צייט האט ער געפרובט פערקערה־דען מיט די יודען־קריסטען, וועלכע זענען נאך דאמאלס נישט אב־געריסען געווען פון דער יודישער קהלה, און ווען דאמיציאנ'ס שלוחים האבען אנגעהויבען צו רודפ'ען די קריסטען, זעהענדיג אין זיי א גע־פאהר פאר א נייעם פאליטישען אויפשטאנד (ווייל לויט דער אמונה פון קריסטענטום האט דער משיח, ישו, געשטאמט פון די מלכי בית דוד),— איז ר' אליעזר אויך ארייגעצויגען געווארען צווישען די בעשולדיגטע. דער טעות האט זיך אבער ארויסגעוויזען, און ווען דער שטאטהאל־טער פון קסריה האט זיך אויסגעדריקט: „ס'איז אונמעגליך, אז א מיטגליעד פון סנהדרין זאל זיך אבגעבען מיט אזעלכע נארישקייטען", האט ר' אליעזר איהם ערקלערט, אז ער האט ווירקליך קיין געמיינזא־מעס נישט מיט די קריסטען.

דער היפך פון ר' אליעזר'ס פערגליווערטקייט און אייזערנער קאנסעקווענץ איז געווען ר' יהושע בן חנניה. ער האט אריינגע־בראכט אין סנהדרין דעם נאכגיעביגען, בייגזאמען, פשרה'דיגען עלע־מענט, און געשיצט אי די לעהרע, אי דעם פאלק פון איבערטריעבע־נער איינזייטיגקייט. אלס לוי האט ר' יהושע יונגערהייד נאך געזעהען דעם גלאנץ פון בית המקדש, וואו ער האט געזונגען מיט'ן לויים־כאר, ער איז אבער נישט אריין אין די רייהען פון די קעמפפער, און ווען ר' יוחנן בן זכאי האט פערלאזען די בעלאגערטע הויפט־שטאדט, איז ר' יהושע מיט איהם מיטגעגאנגען. נאך ר' יוחנן'ס טויט איז ר' יהושע געווארען איינער פון די זיילען פון קאלעגיום; ער האט אבער דערביי זיין בעשעפטיגונג נישט אוועקגעווארפען, און א דאנק דעם טאקי, וואס ער איז אין זיין אלטעגליכען לעבען געשטאנען נאהנט צו די ברייטע שיכטען פון פאלק, האט ער געהאט אויף זיי זעהר א שטארקע ווירקונג.

ר׳ יהושע איז געווען אַ טיפער ידען אין אַסטראָנאָמיע און האָט זיך בכלל בעשעפטיגט מיט פערשידענע פיזישע און מעטאַפיזישע וויסענשאַפטען ; זיין הויפט-טעטיגקייט איז אָבער דאָך געווען די יודישע געזעצלעהרע , און דאָ האָט ער זיך אינגאַנצען געהאַלטען ביי די כללים פון זיין גרויסען רבי׳ן ר׳ יוחנן בן זכאי . אַ מענש פון לעבען מיט אַ אָפענעם , ליכטיגען בליק אויף גאָט׳ס וועלט, איז ר׳ יהושע געווען געגען יעדער פאָרם פון עקסטרעמער פרומקייט , פון אַסקעטיזם , און ווען ער האָט געזעהען , אַז ס׳וועריט נתרבה די צאָהל פון די פרושים-אַסקעטען, וואָס ווילען קיין פלייש ניט עסען און קיין וויין ניט טרינקען , ווייל מ׳פלעגט זיך דערמיט בענוצען אין בית המקדש צו קרבנות און נסכים , — האָט ער זיך געווענדט צו זיי מיט די שאַרפע ווערטער : „אויב אַזוי , דאַרפען מיר קיין ברויט ניט עסען , ווייל ס׳זענען בטל געוואָרען די מנחות *) , און קיין וואַסער ניט טרינקען , ווייל ס׳זענען בטל געוואָרען די וואַסער-גיסונגען ! דער תירוץ איז אָבער , אַז מ׳איז ניט גוזר אויף אַ צבור אַזאַ גזרה , וואָס דער צבור קען געגען איהר ניט בייַשטעהן״ . ר׳ יהושע איז געווען געגען די אַלע חומרות און גזירות , וואָס האָבען ניט געהאַט קיין שום מקור אין געזעץ , און זענען אַרויסגעגעבען געוואָרען נאָר אַלס אָבצוימונגען , כדי צו פערהיטען די געזעצען גופא , און ביי איינעם אַזאַ פאַל האָט ער דאָס פערגלייכט מיט אַ כלי אייל , אין וועלכער מ׳גיסט אַריין וואַסער : „וואָס מעהר וואַסער עס קומט אַריין , אַלץ מעהר אייל רינט אויס״ . דאָס האָט געהייסען , אַז וואָס מעהר בעשרענקונגען און חומרות עס ווערן איינגעפיהרט איבעריגע , אַלץ מעהר געהט פערלוירען פונ׳ם עצם יודענטום , פון דער תורה גופא .

ר׳ יהושע׳ס ווירקונג אויף דער אויסבילדונג פון יודענטום איז געווען אונגעהויער גרויס און פרוכטבאַר ; איהם איז אָבער בעדייטענד איבערגעגאַנגען דער חבר ר׳ עקיבא בן יוסף , וועלכער איז אָהן אַ שום צווייפעל געווען דער בעגאַבטסטער , אָריגינעלסטער און איינפלוס-רייכסטער צווישען דער רייהע גרויסע פערזענליכקייטען פונ׳ם דעמאָלדיגען סנהדרין . דאָס פאָלק האָט שפעטער איינגעהילט די יוגענד-יאָהרען פון זיין געליבטען פיהרער אין אַ נעבעל פון פּאָעטיש-שענע, ראָמאַנטישע

*) אַ מין ברויט-קרבן .

לענענדען; פון דעם נעבעל שײַנט אָבער אַרויס אויך די ווירקליכקײַט פון זײַן אָבשטאַמונג, געבורט און ערציהונג. ר׳ עקיבא בן יוסף האָט געשטאַמט פון אָרימע גרים און אין דער יוגענד האָט ער זיך אויפגע־האַלטען אַלס פּאַסטוך אין די גיטער פון דעם רײַכען כלבא שבוע. דער אָרימער פּאַסטוך האָט אָבער בעזעסען אַ שטאַרקע צוציהונגסקראַפט, און די טאָכטער פון דעם ירושלים׳ער מאַגנאַט, רחל, האָט זיך אין איהם פערליבט. זי איז מרוצה געוואָרען מיט איהם חתונה צו האָבען, אויב ער וועט אוועק אין אַ ישיבה לערנען און ווערן אַ געבילדעטער מענש, און ר׳ עקיבא האָט די בעדינגונג אָנגענומען: ער האָט זיך אַוועקגעלאָ־זען וואַנדערן פון איין ישיבה אין דער אַנדערער, און זײַן נאָמען איז געוואַקסען פון יאָהר צו יאָהר. אונטער דער צײַט האָט זיך דער רײַכער אריסטאָקראַט דערוואוסט פון זײַן טאָכטער׳ס ליעבע צו דעם אָרימען פּאַסטוך און ער האָט זי אַרויסגעטריבען פון זײַן הויז; זי איז אָבער טרײַ געבליבען איהרע געפיהלען, און ניט די שפּאָט פון אַלע, און אויך נישט דער הונגער איז אימשטאַנד געווען אויסצולעשען ביי איהר אין הארצען די גליהענדע ליעבע צו דעם וואַקסענדען געניע *). און זי האָט זיך דערוואַרט: דער פּאַסטוך איז געוואָרען איינער פון די אָנ־געזעהענסטע מיטגליעדער אין דעם סנהדרין פון יבנה, און באַלד אין זײַן אייגענע ישיבה אין דעם שטעדטיל בני ברק (נעבען יבנה) גע־וואָרען אַ נײַער, געוואַלדיגער צענטר, וואָס האָט צוגעצויגען טויזענדער תלמידים פון אַלע עקען פון לאַנד.

פאַר דער וויסענשאַפט פון יודענטום, פאַר דער יודישער געזעצ־לעהרע איז ר׳ עקיבא געווען דער דירעקטער נאָכפאָלגער פון הלל הזקן בנוגע צו דעם גאַנג פון אויסטײַטשען די ווערטער פון דער תורה און נישט פערלאָזען זיך אויף דער מסורה אַליין; ער האָט אָבער אויף דעם יסוד געשאַפען אינגאַנצען אַ נײַעם בנין, „אַ נײַע שול״. זיך שטיצענדיג אויף הלל׳ס יסוד, האָט ר׳ עקיבא געשאַפען אַ אייגענעם סיס־טעם, פון וועלכען די קאָנסעקווענצען ענטוויקלען זיך שוין ממילא, פון זיך אַליין. דער דאָזיגער סיסטעם קוקט אויף דעם פערהאַנענעם מאַטער־יאַל פון איבערגענומענע מסורות נישט, ווי אויף אַ טויטען אוצר, וואָס

*) די לעגענדע דערצעהלט, אַז זי האָט אַמאָל אין אַ שרעקליכער נויט אָבגע־שוירען איהרע שענע צעפּ און זיי פערקויפט פאַר ברויט.

װאַקסט נישט און פערמעהרט זיך נישט און מוז זיך שטיצען נאָר אױף דעם זכרון פון געצעהלטע מענשען ; ר' עקיבא בעטראַכט אָט דעם מאַטעריאַל , װי אַן'אײביגען לעבעדיגען קװאַל , אין װעלכען עס ענט־פלעקען זיך אַלץ נײַע אוצרות . אַלס דעם העכסטען גרונדזאַץ פון זײַן סיסטעם האָט ר' עקיבא אַװעקגעשטעלט דעם כלל , אַז דער הלכי'שער (געזעצען־) טײל פון דער תורה איז אינגאַנצען נישט גלײַך צו די זעלביגע טײלען אין אַנדערע געזעץ־ביכער . די מענשליכע אױסשפּראַך בענוצט זיך מיט געװיסע װאָרט־קלאַנגען , װענדונגען , װאָרט־בילדער , װידערהאָלונגען , פערשענערונגען , — קורץ : מיט אַ געװיסער פאָרם , װאָס האָט גאָרנישט צום עצם אינהאַלט און איז אױסגערעכענט נאָר פאַר דעם שענערן קלאַנג , פאַר'ן געשמאַק ; אַנדערש איז עס אָבער מיט דער אױסשפּראַך פון דער געטליכער תורה : דאָ איז קײן פאָרם אַבסאָלוט נישטאָ , דאָ איז אַלץ אינ־האַלט . דאָ איז נישטאָ איבעריג קײן װאָרט , קײן בוכשטאַב , קײן נקודה — יעדע נקודה , יעדער אױסדריק , יעדעס בײַ־ , נעבען־ און פערבינדונגס־װאָרט האָט אַ אײגענע , בעזונדערע , געטליכע כונה . צו הלל'ס זיבען מדות , האָט ר' עקיבא דערינבער צוגעגעבען אַ גאַנצע רײהע נײַע כללים און פאָרמולען , װאָס האָבען געגעבען די מעגליכקײט אָנצוטשעפּען גאַנצע בערגער מיט הלכות אױף אײן װאָרט פון דער תורה . לױט דעם סיס־טעם איז יעדע געװעהנליכע אױסטײַטשונג פון דער תורה שױן אַלײן געװאָרען אַ מקור פאַר נײַע שלום־פאָלגערונגען , און אַזױ האָט זיך עס געקענט ציהען ביז דאָס אונענדליכע . „איך װעל מאַכען אַזױ , — האָט ר' עקיבא זיך אַרױסגערופען — אַז די װערטער פון די חכמים זאָלען בלײַבען אױף אײביג" , און ער האָט דורכגעפיהרט זײַן סיסטעם מיט אַ אונגעװעהנליכער פעסטקײַט , זיך נישט אָבשטעלנדיג אפילו פאַר די שאַרפסטע קאָנסעקװענצען . עס איז פאָרגעקומען אַ פאַל , אַז ר' עקיבא'ס אַ תלמיד , נחמיה פון עמאַוס (העמסוני) , װעלכער האָט זיך געהאַלטען בײַ זײַן רבי'ס סיסטעם און האָט אױך געדרשה'נט אַלע את'ען פון דער תורה *) , — האָט זיך אָבגעהאַלטען צו דרשה'נען דעם „את" פו

*) את — דיענט אין העבראַיש אױף צו בעצײכענען די געגענזײַטיגע פער־העלטעניש און די בעציהונג פון די װערטער (פּאַרטיקעל) .

פסוק: את ד׳ אלהיך תירא (פאר גאט, דיין גאט זאלסטו מורא האבען), ווייל ער האט נישט געפועל׳ט ביי זיך, צוצוגעבען נאך איין זאך אין דער וועלט, וואס דער מענש זאל זיין פערפליכטעט, מורא צו האבען דערפאר אזוי ווי פאר גאט; דאן איז ר׳ עקיבא געקומען און האט געדרשה׳נט: „את ד׳״ — דאס מיינט מען: איהם און זיין תורה, דאס הייסט, אז אויסער גאט איז יעדער יוד מחויב זיך צו פארכטען אויך פאר דער תורה און אבצוהיטען אלע איהרע געבאטען.

מיט זיין סיסטעם האט ר׳ עקיבא אויסגעבראכען א נייעם וועג און געעפענט נייע האריזאנטען אויף דעם געביעט פון דער יודישער געזעצפארשונג. די תורה שבעל פה, יעדע איינציגע פון די אלע מונד־ליכע דינים און גזירות, אויף וועלכע א סך האבען געקוקט, ווי אויף אייגענע, ווילקירליכע אויפטועכצען, וועלכע האבען מיט דעם געטליכען ווילען גארנישט צו טאן, — האט איצט בעקומען א אנשפארונג אין וועלכען ס׳איז ווארט פון דער תורה, און א סך הלכי׳שע שטרייטיגקיי־טען זענען איצט ממילא איבערגעריסען געווארען. אויף די חברים פון קאלעגיום האט ר׳ עקיבא׳ס נייער סיסטעם געמאכט א אונגעוועהנליכען איינדריק, און אלע האבען מודה געווען, אז אהן דעם געניאלען אויפטו פון די נייע כללים, וואלטען די געזעצען פערגעסען אדער פערנאכלעס־סיגט געווארען. ר׳ עקיבא׳ס שארפזיניגע איינפאלען אין דער הינזיכט פון געפינען אין דער תורה א רמז אדער א אסמכתא (אנשפארונג) אויף וועלכער ס׳איז מסורה, האבען ארויסגערופען בעגייסטערונג און ערשטוי־נונג צוזאמען, און אזא גייסטיגער ריעז, ווי ר׳ יהושע בן חנניה, האט איינמאל אויסגעשריען: „א, ווען איינער וואלט אראבנעהמען די ערד פון דיינע אויגען, אונזער רבי, יוחנן בן זכאי! דו האסט אמאל געצווייפעלט ביי דער בעשטימונג פון איין הלכה, ווייל דו האסט נישט געקענט געפינען פאר איהר קיין מקור אין דער תורה, און אט איז געקומען ר׳ עקיבא און האט אזא מקור גלייך געפונען!״ מיט א עהנליכער בעגייסטע־רונג איז דורכגעדרונגען אויך דער אויסרוף פון דעם בעריהמטען ר׳ טרפון: „עקיבא! שיידען זיך פון דיר, הייסט ריכטיג, ווי שיידען זיך פון לעבען! מיט דיינע כללים מאכסטו צוריק לעבעדיג דאס, וואס די מסורה אליין האט פערגעסען״.

ר׳ עקיבא האט אונטערגענומען נאך א ווילכטיגען שריט, וואס האט אויך געמאכט א גרויסען רושם אין דער אקאדעמישער וועלט. ביז איהם זענען די הלכות געלערנט געווארען אהן א צוזאמענהאנג און

נישט גרופירטערהייד, אזוי אז עס האט זיך געפאדערט א אונגעוועהנ־ליכער זכרון און אַ אונערמידליכע התמדה, כדי צו געדענקען זיי אין דעם משך פון יאהרען; דאס האט ר׳ עקיבא געוואלט בעזייטיגען, און ער איז געקומען דעם זכרון צו הילף. ער האט גענומען סיסטעמאטיזי־רען די הלכות און זיי צוזאמענשטעלען גרופעס־ווייז לויט׳ן אינהאלט (וועגען שבת, וועגען עריות, וועגען געלד־ און קרימינאל־ענינים א. א. וו.). אזוי זענען ענטשטאנען בעזונדערע, אבגעטיילטע טעקסטען (מסכתות), און אין יעדער מסכתא האט ער איינגעטיילט די געזעצען לויט דער צאהל (צום בײַשפיעל: „גײַן און דרייסיג אבות מלאכות (גרונד־ארבייטען) זענען פערבאטען אום שבת״, „אין פופצעהן פעלען זע־נען די פרויען פרײַ פון יבום״ א. ג. אַ.). די דאזיגע „משניות דרבי עקיבא״ האבען געדינט אלס יסוד פאר דער שפעטערדיגער פאלשטענ־דיגער סיסטעמאטיזירונג פון דער משנה.

רײַכע פערלען זענען דערגאנגען צו אונז פון ר׳ עקיבא׳ן אויך אין דעם מאראל־ און רעליגיעז־פילאזאפישען טייל פון תלמוד, אין דער אזוי גערופענער אגדה. ער האט געזאגט: „אלץ (וואס דער מענש טוט) ווערט (פון גאט) געזעהען, נאר דער פרייער ווילען איז געגעבען, און די וועלט ווערט געמשפט מיט גוטס, און אלץ איז אבהענגיג פון דער צאהל מעשים, וואס דער מענש איבט אויס״ — דאס קען גערע־כענט ווערן פאר א קורצער לעזונג פון דער אייביגער פראגע וועגען דעם געגענזאץ צווישען דער געטליכער השגחה און דעם מענשענס פרייען ווילען. זיין מיינונג וועגען גאט׳ס בעציהונג צו דער יודישער אומה, האט ער אויסגעדריקט אין דעם פאלגענדען מאמר: טייער איז דער מענש, דען ער איז בעשאפען אין גאט׳ס געשטאלט, נאכמעהר טייער זענען די יודען, וואס גאט רופט זיי אן: קינדער, און האט זיי געגעבען אַ טייערע כלי — די תורה.

ר׳ עקיבא׳ס אפטימיזם האט זיך נישט אבגעשטעלט אפילו פאר דעם גרויסען אונגליק פון דער אומה. די לעגענדע דערצעהלט: איינמאל האט ר׳ עקיבא געוואנדערט אין דער געגענד פון דער פער־וויסטער ירושלים צוזאמען מיט ר׳ גמליאל הנשיא, ר׳ יהושע בן חנניה און ר׳ אליעזר בן עזריה. צוקומענדיג נעהנטער צום שטאדט האבען זיי געריסען קריעה, צום צייכען פון טרויער, און אזוי זענען זיי צוגעגאנגען צום בית המקדש־בארג; דא האבען זיי געזעהען, ווי א שאקאל איז ארויסגעלאפען פון צווישען די חורבות פון בית המקדש, און זיי האבען

זיך פונאנדערגעוויינט, נאר איין ר' עקיבא האט זיך געפרעהט. דאן האבען די חברים געפרעגט: „פארוואס פרעהסטו דיך?" — „פארוואס וויינט איהר?" האט ער זיי געענטפערט מיט א פראגע. — ציי קען מען דען נישט וויינען, צוזעהענדיג, ווי דער קדשי-קדשים, וואו קיינער אויסערן כהן-גדול האט נישט געטארט אריינקומען, איז געווארען א ארט פאר ווילדע חיות?" — אט דעריבער טאקי פרעה איך מיך — האט ר' עקיבא געענטפערט; — אויב ס'איז מקוים געווארען די נבואה, אז ירושלים וועט ווערן א הויפען חורבות, מוז דאך מקוים ווערן אויך די צווייטע פארזאגונג פון אונזערע נביאים, — אז ירושלים וועט צוריק אויפגעבויט ווערן.

א בעזונדער פלאץ אין דעם „כרם שביבנה" (דעם ווייננארטען אין יבנה: דאס סנהדרין) האט פערנומען ר' ישמעאל בן אלישע. אין דער אויסטייטשונג פון געזעץ האט ער פערטרעטען דעם נאטירליכען זין און, אזוי צו זאגען, דעם געזונטען מענשען-פערשטאנד, און דאס האט איהם אוועקגעשטעלט אין א שארפער אפאזיציע בנוגע צו דעם פלפול'דיגען לעהר-סיסטעם פון דעם געניאלען ר' עקיבא. —

א זוהן פון דעם לעצטען כהן גדול אין ירושלים, איז ר' ישמעאל, אלס קינד נאך, אוועקגעפיהרט געווארען נאכ'ן חורבן קיין רוים צוזאמען מיט אלע געפאנגענע; דא האט ער דורך א צופאל צוגעצויגען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון דעם בעריהמטען ר' יהושע בן חנניה (וועמען יענער איז געווען אין רוים) און דער לעצטער האט איהם אויסגעקויפט און אוועקגעפיהרט קיין יהודה, וואו ער איז אין גיכען געווארען א אנגעזעהענער מיטגליעד פונ'ם סנהדרין אין יבנה. פון איהם ווערט אויך דערצעהלט, אז ער האט פערוועגדעט זיין גאנץ פערמעגען, אויסצוהאלטען און צו שטיצען די ארימע מיידלעך, וועלכע זענען פערארימט און פעריתומ'ט געווארען אין דער צייט פון אויפשטאנד.

אי'ם געגענזאץ צו ר' עקיבא'ס כלל, אז די געטליכע תורה איז פול מיט רמזים און כונות, ווייל זי איז אינגאנצען אינהאלט און האט קיין פארם נישט, — האט ר' ישמאעל כסדר בעטאנט, אז „די תורה בענוצט זיך מיט א מענשליכער אויסשפראך" (דברה תורה בלשון בני אדם) און האט אויך וויעדערהאלונגען, ווענדונגען, ווארט-בילדער און רעדנערישע אויסמאלונגען—צו דעם צוועק פון פערשענערן די פארם. דרשה'נען די אותיות אדער די ביי- און נעבען-ווערטער פון דער תורה, הייסט אלזא פשוט אריינלעגען אין די דאזיגע ווערטער אייגענע, פאלשע

כונות—אַזעלכע, וואָס זענען גאָרנישט געווען במציאות אין דעם געטלי־כען געדאַנק. ווי־זשע דען, אַלזאָ, זאָלען די מונדליכע מסורות צוזאַ־מענגעבונדען ווערן מיט דער תורה? אויף דעם זענען פערהאַן הלל׳ס זיבען מדות. אָט די מדות דרשה׳נען נישט די אותיות און נקודות פון דער תורה, נאָר דעם זין, די לאָגישע כונה פון דעם געזעץ אין אלגעמײַן, אַזוי ווי ער איז אויסגעדריקט אין דער שפּראַך פון געזעצגע־בער, און זײַ, די מדות גופא, לאָזען זיך אויך אַרויסדרינגען פון דעם זין פון דער תורה. ר׳ ישמעאל האָט צו די ראָזיגע זיבען מדות צו־געגעבען נאָך זעקס, און די אַלע דרײַצעהן כללים זענען אָנגענומען גע־וואָרען אַלס יסוד פאַר דער יודישער געזעץ־אויסטײַטשונג צוזאַמען מיט ר׳ עקיבא׳ס סיסטעם: בײדע זענען געבליבען גלײַכבערעכטיגט און די חכמים פון די שפּעטערדיגע דורות האָבען זיך מיט בײדען גלײַך בע־נוצט אין זײַער אַקאַדעמישער טעטיגקײַט. ווי דער גרעסטער טײל פון די מעהר־בערײַטענדע קאָלעגיום־מיטגליעדער, האָט אויך ר׳ ישמעאל געהאַט אַ אײגענע ישיבה מיט אַ סך תלמידים, און די הלכות פון דער ישיבה זענען דערגאַנגען צו אונז אין תלמוד אונטער דעם בעזונדערן נאָמען „תנא דבי ר׳ ישמעאל” (אין ר׳ ישמעאל׳ס ישיבה איז גע־לעהרנט געוואָרען).

די דאָזיגע פינף זײַלען פון סנהדרין — ר׳ גמליאל, דער פערט־רעטער פון קאָנצענטרירטער אײנהײַט, ר׳ אליעזר בן הורקנוס, דער דערהאַלטער פון די מסורות, ר׳ יהושע, דער קלוגער פערמיטלער און אויסגלײַכער פון שאַרפע סתירות, ר׳ עקיבא, דער שאַרפזיניגער געזעץ־ערקלערער און סיסטעמאַטיקער, און ר׳ ישמעאל, דער פערטרעטער פון דעם פשוט׳ען פערשטאַנד — האָבען צוגעבראַכט ביז אַ בעשטימטען פעסטען פונקט דעם אויסבילדונגס־פּראָצעס פון יודענטום. זײ האָבען אַרויפגעלעגט אַ אײַנענאַרטיגען שטעמפּעל אויף דעם גאַנצען בנין פון דער יודישער געזעצלעהרע, און אַ דאַנק זײ איז די לעצטע אַזוי גע־קרעפטיגט געוואָרען, אַז זי האָט בעקומען די מעגליכקײַט נישט בלויז בײַצושטעהן געגען יעדען אײַנפלוס, נאָר אויך אויסצואיבען אַ גאַנץ בע־דײַטענדען אײַנפלוס אויף אַנדערע. עס איז כסדר געוואַקסען די צאָהל פון די אינטעליגענטע געצענדיענער, וואָס זענען איבערגעגאַנגען צום יודענטום, און ווען מ׳נעהמט אין בעטראַכט די שווערע קרבנות, וועל־כע אַזאַ מין געצענדיענער האָט געמוזט נעהמען אויף זיך, צושליסענדיג זיך צו דער יודישער אומה, מוז מען אָנערקענען, אַז דאָס יודענטום אין

זיין טראדיציאָנעלער, אָרטאָדאָקסישער געשטאַלט, האָט בעזעסען נישט קיין קלענערע צוציהונגס־קראַפט, ווי דאָס בעניימטע, אבסטראקטע יו־דענטום — דאָס יודענטום פון די קריסטליכע שלוחים. די לעצ־טע האָבען געוואנדערט פון שטאָדט צו שטאָדט אַלס מיסיאָנערען־פּראָ־פּאַגאנדיסטען, און געפּרעדיגט און איבערצייגט און אַלערליי מופתים גע־וויזען און אַלץ נאָכגעגעבען, אַבי צו געווינען נייע נפשות פאַר זייער לעהרע; דער ניי־בעקעהרטער קריסט האָט קיינע פליכטען אויף זיך נישט גענומען, ער האָט זאָגאַר זיינע אַלטע לעבענס־מנהגים נישט געדאַרפט ענדערן און געקאָנט בלייבען וויַיטער אין דעם קרייז פון זיין פאַמיליע, דען עס האָט געהייסען ביי די שלוחים: „ווען אַ ברודער (קריסט) האָט אַ אונגלויביגע (געצענדינערין) ווייב, און זי לאָזט עס זיך געפעלן, צו בלייבען וואוינען ביי איהם, זאָל ער זיך פון איהר נישט שיידען. און ווען אַ (גלויביגע) ווייב האָט אַ אונגלויביגען מאַן, און ער איז מרוצה צו וואוינען ביי איהר, זאָל זי זיך פון איהם נישט שיידען".

בנוגע צום יודענטום איז אָבער די זאך גאַנץ אַנדערש צוגעגאַנ־גען. יודען האָבען אין דער צייט קיין מיסיאָנערען נישט געשיקט, און לא די, וואָס זיי האָבען זיך נישט געיאָגט נאָך קיין גרים, האָבען זיי נאָך געמאַכט די לעצטע פיעל שווערינקייטען, ווען יענע האָבען זיך שוין געהאַט ענטשלאָסען דעם שריט צו מאַכען. זיי האָבען זיך געמוזט אינגאַנצען אָבשיידען פון זייערע פאַמיליעס און אָבזונדערן פון זיי אין עסען, אין טרינקען און אין דעם גאַנצען אַלטעגליכען לעבענס־פער־קעהר, און נישט קוקענדיג אויף דעם אַלעמען, זענען דאָך פאָרגעקו־מען אָפטע פאַקטען פון איבערגעהן צום יודענטום אין די מזרח־לענדער, אין קליין אַזיען און בעזונדער אין רוים, — אין דער הויפט־שטאָדט פון דעם לאַנד, וואו די יודען זענען שוין דאַן אויך אַכזריות'דיג פערפאָלגט און גערודפ'ט געוואָרען.

צופרידענהייט און אַ געוויסען שטאָלץ האָט אַרויסגערופען אין די יודישע קרייזען דאָס איבערגעהן צום יודענטום פון דעם גריכישען אַריסטאָקראַט עקילס. ער האָט געשטאַמט פון דער געגענד פאָנטוס, וואו ער האָט געהאַט גרויסע נחלאות און אַ מאַסע שקלאַפען, און זע־נענדיג אַ מענש מיט טיעפע עטישע נייגונגען און אַ גרינדליכער פילאָ־זאָפישער בילדונג, האָט ער פערלאָזען דאָס היידענטום און זיך צוגע־שלאָסען צו די רייהען פון די היידען־קריסטען; באַלד האָט ער אָבער זיך אָבגעזאָגט פון קריסטענטום און איהם אויסגעביטען אויף דער

לעהרע פון די יודישע חכמים . דעם יודענטום איז עקילם טריי געבליבע-בען זיין גאנצען לעבען , און ער האט אבגעהיט די שווערסטע פליכטען—ווי איינער פון די פרימסטע צווישען די יודען פון יענער צייט . ווען זיין פאטער איז געשטארבען , און די ברידער האבען איהם ארויסגעצאהלט זיין חלק ירושה פאר די געצענבילדער , וואס זיי האבען געירשה'נט , האט ער פון דעם געלד קיין הנאה נישט געוואלט האבען און האט עס אריינגעווארפען אין ים .

בעזונדער בעריהמט האט זיך עקילם געמאכט אין דער יודישער וועלט מיט זיין איבערזעצונג פון דער ביבעל , וועלכע ווערט מיר האבען געערדט אין דעם פריהערדיגען קאפיטעל . אט די ארבייט האט איהם אריינגעבראכט אין דעם ענגען קרייז פון די גרויסע תנאים , און זיין ליבע צו ר' גמליאל'ן איז געווען אזוי שטארק , אז ווען דער לעצ-טער איז געשטארבען , האט ער , צום צייכען פון טרויער , געלאזען פערברענען א מאסע טייערע כלים און קליידער .

אין דער וועלט-שטאדט רוים האט די ערשיינונג פון איבערגעהן צום יודענטום אנגענומען כמעט א מאסען-האפטען כאראקטער . רוימער פון די העכסטע געזעלשאפטליכע קרייזען , זענענדיג דורכגעדרונגען מיט דער ערהויבענקייט פון'ם גאט פון ישראל , מיט דעם גייסט פון זיין מערקווירדיגער געשיכטע און מיט די עטיש-רעליגיעזע יסודות פון זיין לעהרע , — זענען געווארען אדער האלבע גרים און האבען אבגעהיט געצעהלטע יודישע מצוות , אדער זיי זענען אינגאנצען אריבער אין דער יודישער קהלה . דער שארפזיכטיגער רוימישער היסטאריקער טאציטוס קען זיך די ערשיינונג נישט ערקלערן , וואס די רוימער אין זיין צייט פערלאזען זייערע געטער , זאגען זיך אב פון זייער פאטערלאנד , פון זייערע עלטערן , קינדער און שוועסטער , נאר אום זיך צוצושליסען צו די יודען ; א עהנליכע פערוואונדערונג האבען מיר שוין , אין א פריהער דיגען קאפיטעל , ציטירט פון דעם בעריהמטען סאטיריקער יובענאל , און ווי ס'איז אנצונעהמען האט עקסיסטירט אין רוים א גאנצער בעזונ-דער קרייז פון איבערצייגטע אנהענגער פון יודענטום , קאנצענטרירט ארום דעם בעריהמטען עפאפראדיטאס , דעם איבערגעגעבענעם פריינד פון יוסף בן מתתיהו אדער יאזעפוס פלאוויוס . פון די אלע פאקטען האט אבער קיין איינער נישט געמאכט אזא רושם אין רוים , ווי דער פאקט מיט דעם אלטען פעטער פון קייזער און געוועזענעם צווייטען קאנסול פלאוויוס קלעמענס , וועלכער האט ארויסגעוויז-

זען א בעזונדער הייסע ליבע צום יודענטום.

די ידיעה, אז א פערוואנדטער פון קייזער, א פעטער פון דעם רשע, וואס האט חרוב געמאכט דעם בית המקדש, איז געווארען א הייסער אנהענגער פון יודענטום, האט זיך דערטראגען ביז צו דעם קרייז פון די געזעץ-לעהרער אין פאלעסטינא און ארויסגערופען דארטין פאנטאסטישע האפנונגען. דאס איז געווען גראד אין דער צייט, ווען דאמיציאן האט דערהויבען צוויי זיהן פון דעם זעלביגען קלעמענס און זיי געמאכט פאר צעזארען, וואס עס האט געהייסען, אז דער פאטער פון דעם קומענדיגען קייזער זאל זיין א הייסער אנהענגער פון יודען און יודענטום!

אונטער דער צייט האט זיך דער בלוטדורשטיגער דאמיציאן דערוואוסט פון דער עפידעמישער נייגונג צום יודענטום, וואס האט ארומגעחאפט די אריסטאקראטישע שיכטען פון דער רוימישער געזעל-שאפט, און ער איז געווארען שרעקליך אויפגעקאכט אי געגען די דא-זיגע פערדרעטערישע רוימער, אי געגען דער „אפיקורסישער“ אומה בכלל. עס זענען נישט דערגאנגען צו אונז קיין גענויע קוועלן וועגען דאמיציאנ׳ס טעטיגקייט אין זיינע לעצטע יאהרען; עס איז אבער בע-קאנט, אז ער האט געלאזען אויספיהרען א מאסע טויט-שטראפען איבער הויכגעשטעלטע רוימער פאר זייערע נייגונגען צום יודענטום, און לויט איין נוסח האט זיך דער זעלביגער קלעמענס אויך געפונען צווישען די דאזיגע קרבנות *).

צו יענער צייט געהערט, ווי ס׳איז צו גלויבען, אויך דער שרעק-ליכער בעפעהל, אויסצוטויטען פאר איין מאל אלע יודען פון דער רוי-מישער אימפעריע, — דער בעפעהל, וואס צוליעב איהם זענען די פיהרער פון דער אומה געפאהרען קיין רוים זיך משתדל זיין און בע-טען. די רעטונג פון דער גזירה איז געקומען אונערווארטעט, אהן דער הילף פון די שלוחים: די הויפישע פערשווערונג, אין וועלכער ס׳איז אריינגעגאנגען אויך זיין פרוי, האט ענדליך בעפרייט דער רוימישער וועלט פון דער שרעקליכער חיה אין מענשענגעשטאלט.

*) דעם צווייטען נוסח האט בעצן מיר שוין איבערגעגעבען אין א פריהערדיגען קאפיטעל. לויט איהם האט ער זיך אליין דאס לעבען גענומען, כדי אויף אזא אופן צו ראטעווען די יודען פון דער געפאהר, וואס זיי איז פארגעשטאנען.

דאָמיציאַנ'ס נאָכפאָלגער איז געווען דער עהרווירדיגער זקן נערוואַ . געלערנט , קלוג און מענשענפריינדליך , האָט איהם געפעהלט נאָר די יוגענד אַליין , כדי צו בעפעסטיגען זיינע נייע אָרדנונגען און צוריק אויפשטעלן דעם בנין פון דער רוימישער מלוכה , וואָס איז צושפליטערט און רואינירט געוואָרען פון דאָמיציאַנס גרויזאַמע אַכזריות'ען , און אין דער קורצער צייט , וואָס ער איז געזעסען אויף דעם רוימישען טראָן (פון סעפט. 96 ביז יאַנ. 98) , האָט ער אויך בעוויזען אַ מאַסע אויפצוטאָן , ווי פאַר דער אַלגעמיינער אָרדנונג אין לאַנד , אַזוי פאַר די געדרוקטע יודען און גרים . ער האָט אַרויסגעגעבען אַ געזעץ , לויט וועלכען דאָס אַריבערגעהן צום יודענטום האָט זיך נישט גערעכענט פאַר קיין אַקט פון כפירה , און דערצו האָט ער אין אַ גרויסער מאָס פערלייכטערט אויך די צוואַנג פון דעם שענדליכען יודענשטייער . לויט זיין פעראָרדנונג האָבען איינגאַנצען אויפגעהערט די אַכזריות'דיגע העצעס געגען יענע יודען , וואָס האָבען זיך געוואָלט אויסבעהאַלטען פון דעם אָבצאָהל , און די בעדייטונג פון דער הנחה איז געווען אַזוי גרויס פאַר די יודען פון דער רוימישער אימפעריע , אַז זיי האָבען געלאָזען אויסגיסען אַ ספּעציעלע מטבע צום אָנדענקען פון דעם דאָזיגען קייזערליכען חסד . די מטבע האָט געהאַט אויף איין זייט דאָס בילד פון קייזער , און אויף דער צווייטער זייט אַ פּאַלמע (סימבאָל פון דער מלכות יהודה) מיט'ן אויפשריפט : Físci Judaìaí Calumnìa subtada (די אָנקלאָגען וועגען דעם יודענשטייער זענען אָבגעשאַפט) .

ווי געזאָגט , איז די הערשאַפט פון דעם דאָזיגען מענשליכען הערשער געווען גאַנץ ווייניג דויערהאַפט : ער איז געשטאָרבען און האָט איבערגעלאָזען פאַר אַ יורש דעם שפּאַניער אולפּיוס טראַיאַנוס . מיט דער טראָן-בעשטייגונג פון דעם לעצטען הויבען זיך צוריק אָן די אַלטע פיינדליכקייטען און רייבונגען צווישען די יודען און רוימער , און באַלד זענען די ביידע פעלקער ווידער געשטאַנען מיט וואָפען אין די הענד איינס געגען דאָס אַנדערע .

דער מעכטיגער בעזיגער פון די דאַקיער ביים דונאַי , האָט געחלומ'ט וועגען די לאָרבער-קרענץ פון אַלעקסאַנדער דעם גרויסען , און זיין בליק איז געפאַלען אויף די לענדער פון'ם ווייטען מזרח . איבער אַלע וועלט-טיילען האָבען געפלאַטערט די אייזערנע פליגעל פון דעם רוימישען אָדלער , נאָר דאָרט , אין די טיפענישען פון אזיע , האָבען זיך געפונען צוויי גרויסע , בליהענדע לענדער פרייע , זעלבסט-

שטענדיגע. דאס האט שטארק גערייצט די איינגעגליבע פון דעם קייזער מיט די גרויסע חלומות, און ער האט זיך פערנומען דורכאויס, זיי אוועקצולעגען פאר די פיס פון זיין טראן. ער האט זיך אוועקגעלאזען קיין מעסאפאטאמיע (בבל) און ארמעניע און איז צוגעקומען ביז דער הויפטשטאדט פון פארטיען; דער קאמפף איבער די דאזיגע פראווינצען איז איהם ניט שווער אנגעקומען, און ער האט געקענט האפען, אז באלד וועט ער האבען אין זיין מאכט די ביידע טעריטאריעס צווישען אפרת און טיגריס און צווישען אינדוס און גאנגעס. דא איז אבער, גאר אונערווארטעט, אויסגעוואקסען א נייע קראפט, וואס האט צושטערט אלע פלענער פון דעם גרויסען הערשער.

די יודען, אנגעקומענע פון נאכ'ן חורבן, ווי אויך אלט־בעזעסע־נע, האבען דא געלעבט אין גרויסע מאסען און פערנומען אליין גאנצע פראווינצען, וואו זיי האבען געהאט אייגענע פיהרער מיט גאנץ זעלבסטשטענדיגע אינערליכע פערוואלטונגען. די דאזיגע יודען האבען זיך געפיהלט גאנץ גוט אונטער די פארטישע מלכים, און זעהענדיג איצט פאר זיך די געפאהר, ארונטערצופאלען אונטער דעם שרעקליכען יאך פון די צושטערער פון זייער פרייהייט, פאטערלאנד און בית המקדש, — האבען זיי בעשלאסען זיך צו נעהמען פאר'ן געוועהר. ניזיביס, וועלכע איז געווען אינגאנצען בעפעלקערט פון יודען, האט ארויסגעוויזען א שטארקען ווידערשטאנד און האט אבגעהאלטען די מעכטיגע רוימער א לאנגע צייט אויסער די טויערן פון שטאדט; מוטיג געקעמפפט געגען טראיאנ'ס מחנה האט אויך דאס פירשטענטום אדיא־בענע, וואס איז בעהערשט געווארען פון א יודישען קעניג (א אייניקעל פון מונבז המלך), און אויב טראיאנ'ען האט זיך איינגעגעבען צו דער־שטיקען דעם אויפשטאנד, האט דאס איהם אבער דאך נעהנטער צו דער פערווירקליכונג פון זיין חלום נישט צוגעפיהרט. אין דער צייט, ווען ער האט געהאלטען דעם קאמפף פאר געענדיגט און האט זיך אומגעקעהרט מיט זיין מחנה קיין אנטיוכיא (115), האבען די איינגענומענע פראווי־צען צוריק אויפגעהויבען די פאהן פון אויפשטאנד, און אזוי האט זיך די מלחמה פערשלעפט אויף א לאנגע צייט.

די אויפרעגונג צווישען די יודען פון דער דיאספארא איבער טראיאנ'ס ארויסטרעטונגען איז דערווייל געוואקסען פון טאג און האט זיך אלץ מעהר און מעהר פערשפרייט. אויסער די פארטישע לענדער האבען זיך גרויסע יודישע מאסען געפונען אויך אין סיריען, קליין אזיע, מצרים

און צפון אפריקא; דאס זענען געווען אנטלאפענע פון דער גרויסער שחיטה אין יהודה, וועלכע האבען זיך קוים געראטעוועט אין די קהלות פון זייערע ברידער און געבראכט מיט זיך דעם פרישען וועהטאג איבער דער פערלוירענער היימאט און דעם גיפטיגען האס צו די בלוטיגע בעזיגער. אט די אויפגערייצטע שטימונג געגען די רוימער איז איבערגעגאנגען אויך צו די אלטבעזעסענע יודען פון די אלע קהלות, און אין פיעל ערטער האט די דאזיגע שטימונג געבראכט צו ערנסטע צוזאמענשטויסען צווישען די רוימער און יודען.

דער ערשטער אויסברוך פון דעם יודישען צארן איבער די גרעניצען פון יהודה איז פארגעקומען אין אלעקסאנדריע, אין 73-טען יאהר, נאך דעם טרויעריגען עפילאג פון דער גרויסער מלחמה, ווען די אנטלאפענע פון דער לעצטער פעסטונג מסדה זענען אנגעקומען מאסען-ווייז קיין מצרים און האבען איבערגעגעבען אלע איינצעלהייטען פון דעם שרעקליכען חורבן און פון דער אכזריות, מיט וועלכער די רוימער זענען זיך בעגאנגען מיט זייערע קרבנות. עס האט געשמעקט מיט א ווידערהאלונג פון די אלע שרעקליכע סצענעס אויף דעם עגיפטישען באדען; ווי אומעטום, איז אבער די יודישע אריסטאקראטיע דא אויך געווען גענוג מיושב'דיג, נישט צו דערלאזען צו אזא שריט, און די געקומענע פאנאטישע זעלאטען זענען געצוואונגען געווען זיך צו צושפרייטען איבערן לאנד. דא זענען פיעל פון זיי אריינגעפאלען אין די הענד פון דער רוימישער אדמיניסטראציע, וועלכע האט זיי אנגעטאן די שרעקליכסטע יסורים און געצוואונגען, צו אנערקענען זיך פאר געטריישע אונטערטאנען פון דעם רוימישען קייזער. נישט אלע מאל אבער איז דאס די רוימער געלונגען: די פערעקשנ'טע זעלאטען זענען דא אויך נישט ווייכער געווארען און האבען דעם שונא נישט געוואלט נאכגעבען.

אויף דעם יסוד פון די אלע פאקטען האט דער רוימישער פראקוראטאר אין אלעקסאנדריע זיך געאיילט, צו-וויסען צו געבען אין רוים װעגען דעם אויפשטאנד פון די יודען אין עגיפטען, און דאס האט דעם בייזען וועספאסיאנ'ען אריינגעבראכט אין אזא גרימצארן, אז ער האט בעפוילען, צו בעשטראפען די יודען אין עגיפטען מיט דער הארטסטער שטראף, וואס ער האט נאר געקענט פאר זיי צוטראכטען: פערמאכען דעם טעמפעל אין לעאנטאפאליס, וואס איז געשטאנען איבער צוויי הונדערט יאהר און האט געדיענט פאר דעם צווייטען רעליגיעזען

צענטר — נאָך דעם בית המקדש אין ירושלים. דערביי זענען אַלע כּלים פון דעם טעמפּעל קאָנפיסקירט געוואָרען פאַר דעם רוימישען אוצר המלוכה, און דער בנין אַליין איז פערמאַכט און פערחתמ׳עט געוואָרען.

דערמיט האָבען זיך אָבער די אונרוהען נאָך נישט געענדיגט. אין דער זעלביגער צייט, ווען וועספּאַסיאַנ׳ס משרתים זענען געווען פערנומען מיט די יודישע זעלאָטען אין עגיפּטען, האָט אין דער שכנות׳דיגער קירעניי קע אויפגעפלאַקערט אַ נייע בעוועגונג. דאָ האָט דער אָנגעקומענער קנאי יהונתן צונויפגענומען אַרום זיך ביז צוויי טויזענד מאַן פון דער יודישער בעפעלקערונג אין שטאָדט, און האָט געפּרובט זיך אַנטקעגענען שטעלן די רוימישע סאָלדאַטען. נאַטירליך האָט אויך דער אויפשטאַנד זיך געענדיגט נישט בעסער פון די פריהערדיגע; דער רוימישער פערוואַלטער פון דעם ליבישען ראיאָן, קאַטולוס, האָט ענדליך דאָך צושלאָגען דעם הייפעל יודישע פּאַטריאָטען; דערביי האָט ער דעם דערמאָנטען יהונתן געפאַנגען און אַוועקגעפיהרט קיין רוים, אַלס הויפּט-אָנפיהרער פון דער גאַנצער בעוועגונג. דער זעלביגער קאַ-טולוס האָט זאָגאַר געפּרובט אַריינציהען די אָנגעזעהענע יודען פון אַלעקסאַנדריע און רוים (צווישען די לעצטע אויך דעם בעריהמטען יאָזע-פוס פלאַוויוס,) אַלס מיטשולדיגע אין דעם בונד. דער אויפטו האָט זיך איהם אָבער נישט איינגעגעבען: די אַלע בעשולדיגטע זענען בע-פרייט געוואָרען, און זיין גאַנצען כעס האָט וועספּאַסיאַן אויסגעלאָזען צו דעם געפאַנגענעם יהונתן, וועלכען ער האָט פעראורטיילט צו שווערער לייב-שטראָף און דערנאָך איהם געלאָזען פערברענען לעבעדיגערהייד.

אַזוי האָט זיך געענדיגט דער זעלאָטישער שטורם, וואָס האָט אויפגעטרייסעלט אַלע יודישע קהלות פון דער רוימישער אימפּעריע. די שטרייטיגקייטען און אויפשטאַנדען האָבען נאָכמעהר פונאַנדערגעבלאָ-זען די שנאה, וואָס האָט פון אייביג-אָן געהערשט צווישען דער גריכיש-רוימישער בעפעלקערונג און זייערע יודישע שכנים, און די לעצטע האָבען אָנגעהויבען מאַסען-וויי אויסצעוואַנדערן אין ד׳ פּאַרטישע לענ-דער, בעזונדער אין בבל. אַמגליקליכסטען זענען געווען די יודען, וואָס האָבען אויסגעוואַנדערט קיין צפון-אַראַביען און זיך בעזעצט אין דער געגענד פון מעדינאַ; זיי איז געלונגען, צו גרינדען דאָרטין אַ נייעם זעלבסטשטענדיגען יודישען ישוב, וואָס האָט עקסיסטירט ביז׳ן זיעבעטען יאָהרהונדערט. אין די ערשטע יאָהרען האָבען אָבער די יו-דען אין די פּאַרטישע לענדער זיך אויך גאַנץ גוט געפיהלט. אַ דאַנק

דער שוואַכקײַט פון דער אָרטיגער אַדמיניסטראַציע, זענען דאָ די יודי־שע קהלות אינגאַנצען זעלבסטשטענדיג געווען אין זײַערע אינערליכע אַנגעלעגענהײַטען, און מיט דער צײַט האָבען זיך געבילדעט בײַ זײַ גרויסע צענטערן פאַר דער יודישער געזעצלעהרע, וואָס האָבען געדינט אַלס יסוד פאַר דער שפּעטערדיגער תּלמוד׳ישער אַקאַדעמיע.

געקרעפטיגט און אָבגעפרישט אונטער דער פּאַרטישער ממשלה, האָבען אָט די יודישע צענטערן אַלזאָ געמוזט טראָגען אין האַרצען אַ שטאַרקע שנאה צו זײַערע אַמאָליגע רוימישע פערפאָלגער, און איצט, ווען די לעצטע האָבען זײַ דאָ אויך געפונען און געוואָלט אַרויפלעגען זײַער האַנד אויף דער יודישער פרײַהײַט, — האָט זיך דאָס גאַנצע יו־דענטום אַ טרײַסעל געטאָן. די האָפנונג, וואָס די גײַסטיגע פיהרער האָבען נישט אויפגעהערט צו פּלאַנצען אין פאָלק, — די האָפנונג, אַז באַלד וועט דער בית המקדש צוריק אויפגעבויט ווערן — האָט גענעהרט דעם פרײַהײַטס־גײַסט פון דער יוגענד און איהם שטענדיג וואַך געהאַל־טען, און דערצו איז נאָך צוגעקומען די חוצפה׳דיגע אַכזריות, מיט וועלכער די רוימישע סאָלדאַטען האָבען בעהאַנדעלט די אײַנגענומענע בעפעלקערונגען; דאָס האָט דעם יודישען צאָרן אינגאַנצען צופלאַקערט, און דער רעוואָלוציאָנערער שטורם האָט זיך, ווי אַן׳אוראַגאַן, דורכגע־טראָגען דורך אַלע יודישע קהלות, ווי אין די פּאַרטישע אַזוי אויך אין די לענדער פון דער רוימישער אימפּעריע. „ניעדער מיט די רוימער!״ דאָס איז געוואָרען דער לאָזונג פון דער גאַנצער דיאַספּאָראַ, און באַלד זענען אויך פיהרער אויסגעוואַקסען, וואָס האָבען זיך אַוועקגעשטעלט בראש פון די אויפגערעגטע מאַסען, און אָבגעווענדט דעם שטראָם פון זײַער כעס און פערביטערונג אין אײַן בעשטימטער ריכטונג.

דעם ערשטען סיגנאַל צו דער בעוועגונג האָבען געגעבען די צוויי ברידער יוליאַנוס און פּאַפּאָס פון אַלעקסאַנדריע, וועלכע זענען אָנגערופען געוואָרען „דער שטאָלץ פון ישראל״. זײַ האָבען אַרויסגע־רופען צום קאַמפּף די יודען פון דער פּראָווינץ קירענײַקע, און פון דאַ־נען האָט זיך דער אויפשטאַנד פונאַנדערגעטראָגען איבער אַלע רוימישע געביעטען אין אַפריקאַ, וואו עס האָט זיך געפונען אַ קלײַנער טײַל פון דעם רוימישען מיליטער. פון די קירענײַאישע יודען גופא האָט זיך אויך אויסגעטײַלט בעזונדער אַלס אָנפיהרער אַ געוויסער אַנדרעאַס אָדער, לויט אַן׳אַנדער נוסח, לוקואַס, און באַלד האָט דער אויסבּרוך אָנ־גענומען אַ ערנסטען שטורמישען כאַראַקטער. די יודען האָבען זיך

אַרויפגעוואָרפען אויף דער שוואַך־בעשיצטער רוימישער בעפעלקערונג מיט אַ אונגעוועהנליכער פערביטערטקייט, און ווען מ׳זאָל אפילו אָננעה־מען, אַז די שילדערונגען פון די רוימישע קוועלען וועגען די דאָזיגע געשעהענישען זענען שטאַרק איבערגעטריבען, בלייבט אָבער אַלץ דער פאַקט, אַז די אויפגעקאָכטע יודישע מאַסען האָבען זיך אַכזריות׳־דיג נוקם געווען אָן זייערע פערפאָלגער און געצוואונגען די געפאַנגענע רוימער, זיך צו האַמפערן מיט ווילדע חיות.

געשטילט די צורייצטע נקמה־אינסטינקטען אין׳ם בלוט־שטראָם פון דער קירענייאישער געצענדיענערישער בעפעלקערונג *), — האָבען זיך די יודישע פאַטריאָטען נאָך נישט אָבגעשטעלט: זיי האָבען זיך פעראייניגט מיט זייערע ברידער אין עגיפטען. דאָ האָבען זיי צושלאָגען די מחנה פון דעם אַלעקסאַנדריניסען שטאַטהאַלטער לופוס, וואָס איז זיי אַרויס אַנטקעגען, און די גאַנצע פראָווינץ איז אַריינגעפאַלען אין זייערע הענד. דאָס האָט אַרויסגערופען אַ פערביטערטען צאָרן ביי דער געצענדיענערישער בעפעלקערונג פון אַלעקסאַנדריע גופא און זי האָט מיט דער זעלביגער אַכזריות אויסגעהרג׳עט די יודישע איינוואוינער פון שטאָדט; באַלד זענען אָבער אָנגעקומען די יודישע זיעגער פון קירענייקע, און האָבען זיך נוקם געווען פאַר די אומגעקומענע ברידער. זיי זענען בעפאַלען אַלעקסאַנדריע און האָבען זי אויף אַזוי פיעל חרוב גע־מאַכט, אַז די שטאָדט האָט שפעטער געמוזט כמעט פון דאָס־ניי אויפ־געבויט ווערן. לופוס מיט זיינע רוימישע מחנות האָט נישט געקענט אָבהאַלטען דעם שטראָם פון די צעווילדעטע יודישע שאַרען, און די אַנגסט פון די גריכען און רוימער אין דער עגיפטישער הויפט־שטאָדט איז געוועזען אַזוי גרויס, אַז מאַסען פון זיי זענען אין דער פינסטער אַנט־לאָפען אויסערן שטאָדט, און יעדער מינדסטער געריוש האָט אויף זיי אַ טויט־ציטערניש אָנגעוואָרפען. אויף דער אינזעל ציפערן (קפריסין), וואו יודען האָבען שוין געוואוינט אַ לאַנגע צייט און געהאַט אַ סך שוה־לען, האָט זיך געשטעלט בראש פון דעם אויפשטאַנד אַ געוויסער אַ ר ט ע מ י אָ ן, און אויך דאָ איז די אָרטיגע בעפעלקערונג אינגאַנצען הילפלאָז געווען געגען דעם ווילדען אויסבּרוך פון דער יודישער נקמה;

---

*) לויט די דערמאָנטע גוזמא׳דיגע רוימישע קוועלען זענען אין יענע טעג געפאַלען פון יודישע הענד ביז 220,000 ג ע צ ע נ ד י ע נ ע ר.

די הויפטשטאדט סאלאמיס, איז צושטערט געוואָרען, און לויט א געוויסער איבערגעטריבענעם היסטאָרישען מקור, האָבען די יודען אויסגעהרג׳עט אויף דער אינזעל איבער 240,000 גריכען.

די ידיעות וועגען מאסען־שחיטות פון גריכען און רוימער דורך יודישע רעוואָלוציאָנערען האָבען געצוואונגען טראיאנוס׳ען אנצונעהמען ענערגישע מיטלען. פון כּבל, וואו ער האָט זיך דאן געפונען, האָט ער אוועקגעשיקט א שטארקע מיליטערישע מאכט, אונטער דער אָנפיהרונג פון מארטיוס טורבאָ מיט דעם אויפטראָג, צו דערשטיקען די יודישע מרידה אין מצרים, קירענייקע און אויף דער אינזעל ציפערן. געגען די יודען פון די אזיאטישע פראָווינצען האָט טראיאן אוועקגעשיקט א צווייטע מחנה און האָט זי איבערגעגעבען זיין ליבלינגס־געגעראל, דעם מאוריטאנישען פירשט לוזיוס קוויעטוס, וועלכען ער האָט דערנאך בעשטימט פאר זיין נאָכפאָלגער אויף דעם רוימישען טראָן. דער יודישער אויפשטאנד האָט אלזאָ ארומגענומען טראיאנ׳ען פון פערשידענע זייטען, און ווען עס וואָלט זיין מעהר אחדות, מעהר סיסטעם אין דעם דאָזיגען ווילדען אויסברוך פונ׳ם ביז אהער אונטערדריקטען פאָלקס־צאָרן, וואָלט אפשר דער מעכטיגער ריזען־קערפער פון דער רוימישער אימפעריע שוין דעמאָלט (117 — 116) בעקומען יענעם הארטען שטויס, וואָס ער האָט בעקומען אין עטליכע הונדערט יאָהר ארום פון די צפון־לענדישע בארבארען.

פון די אוועקגעשיקטע מחנות האָט די ערשטע ענטוויקעלט א שטארקע און אויסגערעכענטע מלחמה־טעטיגקייט. טורבאָ איז זעהר פאָרזיכטיג צוגעגאנגען צו די צענטערן פון דעם יודישען אויפשטאנד אין די פראָווינצען, וואָס זענען איהם איבערגעגעבען געוואָרען, און נאך א רייהע בלוטיגע צוזאמענשטויסען איז עס די רוימער געלונגען צו ווערן די בעלי בתים פון דער לאגע, א דאנק זייער גרעסערער צאָהל קריגס־געלערנטע סאָלדאטען און בעזונדער א דאנק דעם, וואָס זיי האָבען ארויסגעשטעלט גאנצע מחנות רייטער־סאָלדאטען געגען די שלעכט בעוואָפענטע יודישע מאסען. די יודישע קעמפפער זענען איצט אלזאָ ארייינגעפאלען צו זייערע פריהערדיגע קרבנות אין די הענד, און די לעצט׳ הזבען זיך אָן זיי ביטער נוקם געווען. די רוימישע לעגיאָנען האָבען ארומגערינגעלט די יודישע געפאנגענע און מיט די שפיזען זיי דורכגעשטאָכען, דערביי האָבען זיי די פרויען געשענדעט און געטויט אויף דעם גרויזאמסטען אופן. טורבאָ האָט געלאָזען חרוב מאכען אויך

די אוראַלטע אַלעקסאַנדרינישע גרויסע שוהל , וואָס איז געווען אַ וואונדער־ווערק פון דער עגיפּטיש־גריכישער אַרכיטעקטור . דער זאַל פון שוהל איז געווען אַזוי גרויס , אַז אין די ווייטערע ווינקלען האָט מען נישט געהערט דעם חזן׳ס שטימע, און ביי יעדעם מאָל, ווען דער עולם האָט געדאַרפט ענטפערן „אמן״, האָט מען געמוזט געבען דערצו אַ בעזונדער סיגנאַל (אויפהויבען אַ פאָהן) ; די דאָזיגע שוהל איז די גאַנצע צייט געשטאַנען , ווי אַ דאָרן אין די אויגען פון די געצענדיענער , און האָט שוין געהאַט אַ סך קלעפּ איבערגעטראָגען ; מיט דעם לעצטען פּאָגראָם איז זי אָבער אינגאַנצען צושטערט געוואָרען, און צוזאַמען מיט איהר איז אונטערגעגאַנגען אויך דער גלאַנץ פון דער יודישער קהלה אין אַלעקסאַנדריע .

געענדיגט זיין אַרבייט אין מצרים , האָט טורבאָ אַריבערגעפיהרט זיין מחנה אויף דער אינזעל ציפּערן , וואו ער האָט די יודישע איינוואוינער אינגאַנצען פערטיליגט . און די אָרטיגע בעפעלקערונג האָט זיך נאָך דערמיט נישט געשטילט ; איהר שנאה צו די יודען איז געווען אַזוי שטאַרק , אַז זי האָט געשאַפען אַ געזעץ , לויט וועלכען קיין איינציגער פון דעם יודישען שטאַם טאָר קיינמאָל נישט בעטרעטען די ערד פון דער אינזעל , אַפילו אין דעם פאַל פון אַ שיפס־ברוך .

מיט נישט קיין קלענערן ערפאָלג און מיט נישט וועניגער אַכזריות האָט געפיהרט דעם קאַמפּף געגען די יודען פון בבל און אַרמעניען דער צווייטער „בערוהיגער״, קוויעטוס. הייזער , גאַסען , וועגען און שטעגען זענען בעדעקט געוואָרען מיט טויטע יודישע קערפּער׳ס , און אַלס בעלוינונג פאַר דער דאָזיגער טעטיגקייט , האָט איהם טראַיאַן בעשטימט פאַר אַ שטאַטהאַלטער איבער גאַנץ פּאַלעסטינאַ מיט בעזונדערע בריייטע פאָלמאַכטען . אַזוי ווי דער אַלגעמיינער פאָלקס־שטורם האָט פערהאַפט אויך די יודען פון פּאַלעסטינאַ , האָט קוויעטוס גלייך געפונען אַ גינסטיגען באָדען פאַר זיין אַכזריות׳דיגער „בערוהיגונג״ . טויזענדער יודישע קרבנות האָבען ווידער אָנגעפילט די שטעדט פון יהודה , און דער טרויער איבער די געפאַלענע איז געווען אַזוי גרויס , אַז דאָס סנהדרין האָט בעשטימט אַ נייעם טרויער־צייכען צום אָנדענקען פון דעם גרויסען פאָלקס־אונגליק — די כלות אין דעם טאָג פון דער חתונה זאָלען נישט טראָגען די געוועהנליכע בלומען־קרענץ .

נאָך די אַלע נצחונות איבער די יודישע מורדים האָט טראַיאַן אַליין געמוזט פון דעסטוועגען פערלאָזען די איינגענומענע פּאָזיציעס אויף

דעם פארטישען בארען, און דערביי האט ער זיך אויך געמוזט אָבזאָגען פון זיין גאנצען פלאן, צו פערוואנדלען דאס פארטישע לאנד אין א רוימישער פראָווינץ; דאס איז פאר דעם שטאָלצען טרוימער געווען א צו-שטארקער קלאפ און זיין געזונד איז דערפון שטארק רואינירט געווארען. אין א קראנקען צושטאנד האט מען איהם געבראכט קיין אנטיוכיא, און פון דאָרטין האט מען איהם צוגעפיהרט ביז ציליציע, וואו ער איז געשטאָרבען (117).

טראיאן׳ס הערשאפט איז געווען א בלוטיגע עפאָכע אין דער יודישער געשיכטע. צום בעדויערן, זענען צו אונז נישט דערגאנגען קיין גענויע היסטאָרישע קוועלן וועגען אלץ, וואס איז פארגעקומען אין יענער וויכטיגער צייט, און מיר מוזען זיך בענוגנען מיט די פערנעבעלטע לעגענדעס, אין וועלכע ס׳איז גאנץ שווער אויסצוגעפינען דעם פאקטישען קערן. איין תלמוד׳ישע לעגענדע דערצעהלט: טראיאנ׳ס וויב האט געבוירען א קינד תשעה באב ביינאכט, ווען אלע יודען זענען געזעסען אויף דר׳ערד און האבען געקלאָגט אויף דעם חורבן פון בית המקדש, געשטאָרבען, וויעדער, איז דאס קינד אום חנוכה, ווען אלע יודישע הייזער זענען געווען פייערליך אילומינירט צום אָנדענקען פון די מכבי׳שע נצחונות. און מוסרים האבען זיך געפונען, וואס האבען דערטראָגען דער קייזערין, אז יודען האבען געטרויערט, ווען דער יורש-עצר איז געבוירען געוואָרען, און געפראוועט א יום-טוב — ווען ער איז געשטאָרבען, האט דאס דער קייזערין אריינגעבראכט אין גרויס גרימצאָרן און זי האט אוועקגעשריבען צו איהר מאן, דעם קייזער: איידער דו געהסט בערוהיגען די בארבארען, בערוהיג בעסער די יודען, וואס האבען אָן דיר מורד געווען. און טראיאן האט איהר געפאָלגט: ער האט זיך ארויפגעזעצט אויף א שיף, און א שטארקער ווינט האט איהם געבראכט קיין יהודה בלויז אין פינף טאג, אנשטאט צעהן, וואס געוועהנליך האט דאס געמוזט דויערן פיעל לענגער. ארויפגעטרעטען אויף דער יודישער ערד, האט טראיאנוס-קיסר געטראָפען די חכמים, ווי זיי האבען געדרשה׳נט דעם פסוק: „גאט וועט אויף דיר אָנשיקען א ווייטען פאלק פון עק וועלט, וואס וועט קומען צופליהען מיט דער געשווינדקייט פון א אָדלער”. האט ער צו זיי געזאָגט: „איך בין דער אָדלער! איך האב געדארפט פאָהרען צעהן טאג און בין איינגעפאָהרען אין פינף!”—און ארומרינגלענדיג די יודען מיט זיינע לעגיאָנען האט ער זיי געלאָזען אויסהרג׳נען; דערנאך האט דער קיסר זיך געווענדט צו די

יודישע פרויען און געזאגט צו זיי : „גיט זיך אונטער מיינע לעגיאָנען . חען נישט — וועל איך טאָן מיט אייך דאס זעלבע , וואָס מיט איירע מענער” ; אויף דעם האבען איהם די פרויען געענטפערט : „טו מיט די קלענערע דאס , וואָס דו האסט געטאָן מיט די גרעסערע” . דאן האבען די רוימישע סאָלדאטען זיי אלעמען אויסגעהרג'עט און דאס בלוט פון די פרויען האָט זיך צוזאמענגעגאָסען מיט'ן בלוט פון די מענער ; עס איז געוואָרען איין גרויסער בלוט-שטראָם , וואָס האָט זיך געצויגען אזש ביז דער אינזעל ציפערן .

די העלדען פון דער לעגענדע , די קייזערין פלאָטינאָ , האָט חירקליך געשפּיעלט א בעדייטענדע ראָליע אין דעם רוימישען הויף-לע־בען פון איהר צייט , און נאָר א דאנק איהר איז נישט דערפילט געוואָ־רען טראיאנ'ס לעצטער ווילען , אז קוויעטוס זאָל זיין דער יורש פון דעם רוימישען טראָן . זי האָט געגעבען צו וויסען דער ארמעע , אז איהר מאן האָט בעשטימט אלס זוהן און טראָן-יורש זיין פערוואנדטען עליום חאדריאן , און דער לעצטער איז גלייך געקרוינט געוואָרען פאר א חערשער פון דער רוימישער אימפעריע .

# פִירטעֶם קאַפִּיטעֶל.

## די בלוטיגע מלחמה אין יהודה.

(117—140.)

אַרויפטרעֶטענדיג אויף דעֶם רוימישען הערשער-שטוהל האָט האַד-ריאַן געֶפונעֶן פאַר זיך אַ רוּהיגע פעֶלקער אין אַ רעֶוואָלוציאָנערען צו-שטאַנד און עֶטליכע פראָווינצען, וואָס האָבען זיך אויך געֶקליבען אַראָבצוּוואַרפען פון זיך די קייטען פון דער רוימישער אויבערהערשאַפט. די דאָזיגע שטימונג האָט זיך בעֶזונדער שטאַרק פונאַנדערגעֶפלאַקערט נאָכ׳ן טויט פון דעֶם אייזערנעֶם טראַיאַנוס-קיסר, און באַלד זעֶנען אַלע מזרח- און מערב-לעֶנדער געֶוועֶן אַרומגענומען פון אַ שטאַרקען רעֶוואָלוציאָנערען פלאַם, וואָס האָט געֶקענט ווערן שטאַרק געֶפעֶהרליך פאַר דער גאַנצקייט פון דער מעֶכטיגער רוימישער אימפעֶריע; און אָט דער צושטאַנד האָט אַרויפגעֶוואָרפען אַ שרעֶק אויף דעֶם נישט זעֶהר קריעגערישען נייעֶם הערשער: ער האָט אָנגעֶהויבען צו געֶהן אויף פשרות, נאָכצוגעֶבען. זיין ערשטער שריט אויף דעֶם וועֶג איז געֶוועֶן דאָס, וואָס ער האָט זיך אינ-גאַנצען אָבגעֶזאָגט פון יעֶטוועדער פרעֶטענזיע אויף די פאַרטישע לעֶנדער און זיי איבערגעֶלאָזען די פריהערדיגע מושלים; דאַן זעֶנען געֶקומען די איבּריגע רעֶוואָלוציאָנערע פעֶלקער, וועֶלכע ער האָט אויך בעֶהאַנדעֶלט מיט דער זעֶלביגער נאָכגיעֶביגקייט, און ענדליך די אויפגערעֶגטע יודען פון דער רוימישער אימפעֶריע, וואָס האַדריאַן האָט זיך אַרויסגעֶוויעזען זעֶהר פריינדליך צו זיי. ער האָט בעֶזייטיגט פון זיין אמט אין פּאַלעֶס-

טיִנא דעם אַלזוריות׳דיִגען קוויעטוס, און חאטש ער האט געהאט דערבייַ גאר אַנ׳אַנדער כונה, — דיִ כונה, פטור צו ווערן פון א געפעהרליִכען פרעטענדענט אויף דעם רוימיִשען טראָן—האבען דיִ יודען דאָך געזעהען אין דעם אקט א חסד פון קייזער און האבען דאס אפילו בעטראַכט פאר א ישועה פון היִמעל . קוויעטוס האט גראד געהאט בעקומען דאן איִן זייַנע הענד אלס געפאַנגענע דיִ צוויי בעריִהמטע יודיִשע פיִהרער, יוליא־נוס און פאפאס, וועלכע ער האט זיִך געקליִבען צו טויטען, און נאר האדריאַנ׳ס בעפעהל האט זיי מציל געוועזען פון דער אַלזוריות׳דיִגער שטראָף . „ווען אייַער גאָט איז אזוי שטארק, — האט זיִך דער מעלטיִ־גער קוויעטוס, ווי דיִ לעגענדע דערצעהלט, געווענדט צו דיִ געפאַנגע־נע — טאָ זאָל ער אייך מציל זייַן פון מייַנע הענד״ . אויף דעם האבען דיִ פעראורטייַלטע געענטפערט: „דו ביִזט גארניִשט ווערט, אז גאָט זאָל צוליִעב דיִר ווייַזען א נס, דען דו ביִזט ניִשט קיין זעלבסטהערשער, נאר א אונטערטאן פון א העכערער מאכט״; און איִן דעם אויגענבליִק, ווען דיִ געפאַנגענע זענען געפיִהרט געוואָרען צו דעם מערטיִרער־טויט, איִז אָנגעקומען דער שליִח מיִט דעם בעפעהל, וואס האט אראבגעזעצט דעם בלוטיִגען שופט פון זייַן ריִכטער־שטוהל און אבגעשאפט זייַנע משפטים. דער טאָג פון דער דאָזיִגער ישועה איִז געפייַערט געוואָרען, ווי א נאצי־יאָנאלער גערענק־טאָג, אונטער דעם נאמען יום טראיאנוס (12 אדר) *).

אט דיִ אלע נאָכגיִעביִגקייַטען פון דעם נייעם הערשער האבען ארויסגערופען צוויִשען דיִ יודיִשע מאסען פון דער דיִאספאָרא פערשיִע־דענע פאנטאסטיִשע האָפנונגען. אזוי ווי אלע יודיִשע אויפשטאנדען געגען דיִ רוימער האבען געצויגען זייער יניקה נאר פון דער פערביִטערטער טיִעפער שנאה, וואס דיִ יודען האבען געטראָגען איִן הארצען צו דיִ צושטערער פון בית המקדש, איִז דיִ צוריִק־אויפבויאונג פון דעם זעלבען געוואָרען דער אייַנציִגער וועג אויף צו דערהאלטען דיִ פריִעדליִכע שטיִ־מונג צוויִשען דער יודיִשער בעפעלקערונג, און ווען דיִ פיִהרער פון יו־דענטום האבען דאס ערקלערט האדריאַנ׳ען, האט ער ארויסגעדריִקט זייַן בערייַטקייַט צו פערוויִרקליִכען דעם פאָרשלאג. זייַן שרעק פאר פערוויִ־קעלטע מלחמות, וואס האבען געקענט ארויסשטעלן גרעסערע קריִעגס־

*) דיִ פאָלקס־מסורה האט צוואמענגעבונדען דיִ געשעהעניִשען פון טראיאנוס׳־עס פערטרעטער, קוויעטוס, מיִט׳ן נאמען פון טראיאנוס׳ען אליין.

העלדען פון איהם , און דערצו זיין שוואכקייט , אויפצושטעלן צוריק די חורבות פון בעריהמטע אלטע שטעדט , האבען זיך דא פעראייניגט , צו בעפריעדיגען דעם הארציגסטען יודישען פערלאנג . כדי צו צוטרעטען צו דער רעסטאוראציע פון בית המקדש האט מען געמוזט פריהער די גאנצע שטאדט לעבעדיג מאכען , און באלד זענען הונדערטער ארבייטער אוועקגעשטעלט געווארען (אונטער דער אויפזיכט פון דעם בעריהמטען עקילס) ארום די חורבות פון דער פערוויסטער הויפטשטאדט .

די קאסטען פון דער דאזיגער בענייאונג זענען געזאמעלט געווא־רען פון פאלק , און בראש פון את דער זאמלונגס־טעטיגקייט זענען אוועקגעשטעלט געווארען די זעלביגע צוויי פיהרער , וועלכע זענען א דאנק האדריאנ׳ס בעפעהל נצול געווארען פון טויט . זיי האבען ארגאני־זירט עטליכע צענטערן פאר דער געלד־זאמלונג , און עס האט זיך אנ־געהויבען א לעבהאפטע בעוועגונג צווישען אלע יודען פון דער דיאספא־רא ; פון אלע זייטען האבען זיך געטראגען גרויסע סומען געלד , די בעגייסטערונג פון די יודישע מאסען איבער דער האפנונג , ווידער צו האבען א הייליגען מיטעלפונקט, איז געוואקסען פון טאג, און די פליגע־לען פון דער יודישער פאנטאזיע האבען זיך שטארק פונאנדערגע־שפיעלט ; א געוויסער יודיש־גריכישער דיכטער האט פעראייביגט די פרעהליכע שטימונג , וואס האט געהערשט דעמאלט צווישען יודען, אין שענע גריכישע פערזען. ווי זיינע פארגענגער מיט׳ן מויל פון דער סיבי־לע , אזוי רעדט דער דיכטער אויך פון דער נאהנטער משיח־צייט , פון דעם גרויסען נצחון , וואס דאס יודענטום וועט אפהאלטען איבערן היי־דענטום , און וועגען די אלע גליקען , וואס הויבען זיך אן מיט דער הערשאפט פון דעם „בלאנדלאקיגען גוטהערציגען קייזער״ .

אויף וויפיעל אבער די יודען האבען זיך געפיהלט גליקליך פון דער גרויסער האפנונג , ווידער צו האבען זייער צענטר , זייער הייליג־טום , אויף אזוי פיעל זענען די ק ר י ס ט ע ן נישט צופריעדען געווען פון האדריאנ׳ס אויפטו. זיי האבען די גאנצע צייט כסדר געפלאנצט אין זייערע צוהערער דעם געדאנק , אז ישו, אלס געטליכער משיח , האט בעפרייט דער וועלט פון קרבנות און דעריבער מאקי איז דער בית המקדש חרוב געווארען , און דא האט גאר געהאלטען דערביי , אז דער בית המקדש זאל צוריק אויפגעשטעלט ווערן ! אזא פאקט האט געקענט צו־נישט מא־כען אלע זייערע סברות און פשט׳לעך, און דער בעריהמטער אלעקסאנ־דרינישער אפאסטאל ב א ר נ א ב א ס געפינט פאר נויטיג צו פערהאפען

די נעפּאַהר און זי פּאָראויס אויסצומיטשען. ער שרייבּט צו זיינע חבֿרים: „די יענינע, וועלכע האָבען דעם בּית המקדש צושטערט, וועלען איהם צוריק אויפבּויען! דאָס וועט געשעהען. דורך זייערע מלחמות איז ער פון די שונאים צושטערט געוואָרען, איצט וועלען זיי און די דיענער פון זייערע שונאים איהם צוריק אויפבּויען, אָבער נאָר צוליעב דעם, כדי די הייליגע שטאָדט, דער בּית המקדש און דאָס פאָלק ישראל זאָלען ווידער איבּערגעגעבּען ווערן (צו די פיינד)".

צוזאַמען מיט די קריסטען האָבען די אַלטע יודישע שונאים, די שומרונים, אויך קרום געקוקט אויף דער ווידער־אויפבּויאונג פון דער יודישער הויפּטשטאָדט. זיי האָבען, ווי זייערע עלטער־זיידעס אַמאָל, אין דער צייט פון כּרש מלך פּרס, געמסר'ט די יודען פאַר דער צענטראַלער רעגיערונג און איהר געגעבּען צו פערשטעהן, אַז די אויפגעבּויטע הויפּטשטאָדט מיט'ן בּית המקדש וועט אויפמונטערן דעם יודישען פאָלק און איהם טרייבּען צו נייע אויפשטאַנדען און איבּערקעהרענישען. און די מסירות האָבען געווירקט: אין דער צייט, ווען דער רוימישער פערטרעטער אין פּאַלעסטינא האָט צוגעזאָגט די יודען אַלע גליקען און פרייהייטען, האָט האַדריאַן אַליין שוין אָנגעהויבּען צוריקצוציהען זיין אַמאָליגע הבטחה. אין אָנהויבּ האָט ער פון דעסטוועגען מורא געהאַט, אָפען צוריקצונעהמען זיין וואָרט, און ער האָט אָנגעהויבּען אָבּצוציהען די אַרבּייט מיט פערשיעדענע תּרוצים און הינטערשפּיצלעך (ער האָט, למשל, געפאָדערט, אַז דער בּית המקדש זאָל אויפגעשטעלט ווערן נישט אויף דעם פריהערדיגען פּלאַץ); בּיסליכווייז האָט ער אָבער אינגאַנצען אַראָבּגעוואָרפען די מאַסקע און דאָ איז קלאָר געוואָרען זיין אמת'ע כּונה: ער האָט ווידקליך בּעשלאָסען, צוריק אויפצושטעלען די פערוויסטע ירושלים, אָבער נישט אַלס יודישע הויפּטשטאָדט, נאָר אַלס געצענדיענערישער צענטר פאַר די מזרח־לענדער מיט אַ גרויסען יופּיטער־טעמפּעל.

די קלאַנגען וועגען דער דאָזיגער שרעקליכער ענדערונג האָבען אַרויסגערופען אַ שטאַרקע אויפרודערונג אין דער יודישער וועלט. עס האָט געהייסען, אַז דער רוימישער הערשער האָט חוזק געמאַכט פון דער יודישער אומה און זי אָבּגענאַרט, און דאָס האָט נישט געקענט פערבּלייבּען אָהן אַ שאַרפען פּראָטעסט. זאָל יעדער יוד מיט זיין לעבּען אָבּצאָהלען דעם שונא פאַר דער גרויסער נאַציאָנאַלער בּעליידיגונג — דאָס איז איצט געווען די שטימונג פון דער אויפגערעגטער

יודישער יוגענד , און דער שאָטען פון דעם קומענדיגען בלוטיגען אויפ־שטאַנד האָט שוין געשוועבט איבער די יודישע בערגער און טאָלען . די מיושב'דיגע זקנים האָבען אָבער אויך נישט געשוויגען ; זיי האָבען רוהיגער און ניכטערער געקוקט אויף דער לאַגע און האָבען פאָרגעזע־העָן די אַלע שרעקליכע פאָלגען , צו וועלכע עס קען פיהרען אַ פאָלקס־אויפשטאַנד געגען רוים . בראש פון דער דאָזיגער פארטיי איז געשטאַנען דער בעריהמטער ר' יהושע בן חנניה , וועלכער האָט נאָך ר' גמליאל'ס טויט געשפּיעלט געשפּיעלט די הויפּט־ראָליע אין דער טעטיגקייט פון סנהדרין , און ווען די אויפגעקאָכטע פאָלקס־מאַסען האָבען זיך פערזאַ־מעלט אין'ם עמק יזרעאל , גרייט זיך ארויפצוּוואַרפען , ווי צורייצטע חיות , אויף די פערדעטערישע רוימער , איז ר' יהושע אַוועק אהין און האָט זיך געווענדט צו די פערזאַמעלטע מיט בערוהיגענדע רייד . ר' יהושע האָט גערעדט צום פאָלק אין יענער פאָרם , וועלכע איז אַמבעס־טען צוגעפּאַסט , צו שטילען דעם גלות פון אַ אויפגערייצטער מאַסע : ער האָט אין אַ שענעם משל געשילדערט דעם ביטערען צושטאַנד פון דער יודישער לאַגע , ווי זי איז אין דער ווירקליכקייט . „אַ לייב האָט אויפגע־געסען זיין פערצוקונג און אַ ביין איז איהם געבליבען שטעקען אין האַלז ; האָט דאָס איהם שטאַרק וועה געטאָן , און ער האָט צוגעזאָגט אַ גרויסע בעלויהנונג יענעם פון די חיות , וואָס וועט איהם דעם ביין פון האַלז ארויסציהען . איז געקומען דער באָטשאַן , האָט אַריינגעשטעקט זיין לאַנגען שנאָבעל ביים לייב אין האַלז און האָט דעם ביין ארויסגעצויגען ; און ווען ער האָט געפּרובט דערנאָך בעטען זיין בעלויהנונג , האָט דער לייב זיך אָבגערופען : דאַנק גאָט , וואָס דו האָסט דיין קאָפּ ארויסגעצוי־גען פון'ם לייב'ס האַלז . אַזוי זענען מיר אויך :— האָט ר' יהושע גענענ־דיגט זיין משל — מיר דאַרפען צופריעדען זיין , וואָס מיר זענען ארוים גאַנצערהייד פון די הענד פון דער דאָזיגער אומה" .

ר' יהושע'ס מוסר האָט געווירקט פאַר דעם אוּנגענבליק און די יודישע מאַסען האָבען זיך דערווייל אָבגעהאַלטען פון אקטיווע ארויס־טרעטונגען ; די שנאה צו דעם רוימישען הערשער האָט אָבער דאָך נישט אויפגעהערט צו גליהען ביי זיי אין די הערצער . כאראקטעריס־טיש ביי דעם פאקט איז דאָס , וואָס האדריאַנ'ען אַליין האָבען יודען גאָרנישט געגעבען צו פיהלען דערווייל די ענדערונג , וואָס איז פאָרגע־קומען אין זייער בעציהונג צו איהם . אויף זיינע רייזעס איבער קליין אַזיע און סיריען האָט ער בעזוכט אויך יהודה , און די בעפעלקערונג

האָט איהם אויפגענומען מיט אַזאַ האַרציגער פייערליכקייט, אַז דער סענאַט האָט געפונען פאַר נויטיג צו פעראייביגען די דאָזיגע רייזע איבער יהודה דורך אַ ספּעציעלער מטבע. דאָ איז אויף איין זייט געשטאַנען אויסגעמאָלט דער קייזער אַנטקעגען אַ פרויען־געשטאַלט (מלכות יהודה) נעבען אַ מזבח, אויף וועלכען ביידע האָבען זיך געקליבען מקריב צו זיין אַ קרבן. דערביי זענען געשטאַנען צוויי־דריי קינדער (די דריי פּאַלעסטינישע פּראָווינצען) און האָבען דערלאַנגט דעם קייזער פּאַלמען־צווייגען צום צייכען פון שלום.

באַלד האָט זיך אָבער אָנגעהויבען אַרויסצעווייזען די אמת'ע בעציהונג פון די ברייטע פאָלקס־מאַסען צו די רוימער און זייער הערשער. דער לעצטער האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר צוזאַמענגעלעבט מיט דעם געדאַנק, צו מאַכען ירושלים פאַר אַ צענטער פון גאַנצע רוימערריי אין גאַנצען מזרח, און דאָס האָט כסדר פערשטאַרקט און פונאַנדערגעבלאָזען די פערביטערונג פון די יודישע מאַסען, וועלכע האָבען געזעהען אין האַדריאַנ'ס שריט די פאָלשטענדיגע פערניכטונג פון דעם יודישען נאַציאָנאַלען לעבען.

עס האָבען זיך אָנגעהויבען אין יהודה אינטענסיווע פאָרבערייטונגען צו דער נאָהענטער מלחמה. די יודישע שמידעריען, וואָס האָבען געגאָסען כלי־זיין פאַר'ן רוימישען חיל, זענען אויפמערקזאַם געוואָרען אויף דעם, אַז אין גיכען וועלען זייערע אויסאַרבייטונגען פערנוצט ווערן אין קאַמפּף מיט די פערטיידיגער פון דעם יודישען כבוד, און דאָס געוועהר איז פון איצט אָן געאַרבייט געוואָרען אַזוי, אַז עס זאָל ניט שעדליך זיין. די מערות אין די בערג פון יהודה האָבען געדיענט די פערשוואוירענע מחנות אַלס בעהעלטעניש פאַר די געזאַמעלטע קריעגס־מכשירים און אויך אַלס גינסטיגע פּאָזיציעס צו בעפאַלען דעם שונא פון הינטען; דערביי האָט דער בעריהמטער ר' עקיבא אויך ענטוויקעלט אַ ענערגישע קאָנספּיראַטיווע טעטיגקייט מיט דעם צוועק, אויפצוהויבען די שטימונג פון פאָלק. דער דאָזיגער פלאַמענדער גייסט, וואָס איז נאָך ר' יהושע'ס טויט אָנערקענט געוואָרען פאַר דעם ראש פון סנהדרין, האָט פעסט געגלויבט אין דעם ערפאָלג פון דער איצטיגער פּאַטריאָטישער בעוועגונג און איז איבערצייגט געווען, אַז דאָס איז דער לעצטער קריזיס, נאָך וועלכען עס וועלען זיך אָנהויבען די ליכטיגע צייטען פאַר דער דערשלאָגענער יהודה. ער האָט דעריבער געמאַכט איצט אַ רייזע איבער אַלע יודישע קהלות אין קליין אַזיע, בבל און

פּאַלעסטינאַ און אומעטום געוועקט, געמונטערט און גערופען צום קאַמפּף מיט רוים פאַר דער בעפרייאונג פון פאָטערלאַנד .

אזוי זענען סיסטעמאַטיש בעזאָרגט געוואָרען אלע נויטיגע הכנות צום אויפשטאַנד . די אַרבייט איז צוגעגאַנגען אזוי פּלאַנמעסיג און געשיקט, אַז אין דעם משך פון דער גאַנצער צייט האָט די רוימישע אַדמיניסטראַציע קיין זאַך נישט בעמערקט, און זי האָט זיך געחאַפּט ערשט דאַן , ווען אַלץ איז שוין גרייט געווען און דער אויפשטאַנד האָט זיך שוין פונאַנדערגעפלאַקערט . געוועהר , קאָמוניקאַציאָנס-מיטלען , סאָלדאַטען — אַלץ איז געווען גענוג און אין אַ גלענצענדער אָרדנונג און ווי פון זיך אַליין איז אויסגעוואַקסען אַ מעכטיגער קריגס-פיהרער , וועלכער האָט מיט זיין פּערזאָן נאָכמעהר פערשטאַרקט די פּאַטריאָטישע בעגייסטערונג און דעם קריגערישען מוט פון די יודישע מחנות . דאָס איז געווען אַ געוויסער בר-כוזיבא (פון דער שטאָדט כוזיב) , אַ מענש מיט אַ אונגעוועהנליכען מוט , וועלכער האָט דער אָבגעשוואַכטער רוים פון דער דעמאָלדיגער צייט כערשאַפּט נישט ווייניגער צרות, ווי דעם בעריהמטען האַניבאַל אין די אַמאָליגע צייטען. פון בר כוזיבא'ס אָבשטאַמונג און יוגענד איז קיין שפּור נישט איבערגעבליבען אין דער יודישער פאָלקס-לעגענדע . ווי יעדער רעוואָלוציאָנס-העלד, איז ער אויך פּלוצלונג אויסגעוואַקסען פון פאָלק און האָט זיך גלייך אַוועקגעשטעלט איבער איהם , ווי דער איינציגער מיטעלפּונקט פון דער גאַנצער בעוועגונג , ווי די צענטראַלע פּערזאָן פון דעם גאַנצען מענשענשטראָם , צו וועלכער אַלע מוזען זיך צוהערען . זיין ווירקונג איז געווען שטאַרק און בעצויבערנד נישט בלויז אויף די ברייטע מאַסען , נאָר אויך אויף די גרויסע געצעהלטע גייסטער פון דער אומה , און פון די האָט זיך בעזונדער אויסגעצייכענט ר׳ עקיבא . ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל דערזעהען דעם העלדישען פיהרער , האָט ער מיט התפעלות אויסגערופען : „דאָס איז דער מלך המשיח !״ און געלייענט אויף איהם דעם פסוק : דרך כוכב מיעקב (ס'איז אויפגעגאַנגען אַ שטערן פון יעקב) ; פון דאַן אָן האָט איהם דאָס פאָלק אָנגעהויבען רופען בר כוכבא (דער זוהן פון די שטערן) און אונטער דעם שטאָלצען נאָמען איז זיין אָנדענקען פערבליבען אויך אין דער געשיכטע. — בכלל האָט ר׳ עקיבא'ס בעגייסטערונג אַ סך געווירקט , אויפצוהויבען פון איין זייט די שטימונג פון פאָלק בנוגע צו דעם ערפאָלג פון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג , אין פון דער צווייטער זייט — צו פערגרעסערן ביי בר-כוכבא'ן אַליין די

מיינונג וועגען זיך, וועגען זיין אלמעכטינקייט. ר׳ עקיבא האט געגלויבט,
אז נאך דעם איצטיגען אויפשטאנד וועלען זיך אנהויבען די צוגעזאגטע
משיח׳ס צייטען, און ער האט אויסגעטייטשט אויף זיין צייט חגי׳ס נבו-
אה: „נאך א ווייל, און איך וועל הימעל און ערד מאכען ציטערן,
אומווארפען דעם טראן פון די מלוכות און פערטיליגען די מאכט פון
די געצענדינער״. עס האבען זיך, אמת, געפונען אויך מעהר מיושב׳-
דיגע צווישען די גייסטיגע פיהרער פון דער אומה, וועלכע האבען גע-
קוקט אויף ר׳ עקיבא׳ס ענטוזיאזם, ווי אויף א פאלשער אילוזיע, ווי
אויף א גייסטיגער פערבלענדעניש, און איינער האט אפילו אפען און
ענטשלאסען געזאגט צו איהם: „עקיבא! גראז וועט ארויסוואקסען פון דיינע
באקען און דער בן-דוד (משיח) וועט נאך אלץ נישט זיין!״ ר׳ עקיבא׳ס
איינפלוס אויפן פאלק איז אבער פיעל שטארקער געווען, און קוים האט
ער געקוקט אויף בר-כוכבא׳ן, ווי אויף א שליח פון גאט, וואס האט
אויסצופילען א גרויסע שליחות און דערנעהנטערן די נאציאנאלע גאולה,
האט זיך דאס גאנצע פאלק אויך בעצויגען צו איהם מעהר, ווי צו א גע-
וועהנליכען וועלטליכען פיהרער. די גאנצע בעוועגונג האט בעקומען א
געוויסע רעליגיעזע שאטירונג און פון אלע לענדער זענען גרויסע מחנות
יודישע קעמפפער געקומען צו דעם פערעהרטען מלך המשיח און זיך
אוועקגעשטעלט אונטער זיין פאהן. צו די לעצטע זענען צוגעשטאנען
מאסען פון די שכני׳שע געצענדינער, וועלכע האבען אויך געקרעכצט
אונטער דעם שווערען רוימישען יאך און זיך געוואלט פון איהם בעפריי-
ען, און עס האט אויסגעזעהען, אז דער מעכטיגער בנין פון דער רוימי-
שער אימפעריע וועט דא בעקומען א געוואלטיגען קלאפ אז די מיט
צרות צוזאמענגעהאלטענע גליעדער פון דעם ריעזיגען ארגאניזם וועלען
ביסליכווייז צופאלען. מיר האבען נישט קיין גענויע קוועלען וועגען דער
ווירקליכער צאהל פון די קעמפפער, וואס בר-כוכבא האט געהאט אין
זיין מאכט; אויף וויפיעל אבער ס׳איז צו אורטיילען לויט דער מוטיגער
און פרעהליכער שטימונג, וואס האט געהערשט אין די רעוואלוציאנערע
רייהען, קען מען אננעהמען פאר נישט איבערטריבען די צאהל פון
פיער הונדערט טויזענד, ווי זי איז אנגעגעבען אין א יודישער קוועלע,
אדער זאגאר פינף הונדערט אכציג טויזענד מאן, — ווי עס גיט אן
דער גריכישער היסטאריקער דיא קאסיוס. מיט אזא ארמעע אין די
הענד האט זיך בר-כוכבא געפיהלט גאנץ מונטער, און לויט א געוויסער
לעגענדע זאל ער זיך אפילו האבען ארויסגערופען: „גאט! העלף נאר

רו נישט אונזערע שונאים ; מיר ווילן זיך שוין אליין העלפען !״ די זעל־בינע לעגענדע דערצעהלט אויך , אז בר־כוכבא האט איינגעפיהרט א גע־וויסען עקזאמען פון העלדענמוט פאר די , וואס האבען געוואלט אריינ־טרעטען אין זיין חיל : יעדער סאלדאט האט זיך געמוזט אליין אבהאקען איין פינגער. געגען דער איינפיהרונג זענען אבער שארף ארויסגעטרעטען די געזעצלעהרער אינ׳ם נאמען פון דער תורה , וואס פערבאט אזעלכע מעשים ; דעמאלט האט בר־כוכבא אויסגעפונען אנ׳אנדער מיטעל , אויס־צופרובען די גבורה פון זיינע סאלדאטען : ער האט געהייסען יעדערן אויסרייסען מיט׳ן ווארצעל א צעדערבוים פון וואלד לבנון .

געגען דער דאזיגער ריעזיגער קראפט איז דער רוימישער שטאט־האלטער אין יהודה גארנישט בכח געווען אויפצוטאן . ער האט זיך אפילו געפרובט עטליכע מאל אנטקעגענשטעלן די יודישע מחנות און דערשטיקען דעם אויפשטאנד מיט אכזריות׳דיגע מיטלען ; געענדיגט האבען זיך אבער די אלע צוזאמענשטויסען מיט דעם נצחון פון די יודי־שע פאטריאטען , די צאהל פון וועלכע ס׳איז כסדר געוואקסען . רו־פוס (אזוי האט געהייסען דער רוימישער שטאטהאלטער אין יהודה פון יענער צייט ; אין דער תלמודישער לעגענדע איז ער בעקאנט אונטערן נאמען טורנוסרופוס) איז געלאפען מיט זיין גארניזאן פון איין פעסטונג אין דער אנדערער און אין דעם משך פון איין יאהר (פון 132 ביז 133) זענען ביז פופציג בעפעסטיגטע פלעצער און איבער נייון הונדערט אפענע שטעדט און דערפער אין יהודה , גליל און שומרון איבערגעגאנ־גען צו די רעוואלוציאנערען אין די הענד . אין דער רייהע פון די דא־זיגע שטעדט איז , ווי ס׳שיינט , געווען אויך ירושלים אליין , און צו יענער צייט דארף מען צושרייבען די בראנזענע און קופערנע מטבעות מיט די אויפשריפטען : „שמעון״ (בר־כוכבא) אויף איין זייט, און „לחרות ירושלים״ (צו דער בעפרייאונג פון ירושלים)— אויף דער צווייטער .

ענדליך האבען זיך אין רוים דערטראגען ידיעות וועגען דעם אויפשטאנד אין יהודה און וועגען די שרעקליכע מפלות פון דעם דאר־טיגען רוימישען שטאטהאלטער ; דאס האט אויף האדריאנ׳ען געמאכט א שווערען איינדרוק און ער האט גלייך ארויסגעשיקט קיין פאלעסטינא א גרויסע מחנה סאלדאטען . די דאזיגע מחנה איז צוזאמענגעשטעלט גע־וואָרען פון די לעגיאנען , וואס האבען זיך ביז אהער געפונען אין פער־ניציען , עגיפטען, אראביען, מעזיען און מויריטאניען ; די שיפען פון סירי־ען און פעניציען האבען אט די לעגיאנען אראבגעזעצט אויף די ברעגען

פון פאלעסטינא און צוזאמען מיט דער נייער ארמעע זענען אויך אנגע־קומען די בערימהמטע רוימישע קריעגס־פיהרער פובליוס מארצע־לוס, דער שטאטהאלטער פון סיריען, און לאליוס אורביציוס, דער פריהערדיגער שטאטהאלטער פון ניעדער־דייטשלאנד. דיביידע העלדען האבען אבער דעם רוימישען חיל קיין ישועה נישט געבראכט; זיי האבען אויך גישט געקענט ביישטעהן געגען דעם אנגריף פון די יו־דישע מחנות, און ביי די איצטיגע צוזאמענשטויסען איז אויך דער נצחון געבליעבען אויף דער יודישער זייט.

איבער די רוימישע געפאנגענע האבען די פאטריאטען דאס מאל קיינע אכזריות'דיגע מעשים נישט אויסגעאיבט; דאגעגען האט אבער בר־כוכבא זיך זעהר פיינדליך פערהאלטען צו די יודען־קריסטען, וואס האבען געלעבט אין יהודה. זיי זענען צו יענער צייט נאך מעהר פער־האסט געווען פון די רוימער גופא — אלע האבען אויף זיי געקוקט, ווי אויף פעררעטער און שפיאנען. אין דעם בעניימען מלוכה־וועזען, ווען א סך יודישע געזעצען זענען צוריק ארייַן אין זייער קראפט, האבען די ריכטער ארויסגעגעבען שטרענגע שטראפען געגען די דאזיגע כלומרש'טע יודען, וואס האבען זיך מיט א פערביטערטער עקשנות אפ־געזאגט א אנטהייל צו נעהמען אין דער גרויסער מלחמה פאר דאס זיין אדער נישט־זיין פון דער יודישער אומה, און נאך געשטיצט אפט די רוימער, — האטש ס'ווערט דערביי אין ערגעץ נישט דערמאנט קיין טויט־שטראף, ווי עס גיעבען אן פאר א פאקט די שפעטערדיגע קריסט־ליכע קוועלען *).

אזוי האט זיך די מלחמה געצויגען גאנצע צוויי יאהר (134 — 132), און די רוימער האבען פאר זיך קיין אויסוועג נישט געפונען;

*) מיט דעם צוועק נאכמעהר אבצוזונדערן די יודישע מאסען פון די יודען־קריסטען האט דאס סנהדרין פון יענער צייט איינגעפיהרט א בעדייטענדע תקנה; אזוי ווי די קריסטען האבען אנגעהויבען זיך צו בענוצען אין זייערע תפילות מיט דעם זעלבי־גען טיטול פאר קריסטוס'ן, מיט וועלכען די יודען האבען גערופען נאר גאט אליין (האר, אדוני), — האט דאס סנהדרין פעראָרדענט, אז די יודען זאלען אין זייערע תפילות און בעגריסונגען זיך נישט בענוצען מיט דעם פולען נאמען אדוני, נאר מיט דער פיער־זילביגער בעצייכנונג (יהוה).

די נייע צוגעשיקטע מחנות זענען איינע נאך די אנדערע צוקלאפט גע־וואָרען, און מיט יעדען נצחון פון דער יודישער מחנה איז אלץ גרע־סער געוואָרען די געפאהר, עס זאָלען זיך נישט צושליסען צו איהר די לענדער פונ'ם גאנצען מזרח. דאָס האָט געצוואונגען האדריאנ'ען, ער זאָל זיך אָנהויבען בעציהען צו דעם אויפשטאנד פיעל ערנסטער, ווי ער האָט זיך בעצויגען צו איהם ביז אהער; ער האָט אָבגערו־פען פון דער ווייטער בריטאניען דעם בעריהמטען יוליוס סעווערוס און האָט איהם אוועקגעשיקט קיין יהודה. דער דאזיגער העלדישער קריעגס־פיהרער, וואָס האָט נאָר וואָס געהאט אונטערדריקט דעם פאטריאָטישען אויפשטאנד פון די פרייהייטס־ליעבענדע ענגלענדער, איז אָנערקענט געוואָרען פון האדריאנ'ען פאר דעם איינציגען, וואָס איז אימשטאנד זיך צו פערמעסטען מיט דעם יודישען פיירדיגען פאטריאָטיזם.

ביי זיין אָנקומען אויפן קריעגס־פלאץ האָט סעווערוס געפונען פאר זיך פון דער יודישער זייט א אויפגעמונטערטע און גוט אוועקגעשטעלטע אַרמעע, אונטער דער אָנפיהרונג פון א גלענצענדען קריעגס־העלד. ער האָט דעריבער נישט געפועל'ט ביי זיך, ארויסצוטרעטען אין א אָפענער מלחמה מיט דעם צענטר פון דער יודישער מחנה, און האָט זיך בעגנ־רענעצט מיט קלענערע אָנפאלען אויף די פונאנדערגעוואָרפענע יודישע מיליטער־אָבטהיילונגען. ווי וועספאסיאן, האָט אויך סעווערוס בעזונדער אויסגערעכענט אויף דעם מאנגעל אין לעבענס־מיטעל, וואָס וועט זיך סוף כל סוף דאך מוזען אָנהויבען צו פיהלען אין דעם קליינעם איינגע־שלאָסענעם לאנד, וואו אלע בירגער האָבען פערלאָזען זייער פעלדער און אקער־אייזענס און זיך גענומען פאר'ן שווערד און שפיז. זיין ערשטע טעטיגקייט איז אלזאָ בעשטאנען נאר אין דעם, וואָס ער האָט געזעהען אָבצושניידען אלע וועגען צום לאנד און צו פערטיליגען די קליינע יודישע וואנדער־טרופען. אזא טאקטיק פאָדערט א סך צייט, זי פיהרט אָבער זיכערער צום ציעל, און סעווערוס האָט געהאט גענוג געדולד, זיך צו האלטען ביי דער טאקטיק ביז'ן לעצטען אויסגאנג פון דעם שרעקליכען קריעג. די מלחמה האָט זיך געצויגען יאָהרע־לאנג; די רוימער זענען אָבער וואָס ווייטער אלץ שטארקער און פעסטער גע־וואָרען און האָבען ענדליך אָנגעהויבען אָבצונעהמען ביי די יודען צוריק די אלע איינגענומענע פאזיציעס. ביי די צוזאמענשטויסען האָבען זיך אהן א שום צווייפעל אָבגעשפיעלט וואונדערבארע סצענעס פון העלדענ־מוט און איפגעפלאמטען פאטריאָטיזם; עס זענען אָבער, ליידער, קיינע

קוועלן נישט דערגאנגען צו אונז מיט פרטים װעגן דעם דאזיגן קאמפף אויף לעבען און טויט פון דער יודישער אומה. די העלדישע מעשים פון בר גיורא און יוחנן פון גוש-חלב זענען פערראַכֿבינגם געװאָ-רען — אפשר געגען זײַן אײַגענעם װילען — אין די היסטאָרישע װערק פון זײַער גרעסטען שונא, און דאגעגען האָבען די לעצטע קריעגס-גבורות פון די יודישע העלדען, די לעצטע שטורם-אויסברוכען פון דער יודישער לעבעדיגער קראַפט, — נישט געפונען פאר זיך קײַן גריפעל, װאָס זאל זײַ אויפצײַכנען אויף היסטאָרישע טאָװלען פאר די קומענדיגע דורות. און נישט בלויז די יודישע, אַפילו די רוימישע שילדערונ-גען פון דעם קריעג, װאָס זענען פערצײַכענט געװאָרען פון דעם רעד-נער אנטאָנוס יוליאנוס — זענען אויך פערלוירען געגאַנגען. דער-גאַנגען צו אונז פון יענער מערקװירדיגער עפּאָפּעע זענען נאָר עטליכע תלמודישע לעגענדעס, װאָס שילדערן די יודישע העלדישקײַט, די יודי-שע טויט-מוטיגע בעגײַסטערונג. די פופציג בעפעסטיגטע פלעצער, װעלכע האָבען זיך געפונען אין די יודישע העגד, זענען אלע צוריק איבערגעגאַנגען צו די רוימער, און די לעצטע פעסטונג, אין װעלכער ס'האָבען זיך אָנגעקלאַמערט די איבערגעבליבענע יודישע קעמפּפער, איז געװען ביתר, א יונגע שטאָדט נישט װײַט פון ים, צו דרום זײַט פון קסריה. דאָ האָבען זיך ארום בר כוכבא'ן צוזאַמענגענומען אַלע אנטלאָפענע און געראַטעװעטע פון גאַנצען לאַנד, און די בעלאַגערונג פון דער פעסטונג איז סעװערוס'ען נישט לײַכטער אָנגעקומען, װי װעספּאַסיאַנ'ען ירושלים בײַ דעם פריהערדיגען אויפשטאַנד. די אונטער-ערדישע הויהלען און װעגען האָבען אַ לאַנגע צײַט פערזאָרגט דער בע-פעלקערונג מיט נאַהרונגס-מיטעל און א טײַלעל, װאָס זאל זיך האָבען געפונען אין שטאָדט, האָט זי געשיצט פון װאַסער-מאַנגעל; ענדליך איז אָבער אויך אָט דער לעצטער װינקעל פון לאַנד געפאַלען. װעגען די סבות פון דעם רוימישען נצחון זענען פערהאַן אין דער לעגענדע עטליכע נוסחאות. לויט אײַן נוסח האָבען צװײַ שומרונים איבערגעגעבען די רוימער דעם פּלאַן פון די אונטערערדישע װעגען; לויט א צװײַטען — האָבען די רוימער אײַנגענומען דעם טײַכעל און עס האָט אויסגע-פעהלט װאַסער, און לויט א דריטען—איז די ערהאָבערונג פון ביתר אין אלגעמײַן געװען א רעזולטאַט פון פעררעטערישען שפּיאָנאַזש. עס האָט זיך הערצעהלט אין פאָלק, אַז א געװיסער בעריהמטער צדיק, מיט'ן נאָמען ר' אלעזר פון מודעין, האָט זיך אָנגעקלײַדט אין א זאַק

מיט אש און געפּאַסט און גאָט געבעטען, ער זאָל זיך מרחם זײַן איבער דער אונגליקליכער שטאָדט און נישט איבערגעבען זי דעם שונא אין די הענד. האָבען די תפילות געווירקט און דער רוימישער שר, מיעד פון דעם האַרטנעקיגען פערביטערטען קאַמפף, האָט שוין געוואָלט אינגאַנצען אויפגעבען די בעלאַגערונג. דאַן איז צו איהם געקומען אַ שומרוני און געזאָגט: דו וועסט אײַננעהמען די שטאָדט, ווען דו וועסט געפינען אַ מיטעל אַרויפצוּוואַרפען אַ חשד פון פערראַט אויף איהר הײַליגען שוצ־גײַסט, אויף דעם אַלטען ר׳ אלעזר׳ן; „דען אַזוי לאַנג — האָט ער צו־געגעבען — ווי די דאָזיגע הון וואַלגערט זיך אין אש, וועט ביתר נישט אײַנגענומען ווערן". און דער זעלביגער שומרוני האָט זיך אַלײַן גלײַך גענומען דורכצופיהרען דעם טײַוולאָנישען פּלאַן. ער האָט זיך דורך אַ אונטערערדישען גאַנג אַרײַנגעגנב׳עט אין שטאָדט און צוקומענדיג צו דעם הײַליגען ר׳ אלעזר, האָט ער איהם עפּעס אײַנגערוימט אין אויער; פערזונקען אין זײַנע תפילות האָט זיך דער הײַליגער זקן גאָרנישט צו־געהערט צו דעם שפּיאָנ׳ס רייד און איהם גאָרנישט בעמערקט; די אַרו־מיגע אָבער, וואָס האָבען צוגעזעהען די סצענע, האָבען דאָס דער־טראָגען צו בר־כוכבא׳ן, און ער האָט געלאָזען ברענגען צו זיך דעם שומרוני, וועלכער האָט דאָ פערענדיגט זײַן אָנגעהויבענע אַרבײַט. אויף בר־כוכבא׳ס פראַגע: וואָס ער האָט גערעדט מיט ר׳ אלעזר׳ן? האָט דער שומרוני געענטפערט: „וועל איך דיר זאָגען דעם אמת, וועט מיך מײַן האַר טויטען, וועל איך דיר דעם אמת נישט זאָגען — וועסט דו מיך טויטען; וויל איך שוין בעסער דורך דײַן האַנד פאַלען, איידער פערראַטען די סודות פון מײַן האַר". פון דער תשובה האָט בר־כוכבא געדרונגען, אַז ס׳עקסיסטירט עפּעס אַ פעררעטערישער אָבמאַך צווישען ר׳ אלעזר׳ן מיט׳ן אויסוועניגסטען שונא, און ער האָט דעם ערש־טען, וועלכער איז געווען זײַנער אַ נאָהנטער קרוב, אויך גערופען צו זיך און געפאָדערט פון איהם אַנ׳ערקלערונג וועגען זײַנע אונטערהאַנד־לונגען מיט׳ן שונא׳ס שליח. ר׳ אלעזר האָט אויף דעם געענטפערט, אַז ער ווייס גאָרנישט פון וואָס צו זאָגען, און דאָס האָט דעם צורײַצטען קריגס־פיהרער אַרײַנגעבראַכט אין איהם גרימצאָרן, אַז ער האָט דעם קוים־לעבעדיגען גרויסען צאָרן אַ שטויס געטאָן מיט׳ן פוס, און יענער איז אַנידערגעפאַלען — טויט. באַלד דערויף האָט זיך געהערט אַ בת־קול פון הימעל: „דו האָסט דעם אָרעם פון ישראל געלעהמט און זײַן אויג געבלענדעט, דערום וועט דײַן אָרעם געלעהמט און דײַן אויג געבלענדעט

ווערן"; און אין דעם זעלביגען טאג איז ביתר געפאלען און בר-כוכבא געטויט געווארען. די דאזיגע לעגענדע איז אויך די איינציגע יודישע קוועלע, וואו עס רעדט זיך וועגען דער ענדע פון דעם געוואלטיגען יודישען העלד. שפעטער האט מען דערצעהלט, אז איין רוימישער סאלדאט האט געבראכט בר-כוכבא'ס קאפ און זיך בערימהט, אז ער האט דעם העלד געטויט; דאס האט זיך אבער ארויסגעוויזען פאר א ליגען, דען מ'האט דערנאך געפונען בר-כוכבא'ס קערפער ארומגעוויקעלט פון א שלאנג, און סעווערוס האט זיך אויסגעדריקט: „ווען א גאט וואלט דעם מענשען נישט טויטען — קיין מענשענקראפט וואלט איהם קיינמאל נישט בייגעקומען".

די רוימישע סאלדאטען, וואס האבען זיך אריינגעריסען אין דער איינגענומענע שטאדט, האבען זיך גענומען פאר זייער געוועהנליכער ארבייט אין אזא פאל: די שחיטה צווישען דער שטאדטישער בעפעלקערונג איז געווען אזוי שרעקליך, אז די פערד זענען ביז די נעזער געגאנגען אין בלוט, און דער שטראם פון דעם דאזיגען בלוט האט זיך, ווי א טייך, געצויגען ביז צום ים, וואס איז געווען א מייל ווייט פון שטאדט, און האט מיטגעצויגען מיט זיך שווערע פעלזענשטיינער. דריי הונדערט יונגע קעפליך פון יודישע קינדער האט מען געפונען צושמעטערט אן איין שטיין, און פון דער גאנצער יוגענד אין ביתר זאל זיך האבען גערעטעוועט, נאר דער איינציגער זוהן פונ'ם פאטריארך. די פערטיליגונג האט ארומגענומען דער גאנצער מענליכער בעפעלקערונג, און ווען די פרויען פון די אויסגעהרג'עטע האבען געוואלט בעשטעטיגען פאר די בית דין'ס דעם פאקט פונ'ם טויט פון זייערע מענער — האבען זיי קיין לעבעדיגע עדות נישט געפונען. די אלגעמיינע צאהל פון די געפאלענע און געפאלענע אין דעם איצטיגען, בר-כוכבא'שען קריעג דערגרייכט אין דער יודישער מסורה ביז צו א אונגעהויערען ציפער, און דאך ווערט זי בעשטעטיגט אויך פון א רוימישער קוועלע. דער גוט-אינפארמירטער גריכישער היסטאריקער דיא קאסיוס דערצעהלט, אז אויסער די אומגעקומענע פון הונגער און פייער, זענען אויפ'ן שלאכטפעלד אליין געפאלען ביז פינף הונדערט טויזענד מאן; דער דאזיגער מענשען-חורבן דארף אבער צוגעשריבען ווערן נישט נאר די יודישע מחנות אליין — אויך די רייהען פון דעם רוימישען חיל זענען אויסגעראטען און פערטיליגט געווארען. א גרויסער טייל פון די רוימישע לעגיאנען האט זיך לעבען איבערגעלאזען אין די יהודה'עאישע

בּערגער און טאָלען , און ווען האַדריאַן האָט זיך געווענדט צום סענאַט מיט דער ידיעה וועגען סעווערוס'עס נצחון , האָט ער נישט געוואגט , אָנצוהייבּען די ע־קלערונג מיט דעם געוועהנליכען נוסח : „איך און די אַרמעע געפינען זיך אין אַ גוטען צושטאַנד" , ווייל צופיעל טויזענדער לעבּענס פון דער דאָזיגער אַרמעע האָט דער נצחון געקאָסט . איבּער דעם טעם האָט דער סענאַט אויך נישט בּעשטימט קיין טריאומף־צוג פאַר'ן קייזער , ווי דער מנהג איז געוועןָ, און נאָר סעווערוס אַליין האָט בּעקומען דעם עהרען־צייכען פון אַ טריאומפאַטאָר .

מיט דעם אונטערגאַנג פון דער שטאָדט ביתר (135) איז נאָך די מלחמה אינגאַנצען נישט געענדיגט געווען . עס זענען נאָך געבּליבּען פונאַנדערגעוואָרפען איבּער'ן לאַנד אַ רייהע קלענערע אָבּטיילונגען פון דער יודישער מחנה , וואָס פלעגען זיך בּעהאַלטען אין די מערות און וועלדער און אָנפאַלען פון הינטען אויף די רוימער . כדי צו פער־לעשען די דאָזיגע לעצטע האָלאָוועשקעס פון דעם גרויסען פייער , האָט סעווערוס צושטעלט מעהרערע וואַך־פּאָסטענס אין פערשידענע פּונקטען פון לאַנד אַזוי , אַז די , וואָס זענען נצול געוואָרען פון איין וואַך , האָבּען געמוזט אַריינפאַלען אין די הענד פון דער אַנדערער . אַזוי זענען בּיס־ליכווייז אַלע סאָלדאַטען אויסגעהרג'עט , אַלע אויפגעשטאַנענע שטעדט און דערפער פערברענט און דאָס גאַנצע לאַנד חרוב ומוחרב געוואָרען . די געפאַנגענע , וועלכע זענען בּעשטאַנען אַממעהרסטען פון נישט דער־וואַקסענע קינדער און פרויען , האָט מען טויזענדער־ווייז צונויפגעשלעפּט אויף די שקלאַפען־מערק אין חברון און עזה , און צוליעב דעם , וואָס די אָנגעבּאָטענע סחורה איז אַזוי פיעל געווען , זענען די געפאַנגענע אַוועקגעגעבּען געוואָרען פאַר'ן קלענסטען פּרייז דעם ערשטען און בּעסטען . די איבּערגעבּליבּענע פון דער אונגעהויערער שקלאַפען־מחנה זע־נען אַוועקגעפיהרט געוואָרען קיין עגיפּטען , און דאָ זענען מאַסען פון זיי אומגעקומען אין וועג פון הונגער און פון ים־שטורעם . עס זענען נאָך אָבּער אַלץ געבּליבּען אַנטלאָפענע , וואָס זענען געלעגען בּעהאַל־טען אין אָבּגעלעגענע מערות , אום איבּערצוּוואַרטען די שרעקליכע יאַגד פון די רוימישע סאָלדאַטען ; נישט האָבּענדיג קיין שפּייז־מיטלען האָבּען זיך אָט די אונגליקליכע געשפּייזט מיט דעם פליישׁ פון די מתים , וואָס זענען אין אָנהויבּ הויפענס־ווייז געלעגען אָנגע־וואָרפען אויף די פעלדער . אַזוי ווי די יאַגד פון די רוימער האָט זיך אַזוי גיך נישט געענדיגט , און די בּעהאַלטענע האָבּען געמוזט לעבּען

אין זייערע הויהלען א לאנגע צייט, האבען זיי זיך צוגעוועהנט צו דעם שרעקליכען געשמאק פון פענשענפלייש, און יערען טאג האט אנ'אנ־דערער פון די הויהל־איינוואוינער געמוזט ארויסגעהן און אויפזוכען דעם קערפער פון א געפאלענעם. האט זיך געמאכט איינמאל, — דערצעהלט די לעגענדע — אז איינער פון די אונגליקליכע האט גענומען פון דר'ערד א טויטען קערפער און האט דערקאנט אין איהם זיין פאטער. איז ער אוועק צוריק אין דער מערה און געזאגט צו די חברים, אז ער האט גארנישט געפונען; האבען זיי ארויסגעשיקט א צווייטען שליח און דער האט יא געבראכט א קערפער, וועלכען מ'האט גלייך אויפגעגעסען. דערנאך האט זיך אבער דער זוהן דערוואוסט, אז דאס איז געוועזען דער זעלביגער קערפער, וועלכען ער האט איבערגעלאזען, האט ער זיך פונאנדערגעווייגט און געשריען: „וועה צו די קינדער, וואס שטילען זייער הונגער מיט'ן פלייש פון זייער פאטער", און שפעטער האט מען געלייענט אויף זיי די נבואה פון יחזקאל: לכן אבות יאכלו בנים בתוכך ובנים יאכלו אבותם (דערום וועלן עלטערן עסען זייע־רע קינדער ביי דיר און קינדער — זייערע עלטערן). די רוימער האבען אבער די אונגליקליכע עלענדע דאס דאזיגע עלענדע לעבען אויך נישט פערגו־נען; מ'האט זיי דורכאוים געוואלט ארויסקריגען פון זייערע בעהעלטע־נישען, און שלוחים האבען אויסגערופען אין גאנצען לאנד, אז יענע, וועלכע וועלן זיך פרייוויליג אונטערגעבען, וועט מען שענקען דאס לע־בען. מיט אזעלכע מיטלען איז די רוימער געלונגען, צונויפצוזאמלען טויזענדער פון די דאזיגע בעהאלטענע אין דעם טאל רמון (בקעת רמון), פון וואנען ס'איז ארויס דער ערשטער סיגנאל צום קאמפף. דא האט דער רוימישער אריסטאקראט זיך אויסגעלאכט פון די לייכטגלויבי־גע, און געזאגט: „איידער איך וועל האבען אויפגעגעסען דעם קופען מיט דעם שטיקעל הון, וועל איך זופען איינעם פון זיי און איהם נישט געפינען", — און די ארומיגע סאלדאטען האבען מיט זייערע שווערדען און שפיזען שוין געזארגט דערפאר, אז דער גרויסער זיעגער זאל קיין ליגנער נישט בלייבען. גליקליך זענען געווען נאר יענע, וועלכע האבען בעוויזען אריבערצוגעהן די גרענעצען פון בבל און אראביען—אהין האט די רוימישע אבוריות נישט געקענט דערגרייכען. אין די לענדער, דא־געגען, פון דער רוימישער אימפעריע אויסער יהודה האבען די יודען אויך געפיהלט אויף זיך האדריאנ'ס גרימצארן: ער האט איינגעפיהרט פאר זיי א בעזונדער לייב־אבצאהל, וועלכער איז נאך פיעל דריקענדער

געווען פון דעם יודענשטייער, וואס וועספאסיאן האט אויף זיי ארויפגעלעגט.

אזוי האט זיך געענדיגט דער שטורמישער אויסברוך פון דעם יודישען פרייהייטס־גלוט, וואס האט אין דעם משך פון דעם לעצטען יאהרהונדערט איינגעשלונגען א גרויסען טייל פון גאנצען פאלק. די יודי־שע אומה האט ווידער בעקומען אזא קלאפ, וואס וואלט גענוג זיין צו פערטיליגען דעם שטארקסטען פאלקס־ארגאניזם; די יודישע אומה איז אבער נישט פערטיליגט געווארען. עס האבען זיך נאר טיפע און געדיכטער אנגערוקט די שווארצע וואלקענס אויף דעם יודישען הימעל; יודען האבען פון איין זייט טיפער אראבגעבויגען דעם קאפ צו דר'ערד, און פון דער צווייטער זייט — העכער אויפגעהויבען די אויגען צום הי־מעל; אין דער יודישער גאס האט מען אויפגעהערט צו לאכען, און „פון דעם לעצטען אויפשטאנד (פולמוס) האט מען גוזר געווען, אז די כלה זאל נישט געטראגען ווערן אין איהר חופה־שטוהל דורכ'ן שטאדט".

און אט דער פאקט, וואס זיינע לעגיאנען זענען אימשטאנד גע־ווען, צו פערניכטען נאר דאס יודישע לאנד, אבער נישט די יודישע אומה, — האט האדריאנ'ען נישט געלאזען רוהען. הויפענס פון צעהנדליגער טויזענדער אומגעקומענע יוד'ען האבען בעדעקט די מיט בלוט דורכגעווייקטע פעלדער פון זייער פערוויסטען פאטערלאנד; דאס האט אבער נאך נישט געשטילט דעם נקמה־דורשט פונ'ם רוימישען הערשער. ער האט געוואלט דורכאויס דאס גאנצע יודישע פאלקס־טום פערניכטען, די גאנצע אומה אונטערברעכענען, און ער האט זיך גענומען דורכפיהרען די דאזיגע אויפגאבע מיט א אונגעהערליכער פערביסענקייט און אכזריות.

האדריאנ'ס ערשטער שריט אויף דעם וועג איז געווען דאס, וואס ער האט דעם פריהערדיגען טיניוס־רופוס צוריק בעשטימט פאר א פראקוראטאר איבער יהודה. די כונה פון דער בעשטימונג איז געווען בולט און אפען: רופוס האט גוט געקאנט דאס יודישע לעבען און איז דער איינציגער אימשטאנד געווען, דורכצופיהרען די נייע געזעצען, וועלכע האבען געהאט דעם צוועק, איבערצורייסען די אלע גייסטיגע און רעליגיעזע פעדים, וואס האבען צונויפגעבונדען די איבערגעבליבענע גליעדער פון פאלק און געמאכט פון זיי איין גאנצען ארגאניזם. כדי ארויסצורייסען דעם לעבענס־נערוו פון דער יודישער אומה: די איבערגעבליבענע חורבות פון ירושלים מיט'ן בית המקדש, האט רופוס

יך קודם כל גענומען, צו פערניכטען די דאָזיגע שפּורען. ער האָט געהייסען אָבּרייניגען דעם בית־המדרש־באַרג פון דעם הויפען שטיינער און באַלקענס, וואָס זענען דאָ געלעגען אָנגעוואָרפען נאָך פון טיטוס'עס צייטען אָן, און געלאָזען דורכאַקערן דעם גאַנצען שטח פון דער ערד, אויף וועלכען ס'איז געשטאַנען דער בית המקדש. די שטאָדט אַליין, דאַגעגען, האָט האַדריאַן געלאָזען פון דאָס ניי אויפבויען, און איצט האָט איהם שוין קיינער נישט געשטערט, צו מאַכען ירושלים פאַר אַ געצענדיענערישען צענטר. ער האָט בעזעצט די שטאָדט מיט אויסגעדיענטע רוימישע סאָלדאַטען, גריכען, סיריער, פעניציער און בכלל מענשען פון די פערשידענסטע נאַציאָנאַליטעטען— אויסער דער יודישער. די נייע שטאָדט האָט בעקומען דעם נאָמען ע ל י אַ  ק אַ פּ י ט אָ ל י נ אַ (לכבוד דעם קייזער עליא האַדריאַן און דעם גאָט יופּיטער פון קאַפּיטאָליום) און איז געבויט געוואָרען לויט דעם גרי־כישען סטיל, מיט צוויי מאַרק־פּלעצער, אַ פּאָלקס־טעאַטער און אַנדערע עפענטליכע געביידען. אויפ'ן אָרט, וואו דער בית־המקדש איז געשטאַ־נען, איז אויפגעשטעלט געוואָרען אַ גרויסאַרטיגער יופּיטער־טעמפּעל און דאָ האָט זיך אויך געפונען האַדריאַנ'ס סטאַטוע. ווי ס'גיט איבער אַ קריסטליכע מסורה, איז אויף דעם אָרט, וואו ס'האָט זיך געפונען קריסטוס'עס קבר, אויפגעשטעלט געוואָרען אַ טעמפּעל פאַר דער געטין ווענערא, און אַזוי האָבען זיך דאָ געפונען סטאַטוען און בילד־זיילען פון נאָך אַנדערע גריכישע און פעניציִשע געטער. אויף דעם וועג, וואָס האָט געפיהרט צו בית לחם, איז אויפגעשטעלט געוואָרען אַ זייל מיט אַ חזיר־קאָפּ, וואָס האָט די יודען בעזונדער שטאַרק געקרענקט. געשוינט זענען נישט געבליבען אויך די שומרונים; אויף דעם באַרג גריזים, וואו ס'איז אַמאָל געשטאַנען זייער הייליגער טעמפּעל, האָט האַדריאַן אויך געלאָזען אויפשטעלען אַ יופּיטער־טעמפּעל.

דערביי אַליין האָט זיך אָבער האַדריאַנ'ס פערניכטונגס־פּאָליטיק נאָך נישט אָבגעשטעלט. ער האָט זיך גענומען פאַר אַ מוסטער דעם אַמאָליגען סירישען דעספּאָט אַנטיוכס עפּיפאַנעס, און ווי יענער האָט ער אויך אָנגעהויבען אָנצעווענדען די אַכזריות'דיגסטע, שרעקליכסטע צוואַנגס־מיטלען, כדי אָבצורייסען די יודען פון זייער אמונה, פון זייערע לעבענס־מנהגים. די האַרטסטע שטראָפען זענען בעשטימט געוואָרען פאַר'ן אָבהיטען די דריי הויפּט־יסודות פון דעם יודישען רעליגיעזען לעבען: מלה, שבת פון לעהרנען די תורה. נישט אונבעשטראָפט זע־

גען אָבער געבליבען אויך דאָ וועניגער בעדייטענדע געביטען פון דער יודישער תורה און אַפילו יענע מנהגים, וואָס האָבען געהאַט בלויז אַ געזעלשאַפטליכען, און נישט קיין רעליגיעזען יסוד. כדי זיך צו בעוואָרענען פון געהיימע פערבּרעכענס געגען די דאָזיגע בעפעהלען, האָט דופוס אָרגאַניזירט אַ גאַנצען שטאַב פון שפּיאָנען און מוסרים, וואָס האָבען נאָכגעשפּירט די טריט פון יעדען יודען און פאַר'ן היטען דעם מינדסטען יודישען מנהג — גלייך איבערגעגעבען אין די הענד פון דער אכזריות'דיגער בעשטראָפונגס-מאַכט. אַזוי האָבען זיך אין דער יודישער געשיכטע ווידער איבערגעחזר'ט די מורא'דיגע פּלאָגען און צרות פון עפּיפאַנעס'עס צייטען, און דער אונטערשיד צווישען די ביידע דעספּאָטען איז בעשטאַנען נאָר אין דעם, וואָס האַדריאַן האָט קיין פּאָזיטיווע געצענדינערישע מעשים נישט געפאָדערט פון זיינע יודישע קרבנות. נישט קענען אָבהיטען די יודישע געבאָטען איז אָבער פאַר יודען אויך גענוג שרעקליך געווען, און דער גאַנצער פעריאָד פון'ם חורבן ביתר ביז האַדריאַנ'ס טויט ווערט אין דער יודישער פאָלקס-מסורה בעצייכענט אַלס די צייט פון גזירות, רדיפות און שמד.

שרעקליכער נאָך פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס ס'איז בטל געוואָרען דער גרויסער גייסטיגער צענטער אין יבנה, און די ברייטערע מאַסען פון פאָלק האָבען נישט געוואוסט, ווי זיך נוהג צו זיין: צי זאָלען זיי זיך שטרענג האַלטען ביי דעם געבאָט פון דער תורה און דערפאַר זייער לעבען מקריב זיין, אָדער זיי זאָלען מציל זיין דאָס לעבען און זיך אונטערגעבען אויף דער צייט דער טרויעריגער נויטווענדיגקייט. כדי צו בעשטימען די לאַגע, זענען זיך די איבערגעבליבענע געזעץ-לעהרער צונויפגעקומען אויף אַ געהיימער בעראַטונג אין לידדאַ; דאָ האָבען זיך אין אַנהויב די מיינונגען צוטיילט. אַנדערע האָבען זיך אַרויסגעזאָגט דערפאַר, אַז יעדער יוד איז מחויב זיך מוסר נפש צו זיין, זיין לעבען אַוועקצוגעבען פאַר יעדען געבאָט פון דער תורה, אָהן אַ שום אונטערשיד, צי די זאַך, וואָס מ'צווינגט איהם צו טאָן, איז אַ האַרבּעס פערבּרעכען, צי אַ לייכטעס; און דאַגעגען האָבען אַנדערע ערקלערט, אַז עובר זיין געצוואונגענערהייד הייסט נישט עובר געווען, און אַז דאָס איז געגען דעם גייסט פון דער תורה גופא, אַוועקצוגעבען דאָס לעבען אַפילו פאַר דעם האַרבּסטען פון איהרע געבאָטען; אָט די געזעצלעהרער זענען דעריבּער געווען דערפאַר, אַז ביי די איצטיגע שרעקליכע רדיפות מעג מען אַפילו עבודה זרה דינען — אַבי לעבען צו בלייבען. ענדליך איז אָבער געלונגען צו גע-

פינען אַ מיטעל-וועג צווישען די דאָזיגע עקסטרעמע באַוועגונגען, און נאָך דער אָבשטימונג איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז אויף אַלע מצוות פון דער תורה מעג מען עובר זיין, אום נישט געטויט צו ווערן, אויסער אויף די דריי: עבודה זרה (געצענדינסט), גלוי עריות (זנות) און שפיכות דמים (מאָרד). דאָס איז געווען אַ נאָרמע פאַר'ן כלל; עס האָבען זיך אָבער געפונען מאַסען פרטים (איינצעלנע), וואָס האָבען זיך מיט דער נאָרמע נישט גערעכענט: זיי האָבען אָבגעהיט אַלע געבאָטען פון דער תורה און דערפאַר דאָס לעבען אַוועקגעגעבען. אין דער הינזיכט האָבען אַ בעזונדער העלדענמוט אַרויסגעוויזען די געזעצלעהרער גופא, וועלכע זענען אַממעהרסטען פערפאָלגט געוואָרען פון די רוימישע שפּיאָ-נען. זיי פלעגען זיך פערקלייבען אויף די וויסטסטע ערטער און דאָרטען לעהרנען מיט זייערע תלמידים, און ווען ר׳ עקיבא האָט אַמאָל אין אַזאַ מאָמענט בעמערקט אַ רוימישען שפּיאָן, האָט ער געהייסען די תלמידים ליינען די תפילה „שמע ישראל" שטילערהייד, כדי דער שפּיאָן זאָל זיי נישט דערהערען. די גאַנצע ביטערע דערשלאָגענקייט פון יענער שרעקליכער צייט, איז אויסגעדריקט אין׳ם מאמר פון דעם בעּ-ריהמטען ר׳ ישמעאל: „פון דעם טאָג, וואָס די מלכות רומי האָט זיך פערשפּרייט און אָנגעהויבען גוזר צו זיין אויף אונז שווערע גזירות, און איז מבטל תורה און מצוות, און לאָזט אונז נישט מל זיין אונזערע קינ-דער, — וואָלט זיין דאָס בעסטע, אַז מיר זאָלען גוזר זיין אויף זיך אַליין, נישט צו נעהמען קיין ווייבער און נישט צו האָבען קיין קינדער, כדי אברהם׳ס געשלעכט זאָל כלה ווערן פון זיך אַליין".

נישט וועניג איז געווען די צאָהל אויך פון יענע, וואָס האָבען זיך גאָרנישט געוואָלט אויסבעהאַלטען פון די רוימישע בעאַמטע און אָפען אָבגעהיט די מינדסטע געבאָטען פון יודענטום, זיך גאָרנישט רעכנענדיג מיט דער מורא׳דיגער שטראָף. אויף די דאָזיגע „יודען פון ארץ ישראל אין דער צייט פון שמד, איז — ווי ס׳דריקט זיך אויס אַ תלמודישע אגדה — געלייענט געוואָרען דער פסוק: לאוהבי ולשומרי מצותי (צו מיינע ליעבהאָבער און היטער פון מיינע געבאָטען). מ׳פרעגט איהם: פאַרוואָס געהסטו געטויט ווערן? ווייל איך האָב געהאַלטען דעם לולב; פאַרוואָס געהסטו געהאַנגען ווערן? ווייל איך האָב געגעסען מצה אום פסח; פאַרוואָס געהסטו פערשטיינט אָדער געקעפּט ווערן? ווייל איך האָב געלעהרנט תורה און מל געווען מיין קינד". דאָס זענען גע-ווען די געוועהנליכסטע שטראָפען און אויך די לייכטסטע, דען פיעל

שרעקליכער פון די, איז געוועזען די לאנגע פון יענע, וועלכע זענען פערראורטהיילט געוואָרען צו לעבעדיגע ענויים, צו לאנגזאמע גיהנם־יסורים. די מסורות ווענען יענע שטראָפען זענען איינפאך שוידערהאפט: „אייזערנע קוגלען האָט מען ארונטערגעלעגט די פערראורטהיילטע אונטער די אָרעמס און קנוילען פון וואָל האָט מען געווייקט אין וואסער און ארויפגעלעגט אויפ'ן הארצען פונ'ם פערראורטהיילטען, כדי דאָס פייער זאָל איהם נישט אדורכנעהמען גלייך און ער זאָל נישט באלד שטאר־בען"; „די מלכות האָט גוזר געוועזען, אז ווער עס לעגט תפילין, דעם זאָל מען דעם שעדעל צושמעטערן", און נאָך אזעלכע מורא'דיגע גרוי־זאמקייטען, וואָס געהען איבער די שרעקליכסטע פאָרשטעלונג פון דער מענשליכער פאנטאזיע. פערבאָטען געוואָרען איז אויך די יודישע קליי־דונג, און אין מדרש דערצעהלט זיך: „איינמאָל האָבען צוויי תלמידים פון ר' יהושע געענדערט זייער קליידונג אין דער צייט פון שמד. האָט זיי אָנגעטראָפען איין רוימישער אויפזעהער, און געזאָגט צו זיי: זענט איהר די קינדער פון דער תורה — גיט אוועק דאָס לעבען פאר איהר; און אויב איהר זענט נישט איהרע קינדער — פארוואָס־זשע גיט איהר אוועק דאָס לעבען? האָבען זיי צו איהם געזאָגט: מיר זענען איהרע קינדער און גיבען אוועק פאר איהר דאָס לעבען, נאָר ס'איז נישט דער מענשליכער שטייגער, בידים דאָס לעבען אוועקצוגעבען".

און נאָך דער גאנצער שמירה מיט די אלע אונמענשליכע שטראָפען, וואָלטען די פרומע יודישע מאסען דאָך אימשטאנד געוועזען ווי ס'איז אָבצונארען די רוימישע אויפזעהער, — ווען נישט געוויסע יודישע פעררעטער, וועלכע זענען געשטאנען ביי דער זייט פון דער רוימישער אדמיניסטראציע און איהר אויפמערקזאם געמאכט אויף אלע באהאלטענע קנייטשעלעך פון דער יודישער תורה און אויף די אלע תחבולות, מיט וועלכע די יודען בענוצען זיך, כדי פערביי צוגעהן דעם בעפעהל פון דער מאכט. דאָס זענען געוועזען אממעהרסטענטהייל געוויסענלאָזע קאריערי סטען, וואָס האָבען פערקויפט זייער נשמה פאר דעם דאנק פון האר, און אנדערע פון זיי האָבען אָנגעהערט צו די גנאָסטישע פארטייען, וועלכע האָבען געהאלטען פאר א הייליגע פליכט צו שטערן די טעטיג־קייט פון די פראקטישע יודישע געבאָטען. צו די דאָזיגע פערביטערטע שונאים פון דעם יודישען געזעץ האָט אָנגעהערט אויך דער בערי הטטער געזעץ־לעהרער אלישע בן אבויה, וועלכער איז איבערגעגאנגען צו די

מינים און האט בעקומען דערפאר דעם נאמען אחר (אנ'אנדערער). ער האט געלעהרנט די רוימישע אויפזעהער, אונטערצושיידען א ווילכטי־גען רעליגיעזען אקט פון א נישט ווילכטיגען און צו וויסען, וואס עס הייסט א אמת'ער פערברעך געגען דעם יודישען דין. די לעצטע זענען אויף אזא אופן בעקאנט געווארען מיט אלע איינצעלהייטען פון דעם יודיש־רעליגיעזען לעבען און האבען שוין דערשמעקט פון דער ווייטען, וואו עס קומט פאר א רעליגיעזע האנדלונג.

די בעקאנטשאפט פון די רוימער מיט דעם כאראקטער פון דער יודישער אומה איז דערגאנגען ביז אזוי ווייט, אז זיי האבען אנגעהויבען מיט א בעזונדער אכזריות צו פערפאלגען די פאקטען פון לערנען מיט תלמידים און זיי געבען סמיכה. מיט די פערפאלגונגען האבען האדריאנ'ס שלוחים געטראפפען דאס יודענטום אינ'ם געפעהרליכ־סטען פונקט, דען ביי די בעדינגונגען פון יענער צייט זענען די דאזיגע צוויי וועגען געבליבען כמעט די איינציגע אויף צו דערהאלטען די אומה. די געזעצלעהרער, וועלכע מ'האט געחאפט לערנענדיג מיט תלמידים, זענען בעשטראפט געווארען מיט א אכזריות'דיגען טויט, און דעם זעלביגען סוף האבען געהאט אויך יענע, וואס האבען געגעבען סמיכה וועמען ס'איז פון די יונגע געלערנטע. פאר אט דעם לעצטען פערברעך זענען אפילו די קהלות פעראנטווארטליך געווען: די שטאדט מיט דער גאנצער סביבה, וואו ס'איז פארגעקומען דער אקט פון סמי־כה, זענען פערברענט און צושטערט געווארען. — אין די פערפאלגונ־גען זאל אויך דער דערמאנטער אחר א גרויסע שולד האבען; ווענינ־סטענס ווערט פון איהם דערצעהלט, אז ער האט א סך געזעצלעהרער איבערגעגעבען די רוימער אין די הענד, און אויף די יונגע תלמידים האט ער אויך געפרובט ווירקען, זיי אבצורייסען פון דער יודישער געזעצלעהרע.

ביי אזא לאגע האבען זיך, נאטירליך, געמוזט געפינען אויך מעהר מיושב'דיגע, רוהיגערע, וואס האבען גערעטען זיך אונטערצוגעבען און איבערצוווארטען די שלעכטע צייט. צו די האט אנגעהערט אויך ר' יוסי בן קסמא; פון איהם ווערט דערצעהלט, אז ווען ר' חנינא בן תרדיון איז געקומען צו איהם, האט ער זיך צו איהם געווענדעט מיט די ווערטער: „חנינא מיין ברודער! דו ווייסט נישט, אז גאט אליין האט דער אומה איבערגעגעבען די מאכט! זי האט זיין בית המקדש חרוב געמאכט, זיין פאלאץ פערברענט, אויסגעהרג'עט זיינע פרומסטע

און בעסטע קינדער , — און דאָך לעבט זי נאָך ; און איך האָב געהערט זאָגען פון דיר , אַז דו זיצט און ביזט עוסק אין לערנען , געהמסט צו־נויף אַרום דיר תלמידים און האלסט אַ ספר תורה אין שוים — מיך ווערט נישט וואונדערן , ווען מ׳וועט דיך מיט דיין ספר תורה צוזאַמען פערברענען !״

פאַר זיינע פריִעדליִכע געדאַנקען איז דער דאָזיגער ר׳ יוסי שטאַרק חשוב געווען אין הויף פון דעם רוימישען שטאַטהאַלטער , און ווען ער איז געשטאָרבען זענען אַלע רוימישע גדולים נאָכגעגאַנגען נאָך זיין ארון . זיין ווירקונג אויף די חברים איז אָבער געווען זעהר אַ שוואַכע , און ווען מ׳האָט דעם זעלביגען ר׳ חנינא ווירקליך געחאַפּט שפּע־טער לערנענדיג מיט תלמידים , האָט ער זיך אפילו נישט געפּרובט אָבלייקענען , און אָפען ערקלערט : „איך האָב עוסק געווען אין לער־נען , ווי מיין גאָט האָט מיך געבאָטען״ .

צו דעם דאָזיגען ר׳ חנינא האָט די פאָלקס־מסורה צוגעגעבען נאָך ניין הייליגע מערטירער , וואָס האָבען זיך מקריב געווען פאַר דעם קיום פון דער יודישער תורה ; דאָס זענען די בעריהמטע „עשרה הרוגי מלכות״ , פון וועלכע די לעגענדע וויסט צו דערצעהלען אזעלכע ריה־רענדע און שוידערהאַפטע פאַקטען , און דער וויכטיגסטער פון וועלכע ס׳איז געווען ר׳ עקיבא . אָט דער געוועזענער פייערדיגער אגיטאַטאָר פאַר דעם אויפשטאַנד געגען רוים , האָט זיך נאָך דעם שרעקליכען אויסגאַנג . פון דעם גרויסען חלום , איבערגעגעבען מיט דעם גאַנצען גלוט פון זיין נשמה דער גייסטיגער ערציהונג פון פאָלק און דער ענט־וויקלונג פון דער יודישער געזעצלעהרע . ער האָט פאָרטגעזעצט זיין אקאַדעמישע טעטיגקייט אין דעם קרייז פון אַ גאַנצער רייהע תלמידים , חאָטש ער האָט געזוכט דערביי ווי ווייט מעגליך איז געווען , זיך אויס־צובעהאַלטען פון דעם רוימישען שפּיאָנאַזש . אומזיסט האָט איהם פּפּוס בן יהודה געוואָרענט , ער זאָל זיך נישט איינשטעלען צו לעהרנען מיט זיינע תלמידים , ווייל די בליקען פון די שפּיאָנען לויערן אויף איהם און וועלן איהם ענדליך פון דעם בעהאַלטענעם ווינקעל אויסגעפינען ; ר׳ עקיבא האָט איהם אויף דעם געענטפערט מיט דעם פאָלגענדען משל : „אַ פוקס איז אַמאָל געשטאַנען אויפ׳ן ברעג פון אַ טייך און געזע־הען , ווי די פיש אין וואַסער יאָגען זיך און שפּרינגען איבער פון איין אָרט אין אַנדערן . „פון וועמען אַנטלויפט איהר עס ?״ האָט דער פוקס געפרעגט . „מיר אַנטלויפען — האָבען די פיש געענטפערט — פון די

נעצען, וואס די מענשען שטעלן אן, אונז צו פאנגען". דאן האט דער פוקס געזאגט: קומט־זשע ארויס אויף דער יבשה וועל'מיר לעבען איך מיט אייך צוזאמען, ווי עס האבען געלעבט מיינע עלטערן מיט אייערע. אויף דעם האבען די פיש זיך אבגערופען: דו ביזט עס דער פוקס, וואס מ'רופט דיך: דער קלינסטער פון אלע חיות, דו ביזט דאך גאר א נאר; מה־דאך אין וואסער, אינ'ם קוואל פון אונזער לעבען, האבען מיר מורא, היינט אויף דער יבשה, וואו מיר קענען נישט לעבען, דארפען מיר דאך געוויס מורא האבען. אזוי זענען מיר אויך: אויב מיר שרעקען זיך פאר א געפאהר, לעהרנענדיג די תורה, וועגען וועלכער עס שטעהט געשריבען: כי היא חייך וארך ימיך (זי איז דיין לעבען און דיין לאנגיעהריגקייט), טא וואס־זשע וועט שוין זיין, ווען מיר וועלן זיך אינגאנצען אבשיידען פון איהר?"

אין א קורצער צייט ארום איז פפוס'עס נבואה מקוים געווארען: מ'האט ר' עקיבא'ן נעחאפט לעהרנענדיג מיט די תלמידים און אריינגע־זעצט אין געפענגעניש, דא האט רופוס איהם בעהאנדעלט מיט דער גרעסטער אכזריות, וועלנדיג אויף אזא אופן בויגען די רעליגיעזע עקשנות פון דעם גרעסטען יודישען אויטאריטעט. ער האט איהם אבגעהאלטען א לאנגע צייט אין געפענגעניש אונטער דער שטרענגסטער שמירה. די הברים־געזעצלעהרער, וועלכע זענען אהן ר' עקיבא'ן גע־בליבען פעריתומ'ט און אהן א רבי'ן, האבען אבער אנגעווענדט אלע מעגליכע מיטלען, כדי צוצוקומען צו דעם גרויסען געפאנגענעם און צו בעקומען פון איהם א תשובה אויף די צווייפעלהאפטע שאלות. עס האט געטראפען, אז מ'האט געגעבען א שליח דריי הונדערט דינאריעס (דינרים), ער זאל זיך איינשטעלען און אריינקומען צו ר' עקיבא'ן. אמאל פלעגט מען זיך דערביי בענוצען מיט א פשוט'ען געשיקטען איינפאל; אזוי האט זיך ר' יוחנן הסנדלר איינמאל פערשטעלט פאר א פעדלער (הויזירער), און פערבייגעהענדיג פאר'ן טהיר פון געפענגניש, האט ער אויסגעשריען: „ווער קויפט נאדלען! גאפלען! אז ס'איז פאר־געקומען א חליצה צווישען איהם און איהר — ווי איז דער דין?" און ר' עקיבא האט איהם ארויסגעענטפערט דורכ'ן פענסטער: א שפינדעל האסטו? א. א. וו. — ס'איז כשר".

אזוי איז ר' עקיבא אבגעזעסען אין תפיסה יאהרען־לאנג, און ווען רופוס האט געזעהען, אז די עקשנות פון דעם גרויסען יודישען געזעצ־לעהרער איז פיעל שטארקער פון זיינע צוואנגס־מיטלען, האט ער

געגלויבט, זיך נוקם צו זיין אָן איהם מיט אַ מורא׳דיג־אַכזריות׳דיגער טויט־שטראָף: ער האָט געלאָזען אָבשינדען ר׳ עקיבא׳ן דאָס לייב פון די ביינער מיט אייזערנע קאמען; דער עקזאַלטירטער הימעל־מענש האָט זיך איהם אָבער אויך איצט נישט אונטערגעגעבען: ר׳ עקיבא האָט מיט אַ אונגעוועהנליכער רוהיגקייט איבערגעטראָגען די שרעקליכע יסורים, און זיינע ליפּען האָבען נישט אויפגעהערט צו שעפּטשען די תּפילה: „שמע, ישראל, ד׳ אלהינו, ד׳ אחד!“. די דאָזיגע קאלטקייט האָט איבערראַשט דעם אַכזריות׳דיגען בלוט־שופט, רופוס׳ען, און ער האָט אויסגערופען: „ציַ ביזטו נישט אַ כשוף־מאַכער, און מיט כשוף מאַכסטו דיר אַזוי לייכט דיינע וועהטאָגען?“ אויף דעם האָט ר׳ עקיבא געענטפערט: איך בין נישט קיין כשוף־מאַכער, נאָר מיין גאַנצען לעבען האָב איך געלייענט דעם פּסוק: ואהבת את ד׳ אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך (דו זאָלסט ליעב האָבען גאָט דיין גאָט מיט׳ן גאַנצען הארצען, מיט דער גאַנצער נשמה און מיט׳ן גאַנצען פערמעגען); דאָס ערשטע און דאָס דריטע האָב איך מקיים געווען: איך האָב ליעב געהאַט גאָט מיט׳ן גאַנצען הארצען און מיט׳ן גאַנצען פערמעגען. דאָס צווייטע אָבער איז מיר נאָך נישט צו דער האַנד געקומען; איצט־זשע, ווען ס׳האָט זיך מיר געמאַכט מקיים צו זיין דעם „ובכל נפשך“ — זאָל איך איהם נישט מקיים זיין?“ און ר׳ עקיבא האָט נישט אויפגעהערט צו לייענען די תּפילה, ביז ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה מיט דעם אויסרוף, וואָס ענטהאַלט אין זיך דעם תּמצית פון גאַנצען יורענטום — „ד׳ אחד!“ (גאָט איז אייגציג).

דער טויט פון דעם גרויסען פיהרער, וואָס איז געווען נישט ווייניגער אונגעוועהנליך פון זיין לעבען, איז געבליעבען אַלס מוסטער פאַר די קומענדיגע דורות און די גאַנצע מערטירער־גרופּע איז אָנגערופען געוואָרען אויף זיין נאָמען: „ר׳ עקיבא מיט די חברים“. די אַקאַדעמישע קרייזען האָבען מיט ר׳ עקיבא׳ס טויט פערלוירען דעם שאַרפזיניגסטען געזעצלעהרער, דעם רבי׳ן, און זיי האָבען געזאָגט: „פון ר׳ עקיבא׳ס טויט זענען די אָרעמס פון דער תּורה געבראָכען און די קוואַלען פון דער חכמה — פערשיט“.

מיט נישט קיין קלענערער גייסט־שטאַרקייט און הייליגען העלדענ־מוט האָט זיך אויסגעצייכענט אויך דער מערטירער־טויט פון דעם דער־מאָנטען ר׳ חנינא בן תּרדיון. איהם האָט מען איינגעוויקעלט אין די פּאַרמעטען פון זיין ספר־תּורה און אַזוי אַרויפגעלעגט אויף אַ שייטער־

הױפען פון טרוקענע צװײַגלעך; דערבײַ האָט מען, כדי צו פערשטאַר־קען און צו פערלענגערן די העלישע יסורים, אַרױפגעלעגט איהם אױפן האַרצען געװײַקטע, נאַסע װאָל־קנױלען. די אכזריות פון דעם טױט איז געװעזען אַזױ שרעקליך, אַז דער תּלין אַלײן האָט שױן דאָס נישט געק־קענט אַריבערטראָגען און גערעטען ר׳ חנינא׳ן, ער זאָל אַראָבנעהמען די קנױלען פון האַרצען, כדי ער זאָל גיכער פערברענט װערן. ר׳ חנינא האָט זיך אָבער דערפון אָבגעזאָגט, װײַל ער האָט געזעהען אין דעם אַ אַקט פון זעלבסטמאָרד. דאָס האָט דעם פּראָפעסיאָנעלען רוצח אינגאַנצען פון די כלים אַרױסגעבראַכט: „ער האָט פערגרעסערט די פלאַמען, האָט אַראָבגענומען די קנױלען פון ר׳ חנינא׳ס האַרץ און איז אַלײן אױך — אַרײַנגעשפּרונגען אין פײַער״. צוזאַמען מיט ר׳ חנינא׳ן איז פעראורטײַלט געװאָרען צום טױט אױך זײַן פרױ, און זײַער טאָכטער איז אװעקגעפיהרט געװאָרען אין אַ בית־הזונות.

פון די איבריגע מערטירער זענען דערגאַנגען צו אונז פּרטים נאָר װעגען ר׳ ישמעאל בן אלישע, ר׳ שמעון, ר׳ חוצפית המתורגמן, ר׳ ישובב הסופר און ר׳ יהודה בן בבא. דער לעצטער האָט זיך געשראָקען דערפאַר, עס זאָל נישט איבערגעריסען װערן די גאַנצע קײַט פון דער מסורה, װײַל אָהן דער סמיכה פון די אומגעקומענע „זקנים״ װעלן די איבערגעבליבענע תּלמידים קײַן אױטאָ־ריטעטע קראַפט נישט בעזיצען; ער האָט דעריבער צוזאַמענגענומען זעקס פון ר׳ עקיבא׳ס בעסטע תּלמידים, און האָט זײ מסמיך געװעזען. געטאָן האָט ער עס „צװישען צװײ גרױסע בערג און צװײ גרױסע שטעדט — צװישען אושא און שפרעם״; דאָ האָט ער אַרױפגעלעגט זײַנע הענד אױף די בעריהמטע תּלמידים: ר׳ מאיר, ר׳ יהודה ברבי אלעאי, ר׳ שמעון בן יוחאי, ר׳ יוסי בן חלפתא, ר׳ אלעזר בן שמוע און ר׳ נחמיה, — און זײ דערמיט אױטאָריזירט אַלס זעלבסטשטענדיגע געזעצלעהרער און ריכטער; דערװײַל איז אָנגעלאָפען אַ מחנה רױמישע סאָלדאַטען, האָט ר׳ יהודה אױסגעשריען צו די תּלמידים: „קינדער! אַנטלױפט!״ האָבען זײ צו איהם געזאָגט: „און װאָס װעט מיר דיר זײַן?״ אױף דעם האָט ער געענטפערט: „איך ליעג פאַר זײ, װי אַ פערלאָזענער שטײן״. דאַן זענען די תּלמידים זיך צולאָפען אין פערשיע־דענע זײַטען, און פון דעם גרױסען זקן זענען די סאָלדאַטען נישט אָבגעטרעטען פריהער, ביז זײ האָבען צולעכערט זײַן קערפּער, װי אַ זיפּ.

אױסער די הרוגי מלכות פון דעם אַקאַדעמישען קרײַז זענען

געווען אויך אנדערע, וואס זענען אומגעקומען מיט דעם שטראהלען־קראנץ פון א מערטירער־קרוין אויף די קעפ. פון די האבען זיך בעזונדער אויסגעצייכענט די בעריהמטע צוויי אנפיהרער פון דעם פריהערדיגען אויפשטאנד, יוליאנוס און פאפאס. צוליעב זייער גרויסען אנזעהען, האט מען זיי פארגעלעגט, זיי זאלען בלויז טרינקען וואסער פון א קאלירטען גלאז, כדי די ארומיגע זאלען עס אננעהמען פאר געצענווײַן; זיי האבען זיך אבער דערפון אויך אבגעזאגט און זיך אונטערגעווארפען די אכזריות׳דיגסטע יסורים.

אזוי האט זיך האדריאן נוקם געווען אן די איבערגעבליבענע פון דעם גרויסען אויפשטאנד; און נישט נאר די לעבעדיגע—אויך אויף די טויטע האט זיך זיין צארן אויסגעגאסען. ער האט בעפוילען, נישט צו לאזען מקבר זיין די אלע געפאלענע און פערמשפט׳ע. די פעלדער און וועגען פון יהודה זענען אלזא פערווארפען געווען מיט טויטע קערפערס, און דערפון האבען זיך פערשפרייט איבערן לאנד פערשידענע מגפות. מיט דער אונמענשליכקייט האט האדריאן געוואלט אי אבשרעקען די איבערגעבליבענע טיילען פון דער אומה, זיי זאלען מעהר נישט וואגען צו חלום׳ען וועגען בעפרייען זיך פון רוים, אי ערניעדריגען די יודען אין די אויגען פון די שכני׳שע בעפעלקערונגען, אי פשוט אויסראטען דעם לעצטען געדעכעניש פון דער יודישער אומה אויף יהודה׳ס ערד. דערגרייכט האט ער אבער נישט מעהר, ווי די ערשטע צוויי, די יודישע אומה איז געבליבען, ווי אנ׳אייביגער מאנומענט אויף די חורבות פון אלע אלטע קולטור־פעלקער — די מעכטיגע רוים אויך איינגעשלאסען. דער גייסטיגער העראאיזים פון די „בארבארישע יהודה׳ער" האט שפעטער אין ערשטוינונג ארייננגעבראכט זאגאר האדריאנ׳ען אליין, און לויט א יודישער מסורה זאל ער אפילו האבען זיך ארויסגערופען איינמאל: „גרויס איז דאס שפעלע, וואס שטעהט צווישען זיבעציג וועלף!"

א געוויסע ווירקונג אין דער הינזיכט פון אבשוואכען דעם צובונד צו דער יודישער אומה האט האדריאנס אינקוויזאטארישע טעטיגקייט געהאט אויף די יודען־קריסטען. פערפאלגט פון די יודישע פאטריאטען אין דער צייט פון אויפשטאנד, זענען זיך די דאזיגע יודען־קריסטען צולאפען אין די שטעדט אויף יענער זייט ירדן און האבען זיך דארטין אויפגעהאלטען; דער אונגליקליכער אויסגאנג פון דעם קריעג מיט זיינע טרויעריגע פאלגען האט אבער געמוזט ווירקען אויך אויף זיי. אין דעם

„שקוץ משומם" (רעת יופיטער־טעמפעל), וואס האדריאן האט אוועק־געשטעלט אויפן הר הבית, האבען זיי געזעהען א צייכען פון דעם שרעקליכען וועלט־געריכט, ווי"ם דערגעהנטערט זיך, פון דעם שרעק־ליכען טאג, ווען ישו וועט זיך ווידער בעווייזען אין די וואלקענס; דערביי האבען האדריאנ'ס אכזריות'דיגע פערפאלגונגען זיי אויך נישט אויסגעמיטען, דען די רוימישע בעאמטע האבען נישט געמאכט קיין חלוק צווישען א יודען און א קריסט. דאס האט געצוואונגען די פונאנ־דערגעווארפענע קליינטשליכע גרופען, זיך צוזאמענצורעדען, און זיך איינמאל פאר אלע מאל אבצוזייסען איננאנצען פון דער יודישער אומה. די ארבייט פון דורכפיהרען דאס, האבען גענומען אויף זיך צוויי לעה־רער פון דער קריסטליכער קירכע, קוואדראטוס און אריסטי־דעס; זיי זאלען האבען צוגעשטעלט האדריאנ'ען א געשריבענע ער־קלערונג וועגען דעם, אז דאס קריסטענטום איז א זעלבסטשטענדיגע רעליגיע, וואס האט קיין צוזאמענהאנג נישט מיט'ן יודענטום, און די אנהענגער פון דעם נייעם גלויבען דארפען נישט ליידען פאר די זינד פון יענע, מיט וועלכע זיי האבען קיין געמיינזאמעס נישט. פון יענער צייט אן דאטירט זיך די פאלשטענדיגע פעראייניגונג און פערשמעלצונג פון די מעהרסטע יודישע מיט די געצענדיענערישע קריסטליכע סעק־טעס, וועלכע האבען זיך שוין לאנג געהאט אבגעריסען פון דעם יודי־שען נאציאנאלען ארגאניזם. די יודען־קריסטען האבען אויפגעהערט צו היטען די עטליכע מצוות פון דער יודישער תורה, וואס זיי פלעגען ביז דאן נאך אבהיטען, האבען אנגענומען דעם אינהאלט פון קריסטענטום אין דער געשטאלט, ווי ער האט זיך אויסגעבילדעט צווישען די געצענ־דיענערישע קריסטען, און האבען צום ערשטען מאל אוועקגעשטעלט בראש פון זייער געמיינדע, אלס בישאף, דעם נישט־געמל'טען מאר־קוס. אזוי ווי די קריסטען האבען זיך צוגעחנפה'ט צו האדריאנ'ען און אויסגעפועל'ט ביי איהם גרויסע חסדים און הנחות, האבען זיך געפונען אויך א סך יודען, וואס זענען אריין אין זייער קהלה, וועלנדיג אויף אזא אופן זיך בעפרייען פון די שרעקליכע רדיפות און פערפאלגונגען; דאס האט נאכמעהר פינאנדערגעריסען די שוואכע פעדים, וואס האבען צונויפ־געבונדען דאס יודענטום מיט'ן קריסטענטום, און פון דאן אן זענען אט די ביידע וועלט־ און לעבענס־אנשויאונגען שוין געשטאנען איינע אקעגען דער אנדערער נישט ווי פיינדליכע גליעדער פון איין און דעם זעלבינען שטאם, נאר ווי צוויי גאנץ זעלבסטשטענדיגע רעליגיעזע ארגאניזאציעס

# פינפטעס קאפיטעל.

## דער נייער צענטר אין גליל.

(140—210.)

די מלחמה מיט האדריאנ׳ען איז געוועזען די לעצטע פראבע פון דער יודישער אומה, זיך צו בעפרייען פון דעם רוימישען יאך מיט דער הילף פון איהר פיזישער קראפט. דאס פאלק האט צוזאמענגענומען זיינע לעצטע כחות און איז געגאנגען זיך שלאגען אויף לעבען און טויט מיט זיין אייביגען שונא; געענדיגט האט זיך אבער דער קאמפף אויך דאס מאל מיט׳ן נצחון פון שונא, און יהודה איז געלעגען האלב א טויטע פאר זיינע פיס. די שטעדט צושטערט, דאס לאנד פערוויסט, די איינוואוינער טויט אויפ׳ן שלאכטפעלד אדער אויפ׳ן עשאפאט, פערשטעקט אין א פינסטערער מערה אדער אין די ארעמס פון שונא גופא —אזוי האט אויסגעזעהען דער גאנצער דרום־טייל פון לאנד (יהודה) נאך דעם „חורבן ביתר״. אויסער דער נייער אויפגעבויטער „עליא קאפיטאליני־נא״, וואס איז אויסגעוואקסען אויף די חורבות פון ירושלים, און וואו קיין יוד האט נישט געטארט אריינקומען, זענען די אלע געוועזענע בליהענדע שטעדט געבליבען כמעט אהן א שום בעפעלקערונג, און דער זעלביגער גורל איז אויסגעפאלען אויך אויף דעם שטעדטיל יבנה, וואו ס׳האט זיך געפונען דאס בעניימטע סנהדרין. די פערוויסטונג פון דרום־פאלעסטינא איז געוועזען אזוי גרויס, אז דער גאנצער טערמין יהודה (Judaea) האט פון דעמאלט אן אויפגעהערט בענוצט צו ווערן

אין די רוימישע דאָקומענטען און אָנשטאָט איהם איז דאָרט אַרײַן אין געבּרויך דער טערמין סיריא־פּאַלעסטינאַ (Syria Palaestina).

מעהר בּעפעלקערט, חאָטש אויך געגוג פּערוויסט, איז געבּליבּען דער צפון־טהייל פון לאַנד, דאָס אַזוי גערופענע גליל. אַהין האָבּען איצט אויסגעוואַנדערט די אַלע, וועלכע האָבּען זיך גערעטעוועט פון האדריאַנ׳ס פערפאָלגונגען, און דאָרט איז געלעגט געוואָרען דער יסוד פאַר אַ נײַעם פאָלקס־צענטר. דאָס איז פאָרגעקומען נאָכדעם, ווי האַד־ריאַן איז געשטאָרבּען (138), און עס האָט זיך אָנגעהויבּען אַ שטאַרקע רעאַקציע געגען זײַנע אכזריות׳ען און רדיפות. אויפ׳ן רוימישען טראָן איז אַרויף אַנטאָנינוס פּיוס (אַנטונינוס־קיסר), און ער האָט אָבּגעשאַפט די אַלע עדיקטען, וואָס זענען אַרויסגעגעבּען געוואָרען געגען דער יודי־שער אמונה; אויף זײַן ספּעציעלען בּעפעהל איז יודען ערלויבּט געוואָ־רען אָבּצוהיטען אַלע געבּאָטען פון זײַער גלויבּען, צווישען די אויך דעם געבּאָט פון מלה, וועלכער איז פריהער פערבּאָטען געווען אַלס אַ אַקט פון קאַסטראַציע *).

פאַר דער דאָזיגער אָבּשאַפונג פון די שרעקליכע „שמד־גזירות" האָבּען די זיך יודען אַלײַן משתדל געווען, און לויט אַ געוויסער תלמו־דישער לעגענדע, איז די זאַך פאָרגעקומען אויף דעם פאָלגענדען אופן. אין קסריה, די רעזידענץ פון דעם רוימישען שטאַטהאַלטער, האָט זיך געפונען אַ פאָרנעהמע רוימישע מאַטראָנע, וואָס האָט שטאַרק מיטגע־פיהלט די יודישע צרות און האָט דערבּײַ געהאַט אַ שטאַרקען אײַנפלוס אויף די פאָרשטעהער פון דער רוימישער אַדמיניסטראַציע. האָבּען זיך צו דער מאַטראָנע געווענדט דער תנא ר׳ יהודה בן שמוע מיט זײַנע חברים, און געפרעגט בּײַ איהר אַנ׳עצה, וואָס צו טאָן געגען די אונ־מענשליכע פערפאָלגונגען, וואָס די יודען האָבּען אויסצושטעהן פון דער רוימישער מאַכט; אַלס ענטפער אויף דעם האָט זי די מאַטראָנע געראַ־טען, זיי זאָלען זיך פּרובּען בּעטען רחמים בּײַ דער העכערער אַדמיניס־

*) קאַסטרירען — הײסט מסרס זײַן, אָראָבּנעהמען דעם מענליכען גליעד.— בּנוגע צו פרעמד־גלויבּיגע איז דער פערבּאָט געגען מלה איצט אויך פערבּליבּען אין זײַן קראַפט; צוזאַמען דערמיט איז געבּליבּען אין זײַן קראַפט אויך דער בּעפעהל, וואָס האָט פערבּאָטען יודען אַרײַנצוקומען אין „עליא קאַפּיטאָלינאַ" (די געוועזענע ירושלים).

טראַציע — אפשר וועט זי ווײַטער וועַרן; און די שלוחים האָבן אַזוי געטאָן; זיי האָבן זיך אַוועקגעשטעלט בײַנאַכט פאַר'ן פּאַלאַץ פון שטאַטהאַלטער און געוויינט און געשריִען: „גאָט אין הימעל! צי זענען מיר דען נישט אײַערע ברידער, קינדער פון איין פאָטער! צי זענען מיר דען נישט פון איין מוטער געבוירען! מיט וואָס זענען מיר ערגער פון אלע פעלקער, וואָס איהר זענט גוזר אויף אונז אַזעלכע שווערע גזירות!” די דאָזיגע בקשה האָט געווירקט, און אין אַ קורצער צײַט אַרום איז אָנגעקומען די בשורה, אַז אלע פריהערדיגע גזירות זענען אָבגעשאַפט. דער טאָג, ווען די בשורה איז אָנגעקומען, איז אַרײַנגענומען געוואָרען אין רײַסטער פון די נאַציאָנאַלע געדענק-טעג: עס האָט געהײַסען, אַז דאָס פאָלק איז ווידער פרײַ געוואָרען.

די ידיעה, אַז די רדיפות און גזירות געגען דער יודישער אמונה זענען בטל געוואָרען, האָט זיך גלײַך פונאַנדערגעטראָגען אין אלע לענדער, וואו די איבערגעבליבענע פון דעם גרויסען שטורם האָבען עמיגרירט, און פון אלע זײַטען האָבען אָנגעהויבען אָנקומען צוריק קיין פּאַלעסטינא מאַסען אַנטלאָפענע און באַהאַלטענע. צווישען די לעצטע האָבען זיך געפונען אויך די זעקס תלמידים פון דעם בעריהמטען ר' עקיבא, וועלכע ר' יהודה בן בבא האָט געגעבען סמיכה. זיי זענען געהאַט אַנטלאָפען קיין בבל, און האָבען שוין געוואָלט דאָרטין עפנען ישיבות; איצט אָבער האָבען זיי זיך אומגעקעהרט אינ'ם לאַנד פון דעם געוועזענעם גרויסען גײַסטיגען צענטער. די דאָזיגע ערשטע שוואַלבען פון דער קומענדיגער גײַסטיגער אויפלעבונג האָבען זיך גלײַך צונויפגעזאַמעלט אין דעם היסטאָרישען רמון-טאָל (בקעת רמון), צו בעשטימען די יאָהרען און די חדשים, ווײַל אין די אלע יאָהרען פון שמד האָט מען נישט געקענט רעגולירען דעם שמיטה-יאָהר און דאָס האָט געקאָנט ברענגען צו גרויסע אונאָרדנונגען אין דעם יודישען קאַלענדאַר-וועזען. דאַן האָבען זיי זיך בעזעצט אין דעם גליל'עאישען שטעדטיל אושא, און זיך ערקלערט אַלס אַ קליין סנהדרין, דערבײַ האָבען זיי זיך נישט בעגנוגענט מיט זייער אויטאָריטעט, און געגולט צוצוציהען קיין אושא די לעבען-געבליבענע געזעצלעהרער פון אַלע עקען לאַנד.

אַזוי איז דער צוריבענער, מיט בלוט פערגאָסענער און האַלבע-גוסס'ער פאָלקס-אָרגאַניזם שוין צו זיך געקומען, און די געזעצלעה-רער האָבען זיך ווידער גענומען, אײַנצופליִעסען אין איהם מוט און שטאַרקײַט. די מיטגלידער פון דער איצטיגער גרופּע תנאים

האָבען פאָרטגעזעצט די טעטיגקייט פון זייערע פאָרגענגער און ווידער צוזאַמענגעקניפּט די מסורה, — חאָטש זייער צאָהל איז געוועזען נישט גרויס. די בעדייטענדסטע פון דעם איצטיגען קאָלעגיום זענען געוועזען ר׳ שמעון, אַ זוהן פון דעם לעצטען פּאַטריאַרך ר׳ גמליאל, ר׳ נתן פון בבל, ר׳ מאיר און ר׳ שמעון בן יוחאי. דער ערשטער, ר׳ שמעון בן גמליאל, האָט זיך מיט נסים געראַטעוועט פון האדריאַנ׳ס האַנד און איז אַנטלאָפען קיין בבל; אַלס געזעצליכער יורש פון דעם פּאַטריאַרכען-טיטול האָט ער אָבער נישט געקענט בלייבען פון דער ווייטען, ווען עס האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט אַ נייער סנהדרין, און קומענדיג קיין אושא איז ער ווירקליך גלייך אויסגעקליבען געוואָרען פאַר דעם נשיא פון קאָלעגיום. דעם קאָמפּלעט פון דער נשיאות האָבען אויסגעפילט ר׳ נתן פון בבל אַלס „אב בית דין" און ר׳ מאיר אַלס „חכם". אין דער ערשטער צייט זענען אפילו פאָרגעקומען פערשידענע סכסוכים צווישען דעם נשיא און די איבריגע מיטגליעדער פון קאָלעגיום, און עס האָט געהאַלטען דערביי, אַז מיט׳ן זוהן זאָל געשעהען דאָס אייגענע, וואָס מיט׳ן פאָטער: מ׳זאָל איהם מעביר זיין פון דער נשיאות; מיט דער צייט האָט זיך אָבער איינגעגעבען די סוכסוכים אויסצעגלייכען און ר׳ שמעון איז געבליבען אויף זיין הויכען פּאָסטען. צו דעם שלום האָט פיעל געהאָלפען דאָס, וואָס די סכסוכים זענען אַממעהרסטענטייל געווען פּרינציפּיעלע (ווייל ר׳ שמעון, ווי זיין פאָטער, האָט אויך כסדר געשטרעבט צו פערגרעסערן דעם אויטאָריטעט און די איינהייט פון סנהדרין), און קיינער האָט דעם יונגען נשיא נישט געקענט חושד זיין אין פערזענליכע פניות. די כאַראַקטעריסטיק פון דעם לעצטען שפּיעגעלט זיך אַמבעסטען אָב אין דעם אפאָריזם, וואָס איז דערגאַנגען צו אונז פון איהם אין די „פרקי אבות": „אויף דריי זאַכען שטעהט די וועלט: אויף אמת, גערעכטיגקייט און שלום".

די אָריגינעלסטע און בעדייטענדסטע פערזענליכקייט פון יענעם קרייז איז אָבער געוועזען נישט די פונ׳ם נשיא; ר׳ שמעון האָט בעקומען די נשיאות און איז געוועזען דער קאָפּ פון סנהדרין נאָר צוליעב זיינע דינאַסטישע רעכט אויף דעם טיטול; פיעל גרעסער און בעדייטענדער איז אָבער געוועזען די טעטיגקייט און די ווירקונג פון דעם דערמאָנטען ר׳ מאיר. וועגען דער אָבשטאַמונג פון דעם דאָזיגען גרויסען גייסט האָבען זיך אין פאָלק אַרומגעטראָגען פערשידענע נוסחאות, און לויט איין

אגרתא זאָל ער זאָגאַר האָבּען געוועזען אַנ׳אײַניקעל אָדער אַנ׳אור־אײַניקעל פון דעם רוימישען קייזער נ ע ר אָ (נירון־קיסר) , וועלכער איז , ווי די מזרח־פעלקער האָבּען געגלויבּט , נישט געהרג׳עט געוואָרען , נאָר אַנט־לאָפען ערגעץ אין טיעף אַזיען און זיך דאָרט מגייר געווען . ווי דער גרעסטער טייל פון די תּנאים האָט זיך ר׳ מאיר אויך געשפּייזט פון אַ מלכה : ער איז געווען אַ איבּערשרייבּער און פלעגט מאַכען קאָפּיעס פון די הייליגע שריפטען . אַזוי ווי ער האָט ערפונדען אַ מיטעל , צו מאַכען דעם כּתב גלאַנצענדיגער און דויערהאַפטיגער (ער האָט אַרײַנגעטאָן אינ׳ם טינט קופּער־וויטריאָל ; אויף גמרא־לשון : ק נ ק נ תּ ו ם) , איז ער געווען בּערימט אין זײַן פאַך און האָט פערדיענט דרײַ שקלים אַ וואָך ; דערפון האָט ער צוויי דריטעל אויסגעגעבּען פאַר זײַן פאַמיליע און מיט דעם איבּריגען געשטיצט די אָרימע חברים .

ר׳ מאיר האָט געהאַט פאַר אַ פרוי די געלערנטע טאָכטער פון דעם בּערימטען ר׳ חנינא בּן תּרדיון , מיט׳ן נאָמען בּ ר ו ר י ה , און אַזוי ווי די צווייטע טאָכטער פון דעם מערטירער איז , צוזאַמען מיט׳ן פאָטער׳ס טויט , אַוועקגעפיהרט געוואָרען אין אַ שאַנד־הויז , האָט ער זיך , גלײַך ווי ער איז צוריקגעקומען קיין פּאַלעסטינא , גענומען זוכען דער שוועגערין , כּדי זי צו בּעפרײַען . ער איז געגאַנגען פון איין שטאָדט אין דער אַנדערער , און ווען ער איז געקומען אין דער שטאָדט , וואו זײַן ווייבּ׳ס שוועסטער האָט זיך ווירקליך געפונען , האָט ער פריהער געוואָלט דערגעהן , צי זי איז נאָך ריין ; צו דעם צוועק האָט ער זיך פערשטעלט פאַר אַ רוימישען ריטער , און ווען ער איז איבּערצײַגט געוואָרען אין איהר אונשולד , האָט ער אונטערגעקויפט די שומרים און זי אַרויסגענומען . ווען די אַדמיניסטראַציע האָט זיך דערוואוסט פון דעם פאַקט , האָט זי אַרויסגעשיקט שלוחים , נאָכצויאָגען די אַנטלאָפע־נע ; ר׳ מאיר האָט זיך אָבּער זעהר געשיקט געשפּיעלט זײַן ראָליע אַלס רוימער , און אַזוי־ערנאָך איז איהם געלונגען זיך אַרויסצודרעהען פון דער געפאַהר . בּעקאַנט איז אויך די ריהרענדע אגדה , וואָס שילדערט די גײַסטיגע גרויסקײַט פון ר׳ מאיר׳ן מיט זײַן פרוי , די בּערימטע בּ ר ו ר י ה . „ס׳איז געווען אַ מעשה בּײַ ר׳ מאיר׳ן , אַז ער איז געזעסען און האָט געדרשה׳ט צו מנחה־צײַט שבּת , און אין דער־היים זענען דערווײַל געשטאָרבּען זײַנע צוויי קינדער . וואָס האָט געטאָן זייער מוטער ? האָט זי זיי אַוועקגעלעגט אויפ׳ן בּעט און איבּערגעדעקט מיט אַ לײַלעך . איז אָבּענד איז ר׳ מאיר געקומען פון בּית המדרש ;

פרעגט ער: וואו זענען מיינע צוויי קינדער? זאגט זי: זיי זענען אוועק אין בית מדרש. שטוינט ער: איך האב דאך געקוקט אין בית המדרש און האב זיי נישט געזעהען? האט זי איהם געגעבען א כוס צו הבדלה און ער האט הבדלה געמאכט, דערנאך האט ער זיך ווידער געווענדט צו איהר: מיינע קינדער וואו זענען? און זי האט איהם ווידער געענט־פערט: זיי זענען אוועקגעגאנגען דארטין־און־דארטין און וועלן באלד קומען. דאן האט זי איהם דערלאננט צום עסען, און ווען ער האט אבגעגעסען האט זי זיך אבגערופען: רבי, איך האב צו פרעגען א שאלה: איינער האט ביי מיר איינגעלעגט א פקדון און איצט וויל ער איהם אבנעהמען; זאל איך איהם אבגעבען, ציַ נישט? האט ער צו איהר געזאגט: מיין טאכטער! ווי שיקט זיך עס, נישט אבצוגעבען יענעמס פקדון? אויף דעם האט זי געענטפערט, אז אהן זיין וויסען האט זי עס נישט געוואלט אבגעבען; דערביי האט זי איהם אנגענומען פאר'ן האנד, צוגעפיהרט צום בעט און אבגעדעקט דאס ליילעך. האט ער דערזעהען זיינע צוויי טויטע קינדער און זיך פונאנדערגעוויינט, און זי האט געזאגט: רבי, דו האסט דאך אליין געזאגט, אז מ'דארף אומ־קעהרען דעם פקדון, ווען יענער קומט איהם מאהנען; עס שטעהט געשריבען: ד' נתן, ד' לקח, יהי שם ד' מברך (גאט האט געגעבען, גאט האט גענומען: זאל גאט'ס נאמען זיין געבענשט)".

די חברים אין קאלעגיום האבען געקוקט אויף ר' מאיר'ן, ווי אויף א גייסטיגען ריעז, „וואס רייסט אוים בערג און צומאהלט זיי איי־נעם מיט'ן אנדערן", און דערצו איז ער געווען אזוי זעלבסטשטענדיג אין זיינע מעשים און מיינונגען, אז ער האט זיך ערלויבט זאגאר צו שטעהן אין בעציהונגען מיט דעם פעררעטערישען אלישע בן אבויה (אחר) און צו לערנען פון איהם געוויסע צווייפעלהאפטע הלכות. אויף די פארוואורפען פון זיינע חברים, וואס האבען געקוקט קרום אויף די בעציהונגען, האט ר' מאיר געענטפערט: „איך האב געפונען א מילגראם; זיין קערן האב איך אויפגעגעסען און די שאלעכץ אוועקגעווארפען". ער האט אמאל בעגלייט זיין אפיקורסי'שען רבי'ן צו־פוס, זיך אונטער־האלטענדיג מיט איהם אין לערנען, וועהרענד יענער איז געזעסען אויף זיין אייזעל. פלוצלינג האט זיך אחר אבגערופען צו זיין תלמיד־בעגלייטער: „מאיר, קעהר דיך אום. דא ענדיגט זיך א תחום־שבת". — „קום דו אויך צוריק", האט זיך ר' מאיר געפרובט. — „פאר מיר, האט אחר געענטפערט, זענען פערשלאסען אלע טויערן פון תשובה,

און עס איז שוין לאַנג אַרוים אַ בית־קול און געזאָגט: „קערט זיך אום אַלע פֿערפֿיהרטע קינדער, אויסער אלישע־אחר, וועלכער האָט דערקענט מײַן כח און מורד געווען אָן מיר". שפּעטער, ווען אחר איז קראַנק געוואָרען, איז ר' מאיר געקומען צו איהם און ווידער געבעטען: „קעהר דיך אום", און אלישע „האָט זיך פֿונאַנדערגעווײנט און איז געשטאָרבען ווײנענדיג".

אַדאַנק די בעציהונגען מיט זײַן גנאָסטישען רבי'ן, האָט ר' מאיר אַלײן זיך אויך אָפּט אונטערהאַלטען מיט נישט יודישע פֿילאָזאָפֿען. אַ בעזונדער האַרציגע פֿרײַנדשאַפֿט האָט געהערשט צווישען איהם און דעם נעאָ־פּלאַטאָניקער אײַנימאָס פֿון גדרה, וועלכער איז געווען אַ שטאַרקער פֿערעהרער פֿון יודענטום און האָט געהאַלטען, אַז פּלאַטאָ מיט פּיטאַגאָראָס'ן האָבען געשעפּט זײער חכמה פֿון דער יודישער תּורה, און ווען דער לעצטער האָט געטרויערט נאָך זײַנע עלטערן איז דער גרויסער יודישער געזעצלעהרער געגאַנגען איהם טרײסטען. די דאָזיגע טאָלעראַנץ האָט ר' מאיר אַרויסגעוויזען נישט בלויז בנוגע צו אײנציגע פֿאָרשטעהער פֿון דער געצענדיענערישער וועלט, נאָר בנוגע צו דער גאַנצער געצענדיענערישער וועלט בכלל; ער האָט געלערנט: „פֿון וואַנען ווײסען מיר, אַז אַ געצענדיענער, וואָס איז עוסק אין דער תּורה, האָט דעם דין, ווי אַ כהן־גדול? ווײַל עס שטעהט געשריבען: „אלה החקים והמשפּטים, אשר יעשה אותם האדם וחי בהם" (דאָס זענען די געזעצען, וואָס דער מענש דאַרף זײ אָבהיטען און לעבען מיט זײ): עס שטעהט האדם (דער מענש), דאָס הײסט, אַפּילו אַ געצענדיענער האָט דעם דין ווי אַ כהן־גדול, אויב ער איז עוסק אין דער תּורה".

בנוגע צו דער הלכי'שער מסורה האָט זיך ר' מאיר געהאַלטען בײַ דעם סיסטעם פֿון זײַן רבי'ן, ר' עקיבא. די חברים האָבען געזאָגט אויף איהם, אַז מ'קען קײנמאָל נישט דערגעהן געניו, וואָס ער וויל, ווײַל ער פֿלעגט מיט זײַנע שאַרפֿזיניגע פּשט'לעך און פּלפּולים ברענגען בעווײַזען אי פֿאַר, אי געגען דער בעשטימונג פֿון אַ געזעץ, און אָפּטמאָל האָט ער זאָגאַר בעוויזען מיט זײַן שאַרפֿער דיאַלעקטיק — מתּיר צו מאַכען דאָס, וואָס איז אין דער תּורה גופא בפירוש פֿערבאָטען, אָדער פֿערקעהרט. צווישען זײַנע תּלמידים האָט זיך געפֿונען אײנער מיט'ן נאָמען סומכוס, וועלכער האָט זיך אויך אויסגעצײכענט מיט זײַן אונגעוועהנליכער חריפֿות און פּלפּול'דיגע געניג, האָבען די חכמים געזאָגט אויף איהם מיט אַ שאַרפֿער איראָניע: ער איז אַ גרויסער חריף,

נאָר פסק'נען אַ שאלה בײַ יודען קען ער נישט. די דאָזיגע התנגדות צו דעם גײַסט פון פּלפּול און שארפזיניגע סאָפיזמען האָט זיך אַרויסגעװיזען אין אַ געװיסער מאָס אויך בנוגע צו ר' מאיר'ן אַלײן, און אַ סך פון זײַנע הלכות זענען נישט אָנגענומען געװאָרען אין דער פּראַקטיק.

ר' מאיר האָט פאָרטגעזעצט ר' עקיבא'ס טעטיגקײַט נישט נאָר אין דעם סיסטעם, װי אַזױ צו דרשה'נען די הלכות פון דער תורה,— ער האָט זיך אויך פערנומען מיט דער סיסטעמאַטישער צוזאַמענשטעלונג פון די געזאַמעלטע געזעצען און מסורות. דאָס איז געװען אַ העכסט דרינגענדע בעדערפעניש אין יענער צײַט פון רדיפות און מאַרטירערטומען, װאָס האָט פּלוצלינג אָבגעריסען פון לעבען כמעט אַלע בעדײַטענדע געזעץ-לעהרער, און ר' עקיבא'ס תלמיד האָט דאָס דאָזיגע בעדערפעניש גלענצענד אויסגעפילט. ער האָט צונויפגענומען דעם גאַנצען לעהר-מאַטעריאַל פון די גרויסע רביים, און איהם סיסטעמאַטיש בעאַרבײַט אונטער דעם טיטול משנה.

אַ רײַכע און פּיעלזײַטיגע פּערזענליכקײַט איז געװען אויך דער צװײַטער פון קאָלעגיום, ר' שמעון בן יוחאי, װעלכער האָט געהאַט זײַן ישיבה אין דעם גליל'עאישען שטעדטיל תקוע. אים געגענזאַץ צו זײַן פאָטער יוחאי, װעלכער איז געװען אַ גרויסער חשוב בײַ די רוימישע בעאַמטע, איז ר' שמעון געװען אַ ביטערער שונא פון די רוימער און זײַער קולטור, און װען ער האָט זיך אַמאָל ערלויבט, צו זידלען די „מלכות הרשעה” פאַר אַ גרויסען עולם, האָט מען עס דערטראָגען צו דער אַדמיניסטראַציע, װעלכע האָט איהם דערפאַר פערמשפּט צום טויט. ר' שמעון איז דאַן אַנטלאָפען און האָט זיך בעהאַלטען אין אַ מערה; דאָ האָט ער אָבגעלעבט אַ גאַנצע רײַהע יאָהרען (ביז האַדריאַנ'ס טויט), זיך שפּײַזענדיג מיט די טײַטלען פון דעם בוים, װאָס האָט זיך דאָרט געפונען, און מיט'ן װאַסער פון דעם דאָרטיגען טײַכעל, און דאָס האָט זעהר שלעכט געװירקט אויף זײַן געזונדס-צושטאַנד: דאָס לײַב איז בײַ איהם אינגאַנצען בעדעקט געװאָרען מיט געשװירען און װאונדען. אײַנמאָל האָט ער געפּרובט אַרויסטרעטען פון זײַן בעהעלטעניש, און דערװיסענדיג זיך, אַז די שרעקליכע צײַטען זענען שוין אַריבער, איז ער אַװעק צוריק אין לאַנד. כדי זיך אויסצוהײַלען פון די שװערע װאונדען, האָט ער זיך געבאָדען אין די װאַרימע װאַסער-קװאַלען פון טבריה (חמי טבריה), און אויס דאַנקבאַרקײַט צו דער שטאָדט, װאו ער איז בעפרײַט געװאָרען פון זײַן שװערער קרענק,

האָט ער אויסגעאַרבײַט אַ גענויען פּלאַן פון די שטאָדטישע פּלעצער, וועלכע זענען ווירקליך טמא, און פון יענע, וואָס זענען ריין, אום אויף אַזאַ אופן אַראָבצונעמען פון דער גאַנצער שטאָדט דעם חשד פון טומאה, וואָס איז אַלט געווען שוין איבער הונדערט מיט צוואַנציג יאָהר *).

אָט דער פאַקט פון אָבלעבען אַ לאַנגע צייט אין אַ מערה האָט געדינט דעם פאָלק אַלס קאַנווע פאַר פערשידענע לעגענדעס און וואונדער-ערצעהלונגען, און ס'איז געקומען אַזוי ווייט, אַז דער ניכטע-רער און שטרענג-לאָגישער געזעצלעהרער איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ בעל-מופת, אין אַ מענשען פון סודות און מיסטישע פאַנטאַזיעס. די דאָזיגע לעגענדעס האָבען זיך נישט אויפגעהערט צו וועבען אַז ביז אין טיעפען מיטעלאַלטער, און ווען ס'איז אין XIII-טען יאָהרהונדערט געפונען געוואָרען דער אַזוי גערופענער „זוהר", האָט דאָס פאָלק איהם אויך צוגעשריבען ר' שמעון בן יוחאי. דער אויטאָריטעט און די הייליגקייט פון דעם בוך איז פון דאַן אָן כסדר געוואַקסען, און צוזאַמען מיט איהם איז געוואַקסען אויך די קדושה פון דעם כלומר'שט מיסטישען תנא; פון XVI-טען יאָהרהונדערט אָן איז ר' שמעון'ס קבר אין מרון געוואָרען אַ פונקט, וואוהין יִם ציהען זיך די פרומע יודען פון אַלע לענדער, און ביז היינטיגען טאָג ווערט נאָך דער קבר בעזוכט פון אַ מאַסע פילגרימען.

אויף ווי ווייט די היסטאָרישע ווירקליכקייט איז געגען דער דאָזי-גער כאַראַקטעריסטיק פון ר' שמעון בן יוחאי, לאָזט זיך בעזונדער דייטליך זעהען אין זיין בעציהונג צו דער הלכי'שער מסורה. אין זיינע אויסטייטשונגען פון געזעץ איז ר' שמעון געווען פונקט דער היפך פון ר' עקיבא'ן און ר' מאיר'ן. ער האָט זיך שטענדיג בעמיהט אויסצו-פאָרשען גענוי דעם *טעם*, דעם *לאָגישען גרונד* פון געזעץ, כדי אַרויסצוציהען דערפון פערשידענע נייע שלום-פאָלגערונגען, נייע מעג-ליכקייטען. זיין ערקלערונג הויבט זיך שטענדיג אָן מיט דער פראַגע:

*) די שטאָדט טבריה איז געבויט געוואָרען פון הורדוס-אַנטיפּאַ לכבוד דעם קייזער *טיבעריוס*; די פרומע יודען אָבער האָבען דאָ נישט געוואָלט וואוינען, ווייל אויף דעם פּלאַץ איז געווען אַמאָל אַ בית עולם און זיי האָבען חושש געווען פאַר טומאה.

פאַרוואָס האָט די תורה געזאָגט דאָס און דאָס (מפני מה אמרה תורה)? און אויף דער שאלה, למשל, פאַרוואָס האָט די תורה געהייסען איבערלאָזען פאה (די עקען פון די נישט געשניטענע תבואה) אויף די פעלדער, גיט ער אָן פיער טעמים, וועלכע שטיצען זיך אַלע אויף דעם געוועהנליכען מענשליכען פערשטאַנד.

פון ר' שמעון בן יוחאי זענען דערגאַנגען צו אונז אויך אַ סך זעהר כאַראַקטעריסטישע אגדי'שע מאמרים. אַ פערביסענער געגנער פונ'ם גאַנצען רוימערטום, האָט ער זיך שטענדיג אויסגעדריקט וועגען זיי מיט די שאַרפסטע ווערטער, און ווען איינער פון די חברים האָט געפּרובט לויבען די אויסערליכע ציוויליזאַטאָרישע טעטיגקייט פון די רוימער: די מאַרק-פּלעצער, די בריקען, די בעדער, וואָס זיי האָבען אויסגעבויט, — האָט ר' שמעון מיט כעס אויסגעשריען: „אַלץ, וואָס די רוימער האָבען געמאַכט, האָבען זיי געמאַכט נאָר פון זייער בעקוועמליכקייט-וועגען. זיי האָבען פערפוצט די שטאָדטישע מאַרק-פּלעצער, כדי אַוועקצוזעצען דאָרטין אויסגעלאַסענע פרויען; זיי האָבען אויסגעבויט בעדער, כדי צו וואַשען און ריינִיגען זייערע קערפער'ס; זיי האָבען אויפגעשטעלט בריקען, כדי אויפצומאָהנען די שטייערן". אין זיין בעציהונג צום לעבען בכלל האָט ר' שמעון אויך קיין אַסקעטישע נייגונגען נישט אַרויסגעוויזען; ער דריקט זיך אויס אין איין אָרט: „די תורה איז געגעבען געוואָרען נאָר פאַר מן-עסער. דען ווי אַזוי קען עס אַ מענש זיצען און לערנען, און נישט וויסען, וואו ער וועט נעהמען צום עסען און טרינקען; זיצען אין זיך פּשט'לען און נישט וויסען, וואו ער וועט נעהמען אַ קלייד אויפ'ן לייב?" ער ה[illegible] געהאַט אַ גרויסען קרייז תלמידים, און ווייל ער האָט איבערגעלעבט אַלע זיינע חברים, איז ער געווען אַ געוויסע צייט כמעט דער איינציגער אויטאָריטעט פאַר אַלע פראַגען פון דעם רעליגיעזען לעבען.

דער דריטער, לויט זיינע מעלות, אין דעם נייעם קאָלעגיום איז געווען ר' יהודה ברבי אלעאי, אַ געבוירענער פון דעם שטעדטיל אושא גופא און אויך אַ דאָרטיגער תושב, וועלכער איז אין אַ סך הינזיכטען עהנליך געווען צו ר' יהושע בן חנניה. בעשיידען, קלוג, געשיקט און בערעדעוודיג, האָט ער שטענדיג געזוכט, צו מילדערן די אָנגעצויגענע בעציהונגען צווישען די רוימער און דער יודישער אומה, און ער ווערט אומעטום בעצייכענט מיט דעם טיטול „חכם" און ראש המדברים. ווי ר' יהושע, האָט ער זיך אויך געשפּייזט

פון אַ מלאכה, און זײַן שפּרוך איז געווען: „גרויס איז די אַרבײַט — זי בעערט דעם אַרבײַטער; ווער עס לערנט נישט זײַן זוהן קײַן מלאכה, טרײַבט איהם צווישען גזלנים". בײַ דעם כלל האָט זיך, ווי ס'שײַנט, שטאַרק געהאַלטען ר' יהודה'ס חבר, ר' יוסי בן חלפתא, וועלכער איז געווען לויט זײַן פּראָפעסיע אַ גאַרבאַר (בורסקי). ר' יוסי האָט צוזאַמענגעקליבען אַ רײַהע משנות אונטער דעם גרויסען נאָמען נימוקין (Nomikon); ער האָט אויך צוזאַמענגעשטעלט אַ קורצע חראָניק פון בריאות עולם ביז דעם בר־כוכבא'שען קריעג. אין דער דאָזיגער חראָניק („סדר עולם"), וואָס האָט אַ געוויסע בעדײַטונג פאַר דער יודישער היסטאָריאָגראַפיע, בעמיהט זיך ר' יוסי אויסצופילען און אויסצוגלײַכען די פערנעבעלטע און צווײַפעלהאַפטע דאַטומס פון די הײַליגע שריפטען, דאַגעגען איבער פון אַלעקסאַנדער מוקדון אָן האַלט ער זיך גאַנץ זעלבסטשטענדיג, און ס'בלײַבט נאָר צו בעדויערן דעם פאַקט, וואָס די נאָטיצען אין דער חראָניק זענען זעהר קורץ.

פון ר' עקיבא'ס איבריגע תלמידים זענען צו אונז קײַנע אײַנצעלהײַטען נישט דערגאַנגען; בעקאַנט איז נאָר, אַז אויסער די דאָזיגע ישיבות אין גליל, האָט זיך געפונען נאָך אײַן ישיבה אין יהודה, און די חכמים פון יענער ישיבה ווערען אָנגערופען „רבותינו שבדרום".

נעבען די אַלע אויסגערעכענטע תנאים האָט אַ בעזונדער פּלאַץ פערנומען דער אויבענדערמאָנטער ר' נתן, אַ זוהן פון דעם „ראש גלותא" (פּאַטריאַרך) אין בבל; צו אונז זענען נישט דערגאַנגען קײַן קוועלען וועגען די סבות, וואָס האָבען אָט דעם אַריסטאָקראַטישען געלעהרנטען געצוואונגען צו פערלאָזען זײַן רוהיג הײַמאַט־לאַנד און צו קומען קײַן פּאַלעסטינאַ אין דער צײַט, ווען אויף יעדערן איז געהאַנגען דאָס שווערד פון פּײַן און שמד; עס איז נאָר בעקאַנט, אַז אין דעם רעספּעקטאַבעלסטען סנהדרין אין אושא איז איהם געגעבען געוואָרען דער טיטול „אב בית דין". ר' נתן האָט זיך בעזונדער אויסגעצײַכענט אין דעם יורידישען טײַל פון דער יודישער געזעצלעהרע און אין אַסטראָנאָמיע, און ווי דער גרעסטער טײַל פון די תנאים אין יענער צײַט האָט ער אויך סיסטעמאַטיזירט בעזונדערע זאַמלונגען פון הלכות, וועלכע רופען זיך אויף זײַן נאָמען „משנת דרבי נתן" אָדער „תוספתא דרבי נתן".

פון די דאָזיגע אַלע געזעצלעהרער איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען דאָס בעגינטע כנהדרין אין אושא, וועלכער האָט ענערגיש געאַר־

בײַט פאַר דער אויפלעבונג פון דער יודישער געזעצלעהרע, וואָס האָט פון אַמבינג־אָן געהאַט די זעלבינע בעדײַטונג, ווי די אויפלעבונג פון דעם יודישען לעבענס־גײַסט. די טעטיגקײַט פון דעם סנהדרין אין דער ריכטונג איז נאָך מעהר אינטענסיוו און ענערגיש געוואָרען, אַ דאַנק דער געפאַהר פון אַ טיעפער שפּאַלטונג, וואָס האָט זיך אָנגערוקט פון בבל; דאָ איז פאָרגעקומען פאָלגענדעס: אין דער צײַט, ווען די געזעצ־לעהרער אין גליל האָבען געאַרבײַט מיט אַלע כחות צוריק פליסיג צו מאַכען דאָס פערגליווערטע בלוט פון דעם יודישען פאָלקס־גײַסט, צוריק צו שאַפען אײַן גײַסטיגען צענטר פאַר דער גאַנצער אומה, אָפּ־צוהיטען פון פערלוירען געהן דעם מאַטעריאַל פון די איבערגעגעבענע הלכות און מסורות דורך סיסטעמאַטישע זאַמלונגען,—אין דער צײַט האָט אַ יהודה'עאישער עמיגראַנט אין בבל זיך אַרומגעטראָגען מיט דער אידעע, איבערצוטראָגען אַהין דעם צענטר פון דער אומה, ד. ה. צו גרינדען דאָרטין אַ נײַעם סנהדרין, וואָס זאָל איבערנעהמען אין זײַנע הענד אַלע אָנגעלעגענהײַטען פון כלל־ישראל. גערופען האָט מען דעם עמיגראַנט חנניה; דאָס איז געווען אַ ברודערן־זוהן פון דעם בעריהמטען ר' יהושע בן חנניה, וועלכען דער גרויסער פעטער האָט אַוועקגעשיקט פון ארץ ישראל, כדי איהם אַזאַ אופן צו דערווײַטערן פון דעם אײַנפלוס פון די מינים (יודען־קריסטען). חנניה האָט זיך בעזעצט אין נהר פקוד, נישט ווײַט פון נהרדעה, און אָרגאַניזירענדיג דאָרטין אַ גרויסען בית דין, אין דער געשטאַלט פון סנהדרין, האָט ער זיך אַלײַן גענומען די נשיאות, און אַ געוויסען נחוניא בעשטימט פאַר'ן אב בית דין; דער דאָזיגער בית דין איז גלײַך צוגעטרעטען צו בעשטימען דעם יאָהר פון שמיטה און בכלל אַלע יודישע קאַלענדאַר־פראַגען, און די דאָרטיגע קהלות, וועלכע זענען אין דער צײַט פון שטר אינגאַנצען געבליבען אָהן אַ שום צענטראַלער אינסטיטוציע, האָבען האַרציג בעג־גריסט דעם נײַעם סנהדרין בײַ זיי אין לאַנד. אין פאַלעסטינא האָט אָבער די ידיעה וועגען דעם סנהדרין אַרויסגערופען אַ שטאַרקע אונצו־פריעדענהײַט; דאָ האָט מען אין דעם פאַקט געמוזט זעהן אַ געפאַהר פאַר דער אײַנהײַט פון יודענטום, און דער פאַטריאַרך ר' שמעון בן גמליאל האָט געפונען פאַר זײַן פליכט, אָנצוווענדען אַלע מעגליכע מיטלען, כדי אָבצושוואַכען די בעדײַטונג פון דעם גלות־צענטר און זאָגאַר אויך איהם אונטערצוברענגען אינגאַנצען. צו דעם צוועק האָט ער אַרויסגעשיקט צוויי שלוחים, ר' יצחק און ר' נתן, מיט אַ בריעף צו

דעם נשיא פון יענעם סנהדרין, וואָס האָט געטראָגן אויף זיך דעם טיטול: „למעלת קדושתו של חנניה (אָן זײַן הײליגקײט — חנניה)“; שטאַרק געריהרט און געשמײַכלט פון אַזאַ כבוד, האָט חנניה זעהר האַרציג און פרײַנדליך אויפגענומען די שלוחים פון ארץ ישראל, און פאָרגעשטעלט זײ פאַר זײַן קאָלעגיום מיט פערשיעדענע שבחים און קאָמפּלימענטען. דאָס זענען די גרעסטע פון יודען, — האָט ער אויף זײ אויסגערופען — זײערע עלטערן האָבען משמש געווען אין בית המקדש, און זײ זענען געקומען לעהרנען אין אונזער ישיבה. אויף אַזאַ אופן האָבען זיך די שלוחים ערוואָרבען דעם צוטרױ און די אַכטונג פונ׳ם גאַנצען קאָלעגיום, און ערשט דעמאָלט האָבען זײ זיך גענומען דורכפיהרען זײער שליחות: קאָמפּראָמיטירען דעם סנהדרין אין נהר־פקוד און אויסווירקען בײַ די יודישע קהלות אין בבל, זײ זאָלען זיך צוריק ווי פריהער אונטערוואַרפען דעם אויטאָריטעט פון דעם אײנציגען צענטער אין לאנד פון די אבות. זײ האָבען געלײענט פאַר׳ן פאָלק דעם אינהאַלט פון די בריעף, וואָס זײ האָבען מיטגעהאַט מיט זיך, אין וועלכע ס׳איז ערקלערט געוואָרען, אַז אַזוי ווי די שמד־גזירות זענען בטל געוואָרען, די חכמים האָבען זיך אומגעקעהרט יעדערער אין זײַן הײם און דאָס סנהדרין האָט זיך ווידער צונױפגעזאַמעלט אין דער שטאָדט אושא, דאַרפען אַלע יודישע קהלות זיך צוהערן צו די פעראָרדנונגען פון דעם אײנציגען צענטער און חנניה איז נאָר אַ פערברעכער און אַ פּורץ־גדר, ווען ער וויל צוריסען די אחדות פון דער אומה און בעשאַפען אַ נײַעם צענטער אויסער די גרענעצען פון ארץ ישראל. כדי צו דעמאָנסטרירען אָפען פאַר׳ן גאַנצען פאָלק די אונגעזעצליכקײט פון חנניה׳ס בעשטימונגען, האָט אײנער פון די שלוחים אַראָבגעלײענט פון דער טריבונע: „אלה מועדי חנניה בן אחיו של ר׳ יהושע“ (דאָס זענען די יום טובים פון חנניה, ר׳ יהושע׳ס ברודערן־זוהן), אַלס אַ פּאַראָדיע אויף דעם פסוק פון דער תורה: „אלה מועדי ד״ (דאָס זענען די יום־טובים פון גאָט); דער צווײטער שליח האָט אויך געטאָן דאָס זעלבע און פּאַראָדירט די נבואה: „כי מציון תצא תורה ודבר ד׳ מירושלים“, לײַענענדיג אויפ׳ן קול: „כי מבבל תצא תורה ודבר ד׳ מנהר פקוד (דען פון בבל וועט אַרויסגעהן תורה און גאָט׳ס וואָרט פון נהר פקוד). די דאָזיגע איראָנישע אויסרופען האָבען געמאַכט אַ שטאַרקען רושם אויפ׳ן פערזאַמעלטען עולם, וועלכער האָט זיך איצט ערשט אַרומגעזעה־ העט, אַז שטיצענדיג חנניה׳ס אינסטיטוציע קען ער ווירקליך שאַדען

ברענגען די אחרות פון דער אומה און אז זיי רייסען זיך דערמיט אָב פון זייערע ברידער אין ארץ ישראל און פון דער תורה. אומזיסט האט חנניה איצט געפרובט אָבשוואַכען די ווירקונג פון די שלוחים דערמיט, וואָס ער האט געזוכט, זיי אַראָבצעוואַרפען און צו פערדעכטיגען: די אויפגעמונטערטע שלוחים האָבען אָפען ערקלערט, אַז דאָס געגען־סנהדרין אין בבל האט די זעלבע בעדייטונג, ווי אַ צווייטער מזבח, ביי וועלכען חנניה און נחוניא דיענען פאַר כהנים גדולים, און ווער עס שטיצט אָט דעם סנהדרין זאָגט זיך דערמיט אָב פון גאָט און פון כלל ישראל. חנניה האט זיך פון דעסטוועגען נאָך אלץ נישט געוואָלט אונ־טערגעבען, און געפרובט זיך ווענדען צו ר׳ יהודה בן בתירא, וועלכער האט געהאַט אַ ישיבה אין נציבין, אויף דער גרענעץ צווישען דער פאַרטישער און רוימישער מלוכה; ר׳ יהודה האט אָבער אויך אָנער־קענט, אז יעדער יוד איז מחויב זיך אונטערצוגעבען דעם גרויסען בית דין אין ארץ ישראל. דאַן האט ר׳ חנניה שוין קיין ברירה נישט גע־האַט און געמוזט זיך אָבזאָגען פון זיין גרויסען חלום; ער האט צושיקט בריעף אין אלע קהלות פון גלות, אין וועלכע ער האט אָבגערופען זיינע קאַלענדאַר־בעשטימונגען און דערמיט האט זיך געענדיגט די צענטראַלע טעטיגקייט פון דעם סנהדרין אין בבל.

אונטער דער צייט איז אין דעם קאָלעגיום פון אושא גופא פאָר־געקומען אַ שטאַרקער סכסוך, וואָס האט געקאָנט ברענגען צו די זעל־ביגע פאָלגען, צו וועלכע עס האט אַמאָל געבראַכט דער סכסוך צווי־שען ר׳ גמליאל׳ן און ר׳ יהושע׳ן אין יבנה. ר׳ שמעון בן גמליאל, וועלכער איז געווען דער נשיא, האט געפרובט איינפיהרען אַ מין עטיקעטע, וואָס האט געזאָלט אויסצייכנען איהם פון די איבריגע פרעזידיום־מיטגליעדער, ר׳ נתן און ר׳ מאיר. די דאָזיגע עטיקעטע האט בעפויהלען: „ווען דער נ ש י א קומט אַריין שטעלט זיך אויף דאָס גאַנצע פאָלק, און קיינער זעצט זיך נישט פריהער, ביז ער זאָגט נישט: זיצט; ווען דער אַ ב ב י ת ד י ן קומט אַריין, מאַכט מען צוויי שורות (שפאַליערן) פון ביידע זייטען, ביז ער קומט צו צו זיין פלאַץ, און ווען דער ח כ ם קומט אַריין, בלייבט איינער זיצען און איינער שטעלט זיך אויף אַזוי לאַנג, ביז ער זעצט זיך אויף זיין אָרט“. אָט די רעפאָרם איז איינגעפיהרט געוואָרען אָהן דעם וויסען פון די ביידע פרעזידיום־מיטגליעדער, און ווען זיי זענען אַריינגעקומען און האָבען בעמערקט דעם שנוי אין׳ם צערעמאָניאַל, האָבען זיי זיך שט־

לערהײַיד פערשוואוירען , צו בעלײַדיגען דעם נשיא פאַר'ן גאַנצען עולם דערמיט , וואָס זײַ װעלען איהם פערוואַרפען פון אַלע זײַטען מיט שאלות, אויף וועלכע ער וועט ניט וויסען צו ענטפערן . מיט דעם מיטעל האָבען זײַ געגלויבט , צוצוברעגנגען די זאַך ביז אַזוי ווײַט , אַז דער קאָלעגיום וועט אויסדריקען דעם נשיא זײַן אונצוטרוי און אויסוועהלען גלײַך אַן אַנדערן אויף זײַן אָרט . דער אײַנפאַל האָט זיך אָבער ניט אײַנגענעבען ; ר' שמעון האָט זיך דערוואוסט פון דער פערשווערונג געגען איהם און האָט זיך צוגעגרײַט מיט תשובות אויף אַלע מעגליכע שאלות , און אַפּעלירענדיג צו דעם גאַנצען קאָלעגיום , האָט ער אויסגעפּועל'ט אַ ערלויבניש , אויסצושליסען די „רעוואָלוציאָנערען" פון דער פערזאַמלונג . ווען ר' נתן מיט ר' מאיר'ן זענען דערנאָך געקומען האָבען זײַ אַלזאָ געפונען פאַר זיך די טהירען פון בית-מדרש פערשלאָסען , און דאָס האָט זיך געמוזט שלעכט אָבּרופען אויף דער גאַנצער אקאדעמישער טעטיגקײַט פון קאָלעגיום ; אַ סך צווײַפעלהאַפטע הלכות , זענען געבליבען ניט ערקלערט און ס'איז ענדליך געקומען דערצו אַז אײַנער (ר' יוסי בן חלפתא) האָט אָפען אויסגעשריען : „די תורה איז אויסוועניג און מיר זיצען אינוועניג !" דאַן איז דער נשיא וועלכער געוואָרען און האָט ערלויבט די אויסגעשלאָסענע אַרײַנצוקומען אין בית מדרש , נאָר ער האָט אַרויפגעלעגט אויף זײַ אַן'אַנדער אקאַדעמישע שטראָף . דער שטאָלצער ר' מאיר האָט זיך אָבער איצט אויך ניט געוואָלט אונטערגעבען ; ער האָט ניט אויפגעהערט צו דערצערנען דעם פערביטערטען נשיא , און דער לעצטער האָט זיך געזעהען געצוואונגען , אויסצורופען אויף איהם אַ ח ר ם . דאָס האָט ר' מאיר'ן גאָלמעהר אויפגעקאָכט , און ער האָט אויסגעשריען : „איך רעכען מיך ניט מיט אײַער חרם אַזוי לאַנג , ווי איהר וועט מיר ניט ערקלערן , ו ע ם ע ן , פ אַ ר ו ו אָ ס און צ ו ל י ע ב ו ו אָ ס א י ה ר ה אָ ט מ י ך מ ח ר י ם ג ע ו ו ע ן" . דער רעזולטאַט פון דעם צוזאַמענשטוים איז געוועזען דאָס , אַז ר' מאיר האָט זיך דערווײַטערט איננאַנצען פון סנהדרין און זיך בעזעצט ערגעץ אין קלײַן אַזיע , וואו ער איז אויך געשטאָרבען . פאַר'ן טויט האָט ער אָנגעזאָגט , מ'זאָל דעם ארון מיט זײַן קערפּער אַוועקשטעלען אויפ'ן ברעג פון ים , וואָס געהט דורך ארץ ישראל , וועט עס הײַסען , אַז ער איז בעגראָבען געוואָרען אין דער הײליגער ערד .

די צײַט פון ר' שמעון'ס נשיאות איז רײַך געוועזען אויך אין דריקונגען און אונרוהען פון אויסוועניג. די שנאה צווישען יודען און רוימער

איז פון דעם האדריאַנישען קריעג אָן כסדר געוואַקסען, און אין די שפּע־טערדיגע יאָהרען פון אַנטאָנינוס'עס ממשלה האָבען יודען געהאַט אויס־צושטעהן פערשיעדענע גזירות און רדיפות. אויף ווי ווייט די דאָזי־גע רדיפות האָבען דערשלאָגען די שטימונג פון פאָלק, איז צו זעהן פון דעם מאמר, וואָס איז דערגאַנגען צו אונז אין ר' שמעון בן גמלי־אל'ס נאָמען: „אויב די ערשטע, וואָס האָבען דערשמעקט נאָר אַביסל צרות פון דער מלכות רומא הרשעה, זענען אַזוי אָראָבגעפאַלען ביי זיך, הייסט אַ פּשיטא שוין מיר, וואָס וואַלגערן זיך אָב טעג, יאָהרען, דורות און תקופות אין דער דאָזיגער מלכות און זינקען ביז'ן האַלז אין צרות און גזירות! מיר נעהמען אויך אָן די צרות פאַר ליעב, נאָר ווען מיר וואָלטען וועלן אויסשרייבען זיי אַלע, וואָלטען מיר קיינמאָל נישט געענדיגט". עס זענען זאָגאַר פערהאַן רמזים פון רוימישע קוועלן וועגען געוויסע רעוואָלוציאָנערע אונרוהען, וואָס האָבען אויסגע־בראָכען אין פאַלעסטינא, אינ'ם לעצטען יאָהר פון אַנטאָנינוס'עס הערשען (161). די דאָזיגע פראַגע פון אַ נייעם אויפשטאַנד איז, ווי ס'איז צו גלויבען, געשטאַנען אין צוזאַמענהאַנג מיט די הכנות צו דער מלחמה, וואָס די פּאַרטאַנער האָבען אין יענער צייט וויעדער געפּרובט אונ־טערנעהמען געגען רוים. צו די דאָזיגע אונרוהען בעציהט זיך, ווי ס'שיינט, אויך די תלמודישע אגדה פון יענער צייט, וואָס דערצעהלט, אז די רוימישע רעגירונג האָט זיך געפּרובט אָוועקנעהמען ביי יודען דאָס רעכט, צו האָבען אייגענע ציוויל־גערינכטען. אַ צווייטע תלמודישע לעגענדע רעדט אויך וועגען שווערע רעפּרעסיעס געגען יודען, וואָס האָבען געצוואונגען דעם גרעסטען געזעצלעהרער פון דער עפּאָכע, ר' שמעון בן יוחאי, צו פאָהרען קיין רוים, זיך משתדל זיין פאַר זיינע ברידער.

אין דער בעציהונג צו די האָפנונגען, וואָס יודען האָבען געלעגט אויף דער מלחמה, וועלכע האָט זיך צופלאַקערט צווישען די פּאַרטאַנער און רוימער פאַר דער הערשאַפט פון מארק אורעליוס, איז זעהר כאַ־ראַקטעריסטיש דער מאמר פון דעם זעלבינגען ר' שמעון בן יוחאי; ער האָט געזאָגט: „ווען דו זעהסט אַ פּערסישען (פּאַרטישען) פערד צוגע־בונדען צו איינער פון די מצבות אין ארץ ישראל, האָף אויף דאָס אָנקומען פון משיח'ן". עהנליך דערצו און נאָך מיט מעהר בעשטימט־קייט האָט זיך אויסגעדריקט ר' יהודה ברבי אלעאי: „די צושטערער (פון ירושלים) איז בעשערט צו פאַלען פון פּערסישע (פּאַרטישע) הענד".

אָט די פײַנדליכע געפיהלען פון יודען בנוגע צו רוים האָבען גע־דיענט דעם קייזער, וואָס האָט געפיהרט די מלחמה מיט די פּאַרטאַ־נער, וועררוס׳ן, אַלס מאָטיוו פאַר נײַע רעפּרעסיעס געגען די יודען פון דער רוימישער אימפּעריע; וועררוס האָט בענײַט האַדריאַנ׳ס בע־פעהל, און האָט פערבאָטען יודען די מצות: שבת, מלה, און טבילה. די פערפאָלגונגען האָבען אָבער זיך נישט לאַנג געצויגען, און נאָך וועררוס׳עס טויט, ווען אויף דעם רוימישען טראָן איז פערבליבען נאָר מאַרק אורעליוס אַליין, זענען די דערמאָנטע גזירות אָבגעשאַפט געוואָרען. דער דאָזיגער געקרוינטער פילאָזאָף איז איבערהויפּט געווען אַ געגנער פון צוואַנגס־מיטלען און פערפאָלגונגען, און אויך דאָס קריס־טענטום האָט אין זײַן צײַט לײַכטער אָבגעאָטעמט.

וועגען דעם זעלביגען קייזער־פילאָזאָף זעגען דערגאַנגען צו אונז פערשידענע קוועלן, וועלכע זענען זיך סותר איינע די אַנדערע; פון איין זײַט דערצעהלען די תלמודישע אגדות זעהר פיעל וועגען די האַר־ציגע בעציהונגען, וואָס האָבען געהערשט צווישען אורעליוס׳ען (אנטאָ־נינוס־קיסר) און דעם יודישען פּאַטריאַרך; און דאַגעגען שילדערן די רוי־מישע קוועלן גאַנץ אַנדערש אורעליוס׳עס בעציהונג צו יודען. דאָרט דערצעהלט זיך, אַז זענענדיג אין יהודה (175), איז ער שטאַרק אונ־צופריעדען געווען דערפון, וואָס די בעפעלקערונג האָט איהם נישט גע־נוג פײַערליך אויפגענומען, און ער האָט אויסגעשריען: „אָט ענדליך, האָב איך געזעהען אַ פאָלק, וואָס איז נאָך ערגער פון די מאַראָקמאַנען, קוואַדען און סאַרמאַטען!"

אין יענער צײַט איז אין דעם אינערליכען לעבען פון דער יודי־שער אומה פאָרגעקומען אַ בעדײַטענדע געשעהעניש: ר׳ שמעון בן גמליאל איז געשטאָרבען און דער פּאַטריאַרכען־שטוהל איז איבערגעגאַנ־גען צו זײַן זוהן ר׳ יהודה, וואָס איז בעקאַנט אונטער׳ן נאָמען ר׳ יהודה הנשיא. געבוירען אין דער עפּאָכע פון די שמד־גזירות, ווען דאָס פאָלק האָט מיט זײַן לעבען געמוזט בעצאָהלען פאַר דעם גרויסען חלום פון פרײַהײַט און זעלבסטשטענדיגקײַט, איז ר׳ יהודה אַזוי ווי ערצויגען געוואָרען גלײַך מיט דעם געדאַנק, איינמאָל פאַר אַלע מאָל פעסט אַוועקצושטעלן די אינווענינגסטע גאַנצקײַט, איינינקײַט און שטאַרקײַט פון פאָלק אַזוי, אַז קיינע ווינטען זאָלען איהם נישט קענען מעהר צושפּליטערן און צורײַסען, און ער האָט אָט די אויפגאַבע דורכ־געפיהרט. ווי זײַן עלטער־זיידע הלל האָט ר׳ יהודה אויך מיט זײַן

איינענער פעראזאן געשאפפען א פעסטען באדען פאר דעם אויטאריטעט פון דער אינסטיטוציע, וואס איז געשטאנען אונטער זיין רשות, און דאס ווערק, וואס איז פון איהם געשאפפען געווארען, האט דעם דאזיגען אויטאריטעט געזיכערט און פעראייביגט.

ר׳ יהודה איז געוועזען זעהר רייך און זיין הויף האט זיך אויסגעצייכענט מיט א קעניגליכען לוקסוס, — אין פאלק האט זיך געזאגט, אז די פערד־שטעלער פונ׳ם נשיא האבען מעהר ווערט, ווי די שאצקאמערן פון דעם פערסישען קעניג. פון דער עשירות האבען אבער די ארומיגע און די הונדערטער תלמידים פון זיין קאלעגיום מעהר גענאסען, ווי ער אליין. ווען עס האט אויסגעבראכען א שרעקליכער הונגער אין דער גאנצער רוימישער אימפעריע, האט דער יודישער נביא געעפענט זיינע תבואה־מאגאזינען און געטיילט קארן די נויטבעדערפטיגע. אין אנהויב האט ער געהאט בעשטימט, אז עס זאלען געשטיצט ווערן נאר „בעלי מקרא, בעלי משנה און בעלי תלמוד״, נישט קיין „עמי הארצים״; ווען איינער פון די תלמידים האט איהם אבער אויפמערקזאם געמאכט אויף דער אונעהרליכקייט פון אזא מין בעשטימונג, און האט זיך געווענדעט צו איהם מיט די ווערטער: „רבי! שפייז מיך, ווי א ראב, ווי א הונט״ — האט ר׳ יהודה אנערקענט די אונגערעכטיגקייט און געזאגט: „זאלען אלע אריינגעהן״. א עהנליכער פאל איז פארגעקומען א צווייטען מאל, וואו דער נשיא האט אויך ארויסגעוויזען פריהער זיין אנגעבוירענע הארטע נאטור און דערנאך — א סך מענשענפריינדליכקייט און רחמנות; עס זענען געקומען צו איהם די טעכטער פון דעם פעררעטערישען תנא אלישע־אחר און געבעטען שטיצע. האט זיי דער פאטריארכישער נשיא אבגעזאגט און געלייענט אויף זיי דעם פסוק: אל יהי לו מושך חסד ואל יהי חונן ליתומיו (ער זאל איהם קיין גנעדיגקייט נישט ארויסווייזען און זאל נישט בארמהערציג זיין צו זיינע יתומים); דאן האבען זיך די טעכטער אבגערופען צו איהם: „רבי! געדענק זיין תורה און פערגעס זיינע מעשים״, און ר׳ יהודה האט מיט טרערען אין די אויגען זיי געגעבען, וואס זיי האבען געוואלט.

צוליעב נישט בעקאנטע סבות איז דאס סנהדרין אין יענער צייט איבערגעטראגען געווארען פון איין ארט אין אנדערן: פון אושא קיין שפרעם, פון שפרעם קיין בית שערים און פון בית שערים קיין צפורה. אינ׳ם לעצטען שטעדטיל האט זיך דאס סנהדרין אריבערגעצויגען צוליעב ר׳ יהודה׳ן אליין, ווייל די לופט האט דא זעהר גוט געווירקט אויף דעם

געזונד־צושטאַנד פֿונ'ם קרענקליכען נשיא. אין צפּורה האָט דאָס סנהד־
רין דערגרײַכט די העכסטע שטופע פֿון זײַן אויטאָריטעטייר מאַכט; דאָ
האָט זיך געפֿונען אַ פּאָלשטענדי, ער קאָן פֿלעגט פֿון 70 מיטגליעדער, וועל־
כע האָבען געהאַט צו ענטשײַדען אַלע געזעלשאַפֿטליכע און רעליגיעזע אָנ־
געלעגענהייטען פֿון דער אומה, לויט דעם צערעמאָניאַל, וואָס איז גע־
ווען אײַנגעפֿיהרט אינ'ם סנהדרין פֿון „לשכת הגזית“. איבער די דאָזי־
גע זיבעציג מיטגליעדער איז געשטאַנען דער נשיא, וועלכער האָט
בעזעסען אַ אונבעגרענעצטע מאַכט, און אין פֿאָלק האָט זיך געזאָגט,
אַז פֿון משה'ן אָן איז נישט געווען אַזאַ פֿעראײַניגונג פֿון תּורה און
גדולה אין איין אָרט, ווי בײַ ר' יהודה הנשיא. פֿיהרען די
ישיבה, השגחה געבען אויף דער הנהגה פֿון די יודישע קהלות, ענד־
גילטיג בעשטימען די קאַלענדאַר־אויסרעכנונגען, מסמיך זײַן תּלמידים,
אָנפֿיהרען די זיצונגען פֿון סנהדרין, — אָט די אַלע פֿונקציעס האָבען
זיך געפֿונען אין די הענד פֿון דעם מעכטיגען נשיא, און זײַן פּאָפּולאַ־
ריטעט איז דערגאַנגען ביז אַזוי ווײַט, אַז דאָס פֿאָלק האָט איהם גערו־
פֿען בלויז רבי, ווײַזענדיג דערמיט, אַז אַלע איבעריגע געזעצלעהרער
האָבען אנטקעגען איהם קיין בעדײַטונג נישט. מיט דער צײַט האָט דאָס
סנהדרין אַלײן געגעבען דעם נשיא מעהר רעכט, וויפֿיעל עס האָבען גע־
האַט אַלע נשיאים פֿאַר איהם; ר' יהודה איז געווען זעלבסטהערשער אין
זײַן קאָלעגיום — ער האָט נישט געהאַט נישט קיין אַב בית דין, נישט
קיין חכם; האָט דער גאַנצער קאָמפּלעט פֿון סנהדרין בעשטימט אײַנעם
אויף אַ פּאָסטען אָדער געגעבען אײַנעם סמיכה אָהן דעם נשיא'ס הסכ־
מה, האָט די בעשטימונג אָדער די סמיכה קיין בעדײַטונג נישט געהאַט,
און האָט דער נשיא אויף זײַן אײַגענער פֿעראַנטוואָרטליכקייט בעשטימט
אײַנעם אַלס ריכטער אָדער געזעצלעהרער, — איז די בעשטימונג גילַ־
טיג געווען.

די קהלות אין און אויסער ארץ ישראל זענען געשטאַנען אין אַ
שטענדיגער פֿערבינדונג מיט'ן פּאַטריאַרך, און ער פֿלעגט בעשטימען
פֿאַר זיי בעאַמטע, ריכטער און לעהרער. אַזוי האָבען זיך די ראשית
פֿון דער קהלה אין סימאָניא געווענדעט צום נשיא מיט דער בקשה,
ער זאָל זיי שיקען „איין מענשען, וואָס זאָל פֿאָרלייענען פֿאַר זיי, לעהר־
נען זיי און משפּט'ען צווישען אײַנעם און אַנדערן“, און ר' יהודה האָט
זיי געשיקט אײַנעם פֿון זײַנע תּלמידים, ר' לוי בר סיסי, רעקאָמענ־
דירענדיג איהם מיט דער ערקלערונג: „איך גיב אײַך אַזאַ מענשען,

ווי איך בין". אנ'אנדער תלמיד ר' יהודה'ס מיט'ן נאמען רבה בר חנא פון כפרי אין בבל, האט זיך אויפגעהאלטען א לענגערע צייט אין ארץ ישראל, און ווענדיג זיך אומקעהרען אין דערהיים, האט ער, דורך זיין פעטער ר' חייא, געבעטען פונ'ם נשיא רשות, צו מעגען דארטין „לעהרנען און פסק'נען". אזא מין סמיכה פונ'ם נשיא האט בעקומען אויך זיין צווייטער תלמיד פון בבל, אבא אריכא, וועלכער איז שפעטער (אונטערן נאמען רב) בעריהמט געווארען אלס איינער פון די גרעסטע אויטאריטעטען אין זיין לאנד. נאר איין איינציגער מענש איז געווען דעמאלט אין דער יודישער וועלט, וואס האט זיך געקענט פערגלייכען צו דעם פאטריארך אין ארץ ישראל בנוגע צו מאכט און כבוד — דער ראש גלותא אין בבל. און ר' יהודה האט איהם זאגאר מקנא געווען, וארום אויב יענער האט נישט געשפיעלט קיין גרעסערע ראליע פון איהם אין דער יודישער וועלט גופא, האט ער אבער מעהר אנזעהען געהאט ביי דער פארטישער רעגיערונג, וועהרענד די נשיאות אין פאלעסטינא איז פון רוים הויבסטענס נאר געדולדעט געווארען.

א געבוירענע הערשער-נאטור, האט ר' יהודה אבער זיך מיט דעם נישט געדעכענט אין דער פראקטיק. אין זיין ממשלה האט ער זיך געהאלטען, ווי א אונבעגרענצטער הערשער, און זיין בעציהונג צו די תלמידים איז געווען א שטרענגע, א געביטערישע. יעדערער פון זיי האט שטענדיג געמוזט געדענקען, אז ער שטעהט נישט בלויז פאר א לעהרער, נאר אויך פאר א הערשענדער פערזאן, און די מינדסטע פרייהייט אין דער האלטונג בנוגע צום פאטריארך איז שטרענג בעשטראפט געווארען. צווישען דער גרויסער צאהל תלמידים פון בבל, וואס האבען זיך געפונען אין ר' יהודה'ס אקאדעמיע, איז געווען איינער מיט'ן נאמען חייא (פון אחיה), וועם האט זיך אויסגעצייכענט מיט אונגעוועהנליכע מעלות, און איז געווען בעריהמט מיט זיין אונערמיעדליכער טעטיגקייט, צו פערשפרייטען די תורה צווישען די ברייטע שיכטען פון פאלק. דעם דאזיגען ר' חייא האט ר' יהודה אליין אויך שטארק געשעצט און ליעב געהאט, און געזאגט אויף איהם: „א גרויסער מענש, א הייליגער מענש"; און דאך האט ער איהם נישט געקענט שענקען דעם פאקט, וואס ער, ר' חייא, האט זיך ערלויבט צו מאכען א שפאס מיט איהם. דאס איז פארגעקומען אויף דעם פאלגענדען אופן: ר' יהודה האט זיך אמאל אבגערופען צו זיין געליעבטען תלמיד: „אלץ,

וואס א מענש וועט מיר הייסען טאן, וועל איך טאן, נאר נישט דאס, וואס די בני בתירא האבען אמאל געטאן בנוגע צו מיין זיידען הלל. ווען זיי האבען זיך אבגעזאגט פון דער נשיאות אין איהם אוועקגעזעצט אויף זייער שטוהל; ווען דער ראש גלותא (עקזילארך) פון בבל, רב הונא, וואלט קומען אהער, וואלט איך איהם נאר אוועקזעצען אויבען-אן, ווייל ער איז פון שבט יהודה און איך בין פון שבט בנימין (לויט אנ׳אנדער נוסח: ווייל ער קומט ארויס פון דוד המלך פון דער מ ע נ-ל י כ ע ר ליניע, און אויך פון דער ו ו י ב ל י כ ע ר), אבער מיין פלאץ וואלט איך איהם נישט אבגעגעבען". אין א צייט ארום איז ר׳ חייא אריינ-געקומען און האט אויסגערופען: „רב הונא, דער ראש גלותא פון בבל קומט אהער". דאס האט אויפ׳ן פאטריארך געמאכט אנ׳איינדריק און ער איז רויט געווארען פון אויפרעגונג; ערשט דאן האט אבער ר׳ חייא ערקלערט: „זיין א ר ו ן קומט אן, ווייל ער האט אנגעזאגט פאר׳ן טויט, מ׳זאל איבערפיהרען זיינע ביינער קיין ארץ ישראל און זיי דארטין ברענגען צו קבורה"; פאר דעם שפאס האט דער נשיא דערוויי׳ ערט פון זיך דעם תלמיד אויף דרייסיג טאג. א צווייטען מאל איז פארגעקו-מען, אז ר׳ חייא האט בעקומען א שטארקען אויסרייד פון פאטריארך דערפאר, וואס ער האט געלעהרנט מיט צוויי תלמידים אין גאס, נעגען דעם בעפעהל פון נשיא, וואס האט פערבאטען צו לעהרנען אין אנ׳א-פענעם ארט.

א עהנליכע עמפפינדליכקייט האט ר׳ יהודה ארויסגעוויזען אויך בנוגע צו זיין תלמיד ש מ ע ו ן ב ר ק פ ר א; דער דאזיגער תלמיד איז, אויסער זיין גרויסקייט אין לעהרנען, געווען אויך א גלענצענדער קענער פון דער העברעאישער שפראך, און דערצו — א געשיקטער דיכטער און סאטיריקער. האט זיך געמאכט אמאל, אז ביים נשיא אין שטוב איז געווען פערזאמעלט א גרויסע געזעלשאפט, און דעם וויציגען בר קפרא האט זיך פערגלוסט מאכען א שפאס מיט׳ן איידים פון נשיא, ב ר א ל ע ש ה, וועלכער איז געווען זעהר רייך, אבער פראסט און דערצו נאך א גרויסער בעל גאוה. פון די פערזאמעלטע האט יעדערער געפונען אנ׳אנדער זאך, צו פרעגען דעם נשיא, און נאר איין בר-אלעשה איז געזעסען שווייגענדיג; איז צו איהם צוגעגאנגען בר-קפרא און איינגערעדט, ער זאל אויך עפעס פרעגען דעם נשיא, און דערביי האט ער איהם אויפגעגעבען א עפיגראם, וואס האט ענטהאלטען א ביי-סענדע סאטירע נעגען געוויסע פערזאנען, וועלכע זענען געשטאנען

נאָהנט צום נשיא. בר־אלעשה האָט די סאַטירע נישט פערשטאַנען, און פאָרגעלייענט דאָס ליעדעל פאַר זיין שווער, יענער האָט אָבער גלייך בעמערקט בר־קפרא׳ס מיין, און ווענדענדיג זיך צו דעם שמייכלענדען דיכטער, האָט ער מיט אָפענער פעראַכטונג געזאָגט: „ווער ביזטו? איך קאָן דיך נישט!״ ערשט דאַן האָט בר־קפרא זיך ארומגעזעהען, אז ער האָט איבערגעחאַפּט די מאָס, און האָט פערשטאַנען, אז ער האָט נישט מעהר קיין האָפנונג צו בעקומען סמיכה פונ׳ם נשיא. דעם דאָזי־גען פּסק האָט געחאַט אויך מר־שמואל, איינער פון די בעריהמטע תלמידים פון בבל, וואָס האָט געלעהרנט אין ר׳ יהודה׳ס ישיבה און זאָגאַר אויך אויסגעהיילט איהם פון זיין שווערער קראַנקהייט. מעהר דאָקטאָר און אַסטראָנאָם, ווי געזעצקענער, האָט ר׳ יהודה איהם נישט געוואָלט מסמיך זיין פאַר א געזעצלעהרער, און פיהלענדיג אַליין, אז דאָס איז נישט קאָרעקט בנוגע צו א מענשען, וואָס האָט איהם ביים לעבען דערהאַלטען, האָט ער זיך אַמאָל געפּרובט פערענטפערן פאַר שמואל׳ן; דער לעצטער האָט זיך אָבער פריהער געחאַפּט און איהם איראָניש געענטפערט: „אומזיסט דער צער! איך זעה, אז ס׳איז שוין אויף מיר אַזוי נגזר געוואָרען און אין אדם הראשונ׳ס בוך איז געשטאַ־נען געשריבען, אז שמואל ירחינאה וועט האָבען נאָר דעם טיטול „חכם״ און נישט „רבי״ און רבי׳ס (ר׳ יהודה׳ס) הילף וועט קומען דורך זיין האַנד״.

בנוגע צו דער געזעצגעבענדער פּראַקטיק האָט ר׳ יהודה ארויס־געוויזען א אונגעוועהנליכע זעלבסטשטענדיגקייט, און ווי א אייניקעל פון דעם גרויסען הלל, האָט ער דאָס אַלע מאָל געטאָן נישט כדי צו בעלעסטיגען און בעשווערען דאָס יודישע לעבען, נאָר כדי עס צו פער־לייכטערן. ער האָט אָבגעשאַפט און איינגעפיהרט גרויסע פערלייכטע־רונגען אין א סך דינים און מנהגים, וועלכע זענען געווען פערהייליגט אין פאָלק צוליעב זייער אַלטקייט, און האָבען קיין יסוד נישט געהאַט אין דעם איצטיגען לעבען. צו די לעצטע האָבען אָנגעהערט אויך די אַלע דינים וועגען שמיטה און מעשרות, וואָס האָבען שטאַרק גע־דריקט דעם פאָלק ביי דעם איצטיגען סיסטעם פון קאָפּ־ און ערד־שטייערן. ר׳ יהודה האָט זאָגאַר געוואָלט אינגאַנצען מבטל זיין דעם דין פון שמיטה, אלס א געזעץ, וואָס איז נישט צוגעפּאַסט צו די איצ־טיגע לעבענס־בעדינגונגען פון די יודישע מאַסען; אַזוי פיעל האָט ער שוין אָבער מורא געהאַט אויף זיך צו נעהמען, זעהענדיג די גרויסע

התנגדות , וואָס יענע פערליילטערונגען האָבען אַרויסגערופען צווישען די קאָנסערוואַטיווע עלעמענטען פון סנהדרין . פון די האָט זיך בעזונדער אויסגעצייכענט ר׳ פנחס בן יאיר , דער איידעם פון דעם אויבען־דערמאָנטען ר׳ שמעון בן יוחאי . אונגעוועהנליך פרום און אַסקעטיש , האָט זיך אָט דער ר׳ פנחס אויסגעצייכענט אויך מיט אַ שטאַרקען פאַטריאָטישען געפיהל , און פול מיט פערצווייפלונג פלעגט ער שטענדיג קלאָגען : „זינט עס איז חרוב געוואָרן דער בית המקדש האָבען די חברים און פאַטריאָטען אָנגעהויבען זיך צו שעמען , און די אַנשי מעשה זענען אָרים געוואָרען , און עס האָבען זיך געשטאַרקט בלויז די קולאַק און צונג־מענשען ; קיינער פרעגט נישט און קיינער זוכט נישט , און מיר מוזען האָפען נאָר אויפ׳ן טאַטען אין הימעל״ . ר׳ פנחס האָט שטאַרק מחמיר געווען אין די מצוות , וואָס זענען געווען פערבונדען מיט דער הייליגקייט פון ארץ ישראל און האָבען זיך דאָרטען פראַקטיצירט , ווען דער בית־המקדש איז געשטאַנען ; זיין שטרענגקייט אין דער הינזיכט האָט געדיענט אַלס שטאָף פאַר פערשיעדענע איראָנישע מעשיות , און אין פאָלק האָט זיך דערצעהלט , אַז ווען איינער האָט אַמאָל געפּרובט אונטערטראָגען ר׳ פנחס׳עס אייזעל נישט קיין גע׳מעשר׳טען האָבער , האָט עס דער אייזעל גלייך דערשפּירט און נישט געוואָלט פערזוכען .

ווענגען דעם סכסוך , וואָס האָט אויסגעבראָכען צווישען דעם נשיא און ר׳ פנחס׳ן , צוליעב דער פראַגע פון שמיטה , איז דערגאַנגען צו אונז די פאָלגענדע אגדה , וואָס כאַראַקטעריזירט אויך אין אַלגעמיין די בעציהונג צווישען די דאָזיגע גרויסע גייסטער . דער נשיא האָט זיך געשטיצט אויף דעם , וואָס יענעם יאָהר איז געווען אַ שטאַרקע נישטגערעטעניש אויף די פעלדער און ס׳איז פאָרגעשטאַנען די געפאַהר פון אַ הונגער . און ער האָט געוואָלט מתיר מאַכען שמיטה כלומר׳שט נאָר אויף דעם יאָהר , אַלס אַנ׳אויסנאַהם ; ווען ער האָט אָבער געפּרובט אַ רעד טאָן מיט ר׳ פנחס׳ן , און איהם אָנגעהויבען אויפמערקזאַם צו מאַכען אויף דעם , וואָס „די תבואות זענען נישט געראָטען״ , — האָט איהם ר׳ פנחס גלייך איבערגעשלאָגען מיט דער בעמערקונג : „די ביטערע קרייטעכצער זענען געראָטען״ ; דאָס האָט געהייסען : אויב דאָס פאָלק וועט קיין ברויט נישט האָבען , זאָל עס זיך שפּייזען מיט ביטערע קרייטעכצער און די מצוה פון דער תורה טאָר נישט בטל ווערן . ר׳ יהודה האָט דאַן שוין מעהר נישט גערעדט מיט ר׳ פנחס׳ן וועגען דעם ; נאָר איינמאָל האָט זיך געמאַכט , אַז ר׳ פנחס איז אָנגעקומען אין דער געגענד פון רבי׳ס הויף , איז רבי איהם אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגען און

פערבעטען צו זיך אויף א מאלצייט ; אויף דעם האט ר׳ פנחס געענט־פערט , אז ער וועט קומען צוריקפאהרענדיג , ווייל איצט איז ער פער־נומען אין א מצוה־ענין . דערביי האט ער ערקלערט דעם צופרידענעם נשיא : „דו מיינסט , אז איך האב מיך פערשוואוירען נישט נהנה צו זיין פון קיינעם ? יודען זענען הייליג . אנ׳אנדערער וויל מהנה זיין און האט נישט , מיט וואס ; א צווייטער האט יא , מיט וואס , און וויל נישט ; דו ווילסט און האסט מיט וואס — בין איך גרייט ביי דיר צו עסען״ . צוריק קומענדיג , איז ער גראד געגאנגען דורך דעם הויף , וואו ס׳זע־נען געשטאנען ווייסע מויל־אייזלען , האט ער געזאגט : „דער מלאך המות איז ביי איהם אין שטוב , וועל איך ביי איהם עסען ? האט רבי זיך דערוואוסט . איז ער ארויסגעגאנגען צו איהם און געזאגט : איך וועל זיי פערקויפען ! — ס׳שטעהט : ולפני עור לא תתן מכשל (פאר א בלינדען זאלסטו קיין שטרויכלונג נישט אוועקלעגען) , האט ר׳ פנחס געענטפערט . — איך וועל זיי מפקיר זיין ! — וועסטו אנטאן נאכמעהר שאדען . — איך וועל זיי לאזען מסרס זיין (קאסטרירען) ! — ס׳איז א צער בעלי חיים . — איך וועל זיי הרג׳ענען ! — וועסטו עובר זיין אויף בל תשחית . און אזוי לאנג האבען זיי זיך געשפארט , ביז ס׳איז אויס־געוואקסען א הויכע וואנט צווישען זיי״ .

ביי דער שטארקער התנגדות פון דעם פערהייליגטען ר׳ פנחס בן יאיר , האט דער נשיא פונדעסטוועגען דאך נישט נאכגעגעבען און זיינע פערלייכטערונגען אין דעם רעליגיעזען לעבען פון פאלק זענען פער־בליבען אין זייער קראפט . צווישען אנדערעם האט ר׳ יהודה אויסגע־שלאסען עטליכע פאלעסטינישע ראיאנען (בית שאן , קסריה א. אנד., וועלכע זענען פון אייביג אן געווען בעפעלקערט פון געצענדיענער) פון כלל ארץ ישראל , און אויף אזא אופן זיי בעפרייט פון די אלע געבא־טען , וואס זענען פערבונדען מיט דער הייליגקייט פון דער יודישער ערד . ר׳ יהודה האט אין געוויסע הינזיכטען פערלייכטערט אויך די געזעצען וועגען שבת , וועלכע האבען שטארק געדריקט דעם פאלק און פערוואנדעלט דעם שבת׳דיגען טאג אין א טאג פון פיין און נויט .

אט די אלע פערדיענסטען פון דעם געאכפערטען נשיא זענען אבער נישט בעדייטענד אין פערגלייך מיט דער אונטערנעהמונג , וואס האט זיין נאמען אונשטערבליך געמאכט און געבילדעט מיט זיך א נייע עפאכע אין דער יודישער געשיכטע — די אבשליסונג פון דער משנה . פון יענער צייט אן , ווען עס איז געמאכט געווארן די ערשטע פראבע

צונויפצוזאַמלען דעם הלכי׳שען מאַטעריאַל (אונטערן נאָמען עדיות), זענען שוין געהאַט אַריבער עטליכע דורות, און דער דאָזיגער מאַטעריאַל איז זיך פונאַנדערגעוואַקסען אין אַ אומגעהויערער מאָס. הונדערטער נײַע מעגליכקײַטען און הלכות זענען ערקלערט און בעשטימט געוואָרן אין די פערשידענע ישיבות פון די גרויסע געזעצלעהרער, און די זאַך איז דערגאַנגען ביז אַזוי ווײַט, אַז די אַלטע טראַדיציע, לויט וועלכער די אַלע ערקלערונגען, געזעץ-אויסטײַטשונגען און בכלל נײַע הלכות האָבען געמוזט איבערגעהן פון דור צו דור בעל פה (אויסווענדיג, מונדליך), כדי דערמיט צו בעטאָנען די הײליגקײַט פון דער געשריבענער געטליכער תורה (תורה שבכתב), — אַז אָט די טראַדיציע האָט פאַרגרעסטעלט מיט זיך אַ געפאַהר פאַר דער גאַנצער ווײַטערדיגער ענטוויקלונג פון דער יודישער געזעצלעהרע. וואָס ווײַטער איז אַלץ מעהר אונמעגליך געוואָרן, צו געדענקען אויפ׳ן קאָפּ די אומגעהויערע צאָהל הלכות, וואָס האָט געהאַלטען אין אײן וואַקסען און פערוויקלען זיך, און די עטליכע סיסטעמאַטיזירטע זאַמלונגען פון ר׳ עקיבא און ר׳ מאיר האָבען שוין איצט אויך גאַנץ ווייניג בעפרידיגט די פאָדערונג פון דער צײַט.

אָט די ערנסטע לאַגע האָט דעם ווײַטזיכטיגען נשיא שטאַרק בעאונרוהיגט, און ער האָט זיך גענומען פאַר דער גרויסער אַרבײַט — צונויפצוזאַמלען אין אײן ווערק דעם גאַנצען הלכי׳שען מאַטעריאַל, וואָס האָט זיך געשאַפען און געבילדעט פון די אַלטסטע צײַטען אָן — די כנסת הגדולה, — ביז דער עפּאָכע פון די לעצטע ישיבות. אין דער זאַמלונג, אונטערן נאָמען משנה, האָט ר׳ יהודה אַרײַנגעגעבען נישט בלויז די בעשטימונגען פון יעדער הלכה, נאָר אויך די פערהאַנדלונגען, די שקלא וטריא וועגען איהר; דערבײַ האָט ער אָבער אַלײן שוין מכריע געווען צווישען די פערשידענע מײנונגען און נישט איבערגעלאָזען כמעט קײן שום הלכה אָהן אַ קלאָרער בעשײדונג. כדי אַרײַנצובריינגען מעהר אָרדנונג אין דער אומגעהויערער מאַסע פון געזעץ-בעשטימונגען און פערהאַנדלונגען וועגען די פערשידענסטע פראַגען פון דעם געזעלשאַפטליכען און רעליגיעזען לעבען, האָט ר׳ יהודה אײַנגעטײלט דעם מאַטעריאַל אין בעזונדערע זעלבסטשטענדיגע גרופּען, לויט דעם כאַראַקטער פון די פראַגען, וואָס זענען אין זײ בעהאַנדעלט געוואָרן. אויף דעם יסוד זענען ענטשטאַנען אין דער משנה זעקס אָבטײלונגען (סדרים), אונטער די פאָלגענדע נעמען און מיט די פאָלגענדע

אינהאַלטען: א) זרעים (וואַקסונגען) — אַלע געזעצען, וואָס האָבען אַ שייכות צו דער ערד (פאה, שמיטה, מעשר א. אַ. וו.); ב) מועד (יום־טוב) — די געזעצען וועגען שבת, וועגען אַלע יום־טובים, תעניתים א. אַ. וו.; ג) נשים (פרויען) — אַלע געזעצען, וואָס בעהאַנדלען די בעציהונגען צווישען מאַן און פרוי; ד) נזיקין (שאָדען טאָן) — אַלע געזעצען וועגען דער בעציהונג צווישען איין מענשען און דעם אַנדערן (בירגערליכע און קרימינאַל־געזעצען) און וועגען דער טעטיגקייט פון געריכט; ה) קדשים (הייליגקייטען) — וועגען קרבנות, שחיטה, כשר און טרפה א. אַ. וו.; ו) טהרות (ריינקייטען) — וועגען די ריינהייטס־פליכטען פון די לויים און געוועהנליכע יודען, וועגען דער היגיעניש ריינקייט אין פאַמיליען־לעבען (נדה) א. אַ. וו. אָט די גרופּען האָבען זיך ווידער געטיילט אויף קליינע אָבטיילונגען (מסכתות), און עטליכע פון די מסכתות, וואָס זענען געוועזען קליין, אום צו פערגרעסערן אַ גאַנצען „סדר“, זענען אַריינגענומען געוואָרן אין זייטיגע גרופּען, כאָטש זיי האָבען צו יענע קיין דירעקטע שייכות נישט געהאַט, אַזוי, למשל, איז אין דעם סדר „זרעים“ אַריין די מסכתא „ברכות“, וואָס בעהאַנדעלט אַלע תפילות און ברכות אין שוהל און אין הויז; אין דעם סדר נשים — די מסכתא „נדרים“ (וועגען אַ נדר טאָן) און „נזיר“ (וועגען נזירות און בעזונדערער הייליגקייט); אין דעם סדר נזיקין — דער טראַקטאַט וועגען געצענדיענעריי („עבודה זרה“) און די זאַמלונג פון עטישע אַפאָריזמען (פרקי אָבות).

דאָס איז געוועזען אַ ריעזען־אַרבייט, דעם כאַאָס צו בעלייכטען און צו סיסטעמאַטיזירען, צונויפצונעהמען אין איין רייהע אַ מאַסע געזעצען, אַרויסצוגעפינען די צוזאַמענגעהעריגקייט אָדער די געגענזעצליכקייט פון די דאָזיגע געזעצען, און דאָס אַלץ קורץ און בינדיג צו פאָרמולירען; דער קצור און די אויסדריקליכקייט איז דאָ נאָך בעזונדער נויטיג געוועזען, ווייל דאָס ווערק איז לכתחילה געשאַפען געוואָרן נישט אַלס אָבגעשלאָסענער קאָדעקס, נאָר אַלס געדענק־בוך (ספר זכרון) פאַר זיך און פאַר די תלמידים. די שפּראַך פון דער משנה איז די אַקאַדעמישע העברעאישע שפּראַך פון יענער צייט, וואָס איז געוועזען פיעל פשוט'ער און פּראָזאַאישער פון דעם הויך־פּאָעטישען ביבלישען דיאַלעקט, דערפאַר אָבער אויך פיעל רייכער, מיט פיעל מעהר בעשטימטקייט און נעהנטער אין אַ געוויסער מאָס צו דעם אַלטעגליכען אַראַמעאישען דיאַלעקט. די דאָזיגע שפּראַך איז געוועזען איינגעפיהרט אין'ם הויף פון

נשיא, און אין פאָלק האָט זיך שפּעטער דערצעהלט, אז אַפילו די דינענסטען דאָרטין האָבען געקענט גוט העבראָאיש,

געשאַפען אַלס ספר זכרון, איז די שפּראַך פון דער משנה, ווי געזאָגט, זעהר קורץ, און דאָס האָט שפּעטער געבראַכט צו נײַע מײַנונגס־פערשיעדענהײַטען און אויסטײַטשונגען, וואָס האָבען זיך געצויגען גאַנצע יאָהרהונדערטער. דערצו האָט אַ סך מיטגעהאָלפען אויך דער פאַקט, וואָס די משנה איז געוואָרן מיט דער צײַט פיעל מעהר, ווי אַ ספר זכרון — דער אויטאָריטעט פונ׳ם גרויסען נשיא איז געוועזען אַזוי גרויס, אַז זײַן ספר זכרון איז אָנגענומען געוואָרן פון גאַנצען פאָלק, ווי אַ הייליג געזעץ־בוך, ווי אַ צווייטע תורה, און די הלכות פון דער משנה זענען אַלײן געוואָרן אַ מין אייזערנער יסוד, אויף וועלכען ס׳האָבען זיך שפּעטער אויסגעבויט גאַנצע פּיראַמידען פון נײַע אויסטײַטשונגען און פלפולים. די אַלע געזעצלעהרער, וואָס זייער נאָמען ווערט דערמאָנט אין דער משנה, בעקומען אין פאָלק דעם עהרענטיטול תנאים, וועהרענד די אויסטײַטשער פון דער משנה און בכלל אַלע געזעצלעהרער פון ר׳ יהודה׳ן אָן, טראָגען דעם נאָמען אַמוראים.

ענדיגענדיג די משנה, האָט ר׳ יהודה נאָך געלעבט אַ סך יאָהרען, און אויף וויפיעל ס׳איז אַרויסצודרינגען פון די נישט קלאָרע ידיעות, וואָס זענען דערגאַנגען צו אונז פון יענער צײַט, איז דעמאָלט די יודישע לאַגע אין פּאַלעסטינא וואָס ווײַטער אַלץ ערגער געוואָרען. מיט דער הערשאַפט פון מאַרק אוירעליוס׳עס זוהן, קאָמאָדוס, הויבט זיך אָן די רייהע פון מערדעריש־ווילדע קרוין־טרעגער, וואָס האָבען זיך איינע די אַנדערע דערשטיקט און דערשטאָכען, כדי צו פערחאַפען דעם טראָן. קאָמאָדוס האָט בעשטימט פאַר אַ פערוואַלטער איבער סיריען און פּאַלעסטינא דעם אַכזריות׳דיגען פּעסצעניוס ניגער, און ווען די אייַנוואוינער פון יהודה האָבען זיך געפּרובט ווענדען צו איהם מיט דער בקשה, ער זאָל פערלייַכטערן עטוואָס די אונערטרעגליכע משא פון אַלערלײַ שטײַערן, האָט ער זיי געענטפערט: „איהר פערלאַנגט, איך זאָל פערלײַכטערן די שטײַערן פון אײַערע פעלדער, און איך וואָלט וועלען אַרויפלעגען אַ אָבצאָהל אויך אויף דער לופט, וואָס איהר אָטעמט אײַן“. נאָך קאָמאָדוס׳עס טויט האָבען די פּרעטאָריאַנער פערקויפט די רוימישע קרוין דעם שענדליכען דידיוס יוליאַנוס; יענער איז אָבער אויך באַלד געהרג׳עט געוואָרן, און עס האָט אויסגעבראָכען אַ בלוטיגער בירגער־קריעג צווישען סעפּטימוס סעווערוס און פּעסצעניוס ניגער, אין

וועלכע עס זענען אריינגעצויגען געוואָרן אויך די יודען פון פּאַלעסטי־נא . די לעצטע , וויסענדיג גוט פון ניגער׳ס אכזריות , האָבען זיך גע־שטעלט אויף דער זייט פון סעפּטימוס סעווערוס , און אין דערזעלבי־גער צייט זענען די שומרונים צוגעשטאַנען צו דער פּאַרטיי פון דעם געוועזענעם סירישען פערוואַלטער . געענדיגט האָט זיך די מלחמה מיט סעווערוס׳עס נצחון , און ער האָט זיך ביטער נוקם געווען אָן די שומ־רונים : ער האָט אַוועקגענומען די בירגער־רעכט פון דער שומרונ׳ישער שטאָדט שכם און פערוואַנדעלט אין אַ רוימישער קאָלאָניע די שטאָדט שומרון . דאַגעגען האָט ער זיך צו די יודען בעצויגען מיט חסד און זיי צוריקגעגעבען עטליכע פון די זכיות , וואָס זיי האָבען פערלוירען בעת דעם האדריאַנישען קריעג .

אין יענער צייט זענען ווידער פאָרגעקומען בעוואָפענטע צוזאַ־מענשטויסען צווישען רוימישע סאָלדאַטען און יודישע יונגע לייט , וועל־כע זענען צוגעשטאַנען צו פערשידענע פערברעכערישע מחנות , און האָבען שטאַרק בעאונרוהיגט די רוימער . נישט קענענדיג אַליין זיך אַנ׳עצה געבען מיט די „רויבער", האָבען די רוימער זיך געווענדט צו די צוויי אָנגעזעהענע יודישע געזעצלעהרער ר׳ אלעזר (אַ זוהן פון דעם בעריהמטען רוימער־פיינד ר׳ שמעון בן יוחאי) און ר׳ ישמעאל, מיט דעם פאָרשלאָג , אַז זיי זאָלען העלפען דער רוימישער מאַכט אין איהר קאַמפּף מיט די „באַנדיטען"; און די געזעצלעהרער האָבען דעם־דאָזיגען פאָרשלאָג אָנגענומען : זיי האָבען מיט פערשידענע מיטלען אויסגעשפּיאָנירט די יודישע פערברעכער און זיי איבערגעגעבען אין די הענד פון דער אַדמיניסטראַציע ; דאָס האָט אָבער אַרויסגערופען געגען זיי אַ פערביטערטען כעס אין די בעסערע קרייזען פון פאָלק . ר׳ יהושע בן קרחה (לויט אַנ׳אַנדער נוסח : ר׳ עקיבא׳ס אַ זוהן) האָט געשיקט זאָגען ר׳ אלעזר׳ן : דו , עסיג , זוהן פון ווײַן (שלעכטער זוהן פונ׳ם גוטען טאַטען) ! ביז ווען וועסטו עס איבערגעבען דאָס פאָלק פון אונזער גאָט צום הרג׳ענען ?" און ווען ר׳ אלעזר האָט זיך געפּרובט פערענטפערן : „איך רוים אוים די דערנער פון ווייַנגאָרטען", — האָט ר׳ יהושע שאַרף אָבגעענטפערט : „זאָל קומען דער בעל־הבית פון ווייַנ־גאָרטען און אויסרוימען זיינע דערנער !" דער צווייטער , ר׳ ישמעאל , האָט זיך פערטיידיגט דערמיט , וואָס די רוימער האָבען איהם געצוואונ־גען , זיי צו העלפען אויפזוכען די „גנבים" ; אויף דעם האָט איהם דאָס פאָלק געענטפערט : „דיין טאַטע , וואָס איז געוועזן פיעל בעסער פון

דיר, האָט געשוויגען, נישט וועלענדיג רעדען קיין גוטס אויף רוים און האָט געמוזט דעריבער אנטלויפען קיין לאַאָדיצעע. פאַרוואָס זאָלסטו אויך נישט אַנטלויפען?״

אין צוזאַמענהאַנג מיט די דאָזיגע אונרוהען זענען קיין בעזונדערע גזירות געגען יודען נישט אַרויסגעגעבען געוואָרן, נאָר געגען די פּראָזעליטען (גרים) האָט סעווערוס אַרויסגעגעבען שאַרפע געזעצען. לויט איינעם פון די בעפעהלען איז יעדער גע׳מל׳טער געצענדיענער פערטריבען געוואָרן פון לאַנד און זיין פערמעגען איז קאָנפיסקירט געוואָרן; נאָך אַ גרעסערע שטראָף האָבען בעקומען יענע, וואָס האָבען זיך בעטייליגט ביי דער אָפּעראַציע פון מל זיין — זיי האָט געדראָהעט דער טויט, און דיזעלביגע שטראָף איז בעשטימט געווען אויך פאַר די יודען, וואָס האָבען געלאָזען מל זיין זייערע שקלאַפען.

אָט די אַלע געשעהענישען זענען פאָרגעקומען נאָך פאַר׳ן לעבען פון דעם אַלטען פּאַטריאַרך, וועלכער האָט פערנומען דעם פּאָסטען געגען פיערציג יאָהר (ביז אַרום 210). די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען האָט דער נשיא פערבראַכט אין שווערע פיזישע ליידען; זיין גייסטיגע רוהיגקייט האָט איהם אָבער אויך דאַן נישט פערלאָזען. ער האָט צונויפגערופען אַרום זיך זיינע קינדער און די מעהר בעדייטענדע געזעצלעהרער, און זיי איבערגעגעבען זיין לעצטען ווי׳לען בנוגע צו די פערשיעדענע אָנגעלעגענהייטען פון דעם ווייטערדיגען הויז-לעבען און דער פאָלקס-פיהרונג. „גמליאל מיין זוהן — האָט ר׳ יהודה אָנגעזאָגט — זאָל זיין „נשיא״ אויף מיין אָרט און זיין ברודער שמעון דער „חכם״ אין די זיצונגען פון סנהדרין״; דאַן האָט ער נאָך געבעטען, מ׳זאָל „נישט קלאָגען נאָך איהם אין די שטעדט און נישט מבטל זיין איבער דעם די קינדער פון לערנען״; אין אַ קורצע צייט אַרום איז דער גרויסער נשיא געשטאָרבען, און דאָ ערשט האָט זיך אַרויסגעוויזען, ווי ווייט דאָס פאָלק האָט פערגעטערט דעם פּאַטריאַרך און איהם געשעצט; נאָך ביי דער גסיסה פון דעם געאַכפּערטען ר׳ יהודה האָבען זיך שוין געפונען אין צפורי טויזענדער יודען פון אַלע עקען לאַנד, וואָס האָבען אַרומגערינגעלט דעם פּאַלאַץ און אַזוי ווי נישט געוואָלט גלויבען, אַז די ענדע פון יעדען שטערבליכען וועט ענדליך קומען אויך אויף דעם הייליגען פיהרער פון דער אומה. די שפּאַנונג און די אויפרעגונג פון די פערזאַמעלטע האָט דערגרייכט אַזאַ מדרגה, אַז די חכמים האָבען מורא געהאַט, אַז עס זאָל נישט קומען צו קיין צו-שטורמישע און צו-שטאַרקע

אויסברוכען פון טרויער, ווען דאס פאלק וועט זיך דערוויסען, אז דער גרויסער פיהרער איז טויט. זיי האבען דעריבער פעראָרדענט, אז קיי־נער זאָל נישט אַרויסברענגען פאר'ן מויל די ווערטער „רבי איז גע־שטאָרבען", און ווען דער לעצטער איז ווירקליך אויסגעגאנגען, האט זיין תלמיד שמעון בר קפרא געגעבען צו וויסען דערפון דעם פערזאַ־מעלטען פאָלק אויף א אייגענאַרטיגען אופן. ער איז ארויף אויף א הויכען אָרט, האט זיך געוויזען פאר'ן פאלק אין צוריסענע קליידער און געריפען מיט א וויינענדיגען קול:

„מלאכים און שטערבליכע האבען זיך געראנגעלט איבער
דעם הייליגען אָרון,
האבען די מלאכים בעזיעגט די שטערבליכע, און ס'איז
געפאנגען דער הייליגער אָרון!"

פון הארצען פון פאלק האט זיך גלייך ארויסגעריסען דער גע־שריי: „אונזער הייליגער רבי איז געשטאָרבען!" און זיין געוויין האט אָבגעהילכט אזש אין גבתה, וואָס איז געווען פיער מייל ווייט פון צפורי. דער המון, וואָס האט בעגלייט דעם אָרון, האט, לויט דער מסורה, פערנומען דעם גאנצען וועג פון צפורי ביז בית שערים, וואו דער נשיא איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה; און צום צייכען פון אויסערגעוועהנליכען טרויער האט מען מתיר געווען די כהנים, זיך צו בעשעפטיגען מיט דער קבורה פון'ם גרויסען נפטר, חאָטש דאס איז זיי, לויט דער תורה, פערבאָטען. „היינט איז קיין כהונה נישטאָ!" האָ־בען די חכמים שאַרף ערקלערט — : דאס סנהדרין און די כהונה האָבען מיט עהרפורכט געבויגען דעם קאָפּ פאר דעם „הייליגען רבי'ן", וואָס האט פערקערפּערט מיט זיך די אייביגקייט פון דער תורה.

פון ר' יהודה'ס נאָכפאָלגער, ר' גמליאל III (210 — 225), ווייס די געשיכטע צו דערצעהלען נאָר דאס, אז ער האט פּינקטליך אָבגעהיט דעם פאָטער'ס פעראָרדנונגען. כאַראַקטעריסטיש פאר דער פּאָליטישער לאגע פון יהודה אין יענער צייט און פאר דעם גדאנקען־גאנג פון דעם דאָזיגען פאַטריאַרך, זענען די מאמרים, וואָס זענען איבערגעגאַנגען פון איהם צו אונז אין די פרקי אבות. אין דעם מאמר זאָגט זיך; „ס'איז גוט צו לערנען תורה, ווען מ'האָט דערביי עפּעס א וועלטליכע בעשעפטיגונג, דען אָט די דאָפּעלע אַרבייט מאַכט פערגע־סען אָן זינד; תורה אָהן א מלאכה מוז פערשוואונדען ווערן און דער סוף איז, אַז זי ברענגט צו זינד; אַלע, וואָס פערנעהמען זיך מיט

כלל־זאַכען. זאָלען עס טאָן לשם שמים, וועט זײַ דער זכות פון זײַערע עלטערן בײַשטעהן און זײַער צדקה וועט בלײַבען אײַביג״. „איך אָבער — האָט ער זיך געווענדט צו זײַנע תלמידים — זאָג איך צו דעם העלסטען שכר, פונקט ווי ווען איהר וואָלט זיך בעשעפטיגען מיט כלל־ענינים. זײַט פאָרזיכטיג געגענאיבער דער (רוימישער) מאַכט, דען זײַ זענען מקריב אַ מענשען נאָר דעמאָלט, ווען זײַ דאַרפען איהם; זײַ פערשטעלען זיך פאַר פרײַנד, ווען זײַ דאַרפען דערפון עפּעס האָבען, און שטעהען נישט בײַ אין אַ נויט. — מאַך זײַן (גאָט׳ס) ווילען, ווי דײַן ווילען, כדי ער זאָל מאַכען זײַן ווילען, ווי דײַנעם. זײַ מבטל דײַן ווילען פאַר זײַנעם, כדי ער זאָל מבטל זײַן די ווילענס פון אַנדערע פאַר דײַן ווילען״.

די דאָזיגע וואַרנונג, זיך צו פערהאַלטען מיט אַ געוויסער פאָרזיכטיגקײַט צו די פאָרשטעהער פון דער מאַכט און זיך נישט צו לאָזען פערפיהרען פון זײַערע שמײַכלערײַען און הבטחות, — האָט אַ ווירקליכען יסוד אין דער דעמאָלדיגער פּאָליטישער לאַגע פון יהודה. נאָך דעם טויט פון סעפּטימוס סעווערוס איז רוים, אין דעם משך פון אַ גאַנצען פיערטעל־יאָהרהונדערט, געווען מעהר אַ סיריש־אזיאַטישע, ווי אַ אײַראָפּעאישע מלוכה. שלאַנגענקלוגע סירישע פרויען זענען געווען די טאָן־געבער פון דעם רוימישען מלוכה־לעבען — אזעלכע זענען געווען יוליא דאָמנאַ, סעווערוס׳עס ווײַב, איהר שוועסטער יוליא מעזאַ און דער׳ס צוויי טעכטער יוליא סאָעמיאַ און יוליא מאַמעאַ. בעהערשענדיג דעם גאַנצען אַפּאַראַט פון דער אונגעהויערער וועלט־מלוכה, האָבען אָט די סירישע פרויען פונ׳ם שטעדטיל עמעסאַ, וואו ס׳האָט זיך געפונען אַ בעדײַטענדע יודישע קהלה מיט אַ מאַסע אָנגעזעהענע יודען און גרים, — געפיהלט אין אַ געוויסער מאָס נעהנטער צו יודען, און אויב זײַ האָבען געטראָגען אין האַרצען כעס און פעראַכטונג, איז עס גיכער געווען צו די מיוחס׳דיגע רוימער און זײַער וועזען. אין אַ יאָהר אַרום נאָך דער ערמאָרדונג פון סעווערוס׳עס זוהן קאַראַקאַלאַ, — וועלכער האָט ערקלערט די אײַנוואוינער פון אַלע אונטערגעוואָרפענע פּראָווינצען פאַר גלײַכבערעכטיגטע רוימישע בירגער — איז סאָעמיא׳ס זוהן, העליאָגאַבעל, אויסגערופען געוואָרן פון דעם סירישען לעגיאָן פאַר אַ קייזער. אָט דער ווילד־אויסגעלאַסענער הערשער, וואָס איז געווען שטאַרק פערקאָכט אינ׳ם קולט פונ׳ם סירישען זונען־גאָט (בעל), האָט אפילו זיך געלאָזען מל׳ן און קײן חזיר נישט געגעסען; דאָס איז

אָבער געווען נישט מעהר, ווי א מיטעל צוצוציהען די בעפעלקערונג צו דעם קולט פון בעל.

אונטער דער הערשאפט פון די דאָזיגע מושלים האט זיך די יו־דישע לאגע ווירקליך בעדייטענד פערבעסערט—זיי האָבען נישט געהאט איצט אזוי פיעל צו ליידען פון דער רוימישער גאוה, פון דער פערדרי־סענקייט, מיט וועלכער די רוימער האָבען שטענדיג געקוקט אויף זיי און אויף זייער גלויבען. ביי די אלע מעשים תעתועים וואָס דער דער־מאָנטער העליאָגאבעל האט אָנגעטאָן אין דער צייט פון זיין הערשען, האט זיך אָבער אין זיין טעטיגקייט דאך געזעהען איין בעשטימטע כונה: ער האט געוואָלט אונטערגראָבען דעם רוימישען וועזען, די רוימישע געטער־וועלט. אין דעם טעמפעל פאר׳ן זוננענאָט, וואָס ער האט אויפ־געשטעלט אין רוים; האט ער אָבגעגעבען א פלאץ אויך פאר׳ן קולט פון יודען, קריסטען און שומרונים, און פון דער יודישער זייט האט זיך אויך בעמערקט א געוויסע פריינדליכע דערגעהנטערונג צו דער אויסוועניגסטער וועלט. ר׳ גמליאל׳ס צוויי בעגאבטע זיהן, מיט די נעמען יהודה און הלל, האָבען גרינדליך ערלערנט די גריכישע שפראך און די גריכישע ליטעראטור, כדי צו קענען פרייער פערקעהרען מיט דער רוימישער וועלט, און די זאך איז דערגאנגען ביז אזוי וויט, אז אפילו אין דער פריזור־פאָרם האָבען דעם פאטריארכ׳ס זיהן זיך צוגע־פאסט צו דער רוימישער מאָדע, חאטש דאָס איז ביז דאן געווען פער־באָטען.

וועגען אָט דער צו־שטארקער התקרבות האט עס ר׳ גמליאל מרמז געווען אין זיין אָנזאָג; די ווירקונג פון דעם אָנזאָג איז אָבער, ווי ס׳איז צו גלויבען, נישט זעהר שטארק געווען. ר׳ גמליאל׳ס נאָכ־פאָלגער, ר׳ יהודה II האט נאָכמעהר דורכגעבראָכען די וואנט, וואָס האט ביז אהער אָבגעטיילט די יודען פון דער ארומיגער וועלט און געארבייט מיט אלע כחות, צו מאכען דאָס יודישע לעבען פרייער און צו שאפען א באָדען פאר שכניש־פריינדשאפטליכע בעציהונגען צווישען יודען און הייַדען. ער האט מבטל געווען א געוויסען טייל פון די „אלכ־צעהן גזירות״, וואָס זענען ארויסגעגעבען געוואָרן אין די שטורמישע צייטען מיט׳ן צוועק, אָבצוזייסען וואָס מעהר די יודען פון דער געצענ־דיענערישער וועלט; שטרעבענדיג אריינצוברענגען מעהר ליכט און מונ־טערקייט אין דער יוו: שער גאס, האט ר׳ יהודה נשיאה II אָבגעשאפט אויך די תקנה לויט וועלכער די כלה האט נישט געטאָרט געטראָגען

ווערן דורכ׳ן שטאָדט אין איהר פאַראָרנעם חופה־שמוהל, צום צײַכען פון טרויער איבער די אונגליקען פון דעם האדריאַנישען קריעג, און צו דעמזעלבינען ציועק, האָט ער זאָגאר געקלערט אונטערצוברעננגען טײל־ווײַז אָדער אינגאַנצען דעם שטרענגען תענית פון נײַנטען אָב (תשעה באָב), וואָס איז אײַנגעפיהרט געוואָרן צום אָנדענקען פון די שרעקליכסטע געשעהעניש אין דער יודישער געשיכטע. דאָס לעצטע האָט זיך איהם נישט אײַנגעגעבען דורכצופיהרען, איבער דער שאַרפער התנגדות מצד דער מעהרהײַט מיטגליעדער פון קאָלעגיום, און ווען ר׳ שמלאי פון לידרא האָט פאָרגעלעגט דעם נשיא, דורכצופיהרען נאָך עטליכע נויטיגע פערלײַכטערונגען אין דער בעציהונג צווישען יודען און געצענדינער, האָט ער געענטפערט: „לאָז אָב, מ׳וועט מיך פערשרײַען פאַר אַ מקיל“.

אין זײַן אײַפער פאַר דער דערנעהנטערונג צווישען יודען און רוימער, האָט זיך ר׳ יהודה II נישט אָבגעשטעלט אפילו פאַר בפירוש׳ע הלכות אין דער זאַמלונג פון זײַן גרויסען זײדען. אַזוי האָט ער כתיר געווען די קדושין צווישען אַ יודיש קינד און אַ קינד, וואָס איז געבוירען געוואָרן פון אַ אונגעזעצליכער פערבינדונג צווישען אַ יודען מיט אַ געצענדינער אָדער אַ שקלאַף, ווערענד ר׳ יהודה הנשיא I האָט אַזעלכע קדושין ערקלערט פאַר אונגילטיג; דער איצטיגער נשיא האָט אויך מתיר געווען יודען, זיך צו בעטײליגען אין די נאַציאָנאַלע יום־טובים פון די רוימער, חאָטש די משנה האָט עס שטרענג פערבאָטען, ווײַל די דאָזיגע דינאַסטיע אָדער פאָלקס־יום־טובים זענען אָממעהרסטענטײל פערבונדען געווען מיט רעליגיעזע צערעמאָניעס.

אָט די דערנעהנטערונג צווישען יודען און רוימער האָט זיך נאָכמעהר פערשטאַרקט אַ דאַנק דער פרײַנדליכער בעציהונג פונ׳ם נײַעם קײזער אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר ס ע וו ע ר ו ס צום יודענטום בכלל און צו דעם יודישען פאַטריאַרך בפרט. דער דאָזיגער צווײטער קײזער פון סיריעשער אָבשטאַמונג (אַ זוהן פון דער סירערין יוליאַ מאַמעאַ) איז געווען אײנער פון די אײדעלסטע און געבילדעטסטע מענער אויף דעם טראָן פון די צעזאַרען. בעקומענדיג פון זײַן מוטער אַ שטרענג זיטליכע ערציהונג, האָט אַלעקסאַנדער אין דער יוגענד נאָך שוין געטראָגען אין האַרצען אַ געוויסען געפיהל פון רעספעקט פאַר דער הויכער זיטליכקײט פון יודענטום און קריסטענטום. אין זײַן הויז־פּאַלאַץ האָט ער נעבען די בילדער פון די רוימישע געטער און צעזאַרען געלאָזען אויפשטעלען

אויך די געשטאַלטען פון אברהם און קריסטוס . אויף אַלע עפענטליכע געביידעס און פאלאצען האָט דער קייזער געלאָזען אויסהענגען הלל'ס רעווייז : „דאָס , וואָס דו ווילסט ניט , מ'זאָל דיר טאָן , טו אויך ניט דעם צווייטען" , און פאַר די סאָלדאטען זאָגאַר , האָט ער דורך ספּעציעלע העראָלדען געלאָזען אויסשרייען אָט דעם אָנזאָג , וואָס זיי האָבען זיך געקליבען אַרויפצוּוואַרפען אויף דאָס האָב און גוטס פון די בעזיגטע .

פערבּרענגענדיג אַ לענגערע צייט אין סיריען צוליעב זיין מלחמה מיט די פּאַרטאַנער , האָט אַלעקסאַנדער זיך עטליכע מאָל צוזאַמענגעטראָפען מיט דעם יודישען פּאַטריאַרך , און דער לעצטער האָט אויף דעם רוימישען קייזער געמאַכט אַזאַ גוטען איינדרוק , אז ער האָט איהם געשענקט אַ סך פּריווילעגיעס פאַר זיך און בעדייטענד פערלייכטערט די יודישע לאגע . דאָס סנהדרין האָט ווידער בעקומען אין זיין מאַכט אַלע געריכטס-אָנגעלעגענהייטען פון דער יודישער בעפעלקערונג ; יודען איז ערלויבט געוואָרען צו קומען אין זייער אַמאָליגער הויפּטשטאָדט , די איצטיגע עליא-קאַפּיטאָלינאַ ; אינ'ם שמיטה-יאָהר זענען די ערד-בעזיצער בעפרייט געוועזען פון ערד-שטייערן , און בכלל האָט די סימפּאַטיע פונ'ם יונגען קייזער צו יודען אָנגענומען אַזעלכע ממשות'דיגע פאָרמען , אַז די ארומיגע גריכיש-רוימישע בעפעלקערונגען האָבען דאָס איהם ניט געקענט מוחל זיין און איהם געקרוינט דערפאַר מ.ט דעם שפּאָט-נאָמען סירוס ארכיסינאגאגוס (סירישער שוהל-עלטסטער) .

אַ דאַנק די וויכטיגע פערלייכטערונגען פון דער רוימישער מאַכט , וואָס די יודען האָבען בעקומען דורך דעם פירשטליכען נשיא , איז דער פּרעסטיזש פון דעם לעצטען שטאַרק געהויבען געוואָרען . איהם איז אַלס „קרוב למלכות" , ערלויבט געוואָרען אַזוינס , וואָס איז אַנדערע פערבאָטען געוועזען , און ער אַליין האָט אויך געקוקט אויף זיך ניט בלויז , ווי אויף אַ גייסטיגען פיהרער , נאָר אויך , ווי אויף אַ האַלב-וועלטליכען הערשער פון דער יודישער אומה . ער האָט איבערגעטראָגען זיין רעזידענץ פון צפּורי קיין טבריה , און צוזאַמען מיט איהם האָט זיך אַהין איבערגעטראָגען אויף דאָס סנהדרין . טבריה איז אויף אַזאַ אופן געוואָרען דער צענטער פון דער יודישער זעלבסטפערוואַלטונג אין פּאַלעסטינאַ , וואָס זי איז אַזוי פערבּליעבען אין דעם משך פון עטליכע יאָהר-הונדערטער . דאָ האָט געלעבט און זיך געעלטערט דער געאַכפּערטער פּאַטריאַרך , האָבענדיג אַרום זיך אַ גאַנצען שטאַט מיט טראַבּאַנטען

(בעוואָפּענטע דיִענער), וואָס האָבען איהם געדיִענט אלס אויספיהרונגס-מאַכט אין זײַן אדמיניסטראַטיִווער און געריכטליכער טעטיגקײַט, און אזוי ווי דיִדאָזיגע פירשטליכע אומגעבונג האָט געפאָדערט גרויסע הוֹצאות, האָט דער נשיא זיך געזעהען געצוואונגען, צו פערגרעסערן דעם אָבצאָהל פון פאָלק פאַר דער אויסהאַלטונג פון זײַן הויף. פון דעם אָבצאָהל, ווי פון אַלע מלוכה-שטײַערן בכלל, האָט דער נשיא נישט בעפרײַט אפילו די בעדרײַטענדסטע געזעצלעהרער, געגען דעם אָנגענומענעם מנהג, לויט וועלכען די אַלע, וואָס האָבען מקבל געוועזן אויף זיך דעם עוֹל תוֹרה זענען פטור פון דעם עוֹל מלכות. די חכמים האָבען זיך געפיהלט אָנגעגריפען פון דער פעראָרדנונג, וואָס האָט זײ אַוועקגעשטעלט אין אײן שורה מיט די עמי הארצים, און האָבען געטראָגען דערפאַר אַ פערדרוס אויפ'ן נשיא, און בעזונדער האָט זיך אין דער הינזיכט אויסגעצײַכענט ר' שמעון בן לקיש. אײנער פון די בעדרײַטענדסטע אויטאָריטעטען אין דער יודישער געזעצלעהרע, האָט דער דאָזיגער בן לקיש נישט אויסגעמיטען קײן אײנציגע געלעגענהײַט צו בעלײַדיגען דעם נשיא און איהם פאָרצעוואַרפען זײַנע נישט עהרליכע מעשים בנוֹגע צו די חברים-געזעצלעהרער און צום פאָלק. אײנמאָל איז פאָרגעקומען אין סנהדרין אַ פאַל, אַז די תלמידים האָבען בעהאַנדעלט די פראַגע וועגען אַ נשיא, וואָס האָט געזינדיגט; דערבײַ האָט ר' שמעון בן לקיש אָפען אויסגערופען: „אַ נשיא, וואָס האָט געזינדיגט, שלאָגט מען איהם מלקות, צי נישט?“ „מ'שלאָגט איהם מלקות, און ס'איז גענוג אויף דעם אַ בית-דין פון דרײַ“ — איז געוועזן דער ענטפער. „און ער בלײַבט ווײַטער נשיא?“ האָט ר' שמעון ווידער געפרעגט. — „נײן, האָט ר' חגי געענטפערט, אויב ער וועט בלײַבען ווײַטער נשיא, וועט ער אונז אַלע הײסען אויס'הרג'ענען“. די דאָזיגע שקלא וטריא אין דער געגענוואַרט פונ'ם נשיא אַלײן האָט דעם לעצטען שטאַרק בעלײדיגט, און ער האָט געשיקט אײנעם פון זײַנע טראַבאַנטען צו אַרעסטירען בן-לקיש'ן; דער לעצטער האָט זיך אָבער פריהער מקדים געווען און איז אַנטלאָפען קײן מגדלא. אויף צו מאָרגענס — האָט זיך אין פאָלק שפּעטער דערצעהלט — איז ר' יוחנן געקומען אין קאָלעגיום, און וועלנדיג עפנען די זיצונג, האָט ער געמאַכט מיט די הענד, אַזוי ווי זוכענדיג אימיצען. — וועמען זוכסטו? האָט דער נשיא איהם געפרעגט. — בן לקיש'ן זוך איך, — האָט ר' יוחנן געענטפערט — ווי אַזוי קען איך אָנהויבען רעדען וועגען דער הלכה, אַז איך האָב נישט דעם שליסעל צו

איהר? — וואו איז דען בן לקיש? האט דער נשיא וויעדער געפרעגט — ער איז אנטלאפען קיין מגדלא. מארגען וועל איך מיט דיר ארויסגעהן איהם אנטקעגען און מיר וועל איהם צוריקברענגען, — האט דער נשיא אויף דעם געזאגט, און ווען זיי זענען אויף צו מארגענס ווירקליך גע־קומען קיין מגדלא און דער נשיא האט געפרעגט בן־לקיש'ן, פארוואס איהם איז פלוצליג איינגעפאלען, פארצולענען אזעלכע שאלות אין בית המדרש, האט דער לעצטער געענטפערט: „און דו האסט געגלויבט, אז צוליעב דעם, וואס איך האב מורא פאר דיר, וועל איך אויסמיידען שטעלן פון גאט'ס תורה?"

א צווייטער עהנליכער פאל איז פארגעקומען אנ'אנדערס מאל איבער אנ'אנדער פראגע. דאס איז געווען נאך אלעקסאנדער'ס טויט; עס האט זיך אנגעהויבען דער שרעקליכער קייזער־טאנץ ארום דעם רוי־מישען טראן אין דער צייט, און אין א משך פון גאנצע פופציג יאהר האט די אנארכיע געהערשט איבער'ן גאנצען לאנד. אין פיער מאנאטען האבען פינף קיסרים־אוזורפאטארען זיך אויסגעקוילעט איינער דעם אנ־דערן, און אט די איינטאגיגע מושלים, ווייסענדיג אז זיי זענען נישט זיכער מיט דעם קומענדיגען מעת־לעת, האבען געקלערט נאר וועגען איין זאך: ארויסרייסען וואס מעהר געלד פון די אונטערגעווארפענע פראווינצען און אנזאמלען זיך אוצרות. די דאזיגע שווערע אבצאהלונגען פלעגען אויפגעמאנט ווערן נישט אזוי וויים פון די אונטערטאנען, ווי פון זייערע פארשטעהער, און ווענען זיי האט זיך אמאל דער נשיא געקלאגט פאר בן־לקיש'ן: „בעט גאט פאר מיר — איך קען שוין נישט אריבערטראגען פון די רוימישע ארונים", אויף דעם האט איהם בן־לקיש שארף אבגעענטפערט: „נעהם דו נישט, וועט מען פון דיר אויך נישט נעהמען". אזא מין ביטערן פארוואורף פאר די שווערע שטייערן, מיט וועלכע ער האט בעלעסטיגט דעם פאלק, איז דעם נשיא אויסגע־קומען צו הערען אויך פון אנ'אנדער געלערנטען, ר' יוסי בן שמעון. דער לעצטער האט גע'דרשה'נט אין שוהל פאר'ן גאנצען עולם: גאט ברוך הוא פאדערט א רעכנונג פון די כהנים: פארוואס האט איהר נישט עוסק געווען אין דער תורה? האט איהר דען נישט געהאט קיין פיער־און־צוואנציג מתנות כהונה? און די כהנים ענטפערן: דו האסט אונז גארנישט געגעבען. באלד ווענדט זיך גאט אום צו די יודען און זאגט: „הערט, איהר בית ישראל, פארוואס גיט איהר נישט די כהנים די פיער־און־צוואנציג מתנות־כהונה, אזוי ווי איך האב אייך פארגע־

שרײַבען אין דער תּורה?" און זײַ ענטפערן: צוליעב דאָס הויז־געזינד פון נשיא, וואָס נעהמט אַוועק בײַ אונז אַלץ, וואָס מיר האָבען!"

ר' יהודה האָט געהערט די דאָזיגע דרשה און געוואָלט שטרענג בּעשטראָפען דעם אַגיטאַטאָר; איהם האָבען אָבּער אָבּגעהאַלטען דערפון ר' יוחנן מיט ריש־לקיש'ן, וועלכע האָבען איהם פאָרגעשטעלט ר' יוסי'ן אַלס אַ גרויסען געלערנטען. דאַן האָט דער נשיא געשיקט רופען ר' יוסי'ן צו זיך, און כּדי איהם אויסצופּרובען, צי ער איז ווירקליך אַ בּן תּורה, האָט ער איהם געפרעגט: וואָס איז די בּעדײַטונג דערפון, וואָס עס שטעהט אין דער תּורה „כּאמה כּבתּה" (ווי די מאַמע אַזוי איהר טאָכטער)? אויף דעם האָט איהם ר' יוסי געענטפערט: וואָסער דור — אַזאַ נשיא, וואָסער מזבּח — אַזעלכע כּהנים.

נאָך אַ גרעסערע אונצופרידענהײַט אין די אַקאַדעמישע קרײַזען האָט אַרויסגערופען דער פאַקט, וואָס דער נשיא האָט צו־בּרײַט אויס־גענוצט זײַן רעכט, אַלײַן צו בּעשטימען שופטים און לעהרער אין די קהלות פון זײַן יעפּאַרכיע. עס איז זאָגאַר געקומען בּיז אַזוי ווײַט, אַז די מיטגליעדער פון קאָלעגיום האָבען חושד געווען דעם נשיא אין שוחד, און זײַ האָבען נישט געוואָלט אָנערקענען פאַר קײַן „זקנים" יענע, וואָס דער נשיא האָט זײַ מסמיך געווען אַלײַן, אויף זײַן אײגע־נער פעראַנטוואָרטליכקײַט. אײַנמאָל איז פאָרגעקומען אַ פאַל, אַז דער נשיא האָט בּעשטימט פאַר אַ שופט אַ געוויסען עושר, וואָס איז דערצו נישט ראוי געווען, און בּעפויהלען דעם בּעריהמטען ר' יהודה בּן נחמני, ער זאָל זײַן יענעמס מתורגמן (אויסטײַטשער, ערקלערער). דער מתורגמן האָט געפאָלגט און צוגעבּויגען די אויערן צום מויל פון דעם נײַעם שופט, כּדי צו הערען פון איהם, וואָס ער האָט צו לעהרנען דעם פאָלק; יענער האָט אָבּער געשוויגען און נישט געהאַט, וואָס צו זאָגען. דאַן האָט בּר נחמני אויסגעשריען אויפן קול די־עם פּסוק פון דער נבואה: הוי אומר לעץ הקיצה עור, לאבן דומם הוא יורה! הנה הוא תּפוש זהב וכסף וכל רוח אין בּקרבּו (וועה דעם, וואָס זאָגט צו אַ בּוים: שטעה אויף! צו אַ שטומען שטײן: ערוואַך! ער וועט לעהרנען? ער איז אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד און זילבּער און קײַן גײַסט איז איהם נישטאָ).

געגען די דאָזיגע גאָלד־שופטים האָבען די מיטגליעדער פון קאָ־לעגיום אַרויסגעגעבּען בּעזונדערע תּקנות, כּדי דאָס פאָלק זאָל וויסען,

זיי נישט צו אכטען: פאר אזא שופט דארף מען זיך נישט אויפשטעלן, מ'רופט איהם נישט „רבי", און דער טלית, וואס ער טראגט, איז ווי א זאטעל פון אנ'איזעל.

אט די אונצופריעדענהייטען, וואס האבען, איינענטליך, גע־שטאמט פון דעם אינוועניגסטען אנטאגאניזם צווישען דער וועלטליכער און גייסטיגער מאכט, האבען פונדעסטוועגען נישט אונטערגעגראבען אינ־גאנצען דעם אויטאריטעט פון נשיא, וואס איז דאך געבליבען בע־ליעבט פאר זיין עניוות און נאכגיעביגקייט. א פירשטליכע פערזאן מיט ברייטע פאלמאכטען און מיט א איינטריט אין די העכסטע קרייזען פון דער רוימישער וועלט, איז דער יודישער נשיא דאך שטענדיג געגאנגען אנגעטאן אין פשוט'ע לייווענטענע קליידער, און עס האבען נישט גע־האלפען דערביי אפילו די טענות פון זיינע חברים ר' חנינא און ר' יוחנן, וועלכע האבען איהם געפרובט איבערצייגען, אז דער כבוד פון דער נשיאות פאדערט, ער זאל ערשיינען פאר'ן פאלק אין א פאראד־קאסטיום. אויף ווי וויים ר' יהודה איז געווען בעליעבט און געשעצט פון פאלק, איז צו זעהען פון דעם גרויסען כבוד, וואס מ'האט איהם אבגעגעבען נאך זיין טויט. ווי ביי דער קבורה פון זיין זיידען, איז אויך אין דעם טאג פון ר' יהודה'ס טויט בטל געווארן די כהונה, און דער כהן ר' זעירא איז געצוואונגען געווארן, זיך צו בעשעפטיגען מיט'ן נפטר.

מיט די נאכפאלגער פון ר' יהודה II, ר' גמליאל IV און ר' יהודה III, הויבט זיך אן די ירידה פון'ם פאטריארכאט אין פאלעסטי־נא. פון די דערמאנטע צוויי נשיאים איז קיין שפור נישט געבליבען אין דער יודישער געשיכטע, און ווי ס'איז צו גלויבען, האבען זיי נאר ערפילט זייערע אפיציעלע פליכטען און זיך בעמיהט צו דערהאלטען דאס אויסערליכע אנזעהען פון'ם פאטריארכישען „הויף". נישט דער נשיא איז איצט געווען דער טאן־געבער פון דעם יודישען פאלקס־לעבען, נאר דער קאלעגיום פון די געזעצלעהרער, די ישיבה; דארט האבען זיך קאנצענטרירט אלע שטראהלען פון דעם יודישען גייסט, דארט איז אהן א אויפהער פארטגעזעצט געווארן די גרויסע ארבייט פון פונאנדער־וויקלען און אויסטייטשען יעדען ווארט, יעדען אות פון דער תורה — די אייגציגע פיהרענדע, שיצענדע און פעראייניגטע קראפט, וואס האט געמוזט ארייננעהמען אין זיך דאס לעבען פון פאלק אינגאנצען: מיט אלע זיינע איינצעלהייטען, מיט די מינדסטע קנייטשען פון דעם אלטעג־

ליכען פערקעהר, צווישען זיך, ווי מיט דער ארומיגער וועלט. דער פאקט, וואס די גרעסטע צאהל הלכות איז דורך דעם גרויסען נשיא ר׳ יהודה I שוין געהאט צונויפגעזאמעלט געווען אין איין ווערק, — אט דער פאקט האט די אקאדעמישע טעטיגקייט אין די ישיבות נאך אינ־טענסיווער, נאך לעבעדיגער געמאכט. איין טייל פון דער נייער פלע־יאדע געזעצלעהרער האט זיך בעשעפטיגט מיט דער בעהאנדלונג און צונויפזאמלונג פון יענע הלכות, וועלכע ר׳ יהודה האט פערגעסען אריינצונעהמען אין דער משנה, און פון דער צווייטער זייט האט זיך אנ׳אנדער גרופע פערנומען מיט די הלכות פון דער משנה גופא, וואס זענען איבערגעגעבען געווארן דארטין אין א נישט־בעשטימטער פארם אדער פון וועלכע מ׳קען ארויסדריגען א נייע מעגליכקייט, א נייעם דעטאל. צו די ערשטע, די נאכזאמלער, האבען אנגעהערט אממעהרס־טענטייל די תלמידים פון דעם גרויסען פאטריארך — דיזעלביגע, וואס האבען איהם געהאלפען אין זיין ריזיגער אונטערנעהמונג: ר׳ חייא, ר׳ הושעיא, אבא אריכא (רב), בר קפרא, ר׳ לוי, ר׳ ינאי, לוי בר סיסי. די דאזיגע האלבע תנאים האבען צונויפגענומען די אלע הלכות, וואס ר׳ יהודה האט פערגעסען אדער בעוואוסטזיניג דורכגעלאזען, און צוזאמענגעשטעלט פון זיי „צוזעצונגען" צו דער משנה אונטער די נעמען „תוספתות" און „בריתות"; די „צוזע־צונגען" האבען שוין אבער נישט געהאט דעם זעלביגען אויטאריטעט, וואס די משנה אליין, און האבען בעקומען דעם נאמען „אויסווענינגסטע משניות" (משנה חצונה), וואס ס׳האט געהייסען, אז די בעציהונג פון די דאזיגע צוגעגעבענע הלכות בנוגע צו די הלכות פון דער משנה איז דיזעלביגע, ווי די בעציהונג פון די אפאקריפען צו די ספרים פון דער ביבעל: די לעצטע זענען אבסאלוט הייליג, דיענען אלס יסוד, וועה־רענד די ערשטע זענען ווערק פון צווייטען ראנג און זייער הייליגקייט איז נישט אונבעדינגט.

צוזאמען מיט די דאזיגע זאמלונגען פון צוגעגעבענע הלכות („תוספתות", „בריתות") זענען ענטשטאנען אין יענער צייט אויך א מין פסעוודאגראפען, זאמלונגען פון פערשיעדענע הלכות און אגדות, וואס זענען געשאפען געווארן אין דער פארם פון א פירוש צו די הייליגע שריפטען און האבען געטראגען דעם נאמען פון איינעם פון די אלטע אויטאריטעטען. אזעלכע זענען געווען די מכילתא — א פירוש צו דעם צווייטען ספר פון דער תורה (שמות), וואס ווערט צוגעשריבען ר׳

ישמעאל׳ן; ספרא אָדער תּורת כהנים — אַ פּירוש אויף דעם דריטען ספר פון דער תּורה (ויקרא), וואָס טראָגט אויף זיך די נעמען פון ר׳ יהודה בן אלעי און ר׳ עקיבא; ספרו — אַ פּירוש אויף די לעצטע צוויי ספרים פון דער תּורה („במדבר" און „דברים").

אין דער עפּאָכע פון די לעצטע צוויי פּאַטריאַרכען, ר׳ יהודה II און ר׳ גמליאל IV, פערנעהמט שוין אָט די „נאָכזאַמלונג" אַ נישט-בעדייטענ-דען אָרט אין דער אַלגעמיינער טעטיגקייט פון די פערשידענע ישיבות. עס הויבט זיך אָן דער פּעריאָד פון די אַמוראים, פון די ערקלערער, וואָס ווערען ווייטער די אייביגקייט פון דער יודישער געזעצלעהרע און בענוצען זיך דערביי מיט דיזעלביגע פאָרמולען און כללים, מיט וועלכע ס׳האָבען זיך ביז אהער בענוצט די תּנאים, נאָר אַנשטאָט דעם, וואָס די תּנאים האָבען געהאַט פאַר זיך אַלס אויטאָריטעט, אלס הייליגען יסוד — די תּורה, די „הייליגע שריפטען", האָבען די אמוראים זיך שוין גענריבעלט איבער די ווערטער פון דער משנה. די תּורה איז געוועזען אויסגעדרשה׳נט: אין איהרע פסוקים האָט זיך שוין קיין זאך נישט געלאָזען אַריינלעגען און פון זיי האָט זיך שוין קיין מעג-ליכקייט נישט געלאָזען אַרויסדרינגען — איצט האָט זיך געעפענט אַ נייער קוואל פאַר אַלערליי מעגליכע פאַלען און לעבענס-פאַקטען אין דער געשטאַלט פון רבי׳ס ענציקלאָפּעדיע. די קורצע שפּראַך פון דער משנה, איהרע ווייניג מאָטיווירטע בעשטימונגען, די גרויסע צאָהל צו-זאַמענגעדריקטע און אונבעשטימטע אויסדריקען — דאָס אַלץ האָט געגעבען מאַטעריאַל אויף צו ערקלערן, אויף אויסצוטייטשען די כונה פון דער אָדער יענער משנה און ממלא אויך — אַרויסצודרינגען פון איהר אַ נייע מעגליכקייט, אַ נייע הלכה.

דער ערשטער פון דער פּלעיאַדע אַמוראים אין פּאַלעסטינא איז געוועזען ר׳ חנינא בר חמא. איינער פון די גרעסטע מיוחסים אין זיין צייט און אַ תּלמיד פון ר׳ יהודה הנשיא I, האָט ער, צוליעב אַ געווי-סער שנאה פון דעם לעצטען, זיך נישט דערדיענט צו דעם טיטול „רבי". פאַר׳ן טויט האָט אָבער ר׳ יהודה אָנגעזאָגט זיין זוהן, ער זאָל בעשטימען חנינא׳ן פאַר דעם עלטסטען אין דער ישיבה פון צפּורי. דעם דאָזיגען פּאָסטען האָט ר׳ חנינא פונדעסטוועגען נישט אָנגענומען גלייך, ווייל ער האָט אָנגעוויזען אויף אַ גרעסערן פון זיך, אויף ר׳ אפס׳ן, און נאָר ערשט, ווען ר׳ אפס איז געשטאָרבען, איז ר׳ חנינא געוועזען ראש-ישיבה.

דאָ האָט ר׳ חנינא געלעגט דעם גרונדשטיין צו דעם גרויסן בנין פון דער אַזוי גערופענער גמרא (תּלמוד). ער האָט זיך דער ערשטער גענומען באַנוצן מיט די אַלע מדות און כללים, וואָס זענען איהם באַוואוסט געווען, אויף צו ערקלערן דעם פשט פון די משנות אין בריתות. און נישט נאָר טעאָרעטיש — ער האָט זיך אויך פּראַקטיש געהאַלטען ביי די באַשטימונגען פון דער משנה, און וואָס ער האָט דאָרטן נישט געפונען, האָט ער זיך נישט ערלויבט אַליין צו פּסק׳נען, חאָטש דאָס איז געווען אַ פּשוט׳ע, עלעמענטאַרע זאַך.

אויסער זיין גרויסקייט, אַלס געזעצלעהרער, איז ר׳ חנינא באַזונדער באַריהמט געווען אויך אַלס צדיק און מוסטער פון ערליכקייט. ווען ס׳האָט אויסגעבראָכען אַ מגפה אין לאַנד און די באַפעלקערונג האָט געהאַט טענות צו איהם, פאַרוואָס ער איז נישט מתפלל און זעהט נישט, אַז די מגפה זאָל אָבגעשטאָן ווערן, האָט ער זיי געענטפערט: „איין זמרי (וואָס האָט געהאַט באַציהונגען מיט אַ טאָכטער פון אַ געצענדיענערישען פאָלק), איז געווען אין משה׳ס צייטען, זענען געפאַלען פון יודען פיער-און-צוואַנציג-טויזענד מאַן. היינט האָבען מיר אַ סך זמרי׳ס, און איהר האָט נאָך טענות?“ פון איהם ווערט נאָך דערצעהלט: ס׳האָט זיך איינמאָל געמאַכט אַ טריקעניש אין ארץ ישראל. דאָס פאָלק האָט מתפלל געווען, שופר געבלאָזען, געפאַסט און געטאָן בכלל אַלץ, וואָס דער שטייגער איז געווען צו טאָן אין אַזאַ פאַל, און ס׳האָט נישט געהאָלפען — קיין רעגען האָט זיך נישט געוויזען. זענען געקומען די איינוואוינער פון צפורי צו זייער רבי׳ן ר׳ חנינא, און זיך געקלאָגט פאַר איהם: דיין חבר ר׳ יהושע בן לוי, וואָס זיצט אין דרום, איז מתפלל צו גאָט און ברענגט רעגען. ר׳ חנינא׳ן האָט פאַרדראָסען אָט די אמונה אין דער אַלמעכטיגקייט פון אַ צדיק און ער האָט זיי אַוועקגעשיקט פון זיך, נאָר אין אַ צייט אַרום, ווען דער רעגען איז ווידער פאַרהאַלטען געוואָרן, האָט ר׳ חנינא געשיקט נאָך ר׳ יהושע בן לוי, ער זאָל מתפלל זיין. און ביידע האָבען מתפלל געווען, אָבער — אומזיסט. דאַן האָט ר׳ חנינא געשטראָפט זיינע שטאָדט-לייט און געזאָגט: „נישט יהושע בן לוי ברענגט דעם רעגען אין דרום און נישט חנינא האַלט אויף דעם רעגען אין צפון, נאָר די יודען פון דרום האָבען וויילע הערצער; זיי הערן זיך צו צו די רעד פון דער תורה און פאָלגען, דערפאַר גיט זיי גאָט זייערע רעגענס צו דער צייט; איהר אָבער, איינוואוינער פון צפורי, אייער הארץ איז האַרט, איהר הערט

זיך ניִשט צו צו די רעד פון דער תורה און היט זיי נישט אָפּ — גיט איַיך גאָט קיין רעגען ניִשט".

די צווייטע בעדייטענדע פערזענליכקייט פון דער ערשטע רייהע אמוראים איז ר' יוחנן בר נפחא. ר' יוחנן איז דער איינציגער פון די אמוראים, וואָס די פאָלקס־ערצעהלונג האָט אונז איבערגעגעבען אלע דעטאלען פון זיין לעבען, און האָט אפילו געפונען פאר ווילטיג, צו שילדערן זיין שענקייט. א געבוירענער יתום, איז ר' יוחנן גאַנץ יונג אָנגעקומען, אלס א תלמיד, אין דער ישיבה פון דעם גרויסען פאטריארך (ר' יהודה I). זיין אָרט איז דאָרט געווען, ווי ער אליין האָט דערנאָך דערצעהלט, אין דער זיעבעצעהנטער שורה הינטער רב'ן (אבא אריכא), און ווען רבי מיט רב'ן האָבען זיך געשפאַרט וועגען א הלכה, האָבען זייערע ווערטער איהם אויסגעזעהען, ווי פייערדיגע פונקען, וואָס פליהען פון מויל, און ער האָט זיי נישט פערשטאַנען. פון דער ישיבה איז ר' יוחנן אריבער אין די ישיבות פון ר' הושעיא אין קסריה און ר' חנינא אין צפורי; מיט דעם לעצטען האָט אָבער ר' יוחנן נישט געקענט שטימען. ר' חנינא האָט געזעהען אין דער משנה דעם תמצית פון דער תורה שבעל פה און יעדע הלכה פון דאָרטען איז פאַר איהם געווען א אייזערנער יסוד, פון וועלכען מ'מאָר נישט אָבטרעטען; ר' יוחנן איז אָבער געווען פיעל שארפער און ערפינדערישער. איהם האָט זיך געוואָלט קאָנטראָלירען די הלכות פון דער משנה, אויסגעפינען זייערע ריכטיגע מאָטיווען, און דערנאָך ארויסצודרינגען פון זיי גאַנץ נייע דינים און פאָרמולען, און ער האָט זיך געקלאָגט: „וואָס זאָל איך מאַכען מיט דעם אלטען? וואָס איך בין מתיר, אסר'ט ער, און וואָס ער אסר'ט, בין איך מתיר".

דער סוף איז געווען, אז ער האָט זיך געגרינדעט אַן'אייגענע ישיבה אין טבריה. דאָ איז ער געוואָרן די רעכטע האַנד פונ'ם נשיא (ר' יהודה II) און האָט בעקומען פון הויף אויך א שטענדיגע פענסיע אויף זיינע הוצאות, פארוואָס ער האָט געקריגען דעם נאָמען ר' יוחנן דבי נשיאה („יוחנן פון נשיא'ס הויף"). אין טבריה האָבען זיך ארום דעם חריפ'ישען ר' יוחנן ארומגעקליבען מאסען תלמידים פון אלע עקען לאַנד. און דאָ איז ער געוואָרן איינער פון די זיילען פון דעם פאלעסטינישען תלמוד, אנאַליזירענדיג יעדע הלכה פון דער משנה און דערגרונטעווענדיג זיך ביז דעם לאָגישען יסוד איהרען, — איז ר' יוחנן געקומען צו דער איבערצייגונג, אז ס'זענען פאַראַן א סך הלכות

אין דער סתם משנה (אנאנימע משנות), וואס זענען געגען דער מעהרהייט פון די אלטע אויטאריטעטען. ער האט זיך דעריבער שטארק גערעכענט אויך מיט די תוספתות און ברייתות און אפטמאל בעשטימט דעם דין לויט דער ברייתא געגען דעם נוסח פון דער משנה .

אין דער פראקטיק איז ר' יוחנן געגאנגען האנד ביי האנד מיט'ן נשיא, און ווי יענער האט ער אויך נוטה געווען, צו פערלייכטערן די געבאטען פון דעם אלטעגליכען לעבען און בכלל אריינצוברענגען מעהר ליכט און וועלטליכקייט אין דער יודישער גאס. ר' יוחנן האט ערלויבט יודען זיך אבצוגעבען מיט „חכמת יון" (גריכישע קלוגהייט) און האט זי זאגאר אוועקגעשטעלט אין איין שורה מיט דער תורה ; דערביי האט איהם אבער זיין פאטריאטיזם שטארק אבגעשטויסען פון די רוימער, און ער האט געטראגען אין הארצען א ביטערע שנאה צו זיי. לייענענדיג אויף דער „מלכות הרשעה" (רוים) די נבואה פון דניאל'ן וועגען דער „פירטער חיה", האט ר' יוחנן גע'עצה'ט זיינע ברידער, זיי זאלען זיך האלטען וואס ווייטער פון די רוימישע בע-אמטע און נישט האבען קיין צוטרוי צו זיי ; ער האט געדרשה'נט: „ואלו עיינין כבני אנשה לה" (דניאל) — דאס מיינט מען דיר מלכות הרשעה, וואס ברענגט אריין א שלעכט אויג אינ'ם מענשענס (יורענס) פערמעגען ; (זיי זאגען :) יענער איז אנ'עושר — לאמיר איהם מאכען פארן הויפט-אויפמאהנער פון די שטייערן, יענער איז רייך — לאמיר איהם מאכען פאר א מיטגליעד פון שטאדטראט, כדי ער מיט זיין פערמעגען זאל אונז דיענען ."

ר' יוחנן'ס נאהנטסטער חבר און מיטארבייטער איז געווען זיין שוואגער ר' שמעון בן לקיש, וואס איז בעקאנט אונטער דעם נאמען ריש לקיש. דער דאזיגער אמורא איז געווען פונקט דער היפך פון ר' יוחנן אין זיינע נייגונגען און אייגענשאפטען, און אליין איז ער אויך געווען פול מיט סתירות און קאנטראסטען. אין דער יוגענד האט ריש לקיש געלערנט מיט ר' יוחנן צוזאמען אין דער ישיבה פון ר' יהודה הנשיא ; דערנאך האט ער אוועקגעווארפען דאס לערנען, און בעזיצענדיג פון דער נאטור זעהר א געזונטען ארגאניזם, האט ער זיך פערדונגען אין א ציירק אלס גלאדיאטאר (קעמפפער מיט ווילדע חיות). איינמאל — דערצעהלט די פאלקס-לעגענדע — איז ריש לקיש, דער בעריהמטער אטלעט, געגאנגען שפאצירען אויפ'ן ברעג פון ירדן, און זעהענדיג פון דערווייטען, ווי ר' יוחנן באדט זיך, האט ער זיך

ניִשט געקענט אָבּרײַסען פון זײַן שענקײַט און איז אויך אַרײַנגעשפּרונגען אין וואַסער. דאַן האָט ר׳ יוחנן זיך אָבּגערופען צו זײַן אַמאָליגען חבר: „דײַן קראַפט וואָלט געפּאַסט פאַר דער תורה״; אויף דעם האָט איהם ריש לקיש גלײַך אָבּגעענטפערט: „און דײַן שענקײַט פּאַסט פאַר פרוי-ען״. ר׳ יוחנן האָט זײַן חבר ניִשט אָבּגעלאָזען, און צוגעזאָגט איהם זײַן שענע שוועסטער פאַר אַ ווײַב, אויב ער וועט זיך אומקעהרען צום לערנען; און דער גלאַדיאַטאָר האָט דעם פאָרשלאָג אָנגענומען: ער האָט זיך אינגאַנצען אָבּגעזאָגט פון זײַנע פיזישע גבורות און זיך איבּער-געגעבען דעם שטודיום פון דער תורה. מיט דער צײַט איז דער גע-וועזענער גלאַדיאַטאָר געוואָרען איינער פון די זײַלען פון ר׳ יוחנן׳ס ישיבה, און ווי אויף ר׳ מאיר׳ן אַמאָל האָט מען אויך אויף איהם געזאָגט: ריש לקיש אין בית־מדרש איז אַ קראַפט, וואָס רײַסט אויס בּערג און צו-שמעטערט זיי איינעם אָן אַנדערען. ריש לקיש איז אויך בּעריהמט געווען מיט זײַן אונגעוועהנליכער עהרליכקײַט. אַ פערטרויערטער, מיט אַנ-אײַביגען מעלאַנכאָלישען וואָלקען אויפ׳ן געזיכט, איז ער געווען זעהר פאָרזיכטיג אין זײַן אומגאַנג מיט מענשען, אַזוי, אַז דער מענש, וואָס ריש לקיש איז מיט איהם געגאַנגען אין גאַס, איז שוין דערמיט אַלײַן אַטעסטירט געוואָרען פאַר אַנ׳עהרליכען מאַן, וואָס מ׳קען שליסען מיט איהם אַלערלײַ אָבּמאַכונגען אָהן עדות. כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם דאָזיגען מערקווירדיגען גײַסט איז אויך זײַן גאַנג אין דער אגדה; ווען די חכמים אין בית־מדרש האָבּען זיך געשפּאַרט וועגען דער צײַט פון איוב׳ן: צי ער איז געווען אין משה׳ס צײַטען, צי אין די צײַטען פון די שופטים, — האָט ריש לקיש זיך אַוועקגעשטעלט און ער-קלערט: איוב איז ניִשט געווען און האָט ניִשט גע-לעבּט — דאָס איז נאָר אַ משל. ריש לקיש איז געווען אויך גע-גען די יודישע נעמען פון די מלאכים: ער האָט געהאַלטען, אַז די דאָזיגע נעמען זענען איבּערגעגאַנגען צו יודען פון די בבל׳ישע און פערסישע פעלקער. געשטאָרבּען איז ריש לקיש אויף אַ וואונדערבּאַרען אופן, און די פאָלקסלעגענדע האָט דעם טויט אויך צוזאַמענגעבּונדען מיט דעם נאָמען פון זײַן שוואָגער און חבר. זי דערצעהלט, אַז איינ-מאָל האָט אויסגעבּראָכען זעהר אַ הייסער וכוח צווישען די בײדע שוואָ-גערס, וואָס האָבּען די גאַנצע צײַט שטאַרק ליעב געהאַט איינער דעם אַנדערען; דער אינהאַלט פון דעם וכוח איז געווען אַ געוויסע הלכה, און ווען ריש לקיש האָט מיט אַ בּעזונדער עקשנות פערטיידיגט

זײַן מײנונג, איז ר׳ יוחנן זעהר אױפגערעגט געװאָרן און האָט איהם דערמאָנט זײַן אַמאָליגע בעשעפטיגונג אין צירק. ריש לקיש האָט זיך פון דער בעלײדיגונג געשפירט שטאַרק אָנגעגריפען, און װען ר׳ יוחנן האָט אָנגעשטעלט אױף איהם זײַן דורכדרינגענדען, שאַרפען בליק, האָט איהם ריש לקיש נישט איבערגעטראָגען: דער געװעזענער ריעז איז קראַנק געװאָרן און געשטאָרבען.

צװישען די בעדײַטענדע פערזענליכקײַטען פון יענער צײַט פערנעהמט א בעזונדער פלאַץ דער בעריהמטער ר׳ י ה ו ש ע ב ן ל ו י. ער האָט זיך געזעגנט פאַר אַ „אב בתורה“ און אין דער הלכה׳שער פראַקטיק איז זײַן מײנונג אָנגענומען געװאָרן, אַפילו װען זי איז געװען געגען די מײנונגען פון ר׳ יוחנן און ריש לקיש. בעזונדער גרױס איז ר׳ יהושע געװען אין דער א ג ד ה, און זי האָט איהם דערנאָך צוגעשריבען אַלערלײ מופתים און איבערנאַטירליכע מעשׂות. לױט איהרע שילדערונגען האָט א ל י ה ו א ה נ ב י א ענטפלעקט דעם געטליכען ר׳ יהושע אַלע סודות פון װעלט און לעבען, און דער מלאך־המות זאָגאַר איז נישט אימשטאַנד געװען, איהם צו בעהערשען, װײַל ר׳ יהושע האָט איהם אַרױסגעחאַפּט דעם מעסער פון די הענד און איז לעבעדיגערהײַט אַרײַן אין גן־עדן. פון דאָרטען זאָל ר׳ יהושע, דורכ׳ן מלאך המות גופא, האָבען געשיקט אַ בריעף צום נשיא מיט אַ אױספיהרליכער שילדערונג פון אַלץ, װאָס ער האָט געזעהען אין יענע װעלטען, און דאָס זאָל עס זײַן די „מעשה דרבי יהושע בן לוי“, אָדער די „מסכתא גן עדן וגיהנם“.

גרעסער נאָך פון ר׳ יהושען אױף דעם געביט פון דער אגדה איז געװען דער אױבענדערמאָנטער ר׳ ש ל מ א י. ער האָט דער ערשטער אױפגעהױבען די אגדה ביז צו דער מדרגה פון אַ פילאָזאָפישער לעהרע און אױף אַלץ, װאָס איז פון איהם דערגאַנגען צו אונז, ליגט דער שטעמפעל פון אַ שענעם מענשליכען גײַסט מיט אַ גרױסען פערשטאַנד. ער האָט שטודירט די יודישע געזעצען פון זײער דאָגמאַטישען און עטישען שטאַנדפונקט, און האָט אײַנגעטײלט די תרי״ג (זעקס הונדערט דרײַצעהן) מצוות פון דער תורה אין צװײ קאַטעגאָריעס: רמ״ח (צװײ הונדערט אַכט און פירציג) „מצוות־עשה“ (פּאָזיטיװע געבאָטען; זאָלען, װאָס דער מענש איז פערפליכטעט זײ צו טאָן), געגען די צװײ הונדערט אַכט און פירציג גליעדער פון דעם מענשליכען קערפּער, און שס״ה (דרײַ הונדערט פינף און זעכציג) „מצוות לא

העשה" (נעגאַטיִווע געבאָטען ; ווענען דיִ זאַכען , וואָס דער מענש איז פערפליכטעט , זיִי ניִשט אויסצואיבּען) , געגען דער צאָהל טעג פון דעם זונען-יאָהר . אָט דיִ זעקס הונדערט מיִט דרייַצעהן מצוות האָבען דעם ציעל — זאָגט ר׳ שלמאי — צו פערפאָלקאָמען דעם מענשען גייַס־טיג און מאָראַליִש , און דער דאָזיגער ציעל ווערט פון דיִ נביאים וואָס וויַיטער אַלץ קירצער און קאָנצענטריִרטער צוזאַמענגעפאַסט . „איז גע־קומען דוד (המלך) און האָט געמאַכט פון זיִי (פון דיִ תרי״ג מצוות) עלף : הולך תמים , פועל צדק , דובר אמת , לא רגל על לשונו , לא עשה לרעהו רעה , חרפה לא נשא על קרובו , נבזה (בעיני ה׳) נמאס גם בעיניו , יראי ה׳ יכבד , נשבע (גם) להרע (לעצמו) לא ימיר , כספו לא נתן בנשך ושחר על נקי לא לקח (בעגעהט זיך עהרליך , איבּט אויס גערעכטיגקייַט , רעדט אמת , טרייַבּט ניִשט קיין רכילות , טוט זייַן חבר קיין שלעכטס ניִשט , פערארזאַכט ניִשט זייַן קרוב קיין חרפות , פעראַכטעט דאָס פעראַכטעטע אין דיִ אויגען פון גאָט , שעצט גאָטספאָרכטיגע , פעלשט ניִשט זייַן שבועה אפילו זיך שלעכטס צו טאָן , גיִט ניִשט זייַן געלד אויף פראָצענט און נעהמט פון אונשולדיִגען קיין שוחד ניִשט) 1) ; איז געקומען ישעיה און געמאַכט פון דיִ עלף גע־באָטען—זעקס : הולך צדקות ודובר מישרים , מואס בבצע מעשקות , נוער כפיו מתמוך בשוחד , אוטם אזנו משמוע דמים , ועוצם עיניו מראות ברע (בעגעהט זיך גערעכטיג , און רעדט עהרליך , פעראַכטעט גערויבּטע פערדיִענסטען , שאָקעלט אָב זייַנע העגד פון שטיִצען שוחד , פערשטאָפּט זייַנע אויערן פון הערן בלוטיגעס און פערמאַכט דיִ אויגען , ניִשט צו זעהן קיין שלעכטס) 2) ; איז געקומען מיכה און געמאַכט פון דיִ זעקס — דרייַ : עשות משפט , אהבת חסד והצנע לכת (אויסאָי־בען געזעצליכקייַט , ליִעב האָבּען וואוילטעטיגקייַט און רעמוטיג זיך פיהלען פאַר גאָט) 3) ; איז געקומען ישעיה (דער צווייטער) און גע־מאַכט פון דיִ דרייַ — צוויי : שמרו משפט ועשו צדקה (היִט אָב דאָס געזעץ און איבּט אויס גערעכטיגקייַט) 4) ; איז געקומען חבקוק און

1) תהלים ט״ו .
2) ישעיה ל״ג .
3) מיכה ו׳ .
4) ישעיה נ״ו .

געמאַכט פון דעם אַלעם — אײנם: וצדיק באמונתו יחיה (דער צדיק וועט לעבן מיט זײַן גלויבן); דאָס הײסט, אַז דער עצם יסוד פון דער יודישער אמונה איז די אמונה גופא, דאָס דורכגעדרונגען־זײַן מיט דעם בעוואוסטזײַן פון גאָטס אײנהײַט, אַלמעכטיגקײַט און אײ־ביגער השגחה, פון וואָס עס פאָלגען שוין ממילא אַלע מאָראַלישע פאָלקאָמענהײַטען און די עהרפורכטיג־עניוות׳דיגע בעציהונג צום לעבן.

אַ בעזונדער אויפמערקזאַמקײַט צווישען די אגדות פון יענער צײַט, וואָס זענען דערגאַנגען צו אונז אין די תלמודים און מדרשים, ציהען צו די גײַסטרײַכע און שענע מאמרים פון ר׳ שמואל בר נחמני, ר׳ לוי בר חמא און ר׳ אבא בר כהנא, און מיר ציטירען די: עטליכע פון זײ אַלס מוסטער: „פון יעדער צרה, וואָס קומט אויף אַ מענשען, קען אַ צווײטער מענש אַרויסציהען עפּעס אַ טובה פאַר זיך״; „די אוינגען און דאָס הארץ — דאָס זענען צוויי פאַקטאָרען פון זינד״; „וזרח השמש ובא השמש״ (די זון געהט אויף און די זון פערגעהט): אײדער עס געהט אונטער די זון פון אײן גרויסען מענשען, הויבט שוין אָן שײַנען די זון פון אַ צווייטען״. כאַראַקטעריסטיש זענען די: אגדות פון יענער צײַט בנוגע צו דער רוימישער מלוכה; אין אײנער פון זײ זאָגט זיך: „אויב אין מצרים איז געווען פינסטער, איז אין רוים — גלאַט אַ כאָאָס״. דערמיט איז, ווי ס׳שײַנט כאַראַקטעריזירט געוואָרן די דעמאָלטיגע אַרומרײַסענדיש איבער דעם רוימישען טראָן.

אין יענער צײַט האָבען זיך ווידער בעגײַט די אַמאָליגע דאָגמאַ־טישע וכוחים צווישען די פאָרשטעהער פון יודענטום און קריסטענטום, אמת, מיט ווײניגער כעס און ביטערניש און מיט אַ מעהר ערנסטער בעציהונג צו דעם עצם ענין. דאָס קריסטענטום האָט שוין דעמאָלט געהאַט דורכגעמאַכט אַ בעדײַטענדען פּראָצעס פון אינערליכע אַרומרײַ־סענישען, און אָנגעהויבען אָנצונעהמען אַ בעשטימטע אײנהײַטליכע גע־שטאַלט מיט אַ פעסטען דאָגמאַטישען יסוד; די וכוחים צווישען די: קריסטליכע און יודישע דרשנים האָבען דעריבער געטראָגען איצט אַ רײן אַקאַדעמישען כאַראַקטער, און אַזוי ווי בײדע צדדים האָבען זיך געשטיצט אויף אײן און דעם זעלבען מקור — אויף די „הײליגע שריפ־טען״, האָבען זיך געפונען עטליכע פון די קריסטליכע געלערנטע, וואָס האָבען ספּעציעל צוליעב דעם שטודירט די העברעאישע שפּראַך. פון די לעצטע האָט זיך בעזונדער אויסגעצײכענט דער בעריהמטער קריסטליכער טעאָלאָג אָריגענוס, וועלכער האָט פערבראַכט אַ

לענגערע צייט אין פאלעסטינא (230 — 250) און דארט שטודירט די ביבעל אין אָריגינאל אונטער דער אָנווייזונג פון דעם איבערגע־מאַנטען הלל, א ברודער פון ר׳ יהודה נשיאה II.

אָט דער אָריגינים האט א סך מאָל זיך געפרובט מתוכח זיין מיט די יודישע דרשנים, און צו די ויכוחים געהערן עס די אלע „תשובות המינים״ (א ענטפער די מינים־קריסטען) פון דער אגדה. כדי צו דער־ווייזען די ריכטיגקייט פון זייער מיינונג וועגען דער געטליכער „דריי־אייניגקייט“, האבען זיך די קריסטליכע טעאָלאָגען אָפט געשטיצט אויף דער גראמאטיקאלישער בעדייטונג פונ׳ם ווארט „אלהים“ (לשון רבים, מעהרצאָהל; אלהי — גאָט, אלהים — געטער), מיט וועלכען ס׳ווערט בסדר בעצייכענט אין דער ביבעל דער בעגריף „גאָט“. אלס ענטפער אויף דעם האט ר׳ שמלאי זיי אויפגעוויזען, אז דאס ווארט, וואס קומט נעבען דעם אויסדריק אלהים, איז שטענדיג אין לשון יחיד (איינצאָהל) און ניט אין לשון רבים (בראשית ברא אלהים: האט בעשאפען און ניט האבען בעשאפען). די קריסטען האבען דאן אָנגעוויזען אויף דעם פסוק: נעשה אדם בצלמנו (מיר וועלן מאַכען א מענשען לויט אונזער געשטאלט), וואו גאָט אליין בענוצט זיך מיט א לשון רבים; אויף דעם האט ר׳ שמלאי בר נחמני געענט־פערט: ווען משה האט געשריבען די תורה און איז צוגעקומען צו דעם פסוק, האט ער זיך אָבגערופען צו גאָט: „הערשער פון דער וועלט! מיט דעם אויסדריק (דעם לשון רבים) גיסטו דאך א געלע־גענהייט די מינים צו פערטיידיגען זייערע איינבילדונגען!“ האט איהם גאָט געענטפערט: שרייב, און ווער ס׳וויל זיך איינבילדען, זאל זיך איינבילדען“.

אנ׳אנדער בעל־אגדה האט שארף און אָפען ערקלערט: „זאָגט א מענש: איך בין גאָט — גלויב איהם ניט; זאָגט ער: איך בין א „בן אדם“ (מענשענזוהן) — וועט ער סוף כל סוף חרטה האבען; זאָגט ער: איך וועל מיך אויפהויבען אין הימעל — וועט ער עס קיינמאָל ניט בעווייזען“. „גאָט איז ניט גלייך צו א מענשען־קעניג: ער האט ניט קיין פאָטער, ניט קיין זוהן, ניט קיין ברודער. דאס איז א בעדיי־טונג פון פסוק: איך בין דער ערשטער און איך בין דער לעצטער און חוץ מיר איז קיין גאָט נישטאָ“.

„אזעלכע פרידליכע און פרייע ויכוחים — בעמערקט א יודי־שער היסטאָריקער — זענען נאָך מעגליך געווען אין III־טען יאהר־

הונדערט , ווען די קריסטען האָבען זיך געפונען אין דער לאַגע פון א גערודפ'טער סעקטע . אין די שפּעטערדיגע יאָהרהונדערטער , ווען דאָס קריסטענטום איז , אונטער דער הערשאַפט פון קייזער קאָנסטאַנטין און זיינע נאָכפאָלגער , געוואָרן א הערשענדע רעליגיע , — האָבען די יודישע און קריסטליכע טעאָלאָגען שוין נישט געקענט דיספוטירען געגען רעליגיעזע פראַגען מיט איינע און די זעלבע רעכט . די קירכע האָט בעקומען אויף איהר זייט דאָס רוימישע שווערד און פאַר'ן אָבשפּאַרען איה־ע דאָגמאַטען זענען די נישט-בעוואָפענטע פרעמד-גלויביגע האַרט בעשטראָפט געוואָרן" *) .

*) דובנאָוו .

## זעקסטעם קאַפּיטעל.

## די לאַגע פון די יודען אין בבל און פּערסיען.

נאָכ'ן טויט פון ר' יהודה נשיאה II איז דאָס יודענטום אין פּאַ־לעסטינא צוגעקומען צו דעם מצב פון אַ שטאַרקער ירידה. עס האָט געפעהלט די צענטראַלע, ענערגישע פּערזאָן, וואָס זאָל פּכח זיין אַריינצופּרענגען לעבען און גייסט אין דעם אָבגעשוואַכטען אָרגאַניזם פון די איבערגעבליבענע יודישע מאַסען, און די ישיבות אין דער פּראָ־ווינץ זענען איינע נאָך דער אַנדערער אונטערגעגאַנגען. געבליבען פון אַלע בעריהמטע אַקאַדעמיעס אין ארץ־ישראל איז נאָר די איינציגע ישיבה אין טבריה (גליל), און אויך דאָ האָט דער שיין פון דעם יודישען גייסט נאָר שוואַך געצאַנקט.

אָט די ירידה פון ארץ ישראל איז אָבער גאָך נישט געוועזען די ירידה פון דעם יודישען כלל, פון דער יודישער אומה; דאָ האָט זיך ווידער אַרויסגעוויזען די וואונדערבאַרע ערשיינונג, וואָס האָט זיך אַזוי אָפט איבערגעחזר'ט אין דער יודישער געשיכטע; אין דער צייט, ווען דאָס יודענטום אין פּאַלעסטינא האָט זיך גערא נ־נעלט מיט'ן אונטערגאַנג, האָט געבליהט און זיך אויסגעבילדעט אַ נייער צענטר פאַר דעם יודישען גייסט אין בבל. דאָס דאָזיגע אַלטע שענע לאַנד צווישען די טייכען פרת און חדקל, וואו די יודישע געפאַנגענע זענען

אַמאָל געזעסען און געוויינט , זיך דערמאָנענדיג אָן ציון" , — איז איצט געוואָרן אַ צוויימע מוטער פאַר דער יודישער אומה . דאָס איז געוועזן אַ מין פאַקט פון דער השגחה מיט זיעבען יאָהרהונדערטער צוריק , צו מאַכען , אַז נישט אַלע יודען פון בבל זאָלען זיך אומקעהרען קיין ארץ ישראל , און אַ גרויסע צאָהל פון זיי זאָל זיך אָבשטעלען אין דעם לאַנד , כדי עס זאָל נישט אונטערגעהן די גאַנצע אומה , צוזאַמען מיט דעם טייל , וואָס וועט אונטערפאַלען אונטער דער הערשאַפט פון די רוימער און נישט קענען בּאַשטעהן געגען זייערע גזירות און רדיפות . די דאָזי־גע איבערגעבליבענע יודישע קאָלאָניע איז זיך דאָ מיט דער צייט פונאַנדערגעוואַקסען און האָט געבילדעט אַ בּעדייטענדען עלעמענט אין דעם אָרגאַניזם פון דער פּאַרטישער מלוכה , וואָס האָט קאָנקורירט מיט רוים איבער דער וועלט־מאַכט און מיט אַ לייבען־פעסטער עקשנות זיך נישט אונטערגעוואָרפען דעם רוימישען אָדלער . דאָ האָבען יודען נאָך פון די עלטסטע צייטען אָן ענטוויקעלט אַ לעבעדיגע גייסטיגע טעטיגקייט , און די ריכטונג פון דער דאָזיגער טעטיגקייט איז שטענדיג געוועזן אַ ריין־נאַציאָנאַלע , יודישע , אָהן וועלכער ס'איז השפעה פון אַ פרעמדער קולטור . די גרויסע צאָהל פון די יודישע איינוואוינער , וואָס האָבען זיינט צעהנדליגער דורות בּעוואוינט גאַנצע פראָווינצען פון לאַנד ; די זעלבסטשטענדיגקייט אין זייערע אינווענינסטע אָנגעלעגענהייטען , וואָס די פּאַרטישע ממשלה האָט זיי איבערגעלאָזען ; דער גלאַנץ און די פירשטליכע מאַכט פון זייער פּאָליטישען פאָרשטעהער און פיה־רער ; זייער אַלטבּעזעסענקייט אין לאַנד , וואָס האָט זיי צוגעגעבען דעם כאַראַקטער פון איינגעבּוירענע , גלייכבּערעכטיגטע בּירגער , — דאָס אַלץ האָט אויסגעאַרבּייט אין דעם בּבלישען יודען אַ געוויסען געפיהל פון שטאָלץ און רוהיגקייט , און זיין גייסט איז אויך געוואָרן טיעפער און פּיעלזייטיגער .

די בּעדייטענדסטע צווישען די צענטראַלע שטעדט פון דעם יודישען ישוב אין בּבל , איז געוועזן נהרדעה , אַ בּעפעסטיגטע שטאָדט בּיים בּרעג פון טייך פרת , וואָס איז געוועזן דורך און דורך בּעפעלקערט פון יודען , און האָט דעריבּער אַ לאַנגע צייט געטראָגען דעם נאָמען „ירושלים פון בּבל" . ווען דער בּית־המקדש אין ירושלים איז נאָך געשטאַנען , איז דאָ געוועזן די אַלגעמיינע קאַסע , וואוּ ס'פלע־גען איינפלוסען די נדבות פאַר'ן בּית־המקדש פון אַלע בּבלישע קהלות , און פון דאַנען פלעגט די אַלגעמיינע סומע בּעזאָרגט ווערן קיין

ירושלים. פון נהרדעה האבען אויך געשטאמט די צווייטע יודישע יונגע לייט, וואס האבען מורר געווען אין דעם פארטישען הערשער און גע־גרינדעט אויף א בעדייטענדער צייט א זעלבסטשטענדיגע מלוכה.

עטליכע מייל ווייט צו דרום־זייט פון נהרדעה איז געלעגען פירוז־שבור (אויך: בי־שבור), אויך א בעפעסטיגטע און רייך־בעפעלקערטע שטאדט, און נישט ווייט פון דארטען האט זיך געפונען פומבדיתא, א גרויסע שטאדט נעבען די קאנאלען פון טייך פרת מיט פאלאצען און טעמפלען. זעלצעהן געאגראפישע מיילען ווייט פון פומבדיתא איז געלעגען די שטאדט מתא־מחסיא; מתא־מחסיא האט פערנומען דעם גאנצען שטח ארום דעם טייך סורא, און דערי־בער ווערט זי אויך אפט בעצייכענט מיט דעם נאמען סורא. ווי פומבדיתא מיט איהר עשירות און רייכע פאלאצען, אזוי האט זיך מתא־מחסיא־סורא אויסגעצייכענט מיט איהר אָרימקייט און מאוס'ען אויס־זעהן; דערפאר זענען די איינוואוינער פון דעם אָרימען שטעדטעל גע־ווען בעריהמט מיט זייער עהרליכקייט, און דאס שפריכווארט האט גע־זאגט: „ס'איז בעסער צו וואוינען אין א מיסט־שטאל פון מתא־מחסיא, איידער אין א פאלאץ פון פומבדיתא".

מיט די דאזיגע דריי שטעדט ארום דעם טייך פרת האט קאנקו־רירט א פיערטע, מחוזא, אויפ'ן ברעג פון חדקל, דריי מייל ווייט פון דער פארטישער הויפטשטאדט קטעסעפאן. מחוזא איז גע־שטאנען אויף א בארג און איז געווען געשיצט מיט פעסטע מויערן, א טיפען גראבען און א שטארקען פעסטונגס־שלאס אין שטאדט גופא; בעפעלקערט איז זי אבער געווען בלויז פון יודען. דאס זענען געווען אממעהרסטענטייל איינגעקלעך און אור־אייניקלעך פון די אמאליגע גרים, און די יודען האבען געקוקט מיט א געוויסע פעראכטונג אויף זייער לייכטזיניגקייט, אויף זייער ליעבע צו אלערליי וועלטליכע פערגניגענס און אויף זייערע אויסגעלאסענע געננג בכלל. נישט ווייניג יודען האבען זיך געפונען אויך אין די איבריגע שטעדט פון דעם פרוכטבארען לאנד, און זיי האבען זיך אומעטום געפיהלט, ווי ביי זיך אין דערהיים. די אונטערגעווארפענקייט בנוגע צו דער מלוכה האט זיך אויסגעדריקט אין קאפ־ און ערד־שטייערן; דערביי זענען נאך דעמאלט געווען ארום דעם טייך פרת גרויסע שטרעקעס ערד איננאנצען אהן בעלי־בתים, און ווער ס'האט זיך ארויסגערופען צו בעצאהלען די שטייערן פון א געוויס־סער שטרעקע, האט זיך גערעכענט פאר איהר אייגענטימער. מיט

דעם זכות האָבען זיך די יודען אַ סך בענוצט און די גאַנצע געגענד מיט איהר יודישער בעפעלקערונג איז רעגירט געוואָרן פון אַ יודישען פירשט (עקזילאַרך), וואָס האָט געשפּיעלט אַ אַנגעזעהענע ראָליע אין דעם פּאַרטישען מלוכה-לעבען און פערנומען דעם פיערטען ראַנג נאָכ'ן קעניג אין דער רייהע פון די מלוכה-פיהרער. דער עקזילאַרך איז אויסגעוועהלט געוואָרן פון דער יודישער בעפעלקערונג אַליין, און די קרוין האָט נאָר בעשטעטיגט די וואַהלען, דערביי איז דעם אויסדערוועהלטען געגעבען געוואָרן אַלס עהרען-צייכען אַ זיידענעם איבערקלייד מיט אַ גאָלדענעם גאַרטעל.

די עקזילאַרכען האָבען געשטאַמט פון די מלכי בית דוד, דעריבער האָט דאָס פאָלק שטאַרק דרך-ארץ געהאַט פאַר זיי און אָבגעהיט זייערע פעראָרדנונגען. מיר האָבען נישט קיין גענויע קוועלן וועגען די עקזילאַרכען אין די ערשטע פעריאָדען פון דער אַלט-פּערסישער און סעלייצידיש-גריכישער הערשאַפט, חאָטש איין אַלטע כראָניק (סדר עולם זוטא) רעכענט אויס אַ רייהע עקזילאַרכען פון זרובבל בן שאלתיאל אָן ביז דער ענדע פון צווייטען יאָהרהונדערט אין פינפטען טויזענד. מיר בעגעגענען צום ערשטען מאָל די געשטאַלט פון אַ „ראש גלותא“ אין דעם לעצטען דור פון די תנאים; דאָס איז מ ר ה ו נ א, וועלכער איז געשטאָרבען אין דער צייט, ווען ר' יהודה I איז געוועזען פּאַטריאַרך (נשיא) אין פּאַלעסטינאַ, און האָט אָנגעזאָגט, מ'זאָל איבערפיהרען זיינע ביינער אינ'ם לאַנד פון די אבות. פון דעם מר-הונא'ן אָן האָבען מיר שוין קלאָרע היסטאָרישע ידיעות וועגען דער טעטיגקייט פון די עקזילאַרכען אַזש ביז'ן סוף פון VI-טען יאָהרהונדערט.

די עקזילאַרכען זענען קודם כל געוועזען הויפּט-ריכטער פון אַלע יודישע קהלות אין בבל, דערביי איז אין זייער קאָמפּעטענץ אריין אויך קערפּערליכע שטראָף פאַר קרימינעלע פערברעכענס, וואָס האָט זיך אויפ'ן אָריענטאַלישען שטייגער אויסגעדריקט אַממעהרסטענטייל אין „מלקות“ (שמיץ). אין די פונקציעס פון דעם ראש-גלותא זענען אויך אריין די גאַנצע פּאָליציי-אָרגאַניזאַציע אין די שטעדט, די אויפזיכט איבער דער ריכטיגקייט פון מאָס און געוויכט, איבער בריקען און קאַנאַלען און בכלל איבער אַלע ענינים פון דער עפענטליכער זיכערהייט. אָפיציעל איז דעם ראש-גלותא אָבגעגעבען געוואָרן דער זעלביגער כבוד, וואָס די אַמאָליגע יודישע מלכים פון דוד'ס הויזגעזינד: איהם איז איבערגעגעבען געוואָרן אַ העכערער אָבגעזונדערטער פּלאַץ

אין שוהל, און בײם עולה לתורה זײַן פלעגט דער שמש צוטראָגען די ספר־תורה צו איהם, און ער האָט בײַ זיך אויפ׳ן פּלאַץ אַרויסגעלײענט פון איהר די בעשטימטע פרשה. דער ראש־גלותא האָט בעזעסען א גרויסע צאָהל שקלאַפען און סתם דינער, און זאָגאַר פרײַע מענער האָבען זיך געפונען אונטער זײַן שוץ און נעמווזט, צום צײַכען פון אונ־טערטעניגקײַט, שטענדיג טראָגען אויף די קלײדער דעם הערב פון זײַער האַר.

בײַ אַזאַ ברײטער און ניִשט נאָרמירטער מאַכט איז זעלבסטפער־שטענדליך, אַז די עקזילאַרכען האָבען זיך געפיהלט, ווי זעלבסטהער־שער בנוגע צו דער יודישער בעפעלקערונג, און דאָך האָט אָפט גע־בראַכט צו שאַרפע תרעומות מצד די געדריקטע מאַסען; אין דער פּאָרהיסטאָרישער צײַט, ד. ה. אײדער די יודישע געזעצלעהרע האָט זיך איבערגעקליבען קײן בבל, זענען געווען צווישען די עקזילאַרכען זאָגאַר עמי הארצים, וואָס האָבען ניִשט געוואוסט אונטערצושײדען פון כשר ביז טרפה, און די גאַנצע פיהרונג אין „הויף״ איז געווען געגען די געבאָטען פון דער תורה. וואָס ווײַטער איז אָבער די לאַגע אין דער הינזיכט אַלץ בעסער געוואָרן, און די געשיכטע פון די שפּעטער־דיגע צײַט וויים שוין צו דערצעהלען פון אַ רײהע עקזילאַרכען, וואָס האָבען פעראײניגט אין זיך תורה און גדולה און דאָס פאָלק האָט זײ געשעצט ניִשט ווענינער פון די פּאַטריאַרכען אין ארץ־ישראל.

אַ בעזונדער שטאַרקע בעוועגונג, צו פערשפּרײטען די יודישע געזעץ־לעהרע צווישען די יודען אין בבל, בעמערקט זיך אין דער עפּאָכע פון די לעצטע תנאים. אין דער ישיבה פון ר׳ יהודה הנשיא I. (רבי) זענען אָנגעקומען מאַסען תלמידים פון די פּראָווינצען אַרום די טײַ־כען פרת און חדקל, און אַ סך פון זײ זענען דערנאָך געוואָרן די ליכט־זײַלען פון דער ישיבה. ר׳ חייא פון כפרי און זײַנע צווײ וואוּנ־דערזיהן, זײַנע פערוואַנדטע אבא אריכא און רבה בר חנא, אבא און זײַן זוהן מר שמואל, — אַלע האָבען זיך גערעכענט פאַר די בעסטע תלמידים פון דעם גרויסען פּאַטריאַרך, און זײ זענען אויך געווען די ערשטע פּיאָנערען פון דער יודישער אקאַדעמישער ביל־דונג אין בבל. ר׳ חייא מיט זײַנע צווײ זוהן האָבען זיך, אמת, ניִשט אומגעקעהרט צוריק אין זײער הײמאַט־לאַנד, און זענען געשטאָרבען אין גליל, וואו דאָס פאָלק האָט פערהײליגט זײערע קברים און גערעכענט פאַר אַ זכיה, בעגראָבען צו ווערן נאָהנט פון זײ. פאַר׳ן לעבען האָט

אָבער דער דאָזיגער גרויסער גייסט געהאַט אַ שטאַרקען און דירעקטען איינפלוס אויף אַבּאַ אַריכאַ, וועלכער איז אַוועק צוריק קיין בבל און געגעבען אינגאַנצען אַ נייע ריכטונג דער ענטוויקלונג פון דער בבלי־שע' דיאַספּאָראַ.

אַבּאַ אַריכאַ, מיט זיין היסטאָרישען נאָמען ר ב (געב. 75, געשט. 247), איז אַלס קינד נאָך שוין בעריהמט געווען מיט זיינע אויסערגעוועהנליכע פעהיגקייטען. נאָכ'ן טויט פון זיין פאָטער איז ער אַוועק קיין ארץ־ישראל און איז אָנגעקומען אין דער ישיבה פון דעם גרויסען נשיא. דאָ האָט ער אַרויסגערופען די בעוואונדערונג פונ'ם גאַנ־צען קאָלעגיום איבער זיין אונגעוועהנליכער שאַרפזיניגקייט, און ווען ער האָט זיך געקליבען צו פערלאָזען פּאַלעסטינאַ, האָט זיין פעטער ר' חייא געבעטען דעם נשיא, ער זאָל איהם מסמיך זיין און ערלויבען צו זיין „אַ לעהרער און אַ ריכטער". די דאָזיגע בקשה איז דערפילט געוואָרן, חאָטש ניט אינגאַנצען; דער ווייטזיכטיגער נשיא האָט פאָר־געזעהען, אַז זיין בעגאַבטער תלמיד וועט אויפהויבען דעם מעמד פון דער תורה אין בבל אַזוי שטאַרק, אַז זי וועט קאָנקורירען מיט ארץ ישראל, און ער האָט איבערגעלאָזען איין צייכען פון אָבהענגיגקייט: געבענדיג סמיכה דעם גרויסען תלמיד פון בבל, האָט ער איהם דאָך פערבאָטען, צו פסק'ענען געוויסע שאלות. מיט אַזאַ האַלבער סמיכה האָט זיך אַבּאַ אַריכאַ אומגעקעהרט קיין בבל, און דעמאָלט שוין איז זיין פּאָפּולאַריטעט געווען אַזוי גרויס, אַז די פאָרנעהמסטע געזעצלעה־רער פון גאַנצען לאַנד זענען אַרויסגעגאַנגען איהם מקבל פנים זיין און אָנערקענט איהם פאַר'ן העכסטען אויטאָריטעט בנוגע צו אַלע פראַגען פון דעם יודישען רעליגיעזען לעבען. צווישען די דאָזיגע בבלישע גע־זעצלעהרער האָט זיך געפונען אויך דער פיהרער פון דער ישיבה אין נהרדעה, ר' שילא, און ער האָט דער ערשטער אָבגעטרעטען זיין פּלאַץ דעם אָנגעקומענעם „זקן" פון דער גרויסער ישיבה אין צפורי.

פאָרגעקומען איז דער פאַקט אויף דעם פאָלגענדען אופן:

קומענדיג קיין נהרדעה האָט אַבּאַ געפונען דעם אַלטען „ריש־סידראַ" (ראש ישיבה), וועלכער האָט איהם פערזענליך ניט געקאָנט, ווי ער זיצט און דרש'נט אַ געוויסע משנה און ס'איז נישטאָ קיינער, וועער עס זאָל זי מסביר זיין און ערקלערען; דאַן האָט זיך אַבּאַ אַוועק־געשטעלט פאַר אַ מתורגמן, און ווען ר' שילא האָט איהם איבערגעגעבען

אין דער שטיל דעם פירוש פון א משנה, האט ער זי מסביר געווען פאר'ן עולם און פערטיפעט דעם פירוש אויף אזוי פיעל, אז ס'איז ארויסגעקומען עטוואס גאר אנדערעס דערפון, וואס ר' שילא האט געוואלט זאגען. דער לעצטער האט געפרובט אין אנהויב מקפיד זיין און פראטעסטירען; אויף דעם האט איהם דער „רעוואלוציאנערער" רב געענטפערט: „די פלייט, וואס פערשאפט פערגניגען דעם מענשען מיט א מוזיקאלישען געהער, קלינגט שלעכט אין די אויערן פון א פראסטען ארבייטער, וואס האט קיין געהער ניט פאר פיינע טענער; וויפיעל מאל האב איך ערקלערט משנות פאר'ן גרויסען ר' חייא'ן און ער איז צופרידען געווען, נאר דיר געפעלען ניט מיינע ערקלערונגען". ר' שילא האט דאן ערשט זיך געחאפט, אז דער מתורגמן, וואס שטעהט פאר איהם, איז דער בערימטער אבא אריכא, און בעטענדיג מחילה ביי איהם האט ער זיך אבגערופען: „זעץ דיך דו איף מיין ארט; איך האב ניט פערדיענט, אז דו זאלסט זיין מיין מתורגמן". רב האט דעם פארשלאג פונדעסטוועגען ניט אנגענומען, און נאך ר' שילא'ס טויט, האט ער דעם פאסטען אין נהרדעה איבערגעגעבען זיין חבר שמואל'ן, וועלכער איז מיט איהם צוזאמען געקומען פון פאלעסטינא און איז דערצו געווען אויך א געבוירענער א דארטיגער.

אין יענער צייט איז געווען עקזילארך א געוויסער ענן, וועלכער האט, ווי ס'איז צו גלויבען, געוואלט מהנה זיין די חכמים און זיי איבערגעבען אלע געזעלשאפטליכע פאסטענס; ער האט בעשטימט מר עוקבא'ן פאר א אויבער-שופט אין כפרי, קרנא'ן פאר א שופט, און ווען רב איז געקומען קיין בבל, האט ער איהם געמאכט פאר א „אגאראנאמאס", ד. ה. פאר א אויפזעהער איבער דער ריכטיגקייט פון די וואגען און מאסען אין די האנדעלס-פלעצער פון לאנד. אין דעם פאסטען איז אריינגעגאנגען אויך די פונקציע פון קאנטראליּרען די פרייזען און ניט דערלאזען דערביי קיינע שפעקולאציעס. בנוגע צו דער פראגע איז פארגעקומען א שארפער סכסוך צווישען רב'ן און דעם עקזילארך, — א סכסוך, וואס האט זיך געענדיגט דערמיט, אז רב איז איינגעזעצט געווארן אין תפיסה אויף א לאנגע צייט.

אט די ניט לאנג דויערנדע געזעלשאפטליכע טעטיגקייט איז אבער אריבער ניט אהן א גרויסען פערדיענסט פאר דעם בעניייער פונ'ם יודישען גייסט אין זיין פאטערלאנד; ארומפאהרענדיג אלס

אגאַראָנאָמאָס איבער די שטעדט און שטעדטליך פון לאַנד האָט רב דער־ווײַל געהאַט די געלעגענהײַט, זיך צו בעקאַנען מיט דעם גײַסטיגען צושטאַנד פון די יודישע פאָלקס־מאַסען, און זײַן אײַנדריק פון די דאָזיגע בעאָבאַכטונגען איז געווען זעהר אַ טרויעריגער. דער גרויסער לעהרער האָט געזעהען, אַז דאָס פאָלק איז שרעקליך פערגראָבט און בעגעהט אונגעהויערע פערברעכענס געגען די געבאָטען פון דער תורה נישט אויס לײַכטזיניגקײַט, נאָר פּשוט אויס עמי־הארצות. אין דער גאַנצער יודישער דיאַספּאָראַ האָט זיך שוין, למשל, לאַנג געהאַט פּראַקטיצירט דאָס געזעץ פון דער תורה, וואָס פערבאָט צו עסען פלײש מיט מילך אינאײַנעם (בשר בחלב), און דאָ האָט רב געהערט אין אַ שטעדטעל, ווי אײַן יודישע פרוי האָט געפרעגט דער צווײַטער, וויפיעל מילך דאַרף מען האָבען אויף אַ פיער־טעל פונט פלײש. צו די פערברעכען אין דעם אַלטעגליכען לעבען איז צוגעקומען אויך די מאָראַלישע פער־דאָרבענקײַט און די אַלגעמײַנע אונוויסענהײַט, און דאָס האָט בײַ דעם יונגען געלעהרטען אַרויסגערופען די אידעע, צו גרינדען אַ גרויסע ישיבה גראָד אין׳ם צענטער פון דער געגענד, וואו די עמי־הארצות הערשט אַמשטאַרקסטען, און אַזוי אַרום פערשפּרײטען די וויסענשאַפט אין דעם גײַסט פון דער תורה איבערן גאַנצען לאַנד. און די אידעע איז פערווירקליכט געוואָרן: זיבען הונדערט יאָהר האָט די ישיבה אין סורא געדיענט דעם פאָלק ווי אַ פאַקעל, און פונאַנדערגעוואָרפען פײַ־ערדיגע ליכט־שטראַהלען אין אַלע ווינקעלעך פון דער יודישער דיאַס־פּאָראַ.

צו דער אויספיהרונג פון דעם גרויסען פּלאַן האָט, ווי ס׳שײַנט, אַ סך מיטגעהאָלפען די אינטימע פרײַנדשאַפט, וואָס האָט געהערשט צווישען רב׳ן און דעם לעצטען פּאַרטישען קעניג, אַרטאַבאַן (216־226); די בעקאַנטשאַפט צווישען זײ איז אויך געשלאָסען געוואָרן אין דער צײַט פון רב׳ס געזעלשאַפטליכער טעטיגקײַט, און דער קעניג איז אַזוי בגיצויבערט געוואָרן פון דעם יודישען געלעהרטען, אַז ער האָט זיך מיט איהם ענגער צוזאַמענגעלעבט און איז געבליבען זײַן פרײַנד און בעשיצער ביז דער איבערקעהרעניש פון די פּערסיאַנער. אָט די שטיצע פון קעניג האָט געגעבען רב׳ן די מעגליכקײַט צוזוטרעטען צו דער פערווירקליכונג פון זײַן אידעע און אין יאָהר דרײַ טויזענד נײַן הונדערט נײַן און זיבעציג (219) איז ש׳ין געווען געגרינדעט די גרויסע ישיבה (מתיבתא) אין סורא (מתא מחסיא). דאָס איז געווען

א צענטראלע אקאדעמיע פאר'ן גאנצען לאנד, וואו ס'האבען זיך גלייך צונויפגעזאמעלט ביז צוועלף הונדערט תלמידים, נישט בלויז פון בבל אליין, אזוי אז דער בית-מדרש אליין איז צו קליין געווען פאר'ן גאנ-צען עולם, און מ'האט געמוזט צונעהמען פאר דער ישיבה נאך א ברייטען גארטען. די דאזיגע גאנצע מאסע תלמידים האט זיך קאנצענ-טרירט ארום דער פערזאן פון דעם גרויסען רבי'ן, און זייער פערעה-רונג בנוגע צו איהם איז אזוי גרויס געווען, אז אין גיכען האבען זיי איהם אלע אנגעהויבען צו רופען סתם רב (רבי, לעהרער), ווי מ'האט דעם פאטריארך, ר' יהודה I אין ארץ-ישראל, אויך גערופען סתם רבי. אזוי ווי דער בית-מדרש איז געווען רב'ס אנ'אייגען הויז, האט מען איהם אויך גערופען בי רב (בית רב), און פון דאן אן איז פערבליבען דער נאמען פאר יעדען תלמיד חכם — „בר בי רב" (א תלמיד פון רב'ס בית-מדרש). א סך תלמידים פון זיין ישיבה האט רב אליין אויסגעהאלטען און געשפייזט, זייענדיג זעהר רייך. ווי אין פאלק האט זיך דערצעהלט, האט דער גרויסער געזעצלעהרער, איבריגענס, אליין בעארבייט זיינע פעלדער און זיינע איבריגע נחלאות.

מיט דעם צוועק, צו געבען די מעגליכקייט צו לערנען אויך מענשען פערנומענע און בעשפטיגטע, — האט רב בעשטימט צוויי חדשים אין יאהר, אדר און אלול, וואס זענען אינגאנצען געווידמעט געווען דעם שטודיום פון דער תורה; אין די דאזיגע צוויי חדשים, וואס האבען געטראגען דעם נאמען „ירחי דכלה" (פערזאמלונגס-חדשים) פלעגט געלערנט ווערן פון פריה ביז שפעט אין דער נאכט כמעט אהן א שום אויפהער, און א סך פון די תלמידים האבען זיך נישט פער-גונען דעמאלט אפילו אבצועסען צו דער זאט. די לעצטע וואך פון יע-דען פערזאמלונגס-חודש, ד. ה. די וואך ערב די גרויסע יום-טובים אדער ערב פסח, איז בעשטימט געווען פאר'ן פאלק. אין דער וואך („שבתא דריגלא") פלעגט זיך צונויפפאהרען קיין סורא אזא עולם פון אלע עקען לאנד, אז די הייזער פון שטאדט האבען איהם נישט געקענט ארייננעהמען אינגאנצען און גרויסע מאסען האבען געמוזט זיך אויפהאלטען אינטערן פרייען הימעל. דאס איז געווען דער ערשטער שריט אויף דעם וועג פון דער ברייטער פאלקס-בילדונגס-ארבייט, וואס האט זיך ענטוויקעלט אין די שפעטערדיגע צייטען.

אין זיין אקאדעמישער טעטיגקייט איז רב'ס שטייגער געווען, אויסצוטייטשען די משנה און זי צו ערקלערן, לויט דער לעצטער

הכרעה צווישען די משנות און ברייתות; אַט די הכרעות און פערגלייכונגען האָבען איהם געדיענט אלס יסוד אויף פאַר נייע הלכות — דאָס זענען די בעריהמטע „מימרות", וואָס פערנעהמען אַ בעדייטענדען פּלאַץ אינ'ם בבלי'שען תלמוד. וואָס ס'געהערט צו דער ריכטונג פון די דאָזיגע ניי־געשאַפענע הלכות, זעהט זיך אין דעם גרעסטען טהייל פון זיי אַ נייגונג צו פערהארבערן די נאָרמען פון דער תורה, און בעזונדער בולט ווייזט זיך אַרויס רב'ס האַרבקייט בנוגע צו די בעציהונגען צווישען מאַן און פרוי. דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער מאָראַלישער צושטאַנד פון די ברייטע פאָלקס־שיכטען אין בבל איז געווען צו יענער צייט שטאַרק געפאַלען, און זיי האָבען פערוואַנדעלט די טראַדיציאָנעלע יודישע פאַמיליענרייניקייט אין אַ מורא'דיגער הפקירות. רב האָט שטרענג פערבאָטען, מקדש צו זיין אַ פרוי אין גאַס אָהן קיינע געהעריגע אונטערהאַנדלונגען, און אין דער זעלבער צייט האָט ער גוזר געווען אויפן פאָטער, ער זאָל נישט פער'קנס'ען זיין טאָכטער קליינערהייד, נאָר וואַרטען „ביז זי וועט גרויס ווערן און זאָגען: איך וויל יענעם און יענעם". כדי אויסצוואָרצלען פון דער יודישער גאַס די וואָכעדיגע בעציהונג צווישען דעם פערקנסט'ען פּאָר, האָט רב פערבאָטען דעם חתן, צו וואוינען ביי דער כלה אין שטוב פון די תנאים ביז דער חתונה. צו רב'ן געהערן אויך אַ גאַנצע רייהע תקנות מיט דעם צוועק, צו פערשטאַרקען דעם אויטאָריטעט פון דער געריכטס־מאַכט, און די אַלע תקנות זענען מיט דער צייט געוואָרן פעסטע, גילטיגע געזעצען. רב'ס טעטיגקייט איז אַלזאָ געווען אַ דאָפּעלע: פון איין זייט האָט ער אויסגעאיידעלט די זיטען פון דער בעפעלקערונג מיט דער הילף פון פּראַקטישע איינפירונגען, און פון דער צווייטער זייט — געוועקט דעם פאָרשונגסגייסט פון פאָלק און פערשפּרייט אין לאַנד ליכט און גייסט.

דער גרויסער בעגנייער פון דעם יודישען לעבען אין בבל האָט זיך אויסגעצייכענט אויך מיט זיין מילד־עניוות'דיגער און מענשענפריינדליכער נאַטור. די לעגענדע דערצעהלט, אַז ער האָט געהאַט זעהר אַ שלעכטע און בייזע ווייב, וועלכע האָט ליעב געהאַט צו טאָן פּונקט דעם היפך פון דעם, וואָס ער האָט ביי איהר געבעטען; ווען זייער זוהן חייא איז אויסגעוואַקסען, פלעגט ער דעריבער איבערגעבען דער מוטער דעם פאָטער'ס בקשות פערקעהרט, כדי זי זאָל זיי ערפילען אַזוי, ווי ער האָט באמת פערלאַנגט. פון דער קאָמבינאַציע האָט זיך

רב דערוואוסט, און האט אנגעזאגט דעם זוהן, ער זאל דאס מעהר נישט טאן, ווייל ס'שטעהט אין דער תורה געשריבען: מדבר שקר תרחק (פון א ליגען זאלסטו דיך דערווייטערן). אזא נאכגיביגקייט האט רב ארויסגעוויזען אויך בנוגע צו פרעמדע מענשען פון פאלק, און ווען א געוויסער קצב האט איהם אמאל בעליידיגט און איז אפילו ערב יום־כפור נישט געקומען בעטען ביי איהם קיין מחילה, — האט רב איהם געשיקט זאגען, אז ער איז איהם מוחל. וועגען דער גייסטיגער שענקייט פון דעם גרויסען בעניימער רעדען אויך די פיעל אגדי'שע מאמרים, וואס זענען דערגאנגען צו אונז אין זיין נאמען: „ווער עס האט נישט אין זיך די מדה פון רחמנות, איז נישט פון אברהם'ס אייניקלעך"; „די געזעצען פון דער תורה זענען געגעבען, נאר אפצוריינציגען דעם מענשען פון מאראלישע זינד"; „א פאטער דארף קיינמאל נישט שטעלען איין קינד העכער פונ'ם צווייטען: אונזער עלטער־פאטער יעקב האט אויסגעצייכענט יוספ'ן פון זיינע איבריגע קינדער — און וויפיעל שלעכטס איז דערפון ארויסגעקומען!"

זעהענדיג די הונדערטער תלמידים, וואס קומען זיך צונויף הערען זיין דרשה, האט רב מורא געהאט, עס זאל איהם נישט איינפאלען עפעס א הרהור פון גאוה, און ער האט זיך גע'חזר'ט דעם פסוק: אם יעלה לשמים שיאו א. א. וו. (ויען דעם מענשענ'ס גרויסקייט געהט אפילו אויף ביז'ן הימעל, פערגעהט זי דאך אויך פלוצלינג); אליין א ערד־בעזיצער און אויך א ערד־ארבייטער איז רב געוועזען א געגנער פון מסחר, און זיין נישט געראטענעם זוהן איבו געפינט ער פאר נויטיג אנצוזאגען: ס'איז בעסער צו פערדינען וועניג פון ערד־ארבייט, איידער פערדינען א סך פון מסחר; ערגער פון די ביידע איז אבער נאר־נישט טאן און זיך ארויפלעגען אויף קהל; געגען די האט ער אנגעזאגט: „שינד אב א נבלה אין גאס (אויב דו האסט נישט קיין אנדער פרנסה), און זאג נישט: איך בין א כהן (א מיוחס), איך בין א גרויסער מענש!"

די פרוכטבארע טעטיגקייט פון דעם דאזיגען גרויסען גייסט האט זיך געצויגען גאנצע אכט־און־צוואנציג יאהר, און ווען ער איז פערלאשען געווארען, האט דאס גאנצע פאלק איהם בעקלאגט. צעהנדליגער טויזענדער פון זיינע תלמידים האבען זיין ארון בעגלייט, און צום צייכען פון נאציאנאלען טרויער האט מען מתקן געווען, אז דעם גאנצען יאהר זאלען די יודישע חתונות געפייערט ווערען אהן הרסים און בלומען. פון

זיינע קינדער איז בעזונדער בעקאנט דער זוהן חייא; זיין טאכטער איז פערהייראט געווען פאר א זוהן פון עקזילארך און איהרע זיהן זענען עס געוועזן די גייסטרייכע און בעריהמטע עקזילארכען: רבנא עוקבא און רבנא נחמיה.

פיעלזייטיגער פון רב'ן און מיט א גאנץ אנדער כאראקטער איז געוועזן זיין חבר און מיטארבייטער אין דער אויפהויבונג פון בבלי'שען יודענטום שמואל בר אבא הכהן (געב. 180 געש. 257). מיט דער אקאדעמישער טעטיגקייט פון דער דאזיגער גייסטרייכער און בעגאבטער פערזענליכקייט הויבט זיך אין א געוויסער הינזיכט אן א נייע עפאכע אין דער יודישער לעהרע. א מענש מיט א גלייכען און ניכטערן פערשטאנד, ווייט פון חלומות און פאנטאסטישע איבערטרייבונגען, האט מר שמואל אריינגעבראכט א אייגענעם זעלבסטשטענדיגען טאן אין דעם אלגעמיינעם אקארד פון פלפיל און שווערמעריי, עס זיצען זיינע חברים און דערצעהלען כסדר די נסים און נפלאות און ענדערונגען אין דער גאנצער וועלט-הנהגה, וואס וועלן פארקומען אין די ערווארטעטע משיח'ס צייטען, און שמואל ענטפערט געלאסען: „צווישען דער היינטיגער צייט און די צייט פון משיח'ן איז דא נאר דער אונטערשייד, וואס היינט זענען יודען משועבד צו פרעמדע מלוכות, און דעמאלט וועלן זיי פריי זיין. שמואל איז נעגאנגען נעגען זיינע חברים אויך דערמיט, וואס ער האט זיך אפגעקליעבען נאר דריי געביטען, אויף וועלכע ער האט זיך ספעציעל אויסגעצייכענט: יוריספרודענץ, אסטראנאמיע און מעדיצין. אלס אמורא איז ער דעריבער געשטאנען ניעדריגער פון רב'ן בנוגע צו דינים פון כשר און טרפה, ערלויבטעם און פערבאטענעם; דערפאר אבער איז זיין אויטאריטעט גרעסער געוועזן אין די פראגען פון דיני-ממונות (יורידיש-געזעלשאפטליכע פראגען) און דער כלל אין תלמוד זאגט: דער דין בלייבט, ווי רב אין איסורים און ווי שמואל אין דינים. פון דער גרויסער צאהל הלכות, וואס שמואל האט אויפגעטאן אויף דעם געביט פונ'ם יודישען ציוויל-רעכט, איז בעזונדער וויכטיג זיין פרינציפ, לויט וועלכען די אלגעמיינע בירגערליכע געזעצען פון לאנד גילטען אויך פאר די יודען, וואס וואוינען דארט, און זייערע אייגענע געזעצען מוזען צונעפאסט ווערן צו די געזעצען פון לאנד (דינא דמלכותא דינא). דאס איז געווען א וויכטיגער שריט פון דעם גרויסען געזעצלעהרער, די פאלגען פון וועלכען ס'האבען זיך ארויסגעוויזען אין די קומענדיגע דורות; שמואל

האט צוגעגעבען זיין כלל דעם כאראקטער פון א רעליגיעזער נארמע, וואס עובר זיין אויף איהר, הייסט ריכטיג, ווי עובר זיין אויף אנ'אנדער דין פון דער תורה, און דאס האט געבראכט דערצו, אז די יודען האבען זיך אנגעהויבען בעציהען נישט בלויז מיט סבלנות, נאר אויך מיט א געוויסער אכטונג צו די געזעצען פון דעם לאנד, וואו דער גורל האט זיי פערווארפען. ווען דער יוד אין גלות איז געצוואונגען געווען צו לעבען לויט אזעלכע געזעצען, וואס האבען גאנץ אפט נישט געשטימט מיט דעם כאראקטער פון זיין אייגענעם הייליגען קאדעקס, האט איהם זיין געוויסען דערפאר נישט געפלאגט — ער האט געוואוסט, אז זיין קאדעקס גופא, די תורה, הייסט איהם אפהיטען די געזעצען פון לאנד און זיך זיי אונטערגעבען; פון דער צווייטער זייט ווידער, האבען זיך יודען מיט דעם כלל שטענדיג געקענט פערטיידיגען געגען די אנפאלען פון די שונאי-ישראל, וואס האבען כסדר אויפגעווארפען די יודען, אז זיי לעבען לויט בעזונדערע, מענשענפיינדליכע דינים און מנהגים. אזוי איז דורך מר שמואל'ן פערקערפערט געווארען די עצה פונ'ם גרויסען געטליכען נביא ירמיה, וואס האט געלעבט מיט אלט הונדערט יאהר פריהער: ודרשו את שלום העיר אשר הגליתי אתכם שמה והתפללו בעדה אל ה׳, כי בשלומה יהיה לכם שלום (און איהר זאלט פאדערן דעם פריעדען פון דער שטאדט, וואס איך האב אייך דארטין פערטריבען, און איהר זאלט בעטען פאר איהר צו גאט, דען אין איהר פריעדען וועט אויך צו אייך פריעדען זיין).

אי'ם געגענזאץ צו די איבריגע געזעצלעהרער פון זיין צייט אין יהודה און אין בבל, האט מר-שמואל, ווי געזאגט, זיך נישט דערוויי-טערט פון דער ארומיגער וועלט און אבגעגעבען א סך צייט אויף צו ד'ערלערנען געוויסע אלגעמיינע וויסענשאפטען. ער איז געשטאנען אין פריינדליכע בעציהונגען מיט דעם פערסישען געלעהרטען אבלאאט, און מיט איהם צוזאמען געשטודירט די אסטראנאמישע וויסענשאפט; פאר א פאסענדען פלאץ, אויף צו מאכען אסטראנאמישע בעאבאכטונגען האט זיי געדיענט דער טאל שנער, צווישען פרת און חדקל, און דער פלאץ איז ווירקליך ביז היינטיגען טאג פערבליבען דאס ווינקעל פון דער הימעל-לעהרע. אויף ווי וויים עס האבען דערגרייכט שמואל'ס ידיעות אין דער חכמה בעוויזט זיין מאמר: „מיר זענען קלאר די וועגען פון הימעל, ווי די וועגען פון נהרדעה"; נאר בנוגע צו די קאמעטען איז ער אפען מודה, אז ער קען זיך נישט אר-

יענטירען אין זייער ווילדער בעוועגונג און איז נישט אימשטאַנד אויס־צורעכנען זייער גאַנג.

בענוצענדיג זיך מיט זיינע אַסטראָנאָמישע קענטעניסען האָט שמואל אויפגעטאָן אַ וויכטיגע זאַך: ער האָט צונויפגעשטעלט אַ גענויען קאַלענדאַר פון אַלע יודישע יום־טובים אויף אַ גאַנצער רייהע יאָהרען. דאָס האָט ער געטאָן מיט דער כונה, כדי די יודען אין בבל זאָלען זיך אַליין קענען אַ עצה געבען מיט די קאַלענדאַר־בעשטימונגען און נישט זיין שטענדיג אָבהענגיג אין דער הינזיכט פון די לבנה־בעאָבאַכ־טונגען אין יהודה; ווי ס'ווייזט אויס, האָט אָבער שמואל נישט געפועל'ט ביי זיך, צו מאַכען אַזאַ שריט געגען דער אויבער־הערשאַפט פון פאַט־ריאַך אין פאַלעסטינא, און ער האָט זיין קאַלענדאַר נישט פערעפענט־ליכט.

וועגען שמואל'ס קענטעניסען אין מעדיצין זענען דערגאַנגען צו אונז גאַנץ ווייניג קוועלען. ער האָט זיך בעריהמט, אַז ער איז אימשטאַנד אויסצוהיילען אַלע קראַנקהייטען, אויסער דריי (וועלכע זענען אַ רעזולטאַט פון שלעכטע היגיענישע בעדינגונגען), און זיין פלאַסטער צו געוויסע אויגען־קראַנקהייטען איז געוועזען בעריהמט אפילו אין ארץ־ישראל. דער־ביי איז כאַראַקטעריסטיש זיין מיינונג, אַז אַלע קראַנקהייטען שטאַמען פון דער לופט און פון דער ווירקונג, וואָס די לופט האָט אויפ'ן לעבען; זאָגאַר די פערוואונדעטע אויפן שלאַכט־פעלד, זאָגט מר־שמואל, זענען בלויז קרבנות פון דער לופט, און ווען מיר וואָלטען אימשטאַנד זיין צו מאַכען, אַז די לופט זאָל נישט אַריינדרינגען אין די וואונדען, וואָלט קיינער פון קיין וואונד נישט געשטאָרבען.

די דאָזיגע זייטיגע וויסענשאַפטען, צוזאַמען מיט זיין אינטענסי־ווער טעטיגקייט אויף דעם געביעט פון דער יודישער געזעצלעהרע, האָבען שמואל'ס נאָמען זעהר פאָפולער געמאַכט אין לאַנד, און פון אַלע זייטען האָבען זיך געצויגען תלמידים קיין נהרדעה, אין זיין ישיבה. ער האָט אָבער פערשטאַנען אָפצושאַצען די גרעסערע בעדייטונג פון דער נייער אַקאַדעמיע אין סורא (מתא מחסיא), וואָס איז געשטאַנען אונטער דער אָנפיהרונג פון זיין חבר א ב א א ר י כ א (ר ב), און זיין בעציהונג צו דעם לעצטען צייכענט זיך אויס מיט יענער עניוות פון גרויסע גייסט־מענשען, וואָס בעמערקט זיך כמעט ביי אַלע פאָרשטעהער פון דער יודישער געזעצלעהרע. דאָרט, וואו ר ב האָט זיך געפונען, האָט זיך שמואל אָוועקגעזעצט צווישען אַלע תלמידים, און ווען די גע־

עהרטע משפחה פון דעם בעריהמטען ר׳ שילא האט אָנגעטרעטען מר שמואל׳ן איהר ערשטען פּלאַץ ביי א געוויסער פייערליכקייט , האט שמואל דעם כבוד איבערגעגעבען ר ב ׳ ן .

נאָך רב׳ס טויט איז שמואל אַליין געבליבען דער אב בתורה פאר גאַנץ בבל, אלס ראש ישיבה (ריש סידרא) אין נהרדעה, און דעם פאָסטען האט ער פערטרעטען גאַנצע צעהן יאָהר . אין אָנהויב האט מען זיך אין יהודה בעצויגען מיט א געוויסער גרינגשעצונג צו שמואל ס אויטאָריטעט אין די ענינים פון דער יודישער געזעצלעהרע ; אָנשטאָט דעם געוועהנליכען טיטול אין די בריעף צו ר ב ׳ ן : „צו אונזער ר ב י ׳ ן א י ן ב ב ל“ , האט ר׳ יוחנן איצט געשריבען : „צו אונזער חבר אין בבל“ , און ווען שמואל האט אריינגעשיקט קיין ארץ ישראל זיינע קאלענדאר־אויסרעכנונגען אויף גאַנצע זעכציג יאָהר, האט ר׳ יוחנן איראָניש בעמערקט : „יא , ר ע כ נ ע ן ק ע ן ע ר“ . שפּעטער אָבער, ווען ס׳האָבען אָנגעהויבען אָנצוקומען פון שמואל׳ן קיין יהודה גאַנצע פּעק מיט שאלות ותשובות וועגען די פערשידענסטע דינים פון דער תורה , — האט מען זיך דאָרטין איבערצייגט , אז דער האלב־וועלטליכער וויסענשאַפטס־מענש איז גרויס אויך אין הלכה, און ר׳ יוחנן האט צוריק איינגעפיהרט דעם אלטען טיטול : „צו אונזער ר ב י ׳ ן אין בבל“ (לרבינו שבבבל). ר׳ יוחנן מיט ריש־לקיש׳ן האבען זיך רעכטאלט אפילו אליין געקליבען , צו פאָהרען קיין בבל און זיך פערזענליך צו זעהען מיט דעם פיעלזייטיגען יודישען גייסט ; דער לעצטער איז אָבער אונטער דער צייט געשטאָרבען . — מר שמואל האט נאָך זיך קיין זיהן ניט איבערגעלאָזען און זיין נאָמען איז איבערגעגאַנגען אין דער יודישער געשיכטע , צוזאַמען מיט דער גרויסער גייסטיגער ירושה , וואס זיינע תלמידים האָבען פונאַנדערגעטראָגען איבער אלע עקען פון דער יודי־שער וועלט .

# זִיעבּעֶטעֶם קאַפִּיטעֶל.

## די מלוכה־איבּערקעהרעניש אין בּבל און די ירידה פון רוים

---

אִין דִי לעֶצטעֶ יאָהרעֶן פוּן שמואל׳ס אַקאַדעֶמִישעֶר טעֶטִיגקַייט אִין בּבל אִיז פאָרגעֶקוּמעֶן אַ פאָלשטעֶנדִיגעֶ אִיבּעֶרקעֶהרעֶנִיש אִין דעֶם פּאַרטִישעֶן מלוכה־לעֶבּעֶן, וואָס האָט געֶהאַט בּעֶדַייטעֶנדעֶ פאָלגעֶן פאַר דעֶר עֶנטוויִקלוּנג פוּן דעֶם דאָרטִיגעֶן יוּדִישעֶן צעֶנטער. פִיעֶר הוּנדעֶרט יאָהר האָט געֶהעֶרשט אִיבּעֶרן לאַנד דִי פּאַרטִישעֶ דִינאַסטִיעֶ פוּן דִי אַרסאַצִידעֶן, וועֶלכעֶ האָבּעֶן געֶגעֶבּעֶן דִי יוּדעֶן אִין בּבל אַלעֶ פרַייהַייטעֶן אוּן געֶלאָזעֶן זֵיי זִיךְ פרַיי עֶנטוויִקלעֶן. אוּנטעֶר דעֶר צַייט האָבּעֶן יוּדעֶן בּעֶוויִעזעֶן, זִיךְ אַייִנצוּבּירגעֶרן אִין לאַנד, צוּ ווערן דאָרטִין פרַייעֶ בּעלי־בּתים אִיבּעֶר זֵייעֶרעֶ אַייגעֶנעֶ אָנגעֶלעֶגעֶנהַייטעֶן, אוּן גלַייךְ בּעֶרעֶכטִיגטעֶ שכנים בּנוֹגע צוּ דִי אַלגעֶמַיינעֶ אָנגעֶלעֶגעֶנהַייטעֶן פוּן דעֶר מלוּכה. אוּן אָט, אִין דעֶר צַייט, ווען דאָס יוּדעֶנטוּם אִין דעֶם לאַנד האָט געֶנוּמעֶן עֶנטוויִקלעֶן אַ רַייכעֶ אוּן פִיעֶלזַייטִיגעֶ טעֶטִיגקַייט, אִיז אוֹיפגעֶשטאַנעֶן אַייִנעֶר, וואָס האָט אַרוֹיסגעֶרִיסעֶן דִי קרוֹין פוּן דעֶר אַלטעֶר דִינאַסטִיעֶ אוּן פוּנאַנדעֶרגעֶטרֵייסעֶלט דאָס גאַנצעֶ לעֶבּעֶן פוּן דעֶר אַייִנגעֶבּוֹירעֶנעֶר, ווִי פוּן דעֶר יוּדִישעֶר בּעֶפעֶלקעֶרוּנג. דאָס אִיז געֶוועֶן אַ שפּראָץ פוּן דִי אַלט־פּעֶרסִישעֶ סאַסאָנִידעֶן, וואָס האָבּעֶן בּעֶהעֶרשט דאָס לאַנד, אַייִדעֶר דִי פּאַרטאַנעֶר האָבּעֶן עֶס אַייִנגעֶנוּמעֶן; דִי דאָזִיגעֶ אַלט־פּעֶרסעֶר האָבּעֶן זִיךְ דִי גאַנצעֶ צַייט פַיינדלִיךְ בּעֶצוֹיגעֶן צוּ דִי פרעֶמדעֶ העֶרשעֶר, וואָס האָבּעֶן זִיךְ

אַרײַנגעריסען אין זײער לאַנד און אונטערגעבראַכט זײער אמונה, און איצט האָט זיך געפונען אַ קרוין-פּרעטענדענט, מיט׳ן נאָמען אַרדאַשיר (ארתחשסתר), וואָס האָט אויפגעהויבען דעם פאָלק געגען דעם לעצטען פון די פּאַרטישע מלכים, אַרטאַבאַן IV. און אַרדאַשיר האָט געזיעגט: דאָס אַלט-פּערסישע פאָלק האָט פערבּיטערט געקעמפּפט געגען זײַנע האַלב-גריכישע הערשער, ערשטענס, דערפאַר וואָס האָבען זײ אַרויסגעשטופּט פון לאַנד צאַראָוואַסטער׳ס זענדאַ-לעהרע, און, צווײטענס, ווײל זײ האָבען זיך נישט געקענט געגענשטעלען די רוימער און געלאָזען זײ אָבּרײַסען אײַן פּראָווינץ נאָך דער אַנדערער. מיט אַרדאַשיר׳ס הערשאַפט איז אויף אַזאַ אופן צוריקגעשטעלט געוואָרען די סאַסאַנידישע דינאַסטיע, און זי האָט פון איצט אָן בּעקומען דעם בּײַנאָמען ניי-פּערסישע.

די פאָלגען פון דער דאָזיגער מלוכה-איבּערקעהרעניש האָבען זיך גלײַך געלאָזען פיהלען. עס איז צוריק אײַנגעפיהרט געוואָרען אין לאַנד דער אַמאָליגער פײַער-קולט; צאַראָוואַסטער׳ס רעליגיע מיט די דאָפּעלע געטליכע כחות פון גוטס און שלעכטס, ליכט און פינסטערניש א. א. וו., איז ווידער פערשפּרײט געוואָרען צווישען דער בּעפעלקערונג, און אַרדאַשיר האָט געלאָזען פון׳ס נײַ צונויפזאַמלען די פּסוקים און מאמרים פון׳ם זענדאַ-וועסטאַ און דאָס אַרויסגעגעבען מיט פּירושים אַלס הײליגעס רעליגיאָנס-בּוך. דער פאַנאַטיזם פון די אַלט-פּערסישע נאַציאָנאַליסטען האָט זיך דערפון, נאַטירליך, שטאַרק געהויבען, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבען אַ רײהע פערפאָלגונגען געגען אַלע פרעמדע און פרעמד-גלויבּיגע. די פּאָרשטעהער און ליבּהאָבּער פון דער גריכישער קולטור זענען דורך פײַער און שווערד געטויט געוואָרן; ווענינגער, אָבּער אויך פיעל, איז אויסגעקומען צו לײַדען פון דעם פאַנאַטיזם די פיעל קריסטען, וואָס האָבען זיך געפונען אין אויבּער-מעסאָפּאָטאַמיען, אין די ערטער, וואָס האָבען שוין אָנגעהערט צו רוים. און אויך איבּער די יודען פון לאַנד האָט דער פאַנאַטיזם פון צאַראָוואַסטער׳ס לעהרע געוואָלט אויסגיסען זײַן צאָרן; דאָס איז אָבּער אונמעגליך געוועזען שוין צוליעב דעם אַלײן, וואָס יודען האָבען געלעבּט קאָנצענטרירט אין בּעשטימטע פּונקטען און דאָרט האָבען זײ פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ מורא׳דיגע קראַפט. בּנוגע צו זײ האָט זיך די פער׳שבור׳טע מאַכט דעריבּער בּעגנוגענט בּלויז מיט דריקענדע גזירות; פון די יודישע געריכטען איז צוגענומען געוואָרען דאָס רעכט

צו משפט'ען פאר קרימינעלע פערברעכענס, יודען זענען נישט צוגע־לאָזען געוואָרען צו קיין שום מלוכה־פּאָסטען, און אפילו אין ענינים פון אמונה האָבען אויך די יודען געפיהלט א געוויסען דרוק: אין די יום־טובים, ווען די מאגיער (די גייסטליכע פון דעם צאַראָוואַסטער־קולט) האָבען פערווערט דאָס פייער אין זייערע טעמפלען אלס אָבּ־בילדונג פון דעם ליכט־גאָט אהורא־מאזדא (הורמיז), — האָט זיך אין קיין יודיש שטוב קיין פייער נישט געטאָרט זעהען. אזוי ווי די מאגיער האָבען געהאלטען פאר הייליג אויך די ערד און דאָס וואסער, אלס א טייל פון דעם זעלבּיגען ליכט־גאָט, האָבען זיי פערבּאָטען די יודען, מקבר צו זיין זייערע מתים אין דר'ערד און אויך צו באָדען זיך אין וואסער.

די דאָזיגע פערפאָלגונגען האָבען געמאכט א שווערען איינדריק אויף דער גאנצער יודישער דיאספּאָרא. ר' יוחנן אין ארץ ישראל איז בּעטריבּט געוואָרען פון דער ידיעה, אז די סאסאניךען האָבען זיך אריינגעריסען אויך אינ'ם יודישען בבל, און ער האָט זיך בּערו־היגט ערשט דאן, ווען מען האָט איהם ערקלערט, אז די אלטפערסער זענען זעהר אָרים און פאר געלד קען מען ביי זיי אלץ פועל'ן. יודען האָבען געקוקט אויף די אויפגעקומענע פערסיאנער (חברים, אמגושים)‚ ווי אויף א המונ'ישער ווילדער באנדע, וואָס איז אימשטאנד אָבּצוטאָן די שרעקליכסטע מעשים, און איינער האָט זיך אויסגעדריקט: „די פּארטאַנער זענען ענהליך געווען צו די חילות פון די מלכי בית דוד, און די חברים (ניי־פערסיאנער) זעהען אויס, ווי מלאכי חבלה". איין אגדה דערצעהלט זאָגאר וועגען דעם בּעריהמטען רבה בר חנא, אז ער האָט אמאָל פון כעס איבער די מעשים פון די אמגושים זיך אַרוים־גערופען: „גאָט, אונזער גאָט! אויב דו אליין ווילסט אונז נישט בּע־שיצען, טאָ גיב אונז שוין בּעסער איבער צו די רוימער אין די הענד, אַבי נישט צו די חברים!".

אָט די געדריקטע שטימונג האָט זיך אָבער נישט לאנג געהאַל־טען. מיט דער צייט איז דער פאנאטיזם פון די ניי־פערסיאנער אלץ מילדער און ווייכער געוואָרען, און די יודען האָבען זיך מיט זיי זעהר ענג און פריינדליך צוזאמענגעלעבּט. די פריינדשאפט האָט זיך אָנגע־הויבען אין די צייטען פון אַרדאַשיר'ם זוהן, שבור־מלכא I (282־271), וועלכער האָט, ווי אַרטאַבּאַן מיט רב'ן, זיך זעהר הארציג בּעפריינדעט מיט שמואל'ן. דאָס איז געווען א העלדישער און

גוטהארציגער הערשער , וואס האט יודען נישט געלאזען טאן קיין שלעכטס ; ער האט דערצעהלט שמואל'ן, אז זינט ער פיהרט מלחמות מיט די רוימישע לענדער, וואס זענען אלע כמעט בעפעלקערט פון יודען, האט ער קיין איינציגען יודען נישט גע'הרג'עט , נאר אין דער שמארט מזגת-קסרא , אין קאפידאציע , איז ער געצוואונגען געווען צו פערניכטען גאנצע צוועלף טויזענד יודען, ווייל זיי זענען מיט געוועהר אין די הענד איהם ארויס אנטקעגען און געקעמפפט געגען איהם .

די איבערקעהרעניש אין דעם פארטישען מלוכה-לעבען איז נישט אריבער אהן א בעדייטענדער ווירקונג אויך אויף רוים , — דער געוועזענער וועלט-אימפעריע, וואס האט געהאלטען אין צופאלען ווערן . די ניי-פערסען פון איין זייט און די גערמאנען און גאטען פון דער צווייטער האבען זיך אריינגעריסען אינ'ם סאמע הארצען פון דעם צופוילטען רוימישען מלוכה-ארגאניזם און ער האט אנגעהויבען פאלען , ברעקלען זיך . כמעט פון יעדען איינעם פון די אלע פעלקער, וואס רוים האט אמאל אונטעריאכט, זענען איצט אויסגעוואקסען מלכים , קרוין-טרעגער, וועלכע האבען נאר איין אויפגאבע פאר זיך געזעהען : פערקנעכטען דעם איטאליענישען „דור הפלגה" און איהם בעהערשען . נאכ'ן טויט פון דעם עהרליכען אלעקסאנדר סעווערוס האט זיך אנגעהויבען א עפאכע פון בלוטפערגיסונגען, איבערקעהרענישען און אנארכיע . אין א משך פון פופציג יאהר זענען ביז צוואנציג קסרים געזעסען אויף דעם רוימישען טראן , און צו די איז צוגעקומען נאך א דאפעלע צאהל פון רויבער-אוזורפאטארען , וואס האבען אויסגענוצט די אנארכיע אין לאנד אום צו פערכאפען דעם טראן — חאטש אויף געצעהלטע טעג . איינער פון די דאזיגע אוזורפאטארען , פיליפוס , האט אין שמואל'ס צייטען בעהערשט די רוימישע אימפעריע און אפילו ארגאניזירט א גראנדיעזען יום-טוב לכבוד דעם טויזענדטען יאהר, זינט רוים איז געבויט געווארען דורך די ברידער ראמוס און ראמולוס ; באלד אבער האט א צווייטער אוזורפאטאר , דאציוס , פערכאפט די מאכט אין זיינע הענד און פיליפוס'ען געטויט .

אזוי האט די אנארכיע אונטערגעגראבען דעם גאנצען יסוד פונ'ם רוימישען מלוכה-לעבען און די פאלגען דערפון האבען זיך גלייך ארויסגעוויזען . רוים איז ארומגערינגעלט געווארען פון אלע זייטען מיט שטארקע יונגע פעלקער, וועלכע האבען אבגעריסען פון איהר איין פראווינץ נאך דער צווייטער ; די אייביגע זיגער זענען ערשטוינט און

צוטומעלט געוואָרען פון זייערע ערשטע מפּלות, און באַלד נאָך די זענען געקומען אַנדערע — גרעסערע און נאָך שענדליכערע, וואָס האָבען אינגאַנצען ענטפּלעקט די שוואַכקייט פון די „אונבעזיעגבאַרע" רוימער. דער קייזער וואַלעריאַנוס האָט זיך אַוועקגעלאָזען מיט אַ רייהע לעגיאָנען געגען דעם נײַ-פּערסישען שבור-מלכא I, כדי אָבצונעהמען צוריק די פּראָווינצען, וואָס ער האָט אָבגעריסען פון רוים, און געענדיגט האָט זיך די מלחמה דערמיט, אַז די לעגיאָנען זענען אַלע צושלאָגען געוואָרען, און דער קייזער אַליין איז אַרייננגע-פאַלען אין געפאַנגענשאַפט ביי די פּערסיאַנער, וועלכע זענען זיך מיט איהם בעגאַנגען נישט בעסער, ווי די רוימישע זיגער פלעגען זיך בעגעהן מיט זייערע געפאַנגענע. די ראָזיגע געפאַנגענשאַפט פון קייזער, צוזאַמען מיט דער שוואַכקייט פון זיין זוהן גאַליינוס, האָ-בען אויפגעלאָזט יעדען באַנד פון אויטאָריטעט און דיסציפּלין, און דאָס גאַנצע רוימישע לעבען האָט בעקומען דעם אויסזעהען פון אַ איי-ביגער קאַמפּפּס-אַרענע.

אַ בעזונדער שאַרפען כאַראַקטער האָבען אָנגענומען די מהומות אין די מזרח-פּראָווינצען, וואָס האָבען זיך געפונען נעהנטער צו דער אויפגעקומענער פּערסיען. עס האָט זיך געפונען אַ געוויסער מוטיגער און רייכער איינוואוינער פון תדמור (פּאַלמיראַ), מיט'ן נאָמען אָדענאַט, און בענוצענדיג זיך דערמיט, וואָס די שרעק פאַר דער רוימישער מאַכט איז אינגאַנצען געפאַלען, האָט ער צונויפגעזאַמעלט אַרום זיך אַ מחנה פון ווילדע סאַראַצענען, און זיך אַוועקגעלאָזען מיט איהר איבער די פּראָווינצען פון סיריען און פּאַלעסטינא פון איין זייט און אין די געגענדען פון טייך פּרת — פון דער צווייטער. נאָך די ערש-טע נצחונות פון דער מחנה, וואָס האָט פערשפּרייט אַרום זיך טויט און רויב, האָט אָדענאַט בעקומען דעם טיטול „קאָנסול און מילי-טער-פיהרער פון אָריענט"; דאַן איז ער שוין אַרויסגעטרעטען אין נאָ-מען פון רוים, און זיין מאַרשרוט איז געוועזען קיין בבל, וואו ער האָט פערפאָלגט די פּערסישע זיגער; אָנקומענדיג קיין נהרדעה האָבען די יודישע איינוואוינער זיך איהם אַנטקעגענגעשטעלט, דאַן איז ער מיט זיין מחנה בעפאַלען די שטאָדט און זי אינגאַנצען חרוב געמאַכט (261). אין יענער צייט האָט שוין שמואל אַליין נישט געלעבט, און די גרעסטע צאָהל זיינע פון תלמידים האָבען געמוזט אַנטלויפען פון שטאָדט, כדי זיך צו ראַטעווען. פון דער איבריגער יודישער בעפעלקערונג זענען

מאַסען געפאַנגען געוואָרען; דערבײַ האָבען זיך צווישען די לעצטע געפונען אויך שמואל'ס צוויי טעכטער, וועלכע זענען אוועקגעפיהרט געוואָרען קיין צפורי. דאָס האָבען די זיעגער געטאָן מיט אַ כיון, ווייל ס'איז שוין דעמאָלט בעקאַנט געווען, אַז די יודען לייזען אויס זייערע געפאַנגענע און גיעבען פאַר זיי פיעל מעהר פון דער סומע, וואָס זיי זענען ווערט אַלס שקלאַפען.

פון נהרדעה איז אָדענאַט געגאַנגען ווייטער. ער האָט געשיצט דעם רוימישען טעריטאָריום געגען יעדען אָנפאַל מצד די פערסיאַנער, און אין ניכען איז דער געוועזענער רויבער־הויפטמאַן געוואָרען נישט בלויז אָפּיציעלער הערשער און געביטער איבער פאַלמירא (די אָאַזע, וועלכע שלמה המלך האָט מיט טויזענד יאָהר פריהער פערוואַנדעלט אין אַ שטאָדט), נאָר אויך וויצע־קייזער פון רוים. מיט די גרויסקייט האָט אָדענאַט'ן פערשאַפט שונאים און אין יאָהר 267 איז ער געהרג׳עט געוואָרען פון זיינעם אַ פערוואַנדטען מיט׳ן נאָמען מעאָניוס. די הערשאַפט איבער פאַלמירא איז דעמאָלט אַריבער צו זיין פרוי זינאָביאַ, וועלכע האָט די ירושה פיעלפאַכיג פערגרעסערט; די דאָזיגע ענערגישע, געבילדעטע און גייסטרייכע הערשערין (זינאָביע האָט געהערשט איבער לאַנד אין נאָמען פון איהרע צוויי זיהן) האָט בעוויעזען צו פערוואַנדלען פאַלמירא אין אַ צענטר פון גייסט, שענקייט און האַנדעל, און ווי די אַמאָליגע בבלי'שע קעניגין סעמיראַמיס, האָט זי אויך געחלום'ט וועגען פאַנטאַסטישער גרויסקייט, און זיך אַרומגערינגעלט מיט די בעסטע מענשען פון איהר צייט. אין איהר צויבער־פּאַלאַץ, וואָס ווערט נאָך ביז היינט בעוואונדערט, האָט דער פילאָזאָף לאָנגינוס געשאַפען זיינע ווערק איבער די געזעצען פון שענקייט, אין וועלכע ער לויבט שטאַרק די שענע שילדערונגען פון דער יודישער תורה וועגען בריאת העולם, דאָרט האָט זיך געשיצט פון זיינע פיינד דער קריסטליכער געלעהרטער פּאַאולוס פון סאַמאָסאַטאָ, וועלכער האָט אויך נוטה געווען צום יודענטום, און ווי די קריסטליכע קוועלען ווילען האָבען, זאָל זאָגאַר די קעניגין זינאָביאַ אַליין אויך האָבען געווען אַ יודיש גלויביגע.

נישט קוקענדיג אויף דעם אַלעם זענען די יודען פון דעסטוועגען נישט צופריעדען געווען פון זינאָביאַ'ס הערשאַפט, וועלכע האָט שוין געהאַט אַרומגענומען סיריען, פּאַלעסטינאַ און עגיפּטען. ר׳ יוחנן האָט זיך אויסגעדריקט: „וואויל וועט זיין דעם, וואָס וועט דערלעבען צו

זעהען די מפלה פון תדמור", און די שפעטערדיגע דורות האבען געפרובט ערקלערען די דאזיגע שנאה דערמיט, וואס כמעט אלע איינוואוינער פון תדמור („התרמודים"), ווי די קעניגין אליין, זענען געווען געבוירען פון געמישטע חתונות צווישען יודען מיט געצענדינער, און ר' יוחנן האט מורא געהאט, אז די קרובה'שאפט צווישען יודען און דעם ערב-רב זאל נישט שלעכט ווירקען אויף דער ריינקייט פון די ערשטע.

די יודישע אונצופריעדענהייט מיט דער פאלמירישער (תדמורישער) הערשערין איז דערגאנגען זאגאר ביז א בעוואפענטען אויפשטאנד, ווי ס'איז צו זעהן פון פערשיעדענע תלמודישע ערצעהלונגען. אזוי דערצעהלט זיך אין תלמוד ירושלמי וועגען א געוויסען ז ע י ר א בר ח י נ נ א, וואס איז געפאנגען געווארען אלס פאליטישער פערברעכער. געחאפט האט מען איהם אין דער שטאדט סאפסיפא, און ווען צוויי תלמידים פון ר' יוחנן'ס ישיבה (רב אמי און ר' שמואל) זענען געקומען צו דער קייזערין בעטען פאר זייער חבר, האט זי (זינאביע) געזאגט צו זיי: „צוליעב דעם דען, וואס אייער גאט טוט מיט אייך נסים, ערלויבט איהר זיך שוין אלץ צו טאן און אפילו אויך מורד צו זיין אין דער קייזערין?" דערווייל איז אריינגעקומען א סאראצען („סרקיי") מיט א שווערד אין האנד און האט זיך אנגערופען: מיט דעם שווערד האט ב ן-נ ד ר (אדענאט) געטויט זעירא'ס ברודער; דאן האט זינאביא געהייסען בעפרייען דעם געפאנגענעם, וואס איז געגאנגען זיך נוקם זיין פאר זיין ברודער'ס בלוט. אין דעם זעלבינען ארט ווערט דערצעהלט וועגען א ר' א י ס א, וואס איז געפאנגען געווארען און ר' י ו ח נ ן האט זיך שוין געהאט פון איהם מיאש געווען, נאר ר י ש ל ק י ש האט זיך אזוי לאנג משתדל געווען, ביז מ'האט דעם געפאנגענעם בעפרייט, און ווי ס'איז משער צו זיין געהערט צו יענער צייט אויך דער ספור וועגען ע ו ל א ב ר ק ו ש ר; דעם לעצטען האט די „מלכה" געפאדערט, איבער-צוגעבען אין איהרע הענד, איז ער אנטלאפען קיין לוד און האט זיך בעהאלטען ביי ר' י ה ו ש ע ב ן ל ו י. דאן איז געקומען א מחנה סאלדאטען און געדראהעט, חרוב צו מאכען די גאנצע שטאדט, אויב דער געפאנגענער וועט נישט ארויסגעגעבען ווערן, און ר' יהושע האט איינגעפונען, אז ביי אזא פאל דארף מען ארויסגעבען דעם

געָפאָדעֶרטעָן און ניִשׁט אונטערבּרעָנגעָן אַ גאַנצעָ שטאָדט צוליִעב איֵין מעָנשׁעָן *) .

אויסעָר דיִ יודעֶן פון פאַלעָסטיִנא , האָט זיִך זיִנאָביאַ'ן איֵינגעֶגעֶבּעָן אריִבּעֶרצוציִהעָן אויף איִהר זיַיט עֶטליִכעֶ אזיאַטיִשׁעָ פיִרשׁטעָן ; דאָס האָט איִחר אָבּעָר ווענִיג געָהאָלפעָן . דעֶר העָלדיִשׁסטעָר פון דיִ דעֶמאָלדיִגעָ רוימיִשׁעָ קיסריִם, אוירעליוס , האָט דעֶר שטאָלצעֶר קעֵיזעָריִן בּעָזיִעגט און געֶבּראַכט קיֵין רוים אַלס געֶפאַנגעָנעֶ , געָשׁמיִעדט איִן גאָלדעָנעָ קיֵיטעָן . צוזאַמעֶן מיִט דעֶם נצחון איִז אויך אונטערגעֶגאַנגעֶן דיִ גלאַנצ־פולעָ תדמוריִשׁעָ רעָגיִערונג, אזוי אז ר' יוחנן האָט נאָך דעֶרלעָבּט צו זעָהעָן דיִ ערפיִלונג פון זיַין פעָרלאַנג .



*) דיִ פאָלקס־לעָגעֶנדעָ האָט ר' יהושע'ן דעָם פאקט ניִשׁט געָקעֶנט מוחל זיַין און זיִ דעֶרצעָהלט , אז אליהו הנביא האָט זיִך עֶנטפּלעָקט צו איִהם און איִהם אנגערופעָן „מסור" .

# אַכטעֶם קאַפּיטעֶל.

## די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון יודענטום אין יהודה און בבל.

---

יהודה האָט איבערגעלעבט די הערשאַפט פון דער תּרמוֹרישער קייזערין, ווי זי האָט איבערגעלעבט פיעל אַנדערע פעלקער און מלוכות; איהר גלאַנץ איז אָבער וואָס ווייטער אַלץ בלייכער און שוואַכער געוואָרען. דער פּאַטריאַרך ר׳ יהודה III האָט שוין געשפּיעלט אַ גאַנץ קליינע ראָליע אַלס געזעצלעהרער און פלעגט זאָגאַר נישט פּסק׳נען אַליין קיין שווערע שאלות; איהם זענען געשטאַנען צו הילף צוויי פון די ערשטע אַמוֹראים אין ארץ ישראל: ר׳ אמי און ר׳ אסי, און נאָך דעם טויט פון ר׳ אלעזר בן פּדת זענען זיי געוואָרען די אָנפיהרער פון דער בעריהמטער ישיבה אין טבריה.

די בעדייטענדסטע און אינטערעסאַנטסטע פּערזענליכקייט צווישען די פּאַלעסטינישע אַמוֹראים פון יענער עפּאָכע איז רבי אבהו פון קסרי. רבי אבהו האָט נישט פערנומען קיין גרויסען פּלאַץ אין די קרייזען פון די הלכי׳שע געזעצלעהרער, דערפאַר האָט ער אָבער געהאַט אנדערע מעלות, וואָס האָבען איהם אויסגעצייכענט בראש פון זיין צייט און בעריהמט געמאַכט אין אַלע קרייזען פון דער יודישער וועלט. לויט דער פּראָפעסיע אַ קינסטלער פון פרויען-צירונג, איז ר׳ אבהו געוועזען זעהר רייך, און זייענדיג גוט בעהאַוועט אין דער גריכישער ליטעראַטור, איז ער אין דער זעלביגער צייט געוועזען אויך אַ לייבעריגער

סימבאָל פון די שענסטע יודישע מדות.

איבער זיין בילדונג, שענהייט און רייכטום איז ר׳ אבהו געווען א גרויסער חשוב אין הויף פונ׳ם רוימישען פראָקאָנסול, און ער האָט דאָס אויסגענוצט, אויף צו בעשיצען די פערפאָלגטע און געדרוקטע. איינמאָל — דערצעהלט זיך אין א כאראקטעריסטישער תלמודישער אגדה — האָבען ר׳ אמי און ר׳ אסי פערמשפט צו א שווערער שטראָף א אויסגעלאַסענער פרוי מיט׳ן נאָמען תמר; איז זי אוועק צום פראָקאָנסול און פערמסר׳ט די אמוראים, אז זיי טרעטען איבער די פונקציעס פון זייער מאַכט און ערלויבען זיך צו משפט׳ן דיני נפשות נעגען געזעץ. די געזעצלעהרער האָבען זיך דאן געווענדעט צו ר׳ אבהו׳ן מיט דער בקשה, ער זאָל זיך משתדל זיין פאַר זיי, און ער האָט זיי אויף דעם געענטפערט מיט א פערשטעלטען העברעאישען בריעף, אין וועלכען ס׳האָט זיך געזאָגט: „איך האָב שוין געפרובט איבעררעדען דריי מוסרים; אָט די תמר האַלט זיך אָבער ביי איהר׳ס און מיינע אַלע השתדלות׳ען קענען דאָ נישט העלפען״.

פון ר׳ אבהו׳ס בעשיידענעם, נאָכגיביגען כאראַקטער זענען דערגאַנגען צו אונז אין די תלמודים פערשידענע אינטערעסאַנטע שטריכען. ווען ס׳איז געקומען זיין צייט צו בעקומען סמיכה, האָט ער געזאָגט: „ס׳איז פערהאַן א גרעסערער פון מיר אין תורה, וואָס איז ראוי צו בעקומען סמיכה — ר׳ אבא פון עכו. ער איז אָרים און האָט א סך בעלי חובות, ווען ער וועט ווערען א לעהרער, וועט מען איהם ברענגען מתנות, און ער וועט האָבען אָפצוצאָהלען זיינע חובות״. קומענדיג אַמאָל אין איין שטאָדט מיט דעם בעריהמטען ר׳ חייא בר אבא, האָט ר׳ חייא געדרשה׳נט פאַר׳ן עולם אין הלכה, און ר׳ אבהו האָט, ווי זיין שטייגער איז געווען, גערעדט צום פאָלק און געפלאַנצט אין איהם גוטע מדות, טרייסט אין האָפנונג. געוועהנליך, זענען אלע געלאָפען הערן די הארציגע דרשות פון דעם בעליבטען פאָלקס-ערציהער, און ר׳ חייא האָט זיך געפיהלט שטאַרק געקרענקט דערפון, וואָס זיינע הלכי׳שע פלפולים האָבען צוגעצויגען נאָר איינצעלנע צוהערער. דאַן האָט איהם ר׳ אבהו געטרייסט מיט דעם משל: „צוויי זענען אריינגעקומען אין א שטאָדט; איינער פערקויפט טייערע פעריל און בריליאַנטען, דער אנדערער — קינדערשע שפּיעלצייג, צו וועמען געהט מען מעהר?״

און ס׳איז באמת אזוי געווען. נישט קוקענדיג אויף דער אונצוי-

פריערנהייט פון די הלכ׳יסטען, זענען די בתי־מדרשים אלץ לעריגער און די תלמידי חכמים — אלץ װעניגער געװארען, און דאגעגען איז געװאקסען די צאהל פון די דרשנים־אגדי׳סטען, װעלכע דאס פאלק האט געהערט מיט בעגייסטערטער צופריעדענהייט. צו די ראזיגע פאלקס־בעליעבטע דרשנים האט אנגעהערט אויך ר׳ אבהו; ער האט אבער אויף דעם געביעט קיין בעזונדער טיעפקייט און גרויסקייט נישט ארויסגעוויזען.

כאראקטעריסטיש פאר די לעבענסבעגריפען פון יענער צייט און פאר ר׳ אבהו׳ס מאראלישער װעלט־אנשויאונג איז אויך די פאלגענדע תלמודישע ערצעהלונג: ס׳איז געװען א שרעקליכער הונגער־יאהר; האט מען בעשטימט א רייהע תעניתים מיט תפילות, מוסר־דרשות און שופר־בלאזען; דערביי האט, לויט׳ן מנהג, דער גרעסטער צדיק פון שטאדט געדארפט דיענען פאר א שליח צבור, און ר׳ אבהו איז ערשטוינט געװארען, װען דאס פאלק האט אויסגעװעהלט צו דעם צװעק איינעם מיט׳ן שפאטנאמען פענטאקאקא (פינף־זינד). און װאס בעשטעהט די פרומקייט פון דעם פעראכטעטען עם־הארץ, האט ר׳ אבהו נישט געקענט פערשטעהן — און װען ער האט זיך געװענדעט מיט דער פראגע צו פענטאקאקא׳ן אליין, האט איהם דער לעצטער געענטפערט: איך בין אזוי װי מ׳רופט מיך. מיין בעשעפטיגונג איז פאקטאריי פון פראסטיטוציע; איך קעהר אויס דאס טעאטער; טראג נאך װעש אין באד; מאך לוסטיג די װאס באדען זיך, און שפיעל אויף א פלייט. „האסטו עפעס אמאל גוטס געטאן אין דיין לעבען?" — האט איהם ר׳ אבהו געפרעגט, נאכמעהר ערשטוינט. און פענטאקאקא האט דער־צעהלט: אמאל, קעהרענדיג די זאלען פון טעאטער, האב איך בעמערקט צװישען די זיילען א פרוי, װאס איז געשטאנען און געװיינט. האב איך איהר געפרעגט: פארװאס װיינסטו? האט זי מיר געענטפערט: מיין מאן איז געפאנגען געװארען. ער ליעגט געבונדען אין געפענגעניש, און מ׳װיל איהם נישט ארויסלאזען אנדערש, סיידען איך זאל מקריב זיין מיין עהרליכקייט. הערענדיג דאס, האב איך פערקויפט מיין בעט, דאס קישען פון צוקאפענס און אלץ, װאס איך האב נאר פער־מאגט; דערנאך האב איך איהר געבראכט דאס געלד און געזאגט: געה לייז אויס דיין מאן און פערשװעך נישט דיין ריינקייט". פון דער ערצעהלונג איז ר׳ אבהו טיעף געריהרט געװארען און האט מיט התפעלות אויסגערופען: „אויב דו האסט דאס געטאן, ביזטו װירקליך

ראוי, צו בעטען פאר אונז אין אנ׳עת צרה״.

ר׳ אבהו איז געוועזן דער לעצטער פון די טאן-געבענדע און איינפלוס-רייכע פערזענליכקייטען אין ארץ ישראל פאר דעם פעריאד פון תלמוד; מיט זיין טויט האט זיך אזוי ווי איבערגעריסען די לאנגע גאלדענע קייט פון שופטים, קריעגספיהרער, נביאים, מלכים, דיכטער, סופרים, חכמים, תנאים און אמוראים, וואס דאס געבענשטע לאנד האט געבוירען און ערצויגען אינ׳ם משך פון גאנצע פופצעהן הונדערט יאהר. פאר דעם היילינען לאנד איז אנגעקומען די צייט פון גייסטיגער אלטקייט און אונפרוכטבארקייט, און א טרויעריג פארגעפיהל הערט זיך אין דער פאלקס-לעגענדע, וואס דערצעהלט, אז ווען ר׳ אבהו איז געשטארבען זענען די שטיינערנע סטאטוען צוגאסען געווארען און טרערען זענען געפלאסען פון זייערע אויגען. —

גאנץ אנדערש איז געוועזן אין דער צייט די לאגע פון דער יודישער גייסטיגער ענטוויקלונג אין דעם צווייטען נאציאנאלען צענטר — אין בבל; דא האבען איצט אנגעהויבען ארויסצוואקסען שענע פרוכטען פון די קערנער, וואס די גרויסע בעניער, רב און מר שמואל, האבען מיט אזוי פיעל מיה און בעגייסטערונג פערפלאנצט. עס האט אזוי ווי א מעכטיגער שטראם זיך דורכגעטראגען איבער׳ן לאנד ארום די טייכען פרת און חדקל, און אלע שיכטען פון דער יודישער בעפעלקערונג זענען בעהערשט געווארען פון איין שטארקען דראנג, זיך צו פערפאלקאמען אין דער יודישער וויסענשאפט, אין דער תורה. די העכסטע שטרעבונג פון א בבלי׳שען יודען איז געווארען דער טיטול „צורבא מרבנן״ (למרן, געלעהרטער), און די גרעסטע חרפה, דאנגענען — צו הייסען „בור״ אדער „עם הארץ״; בבל איז געווארען א יודיש לאנד מיט א אייגענער, יודישער, קאנסטיטוציע — די משנה — און די פיהרער פון דעם לאנד זענען געוועזן די ראשי הגולה (עקזילארכען), וועלכע האבען אויך געלעהרנט דאס פאלק און איהם ערצויגען, זענענדיג אליין איבערגעגעבען דעם שטודיום פון דער תורה און פערשפרייטענדיג איהם צווישען אלע קלאסען פון פאלק. סורא און נהרדעה, די צוויי ישיבות, וואס האבען געדיענט ווי א סיגנאל פון די גרויסע פאלקס-לעהרער, אויפצולעבען דאס בבלי׳שע יודענטום און עס צו בעשיינען, — האבען ארויסגערופען צום לעבען אלץ, וואס האט זיך געפונען געזונטעס און קרעפטיגעס אינ׳ם יודישען בבל, און עס האט זיך אנגעהויבען א סיסטעמאטישע, שטארקע

בעווענונג, צו פערטרייבען פון לאנד די עמי הארצות צוזאמען מיט אלע איהרע פאלגען, צו בעשאפען א נייע מעלטיגע פעסטונג פאר דעם יודישען גייסט.

די בעדייטענדסטע צווישען די דירעקטע נאכפאלגער פון רב און שמואל זענען געווען רב הונא, וועלכער האט איבערגענומען די פיהרונג פון דער ישיבה אין סורא; רב יהודה בר יחזקאל, דער גרינדער פון דער גרויסער ישיבה אין פומבדיתא (נאך דער צושטערונג פון נהרדעה) און פארשטעהער פון א נייעם סיסטעם אין דעם שטודיום פון דער הלכה; רב נחמן בר יעקב, א איידים פון ראש גלותא; דער רייכער רב חסדא, רב ששת, און רבה בר אבהו.

הונא פון דיאקארט (געב. 220 געשט. 297) איז דער אנגעזעהענסטער יודישער געזעץ-לעהרער פון יענער צייט, וועלכען עס האבען זיך פרייוויליג אונטערגעווארפען אפילו די אמוראים פון ארץ ישראל. זיין לעבענסגעשיכטע איז צוגלייך א כאראקטעריסטיש בילד פון דעם יודישען לעבען אין יענער עפאכע. געבוירען פון דער היים נישט רייך, חאטש א קרוב פון עקזילארך, האט הונא אין דער יוגענד אליין בעארבייט זיין קליין שטיקעל פעלד. פלעגען צוויי בעלי דברים קומען צו איהם זיך משפט'ען, פלעגט ער זאגען: „גיט מיר אנ'אנדערן אויף מיין ארט אנצוטרינקען די פעלדער, וועל איך אייער שופט זיין". אמאל האט זיך געמאכט, אז רב הונא איז גענאנגען פון פעלד אהיים מיט'ן רידעל און גראב-אייזען אויפן אקסעל און איהם האט בעגעגענט רב חנא בר חנילאי, דער בעריהמטער עושר, וועלכען דאס פאלק האט פערגעטערט פאר זיין לעגענדארישער וואוילטעטיגקייט. דער בעשיידענער נדבן האט געוואלט אראבנעהמען די שווערע פעלד-כלים פון הונא'ס אקסלען און איהם זיי נאכטראגען; דער לעצטער האט דאס אבער נישט דערלאזען. „אין דיין וואוין-ארט — האט ער צו איהם געזאגט — ביזטו נישט געוועהנט דערצו, דארפסטו עס דא אויך נישט טאן".

מיט דער צייט איז רב הונא רייך געווארען. זיינע פעלדער און ויין-גערטנער האט ער שוין אבגעגעבען אין ארענדע, זיינע כטארעס האבען זיך געפיטערט אין די מדבריות פון דרום-בבל, און ער איז שוין אומשטאנד געווען צו לעבען רוהיג פון זיינע יעהרליכע הכנסות. דאן האט ער זיין עשירות אויסגענוצט צו פערשידענע וואוילטעטיגע

צווֶעקֶען; אִין צייטֶען פוּן שטאַרקֶע שטוּרֶעם-ווִינטֶען האָט רב הונא זִיךְ גֶעלאָזֶען אַרוּמטראָגֶען אִיבֶּער אַלֶע גאַסֶען פוּן שטאָדט, אוּן בֶּעמֶערקֶענדִיג אַ אַלטֶע אֵיינגֶעבּוֹיגֶענֶע וואַנט, האָט עֶר גֶעהֵייסֶען זֵיינֶע דִינֶער, זִי אוּמוואַרפֶען אוּן אוֹיפשטֶעלֶען אוֹיף אִיהר אָרט אַ נֵייֶע — אוֹיף זֵיין חשבון. אִין דֶער צֵייט פוּן עֶסֶען זֶענֶען אַלֶע טהִירֶען פוּן רב הונא׳ס הוֹיז גֶעעֶפֶענט גֶעוואָרֶען אוּן אֵיינֶער אִיז גֶעשטאַנֶען אוּן גֶערוּפֶען: „ווֶער ס׳אִיז בֶּעדֶערפטִיג זאָל אַרֵיינגֶעהן אוּן עֶסֶען!“ דִי דאָזִיגֶע וואוֹילטֶעטִיגקֵייט האָט רב הונא אַרוֹיסגֶעווִיזֶען אוֹיךְ צוּ דִי נִישט פֶערמֶעגלִיכֶע פוּן זֵיינֶע תלמידים, ווֶעלכֶע זֶענֶען אוֹיסגֶעהאַלטֶען גֶעוואָרֶען אוֹיף זֵיין רֶעכנוּנג. אוּן דִי צאָהל פוּן זֵיינֶע תלמידִים אִיז גֶעוועֶן אַזוֹי גרוֹיס, אַז ווֶען עֶס פלֶעגט זִיךְ אוֹיפהוֹיבֶּען אַ מזרח-ווִינט אִין ארץ ישראל אוּן אָנטראָגֶען אַ שטוֹיב, פלֶעגט מֶען אִין טבריה זאָגֶען: „דאָס זֶענֶען דִי תלמידים פוּן רב הונא׳ס ישיבה אִין סורא אוֹיפגֶעשטאַנֶען פוּן זֵייעֶרֶע עֶרטֶער, אוּן אוֹיפטרֵייסלֶענדִיג זִיךְ, מאַכֶען זֵיי אָן אַ שטוֹיב“.

אִין רב הונא׳ס צֵייטֶען האָט דאָס יוּדִישֶׁע לֶעבֶּען אִין בבל, וואָס אִיז עֶנג צוּזאַמֶענגֶעקנִיפּט גֶעוואָרֶען מִיט דֶער ישיבה, אָנגֶענוּמֶען יֶענֶע וואוּנדֶערבּאַרֶע גאַנצֶע גֶעשטאַלט, ווֶעלכֶע האָט זִיךְ דֶערהאַלטֶען אִין דֶעם משך פוּן גאַנצֶע אַכט הוּנדֶערט יאָהר. בִּיסלֶעכווֵייז אוּן אַזוֹי ווִי פוּן זִיךְ אַלֵיין האָט זִיךְ אוֹיסגֶעאַרבֵּייט אַ גאַנצֶע הִיעֶראַרכִיע פוּן לֶעהרֶער מִיט נִידרִיגֶע, הֶעכֶערֶע אוּן גאָר הוֹיכֶע ראַנגֶען, לוֹיט דֶעם פלאַץ, וואָס יֶעדֶערֶער פוּן זֵיי האָט פֶערנוּמֶען אִין דֶעם אַקאַדֶעמִישֶׁען לֶעבֶּען פוּן לאַנד. ווִי ס׳אִיז שוֹין אוֹיבֶּען דֶערצֶעהלט גֶעוואָרֶען, פלֶעגֶען זִיךְ דִי תלמִידִים צוּנוֹיפזאַמלֶען אִין בֶּעשטִימטֶע חדשִים (ירחי דכלה) פוּן יאָהר; דִי דאָזִיגֶע אַקאַדֶעמִישֶׁע פֶערזאַמלוּנג האָט גֶעהֵייסֶען מ ת י ב ת א, אוּן דֶער פִיהרֶער פוּן דֶער פֶערזאַמלוּנג — ר י ש מ ת י ב ת א. דֶעם הֶעכסטֶען ראַנג נאָכ׳ן ריש מתיבתא האָט פֶערנוּמֶען דֶער „ר א ש ה כ ל ה“. דאָס אִיז גֶעוועֶן, אֵייגֶענטלִיךְ, דֶער פּאַקטִישֶׁער פּראָפֶעסאָר, אוּן זֵיין פוּנקציֶע אִיז גֶעוועֶן, צוּצוּגרֵייטֶען דִי תלמידים אִין דִי עֶרשטֶע דרֵיי וואָכֶען פוּן דִי צווֵיי אַקאַדֶעמִישֶׁע חדשים אוּן זֵיי בֶּעקאַנט צוּ מאַכֶען מִיט דִי אַלֶע סוגיות, וואָס דֶער ריש מתיבתא ווֶעט שפּעֶטֶער בֶּעהאַנדלֶען. אָבּגֶעטֵיילט פוּן דִי אַלֶע אַקאַדֶעמִישֶׁע ראַנגֶען אִיז גֶעוועֶן דֶער טִיטוּל ר י כ ט ע ר (דיין); דִי זִיצוּנגֶען פוּנ׳ם בית דין (אַ גרוּפּע דיינים) פלֶעגֶען פאָרקוּמֶען אוֹיף אַ אָפֶענֶעם פלאַץ בֵּיי דִי טוֹיעֶרן פוּן שטאָדט (פוּן דאַנֶען: ד י י נ י ד י ב ב א), אוּן חאָטש דִי פוּנקציֶע פוּן בֶּעשטִימטֶען

דיינים איז געלעגען אין די הענד פונ׳ם ריש גלותא, זענען דאך די דיינים פאקטיש אפהענגיג געווען פונ׳ם ריש מתיבתא.

אט דעם פאסטען פון א ריש מתיבתא האט רב הונא פערנומען גאנצע פיערציג יאהר, און זיין אויטאריטעט איז געווען אזוי גרויס, אז ער האט דער ערשטער זיך ערלויבט, צו באפרייען בבל פון דער ארץ ישראל׳דיגער אפוטרופסות בנוגע צו שאלות פון דער יורישער געזעצלעהרע. „מיר האבען זיך געמאכט, ווי ארץ ישראל״ — זאגט רב הונא, חאטש עס האט נאך עקזיסטירט דערווייל די ישיבה אין טבריה און מ׳האט זיך נאך געמוזט שטארק רעכנען מיט די מיינונגען פון די „בני מערבא״. געשטארבען איז רב הונא אין טיעפער עלטער, איבער־לאזענדיג נאך זיך א ווירדיגען זוהן (רבה), און זיינע תלמידים און חברים האבען איהם אפגעגעבען גרויס כבוד. ווי דער שטייגער איז געווען אין יענער צייט, האט רב הונא אויך אנגעזאגט, מ׳זאל איבער־פיהרען זיין קערפער קיין ארץ ישראל, און ווען דער ארון איז צוגע־קומען נאהנט צום לאנד, זענען איהם ארויסגעקומען אנטקעגען ר׳ אמי און ר׳ אסי.

גרעסער פון רב הונא׳ן אין געוויסע הינזיכטען און פונקט דער היפך פון איהם אין דער נאטור איז געווען ר׳ יהודה בר יחזקאל (געב. 225, געשט. 299). א תלמיד פון דעם גרויסען רב, האט ער זיך דאך געהאלטען מעהר אן די ווענען פון מר שמואל און פארט־געזעצט זיין טעטיגקייט. בכלל איז רב יהודה געווען א מענש פון גישט געוועהנליכען מאסשטאב; שטאמענדיג אליין פון א אוראלטער משפחה, וואס האט געצויגען איהר יחוס אז ביז דער צייט פון די נביאים, האט ער שרעקליך מקפיד געווען אויף דער ריינקייט פון געשלעכט און דער נישט פערמישטער אבשטאמונג; אין דער זעלביגער צייט איז ער אבער געווען אויך א פערביסענער שונא פון יעדער מין פער־פיינערונג, פון יעדער פוצעריי.

אין לעהרנען האט זיך רב יהודה אויסגעצייכענט אלס הריף, אלס א מענשען, וואס האט ליעב יעדע זאך צוצוגליעדערן אויף א פלפול׳דיגען אופן מיט׳ן שכל, און נאך אין דער יוגענד האט איהם דערפאר מר שמואל שוין געקרוינט מיט׳ן נאמען „שיננא״ (שארפזיניגער). די דאזיגע מעטאדע פון זעהר אייךעלע לאגישע אונטערשיידונגען און פערגלייכונגען האט רב יהודה איינגעפיהרט אלס לעהר־סיסטעם אין דער ישיבה, וואס ער האט געגרינדעט אין פומבדיתא, און בעזונדער

האָט ער ליעב געהאַט אויסצונוצען זיין פּלפּול'דיגען גייסט אויף דעם געביעט פון דיני ממונות (געזעלשאַפטליך-יורידישע פראגען), וואו די טעאָריע איז געגאַנגען צוזאַמען מיט דער פראַקטיק און וואו ס'זענען מעגליך זעהר שאַרפע שלום-פאָלגערונגען און פשט'לעך.

איבער זיין שטייפער פערעקשנט'ער נאַטור האָט ר' יהודה געהאַט אַ מאַסע שונאים, און זיין גאַנץ לעבען איז געווען איין לאַנגע רייהע פון פערביטערטע קאָנפליקטען און צוזאַמענשטויסען. זיין הקפדה בנוגע צו דער ריינקייט פון געשלעכט איז דערגאַנגען ביז אַזוי וויט, אַז ער האָט אַ לאַנגע צייט זיך אָבגעהאַלטען פון חתונה מאַכען זיין זוהן, מורא האָבענדיג פאַר אַ פּסול אין דער שנור'ס משפּחה, און זיין פריינד עולא האָט איהם דערפאַר געמוסר'ט און ערקלערט: „און מיר אַליין — צי ווייסען מיר דען, פון וועמען מיר קומען אַרויס? אפשר שטאַמען מיר גאָר אויך פון די געצענדיענער, וואָס האָבען געשענדעט יודישע יונגפרויען, בעת דער בעלאַגערונג פון ירושלים?" אין אַ צייט אַרום האָט זיך ווידער, ווי אויף צו להכעיס רב יהודה'ן, בעזעצט אין פומבדיתא איינער פון נהרדעה, וואָס האָט זיך אָנגעגעבען פאַר אַ אָבשטאַמליגג פון די חשמונאים, און די חשובס'טע פאַמיליעס פון שטאָדט האָבען זיך מיט איהם מתחתן געווען. דעם דאָזיגען מיוחס האָט פערדראָסען, פאַרוואָס מ'גיט רב יהודה'ן אָב אַזוי פיעל כבוד, און ער האָט זיך איינמאָל אויסגעדריקט וועגען איהם מיט חוזק. רב יהודה האָט דאַן דעם אַריסטאָקראַט אַריינגעלעגט אין חרם, און ווען ער האָט געהערט, אַז יענער רופט אַלעמען אין „עבדים" (שקלאַפען) האָט ער געלאָזען אויף איהם אַליין אויסרופען, אַז ער איז אַ זוהן פון שקלאַפען. דאָס האָט דעם שטאָלצען מיוחס איינגאַנצען אַרויסגעבראַכט פון די כלים, און ער האָט זיך בעקלאָגט אויף רב יהודה'ן פאַר'ן אייזים פון ריש גלותא, רב נחמן בר יעקב, וועלכער האָט געשיקט רופען רב יהודה'ן צו זיך. ווען דער לעצטער איז געקומען האָט דער אָנקלאָגער פערביטערט אויסגערופען: „מיך וועט מען מאַכען פאַר אַ זוהן פון שקלאַפען! מיינע זיידעס זענען געווען די חשמונאים, די מלכים פון יהודה!" אויף דעם האָט רב יהודה געענטפערט: דאָס איז'ס טאַקי, וואָס מר שמואל האָט אָנגעזאָגט, אַז ווער עס גיט זיך אָן פאַר אַ איינקעל פון די חשמונאים, איז אַ זיכערער עבד, וואָרום די לעצטע פרוי (מרים, הורדוס'עס ווייב) האָט פאַר איהר טויט אָפען ערקלערט, אַז זי איז דאָס לעצטע גליעד פון דעם חשמונאישען שטאַם, און ווער

עס זאָגט: איך קום ארויס פון די חשמונאים, קומט אין דער אמת'ען ארויס פון הורדוס'ען—דעם אדומישען עבד. די דאָזיגע מיינונג אין נאָמען פון דעם אויטאָריטעטען מר שמואל איז בעשטעטיגט געוואָרען פון נאָך אַ אַמוֹרא, רב מתנה, און רב נחמן האָט געמוזט נאָכגעבען און לאָזען אויסרופען אומעטום, אַז די אַלע, וואָס גיעבען זיך אָן פאַר אייניקלעך פון די חשמונאים, האָבען דעם דין פון בני עבדים.

נאַטירליך, האָט די דאָזיגע פובליקאציע אָנגעגריפען אַ סך פון די שענסטע משפחות, וואָס האָבען זיך געהאַט מתחתן געווען מיט די מיוחסים, און דער צאָרן פון די אַלע אויף דעם שולדיגען אין דער קאַטאַסטראָפע, אויף רב יהודה'ן, איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבען איהם געוואָלט מיט שטיינער פערוואַרפען, און ער האָט זיך מציל געווען פון זיי נאָר דערמיט, וואָס ער האָט געדראָהעט צו ענטפלעקען דעם פסול פון נאָך אַ גאַנצער רייהע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס.

אָט די אַלע צוזאַמענשטויסען זענען אָבער דאָך נישט אימשטאַנד געווען, אונטערצוגראָבען רב יהודה'ס נאָמען אַלס אַב בתורה אין בבל, ווי אין ארץ ישראל, און נאָך רב הונא'ס טויט האָט ער איבער־גענומען דעם טיטול ריש מתיבתא, וועלכען ער האָט געטראָגען צוויי יאָהר.

דער יונגסטער צווישען די אַמוראים פון יענער צייט איז געווען דער דערמאָנטער רב נחמן בר יעקב. אין איהם האָט זיך אָבגע־שפיגעלט דער שטאָלצער בעוואוסטזיין פון אַלע בבלי'שע יודען צו־זאַמען מיט דעם געפיהל פון פערזענליכער קראַפט און פערמעגליכקייט. אַ איידים פון ריש גלותא, האָט ער געקוקט אויף זיך אויך, ווי אויף אַ העכערע, מאַכטהאָבענדע פערזאָן, וואָס אַלע מוזען זיך איהר אונטער־געבען; אים געגענזאַץ צו אַלע אַמוראים און תנאים פאַר איהם, האָט רב נחמן זעהר שלעכט בעהאַנדעלט זיינע שקלאַפען, און זיין גאַנג אין דער הלכי'שער פראַקטיק איז אויך געווען, זיך צו האַלטען שטרענג ביים געזעץ, נישט מאַכענדיג קיינע הנחות.

## ניינטעס קאפיטעל.

### יהודה אונטער די ערשטע קריסטליכע מלכים.

---

מיט דער ענדע פון דריטען יאהרהונדערט איז די רוימישע אימפעריע צוגעקומען ביז דער שוועל פון אונטערגאנג. די ארמעע, צוזאמענגעשטעלט נישט פון רוימער, נאר פון די צעהנדליגער בארבארישע פעלקער, וואס האבען איינגעוואנדערט אין איטאליען און פערפלייצט דאס לאנד, — האט איינעם נאך'ן אנדערן ארויפגעזעצט אויפן טראן און גלייך אראבגעשליידערט, דעמאראליזירענדיג אויף אזא אופן דעם גאנצען מלוכה-ארגאניזם און אבשוואכענדיג די מורא פון די אונטערגעווארפענע פעלקער פאר דער מעכטיגער רוים. עס האט זיך געפאדערט א געוואלטיגע קראפט, אום אבצוהאלטען דעם שטראם פון דער ראזויגער אנארכיע, און אזא קראפט האט זיך בעוויזען אויף א געוויסער צייט, אין דער געשטאלט פונ'ם סאלדאטען-קייזער **דיאקלעטיאנוס** מיט זיינע העלפער. אליין א זוהן פון א שקלאף, האט אט דער מעכטיגער בעזיגער פערטיליגט דעם לעצטען שפור פון דער רוימישער פרייהייט און ד'אס גאנצע בירגערטום אראבגעווארפען ביז צו דער מדרגה פון האלב-שקלאפען. מיט די געוואלט-מיטלען איז איהם געלונגען ווי ס'איז איינצוצוימען דעם כאאס, און אמשטארקסטען האבען דערביי פון איהם געליטען די **קריסטען**. די לעצטע, וועלכע האבען שוין דעמאלט אויסגעמאכט א גרויסע צאהל פון דער בעפעלקערונג און

געהאט אייגענע שוהלען און פערזאמלונגס-ערטער, — האבען מיט זייער שטארקער אגיטאציע אונטערגעגראבען די הערשענדע אמונה פון לאנד, און דיאקלעטיאנוס האט געזעהן אין דעם א געפאהר פאר דעם גאנצען קיום פון דער אימפעריע.

צו יודען, דאגעגען, האט זיך דער דאזיגער הערשער בעצויגען נישט שלעכט. אין זיין צייט האט פערטרעטען דעם פאסטען פון א פאטריארך ר׳ יהודה III, דער זוהן פון ר׳ גמליאל IV, א מענש, וואס איז, ווי געזאגט, געוועזען וועניג בעדייטענד אלס געזעצלעהרער און האט בכלל נישט געקענט פערנעהמען אין לעבען פון פאלק דעם פלאץ, וועלכען עס האבען פערנומען זיינע זיידעס און עלטער-זיידעס. נישט קוקענדיג אויף דעם, איז אבער דער פאטריארך נאך אלץ געוועזען געאכטעט אלס פירשט, און זיין טעטיגקייט איז אויך נישט געוועזען אינ- גאנצען אונפרוכטבאר. ר׳ יהודה האט זיך שטארק אינטערעסירט מיט דער ערציהונג פון פאלק; צו דעם צוועק האט ער צוזאמענגעשטעלט א קאלעגיום פון דריי פערזאן, וועלכע זענען ארומגעפאהרען איבער גאנץ יהודה פון שטעדטיל צו שטעדטיל און געזעהן אוועקצושטעלן אין ארדנונג די חדרים און ישיבות.

אין דעם אינווענינגסטען לעבען פון יהודה האט זיך די רוימישע אדמיניסטראציע וועניג געמישט און די יודען האבען געלעבט פער- העלטניסמעסיג רוהיג. עס האט זיך נאר איינמאל געמאכט, אז דיאק- לעטיאנוס האט זיך פערבייזערט אויפן פאטריארך און איהם געפאדערט צו זיך; דער צוזאמענשטויס האט זיך אבער אויך געענדיגט בשלום און האט קיין שלעכטע ווירקונג נישט געהאט אויף די בעציהונגען פון דער רעגירונג צו די יודען פון לאנד. די שטרענגע עדיקטען פון דיאקלעטי- יאנוס׳ען מיט זיינע יועצים, לויט וועלכע די קריסטליכע שוהלען האבען געמוזט געשלאסען ווערן, די קריסטליכע שריפטען — פערברענט ווערן, און די קריסטען אליין געצוואונגען ווערן צום געצענדיענערייע און צו דער פערעהרונג פון קייזער-בילד, — די אלע עדיקטען האבען יודען נארנישט נוגע געווען, און נאר זיי אליין זענען אויסגעשלאסען געווארן פון דעם אלגעמיינעם געזעץ וועגען רעליגיאנס-צוואנג.

אונפערשטענדליך בלייבט דער פאקט, וואס די שומרונים זענען אין די געזעצען פערגלייכט געווארען מיט די קריסטען, און זיי האט מען אויך געצוואונגען אנצונעהמען דאס געצענדיענערייע. און וויל גרויסע מאסען פון זיי זענען נישט בייגעשטאנען דעם נסיון און האבען

געדיענט די עבודה־זרה, האט מען פון דער יודישער זייט אנגעהויבען צו בעטראכטען אלע שומרונים, ווי געצענדיענער, אויסשליסענדיג זיי אויף אזא אופן אינגאנצען פון דעם יודישען כלל. דאס איז געשעהען כמעט אונערווארטעט און אהן א בעשטימטער כונה פון וועמען ס׳איז, ווא־רום גראד דאס מאל האבען די שומרונים נישט ארויסגעוויזען קיין בעזונדער שנאה צו יודען. בכלל האט עפעס ווי א מין פאטא־לער גורל פערפאלגט די ביידע פערוואנדטע שטאמען און נישט געלא־זען זיי, זיך דערנעהנטערן אויף א לענגערע צייט. ערשט מיט הונדערט יאהר פריהער זענען די בעציהונגען צווישען שומרונים און יודען געוועזען זעהר פריינדליכע, און די חכמים האבען ערקלערט, אז „יעדער מצוה, וואס די כותים (שומרונים) האבען זי אנגענומען, היטען זיי זי אב נאך שטרענגער פון יודען״. דעמאלט איז דורכגעפאלען ר׳ מאיר׳ס פאר־שלאג, צו ערקלערן די שומרונים פאר געצענדיענער — דער גאנצער טעגליכער אומגאנג און דער געזעלשאפטליכער פערקעהר צווישען די יודען און זייערע שומרונישע מיטבירגער איז געוועזען געגען דעם. ר׳ יוחנן אליין זאגאר האט זיך ערלויבט צו עסען פלייש, וואס איז געקויפט געווארן פון א שומרוני. און איצט האבען זיינע תלמידים, ר׳ אמי און ר׳ אסי, פערבאטען יעדען פערקעהר מיט די „כותים״, ערקלערנדיג זיי פאר פאלשטענדיגע געצענדיענער. —

אונטער דער צייט האט דאס פערפאלגטע קריסטענטום בעזיעגט זיינע בעזיעגער. די וואפען פון גייסט, מיט וועלכע די פערטרעטער פון יודענטום זענען ארויסגעטרעטען געגען דער קריסטוס־לעהרע, ווי די וואפען פון געוואלט, מיט וועלכע די פערטרעטער פון היידענטום האבען געגען איהר געקעמפפט, — ביידע זענען נישט אימשטאנד געוועזען צו דערשטיקען די פייערדיגע בענקשאפט נאך א געטליכען לעבענס־אינהאלט, וואס ס׳האבען אזוי בעגייסטערט פונאנדערגעבלאזען די נאכ־פאלגער פון דעם גרויסען יודישען הימעל־טרוימער. דאס געצענדיענע־ריי, אויפגעגעסען פון דעם אייגענעם אונזין, פון דער אייגענער פאל־שקייט און אויסגעלאסענקייט, האט געמוזט אונטערגעהן און דעם פלאץ האט פערנומען די גרונד־אידעע פון יודענטום, אויסגעדריקט אין א עקסטרעמער, מיסטישער פארם. דאס פארמירטע, גאנצע, פערקערפערטע יודענטום האט דעם פלאץ נישט געוואלט און אויך נישט געקענט איבערנעהמען: צו־בולט, ערשטענס, איז אין דעם געוועזען די נאציאנאלע טענדענץ; צו־שטארק, צווייטענס, האט

נאָך געגליהט אין די הערצער די פערביטערטע שנאה צו די היסטאָרי־שע בעדריקער און , דריטענס , זענען די רעליגיעזע נאָרמען פון דעם אַלטענגליכען יודישען לעבען שוין געווען צו פיעל פונאַנדערגעוואַקסען ; דאָס יודישע גלויבען איז שוין צו פיעל תורה געווען , האָט שוין געהאַט אַ צו־שווערען קאָדעקס פון דינים , חוקים , חומרות , גזירות , סיגים , סיגים־צו־סיגים און אַזוי כסדר — האָבענדיג גענען זיך אַזעלכע שווערע בעדינגונגען וואָלט דאָס היידענטום אַזוי שנעל נישט קאַפּיטו־לירט . קעמפּפען מיט'ן היידענטום אין זיינע רייהען און זיך אַוועקשטעלן אויף זיינע חורבות האָבען געקענט נאָר יחידים , נאָר איינצעלנע יודישע כחות , וועלכע האָבען זיך אינגאַנצען בעפרייט פון יעדען נאַציאָנאַלען באַנד , און געבראַכט דער וועלט די אידעע פון דעם יודישען גאָט , די יודישע הייליגקייט , די יודישע בעגריפען פון גאָט , וועלט און מענש . אָט די בעגריפען האָבען געפונען פאַר זיך נאָר געצעהלטע אָנהענגער אַזוי לאַנג ווי זיי זענען פערבליבען אין זייער אָריגינעלער , לויטערער געשטאַלט ; דאָס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט . דאָס אידעאַלע קריסטענטום , די נאָט־לעהרע פון די ערשטע הימעל־טרוימער , פון די ערשטע הויהל־ און מדבר־אסקעטען , איז וואָס ווייטער אַלץ מעהר מגושם'דיג געוואָרען , האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר אָראָבגעלאָזען , אַלץ מעהר צוגעפּאַסט צו די בעדינגונגען פון דעם שטאָדטישען , פערוויקעלטען , וואָכעדיגען לעבען , און אָט דער קאָמפּראָמיס האָט בעשאַפען דעם מלוכה־קריסטענטום , — יענעם קריסטענטום , וואָס שרעקט זיך נישט אָב פאַר קיין פּאַלאַצען , געהט מיט'ן שווערד אין האַנד , זיך אויסקעמפּפען מאַכט און עשירות און בעקומט אַלע פּריווילעגיעס פון אַ מלוכה־גלויבען .

פאַרגעקומען איז די דאָזיגע איבערקעהרעניש אין די צייטען פון קאָנסטאַנטין דעם גרויסען (אין די ערשטע צעהנדליגער פון IV־טען יאָהר־הונדערט) . און נאַטירליך האָבען פּאָליטישע מאָטיוועןאן אויך געשפּיעלט דערביי נישט קיין קליינע ראָליע . צווישען קאָנסטאַנ־טינען מיט די פאָרשטעהער פון קריסטענטום איז געשלאָסען געוואָרען אַ מין אָבמאַך , לויט וועלכען די לעצטע האָבען זיך פערפליכטעט צו שטיצען איהם אין קאַמפּף מיט זיינע מיט־קיסרים , און דערפאַר בעקו־מען די פולע פרייהייט , צו האַלטען זיך ביי דעם קריסטליכען גלויבען און איהם צו פערשפּרייטען . עס האָט אַלזאָ געהייסען דערווייל , אַז דאָס קריסטענטום איז בלויז גלייכבערעכטיגט געוואָרען מיט די

איבריגע אמונות פון דער אימפעריע, און די גלייכבערעכטיגונג האט זיך בעצויגען אויך אויף דעם יודישען גלויבען. קאנסטאנטין'ס טאָלע־ראנץ־עדיקט פון יאהר 313 האט ערלויבט יעדען בירגער פון לאנד צו היטען די אמונה, וואס איהם געפעלט, און אין דעם עדיקט האט זיך בפירוש געזאגט, אז די יודישע פאטריארכען, עלטסטע, געמיינדע־פארשטעהער און ראשי־ישיבות האבען די זעלביגע פריווילעגיעס, וואס די קריסטליכע און געצענדיענערישע גייסטליכע. אין א קורצער צייט ארום האט קאנסטאנטין נאך מעהר בעפעסטיגט די דאזיגע בעשטימונג דורך א רייהע נייע געזעצען, לויט וועלכע אלע יודישע כלי־קודש (שוהל־בעאמטע, עלטסטע, לעהרער פון פאלקס־שוהלען א. א. וו.) זיינען בעפרייט געווארן פון די לעסטיגע ארבייטען אין דער שטאדט־פערוואלטונג.

די דאזיגע אונפארטייאישע בעציהונג צו יודען און דער יודישער אמונה האט זיך אבער נישט לאנג געצויגען. קאנסטאנטין איז וואס ווייטער אלץ מעהר ארונטערגעפאלען אונטערן איינפלוס פון קריסטענ־טום, און צוזאמען דערמיט איז געוואקסען אויך זיין שנאה צו יודען. האזיוס, דער בישאף פון קארדובא, ווי דער צווייטער קריסטליכער געלעהרטער עוזעביוס פון קסריה, — ביידע זיינען געוועזען פערביסע־נע שונאים פון יודענטום, און גראד זיינען זיי צו יענער צייט געוועזען די נאהנטסטע יועצים פון קייזער. אין די רעגירונגס־דאקומענטען פון דעם פעריאד ווערט שוין דאס יודענטום אנגערופען „שענדליכע, פערברעכע־רישע סעקטע", און באלד דערנאך (315) ווערט פערעפענטליכט א קייזערליכער עדיקט, לויט וועלכען די יודען ווערט פערבאטען אנצונעה־מען גרים, געגען א הארטער שטראף פאר די גרים גופא, ווי פאר יענע, וואס וועלן זיך אין דעם בעטייליגען.

די אגיטאציע פון די קריסטליכע מיסיאנערען האט אויף אזא אופן בעקומען א עפענטליכע שטיצע פון דער רעגירונגס־מאכט; ווארום צוזאמען מיט דעם פערבאט אנצונעהמען גרים, האט זי אויך שטרענג פערבאטען יעדען אויסדריק פון פראטעסט און צארן געגען די יודען, וואס זענען איבערגעגאנגען צום קריסטענטום. יודען זענען אבער נישט זעהר גערן אריבער אינ'ם לאגער פון דער נייער אמונה, און די מיס־יאנערען האבען זיי געמוזט אונטערקויפען מיט פערשיעדענע גליקען און וואוילטאגען; אזוי דערצעהלט זיך אין א אגדה: „די אומות העולם האָ־בען טענות צו יודען און זאגען: ביז ווי לאנג נאך וועט איהר אומקומען

פאר אייער גאט, ביז ווי לאנג נאך וועט איהר פאר איהם דאס לעבען אוועקגעבען? קומט צו אונז , מיר וועלן אייך מאכען פאר דוכסים , לאנד-הערשער און קריעגס-פיהרער״.

דאס האט אבער אלץ נאך וועניג געווירקט ; דאן האט קאנסטאנטין איינע נאך דער אנדערער אבגענומען פון יודען אלע פריווילעגיעס, וואס זיי האבען נאך געהאט פון די אלטסטע צייטען. יודישע כלי-קודש זענען געצוואונגען געווארען זיך צו בעטהייליגען אין די שווערע שטאט-טישע ארבייטען; יודען איז פערבאטען געווארען צו פערשפרייטען זייער גלויבען , צו מל׳ן זייערע געצענדיענערישע קנעכט , און אין דער זעל-ביגער צייט האט די קריסטליכע קירך בעקומען א רייהע בעדייטענדע פריוויליגיעס, וואס האבען איהר מאכט פערגרעסערט און בעפעסטיגט.

אין א בעזונדער שארפער פארם האט זיך ארויסגעוויזען די פיינדליכע פערהאלטונג צום יודענטום פון דער אויפגעקומענער קריסט-ליכער קירך , — בעת די פערהאנדלונגען פון דעם ערשטען אלגעמיי-נעם קירכען-קאנגרעס , וואס איז אבגעהאלטען געווארען אין ניצעא , אונטערן פארזיץ פון קייזער . אט דער קאנגרעס האט געהאט צו בעס-שטימען די דאגמען (עיקרים) פון דעם קריסטליכען גלויבען , און אין דער רייהע פון די פערשיעדענע תקנות , וועלכע זענען דארט פון די פערזאמעלטע בעשטימט און אנגענומען געווארען , האט זיך געפונען אויך איינע , וואס האט איבערגעריסען דעם לעצטען צוזאמענהאנג צווי-שען דער קריסטליכער קירך און איהר אורערשטער אבשטאמונג — דאס יודענטום . עס האט זיך געהאנדעלט וועגען דעם יום-טוב פסח ; ביז דאן פלעגען די קריסטען (בעזונדער פון די מזרח-לענדער) פייערן זייער פסח צוגלייך מיט׳ן יודישען, לויט דער בעשטימונג פון דעם יודי-שען נשיא אין ארץ ישראל ; דאס האבען די קריסטליכע קהלות פון די מערב-פראווינצען נישט געקענט מוחל זיין זייערע גלויבענס-ברידער פון מזרח , און קאנסטאנטין אליין האט אויסגעדריקט די אונצופריעדענ-הייט מיט די ווערטער : „פארוואס זאלען מיר עס נאכטאן די דאזיגע גאט-פערשאלטענע , צו פייערן אונזער הייליגען יום-טוב מיט זיי אין איין טאג ? צי קען דען נאך געבען א גרעסערע עזות דערפון , צו לאזען די פערהאסטע יודען זאגען , אז מיר קענען נישט פייערן אונזער יום-טוב און איהם ווי געהעריג אבהיטען , נאר מוזען נאכטאן זייער תורה , — פון ווייטער אן זאל מעהר קיין געמיינ-

זאמעם נישט זיין צווישען אונז און דעם פערהאסטען פאלק: מיר האבען פון אונזער אויסלייזער אנ'אנדער וועג בעקומען. דער דאזיגער געדאנק האט ארויסגערופען די צושטימונג פון דער קאנגרעס-מעהרהייט, און ס'איז בעשלאסען געווארען אבצולעגען דעם קריסטליכען פסח אויף אנ'אנדער טאג, כדי נישט צו זיין מעהר אבהענגיג פון דעם יודישען קאלענדאר.

אזוי איז די שנאה צו אלעם יודישעם געוואקסען צוזאמען מיט דער פערשפרייטונג פון דער גליל'עאישער לעהרע וועגען ליבע און הייליגקייט; דאס ערשטע ווארט פון קריסטענטום נאכדעם, ווי עס איז מעכטיג און שטארק געווארען, איז געוועזען אנ'ארויסרוף צום קאמפף געגען די „פערהאסטע" יודען, וועלכע האבען נישט געוואלט פערלאזען זייער גאט און זייער תורה, און די קומענדיגע קריסטליכע דורות האבען הונדערטער יאהרען געפיהרט אט דעם קאמפף מיט פייער און בלוט, — דעם קאמפף פון זיעגער געגען אונבעזיעגבארע. —

א קורצע צייט נאך דער ניצעאישער פערזאמלונג האט קאנסטאנטין בעגייט האדריאנ'ס געזעץ, אז קיין יוד טאר נישט אריינקומען קיין ירושלים. די סבה פון דעם בעפעהל איז געוועזען די ענדערונג, וואס איז פארגעקומען אינ'ם לעבען פון דער אמאליגער יהודה'עאישער הויפטשטאדט. האדריאנ'ס „עליא קאפיטאלינא" האט צוריק בעקומען איהר פריהערדיגען נאמען און איז פערוואנדעלט געווארען פון א געצענדיענערישער שטאדט אין א הייליגען צענטר פארן גאנצען קריסטענטום; קאנסטאנטין האט געלאזען אויפשטעלען א גרויסע קירך אויף דעם ארט, וואו עס זאל, לויט דער לעגענדע, זיך האבען געפונען ישו'ס קבר, און פון דעמאלט אן ווערט די קירך בעזוכט פון טויזענדער פילגרימען. פאר יודען איז בעשטימט געוועזען נאר איין טאג אין יאהר, ווען זיי איז ערלויבט געוועזען אריינצוקומען אין זייער אמאליגער הויפטשטאדט און וויינען ביי די חורבות פונ'ם איינגעפאלענעם בית-המקדש — תשעה-באב (דער 9-טער אב, דער טאג, ווען דער בית המקדש איז חרוב געווארען).

ביי דעם אלעמען איז קאנסטאנטין נאך אין געוויסע הינזיכטען געבליבען טריי די פרינציפען פון גלייכהייט און גערעכטיגקייט, און האט נישט נאכגעגעבען די פאדערונגען פון זיינע יועצים. ער האט, למשל, איבערגעלאזען אין זיין קראפט דאס געזעץ, וואס האט בעפרייט די יודישע געזעצלעהרער און אנדערע כלי קודש פון פערשידענע

מלוכה-שטייערן; אויסער דעם, האט ער זיך זאגאר איינגעשטעלט פאר יודען און זיי געשיצט פון די משומדים, וואס זענען געווארען יודישע שונאים און פלעגען אויסטראכטען די שרעקליכסטע בלבולים אויף יודען און דעם יודישען גלויבען. געגען די דאזיגע יודישע יודען-פיינדינער האט קאנסטאנטין ארויסגעלאזען א ספעציעלען עדיקט, אין וועלכען ס'האט זיך געזאגט: „די נייע קריסטען פון דעם יהודה'עאישען פאלק, וואס וועלען שטערן די רוהע פון זייערע פריהערדיגע שטאם- און גלויבענס-ברידער און זיי בעליידיגען אדער שלעכטס טאן, וועלען שטרענג בע-שטראפט ווערן" (336) — ביז אזוי וויים זענען דערגאנגען די צרות, וואס יודען האבען געליטען פון זייערע „נייע קריסטען"!

בעזונדער שטארק האט זיך צווישען די לעצטע אויסגעצייכענט יוסף פון טבריה; אין דער יוגענד איז ער געווען א מיטגליעד פון בית דין, און דער נשיא האט איהם זאגאר אנפערטרויט זיין איינענעם כבוד, בעשטימענדיג איהם פאר א „שליח ציון"; אזא שליח פלעגט פאהרען אין די וויטע לענדער און צונויפזאמלען אינ'ם נשיא'ס נאמען די יעהרליכע נדבות פון די יודישע איינוואוינער. איינמאל האט איהם דער נשיא געשיקט קיין ציליציען (קליין אזיען); האט זיך דארט יוסף נאהנט בעקאנט מיט א בישאף און מיט איהם א סך פערבראכט. דאס האט אויפגערעגט געגען איהם דער יודישער בעפעלקערונג, און זי האט אנגעהויבען קוקען מיט א שטארקען חשד אויף דעם „שליח ציון", וועל-כער איז בכלל נישט בעליעבט געווען פאר זיין גאוה'דיגער בעציהונג צו די פראווינציעלע דיינים און לעהרער. די מעהר איבערגעגעבענע יודען האבען איהם פון דעמאלט אן אנגעהויבען שטארק נאכצושפירען, און ווי גרויס איז געווען זייער צארן, ווען זיי האבען דעם נשיא'ס שליח ווירקליך געפונען פערטיעפט איבערן עוואנגעליום (ברית חדשה)! ווי יוסף אליין דערצעהלט, זאלען די יודען איהם האבען זאגאר אריינגע-ווארפען אין טייך צידנוס, פון וואנען ער איז נאר על פי נס נצול גע-ווארען, און ער האט דעריבער עפענטליך געשוואוירען, צו דיענען דעם נייעם גלויבען און איהם צו זיין איבערגעגעבען.

פון דעמאלט הויבט זיך אן יוסף'ס קאריערע אלס מסור און פיי-נינער פון זיין פאלק. קענענדיג גוט די יודישע עמפפינדליכקייט בנוגע צו ענינים פון גלויבען, האט אט דער פערביטערטער משומד פער-שפרייט אומעטום קלאגען, אז דער אלטער נשיא, ר' יהודה III, האט אויפן טויטען-בעט געפיהלט א שטארקע בענקשאפט נאך דער שענהייט

פון קריסטענטום , און אז דער איצטיגער יונגער נשיא , הלל II , האט בעהאלטענערהייד געפיהרט א ווילר , אויסגעלאסען לעבען . צו די דאזי-גע גיפטיגע בעליידיגונגען פון דעם יודישען געפיהל האט יוסף נאך צו-געגעבען א רייהע נסים און וואונדערליכע מעשות , וואס זענען געשעהען מיט איהם ביז דער „ענטפלעקונג" פון דעם געטליכען אמת , און אויף אזא אופן איז ער געווארען א גרויסער חשוב ביי די זיילען פון דער קירך , וועלכע האבען אויסגעפועל'ט פאר איהם ביי קאנסטאנטינ'ען דעם טיטול קאמעס , וואס האט געדיענט , ווי א מין פריי-בריעף צו מעגען טאן אלץ אונבעשטראפט . איצט האט דעם משומד'ס גיפטיגע חוצפה שוין פאר זיך קיין גרענעץ נישט געהאט, און קאנסטאנ-טין אליין האט ענדליך געפונען פאר נויטיג , צו בעשיצען די געפלאגטע און בעליידיגטע יודען .

אויב אין דער צייט פונ'ם ערשטען קריסטליכען קייזער האבען נאך יא עקסיסטירט געוויסע נארמען פון מענשליכקייט און יושר , זענען אבער אט די נארמען (בנוגע צו יודען) אינגאנצען אונטערגעגאנגען אונ-טער דער הערשאפט פון דעם ערשטען אינקוויזיטאר און ברודער-מער-דער קאנסטאנציוס (337—362) . מיט זיין הערשען האט זיך איצט אנגעהויבען דער ווירקליכער קריסטליכער רעזשים און ממילא אויך — די אונגעהויערע קייט פון ליידען און פיין פאר דער יודישער בעפעל-קערונג . דאס איז געווען א פאנאטישער דעספאט , וואס האט נישט גע-וואוסט פון קיינע נארמען און געזעצען דארט , וואו עס האט זיך געהאנ-דעלט וועגען דער אמונה . גלייך אין דער ערשטער צייט פון זיין הער-שען זענען א גאנצע רייהע געזעצלעהרער אנגעקלאגט געווארען פאר פערשידענע פערברעכענס געגען דעם נייעם רעזשים , און דער גרעס-טער טייל פון זיי האט געמוזט אנטלויפען קיין בבל . חתונה-פערבינדונ-גען צווישען יודען מיט קריסטליכע פרויען זענען בעשטראפט געווארען מיט'ן טויט , און די זעלביגע שטראף איז בעשטימט געווארען פאר יענע , וואס האבען געלאזען מל זיין זייערע שקלאפען . דער גרונד פון דעם שטרענגען שקלאפען-געזעץ (אין קאנסטאנטינ'ס צייטען איז דאס אויך פערבאטען געווען ; עס האט אבער געקוסט דערפאר א פיעל לייכ-טערע שטראף) איז געווען א דאפעלער : ערשטענס , זאל זיך די יודישע בעפעלקערונג נישט פערמעהרען א דאנק דעם צופלוס פון די שקלא-פען ; און צווייטענס , זאל א קריסט נישט דיענען קיין יודישען האר , קיין „גאט-מערדער" .

די אַלע בעשרענקונגען זענען געווען געגען די גרונד-געזעצען פון דער רוימישער קאָנסטיטוציע, לויט וועלכער יעדער „פּראָווינציאַל", אָהן אַ שום אונטערשיעד פון גלויבען, האָט פאָלשטענדיגע בירגער-רעכט און קיינער טאָר פון איהם די דאָזיגע רעכט נישט אַוועקנעהמען. פאַר דעם שיצלינג און בעשיצער פון דער היילינער קירך האָבען אָבער נישט עקסיסטירט אינגאַנצען די בעגריפען פון רעכט און געזעץ. עס איז געשאַפען געוואָרען איין נייער אויסגאַנגס-פּונקט, וואָס האָט אַלץ מעגליך געמאַכט און אַלץ אַריינגענומען אין דעם סוג פון גלויבען—די קירך. די קריסטליכע קירך מוז הערשען אין לאַנד; די מדינה, די מאַכט, דער גאַנצער מלוכה-אָרגאַניזם, — אַלץ מוז ווערן קריסטליך, רוים מוז ווערן די מלוכה פון קריסטענטום.

די רדיפות געגען יודען זענען אויף אַזאַ אופן אַריינגענומען גע-וואָרען אינ'ם עצם סיסטעם פון דער נייער מלוכה-אָרדנונג, און די יודען אין פּאַלעסטינאַ האָבען באַלד דערפיהלט די פּאַקטישע פאָלגען פון דעם רעזשים. דאָס איז געווען אין דער צייט פון די איינביגע קריעגערייען צווישען דעם רוימישען חיל און די שכנים-פּערסיאַנער, ווען די לעצטע האָבען זיך בעפעסטיגט אין מערב-אַזיע און אַרויסגע-שטופּט פון דאָרט די רוימער; קאָנסטאַנציוס האָט דאַן אַוועקגעשיקט אַהין אַ גרויסען חיל, אונטער דער אָנפיהרונג פון זיין מיט-קייזער גאַלוס. פון דער מחנה האָט אַ גרויסער טייל, אונטער דער פיהרונג פון לעגאַט אורסיציגוס („ארסקין"), דורכמאַרשירט פּאַלעסטינאַ, און אורסיציגוס האָט געפאָדערט פון יודען, זיי זאָלען איהם צושטעלען פריש-געבאַקען ברויט פאַר דער מחנה אום שבת און זאָגאַר אום פסח. די געזעצלעה-רער האָבען געזעהען די געפאַהר פון געצוואונגענעם שמד, וואָס רוקט זיך אָן אויף יודען, זיי האָבען אָבער קיין אויסוועג נישט געפונען, און געמוזט מתיר זיין לפי שעה די דערמאָנטע שווערע פערברעכענס, אונטער דעם אויסרייד, אַז אורסיציגוס האָט דאָ נישט גוזר געווען קיין גזירת שמד, און ער וויל נאָר ברויט פאַר זיינע סאָלדאַטען. עס האָבען זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבען דורכאויס געפאָדערט, אַז יודען זאָ-לען זיך מוסר נפש זיין און נישט עובר זיין אויף די געבאָטען פון דער תורה; דאָס זענען געווען יענע, וואָס האָבען גוט געזעהן די אמת'ע כונה פון די רוימישע מיליטער-פיהרער און געוואוסט, אַז דער זעלבי-גער אורסיציגוס האָט אין אַ שטעדטיל נעבען טבריה פערברענט אַ ספר תורה, ווען ער האָט געטראָפען יודען לייענענדיג אין איהר.

צו די דריקונגען און רדיפות זענען נאך צוגעקומען די שווערע שטייערן, וואס האבען אויסגעפרעסט פון פאלק דעם לעצטען פערהארגעוועטען פערדיענסט. די שטייערן זענען געווען פיער־פינף־פאלדיגע, און איין אגדה פון יענער צייט קלאגט זיך: „אזוי ווי א קלייד, וואס האט זיך פערטשעפעט אן דערנער: ציהסט ארויס איין עק, בלייבט שטעקען דער צווייטער, — אזוי זענען מיר אין דער מלכות עשיו (רוים): מ'האט נאך נישט אבגעצאהלט די ארנוניא (תבואה־, שאף־שטייערן), מאהנען זיי שוין דעם גלגלת (קאפ־שטייערן). — זיי קומען מיט גזירות אויף יודען: דו האסט גע׳גנב׳עט און געטויט! האסטו נישט גע׳גנב׳עט און נישט געטויט, טא זאג: ווער האט מיט דיר גע׳גנב׳עט, ווער האט מיט דיר געטויט? גיב ארנוניא, גלגלת און דימוסיא.

די דאזיגע אלע צרות און גזירות האבען ענדליך ארויסגעבראכט דעם פאלק פון געדולד, און ווי אלע מאל האט אויך איצט גליל די ערשטע אויפגעהויבען די פאהן פון אויפשטאנד. עס האט זיך אבגעפונען א אנפיהרער, אונטערן נאמען נאטראנא, וועלכער האט בעגייסטערט די קריעגערישע גליל׳ער און זיי אויפגעמונטערט צום קאמפף מיט די רוימער, און אין א געוויסער נאכט זענען די רעוואלוציאנערען אין צפורי (וואס האט דעמאלט געהייסען דיאצעזערעא) בעפאלען דעם דארטיגען רוימישען גארניזאן און איהם פערניכטעט. דערנאך האבען זיי זיך בעפעסטיגט אויף דער פאזיציע (צפורי איז געשטאנען אויף א הויכען בארג) און געמאכט פון דארטין אפטע אנפאלען אויף די רוימער פון דער ארומיגער סביבה; דערביי איז די צאהל פון די יודישע קריעגער געוואקסען, און באלד האט דער אויפשטאנד ארומגעכאפט אויך טבריה, לוד און אנדערע שטעדט אין יהודה און גליל, אזוי, אז גאלוס האט זיך דערשראקען און ארויסגעפאדערט פון קאנסטאנציוס׳ען פרישע לעגיאנען; אורסיצינוס האט אבער בעוויזען צו דערשטיקען די יודישע רעוואלוציע, נאך איידער זי האט זיך אינגאנצען פונאנדערגעפלאקערט. די רוימישע לעגיאנען האבען זיך מיט אכזריות נוקם געווען אן די בעזיעגטע יודען און טויזענדער פון זיי געטויט און געפייניגט; צפורי איז אינגאנצען חרוב געווארען, און אויך די איבריגע שטעדט פון דרום ארץ ישראל האבען שטארק געליטען (352). די איבערגעבליבענע רעוואלוציאנערען האבען געמוזט אנווענדען פערשיעדענע מיטלען, זיך צו ראטעווען פון אורסיצינוס עם אכזריות; אנדערע

האבען זיך אנגעקלעפט פלאסטערן אויף די נעזער , כדי מ׳זאל זיי נישט דערקענען , א טייל איז איינגאנצען אנטלאפען פון לאנד און א סך האבען זיך בעהאלטען אין הויהלען און מערות . צווישען די לעצטע האט זיך געפונען אויך דער געזעצלעהרער רב הונא (דער צווייטער), און ער דערצעלט : „ווען מיר זענען געווען בעהאלטען פון די שונאים אין אונטער-ערדישע מערות, האבען מיר געהאט ביי זיך ליכט ; ווען זיי האבען געברענט טונקעל האבען מיר געוואוסט, אז ס׳איז טאג, און ווען זיי האבען געברענט העל, האבען מיר געוואוסט , אז ס׳איז נאכט".

ביי די רדיפות האט דער ביזאנטישער הויף *) זיך נאך נישט אבגעשטעלט. עס האט זיך איצט אנגעהויבען א רייהע נייע רעפרעסיעס געגען אלע ביזהעריגע פארמען פון דעם יודישען לעבען, און די לאגע האט זיך גארנישט געענדערט צום גוטען אפילו אויך נאכדעם, ווי דער מיט-קייזער גאלוס איז געטויט געווארען (פאר א פעררא͏ט געגען קאנסטאנציוס׳ען) און אורסיצינוס האט פערלוירען זיין מאכט (354). די גאנצע ניי-רוימישע רעגיערונג האט זיך, אונטער דעם איינפלוס פון די קריסטליכע יועצים, בעצויגען צו יודען , ווי צו גאט-לעסטערער אדער גאט-לייקענער , און האט כסדר געזוכט מיטלען , ווי אזוי אבצוזונדערן די קריסטען פון דעם שעדליכען יודישען איינפלוס . עס איז וויעדער ארויפגעלעגט געווארען א שטרענגע שטראף אויף די קריסטען , וואס האבען זיך צוגעשלאסען צו יודישע קהלות, און די יודען אליין זענען גערודפ׳ט געווארען מיט אלץ , וואס איז נאר מעגליך געווען . דעם פאטריארך איז פערבאטען געווארען צו מאכען זיינע בעאבאכטונגען בנוגע צו דער בעשטימונג פון די חדשים און יום-טובים, און בכלל זענען פערוועהרט געווארען כמעט די בעדייטענדסטע מצוות פון דער תורה , ווי ס׳איז צו זעהען פון דעם פערשטעלטען בריעף, מיט וועלכען די ארץ ישראל-לייט האבען זיך געווענדעט צו דעם ריש-ישיבה פון מחוזא (אין בבל) . אין דעם בריעף דערצעהלט זיך : „א פאר איז געקומען פון רקת (טבריה) , האט זיי דער אדלער (רוימישע בעאמטע) געפאנגען, און זיי האבען געהאט ביי זיך דאס , וואס ווערט געארבייט אין לוז (תכלת צו ציצית) ; איז זיי זייער זכות

---

*) דער ערשטער קריסטליכער קייזער , קאנסטאנטין דער גרויסער , האט איבערגעטראגען זיין רעזידענץ פון רוים קיין קאנסטאנטינאפאל (ביזאנטיע).

בייגעשטאַנען און זיי זענען אַרויס בשלום. און נחשונ׳ס אורא־ייניקלעך (די נשיאים פון בית יהודה) האָבען געוואָלט בשטימען איין הויפט-חודש אין יאָהר, האָט זיי דער אַרמי (רוימער) נישט געלאָזען; אָבער די בעלי אספות (די מיטגליעדער פון סנהדרין, געזעצלעהרער) האָבען זיך פערזאַמעלט און האָבען בעשטימט פאַר׳ן הויפט (-חודש) דעם, ווען ס׳איז געשטאָרבען אהרן הכהן״ (א ב). אין דעם בריעף שפּיגעלט זיך אָב די גאַנצע נויט, אין וועלכע דאָס פּאַלעסטינישע יודענטום האָט זיך געפונען פאַר די לעצטע יאָהרען פון קאָנסטאַנציוס׳עס הערשאַפט; דאָס אויפגעקומענע, וועלטליכע, קריסטענטום אין געשטאַלט פון דער ביזאַנטישער מלוכה, האָט מיט אַ ווילדער פערביטערטקייט זיך נוקם געווען אָן די שטאָלצע עקשנים, וואָס האָבען מיט בטול און פעראַכטונג געקוקט, אַז אויף זיין וועלטליכער גרויסקייט, אַז אויף זיינע גייסטיגע אויפטועכצען און נייע תורות. די רעגירונג האָט אַרויסגעגעבען איין געזעץ נאָכ׳ן אַנדערן מיט דעם צוועק, צו דריקען יודען און זיי צו ערניעדריגען; די לעצטע האָבען אָבער גאָרנישט אָנגעהויבען צו טראַכטען אַפילו וועגען אונטערגעבען זיך, און די אַלע רדיפות האָבען, פערקעהרט, נאָך שטאַרקער אויפגעוועקט ביי זיי דעם נאַציאָנאַלען ערהאַלטונגס-אינסטינקט. שווערע קרבנות האָט יעדער יוד אין יענער צייט געמוזט ברענגען פאַר זיין יודישקייט, פאַר זיין צוגעבונדענקייט צו דעם יודישען גאָט און צו דער יודישער תורה. און די קרבנות זענען געבראַכט געוואָרען — פריוויליג, נישט געצוואונגענערהייד, ווי אַ נאַטירליכע פליכט, וואָס ליעגט אויף יעדען יחיד בנוגע צום כלל.

אַ גרויסען קרבן אויף דעם מזבח פון כלל האָט געבראַכט דעמאָלט דער נשיא (פּאַטריאַרך) פון די פּאַלעסטינישע יודען, הלל II, דער זוהן פון יהודה III. זעהענדיג מיט וואָס׳ער שענדליכער חוצפה די אַדמיניסטראַציע ערלויבט זיך צו שטערן די טעטיגקייט פון דעם יהודה׳עאישען סנהדרין און אויף וויפיעל עס פאַלט פון טאָג צו טאָג דער כבוד פונ׳ם פּאַטריאַרכאַט, — האָט דער דאָזיגער איבער־געגעבענער און וויטזיכטיגער פאָלקס-פיהרער געפועל׳ט ביי זיך, צו פערעפענטליכען פאַר׳ן גאַנצען פאָלק דעם סוד, וואָס האָט זיך אין אַ משך פון הונדערטער יאָהרען געהאַלטען פאַר אַ עהרען-פּריווילעגיע פון דער נשיאות. ביז דאַן האָט זיך געפיהרט, אַז דער נשיא, אלס פאָרזיצענדער פון סנהדרין, פלעגט דורך ספּעציעלע שלוחים, מאָלדען יעדען חודש בעאָבאַכטונגען איבער די ערשיינונגען פון דער לבנה.

אויף דעם יסוד פון די בעאבאכטונגען פלעגט ער, לויט א געוויסען געהיימען סיסטעם, בעשטימען די חדשים און יום טובים פון יאהר, מאכען עבור-חדשים, און געבען צו וויסען וועגען דעם אלע יודישע קהלות אין ארץ ישראל און בבל; איצט אבער, צוליעב קאנסטאנציוס-עס רדיפות, האט זיך דער סיסטעם נישט געקענט מעהר פראקטיצירען, דען אויסער דעם, וואס די רעגירונג האט פערבאטען דעם סנהדרין צו מאכען די בעשטימונגען, איז בכלל שווער געווארען די קאמוניקאציע צווישען יהודה, וואס איז געלעגען אונטער דער נייע-רוימישער הערשאפט, און בבל, וואס האט זיך געפונען אונטער דער הערשאפט פון די פערסיאנער, און די בבלי'שע יודען זענען גאנץ אפט געבליבען אין צווייפעל וועגען די וויכטיגסטע קאלענדאר-פראגען.

און אט, כדי א ענדע צו מאכען מיט דער נישט נארמאלער לאגע, האט הלל איין מאל פאר אלע מאל איינגעפיהרט א פעסטען לוח (קאלענדאר), ד. ה. ער האט פערעפענטליכט דעם גאנצען קאלענדאר-סיסטעם, בפי וועלכען דאס סנהדרין האט זיך שטענדיג געהאלטען, און געגעבען דערמיט יעדען איינציגען די מעגליכקייט, זיך צו אריענטי-רען אין דעם אזוי גערופענעם „סוד העבור". דאס איז געווען א אונגעוועהנליכער קרבן פון דעם פאטריארכישען נשיא — ער האט מיט דעם שריט אליין איבערגעריסען דעם לעצטען באנד, וואס האט צוזאמענ-געקניפט די יודישע קהלות אין אלע לענדער און זיי אבהענגיג געמאכט פון פאטריארכאט. איהם איז דער זיכערער קיום פון יודענטום טייערער געווען, ווי דער כבוד פון זיין הויז, און ווי א אמת'ער איניקעל פון זיינע גרויסע זיידעס, האט ער געאפפערט זיין כבוד פאר דעם קיום פון פאלק. די מיטגליעדער פון דעם דעמאלדיגען סנהדרין האבען אינגאנצען מסכים געווען צו דעם אויפטו פון נשיא; זיי האבען נאר דערביי געפאדערט פון זייערע ברידער אין חוץ-לארץ, זיי זאלען זיך נישט אבזאגען פון זייערע אלטע מנהגים בנוגע צום פייערן צוויי טעג יום טוב. „האטש מיר האבען אייך געשיקט דעם סדר פון די יום טובים, זאלט איהר פון דעסטוועגען נישט משנה זיין (ענדערען) דעם מנהג פון אייערע עלטערן" — האט ר' אסי פון ארץ-ישראל געשריבען צו די יודען אין אלעקסאנדריע, און א עהנליכער אנזאג איז אוועקגעשיקט געווארען אויך קיין בבל (היזהרו במנהג אבותיכם שבידכם). פון דעמאלט אן ווערן אין אלע לענדער, אויסער ארץ ישראל, געפייערט צווישען יודען צוויי טעג יום טוב (יום טוב שני של

גליות) , ווי עס האבען אנגעזאגט די געזעץ-לעהרער פון טבריה אין די צייטען פון הלל הנשיא .

די אויסרעכנונג פון הלל׳ס קאלענדאר-סיסטעם איז פשוט און קלאר . זי שטיצט זיך אויף עטליכע איינפאכע כללים און איז אזוי לייכט און בעקוועם , אז יעדערער כמעט איז אימשטאנד צוזאמענצושטעלען א הונדערט- און אפילו א טויזענד-יעהריגען לוח (קאלענדאר). דער קערן פון דעם לוח איז די צייט פון א פאלשטענדיגען לבנה-אומקרייז (אדער חודש) , וואס מאכט אויס 29 טאג מיט 62 שעה און עפעס ; אזא לבנה-יאהר פון צוועלף חדשים האט אלזא אנ׳ערך פון 354 טעג . אזוי אבער ווי די ביבלישע יום טובים זענען צוזאמענגעבונדען מיט די צייטען פון יאהר לויט דער זון (פסח אין פריהלינג , סוכות אין הערבסט א. א. וו.) האט מען געמוזט איינשטימען דעם יודישען לבנה-יאהר מיט דעם אלגעמיינעם יאהר לויטן אומקרייז פון דער זון, וועלכער מאכט אויס 365 טעג מיט 6 שעה, ד. ה. מיט עלף טאג מעהר , ווי אינ׳ם לבנה-יאהר. מ׳האט דעריבער אויסגערעכענט, אז אין א משך פון 19 יאהר גיט דער זון-חשבון א עודף פון 210 טאג (אדער זיבען 30-טאגיגע חדשים) געגען דעם סיסטעם פון לבנה-יאהרען , און כדי איינצושטימען דעם לבנה-מיט׳ן זון-יאהר , האט מען געמאכט , אז אין יעדען ציקל פון 19 יאהר, זאלען זיין זיבען עבור-יאהרען , ד. ה. יאהרען וואס האבען נישט 12, נאר 13 חדשים. די חדשים , וויעדער , רעכנען זיך כסדר : איינער 29, איינער 30 טאג , און הייסען לויט דעם „מלאים" (פולע) און „חסרים" (פעהליגע) ; נאר די הערבסט-חדשים חשון און כסליו קענען זיין מלאים אדער חסרים אויסער דער ארדנונג , אבהענגיג פון די בעזונדערע כללים, וואס זענען בעשטימט פאר די יום-טובים פון דעם פריהערדיגען חודש, תשרי, מיט וועלכען ס׳הויבט זיך אן דאס יאהר *) .

---

*) די ערקלערונג פון ד׳עם יודישען קאלענדאר-סיסטעם איז גענומען פון דובנאוו׳ס „Всеобщая исторія Евреевъ"

# צעהנטעס קאַפּיטעל.

## די ישיבות אין בבל.

---

די רדיפות געגען יודען אין פּאַלעסטינא, צוזאַמען מיט דער פערעפענטליכונג פון דעם קאַלענדאר-סיסטעם, האָבען אין אַ גרויסער מאָס פערגרעסערט די בעדייטונג און דעם איינפלוס פון די בבלי'שע גייסטיגע צענטערן — די ישיבות. בכבוד'יג און פערהעלטנישמעסיג רוהיג האָבען דאָ יודען געלעבט אונטער דער הערשאַפט פון די פערסיאַנער, און זיי האָבען צוגעבראַכט דעם שטודיום פון דער תורה ביי זיך אין לאַנד ביז יענער הויכער מדרגה, אויף וועלכער ער איז געשטאַנען אין די גאָלדענע צייטען פון די ערשטע פּאַלעסטינישע תנאים. צו דער ישיבה אין סורא, וואו ס'האָבען זיך געזאַמעלט די מסורות פון אַלע צייטען, איז צוגעקומען די ישיבה אין פומבדיתא, וואָס האָט געגעבען אַ נייע ריכטונג דער יודישער געזעצלעהרע און אַ־ויסגעגעבען אַ גאַנצע רייהע ריזיגע גייסטער. נישט בלויז אין בבל אַליין — אויך אין די אַרומיגע לענדער האָט מען זיך געמוזט צוהערן צו די נייע ווערטער פון די „חריפי דפומבדיתא“ (די שאַרפזיניגע מוחות פון פומבדיתא), וועלכע האָבען אַרויפגעלעגט אַ אייגענעם שטעמפעל אויף דער גאַנצער עפּאָכע.

די בעדייטענדסטע טרעגער און פאָרשטעהער פון דער נייער ריכטונג זענען געווען רבה בר נחמני און זיינע תלמידים-חברים: אביי און רבא.

רבה בר נחמני האָט געזאָלט פערטרעטען דעם פּלאַץ פון

א ריש מתיבתא אין פומבדיתא גלייך נאך רב יהודה'ס טויט; ער האט אבער אבגעטרעטען דעם טיטול א עלטערן געזעצלעהרער פון איהם, מיט'ן נאמען רב הונא בר חינא, און ערשט נאך דעם ווי דער לעצטער איז געשטארבען, איז רבה אװעקגעשטעלט געװארען בראש פון דער ישיבה, וואו עס זענען צוליעב דעם צוגעקומען מאסען תלמידים פון אלע עקען לאנד. אלס געזעצלעהרער האט זיך רבה אויסגעצייכענט מיט זיין טיעפען און שארפזיניגען אנאליז, בנוגע צו די פערשיעדענע סתירות צווישען די משנות און די שפעטער צוגענעבענע ברייתות אדער סתם מימרות פון חכמים. האלטענדיג זיך ביי דעם כלל, אז דאס שטודיום פון דער הלכה פאדערט א בעזונדער לויטערע, פרעהליכע שטימונג, האט רבה זיך נוהג געװעזן, אנצוהויבען זיין שעור פאר די תלמידים מיט א געװיסען פרעהליכען וויץ („מלתא דבדיחותא") אדער הארציגער אגדה.

צווישען די אמוראים פון זיין צייט איז רבה געװעזן דאס, וואס ר' עקיבא איז געװעזן פאר די ערשטע תנאים. ער האט אויך געמאלט די תורה, „ווי א קייט פון געפלאכטענע רינגלעך", האט ארויסגעפונען דעם צד השוה (דאס געמיינזאמע) צווישען מאסען הלכות און זיי איינגעטיילט אין כללים און קאטעגאריעס. רבה איז דעריבער שטארק בעליעבט געװעזן אין דער ישיבה און די תלמידים האבען איהם אבגעגעבען נאך מעהר כבוד, ווי דעם אמאליגען בעניינער פון דאס בבלי'שע יודענטום, רב'ן. דאגעגען האט איהם דאס פאלק פון פומבדיתא נישט ליעב געהאט פאר זיין שארפען מוסר, און ווען דער המון האט א מאל מתרעם געװעזן אויף איהם דערפאר, וואס ער קען נישט אויספועל'ן ביי גאט קיין רעגען (דאס איז געװעזן אין א שטארקער „טריקעניש"), האט רבה מיט פערבלאטונג אויסגערופען: „וואס קענען די צדיקים פון דור אויפטאן, ווען דער דור אליין איז זינדיג".

אין רבה'ס צייטען האבען די יודען אין בבל געהאט אויסצוי-שטעהן געװיסע פערפאלגונגען מצד דעם פערסישען הויף, וואו אלס קעניג איז געזעסען דער צווייטער פון די סאסאנידען, שבור II (309—379); די יודען צוזאמען מיט די קריסטען זענען דעמאלט גערודפ'ט געװארען אלס אונגלויביגע, און נאר דער זכות פון קעניג'ס מוטער, איפרא הורמיז, וועלכע איז געװעזן פריינדליך געשטימט צום יודענטום, האט געשיצט די בבלי'שע יודען פון די שווערע גזירות, וואס די דארטיגע קריסטען האבען געמוזט איבערטראגען צו

יענער צייט. רבה אליין איז בעשולדיגט געוואָרען אין דעם, אז ער רעדט אָב זיינע תלמידים פון צאָהלען שטייערן, און ווען מ׳האָט איהם געגעבען צו וויסען, אז א שליח פון דער רעגירונג געהט איהם פאנגען, איז ער אנטלאָפען און זיך בעהאלטען אין די וועלדער ארום שטאָדט. איינמאָל האָט ער דערהערט א שטארקען גערויש פון טריט צווישען די בוימער, האָט ער עס אָנגענומען פאר א מחנה חילות, וואָס געהט איהם זוכען, און איז פון שרעק געשטאָרבען. דאן — דערצעהלט די פאָלקס-לעגענדע — איז א צעטעל אראָבגעפאלען פון הימעל, אויף וועלכען ס׳איז געווען געשריבען: רבה בר נחמני איז פערבעטען געוואָרען אין דער ישיבה של מעלה (ישיבה פון אויבען, פון גאָט), און ווען די תלמידים פון זיין ישיבה זענען געקומען אין וואלד, האָבען זיי געפונען זיין קערפער פערהילט און בעשאָטענט פון א גאנצער מחנה פויגעל. ווי ס׳שיינט, האָט די בעשולדיגונג געגען רבה׳ן מעהר קיינע אנדערע שלעכטע פאָלגען ניט געהאט פאר׳ן פאָלק, און דעם קעניג׳ס מוטער האָט גלייך נאָכדעם אריינגעשיקט דעם ריש מתיבתא א גרויסע סומע געלד, ער זאָל עס פערווענדען אויף א דבר שבצדקה *).

רבה׳ס נאָכפאָלגער אין דער ישיבה איז געווען זיין פריינד רב יוסף (געב. 270, געשט. 333), א מענש א קרענקליכער און א גרויסער כעסן. רב יוסף איז געווען א אויסנאהם אין דער ישיבה דערמיט, וואָס ער האָט ניט געהאלטען שטארק פון חריפות, און איז געווען בעריהמט נאָר אלס „בקי אין משנות, בריתות און מסורות״ (שמועות). אויסער זיין הלכי׳שען שטודיום אין דער ישיבה, האָט רב יוסף זיך בעשעפטיגט אויך מיט דער כאלדעאישער איבערזעצונג פון די הייליגע שריפטען. די תורה און איינצעלנע טיילען פון די נביאים צום געברויך פון די פאָרלעזונגען אין בית מדרש (הפטורה) זענען שוין, איינענטליך, לאנג געווען איבערזעצט אין סיריש און כאלדעאיש. די לעצטע, כאלדעאישע, איבערזעצונג איז געמאכט געוואָרען לויט דער גריכישער איבערזעצונג פון דעם בעריהמטען עקילס, און האָט בעקומען דעם נאָמען תרגום אונקלוס; די יודען אין מעסאָפאָטאמיען, וויעדער,

*) רב יוסף, דער ראש מתיבתא, וואָס האָט בעקומען די דאָזיגע קעניגליכע נדבה, האָט זי פערווענדעט, אויסצולייזען געפאנגענע (פדיון שבוים).

וואָס האָבען געערעדט סיריש, האָבען געהאַט די סירישע איבערזעצונגען, וואָס האָבען געהייסען „פשיטא". דער גרעסטער טייל פון די נביאים איז אָבער געבליבען נישט איבערזעצט, און רב יוסף איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט דעם חסרון ממלא געווען.

נאָך רב יוסף'ס טויט האָט זיך דאָס קאָלעגיום פון דער ישיבה געפונען אין אַ גרויסער פערלעגענהייט, ווייל עס זענען געווען גאַנצע פיער קאַנדידאַטען אויף צו פערנעהמען דעם פאָסטען, און דאָס קאָלעגיום האָט זיך נישט געקענט בעשליסען, וועמען פון די פיער אויסצוערוועהלען. די פיער זענען געווען: אביי, רבא, רבי זירא (זעירתא) II און רבה בר מתנה, און ס'איז געבליבען צו אָרגאַניזירען אַ קאָנקורס: עס וועט פאָרגעלעגט ווערען די פיער קאַנדידאַטען זעהר אַ הארבע שאלה, און אלע וועלען אָבגעבען זייערע שטימען דעם פון זיי, וואָס וועט געבען די בעסטע תשובה. פון דעם טורניר איז אביי אַרויס דער זיגער: זיין תשובה האָט קיינער נישט געקענט אָבפרעגען, און ער איז בעשטימט געוואָרען פאַר אַ ריש מתיבתא.

אביי, מיט'ן ביינאָמען נחמני (געב. 280; געשט. 338), איז אַלס קינד נאָך געבליבען אָהן עלטערן און ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט ביי רבה'ן אין שטוב. אין כאַראַקטער נאָכגיביג און וועך, איז אביי געווען שטאַרק בעליעבט ביי יודען, ווי ביי די געצענדיענער, און זיין ליעבלינגס-שפרוך איז געווען: „שטענדיג זאָל דער מענש זיין קלוג אין זיין גאָטספאָרכטיגקייט; ווייך ענטפערן און שטילען דעם כעס, האַלטען שלום צווישען זיינע ברידער, זיינע קרובים און אלע מענשען אַפילו אַ גוי אין גאַס, כדי ער זאָל זיין בעליעבט אויבען און געאַכטעט אונטען און אָנגענומען ביי מענשען". נישט קוקענדיג אָבער אויף זיין גרויסקייט אין מדות און אויף זיין שאַרפזיניגקייט אין דעם שטודיום פון דער הלכה, האָט ער פון דעסטוועגען נישט צוגעצויגען אין זיין ישיבה קיין סך תלמידים; דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס זיין נאָהנטסטער חבר רבא האָט זיך פון איהם אָבגעטיילט און געגרינדעט אַ בעזונדער ישיבה אין מחוזא (ביים טייך חדקל), וואוהין עס האָבען זיך איבערגעקליבען מאַסען תלמידים פון פומבדיתא. פאַר'ן צענטר פון דער הלכה האָט זיך אָבער דערווייל נאָך אַלץ גערעכענט פומבדיתא; ערשט נאָך אביי'ס טויט, איז רבא איינשטימיג אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר אַ ריש מתיבתא, און דער צענטר האָט זיך איבערגעטראָגען קיין מחוזא.

רבא בר-יוסף בר חמא (געב. 299, געשט. 352) פון

מחוזא איז געווען רייך, שארפזיניג און גרעסער פון אלע זיינע צייטגע־נאָסען אין הלכה, דאנקענדיג וועלכן האָט ער אָבער געהאַט אַ סך שוואַכע זייטען אין מדות און מוסר, וואָס האָבען איהם געשטעלט ניעדריגער פון די חברים־אמוראים. אַ באַזונדער שלעכטען אייגנדריק האָט געמאַכט זיין אונגעוועהנליכע גאוה, און ער אַליין האָט זיך געקלאָגט: „דריי זאַכען האָב איך געבעטען ביי גאָט, האָט ער מיר צוויי געגעבען און די דריטע נישט. איך האָב געבעטען ר ב ה ו נ א׳ס חכמה און רב חסדא׳ס עשירות — האָט ער דאָס מיר געגעבען; נאָר מיין תפילה, איך זאָל זיין אַזוי עניוות׳דיג און בעשיידען, ווי ר ב ה ב ר ר ב ה ו נ א — איז נישט אָנגענומען געוואָרען״. אויסער זיין פערזענליכען נישט סימפאטי־שען כאַראַקטער, האָט ער געהאַט אויך די שוואַכקייטען פון אלע זיינע שטאָדט־לייט, און נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זיי האָבען געהאַט זעהר אַ שלעכטען שם אין גאַנצען לאַנד, האָט ער זיך שטענדיג גע־שטעלט אויף זייער זייט און געזוכט, זיך צו ערוועקען זייער ליבע.

„אין אָנהויב — דערצעהלט ר ב א אין איין אָרט — האָב איך גע־גלויבט, אַז די מחוזא־לייט וועלן מיך אַלע ליעב האָבען; דערנאָך, ווערנדיג אַ שופט, האָב איך געזאָגט: אַנדערע פון זיי וועלן מיך ליעב האָבען, און אַנדערע — האַסען. ווען איך האָב זיי אָבער געוויזען, אַז דעם, וואָס איך פערורטייל היינט בעפריי איך מאָרגען, — האָב איך געזאָגט: אויב ליעב האָבען וועלן כיך אַלע ליעב האָבען, און אויב האַסען — וועלן אַלע האַסען״. דאָס דאָזיגע יאָגען זיך נאָך דער צונייגונג פון המון איז נישט געפעלן געוואָרען רבא׳ס חברים, און אַביי האָט אָפען ערקלערט, אַז אויב אַ צ ו ר ב א מ ר ב נ ן (געזעצ־לעהרער, געלעהרטער) איז זעהר בעליעבט ביי זיינע שטאָדט־לייט, איז עס נישט דערפאַר, וואָס ער איז בעסער פון אַנדערע, נאָר דער־פאַר, וואָס ער שטראָפט זיי ווייניג פאַר זייערע פערברעכענס״.

אַן׳אַנדער סכסוך איז פאָרגעקומען צווישען רבא׳ן און זיינע חברים איבער אַ מעהר וויכטיגער פראַגע. די איינוואוינער פון מחוזא האָבען, ווי ס׳איז שוין בעמערקט געווען אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל, געשטאַמט פון ג ר י ם, און די מעהר מיוחס׳דיגע פאַמיליעס האָבען זיך נישט געוואָלט מיט זיי מתחתן זיין. די מחוזא׳עאַנער איז דעריבער שווער געווען צו קריגען יודישע פרוי׳ען פאַר זייערע קינדער, און ווען זיי האָבען זיך געקלאָגט וועגען דעם פאַר רבי זירא׳ן, האָט ער גע־דרשה׳נט פאַר זיי, אַז אַ „ג ר מ ע ג נ ע ה מ ע ן אַ מ מ ז ר ת״. די

דאָזיגע ערלויבניש, וועלכע האָט אָוועקגעשטעלט דער גאַנצער בעפעלקע־רונג פון מחוזא אויף אַ ניעדריגער מדרגה און איהר מתיר געווען אַזוינס, וואָס איז אַלע יודען פערבאָטען, — האָט שטאַרק בעלײדיגט די צוהערער, און זיי האָבען געוואָלט רבי זירא'ן פערוואַרפען — דאָס איז געווען אום סוכות — מיט זייערע אתרוגים. דאַן האָט רבא זיך אָנגענומען פאַר די בעלײדיגטע, און אַרויסטרעטענדיג שאַרף נעגען רבי זירא'ן האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט און געדרשה'נט, אַז „אַ גר מעג נעהמען אַ בת כהן", פאַרוואָס די מחוזא'ענער האָבען איהם בעגײַסטערט געדאַנקט.

די שוואַכקײַטען פון זײַנע שטאָרט־לײַט האָט רבא אַרויסגעוויזען אויך בנוגע צו געלד־ענינים, און גאַנץ אָפט האָט ער זיך אַפילו ער־לויבט צו פערשקלאַפען די אָרימע יודען, וואָס האָבען זיך מיט עפּעס פערזינדיגט נעגען דער תורה. בכלל בעמערקט זיך בײַ די בבלישע יודען פון יענער צײַט אַ געוויסע ירידה אין די הינזיכטען פון זיטליכקײַט, יושר און יודישער בעשײדענהײַט; די אַריסטאָקראַטיע איז געווען פערזונקען אין לוקסוס און פראַכט, און געזעצלעהרער פלעגען אַרויסגעהן אויסגעפוצט אין טײַערע זײַדענע קלײדער, אָדער געטראָגען ווערן פון שקלאַפען (אָפט יודען) אין פערגאָלדעטע הימעל־בעטען. עס האָט זיך דאַן אויך אויסגעבילדעט די אַמאָליגע פאַלעסטינישע פעראַכ־טונג צום עם הארצי'שען המון, און ס'איז ענטשטאַנען ווי אַ מין בעזונ־דער אַריסטאָקראַטען־קאַסטע פון תלמידי חכמים, וואָס האָבען געגענזײַ־טיג געשיצט די אײגענע אינטערעסען אויפן חשבון פון געמײנעם פאָלק. רבא אַלײן האָט זיך מודה געווען, אַז ווען עס קומט פאַר איהם זיך משפט'ען אַ צורבא מרבנן מיט אַ המוני'שען יודען, געהט ער נישט שלאָפען פריהער, ביז ער געפינט נישט אויס עפּעס אַ זכות פאַר דעם ערשטען; בײַ יעדען שופט איבערהויפּט האָט דער פראַצעס פון אַ תלמיד חכם געמוזט בעטראַכט ווערן פריהער; האָט אַ מיטגליעד פון דער קאַסטע געבראַכט אין מאַרק סחורה צו פערקויפען, האָבען אַלע איבריגע סוחרים געמוזט אָבטרעטען און לאָזען איהם פערקויפען די סחורה צו די פרײַזען, וואָס ער האָט זיך געשטעלט; פון אַ סך שטאָד־טישע אָבצאָהלונגען האָבען זיך די געזעצלעהרער־פאַטריציער בעפרײַט, און רבא איז זאָגאַר פערגאַנגען אַזוי ווײַט אין זײַן זאָרג פאַר די אינטע־רעסען פון דער קאַסטע, אַז ער האָט ערלויבט די חברים, זיך אָנצו־

געבען פאר אָנהעגגער פון דעם פייער-קולט, כדי זיי זאָלען נישט דארפען צאָהלען דעם קאָפּ-שטייער.

אָט די אַלע פּריווילעגיעס אינ׳ם אַלטעגליכען לעבען, וואָס די געזעצלעהרער האָבען זיך געגומען, האָבען אַרויסגערופען אין פאָלק אַ טיפע פערבּיטערטקייט געגען דער אַקאַדעמישער אַריסטאָקראַטיע. די פאָלקס-מאַסען האָבען זיגגעהויבען רעדען מיט אַ חוזק-טאָן פון „די דאָזיגע רבּנן“, און אַנדערע פלעגען אָפען טענה׳ן: „וואָס האָבען מיר פון די רבּנן? זיי לערנען פאר זיך, זיי לייענען פאר זיך (פאר זייערע אייגענע נוצען)“; אָדער: „וואָס האָבען מיר פון די רבנן? זיי האָבען נאָך קיינמאָל נישט מתּיר געווען קיין קראָה און נישט גע׳אַסר׳ט קיין טויב“, ד. ה., אַז מיט אַלע זייערע פּשט׳לעך און פלפּולים זענען זיי דאָך נישט אימשטאַנד עפּעס אויפצוטאָן געגען דעם, װאָס שטעהט אין דער תּורה און געגען די בּיזהעריגע מסורות פון פאָלק.

נאָך דעם אַלעמען האָט זיך דאָס שטודיום פון דער הלכה דאָך זעהר פערשטאַרקט אין יענער צייט און פון אַלע עקען לאַנד זענען אָנגעקומען תּלמידים אין רבא׳ס ישיבה. צווישען די דאָזיגע תּלמידים האָבען זיך געפונען אַ סך, וואָס האָבען איבּערן לערנען פערנאַכלעסיגט זייערע וועלטליכע בּעשעפטיגונגען, און רבא האָט זיי געמוסר׳ט: „איך בּעט אייך, קומט נישט צו מיר אין די חדשים פון פריהלינג און הערבּסט, ווען איהר פערזוימט די צייט פון שניידען (די תּבואה) און זאַמלען (די טרויבען), און מוזט דערנאָך דעם גאַנצען יאָהר פערנומען זיין מיט דאַגות פּרנסה“.

רבא׳ס דרשות אין דער ישיבה זענען געווען מעהר בּעליעבּט פון אביי׳ס; דאָס איז געווען רערפאַר, וואָס זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט אַ גלייכען, לויטערען פערשטאַנד און מיט זעהר אַ איידעלער שאַרפקייט בּיים אונטערשיידען איין זאַך פון דער אַנדערער. דער גאַנצער תּלמוד אייגענטליך: דער אוצר פון אָנציהענד-שאַרפזיניגע שאלות, תּשובות, פערגלייכונגען און אונטערשיידונגען; דער הויכער געדאַנקען-פליה, וואָס שטיצט זיך אויף איין פּונקט און האַפּט בּליצשנעל אַרום אַ גאַנצען לייטער פון אַלץ נייע שלוספאָלגערונגען און הלכות; די אונגעוועהנליכע דיאַלעקטישע פאָרם, — אָט דער גאַנצער ריעזיגער בּנין איז אַ פּראָדוקט פון דער צייט, און תּלמודיסטען אים

איינענטליכען זין פון דעם ווארט, ד. ה. געזעצפארשער-דיאלעקטיקער זענען געווען נאר די דריי: רבה, אביי און רבא.

אלס געזעצלעהרער האט זיך רבא אין זיין צייט נערעכענט פאר דעם איינציגען אויטאריטעט נישט בלויז אין בבל. ער פלעגט זיך נישט אבשטעלן אפילו פאר א בפירוש'ער משנה אדער ברייתא, און דארט, וואו די לעצטע איז געוועזן געגען זיין לאגישער סברא, האט ער זיך געהאלטען ביי דער סברא.

נישט זעהר געהויבען איז געוועזן אין יענער צייט די פאליטישע לאגע פון די בבלי'שע יודען. אויפן פערסישען טראן איז נאך אלץ געזעסען דער זעלביגער שבור II, און די יודען אין דער מלוכה האבען פון איהם אויך אזוי פיעל געליטען, אז רבא האט געמוזט אלע מאל אונטערקויפען די הויכע בעאמטע מיט גרויסע סומעס געלד. איינמאל האט זיך זאגאר געמאכט, אז ער, רבא, אליין איז געשטאנען אין געפאהר; דאס איז געוועזן נאכדעם, ווי ער האט געלאזען הארט בעשטראפען א יודען פאר אויסגעלאסענקייטען מיט א פערסישער גאסען-פרוי, און דער פערראורטהיילטער איז פון דער שטראף געשטארבען. פון דעם פאקט האט זיך דער קעניג דערוואוסט, און רבא'ן איז פאר-געשטאנען זעהר א הארבער משפט פאר'ן איבערטרעטען די גרעניצען פון זיין מאכט; דעם קעניגס מוטער האט אבער אבגעווענדעט די שטראף פון דעם יודישען ריש-מתיבתא. זי זאל דערביי, לויט דער לעגענדע, האבען געזאגט צום קעניג: „טשעפע דיך נישט מיט די יודען; זייער גאט טוט פאר זיי אלץ, וואס זיי בעטען איהם". פון דער זעלביגער יודענפריינדליכער קעניגין ווערט דערצעהלט, אז זי האט, אויסער דער גרויסער נדבה רב יוסף'ן (זעה ז. 209) אריינגעשיקט אויך רבא'ן פיער הונדערט דינרים, וועלכע ער האט צוטיילט צווישען די געצענ-דינערישע ארימע לייט פון שטאדט; לויט נאך א לעגענדע זאל זי זאגאר האבען אריינגעשיקט איינמאל דעם ריש מתיבתא א קרבן פאר דעם „איינציגען גאט", וואס זאל געאפפערט ווערן לויט די יודישע געזעצען.

מיט רבא'ס טויט (352) פאלט די בעדייטונג פון מחוזא און פומבדיתא. הויבט צוריק אן שפיעלען די ראליע פון א גייסטיגען צענטער פאר'ן גאנצען לאנד; דאס איז שוין אבער נישט געוועזן דער גלאנץ פון די פריהערדיגע צייטען. די גאונות פון בבלי'שען יודענטום האט זיך אזוי ווי אויסגעשעפט, און קיין איינציגער פון רבא'ס נאכפאלגער

איז נישט אימשטאנד געווען זיין פלאץ אויסצופילען. די ישיבה אין פומבדיתא האט ווייטער עקסיסטירט און נאך א סך יאהרען צוגעצויגען מאסען תלמידים; די פיהרער פון דער ישיבה זענען שוין אבער איצט כסדר געווען מיטעלמעסיגקייטען, וועלכע האבען גאנץ ווייניג בערייכערט דעם איבערגענומענעם מאטעריאל, און איהם בלויז געפפלעגט און דערהאלטען.



## עֶלפטֶעם קאַפּיטעֶל.

### די ווייטערדיגע רוימישע מלכים און די ירידה פון פּאַטריאַרכאַט.

---

אַ לִיכטִיגֶער שטראַהל האָט פאַר יהודה אַ שַׁיין געטאָן אויף אַ קורצער צַייט מִיט דער הערשאַפט פון יוליאַן אַפּאָסטאַט. אַ ברודער פון דעם בערִיהמטען גאַלוס און אַ נאָהנטער קרוב פון קאָנסטאַנציוס'ען אַלֵיין, אִיז יוליאַן דאָך נִישט גלַייך געווען נִישט צו גאַלוס'ען און נִישט צו קאָנסטאַנציוס'ען, און נאָר דורך אַ וואונדער האָט ער בעווִיזען צו ווערן פרִיהער מִיט-קֵייזער און דערנאָך זעלבסט-הֶערשענדער קֵייזער פון דער גאַנצער רוימִישער אִימפּעריע. דאַן האָט יוליאַן גענומען אויף זִיך, דורכצופִיהרען אִין לעבען די פִּילאָזאָפִישע אִידעען פון זַיינע יוגענד-לעהרער לִיבּאַניוס און מאַקסִימוס.

דער סך הכל פון די אִידעען אִיז געווען פאָלגענדער: די אונטער-דריקטע פון אַלע סעקטעס און נאַציאָנען מוזען בעפרַייט און געשִיצט ווערן, פון די אונטערטאַנען דאַרף אַראָבגענומען ווערן די לאַסט פון שווערע שטַייערן, דאָס הַיידענטום דאַרף צורִיק אויפלעבען, נאָר דערבַּיי דאַרף עס גערַיינִיגט ווערן פון אַלע נאַרִישע אַבּערגלויבענס און מאוס'ע מעשים, וואָס האָבען עס פעראונרַיינִיגט און פערמאוס'ט, און ענדלִיך: דאָס קרִיסטענטום דאַרף צורִיק אַרַיינגעהן אִין די ראַהמען פון אַ געדולדעטען גלויבען. די קרִיסטלִיכע גרולִים, וועלכע זענען שוין צוגעוועהנט געווען צו דער ראָליע פון הערשער און בעפעהלער, האָבען

זיך שטאַרק דערשראָקען פאַר די נײַע אײַנפירונגען פון דעם פילאָזאָפיש-הומאַנישען קײזער און איהם געקרוינט מיט׳ן שאַנד-נאָמען אַפּאָסטאַט (אָבטריניגער, אָבגעקעהרטער פון רעליגיע וועג); יוליאַן האָט זיך אָבער פאַר קײן זאַך נישט אָבגעשטעלט. ער האָט גלײַך נאָך זײַן אַרױפשטײַגען אויף דעם רוימישען טראָן אָבגעשאַפט אַלע פּריווילעגיעס פון קריסטענטום און פערבאָטען יעדען אַקט פון געוואַלט געגען וועמען ס׳איז פאַר זײַן גלויבען. מיט דעם ערדיקט זענען שוין ממילא אָבגעפאַלען אַ סך פון די פריהערדיגע ערניעדריגענדע גזירות געגען יודענטום, און דערבײַ אַלײן האָט זיך יוליאַן נאָך נישט אָבגעשטעלט. די יודען זענען באַלד נישט נאָר צוריק גלײַכגעשטעלט געוואָרען אין זײערע רעכט מיט אַלע איבריגע טײלען פון דער בעפעלקערונג; זײ האָבען אין אַ סך הינזיכטען בעקומען זאָגאַר גרויסע פּריווילעגיעס, און יוליאַן אַלײן האָט זיך צו זײ בעצויגען מיט אַ בעזונדער האַרציגער פרײַנרשאַפט. איהם האָט טיף אויפגעבראַכט די פערביטערטע שנאה, מיט וועלכער דאָס קריסטענטום אונטער קאָנסטאַנציוס׳עס הערשאַפט האָט בעהאַנדעלט דעם יודישען גלויבען און זײַנע אָנהענגער, און זענענדיג אַלײן שטאַרק גענויגט צו דעם יודישען מאָנאָטעאיזם און צו די יודישע בעגריפען פון מאָראַל און מענשענליבע, האָט ער געוואָלט אַזוי ווי אָבצאָהלען יודען פאַר די אַלע ערניעדערונגען און דריקונגען, וואָס זײ האָבען געהאַט אויסצושטעהן אונטער דעם פריהערדיגען רעזשים.

אַ בעזונדער ליבע האָט יוליאַנוס געפיהלט צו דעם קולט פון קרבנות, און אין דער הינזיכט איז איהם דאָס יודענטום אויך שטאַרק געפעלען. „אמת, — שרײַבט ער אין אײנעם פון זײַנע ווערק — די יודען האָבען איצט אויפגעהערט מקריב צו זײַן קרבנות און צו גיסען נסכים; דאָס האָבען זײ אָבער געטאָן נישט פון זײער אײגענעם ווילען, נאָר דערפאַר, ווײַל די רוימער האָבען חרוב געמאַכט זײער בית המקדש. און דאָך זענען זײ נאָך ביז הײַנטיגען טאָג מקריב אַ קרבן צו זײער גאָט — האָטש נישט מיט אַזאַ פּראַכטיגקײט און הײליגער פײַערליכקײט, ווי אַמאָל, — דען זײ עסען זײער ברויט אין הײליגקײט (היטען אָב די געזעצען פון טומאה וטהרה) און דאָס דאַווענען איז בײַ זײ אויך אָנשטאָט קרבנות און פון יעדער געקוילעטער בהמה גיבען זײ אַוועק געוויסע טײלען די קינדער פון אהרן הכהן".

צו די דאָזיגע פערזענליכע סימפּאַטיעס איז צוגעקומען אויך אַ פּאָליטישער מאָטיוו; יוליאַנוס האָט זיך שוין דאַן אַרומגעטראָגען מיט׳ן

נעדאַנק, צו בעזיעגען די פערסיאַנער, און ער האָט געוואָלט צוציהען אויף זיין זייט די בבלי'שע יודען, וואָס האָבען געשפיעלט אַ גאַנץ בעדייטענדע ראָליע אין דעם פערסישען מלוכה-לעבען.

איבער דעם אַלעמען האָט יוליאַנוס אַרויסגעוויזען יודען אַלערליי חסדים, און די צוויי יאָהר פון זיין הערשען קענען גערעכענט ווערען פאַר אַ גליקליכען פעריאָד אין׳ם לעבען פון די רוימיש-פּאַלעסטינישע יודען. מיט׳ן פּאַטריאַרך פון יענער צייט, הלל II, איז דער קייזער געשטאַנען אין אַ בריעפליכען פערקעהר, און אין איינעם פון די ראָזיגע בריעף צו זיין „עהרוויררדיגען פריינד״, דעם נשיא, האָט איהם יוליאַנוס פערזיכערט אין זיין גוט-געזינטקייט צו יודען און צוגעזאָגט, מבטל צו זיין אַלע אויסנאַהמס-געזעצען, וואָס זענען אַרויסגעגעבען געוואָרען געגען זיי אין די פריהערדיגע צייטען. אַזעלכע עפענטליכע בריעף צו דעם יודישען פּאַטריאַרך האָבען, ערשטענס, שטאַרק אויפגעהויבען דעם נעפאַלענעם פּרעסטיזש פון דער יודישער אומה אין די אויגען פון די אַרומיגע פעלקער, און חוץ דעם, זענען יודען מיט דער צייט ווירקליך בעפרייט געוואָרען פון אַ סך שווערע גזירות און שטייערן.

דאָס אַלץ איז נאָך אָבער גאָרנישט געווען אים פערגלייך מיט דער גרויסער בשורה, וואָס יוליאַנוס האָט אָנגעזאָגט דעם יודישען פאָלק, — די בשורה, אז ער וויל אויף זיינע אייגענע קאָסטען אויפבויען צוריק דעם בית המקדש אין ירושלים, וואו עס זאָל ווידער, ווי אַמאָל, געפייערט און געאַפּפערט ווערען דער נאָמען פון דעם גרויסען איינציגען יודישען גאָט. וועגען דעם פּלאַן האָט ער אין הערבסט פון יאָהר 362 פוּ-גאַנדערגעשיקט (פון אַנטיוכיא) דעם פאָלגענדען גריכישען בריעף:

„צו די יודישע קהלות!

נאָך פיעל שווערער פון דער אָבהענגיגקייט אין דער פערגאַנגענער צייט, איז געווען פאַר אייך דאָס, וואָס מ׳האָט אויף אייך אַרויפגעלעגט נייע שטייערן, אייך נאָרנישט אָנזאָגענדיג פריהער וועגען דעם, און איהר האָט געמוזט אַריינטראָגען אונצעהליגע מענגען געלד אין׳ם אוצר המלוכה. אַ סך האָב איך אַליין געזעהן, און נאָך מעהר בין איך געוואָהר געוואָרען, ווען איך האָב געפונען די שטייערן-ליסטע, וואָס איז געווען צונויפגעשטעלט צו אייער שאָדען. איך אַליין האָב אָבגעשאַפט איין אָבצאָהל, וואָס איז שוין געווען בעשטימט פאַר אייך אין דער צוּ-קונפט, און אַראָבגענומען דערמיט פון אייך אַ בעליידיגונג. איך אַליין

האָב איבערגעגעבן דעם פייער די שטייער: ליסטע צו איער שאָדן, וואָס איך האָב געפונען אין מיינע אַרכיוון, כדי קיינער זאָל נישט קענען מעהר אייך אָנרופען „נאָט-לעסטערער". אין דעם האָט מיין ברודער, דער רוהם-ווירדיגער קאָנסטאַנציוס, נישט אַזוי פיעל שולד, ווי פיעל די באַרבאַרען לויט'ן געדאַנק און גאַטלאָזע לויט'ן געמיט, וועלכע האָבען ערפונדען אַזאַ אָבשאַצונג. איך אַליין האָב זיי מיט דער אייגענער האַנד פערוואָרפען אין טיעפען אָבגרונד, כדי עס זאָל ביי אונז אַפּילו קיין זכר נישט בלייבען פון זייער אונטערגאַנג. —

וועלנדיג אייך נאָך מעהר חסד בעווייזען, האָב איך ערמוטיגט מיין ברודער, דעם עהרווירדיגען פּאַטריאַרך יולאָס (הלל), אויפצוהערן מאָהנען ביי אייך דעם אַזוי גערופענעם אַפּאָסטאָל-שטייער, און קיינער זאָל אייך מעהר נישט דריקען ביי דער אויפמאָהנונג פון אַזעלכע שטייערן, כדי איהר זאָלט אומעטום אין מיין מלוכה זיין פריי פון זאָרגען. דאַן, אַזוי געניסענדיג פון מנוחה, וועט איהר קענען שיקען פאַר מיין מלוכה הארציגע תפילות צום אַ'מעכטיגען וועלט-בעשעפער, וועלכער האָט מיך געשטיצט מיט זיין ריינער רעכטער האַנד; דען עס איז שוין אַזוי, אַז די יעניגע, וואָס לעבען אין קימער און זאָרג, זענען פויל אין גייסט און פיעל'ן נישט ביי זיך, אויפצוהויבען די האַנד אין אַ תפילה צום בורא עולם; די יעניגע אָבער, וואָס האָבען קיינע זאָרגען נישט און פרעהען זיך מיט דער גאַנצער נשמה, קענען ניכער און איניגער אויסגיסען זייער הארץ אין אַ תפילה פאַרן גליק פון דער מלוכה צו דעם אַלערהעכסטען גאָט, וועלכער קען אַמבעסטען מיטווירקען די גליקליכע בעניַיאונג פון מיין מלוכה, ווי איך האָב זי מיר אָנגעצייכענט. — דאָס זאָלט איהר טאָן, דאַן וועל איך, ענדיגענדיג גליקליך דעם קריעג מיט די פּערסיאַנער, בעזוכען די הייליגע שטאָדט ירושלים, וועלכע וועט אויף מיינע אייגענע קאָסטען בעניַיט ווערן (אין דער געשטאַלט), אין וועלכער איהר ווינשט זיך זי צו זעהען שוין אַזוי פיעל יאָהרען; דאָרט וועל איך צוזאַמען מיט אייך אָבגעבען עהרע דעם אַלמעכטיגען".

דער בריעף האָט, ווי מ'קען זיך פאָרשטעלן, געמאַכט אַ שטאַרקען רושם אין דער יודישער וועלט, און די אגדה האָט אויף יוליאַנוס'ען געלייגט די נבואה פון דניאל'ן: ובהכשלם יעזרו עזר מעט (און ווען זיי וועלן געשטרויכעלט ווערן, וועט אויף זיי אַ לייכטע הילף קומען), ד. ה., אַז נאָך די דריקונגען און רדיפות פון די קיסרים

קאָנסטאַנציוס און גאַלוס, וועלן זיי געהאָלפען ווערן דורך דעם קיסר יוליאַנוס.

און די הילף האט זיך חירקליך אָנגעהויבען צו בעווייזען. יוליאַנוס האט זיך גאַנץ ערנסט בעצויגען צו זיין הבטחה, און חאָטש ער איז געווען שטארק בעשעפטיגט מיט די הכנות צו דער מלחמה מיט די פערסיאַנער, האט ער דאָך נישט אָבגעלעגט דעם פלאן פון רעסטאוירירען ירושלים מיט'ן בית המקדש. ער האט בעשטימט זיין נאָהנטען פריינד, דעם געלעהרטען אַליפּיוס פון אנטיוכיא, פאַרן אויבער־אויפזעהער פון דער גאַנצער אונטערנעהמונג, און איהם אָנגעזאָגט נאָך, ער זאָל זיך נישט אָבשטעלן פאר קיינע אויסגאבען און זעהן נאָר, אז די ארבייט זאָל ארויסקומען וואָס שענער און פאָלקאָמענער. אַליפּיוס'ען צו הילף זענען בעשטימט געוואָרען די רוימישע פערוואלטער פון סיריען און פאַלעסטינא, וועלכע האבען בעקומען א בעפעהל, צו שטיצען די ארבייט מיט אלעם נויטיגען; און ווען אלע פארבערייטונגען זענען געענדיגט געווען און בוי־מאַטעריאל איז אין גרויסע מאסען שוין געלעגען גרייט, האבען די ארבייטער אָנגעהויבען אָבצוראַיניגען דעם פּלאַץ פון די חורבות, וואס זענען דארט געלעגען אָנגעהויפט זינט דער דריי־הונדערטיעהריגער צושטערונג פון בית המקדש.

און די יודען? ווי האבען זיי זיך בעצויגען צו דער אונערוואַרטעטער פערווירקליכונג פון זייער אלטען חלום? וועגען דעם איז שווער צו זאָגען עטוואס פּאָזיטיווס. די יודישע קוועלן פון יענער עפּאָכע פערשווייגען אינגאַנצען יוליאַנוס'עס אונטערנעהמונג און דערצעהלען אונז דעם גאָרנישט; די שילדערונגען, ווידער, פון די שפּעטערדיגע קריסטליכע היסטאָריקער וועגען דאס לעבען און ווירקען פון דעם "אָבטריניגען" קייזער — זענען זעהר טענדענציעז. לויט איינער פון די ראַזיגע קוועלן, האבען יודען פון די ווייטסטע לענדער געשיקט מאסען געלד פאר דער אויפבויאונג פון בית־המקדש און פרויען האבען זייערע צירונגען אוועקגעשענקט און אליין געהאָלפען טראָגען שווערע שטיינער צו דער ארבייט. בכלל האט אָבער דאס פאָלק זיך בעצויגען צו דער זאַך זעהר פאָרזיכטיג און מיט א געוויסען געפיהל פון אומצוטרוי. אין'ם הונדערטיעהריגען חלום פון דער געפּלאָגטער אומה איז די צוריק־אויפבויאונג פון בית המקדש שטענדיג געווען פערבונדען מיט דער פאַרשטעלונג פון א משיח, פון א גאָט־געזאַלבטען בן דוד, וואס וועט וואונדער בעווייזען און אראָבברענגען אויף דר'ערד די מלוכה פון

אײַביגען גליק און אײַביגער גערעכטיגקייט; און דאָ זאָל גאָר די זאַך געשעהען אַ דאַנק דער פּשוט'ער איניציאַטיווע פון אַ געצענדינערישען רוימישען קייזער! די גאַנצע אַרבייט איז דעריבער געטאָן געוואָרן כמעט אָהן דער ממשות'דיגער בעטייליגונג פון די יודישע מאַסען, און ס'איז גענוג געוועזען איין אומגליקס־צופאַל בײַ דער אָבריינונג פון די חורבות, אום אָבצושטעלען די גאַנצע אונטערנעהמונג.

דער צופאַל איז פאָרגעקומען אויף דעם פאָלגענדען אופן: ווען מ'האָט אָבגערייניגט די אַלטע חורבות פון בית המקדש און אָנגעהויבען אויסצוגראָבען דעם פונדאַמענט, האָט זיך פּלוצלינג אַרויסגעריסען אַ פייער פון דער ערד און עטליכע פון די אַרבייטער זענען פערברענט געוואָרען. די סבה פון אַזאַ מין אויפרייס אין די אונטערערדישע הויהלען פון בית המקדש איז געוועזען, ווי ס'איז צו גלויבען, די שטאַרק צוזאַמענגעפּרעסטע לופט אין יענע מערות, וואָס איז פּלוצלינג בעפרייט געוואָרען פון דרוק און האָט זיך פעראייניגט מיט די גאַזען פון אויבען. בײַ אַ בעגייסטערטען ווילען מצד די יודען, וואָלט נאַטירליך לייכט געפונען געוואָרען מיטלען, צו בעזייטיגען די אַלע מעגליכע שטערונגען, אום צו קענען פאָרטזעצען די אַרבייט. דאָ האָט אָבער די יודישע בעגייסטערונג אינגאַנצען געפעהלט, און אַליפּיוס האָט זיך ערלויבט אָבצושטעלען די אַרבייט ביז אַ ווייטערדיגער אינסטרוקציע פון יוליאַנוס'ען. דער לעצטער האָט, איבריגענס, חושד געווען די קריסטען, אַז די גאַנצע מעשה מיט'ן אויפרייס איז געשעהען נישט אָהן זייער וויסען, און ער זאָל זיי זאָגאַר — לויט די דערמאָנטע קריסטליכע קוועלען — האָבען געדראָהעט, האַרט צו בעשטראָפען דערפאַר, נאָך זיין צוריקקעהרען פון דער מלחמה.

צום אונגליק פון דער יודישער אומה האָט זיך אָט די מלחמה מיט די פּערסיאַנער זעהר טרויעריג געענדיגט פאַר יוליאַנוס'ען, און דאָס קריסטענטום האָט ווידער אויפגעהויבען דעם קאָפּ. יוליאַנוס האָט די גאַנצע רוימישע מאַכט קאָנצענטרירט אין איין אָרט און אָנגענומען אַלע מעגליכע מיטלען, צו בעזיעגען די פּערסיאַנער און צו פערשפּרייטען די פליגעל פון דעם רוימישען אָדלער איבערן אַזיאַטישען מזרח; און דאַגעגען האָט שבור מלכא II זיך אויך געשטעלט פאַר אַ לעבענס־אויפגאַבע, צו פערטרייבען די רוימער פון אַזיע און צו בלייבען דאָרט דער איינציגער בעל־הבית.

אַפּראָפּאָ און אַזיע האָבען זיך ווידער אויפגעשטעלט מיט האָפען

אין די הענד איינע געגען דער צווייטער, אין גראד זענען די ענטשיידענדע קריגס-אפעראציעס פארגעקומען אויף דער געביעט פונם יודישען בבל. פירוז-שבור, די פון יודען בעפעלקערטע בבלי'שע שטאדט, האט קאפיטולירט נאך א דריי-טאגיגער שווערער בעלאגערונג און איז אינגאנצען פערברענט געווארען; די פארשטאדט פון דער פעסטונג קטעסיפאן, מחוזא, האט געשטעלט די רוימער א פערביטערטען ווידערשטאנד און איז אויך חרוב געווארען; דא האט אבער יוליאנ'ען זיין גליק פערלאזען. ביי קטעסיפאן זענען די רוימער בעזיעגט געווארען, און יוליאנוס האט פערלוירען נישט בלויז די פרוכט פון זיינע פריהערדיגע נצחונות, נאר אויך זיין לעבען. איהם האט געטראפען א פייל, וואס א קריסט פון זיין אייגענער ארמעע זאל האבען אין איהם געציעלט, און די לעצטע ווערטער פון דעם גרויסען קייזער זענען געווען: „דו האסט געזיעגט, גליל'ער!"

די קריסטען האבען זיך, נאטירליך, געפרעהט מיט'ן טויט פון זייער פערביטערטען געגנער און געזעהן אין דעם א צייכען פון הימעל, ווי זיי האבען בכלל אויסגעטייטשט די נישט געלונגענע אונטערנעהמונגען פון דעם גייסטרייכען קייזער; דאגעגען האבען די יודען אין דער רוימישער אימפעריע שטארק בעדויערט דעם טויט פון זייער איבערגעגעבענעם פריינד, וואס האט זיי בעפרייט פון'ם דרוק פון קריסטענטום. זיי האבען געהאט א גרונד מורא צו האבען, אז די זיילען פון דער קירך וועלן איצט צוריק ווערן די הערשער פון לאנד און וועלן זיך ווידער נוקם זיין אין יודען פאר די צוויי יאהר פון זייער געוועלטיגען.

אין דער ווירקליכקייט איז דאס אזוי גיך נישט געשעהען. יוליאנ'ס נאכפאלגער, יאוויאן (פון יוני 363 ביז פעברואר 364), וועלכער איז געווען געצוואונגען, צו שליסען א שענדליכען שלום מיט דעם פערסישען זיעגער, האט אין אלגעמיין געהערשט א צו קורצע צייט, אום צו קענען דורכפיהרען וועלכע ס'איז ענדערונגען אין די געזעצען פון לאנד, און יוליאנ'ס טאלעראנץ-עדיקט איז אויך ווייטער פערבליעבען אין זיין קראפט. אין דער הינזיכט האט זיך די לאגע נישט געענדערט אויך אונטער דער הערשאפט פון די צוויי ברידער וואלענטיניאן I (375 — 364) און וואלענס (378 — 364); דער לעצטער, וועלכער האט בעהערשט דעם מזרח-טייל פון דער אימפעריע, איז געווען אנ'ארי-

נער *), און האָבּענדיג אַליין צו פיהרען אַ האַרטען קאַמפף מיט דער שטאַרקער קאַטוילישער מעהרהייט, איז ער שוין ממילא געוועזן טאָלעראַנט אויך צום יודענטום. אין דעם קאַמפף צווישען די קאַטאָליקען און אַריאַנער איז אַרייַנגעצויגען געוואָרען אויך דער קייזער פון די מערב-פּראָווינצען, וואַלענטיניאַן I, און ער האָט זיך אויך געהאַלטען ביַי דעם פּרינציפּ פון פריעדען און טאָלעראַנץ. לויט זייַנע עדיקטען האָט יעדער בּירגער פון לאַנד זיך געמעגט אויסוועהלען דעם גלויבּען, וואָס איז איהם געפעלן (371), און די יודישע רעליגיאָנס-אַנשטאַלטען האָבּען בּעקומען די זעלבּיגע הנחות, וואָס די כריסטליכע.

פערטיידיגט יודען געגען די געפּלאַנטע רדיפות פון דער קירך האָט אויך טעאָדאָסיוס I דער גרויסער (379 — 395), נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער איז אַריבּער אויף דער זייַט פון קאַטאָליציזמוס און האָט שטאַרק געראָדפ'ט די אַריאַנער. טעאָדאָסיוס האָט זיך געשטיצט אויף דעם, וואָס די יודישע אמונה איז נישט פערבּאָטען געוועזן אין די געזעצען, און ער האָט בּעפוילען, נישט צו שטערן די יודען אין די פונקציעס פון זייער אמונה. בּיַי אַ צווייטען פאַל, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דאָס רעכט פון פּאַטריאַרך, אַרייַנצולעגען אין חרם געשמד'טע יודען, האָט טעאָדאָסיוס זיך אויך געשטעלט אויף דער זייַט פון פּאַטריאַרך; ער האָט אַרויסגעגעבּען אַ ספּעציעלען בּעפעהל, וואָס האָט איבּערגעלאָזען דעם פּאַטריאַרך און די פּרימאַטען (קהלה-פאָרשטעהער) דאָס פולע רעכט, אויסצושליסען פון דער קהלה די, וואָס זיי געפינען פאַר נויטיג, און בּכלל בּעפעסטיגט די אויטאָריטעט פון פּאַטריאַרכאַט בּנוגע צו די אינווענינגסטע אַנגעלעגענהייטען פון דעם יודישען לעבּען.

טעאָדאָסיוס האָט זיך, בּיים שיצען די יודישע רעכט, נישט אָבּגעשטעלט אפילו פאַר די שאַרפסטע מיטלען, און ווען דער פּאַטריאַרך האָט זיך בּעקלאָגט פאַר איהם אויף דעם קאָנסולאַר העזיכיוס, אַז ער האָט בּיַי איהם אַוועקגערויבּט זעהר וויכטיגע פּאַפּיערען, האָט ער דעם אָנגעקלאָגטען פערמשפּט צום טויט; אָט די אַלע קייזערליכע בּעפעהלען האָבּען אָבּער געהאַט נאָר אַ קליינע בּעדייַטונג אַנטקע-

---

*) דאָס איז געווען אַ קריסטליכע סעקטע, וואָס איז געשטאַנען נעהנטער צו די דאָגמען פון יודענטום, ווי צו די גלויבּענס-סימבּאָלען פון קאַטאָליציזם.

נאָך דער סיסטעמאַטישער אַגיטאַציע פון די פאַנאַטישע קירכען-לעהרער, װעלכע האָבען אויפגעװעקט בײַ די קריסטליכע מאַסען אַ גיפטיגע שנאה צו די אַריאַנער, װי צום יודענטום. געגען דעם דאָזיגען רעליגיעזען פאַנאַטיזם איז דאָס געזעץ כמעט אינגאַנצען מאַכטלאָז געװען, און די קריסטען זענען גאַנץ אָפט בעפאַלען יודען אין דער צײַט פון גאָטעס-דיענסט, האָבען חרוב געמאַכט יודישע שוהלען אָדער זײ פערװאַנדעלט אין קירכען, און אין אַלגעמײַן אָנגעטאָן יודען אַלערלײַ נגישות און צרות.

די הויפט-פאַנאַטיקער פון יענער עפּאָכע, װאָס האָבען זיך אַמשטאַרקסטען אויסגעצײַכענט מיט זײער לײַדענשאַפטליכער שנאה צו יודען, זענען געװען יוחנן (יאָהאַנעס) חריזאָסטאָמאָס פון אַנטיוכיא און אַמבראָזיוס פון מײַלאַנד.

דער ערשטער, חריזאָסטאָמאָס, האָט זיך געשטעלט פאַר אַ אויפ-גאַבע צו ערניעדריגען דאָס יודענטום מיט אַלע מעגליכע מיטלען און אויסצעװאָרצלען פון די קריסטליכע הערצער די לעצטע שפורען פון דער ליעבע און אַכטונג, װאָס זײ האָבען געפיהלט צו די יודישע ריטען און רעליגיעזע מנהגים. דער לײַדענשאַפטליכער יודענפײַנד האָט זיך נישט געקענט מוחל זײַן דעם פאַקט, װאָס די יודישע שוהלען זענען איבערפולט פון קריסטליכע מענער און פרויען; װאָס קריסטען געהען הערן שופר-בלאָזען אום ראש השנה, הערן זיך-צו צו דעם פײַערליכען גאָטעסדיענסט אום יום-כפור און בעטײַליגען זיך אין דער יודישער פרעהליכקײַט אום סוכות; װאָס קריסטען געהען זאָגאַר זיך משפט'ען נערנער פאַר יודישע ריכטער, און ער האָט זיך גענומען צו שיטען פעך און שװעבעל אויף יודען און זײער גלויבען. יעדע אײַנציגע פון זײַנע פײַערדיגע דרשות אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אַנטיוכיא איז געװען אַ מבול פון שענדליכע זידלערײַען געגען יודענטום, און אין זײַן שנאה איז ער דערגאַנגען ביז אַזוי װײַט, אַז ער האָט געפונען פאַר נויטיג, צו װאָרענען זײַנע צוהערער פון די יודישע שוהלען, װי פון „אויסגעלאַסענע טעאַטערן און רויבער-הויהלען”.

נאָך מעהר גיפטיג און געפעהרליך איז געװען די יודענפײַנדשאַפט פון דעם פאַנאַטישען און צוגלײַך אויך װעלטליך-קלוגען בישאָף אַמבראָזיוס. װען די קריסטען אין רוים האָבען פערברענט אַ יודישע שוהל, און דער דעמאָלדיגער צײַטװײַליגער קײזער (מאַקסימוס) האָט בעפויהלען דעם סענאַט אָבצובויען די שוהל אויף די קאָסטען פון

שטאדט, — האט אמבראזיוס זיך געשטעלט דעם קייזער אנטקעגען און איהם אנגערופען: יוד. דאס זעלבע כמעט איז פארגעקומען מיט טעאדאסיוס'ען, וועלכער האט בעפויהלען א געוויסען בישאף אין צפון-מעסאפאטאמיע צו לאזען אויפבויען צוריק די שוהל, וואס די דארטיגע פאנאטישע קריסטען האבען חרוב געמאכט; אמבראזיוס האט זיך געווענדעט צום קייזער מיט אזעלכע שארפע דראהונגען, אז דער לעצטער איז געצוואונגען געוועזען, אבצורופען זיין בעפעהל צוריק.

טעאדאסיוס האט דאך נאך געפרובט שיצען די גערודפ'טע יודען, און ער האט ארויסגעגעבען א נייעס בעפעהל דעם קאמעס פון די מזרח-פראווינצען, ער זאל שטרענג בעשטראפען די קריסטען, וואס וועלען שטערן יודען אין זייער גאטעס-דיענסט אדער חרוב מאכען א יודישע שוהל (393). וואס פאר א ווערט האבען אבער געקענט האבען די אלע קייזערליכע בעפעהלען געגען דער שטימונג פון דער צייט, געגען דער אטמאספערע פון לאנד, וועלכע איז געווען אנגעזאפט מיט גיפטיגער שנאה צו יודען און אלעס יודישעס? די אבזריות'דיגע ווילד-קייט, וואס האט זיך ארייגעריסען אין לאנד צוזאמען מיט דעם שטראם פון די בארבארישע פעלקער, האט געווירקט אנשטעקענד אויך אויף דעם געביעט פון גלויבען: דער וואנדאליזם האט געהערשט אין דער קירך, ווי אין דער מלוכה-פיהרונג. —

אין זיינע לעצטע יאהרען האט זיך טעאדאסיוס אליין אויך אונטערגעווארפען דער השפעה פון דער דאזיגער יודענפיינדליכער אגיטאציע. דאן האט ער בעניים די אויסנאהמסגעזעצען געגען יודען, וואס זענען ארויסגעגעבען געווארען אין קאנסטאנציוס'עס צייטען. אזוי האט ער פון דאס ניי בעשטעטיגט דעם געזעץ, לויט וועלכען א יוד ווערט שטרענג בעשטראפט פאר מגייר זיין אדער העלפען מגייר זיין זיינעם א שקלאף, און אין דער זעלביגער צייט אויך אבגעשאפט די פריווילעגיעס פון די יודישע כלי קודש בנוגע צו די לעסטיגע שטאדטיגע ארבייטען.

צוזאמען מיט די דאזיגע אלע רדיפות געגען יודען, פאלט בכלל די בעדייטונג פון פאלעסטינא, אלס צענטר פון דעם יודישען לעבען. ארץ ישראל ווערט אלץ מעהר עוואנגעליש, מעהר קריסטליך-הייליג, און די אמאליגע ישיבות און בתי מדרשים ווערען כסדר ארומגערינגעלט פון (אדער פערוואנדעלט אין) קירכען און קריסטליכע הייליגקייטען. דער איינציגער ווינקעל, וואס איז נאך איבערגעבליבען פאר דער

יודישער געזעצלעהרע אין פאלעסטינא, איז געווען די ישיבה אין טבריה. דא בעמערקט זיך שוין אבער אויך א שטארקע ירידה, און אין א משך פון עטליכע דורות וואקסט נישט אויס פון דאנען קיין איין גרויסער גייסט, וואס זאל איבערלאזען נאך זיך א טיעפען שפור אין דער ענטוויקלונג פון יודענטום. די אמוראים פון דער צייט טוען שוין מעהר קיין זאך נישט-אויף אויף דעם געביעט פון דער הלכה — זיי קאמענטירען בלויז די משנות און האלטען זיך איינגאנצען ביי דער מסורה פון די אלטע. פון בבל האט מען זיך נאך אפילו געווענדעט קיין טבריה מיט צווייפעלהאפטע הלכות; דאס איז געווען דערפאר, וואס די געזעצלעהרער אין יהודה האבען דערהאלטען אין א מעהר ריינער געשטאלט די מסורות פון די אלטע אויטאריטעטען, אין דער צייט, ווען די אמוראים אויף יענער זייט פרת און חדקל האבען זיך מעהר געפלפול'ט און געפשטל'ט. מיט דער סיסטעמאטישער ירידה פון דעם אקארעמישען לעבען אין פאלעסטינא זענען אבער אט די מסורות גופא אויך געשטאנען אין געפאהר פערגעסען צו ווערן, און דאס האט ארויסגערופען די נויטיגקייט פון צונויפזאמלען און פובליקירען דעם גאנצען הלכי'שען מאטעריאל, וואס האט זיך אנגעזאמעלט אין די הונדערטער יאהרען, זינט עס זענען געשאפען געווארען די משנות. דאס זאל האבען געשעהן אין דער צווייטער העלפט פון IV-טען יאהר-הונדערט דורך א גאנצער רייהע אמוראים, פון וועלכע די בעקאנטסטע זענען ר׳ יוסי פון טבריה, זיין תלמיד ר׳ מנא און דעם לעצטענס א חבר ר׳ אבון (אדער ר׳ יוסי בר אבון). זיי האבען צונויפ-גענומען דעם גאנצען מאטעריאל פון אמוראי'שע ערקלערונגען צו די רייד פון די תנאים (די משנות) און דאס פערעפענטליכט אונטער'ן נאמען תלמוד ירושלמי; די דאזיגע ענציקלאפעדישע ארבייט איז געמאכט געווארען אהן א בעשטימטען סדר און בכלל מיט א סך בערייטענדע פעהלערן, דעריבער האבען זיך די וויטערדיגע דורות בעצויגען צו דעם תלמוד מיט א געוויסער נאכלעסיגקייט, און צו אונז זענען דערגאנגען פון איהם נאר עטליכע טיילען.

פרוכטבארער ווי אויף דעם געביעט פון דער הלכה איז געווען אין יענער צייט די טעטיגקייט פון די פאלעסטינישע אגדי'סטען. די געפלאגטע און געדרוקטע יודישע מאסען האבען געלעכצט נאך טרייסט-ווערטער, נאך ווערטער פון האפנונג און ליעבע, און דאס האט זיי געגעבען די הארציגע אגדה. דאס דרשה'נען פאר'ן עולם איז געווארען

אַ בעדײַטענדער טײל פון דער פּאָלקס-ערציִהונג , און אױך אַט די דרשות האָבען אָנגעהױבען אין יענער צײַט געזאַמעלט צו װערן פאַר די קומענדיגע דורות, אונטערן נאָמען מדרש.

דאָס איז דער סך הכּל פון דער יודישער אַקאַדעמישער טעטיג-קײַט אין פּאַלעסטינאַ פאַר די ערשטע דורות פון'ם רױמישען קריסטענ-טום. װי געזאָגט, איז די דאָזיגע טעטיגקײַט געװען כּמעט אינגאַנצען קאָנצענטרירט אין דער רעזידענץ פון פּאַטריאַרכאַט, אין טבריה ; פּאַקטיש האָבען אָבער די פּאַטריאַרכען זיך גאָרנישט בעטײליגט אין די אַלע אונטערנעהמונגען, און פון זײער טעטיגקײַט איז בכלל קײן זכר נישט געבליבען אין דער געשיכטע. פון ר' גמליאל V, דעם נאָכפאָלגער פון הלל II, איז בעקאַנט נאָר זײַן צוזאַמענשטױס מיט דעם קאָנסולאַר העזיכיוס איבער געװיסע פּאַפּירען, פאַרװאָס דער לעצטער איז פון קײזער טעאָדאָסיוס I פערמשפּט געװאָרען צום טױט ; דאַגעגען איז אַזױ גוט װי גאָרנישט בעװאוסט פון ר' גמליאל'ס נאָכ-פאָלגער : ר' יהודה IV און ר' גמליאל VI (דער לעצטער). דאָס זענען געװען שאָטען-קעניגען, אָפּיציעלע פירשטען אָהן װעלכער ס'איז פּאַקטישער מאַכט . זײ האָבען נאָך אַלץ געטראָגען דעם טיטול „דורכלױכט״ און גענאָסען פון אַלע דערצו-געהעריגע זכיות, זײ האָבען אפילו נאָך געשיקט שלוחים אין אַלע קהלות פון דער דיאַספּאָראַ צו זאַמלען די פרײַװיליגע שטײַערן פאַר'ן „הױף״ ; זײער מאַכט איז אָבער װאָס װײַטער אַלץ מעהר בעגרענעצט געװאָרען, און צוזאַמען דערמיט איז די יודישע אױטאָנאָמיע אױך געװאָרען אַ בלױזער נאָמען אָהן אַ ממשות'דיגען אינהאַלט .

---

# צוועלפטעס קאַפּיטעל.

## דער אונטערגאַנג פון פּאַטריאַרכאַט.

---

מיט דער ענדע פון IV-טען יאהר הונדערט קומט פאר א גרויסע איבערקעהרעניש אינ'ם לעבען פון דער רוימישער מלוכה. די וועלט-אימפעריע צופאַלט און עס ענטשטעהען צוויי זעלבסטשטענדיגע מלוכות: די פון מזרח און די פון מערב אָדער די ביזאַנטינישע (קאָנסטאַנטינאָפּאָל) און די איטאַליענישע (רוים). די יודען פון דער פריהערדיגער אימפּעריע זענען איצט אַלזאָ ארונטערגעפאַלען אונטער צוויי בעזונדערע רעזשימען מיט בעזונדערע מושלים: דער גורל פון סיריען, פּאַלעסטינא און עגיפּטען איז פון איצט אָן געלעגען אין די הענד פון די ביזאַנטינער, און די איבריגע יודישע קהלות זענען, ווי פריהער, געבליבען אָבהענגיג פון רוים; די נייע אָרדנונג האָט אָבער יודען בכלל ווענינ גליק געבראַכט.

דער ערשטער ביזאַנטינישער שטאַטען-קעניג ארקאדיוס (395—408) אָדער, ריכטיגער, זיינע אַלמעכטיגע יועצים רופיניוס און עוטראָפּיוס זענען נאָך געוועזען אין א געוויסער מאָס גינסטיג געשטימט צו יודען. רופיניוס האָט ליעב געהאַט געלד, און אַזוי ווי יודען האָבען שוין פון לאַנג זיך געהאַט איבערצייגט אין דער צויבער-קראַפט פון דער מטבע און פערשטאַנען ווי אַזוי זיך מיט איהר צו בענוצען, האָט ער אַרויסגעגעבען א גאַנצע רייהע געזעצען פון זייער טובה וועגען. איין געזעץ (296) האָט בעשטימט, אַז די יודישע זעלבסט-שטענדיגקייט בלייבט אונבעריהרט, און דער, וואָס וועט שטערן מיט

וואָס ס'איז די יודען אין זייערע אינווענינגסטע ענינים , ווערט האַרט בע-שטראָפט ווערן . אַנ'אַנדער בעפעהל האָט בעשיצט די „דורכלויכטען-פּאַטריאַרכען" פון זידלערייען , און ווען דער המון אין איליריען האָט חרוב געמאַכט אַ יודישע שוהל , האָט אַרקאַדיוס בעפויהלען אָנצעווענ-דען ערנסטע מיטלען געגען דער פערברעכערישער מוטווילינקייט (397). אַרקאַדיוס האָט בעניייט און בעשטעטיגט אויך קאָנסטאַנטינ'ס געזעץ , אַז די פּאַטריאַרכען , ווי די יודישע כלי קודש בכלל , זענען פּטור פון די שטאָדטישע אַרבייטען גלייך מיט די קריסטליכע גייסטליכע , און דאַגעגען האָט ער אין אַ קורצער צייט אַרום פערבאָטען יודען , זיך צו בענוצען מיט זייערע אייגענע בית דין'ס . לויט דעם בעפעהל האָבען יודען מיט אַלע זייערע שטרייטיגקייטען און אָנגעלעגענהייטען — אפילו רעליגיעזע — זיך געמוזט ווענדען צו דער אָרטיגער געריכטס-מאַכט ; נאָר בדיעבד , ווען ביידע בעלי דינים האָבען איבערגעגעבען זייער סכסוך אַ יודישען דריי-געריכט , האָט דער אורטייל געהאַט אַ יורידישע קראַפט .

די יודען האָבען אויף אַזאַ אופן געפונען דערוויייל אין דער רע-גיערונג אַ געוויסען שוץ געגען די רדיפות מצד דעם קריסטליכען המון ; באַלד האָט זיך אָבער די לאַגע אין דער היינזיכט אינגאַנצען געענדערט. דער נייער הערשער, טעאָדאָסיוס II, האָט זיך אינגאַנצ'ן אונטערגע-וואָרפען דעם איינפלוס פון די פאַנאַטישע גייסטליכע , און אַלע פאַקטי-שע אָנפאַלען אויף יודען און יודישע שוהלען זענען כמעט ווי סאַנקציאָ-נירט געוואָרען פון דער רעגיערונג . דאָס איז געווען דער אָנהויב פון יענער שרעקליכער עפּאָכע אין דער יודישער און מענשליכער געשיכטע, וואָס איז בעקאַנט אונטערן נאָמען מיטעלאַלטער ; דאָס קריסטענ-טום איז געוואָרען מעהר ווי די הערשענדע אמונה פון לאַנד , — עס איז געוואָרען די איינציג-בערעכטיגטע און איינציג-אמת'ע גלויבענס-פאָרם , וואָס איז אַ חוב פאַר אַלע בירגער און מוז פון אַלע אָנער-קענט ווערן , אַזוי אַז די , וואָס זאָגען זיך אָב פון איהר , פערליערען דערמיט אַ גרויסען טייל פון זייערע בירגערליכע זכיות .

טעאָדאָסיוס האָט פערבאָטען יודען צו בויען נייע שוהלען — זיי האָבען געמעגט בלויז רעמאָנטירען זייערע אַלטע שוהלען , און דאָס אויך נאָר דעמאָלט , ווען זיי האָבען שוין געהאַלטען ביים איינפאַלען . אַנ'אַנדער עדיקט האָט פערבאָטען יודען צו האַלטען קריסטליכע שקלאַ-פען , צו משפּט'ן צווישען אַ יוד און אַ קריסט און אין אַלגעמיין צו

פערנעהמען וועלכען ס'איז פאָסטען אין דער געזעלשאַפט אָדער אין דער רעגיערונג.

מיט דער הערשאַפט פון טעאָדאָסיוס II איז פערבונדען אויך דער אונטערגאַנג פון פּאַטריאַרכאַט, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דער לעצטער פאַטריאַרך, ר' ג מ ל י א ל VI, איז געווען אַ גרויסער חשוב אינ'ם קאָנסטאַנטינאָפּאָלער הויף און האָט אפילו בעקומען אַזעלכע אויסצייכנונגען, וואָס קיינער פון די לעצטע פאַטריאַרכען האָט זיי נישט בעקומען. ער האָט געהאַט דעם טיטול פּרעפעקט מיט אַ עהרען־דיפּלאָם, און הגם דאָס האָט קיין פאקטישע מאַכט נישט געגעבען, האָט עס דאָך געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג אין יענער צייט, אַלס אויסדריק פון דער קייזערליכער גוט־געזונטקייט; ר' גמליאל האָט דעריבער געקוקט אויף זיך, ווי אויף אַ פּריווילעגירטען שיצלינג פון הויף, און ער האָט זיך ערלויבט איבערצוטרעטען די גרענעצען פון זיין מאַכט. ער האָט געלאָזען אויסבויען נייע שוהלען, האָט געדיענט אַלס שופט צווישען יודען און קריסטען און איבערהויפּט עובר געווען אויף די קייזערליכע בעשטימונגען. דאָס איז ענדליך דערטראָגען געוואָרען צו טעאָדאָסיוס'ען, און ער האָט צוגענומען ביי ר' גמליאל'ן אַלע זיינע פּריוויליעגיעס, איבערלאָזענדיג איהם בלויז דעם טיטול פאַטריאַרך(415).

דאָס איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר'ן שטאָלצען פאַטריאַרך, נאָך וועלכען ער האָט נאָר אַ קורצע צייט געלעבט, און אַזוי ווי קיין מענליכען יורש פון דער נשיאות האָט ר' גמליאל נאָך זיך נישט איבערגעלאָזען, איז מיט איהם צוזאַמען אינגאַנצען אונטערגעגאַנגען (425) די גרויסע דינאַסטיע פון הלל'ס שטאַם, וואָס האָט גאַנצע פיער מיט אַ האַלבען יאָהרהונדערט געפיהרט דעם פאָלק און איהם ערצויגען. דער פאָסטען פון אַ יודישען פאַטריאַרך איז בטל געוואָרן, און מיט עטליכע צעהנדליג יאָהר שפּעטער האָט דעם טיטול איבערגענומען דער קריסטליכער בישאָף פון ירושלים, וועלכער איז מיט דער צייט געוואָרען אַ פינפטער זייל פון דער קריסטליכער קירך אין דער רוימיש־ביזאַנטינישער אימפּעריע.

אַזוי האָבען זיך די וואָלקענס פון קריסטענטום אַלץ שווערער און פינסטערער פערצויגען איבער דעם הימעל פון דער יודישער וועלט. די רדיפות געגען יודען און יודישע קהלות זענען וואָס ווייטער אַלץ מעהר אַריין אינ'ם עצם סיסטעם פון דער נייער מלוכה־פיהרונג, און באַלד האָט דאָס פייער פון דער דאָזיגער בלוטיגער יודענפיינדשאַפט

זיך צופלאַקערט אין אַ הייסען קאַמפף. דעם סיגנאַל צו דער בירגער-מלחמה האָט געגעבען אַלעקסאַנדריע; דאָ האָבען נאָך פון די אַלטסטע צייטען אָן געהערשט אייביגע קריעגערייען און סכסוכים צווישען די פערשיעדענגלויביגע בעפעלקערונגען, און אין דער לעצטער צייט זענען די צוזאַמענשטויסען נאָך שטאַרקער געוואָרען, אַ דאַנק דער הערשאַפט פון דער קירך; עס איז געגרינדעט געוואָרען אַ פּאַרטיי פון קריסטליכע פאַנאַטיקער, וואָס האָבען זיך געשטעלט פאַר אַ ציעל, אויפצורייצען דער גאַנצער אָרטיגער בעפעלקערונג געגען יודען, פערשפּרייטענדיג וועגען די לעצטע אַלערליי פאַלשע בלבולים. דאָס האָט די יודען שטאַרק אויפגעבראַכט און זיי האָבען בעשלאָסען, זיך נוקם צו זיין אין די נייע הימעל-מענשען.

איינמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז יודען האָבען בעמערקט אין טעאַטער איינעם פון די דאָזיגע אַגיטאַטאָרען, מיט'ן נאָמען היעראַקס, האָבען זיי איהם איבערגעגעבען אין די הענד פון דער מאַכט, אַלס אויפהעצער פון פּאָגראָמען און רציחות און ער איז שטרענג בעשטראָפט געוואָרען; דערנאָך האָבען זיי צונויפגעזאַמעלט (דורך אַ פאַלשען פייער-סיגנאַל) אַלע קריסטען פון שטאָדט אויף איין פּלאַץ, און אָנגעמאַכט צווישען זיי אַ בעדייטענדען חורבן. אָט די נקמה האָט אָבער יודען זעהר טייער געקאָסט. דער בישאָף קיריל, אַ פאַנאַטישער גייסטליכער פון אַטבראַזיוס'עס חדר, האָט גלייך נאָכדעם אָנגערייצט געגען יודען די קריסטען פון דער גאַנצער סביבה און דער אויסבּרוך פון זייער כעס איז געוועזען אַ שרעקליכער: זיי האָבען צורויבט און חרוב געמאַכט אַלע הייזער און שוהלען פון די יודישע קוואַרטאַלען און די איבערגעבליבענע האַלב-נאַקעטע יודען אינגאַנצען פערטריבען פון שטאָדט (415). די אכזריות'ען פון דעם פּאָגראָם האָבען אויפגעבראַכט אַפילו די פאָרשטעהער פון דער מאַכט, און דער פּרעפעקט פון שטאָדט, אָרעסטעס, האָט זיך געווענדעט קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל מיט אַ אָנקלאַגע איבער די פערברעכערישע מעשים פון דעם פאַנאַטישען גייסטליכען; דאָרט האָט אָבער קיריל געפונען פאַר זיך הייסע פערטיידיגער, און זיינע מעשים זענען פון דער רעגיערונג גערעכטפאַרטיגט געוואָרען. דאָס האָט דעם אַלעקסאַנדרינישען בישאָף צוגעגעבען נאָך מעהר מוט, און איינער פון זיינע אָנהענגער האָט זיך אָפען אַרויסגעוואָרפען אויף דעם „פערדעטערישען" פּרעפעקט און איהם שיער נישט פערשטיינט — ביז אַזוי וויט איז דער-

גאנגען די ליידענשאפטליכקייט פונ'ם קאמפף פאר דער גרויסער ליעבע פון קריסטענט'ם !

און נישט בלויז גענען יודען — די פאנאטישע קעמפפער פאר קריסטוס'עס תורה זענען עס אויך געווען יענע, וואס האבען איינגעטונקט זייערע הענד אינ'ם בלוט פון דער בעריהמטער היפאטיא; די דאזיגע גייסטרייכע פרוי האט געלייענט לעקציעס אין דער אלעקסאנדרינישער אקאדעמיע און איז געווען טיעף געשעצט אין די ציווילירטע קרייזען פאר איהר גרויסקייט אין חכמה און אין מדות; נאר די פרעדיגער פון דער קירך האבען געפונען אין איהר שרעקליכע חטאים און האבען איהר בעשטראפט לויט אלע געזעצען פון דער קריסטליכער ליעבע: די „שווארצקינסטלערין" איז ארויסגעריסען געווארען פון איהר טראגבעט, געשלעפט געווארען נאקעטערהייד איבער די גאסען און ענדליך געטויט געווארען אויף א ווילד-אכזריות'דיגען אופן אין איינער פון די שטאדטישע קירכען. „אזוי זענען זיך, נאך א סך יאהרען פון קריעגערייען און ארומדרייסענישען צונויפגעגאנגען דאס יודענטום און דער העלעניזם, ליידענדיג פון איין געמיינזאמען שונא — די קריסטליכע קירך. דער העלעניזם האט זיך געפונען אין דעם צושטאנד פון דער לעצטער נסיסה: עס איז אפגעשטארבען אין איהם נישט בלויז דאס געצענדינערייע, נאר אויך דאס בעסטע, וואס ער האט בעזעסען: די שאפונג פונ'ם פרייען פילאזאפישען געדאנק, פון דער פרייער קונסט. דאס יודענטום, דאגעגען, האט זיין פאזיציע נישט אפגעטרעטען: עס האט געקעמפפט פאר זיין עקסיסטענץ מיט דעם נייעם שונא, וואס איז געווען מעהר געפעהרליך פונ'ם אלטען, געצענדינערישען, און וועט נישט אויפהערען צו פיהרען אט דעם נישט גלייכען קריעג אויך ווייטער, אין דעם פערלויף פונ'ם גאנצען מיטעלאלטער"... (דובנאוו).

פון די רדיפות אין אלעקסאנדריע האט די קירך געוואונען איין איינציגען יודען: א לעהרער פון מעדיצין, מיט'ן נאמען אדאמאנטיוס; ער האט זיך געשמד'ט און בעקומען א ערלויבניש, זיך אומצוקעהרען צוריק קיין אלעקסאנדריע. די איבריגע יודען האבען איבערגעטראגען די צרות מיט'ן גירוש און נישט פערלייקענט דעם גאט פון זייערע אבות. דערפאר האט די קירך א סך פערדיענט פון איהרע רדיפות אין די קלענערע צענטערן, וואו דאס יודישע בעוואוסטזיין איז געווען נישט אזוי שטארק ענטוויקעלט; אין דער שטאדט מאהאן (מאגאנא), למשל, אויף דער אינזעל מינארקא, האבען אלע יודען כמעט זיך

אויסגעשמד׳ט, נישט קענענדיג אריבּערטראָגען די רדיפות, וואָס זיי האָבּען געהאַט אויסצושטעהן פון דעם דאָרטיגען בּישאָף.

אין יענער צייט האָבּען אויסגעבּראָכען שטאַרקע אונרוהען געגען יודען אויך אין אַנטיוכיאָ, און אויך דאָ האָבּען די קריסטען צורויבּט דעם גרעסטען טייל פון די יודישע הייזער און אַוועקגענומען בּיי יודען אינגאַנצען זייערע שוהלען. דער סירישער פּרעפעקט האָט וועגען דעם פּאָגראָם מודיע געווען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און טעאָדאָסיוס האָט בּעפוילען, אָבּצוגעבּען יודען זייערע שוהלען צוריק; דאַן האָט דער בּערימטער קריסטליכער אַסקעט שמעון פון אַנטיוכיא זיך געווענדעט צו טעאָדאָסיוס׳ען מיט אַ בּריעף, אין וועלכען ער האָט אויסגערעכענט אַלע יסורים און שרעקליכע שטראָפען, וואָס ערוואַרטען איהם, דעם קייזער, אין גיהנם דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אָנגענומען פאַר די פון גאָט פערשאָלטענע יודען. און דער בּריעף האָט געווירקט: טעאָדאָסיוס האָט צוריק אָבּגערופען זיין בּעפעהל און דערצו אראָבּגעזעצט פון זיין אַמט דעם פּרעפעקט, וואָס האָט נישט מסכים געווען מיט דער פּאָליטיק פון די קריסטליכע גדולים (423).

בּעזונדער טרויעריג זענען געווען די פאָלגען פון די רדיפות געגען יודען אויף דער גריכישער אינזעל קרעטא. דאָ האָט די שרעקליכע ווירקליכקייט שטאַרק אויפגעבּרויזט די אַלטע יודישע משיח־חלומות, און בּאַלד האָט זיך בּעוויזען איינער, מיט׳ן נאָמען משה, וואָס האָט זיך אַרויסגערופען אויסצולייזען אַלע יודען פון גלות מיט דער הילף פון געטליכע וואונדער. די געפּלאָגטע יודען האָבּען געגלויבּט אין די הבטחות און זיך מאַסענווייז צונויפגעזאַמעלט אַרום דעם פערגעטערטען אויסלייזער; דאַן האָט דער לעצטער זיך אַוועקגעלאָזען מיט דער מחנה צום ים און געהייסען די אָנהענגער זיך אַריינוואַרפען אין איהם אָהן מורא, פערזיכערענדיג זיי, אַז דאָס וואַסער וועט זיך שפּאַלטען, ווי אַמאָל דאָס וואַסער פון ים סוף, ווען יודען זענען אַרויס פון מצרים. געענדיגט האָט זיך די „אויסלייזונג" מיט אַ מאַסע דערטרונקענע, צווישען וועלכע ס׳האָט זיך געפונען אויך דער משיח אַליין (440), און די איבּערגעבּליבּענע האָבּען זיך פון גרויס פערצווייפלונג כמעט אַלע אויסגעשמד׳ט.

בּיי דער גאַנצער פערבּיטערונג, מיט וועלכער עס זענען דורכגעדרונגען געווען די בּעציהונגען צווישען יודען און קריסטען אין יענער צייט, האָבּען זיך דאָך געפונען איינציגע פאָרשטעהער פון בּיידע

צדדים, וואָס האָבען גראָד נישט שלעכט געלעבט צווישען זיך און אַ סך געלערנט איינער פון אַנדערן ; אַזוי אָבער, ווי פון דער יודישער זייט איז פערבאָטען געווען איבערצוגעבען אַ בן אומות העולם „דברי תורה", האָבען אַזעלכע בעציהונגען געמוזט געהאַלטען ווערן בסוד. יודען האָבען מורא געהאַט איבערצוגעבען אַ קריסט די למודים פון תורה, וויסענדיג, אַז ער וועט זיי שפּעטער איבערדרעהען און בענוצען צו פּאָלעמישע צוועקען, און ווען דער קאַטוילישער הייליגער היעראָנימוס האָט געלערנט די העברעאישע שפּראַך ביי דעם יודישען חכם בר חנינא, האָט דער לעצטער זיך געמוזט אויסבעהאַלטען פון דער עפענטליכקייט און געהן צום הייליגען אין זיין קלויסטער-קעלער, ווען קיינער האָט איהם נישט בעמערקט. מיט דער צייט האָט היעראָנימוס גענומען לערנען אויך די הייליגע שריפטען אין אָריגינאַל (העברעאיש), און דאָס האָט איהם אין די שפּעטערדיגע יאָהרען געגעבען די מעגליכ-קייט צו שאַפען זיין בעריהמטע לאַטיינישע איבערזעצונג פון דער ביבעל, — די „וואולגאַטאַ", וואָס האָט אין אַ משך פון איבער טויזענד יאָהר געדיענט אַלס פערמיטלער צווישען די אייראָפּעאישע פעלקער און די „הייליגע שריפטען". היעראָנימוס האָט זיך געלאָזען איבערצייגען פון די יודישע חכמים אויך בנוגע צו דער פראַגע וועגען די „אַפּאָקריפען" (די נישט הייליגע טיילען פון דער ביבעל) און איז בכלל געווען אַ פלייסיגער תלמיד פון די בעלי האגדה אין יענער צייט; ער האָט דעריבער מורא געהאַט, מ'זאָל איהם נישט חושד זיין אין אַ צו גרויסער השפעה פון יודישע חכמים, און האָט אומעטום אַרויסגעשטעלט זיין שנאה צו יודען. „איך פעראַכט — שרייבט ער — מיט אַ אונאויסדריק-באַרען האַס די יודען, וועלכע פערשילטען נאָך ביז היינטיגען טאָג אונזער גאָט אין זייערע שוהלען".

אין אַ צווייטען אָרט שילדערט ער מיט אַ שטאַרקער צופריעדענ-הייט די בעליידיגונגען און צרות, וואָס עס שטעהען אויס די יודישע פּילגרימען, וועלכע קומען קיין ירושלים בעוויינען די חורבות פון זייער הייליגטום. ער שרייבט: „ביז דער איצטיגער צייט איז די נישט-גלויביגע איינוואוינער (יודען) — זינט זיי האָבען געהרג'עט גאָט'ס דינער און בעזונדער גאָט'ס זוהן — פערבאָטען אַריינצוקומען אין ירושלים; זיי לאָזט מען אַריין אַהין נאָר צו קלאָגען; זיי מוזען קויפען פאַר געלד די ערלויבניש צו בעוויינען די חורבות פון זייער מלוכה. יענע, וועלכע האָבען אַמאָל אָבגעקויפט קריסטוס'עם בלוט, צאָהלען איצט פאַר

זייערע טרערען, און דאס וויינען אפילו קומט זיי אויך נישט אן אומזיסט. אין דעם טאג, ווען ירושלים איז איינגענומען און חרוב געוואָרען דורך די רוימער (תשעה באב), זעהסטו, ווי עס געהט דאָס בעטריבטע פאָלק, ווי עס שלעפען זיך שוואַכע פרויען און אַלטע לייט, אָנגעטאָן אין סמאַטעס, האָט וויזען אַרויס גאָט'ס כעס שוין אין דער אויסערליכער קליידונג זייערער. עס קלויבט זיך צונויף אַ עולם פון די דאָזיגע אומגליקליכע, און דאָרט נעבען דעם שטראַהלענדיגען קרייץ, אויף וועלכען דער האַר (קריסטוס) האָט צום לעבען ערוואַכט; דאָרט, וואו עס לייכט און פלאַטערט די פאָהן פון קרייץ, — דאָרט בעוויינט די חורבות פון זיין טעמפעל דאָס אונגליקליכע און דאָך נישט מיטליידס-ווירדיגע פאָלק. די טרערען שטעהען נאָך ביי זיי אין די אויגען, די הענד ציטערן און די האָר זענען צופלאָסען,— און דער סאָלדאַט פאָדערט שוין פריש געצאָהלטס, אום צו לאָזען זיי ווייטער וויינען..."

פאָלעמיזירט מיט יודען און געפרעדיגט שנאה צו זיי האָט אויך אַ צווייטער זייל פון קריסטענטום אין יענער צייט — דער הייליגער אויגוסטינוס פון אַפריקא. ער האָט אויך, ווי היעראָנימוס, געזעהען אין יודען נאָר אַ פאָלק, וואָס האָט גאָט'ס זוהן געטויט און איז פון גאָט פערשאָלטען, און געהאָלפען אויף אַזאַ אופן מאַכען די שנאה צו דער יודישער אומה פאַר אַ אָרגאַנישען טייל פון דעם קריסטליכען גלויבען. אט די שנאה האָט שפּעטער געשאַפען פאַר יודען יענע קייט פון שייטערהויפענס, פיין-געריכטען און אַנדערע אכזריות'ען אין נאָמען פון דער הייליגער אמונה,— יענע שוידערהאַפטע קייט, וואָס איז געוואַקסען צוזאַמען מיט דער פערשפּרייטונג פון קריסטענטום און הערט נאָך ביז היינטיגען טאָג נישט אויף צו שטיקען דאָס יודישע לעבען אין אַלע לענדער פון דער קריסטליכער הערשאַפט. —

# דרײַצענטעס קאַפּיטעל.

## דאס יודענטום אין בבל (די אבשליסונג פון תלמוד).

נאָכדעם ווי די נשיאות אין יהודה איז אונטערגעגאַנגען, האָט דאָס פּאַלעסטינישע יודענטום אינגאַנצען פערלוירען זײַן פריהערדיגע בעדײַטונג אַלס גײַסטיגער מיטעלפּונקט פון דעם יודישען נאַציאָנאַלען לעבען, און דעם פּלאַץ האָט פערנומען דאָס יודישע בבל מיט איהר פירשטליכען ריש גלותא און איהרע גרויסע ישיבות. דאָ האָט זיך גראָד אין דער צײַט בעוויזען אַ גאַנצע פּלעיאַדע פון ווײַטזיכטיגע, רײַכע פערזענליכקײַטען, וואָס האָבען קאָנצענטרירט אַרום זיך די בעסטע כחות פון בבלי׳שען יודענטום און עס צוריק צוגעבראַכט ביז דער מדרגה, אויף וועלכער עס איז געשטאַנען אין דער עפּאָכע פון די בעריהמטעסטע געזעץ-לעהרער.

דער בעדײַטענדסטער און גרעסטער פון דער גרופּע אַמוראים איז געוועזען רב אשי בר שימי (געב. 852 געשט. 427) פון סורא. ער האָט פעראײניגט אין זיך די גרינדליכע בקיאות פון די סורא׳אַנער מיט דער אַנאַליטישער חריפות פון די „בני פומבדיתא״, און איז דעריבער פון אַלע אָנערקענט געוואָרען פאַר אַ שטאַרקען אויטאָריטעט אין דער יודישער געזעץ-לעהרע. אין דעם משך פון די צוויי און פופציג יאָהר, וואָס ער איז געשטאַנען בראש פון זײַן ישיבה אין סורא (מתא מחסיא) האָבען זיך אין פומבדיתא געביטען זיעבען ראשי ישיבות, און נהרדעה אפילו, וואָס האָט זינט דער צושטערונג אין אָדענאַט׳ס צײַטען, כמעט קײן ראָליע נישט געשפּיעלט, האָט אויך

בעקומען אַ געוויסע בעדייטונג; קיינער אָבער פון די אַלע אמוראים האָט זיך נישט געקענט פערגלייכען מיט דעם פיעלזייטיגען און געניאַלען רב אשי, אַרום וועלכען עס האָבען זיך צונויפגעזאַמעלט טויזענדער תּלמידים פון אַלע עקען לאַנד. סורא האָט צוריק בעקומען דעם גלאַנץ, וואָס זי האָט געהאַט אין די צייטען פון איהר ערשטען גרינדער (רב) און אַלע האָבען זיך פרייוויליג אונטערגעוואָרפען דעם איינפלוס פון איהר פיהרער; נישט נאָר די אמוראים — די עקזילאַרכען אַפילו האָבען אויך זייערע שטאָלצע קעפּ געבויגען פאַר דעם גייסטיגען פיהרער און לעהרער פון דער גאַנצער אומה. זיי פלעגען קומען קיין סורא פייערן די הערבסט־יום־טובים, און דאָ זענען אויך פאָרגעקומען די יעהרליכע פייערונגען לכבוד דעם „ריש גלותא“, אין וועלכע ס'האָבען זיך בעטהייליגט דעפּוטאַציעס פון אַלע יודישע קהלות אין דער פּערסישער מלוכה. אַלע פאָלקס־אָנגעלעגענהייטען, אַלע פראַגען, וואָס האָבען בעריהרט אַלגעמיינע אָנגעלעגענהייטען פון דעם בבליש־יודישען לעבען זענען בעהאַנדעלט געוואָרען אין דער רעזידענץ פון דעם איינפלוסרייכען „ריש־מתיבתא“, און אַהין פלעגט אויך דער „ריש גלותא“ קומען, חאָטש ער האָט געוואוינט גאָר אין אַנ'אַנדער שטאָדט.

די פּאָליטישע לאַגע פון די יודען אין בבל איז פאַר דער צייט פון רב אשי'ס אַקאַדעמישער טעטיגקייט געוועזען זעהר אַ גוטע. איבערן לאַנד האָט דעמאָלט געהערשט דער יודענפריינדליכער סאַסאַנידישער קעניג יעזדיגערד I (420 — 399), וועלכער האָט זיך נישט אונטערגעגעבען דער השפּעה פון די מאַגען (גייסטליכע) און זיך בעצויגען טאָלעראַנט צו די פרעמד־גלויביגע. צו יודען איז יעזדיגערד געוועזען בעזונדער גוט געזונט, און אין די פייערליכע טעג פון הויף האָבען זיך דאָרט געפונען פערטרעטער אי פון עקזילאַרכאַט, אי פון די גרעסערע ישיבות; ווי ס'דערצעהלט זיך, האָט דער קעניג אַליין אַמאָל אין זײַן אָרדנונג געבראַכט דעם גאַרטעל אויפ'ן עקזילאַרך הונא בר נתן, און בעמערקט דערביי: „איהר זענט אַ פאָלק פון כהנים און דאַרפט טראָגען אייערע גאַרטלען ווי כהנים“.

און אָט, אין דער רוהיגער צייט, האָט דער גרויסער רב אשי, אָדער ווי זיינע צייט־חברים האָבען איהם גערופען: רבנא אשי (אונזער רבי), אָנגעהויבען טראַכטען וועגען אַ ריעזען־ווערק פאַרן פאָלק, וועלכעס זאָל אַריינגעהמען אין זיך אַלץ, וואָס דער יודישער גייסט האָט געשאַפען אין דעם משך פון די אַלע הונדערטער יאָהרען זינט די

נבואה האט זיך פון יודען אבגעטאן . ער האט זיך דער ערשטער גענו-
מען צוזאמענשטעלן , סיסטעמאטיזירען און צונויפזאמלען דעם אונגע-
הויערן מאטעריאל פון הלכות, שמועות און ערקלערונגען צו דער משנה
און מאכען דערפון איין ווערק , איין ארגאנישע פערבינדונג פון
דער משנה מיט אלץ, וואס האט א שייכות צו איהר — דעם תלמוד.
די דאזיגע ארבייט האט ביי רב אשי'ן צוגענומען די גאנצע פופציג
יאהר פון זיין טעטיגקייט אלס ריש מתיבתא , און ווי ס'איז צו דרינגען
פון געוויסע קוועלן, האבען אויך די קאלעגיומס פון די איבריגע ישיבות
זיך אינטענסיוו בעטייליגט אין דער סיסטעמאטיזירונג פון דעם תלמודי-
שען מאטעריאל . די ארבייט איז צוגעגאנגען לויט דעם פאלגענדען
סדר : אין די צוויי אקאדעמישע חדשים פון יאהר (ירחי הכלה) האט
רב אשי , בעת זיינע שעורים פאר די תלמידים , גענומען דעם טעקסט
פון א בעשטימטער משנה און איהם בעלויכטען לויט אלע תוספתות ,
בריתות און אנדערע ערקלערונגען , וואס בעציהען זיך צו דער משנה ,
אזוי אז אין א משך פון דרייסיג יאהר זענען אין די שעורים בעהאנ-
דעלט געווארען אלע משנות , אינאיינעם מיט די תלמודישע ערקלע-
רונגען צו זיי , „און די יודישע געלעהרטע האבען דערזעהן פאר זיך ,
אנשטאט א כאאטישען פלאנטער פון פערשיעדענע שפארערייען און
פשט'לעך , א בעשטימטען סיסטעם , מיט דער הילף פון וועלכען
עס איז לייכט נאכצופאלגען די ענטוויקלונג פון יעדען געזעץ בעזונדער
דורך זיינע אלע דריי סטאדיומס : די תורה , די משנה און די גמרא"
(דובנאוו) .

ווענגען דעם, ציי רב אשי האט אנגעהויבען פערשרייבען דעם
סיסטעמאטיזירטען תלמודישען מאטעריאל , — זענען נישט דערגאנגען
צו אונז קיין גענויע קוועלן ; עס עקסיסטירט דעריבער א השערה , אז
סיי די משנות , סיי די תוספתות און בריתות זענען איבערגעגאנגען פון
דור צו דור מונדליך , נישט פערשריבענערהייט , און רב אשי האט
אויך נאר אריינגעבראכט א בעשטימטען סדר אין דעם כאאטישען
מאטעריאל און איהם צונויפגעשטעלט, אבער נישט פערשריבען.
לויט דער השערה האבען די יודישע פיהרער פון דער עפאכע זיך נאך
אלץ געהאלטען ביי דער אלטער מיינונג , וואס האט בעטראכט די
שריפטליכע פערקערפערונג פון דער מונדליכער מסורה פאר א פער-
ברעך , און בעזונדער זאל אט די מיינונג זיך האבען דעמאלט פער-
שטארקט צוליעב דעם , וואס דאס קריסטענטום האט אנגעהויבען זיך

צוצושרייבען אַלע ערשיינונגען פון דער יודישער נבואה און ממילא אויך די אויסדרוקען פון גאָט. אין איין אגדה איז דער געדאַנק זאָגאַר דייטליך אויסגעדריקט; דאָרט זאָגט זיך: „משה האָט געוואָלט, אַז די משנה זאָל זיין פערשריבען, נאָר וויַיל גאָט-ברוך-הוא האָט געקוקט אין דער צוקונפט און געזעהען, אַז די אומות העולם וועלען אַמאָל איבערזעצען די תורה און לייענען זי אויף גריכיש און זאָגען: מיר זענען בני ישראל, מיר זענען גאָט'ס קינדער, — האָט ער געזאָגט (איך וועל געבען אַ סימן): ווער עס בעזיצט מיינע מיסטעריען, דער איז מיין קינד. און וואָס זענען עס די מיסטעריען? דאָס זענען די משנה און דער תלמוד (די תורה שבעל פה)".

מיט דער צונויפשטעלונג פון תלמוד האָט רב אשי אַלזאָ פערענדיגט דעם ריעזיגען בנין, וועלכען דער גרויסער ר' יהודה הנשיא I האָט אָנגעהויבען בויען מיט צוויי הונדערט יאָהר צוריק; זיין אַרבייט איז אָבער געווען אָהן אַ ערך שווערער און פערוויקעלטער. די משנה האָט געגעבען טרוקענע הלכות אין דער געשטאַלט פון אָבגעפאַסטע געזעץ-פאַראַגראַפען; דאַגעגען דער תלמוד האָט אַריינגענומען אין זיך אויך די לעבעדיגע בעוועגונג, די ענטוויקלונג פון יעדען געזעץ און זיין גייסטיגען אינהאַלט, און געגעבען דערמיט יעדערן די מעגליכקייט אַריינצודרינגען אין דעם עצם מהות פון דער יודישער געזעצגעבונג. רב אשי האָט אָבער דאָס גאַנצע ווערק נישט געענדיגט: ער אַליין מיט זיינע חברים האָבען נאָך געהאַט צופיעל מחדש צו זיין, צופיעל אויפצוטאָן אין דער הלכה, אום זיך צו קענען אינגאַנצען איבערגעבען דער אַרבייט פון זאַמלען און סיסטעמאַטיזירען. די פערענדיגונג פון דעם בבלישען תלמוד איז דעריבער אויסגעפאַלען אויף דעם גורל פון רב אשי'ס נאָכפאָלגער, און אַזוי ווי די יודישע לאַגע אין לאַנד האָט זיך אין דער צייט שטאַרק פערערגערט, איז די אַרבייט אַזוי ווי איבערגעריסען געוואָרען אויף עטליכע צעהנדליג יאָהר.

אָנגעהויבען האָבען זיך די רדיפות געגען יודען אין פערסיען נאָכדעם, ווי אויפן טראָן איז אַרויף יעזדיגערד II (456), וועלכער האָט זיך אינגאַנצען אונטערגעגעבען דעם איינפלוס פון זיינע יועצים — די פאַנאַטישע מאַגיער (אמגושים). יעזדיגערד האָט גוזר געווען אויף יודען נישט צו היטען שבת — אַ גזירה, וואָס האָט געמוזט טיעף אָנגרייפען די שטאָלצע יודישע בירגער, וועלכע האָבען ביז אַהער כמעט נישט געוואוסט פון קיין רעליגיאָנס-צוואַנג. אַט די גזירה האָט

זיך אפילו נישט לאנג געהאלטען, ווייל יעזדיגערד איז באלד געהרג׳עט געווארען; יודען האבען אבער דערפון נישט פערדינט: זיין נאכפאלגער פ ע ר ו ז (פירוז רשיעה) האט זיי גאנצע צייטען יאהר פערפאלגט מיט שרעקליכע גזירות און אכזריות׳ען. ער האט געלאזען אויסהרג׳נען א גאנצע העלפט איינוואוינער פון דער שטאדט איספאהאן און חוץ דעם האט ער אוועקגערויבט יודישע קינדער און זיי ערצויגען אין דעם פערסישען גלויבען. די יודען אין בבל זענען דאס ערשטע מאל אוועקגעשטעלט געווארען געגען דעם נסיון פון ש מ ד, און אויך דא האבען זיך גלייך בעוויזען מערטירער-קדושים, וואס האבען זייער לעבען מקריב געווען פאר דער גרויסער ירושה פון די פריהערדיגע דורות. דער עקזילארך ה ו נ א מ א ר י ב ר מ ר ז ו ט ר א מיט צוויי חברים געזעצלעהרער, א מ י מ ר ב ר י נ ק א און מ ש ר ש י א ב ר פ ק ו ד, זענען בעשטראפט געווארען מיט׳ן טויט פאר עובר זיין דעם קעניגס צוואנגס-בעפעהלען, און מיט זיי האט זיך דער רייסטער פון די מערטירער-טויטען נישט געענדיגט.

ביי אזעלכע בלוטיגע רדיפות האט שוין מעהר קיין רייד נישט געקענט זיין וועגען פארטזעצען די אקאדעמישע טעטיגקייט. די ישיבות זענען חרוב געווארען אדער-זיי זענען געשטאנען ליידיג; ווער עס האט געקענט, איז אנטלאפען פון לאנד, און בימליכוויז איז ענטשטאנען א מאסענהאפטע אויסוואנדערונג: אין דרום-זייט ביז אראביען און אין מזרח-זייט — ביז אינדיען, וואו עס זענען שוין געווען פון פריהער בעדייטענדע יודישע קאלאניעס. די דאזיגע קאלאניעס האבען עקזיסטירט אלס פרייע רעפובליקען אהן א שום שייכות נישט צו רוים און נישט צו פערסיען, דערפאר האבען זיי אויך קיין בעשטימטען יודישען כאראקטער נישט געהאט און נישט געוואוסט פון די אלע ענדערונגען, וואס זענען פארגעקומען אין דעם פאליטישען און גייסטיגען יודישען לעבען. איצט, מיט די איינגעוואנדערטע יודען, וועלכע האבען מיטגעבראכט מיט זיך א אוצר פון יודישען וויסען, האבען אט די אבגעריסענע קבוצים בעקומען א יודישען אויסזעהען. אין אינדיען איז זאגאר איינגעפיהרט געווארען א מין נשיאות, און איינער פון די בבל׳ישע אימיגראנטען, מיט׳ן נאמען י ו ס ף ר ב ן, האט בעקומען פון דעם בראהמינישען קעניג דעם טיטול הויפטליגג (מארדעליאר) מיט א גאנצער רייהע פריווילעגיעס, וועלכער איז איבערגעגאנגען פון איהם

ירושה צו זיינע קינדער און קינדס קינדער — ביז'ן צווייי און זיבעציגסטען דור . —

צום גליק פון די פערסישע יודען האָבען די רדיפות אויפגעהערט גלייך נאָך פעראָז'ס טויט. זיינע צוויי נאָלפאָלגער האָבען צוריקגעשטעלט די אָרדנונג אין לאַנד, און ביסלעכווייז האָט זיך צוריק בענייט אויך די אַקאַדעמישע טעטיגקייט אין די גרעסערע ישיבות. סורא און פומבדיתא האָבען ווידער צוגעצויגען תלמידים פון גאַנצען לאַנד און באלד האָבען זיך אויך געזעץ-לעהרער בעוויזען, וועלכע זענען אוועקגעשטעלט געוואָרען בראש פון די צענטערן און פון דאָרט פערשפרייט געט'ס וואָרט אין אלע שיכטען פון דער אומה.

די בעדייטענדסטע צווישען דער איצטיגער פלעיאַדע אמוראים זענען געוועזען רבינא און רבה יוסי, פון וועלכע דער ערשטער איז אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר אַ ריש מתיבתא אין סורא און דער אַנדערער — אין פומבדיתא. אָט די צוויי לעצטע אמוראים האָבען זיך ענערגיש גענומען צו פערענדיגען דעם בנין פון תלמוד, און זייער גאַנצע טעטיגקייט איז געווען געווידמעט דער גרויסער אויפגאַבע. ווי רב אשי, האָבען זיי אויך געאַרבייט צוזאַמען מיט אַ גאַנצען קאָלעגיום פון חברים און תלמידים, און דאָס ווערק איז דורך זיי נישט בלויז פאָלשטענדיג פערענדיגט, נאָר אויך אָבגעשלאָסען געוואָרען. רבינא און רבה יוסי האָבען סאַנקציאָנירט די פערענדיגטע צונויפשטעלונג און זיי אָנערקענט פאַר אַ גאַנצען, פאַרטיגען בנין, צו וועלכען עס לאָזט זיך שוין מעהר קיין זאַך נישט צוגעבען (499) — מיט זיי איז דער תלמוד פערחתמ'עט געוואָרען אויף אייביג.

דער „תלמוד בבלי" (רופט זיך אויך גמרא) שטעלט פאָר מיט זיך, אַ גאַנץ בעזונדערע שאַפונג, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען נישט אין דער ליטעראַטור-וועלט פון אלע פעלקער און קען נישט געמאָסטען ווערן מיט דעם מאַסשטאַב, מיט וועלכען מ'מעסט געוועהנליך די ווערק פון דער אלטער וועלט. דאָס איז אַ אונגעהויערע ענציקלאָפּעדיע, אין וועלכער עס זענען לעבעדיג פערקערפערט גאַנצע זעקס הונדערט יאָהר פון דעם יודישען שאַפען אויף די פערשיעדענסטע געביטען. „דער תלמוד, ווי ס'זאָגט שוין דער נאָמען אַליין („לעהרנען"), איז לכתחילה צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען נישט אַזוי ווייט אלס קאָדעקס פאַר'ן פראַקטישען לעבען, ווי אלס ספר צום לערנען, וואו יעדער יוד קען געפינען אלע ידיעות, וועלכע זענען איהם נויטיג, דאָס איז

דער „אוניווערזיטאס ליטעראַרום", פון יודאאיזם, די געזאמטהייט פון אַלע ספּעציעל-יודישע און אַלגעמיין-מענשליכע וויסענשאַפטען, וואָס זענען געווען צוגענגליך די יודען פון יענע דורות. אין תלמוד בעגעגנען זיך צוזאַמען מיט רעליגיעזע און יורידישע אָבהאַנדלונגען, אויך ערקלערונגען איבער אַסטראָנאָמיע, פילאָזאָפיע, מעדיצין, מאָראַל, היסטאָריע, און דערביי גלייך אַנעקדאָטען, לעבענס-שילדערונגען, שפּריכווערטער, לעגענדעס און משונה'דיגע מיינונגען, וואָס האָבען זיך אויסגעבילדעט, ווי ס'איז צו גלויבען, אונטער דעם איינפלוס פון די המונ'ישע איינבילדונגען אָדער פון די פּערסישע נאַרישע גלויבערייען אין רוחות, שדים און כשופים (דובנאָוו).

פון דעם תלמוד ירושלמי שיידט זיך דער בבלישער תלמוד אונטער מיט זיין פאַלשטענדיגקייט, סיסטעמאַטישער צונויפשטעלונג און אַנאַליטישער שאַרפקייט. די אָבהאַנדלונגען פון דעם בבלי'שען תלמוד ווירקען שטענדיג אויפ'ן מוח און וועקען איהם: דער פערשטענדיגער לעזער קען אין איהם נאָכפאָלגען יעדען געדאַנק פון זיינע ערשטע רעגונגען אַן ביז דאָרט אהין, וואו ער פערנעהמט זיך אין א קאָפּ-שווינדעלנדער, אונבעגרייפליכער הויכקייט. דאָס פאָלק האָט דעריבער זיך ענגער צוזאַמענגעלעבט מיט דעם תלמוד, ווי מיט דעם פּאַלעסטינישען; ער איז געוואָרען דער לעבענס-אָטעם, די נשמה פון דער אומה; די שפּעטערדיגע דורות האָבען מיט איהם געלעבט, אין איהם אַלץ געזעהן און אַלץ געפונען: דער קאָפּ-מענש טיעפע חקירות, און דער מענש פון געפיהל — שטימונגען און האַרציגע בילדער. אין דעם משך פון איבער טויזענד יאָהר האָט די גאַנצע אויסערליכע וועלט, די נאַטור, די מענשליכע געזעלשאַפט מיט אַלע איהרע געוואַלטיגע געשעהענישען אַזוי ווי נישט עקסיסטירט פאַר דעם יודישען פאָלק; פאַר איהם איז דאָס אַלץ געווען נישט מעהר ווי א פאַנטאָם, א צופעליג שאָטענבילד — די אמת'ע ווירקליכקייט האָט זיך פאַר איהם געעפענט אין תלמוד. דאָס איז געווען די איינציגע פולע, ווירקליכע, ליכטיגע וועלט — די וועלט פון דער יודישער אומה. קיין אמת איז אין די יודישע אויגען קיין אמת נישט געווען, אַזוי לאַנג ווי ער איז נישט סאַנקציאָנירט געוואָרען דורך דעם אַלוויסענדען תלמוד, און אפילו די תורה גופא מיט דער נבואה איז צו זיי איצט צוגעקומען נאָר דורך זיינע אויסטייטשונגען און ערקלערונגען.

אַזוי האָט דער בבלישער תלמוד אויסגעאיבט א פיעלפאַכיגע

ווירקונג אויף דער ווײַטערדיגער אויסבילדונג פון יודענטום. א) ער האָט געגעבן דעם פאָלק מאַטעריאַל פאַר אַלזײַטיגען, רעליגיעזען און בירגערליכען, קאָדעקס, וואָס האָט אַרומגענומען יעדען שריט, יעדע באַוועגונג פון דעם אַלטעגליכען לעבען, און אויף אַזאַ אופן אָבגעזונדערט דער יודישער אומה פון די פעלקער, צווישען וועלכע איהר איז אײַסגעקומען צו לעבען. ב) ער האָט ערצויגען דעם פאָלקס-גײַסט און איהם געבילדעט אין אַ בעשטימטער ריכטונג. „די תלמודישע הלכה, מיט איהר פײַנער שאַרפזיניגער דיאַלעקטיק האָט שטאַרק מיטגעווירקט צו פערשאַרפען דעם יודישען פערשטאַנד און צו ענטוויקלען אין איהם אַ אײַנגענטימליכען לאָגישען טראַכטען; זי האָט געהאַלטען דעם פערשטאַנד אין אײַביגער אָנגעשטרענגטקײַט, האָט איהם נישט געלאָזען אײַנשלאָפען און כסדר געוועקט און געמינטערט״. ג) ער האָט געפפלעגט דעם גײַסט פון פאָלק, איהם געצערטעלט און געבילדעט מיט זײַנע מאָראַל-פילאָזאָפישע און פאָעטישע אגדות. „די אגדה האָט געגעבען דעם פאָלק הויכע מאָראַלישע בעגריפען, האָט אין איהם געפלאַנצט אַלטעגליכע קלוגהײַט, האָט איהם געטרײַסט אין זײַנע לײַדען מיט האָפנונגען אויף גליקען אין דער צוקונפט (אויף דער אָדער אויף יענער וועלט), האָט אונטערגעהאַלטען אין איהם זײַן גאַציאָנאַלען געפיהל און איהם געווײַלט מיט היסטאָרישע אָדער פאָעטישע לעגענדעס״ (דובנאָוו).

צוזאַמען מיט די אויסגערעכענטע מעלות, האָט אָבער דער אײַנפלוס פון תלמוד געהאַט אויך שלעכטע זײַטען. די שטאַרקע הלכי-שע בעגרענעצונגען בנוגע צו זאַכען פון דעם אַלטעגליכען לעבען, די סיגים און סיגים צו סיגים האָבען ביסליכווײַז אַרײַנגעבראַכט אַ טויטע טרוקענקײַט אין דעם יודישען גלויבען און איהם פערוואַנדעלט אין אַ רײַהע זינלאָזע הומרות און פאָרמאַליטעטען; אַ דאַנק דעם הלכי׳שען פלפול האָט זיך אויסגעאַרבײַט אין דעם יודישען פערשטאַנד אַ שטאַרקע נײַגונג צו קאַזואיסטיש-קלײַנליכע פשט׳לעך, און די וועלט-אַנשויאונג פון דער תלמודישער אגדה האָט צופיעל אָבגעזונדערט דעם יודען פון דער אַרומיגער וועלט און איהם צופיעל חשיבות צוגעשריבען, פלאַנצענדיג אין איהם דעם בײַוואוסטזײַן, אַז ער איז דער צענטר פון דער גאַנצער יצירה און די גאַנצע וועלט איז בעשאַפען געוואָרען נאָר פון זײַנעט וועגען.

# פיערצעהנטעס קאַפּיטעל.

## די ווייטערדיגע רדיפות געגען יודען אין פערסיען;
## די „סבוראים״.

---

די סיטאַרבייטער פון דעם גרויסען בנין האָבען נאָך געלעבט, די שפּורען פון די פריהערדיגע פערפאָלגונגען זענען נאָך נישט פערווישט געוועזען, און איבער די יודען אין פערסיען האָט זיך שוין אַ נייער שטורם איבערגעטראָגען, — אַ שטורם, וואָס האָט די יודען פון געדולד ארויסגעבראַכט און זיי געצוואונגען זיך צו נעהמען פאַר׳ן געוועהר. דאָס איז געוועזען אין דער צייט פון דעם בעריהמטען מאַצדאַק, וואָס האָט געוואָלט רעפאָרמירען דעם פייער-גלויבען פון די מאַגיער און בכלל פערשפּרייטען אין דער וועלט די ממשלה פון דעם גוטען ליכט-נאט הורמיז. דער מקור פון אַלדאָס שלעכטס — האָט מאַצדאַק געפּרעדיגט, — און בייזס אויף דער וועלט, איז נאָר די קנאה-שנאה צווישען מענשען, די תאוה צו בעזיצען יענעמס עשירות אָדער יענעמס פרוי; דער איינציגער אויסוועג, צו פערשפּרייטען אין דער וועלט די ממשלה פון ליכט און גוטסקייט, בלייבט דעריבער, נאָר איינצופיהרען אַ אָרדנונג, ביי וועלכער אַלע פערמעגענס און אַלע פרויען זאָלען געהערען צו אַלע.

די דאָזיגע לעהרע פון פאָלשטענדיגער קאָמוניסטישער גלייכהייט האָט געפונען פאַר זיך מאַסען אָנהענגער, און אַזוי ווי צווישען זיי איז געוועזען אויך דער קעניג אַליין, האָט ער בעפוילען אַלע בירגער

פון זיין מלוכה, זיי זאלען אנהויבען צו לעבען געמיינשאפטליך. נאטירליך, האט אזא מין בעפעהל געמוזט ארויסרופען א איבער־קעהרעניש אין לאנד, און ווייל די יודישע איינוואוינער האבען אממעהר־סטען געליטען פון דער נייער ארדנונג, האבען זיי געקעמפט געגען איהר מיט די שארפסטע מיטלען; דאס איז געווען א קאמפף אויף לעבען און טויט נישט אזוי ווייט פאר'ן פערמעגען פון דער יודישער בעפעלקערונג, וואס האט געזאלט צורויבט ווערן פון דעם פערוויל־דעטען המון, ווי פאר דער ריינקייט פון די יודישע פרויען און טעכטער, וואס איז געשטאנען אין געפאהר, פערשוועכט צו ווערן פון די צורייצ־טע „קאמוניסטען", און בראש פון דעם קאמפף איז געשטאנען דער יונגער און העלדישער עקזילארך מר זוטרא II. ער האט צונויפ־גענומען ארום זיך א מחנה פון פיער הונדערט העלדישע יודישע קריגער, וועלכע האבען בעזיעגט דעם חיל פון דער רעגירונג און אין א משך פון גאנצע זיבען יאהר בעוויזען צו דערהאלטען כמעט א זעלבסטשטענדיגע יודישע מלוכה'לע, מיט מחוזא אלס הויפט־שטאדט.

ענדליך זענען אבער די פערסיאנער דאך בייגעקומען די יודישע רעוואלוציאנערען; דערביי איז דער עקזילארך אליין געפאנגען געווארען, און די פערביטערטע זיעגער האבען איהם געקרייציגט נעבען דער בריק פון מחוזא צוזאמען מיט זיין גרייז־גרויען זיידען מר חנינא (520). די איבעריגע מיטגליעדער פון דעם עקזילארכישען הויז האבען געמוזט אנטלויפען פון פערסיען, און זיי האבען געראטעוועט מיט זיך אויך דעם נאר וואס געבוירענעם יורש פון עקזילארך — דעם אייני־קעלען צווייגעל פון דוד המלך'ס אבשטאמונג. איבער די שטארקע רדיפות מצד דער רעגירונג האט זיך אבגעשטעלט אין יענער צייט אויך דאס אקאדעמישע לעבען פון לאנד: די תלמידי חכמים זענען זיך צולאפען און די ישיבות זענען געשטאנען וויסט. פון דעסטוועגען האבען זיך דאן אין דער פערסישער ארמעע דאך געפונען א סך יודען, און בעת דער מלחמה מיט דעם ביזאנטינישען קריעגספיהרער בעליזאר, האט דער פערסישער הויפט־מארשאל אבגעבעטען ספעציעל א וואפען־שטילשטאנד, כדי די יודישע סאלדאטען זאלען קענען פייערן דעם יום טוב פסח.

פריי אבגעאטעמט האבען די יודען אין פערסיען אונטער דער הערשאפט פון כאזרעס נאשירוואן (579—582). אין זיין צייט האבען יודען נישט געוואוסט פון קיינע רדיפות, און דאס האט זיך

באלד אָבגערופען אויך אויף דער גייסטיגער ענטוויקלונג פון בבל'ישען יודענטום. די ישיבות זענען צוריק בעניט געוואָרען, אלע נאציאָנאלע אינסטיטוציעס האָבען ווידער אָנגעהויבען פונקציאָנירען און די איבער־געריסענע קייט פון דער מסורה האָט זיך, אזוי פון זיך אליין, ווידער צונויפגעבונדען. פון יענער צייט זענען דערגאנגען צו אונז די נעמען פון רב גיזא, ריש מתיבתא אין סורא, רב סימונא, ריש מתיבתא אין פומבדיתא, און איינעם א דריטען געזעצלעהרער, רב רבאי. אָט די אלע חכמים מיט זייערע תלמידים האָבען געזעהען פאר זיך זייער איינציגע אויפגאבע אין דער ארבייט פון שטודירען דעם תלמוד, ערקלערן די שטעלן אין איהם, וואָס זענען אונפערשטענדליך, און בכלל מסביר זיין דעם מאטעריאל פון מסורות און הלכות, וואָס איז שוין סאנקציאָנירט געוואָרען פון די אמוראים, — פון וואנען עס זאָל שטאמען אויך דער נאָמען סבוראים.

מיט דעם ארויפשטייגען אויפ'ן טראָן פון נאשירוואנ'ס זוהן (הורמיז IV 579-589) האָט זיך די יודישע לאגע ווידער פערערגערט. הורמיז האָט זיך אונטערגעוואָרפען דעם איינפלוס פון די מאגיער, וועלכע האָבען געוואָלט אָבהאלטען דעם אונטערגאנג פון זייער גלויבען דורך רדיפות איבער אנדערש־גלויביגע, און אונטער דעם דרוק פון זיינע פערפאָלגונגען זענען די ישיבות ווידער חרוב געוואָרען.

אין דער צייט פון דעם קעניג האָבען זיך אָנגעהויבען אין לאנד שטארקע אונרוהען, וואָס האָבען זיך געענדיגט מיט א בלוטיגען טראָן־וועקסעל: דער העלדישער קריעגס־פיהרער באהראם־שטובין האָט אוועק־גענומען פון הורמיז'ן די הערשאפט און זיך אליין ערקלערט פאר קעניג פון פערסיען (590). אין דער איבערקעהרעניש האָבען יודען א שטארקען חלק געהאט, און באהראם האָט זיי דערפאר אָבגעדיענט מיט פער־שידענע זכיות און הנחות; זיין הערשאפט האָט אָבער נישט לאנג אָנגעהאלטען, און ווען דער געזעצליכער טראָן־יורש האָט — מיט דער הילף פון ביזאנטינישע מחנות — צוריק איינגענומען פערסיען, האָט ער אכזריות'דיג בעשטראָפט אויך די געטריע אָנהענגער פון דעם אוזורפאטאָר — די יודען. נישט קוקענדיג אויף דעם, האָט זיך פון רעסטווענען די יודען דערנאָך נישט שלעכט געלעבט אונטער דער הערשאפט פון דעם קעניג (כאָזרו II, מיט'ן ביינאָמען פערוז 590—628). און פאר זיין צייט זענען צוריק רעסטווירירט געוואָרען אויך די בעריהמטע אקאדעמיעס — סורא און פומבדיתא.

## פופצעהנטעם קאַפּיטעל.

### יודען אין די אייראָפּעאישע לענדער.

---

אין דער צייַט, ווען די יודען אין פּערסיען זענען געשליידערט געוואָרען פון די היסטאָרישע געשעהענישען דאָ אַרויף און דאָ אַראָב, אין האָבען אַלייִן אויך אַרויסגעוויזען שטאַרקע אויסדריקען פון לעבענס־קראַפט און איניציאַטיווע, — אין דער צייַט איז דאָס יודענטום אין׳ם ביזאַנטינישען מזרח אזוי ווי איינגעשלאָפען אינגאַנצען, אונטער דעם דרוק פון דער אַרומיגער פּעראַכטונג, און האָט נישט אַרויסגעוויזען קיינע שפּורען פון אקטיווער לעבענסקראַפט. די ביזאַנטינישע מלוכה, אין וועלכער ס׳האָט זיך געפונען אויך דאָס הייליגע לאַנד, האָט אָנגעווענדעט בנוגע צו יודען חוץ דער רוימישער פּעררישענער גאוה אויך די גריכישע גיפטיגקייט. בעקומענדיג איהר גייסטיגע יניקה נאָר דורך דער קירך, האָט די ביזאַנטינישע בעפעלקערונג זיך ערצויגען אויף די שפּריכווערטער און בעגריפען, וועלכע האָבען געזעהן אין יודען גאָט־מערדער און פערברעכער, און די פאָלגען דערפון האָבען זיך אַרויסגעוויזען אי אין אלטעגליכע מעשים, אי אין אָפיציעלע מלוכה־געזעצען.

לויט די איינפיהרונגען פון טעאָדאָסיוס דעם יונגערן זענען די יודען אין דער ביזאַנטינישער מלוכה אויסגעשלאָסען געוואָרען פון יעדען מין עהרען־פּאָסטען און אויך קיין נייע שוהלען האָבען זיי נישט געטאָרט בויען. די דאָזיגע אלע בעגרענעצונגען זענען זעהר

שטרענג אָבגעהיט געוואָרען פון טעאָראָסיוס'עס נאָכפאָלגער, און גאַנץ אָפט זענען די מלכים אַליין פערגאַנגען אין זייער גיפטיגער יודענפיינדשאַפט נאָך ווייטער פונ'ם צעווילדעטען המון. אַזוי איז פאָרגעקומען, למשל, מיט דעם אויפגעקומענעם קייזער צענאָ, וועלכען מ'האָט דערצעהלט וועגען אַ בלוטיגען צוזאַמענשטויס אין אנטיוכיא בעת איינעם פון די לוסטשפּיעלען. די קאָנקורס-פאַרטייען האָבען זיך דאָ געטיילט אויף גרינע און בלויע, און ווען מ'האָט דעם קייזער איבערגעגעבען, אַז די גרינע האָבען צווישען אַנדערע אויך אַ סך יודען געהרג'עט און זייערע טויטע קערפּער'ס אַריינגעוואָרפען אינ'ם פייער פון דער אונטערגעצונדענער שוהל, — האָט ער געענטפערט: די גריניגע דאַרפען נאָר דערפאַר בעשטראָפט ווערן, וואָס זיי האָבען פערברענט בלויז די טויטע יודען און נישט אויך די לעבעדיגע!

בײַ דעם אַלעמען האָבען די ביזאַנטינישע יודען דאָך גענאָסען דערוויילע די פולע פרייהייט אין די אָנגעלעגענהייטען פון גלויבען און די רעגירונג האָט זיי אין דעם נישט געשטערט. דער ערשטער, וואָס האָט זיי בירנערליך גאָך מעהר נעדריקט און דערצו נאָך אַרויסגעלענט אויף זיי די צוואַנג פון רעליגיעזע פערפאָלגונגען איז געווען יוסטיניאַן (527—565). פון איהם שטאַמט דאָס שענדליכע געזעץ, לויט וועלכען יודען זענען נישט בעגלויבט אַלס עדות געגען אַ קריסט; די שומרונים זענען אין דער הינזיכט אוועקגעשטעלט געוואָרען נאָך ניעדריגער: זייער עדות-זאָגען האָט איבגאַנצען נישט געהאַט קיין יורידישע בעדייטונג און אפילו אָבזאָגען זייער ירושה האָבען זיי אויך קיין רעכט נישט געהאַט. דאָס איז געווען אַ אַקט פון נקמה געגען די פערביטערטע שומרונים, וואָס האָבען נישט געקענט רוהיג אַריבערטראָגען דעם יאָך פון די נזירות און רדיפות און עטליכע מאָל געפּרובט מורד זיין אין דער קייזערליכער ממשלה.

בכלל האָט אָבער יוסטיניאַן זיך בעצויגען גלייך צו יודען ווי צו די שומרונים, און אַרויפגעלעגט אויף זיי אַלע מעגליכע פליכטען, נישט לאָזענדיג זיי דערביי געניעסען פון קיינע זכיות.

„זאָלען זיי קרעכצען, — האָט דער קייזער געשריבען אין זיין בעפעהל וועגען יודען און שומרונים, — זאָלען זיי קרעכצען אונטער דעם יאָך פון די שווערע שטאָדטישע אַרבייטען, זיי זאָלען אָבער דערפאַר נישט בעלוינט ווערן מיט קיין עהרענטיטול: זיי מוזען בלייבען

אין דעם פּעראַכטעטען צושטאַנד , אין וועלכען זיי האָבען איבערגעלאָזען זייערע נשמות״ .

יוסטיניאַן האָט אונטער אַ שווערער שטראָף פֿערבאָטען יודען צו פֿייערן דעם יום־טוב פּסח , און יעדעס מאָל , ווען דער יודישער פּסח איז אויסגעפֿאַלען אין איין צייט מיט דעם קריסטליכען , האָבען די יודען זייער יום טוב געמוזט אינגאַנצען אָבלעגען , כדי עס זאָל נישט הייסען , אַז די קריסטען האַלטען זיך ביי דעם יודישען קאַלענדאַר . כאַראַקטעריסטיש איז דערביי דאָס , וואָס דער דאָזיגער בעפֿעהל איז אַרויסגעגעבען געוואָרען צוליעב אַ געוויסער קריסטליכער סעקטע , וואָס האָט זיך ווירקליך פֿעסט געהאַלטען ביי דעם יודישען קאַלענדאַר און געפֿייערט דעם יום טוב גלייך מיט יודען ; נאָר אָנשטאָט צו צווינגען די ווידערשפּעניגע קריסטען , זיי זאָלען זיך אונטערגעבען די בעשטימונגען פֿון דעם ניצעאישען קירכען־קאָנגרעס , האָט יוסטיניאַן געפֿונען פֿאַר בעסער צו דריקען דער יודישער בעפֿעלקערונג און אָנצוגרייפֿען איינעם פֿון איהרע שטאַרקסטע געפֿיהלען .

ביי אַנאַנדער פֿאַל האָט זיך יוסטיניאַן ערלויבט נאָך שטאַרקער אָנצוגרייפֿען די רעליגיעזע געפֿיהלען פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג . עס איז פֿאָרגעקומען , אַז די מיטגליעדער פֿון אַ יודישער קהלה זענען זיך צונאַנדערגעגאַנגען אין די מיינונגען וועגען דעם , צי די פּרשיות פֿון דער תורה און די קאַפּיטלעך פֿון דער הפטורה דאַרפֿען געלייענט ווערן בעת׳ן דאַווענען נאָר אין אָריגינאַל (העבּרעאיש) אַליין , אָדער מ׳דאַרף זיי גלייך איבערזעצען אין דער לאַנדעספּראַך , כדי די עמי הארצים און פֿרויען זאָלען זיי אויך פֿערשטעהן . די געזעצלעהרער און דער מעהר אָרטאָדאָקסישער טייל פֿון די מתפּללים איז , נאַטירליך , געווען געגען דער איינפֿיהרונג פֿון גריכיש — די שפּראַך פֿון די יודישע פֿיינינער און דער קריסטליכער קירך — אין דעם יודישען גאָטעס־דיענסט , און דער שטרייט איז ענדליך דערגאַנגען ביז אַזוי ווייט , אַז יוסטיניאַן אַליין האָט זיך געמוזט אַריינמישען אין דער זאַך . ער האָט דאַן בעפֿויהלען , אַז די יודען מוזען זיך בעת׳ן גאָטעסדיענסט בענוצען מיט גריכישע (אָדער לאַטיינישע — אין די איטאַליענישע פּראָווינצען) איבערזעצונגען פֿון דער ביבעל , און האָט זיי דערביי רעקאָמענדירט די קריסטליך־צוגעפּוצטע סעפּטואַגינטאַ . יוסטיניאַן האָט דאַן אויך פֿערבאָטען די אגדה׳שע דרשות , וואָס פֿלעגען געהאַלטען ווערן יעדען שבת אין די שוהלען און בתי מדרשים , און אויף אַזאַ אופֿן האָט ער געגלויבט

צו פערבייטען די טראַדיציאָנעלע יודישע אויפפאַסונג פון די הייליגע שריפטען מיט די אויסטייטשונגען פון דער ביבעל אינ׳ם זין פון קריס־טענטום (553).

די זאָרגען פון דעם ביזאַנטינישען הויף פאר׳ן גליק פון דער יודי־שער נשמה האָבען זיך אויסגעדריקט נאָך אין אַ גאַנצער רייהע פערבאָטען און בעפעהלען. די יודען האָבען אין זייערע שוהלען נישט געטאָרט אויסשרייען אין דער הויך דעם אויסרוף: ד׳ אלהינו, ד׳ אחד (גאָט, אונזער גאָט, איז איינציג), ווייל דאָס איז אַ שאַרפער פראָטעסט נעגען דער אָנגענומענער דריי־איינינקייט פון קריסטענטום; זיי איז פערבאָטען גע־ווען אויסצורעדען דעם פערז „קדוש, קדוש, קדוש ד׳ צבאות״ (הייליג, הייליג, הייליג איז דער האַר צבאות), ווייל דאָס איז אויך פון דער קריסטליכער זייט אויסגעטייטשט געוואָרען, ווי אַ רמז אויף דער דריי־איינינקייט, און דער יודישער בעל-תפילה פלעגט דערצו צוגעבען נאָך אַ זאַץ נעגען דער דרייהייט; און ענדליך האָבען די רוימישע בעאַמטע אין די יודישע שוהלען אַכטונג געגעבען, אַז קיינער זאָל נישט וואַגען צו לייענען עפענטליך די קאַפּיטלעך פון ישעיהו, וואו די פערשטויסענע יהודה׳עאישע הויפּטשטאָדט (ציון) ווערט פונ׳ם נביא געטרייסט און גע־צערטעלט מיט ליבליכע האָפנונגען אויף דער צוקונפט.

וועגען פאַקטען פון צווינגען יודען צום שמד אין יוסטיניאַנ׳ס צייטען זענען צו אונז קיין קוועלען נישט דערגאַנגען. עס איז בעקאַנט בלויז, אַז ווען דער ביזאַנטינישער קריעגס-העלד וועליזאַריאָ האָט זיך אוועקגעלאָזען אין אַפריקא נעגען די וואַנדאַלען און איינגענומען די שטאָדט באָריאָן (אין מוריטאַניע-מאַראָקאָ), האָט ער איבער געוואַלט אויסגעשמד׳ט די דאָרטיגע יודישע קהלה און די שוהל פערוואַנדעלט אין אַ קירך.

געענדיגט האָט זיך די רייהע פון יוסטיניאַנ׳ס אַכזריות׳ען מיט אַ בלוטיגען צוזאַמענשטויס. דאָס איז פאָרגעקומען אין קסריה, בעת אַ פאָרשטעלונג אין צירק, וואו די קריסטען האָבען זיך ווידער פערטשע־פעט מיט די שומרונים; דאָ האָט ביי די שומרונים געפלאַצט די גע־דולד, און זיי האָבען זיך מיט אַ פערביטערט-ווילדען צאָרן אַרויפגעוואָר־פען אויף זייערע פייניגער און בעליידיגער. צו זיי איז באַלד צוגעשטאַנען אויך די יודישע יוגענד, און ווען דער קייזערליכער פּראָקאָנסול סטע־פאַנוס איז געקומען צולויפען מיט סאָלדאַטען אויפן פלאַץ פון דעם צוזאַ־מענשטויס, האָבען די צובונטעוועטע איהם געצוואונגען פריהער צו

אנטלויפען , און דערנאָך — אויסגעפונען זיין בעהעלטעניש (פּאָליצאַי-הויז, פּרעטאָריום) און איהם דאָרטען געטויט (556). די פּרוי פון דערהרגעט'ען איז גלייך אַוועקגעלאָפען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און איבער געגעבען דעם גאַנצען אינצידענט ; דאן האָט יוסטיניאן בעפוילען דעם פּראָקוראַטאָר פון גאַנצען מזרח , אמאנציוסען , וועלכער האָט געהאַט זיין רעזידענץ אין אַנטיוכיא , ער זאָל זיך נוקם זיין אָן די מורדים . און דער בעפעהל איז אויסגעפיהרט געוואָרען מיט דער געוועהנליכער אַכזריות פון יענע צייטען : די אָנפיהרער זענען געקעפּט און אויפגעהאנגען געוואָרען און די איבריגע האָט מען אָבגעהאַקט די הענד .

מעהר בעדייטענד און מיט מעהר קרבנות איז געווען דער אויפ-שטאַנד פון די יודען אין אַנטיוכיא אין די צייטען פון דעם טראַנ-רויבער פאָקוס (602—610) . דער ראַזינגער קעניגליכער מערדער האָט די יודען איבערגעגעבען אינגאַנצען אין די הענד פון די גיפטיגע גלחים , וואָס האָבען נישט אויפגעהערט זיי צו פּייניגען און צו דער-צערנען ; ווי ס'ווייזט אויס , איז שוין אָבער דעמאָלט די מאָס איבער-פולט געווען , און די יודען פון אנטיוכיא האָבען פון פערצווייפלונג גע'פועל'ט ביי זיך , זיך איינמאָל פאַר אַלע מאָל נוקם צו זיין אָן די אַכזריות'דיגע שונאים . זיי זענען דאַן בעפאַלען די קריסטען פון שטאָדט און אָנגעמאַכט צווישען זיי א חורבן : הונדערטער האָבען זיי דער-שטאָכען און פערברענט , און דעם גיפטיגען פּאַטריאַרך אַנאַסטאַזיוס האָבען זיי דערהרג'עט און זיין קערפּער אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסען . זייער צאָרן בכלל האָט אַזאַ פּחד אַרויפגעוואָרפען אויף די אַרומיגע שטעדט , אַז פאָקוס האָט זיך געזעהן געצוואונגען צו אַרויסצו-שיקען געגען די מורדים א גרויסע מחנה סאָלדאַטען . ערשט דעמאָלט זענען די נקמה-צוראַייצטע יודען בעזיעגט געוואָרען און די קריגס-פיהרער האָבען איבער זיי אויסגעאיבט די שרעקליכסטע שטראָפען (604) .

אין א קורצער צייט אַרום האָבען די יודען ווידער געפונען א געלעגענהייט זיך נוקם צו זיין אָן זייערע פּייניגער . דאָס איז פאָר-געקומען אויף דעם פאָלגענדען אופן : כאָזרוי II דער קעניג פון פּער-סיען איז געווען א איידים פון דעם ביזאַנטינישען קייזער מאַוריציוס , ביי וועלכען פאָקוס האָט אַוועקגערויבט דעם טראָן ; און אָט האָט זיך דער פּערסישער קעניג אַריינגעריסען מיט א מורא'דיגען חיל אין די גרענעצען פון דער ביזאַנטינישער מלוכה און פערנומען גאַנץ קליין

אזיען און סיריען. אונטער דער צייט איז הערא קליוס געוועהלט געווארען פאר א קיסר אין קאנסטאנטינאפאל, און ער האט אויפגעפאדערט די פערסיאנער צו פערלאזען דאס ביזאנטינישע לאנד; די לעצטע האבען איהם אבער נישט געפאלגט, און א גרויסע פערסישע מחנה, אונטער דער אנפיהרונג פון שארבארזא, האט זיך אראבגעלאזען פון די לבנון-בערג, כדי אבצורייסען פאלעסטינא פון דער ביזאנטינישער אימפעריע. צו דער ערשיינונג האבען די יודען נישט געקאנט בלייבען גלייכגילטיג: די כפלות פון דעם ביזאנטינישען חיל האבען פונאנדערגערייצט זייער פאנטאזיע, און אין זיי האט ערוואכט די האפנונג, זיך ענדליך נוקם צו זיין אן די בלוטיגע רוימער פאר די אלע הונדערטער יאהרען פון נגישות, גזירות און פיין. די קריגערישע שטימונג האט באלד ארומגעכאפט גאנץ פאלעסטינא, און ווי אין די אלטע צייטען, האט אויך איצט טבריה געדיענט פאר דעם הויפט-צענטער פון אויפשטאנד; דא האט זיך געפונען איינער מיט'ן נאמען בנימין, וואס האט בעזעסען א אונגעהויערע עשירות, און ער האט עס פערוועגדעט, אויסצוהאלטען דעם יודישען חיל און איהם צו בעווארנען מיט אלעם נויטיגען; דערביי זענען אלע יודען אויפגעפאדערט געווארען, זיך צו שטעלן אין די רייהען פון דער פערסישער ארמעע און צו קעמפפען מיט איהר צוזאמען געגען דעם געמיינזאמען שונא — די ביזאנטינער. אויף אזא אופן איז שארבארזא'ס מחנה געוואקסען פון טאג צו טאג, און ווען ער האט אנגעהויבען מארשירען מיט איהר אויף דעם חענ קיין ירושלים, וועלכע ער האט געוואלט גלייך אבנעהמען פון די קריסטען, זענען צוגעשטאנען צו איהר אויך די יודען פון דרום-פאלעסטינא. מיט אזא אונגעהויערער מחנה איז שארבארזא'ן נישט שווער אנגעקומען איינצונעהמען די שטאדט, און ווי די קריסטליכע קוועלען פון יענער צייט ווילען האבען, זענען דאן דורך די זיעגער אויסגעקוילעט געווארען אין ירושלים ביז נייצניג טויזענד קריסטען. די זעלביגע קוועלען גיעבען אן פאר א פאקט אויך דאס, אז די יודען, זייענדיג פערשכור'ט פון דער דורשט נאך נקמה, האבען אבגעקויפט ביי די פערסיאנער די קריסטליכע געפאנגענע, אום צו קענען אויסאיבען איבער זיי אכזריות'דיגע שטראפען. נאטירליך, זענען די אלע ידיעות אין א גרויסער מאס איבערטריעבען, האטש עס לאזט זיך גלויבען, אז דער צארן פון פאלק, וואס האט זיך געזאמעלט אין דעם משך פון הונדערטער דורות, האט דאס מאל אויסגעבראכען מיט

א אונגעוועהנליכער קראפט, און ארייַנקומענדיג ווי זיעגער אין זייער הייליגער הויפטשטאדט, וואו זיי איז ביז אהער פערבאטען געווען אפילו א פוס אוועקצושטעלן, — האבען זיי די בעזיעגטע געגעבען צו פיהלען דעם שטורם פון פערשכור'טער נקמה. די יודישע מחנות האבען זיך מיט א בעזונדער פערביטערטקייט ארויפגעווארפען אויף די קריסטליכע הייליגע און הייליגטימער; זיי האבען צושמעטערט אלע קירכען און מאנאסטירען פון ירושלים מיט איהר אומגעגענד און דערביי געטויט און געפייניגט די גלחים און נזירים. איינע פון די דאזיגע מחנות, וואס האט געצעהלט ביז צוואנציג טויזענד יודען (פון טבריה, דמשק, די אינזעל ציפערן א. א.) האט זיך אוועקגעלאזען צו דער שטאדט צור, וואו זי האט זיך געזאלט פעראייניגען מיט דעם דארטיגען יודישען גארניזאן און בעפאלען די קריסטען פון שטאדט אין דער ערשטער נאכט פון זייער פסח; דאס האט זיך אבער די יודען ניט איינגעגעבען איבער דעם, וואס די קריסטען האבען זיך דערוואוסט פון דער אונטערנעהמונג און גענומען געפאנגען אלע יודען פון שטאדט. אבערייסענדיג אויף אזא אופן די שטאדטיגע יודען פון דער אנגעקומענער מחנה, האבען זיי געדראהעט דער לעצטער אויסצוהרגענען זייערע געפאנגענע יודען, און ווען די בעלאגערער האבען אנגעהויבען חרוב צו מאכען די קירכען פון דער אומגעגענד, האבען די קריסטען פון שטאדט ווירקליך געענטפערט אויף דעם מיט טויזענדער אראבגעווארפענע יודישע קעפ. ביי די אנגעקומענע איז דאן געפאלען דער מוט און זיי האבען פערלאזען די שטאדט מיט בעדייטענדע אבידות.

ארום פירצעהן יאהר האבען די יודען מיט די פערסיאנער געבעל-הבתי'ועט אין פאלעסטינא. וועגען די בעציהונגען, וואס האבען זיך איינגעשטעלט אין דער ערשטער צייט צווישען די ביידע בעלי בתים, קענען צו אונז קיין ידיעות ניט דערגאנגען; בעקאנט איז נאר, אז יודען האבען זיך שטארק געפרעהט מיט דעם נצחון און געזעהן אין איהם א צייכען פון הימעל. די פלוצלונגע איבערקעהרעניש אין דער פאליטישער לאגע פון יודען אין פאלעסטינא האט געווירקט זאגאר אויף די קריסטען גופא, און פיעל פון זיי האבען זיך מגייר געווען. פון די לעצטע האבען זיך יודען בעזונדער גרויס געהאלטען מיט איינעם א פערגעטערטען און בעריהמטען קריסטליכען קדוש, וועלכער איז איבערגעגאנגען צום יודענטום ניט נאר פרייוויליג, נאר אויך מיט

א שטאַרקער בעגייסטערונג; דער דאָזיגער הייליגער האָט א סך יאָהרען פערבראַכט אינ'ם קלויסטער אויפן באַרג סיני, פערזונקען אין תפילות און סגופים, און פלוצלונג האָט זיך בייַ איהם דערוועקט א צווייפעל אינ'ם אמת פון קריסטענטום. ווי ער אליין האָט ערקלערט, האָבען איהם אַלענגערע צייט געפּייניגט די נאַכט-ערשיינונגען פון קריסטוס'ען מיט זיינע אַפּאָסטאָלען און תלמידים פון איין זייט, און משה'ן מיט די יודישע נביאים און חכמים — פון דער צווייטער; דאָס האָט איהם געבראַכט דערצו, אז ער האָט ענדליך פערלאָזען דעם באַרג, געוואַנדערט לאַנג דורכ'ן מדבר, און איז געקומען קיין טבריה צו די יודישע געזעצלעהרער. דאָ האָט ער זיך מגייר געווען, חתונה געהאַט מיט א יודישע פרוי, און איז געוואָרען איינער פון די וואַרימסטע קעמפּפער פאַר די אמת'ען פון יודענטום.

ביי דעם אַלעם איז די האָפנונג, וואָס יודען האָבען געלעגט אויף די פערסישע זיעגער, נישט ערפילט געוואָרען. די פערסיאַנער האָבען וואָס ווייטער אַלץ מעהר אָנגעהויבען צו קוקען אויף זיך, ווי אויף די איינציגע בעלי בתים פון לאַנד, און אויסער דעם, וואָס זיי האָבען יודען נישט אָבגעגעבען די גרעסערע פונקטען פון פּאַלעסטינא, ווי עס איז געווען אָבגעמאַכט צווישען זיי, האָבען זיי דער יודישער בעפעלקערונג שטאַרק געדריקט און בעלעסטיגט מיט שווערע שטייערן. דאָס האָט אַרויסגערופען צווישען יודען א שטאַרקע אונצופריעדענהייט מיט די פערסישע קאַמפּפס-ברידער, און די דאָזיגע אונצופריעדענהייט האָט זיך נאָך שטאַרקער פונאַנדערגעקאַכט נאָכדעם, ווי דער פערסישער פיהרער פון פּאַלעסטינא האָט אַ גרויסע צאָהל אָנגעזעהענע יודען פערשיקט קיין פּערס'ען. עס האָבען זיך אָנגעהויבען הערן שאַרפע ווערטער נעגען די נייע מושלים, וואָס יודען אַליין האָבען זיי אַריינגעבראַכט אין לאַנד, און אָט די יודישע ענטטוישונג האָט דער ביזאַנטינישער קייזער פערשטאַנען אויסצונוצען. דער לעצטער, העראַקליוס, האָט זיך אונטער דער צייט בעפרייט פון אַלע שטערונגען, וואָס זענען איהם געשטאַנען אין וועג (די אַוואַרען), און האָט אָנגעהויבען זיך גרייטען צו א שאַרפען אַרויסטריט נעגען די פערסיאַנער, אום אָבצונעהמען פון זיי די פערכאַפּטע ביזאַנטינישע פּראָווינץ; ער האָט אָבער פערשטאַנען, אז די יודען קענען איהם דאָ שטאַרק בעהילפיג זיין, און איז געקומען אין א נאָהנטער בעציהונג מיט די „אונצופריעדענע" אין פּאַלעסטינא. דער פאָרשטעהער פון די לעצטע איז, וואַהרשיינליך,

געווען דער אויבען דערמאָנטער בנימין פון טבריה, און מיט איהם האָט הערַאקליוס געשלאָסען אַ פאָרמעלען אָבמאַך, לויט וועלכען די יודען איז געזיכערט געוואָרען אַ פאָלשטענדיגע אַמניסטיע, אויסער פערשידענע קלענערע הנחות (627). דערווייל זענען אַ סך זייטיגע בעדינגונגען אויך זעהר גינסטיג געוואָרען פאַר דעם ביזאַנטינישען קייזער, און די ענדע איז געווען, אַז ער האָט געצוואונגען די פערס-יאַנער, צו פערלאָזען פאַלעסטינאַ, און דאָס הייליגע לאַנד איז ווידער אַרונטערגעפאַלען אונטערן קריסטליכען קרייץ. אויף זיין מאַרשרוט קיין ירושלים, האָט הערַאקליוס זיך אָבגעשטעלט אין טבריה, וואו דער רייכער בנימין האָט איהם מיט זיין מחנה זעהר גאַסט-פריינדליך אויפ-גענומען, און ווען דער קייזער האָט אין אַ אָפענהערציגען שמועס געפרעגט דעם יודישען אַריסטאָקראַט, פאַרוואָס ער האָט אַרויסגעוויזען אַזאַ פערביטערטע שנאה צו די קריסטען, — האָט בנימין איהם קורץ געענטפערט: „ווייל זיי זענען שונאים פון מיין גלויבען".

אין ירושלים האָבען הערַאקליוס'ען בעגעגענט די נזירים און גייסטליכע פון שטאָדט, מיט'ן פאַטריאַרך מ א ָ ד ע ס ט ו ס בראש, און זייער ערשטע בקשה איז געווען, אַז ער זאָל אויסראָטען אַלע יודען פון פאַלעסטינאַ אַלס נקמה פאַר זייערע מעשים בנוגע צו די בעזיעגטע קריסטען. דער קייזער האָט זיך דאַן פערערופען אויף דער הבטחה, וואָס ער האָט יודען געגעבען, זיי נישט צו בעשטראָפען פאַר זייערע אַרויסטרעטונגען; נאָר ווען די הייליגע האָבען איהם ערקלערט, אַז הרג'ענען יודען איז זעהר אַ אָנגענומענע עובדא ביי גאָט און אַז זיי וועלען בעשטימען אַ בעזונדער תענית פון אַ גאַנצע וואָך, כדי אויסצו-קויפען זיין זינד (פון ברעכען די הבטחה), — איז דער פרומער הערַאקליוס מרוצה געוואָרען ממלא צו זיין זייער בקשה. דאַן איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אַ בעפעהל, צו פאַנגען יודען אין די גאַסען, ווי חיות אין פעלד, און זיי צו טויטען אָהן אַ שום דין און משפט. ביי דער געלעגענהייט האָט הערַאקליוס בענייט אויך דעם אַלטען עדיקט פון האַדריאַנ'ס און קאָנסטאַנטינ'ס צייטען, לויט וועלכען די יודען איז פערבאָטען געוואָרען מיט אַ פוס אַרויפצוטרעטען אויף דער ערד פון זייער אַמאָליגער הויפּטשטאָדט—די שטאָדט פון דעם ה י י ל י ג ע ן ק ב ר. אַזוי האָבען די פאַלעסטינישע יודען איצט ווידער אָבגעצאָהלט פאַר דער קורצער צייט פון זייערע ליכטיגע האָפנונגען — דער ק ר י י ץ האָט טריאומפירט! הערַאקליוס אַליין האָט, איבריגענס, נאָך דערלעבט צו זעהן,

ווי די הייליגע שטאָדט מיט גאַנץ פּאַלעסטינאַ, סיריען און מצרים זענען אויף אײביג אָבגעריסען געוואָרען פון ביזאַנטיען, ווי פון דער קריכטליכער הערשאַפט בכלל, און זענען אַרונטערגעפאַלען אונטער דער ממשלה פון די קאַליפען, די נאָכפאָלגער פון דעם נביא פון מעקקא. די ביזהעריגע פערפאָלגער מיט'ן קרייץ אין דער האַנד, האָבען איצט אַליין אָנגעהויבען שפירען דעם טעם פון רעליגיעזער פערפאָלגונג, האָטש די האַלבע לבנה איז אין איהרע רדיפות קיינמאָל נישט דערגאַנגען ביז די אכזריות'ען פון קרייץ.

דערווייל אָבער איז נאָך דער קרייץ אַלמעכטיג געוועזען און די יודען פון גאַנץ אייראָפּאַ האָבען זיך געפונען אונטער זיין הערשאַפט. „צוזייט אין צושפרייט אין דער גאַנצער וועלט, — זאָגט איין בעריהמטער בעאָבאַכטער — פון יענער צייט — זענען די יודען אונטערגעוואָרפען דעם רוימישען יאָך, און לעבען דאָך לויט זייערע אייגענע געזעצען". פון דער כאַראַקטעריסטיק איז אמת נאָר דער סוף: דעם רוימישען יאָך זענען יודען נישט אונטערגעוואָרפען געוועזען, ווייל רוים אַליין איז שוין דעמאָלט געוועזען אונטערגעוואָרפען און פערשקלאַפט פון די באַרבאַרישע שטאַמען (מערב-גאָטען, מזרח-גאָטען, געפּידען, העֶרולען און לאָנגאָבאַרדען), וואָס האָבען איהר די קרוין פון קאָפּ אַראָבגעריסען און מיט די פיס געטרעטען. יודען האָבען, אמת, פון דער איבערקעהרעניש קיין סך נישט פערדיענט; אַ נקמה אָן רוים האָבען זיי אָבער דערלעבט. די דאָזיגע אַלמעכטיגע אימפּעריע איז צופאַלען געוואָרען, אויף איהרע חורבות זענען ענטשטאַנען נייע פעלקער מיט נייע מלוכות, און ווי אויף ירושלים אַמאָל, האָט מען איצט אויף רוים אויך געקלאָגט: „די האַרינטע פון פעלקער, די פירשטין פון לענדער איז אַ בעטלערין געוואָרען". *)

צו אונז זענען נישט דערגאַנגען קיין קלאָרע ידיעות וועגען דער

---

*) ביי דער פערוויסטונג פון רוים דורך די וואַנדאַלען פון צפון אפריקא, האָט דער פיהרער פון די לעצטע, גייזעריך, אוועקגעפיהרט מיט זיך קיין אפריקא די הייליגע כלים פון בית המקדש, וואָס טיטוס האָט געבראַכט קיין רוים. מיט 80 יאָהר שפּעטער זענען די דאָזיגע כלים דורך דעם ביזאַנטינישען קייזער יוסטיניאַן געבראַכט געוואָרען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און פון דאָרטין האָט מען זיי איבערגעפיהרט קיין ירושלים.

ראָליע, וואָס יודען האָבען געשפּיעלט אין דעם פּראָצעס פון רוים'ס אונטערגאנג; זיכער איז אָבער, אז יודישע קאָלאָניעס האָבען זיך שוין דאַן געפונען אין דעם גאַנצען שטח פון דער אימפּעריע. מילאַן, גענוא, נעאַפּאָל, סיציליען, מעסינא, אגרעגענטיא און אַלע אַנדערע שטעדט פון אויבער- און אונטער-איטאַליען האָבען געהאַט בעדייטענדע יודישע ישובים נאָך פון די אלטסטע צייטען אָן, און פון דאָרטין האָבען זיך די יודען פערקליבען אויך אין די ווייטע מערב-פּראָווינצען פון דער אימפּעריע — גאַליען, גערמאַניען און שפּאַניען.

אין אַ בעזונדער לאַנגע האָבען זיך געפונען די יודען אין איטאַליען נאָך'ן, ווי עס איז אַרונטערגעפאַלען אונטער דער הערשאַפט פון דעם אָסט-גאָטישען קעניג טעאָדאָריך (493). דער דאָזיגער הערשער, וואָס האָט אָנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען, איז פון דער קריסטליכער קירך דאָך פערהאַסט געווען, ווייל ער האָט אָנגעהערט צו די אַריאַנער (די וואָס האַלטען, אז גאָט דער זוהן איז נאָר ענליך צו גאָט דעם פאָטער, אָבער נישט גלייך צו איהם), און כדי איהם צו דערצערנען האָבען די קאַטוילישע גייסטליכע נישט אויפגעהערט צו רודפ'ען יודען געגען זיין ווילען. דער מלוכה-פערשטאַנד האָט טעאָדאָריכען אונטערגעזאָגט, אז קוים לעבען די יודען לויט זייערע אייגענע געזעצען מוזען זיי שוין ממילא האָבען אויך אייגענע ריכטער און אייגענע לעהרער, און אין דעם זין האָט ער בעהאַנדעלט אויך אַנדערע אָנגעלעגענהייטען פון דעם יודישען לעבען; די קאַטוילישע גייסטליכע האָבען זיך אָבער נישט געוואָלט אונטערגעבען די פעראָרדנונגען פון דעם אפיקורסי'שען הערשער, און גאַנץ אָפט איז געקומען צו בלוטיגע קאָנפליקטען צווישען זיי און די פאָרשטעהער פון דער קייזערליכער מאַכט, ביי וועלכע די לעצטע האָבען זיך איינגעשטעלט פאַר יודען און בעשטראָפט זייערע בעליידיגער.

וואָס עס געהערט צו טעאָדאָריכען אַליין, האָט ער אויך יודען נישט ליעב געהאַט, און זיין אידעאַל איז געווען, זיי אַריינטערצובריינגען אונטער די פליגעל פון דעם היילינגען גלויבען. וועגנדענדיג זיך ביי אַ געוויסער געלעגענהייט צו דער יודישער קהלה אין מילאַן, האָט ער מיט היץ אויסגעשריגען: „וואָס זוכסטו, אָ יודאַ, צייטליכע רוה, ווערענד דו קענסט די אייביגע נישט געפינען איבער דיין פערעקשנט'ער בלינדקייט ו" אַ צווייטער פאַל איז פאָרגעקומען מיט די

יודען פון געגוא, וועלכע האבען געבעטען ביים קייזער א ערלויבניש צו פערשענערן זייער שוהל; „מיר גיעבען אייך די פערלאנגטע ערלויבניש, — האט טעאדאריך זיי געלאזען ענטפערן — אבער מיר פעראכטען דעם פערלאנג, וואס שטאמט פון איינער פעראירטקייט. פון דעסטוועגען, קענען מיר ניט בעפוהלען אין ענינים פון אמונה, און צווינגען וועמען ס'איז צו גלויבען נעגען זיין געוויסען". די ערלויבניש איז, איבריגענס, ארויסגעגעבען געווארען בלויז אויף דעם איינציגען מאל, און בכלל איז דעמאלט יודען פערבאטען געווען, צו בויען נייע שוהלען און זיי צו פערשענערן.

כאראקטעריסטיש פאר דער שטימונג, וואס האט געהערשט דאן אין די קרייזען פון דער קירך בנוגע צו יודען, איז דער פירוש אויף תהלים, וואס איז פערבליבען פון טעאדאריך'ס נאהנטסטען יועץ און פריינד קאסיאדאר. דאס איז געווען א געפיהל פון פערביטערטען כעס צו די פערעקשנ'טע בעלי גאוה'ס, וואס ווילען ניט זעהען דעם ליכטיגען אמת. „הערט, איהר יהודה'ער, — שרייט אויס מיט צארן דער פילאזאפישער מפורש — פערנעהמט, איהר הארטבעשולדיגטע, וואס דער תהלים-זינגער אסף רעדט וועגען קריסטוס'עם געבורט! איהר פערשטעהט דאך ניט אפילו די ווערטער פון איערע איינענע נביאים! געהט צו די פאטער'ס פון דער קירך; זיי וועלען עפנען איערע אויערן, און איהר וועט, מיט גאט'ס הילף, געראטעוועט ווערן פון איער איינגינער טויבקייט". און גלייך נאך דעם מוסר השכל ווערן די „טויבע" יודען אנגערופען מיט אזעלכע נעמען, ווי: „ווילדע איזלען", „שלאנגען און לייבען", „הינט" א. נ. א.

ביי דער גאנצער אנטיפאטיע צו יודען פון די טאן-געבענדע פערזאנען אין דעם אסטגאטישען איטאליען, האט זיך דא יודען פון דעסטוועגען בעדייטענד בעסער און רוהיגער געלעבט, ווי אין דעם ביזאנטיניש מזרח, און זייער לאגע איז פערבליבען ניט געענדערט אויך אונטער דער הערשאפט פון טעאדאריך'ס נאכפאלגער: זיין טאכטער אמאלאזונטא און איהר מאן טעאדאט. די יודען האבען זיך דעריבער אויך געפיהלט צוגעבונדען צו דער דינאסטיע, און ווען דער ביזאנטינישער חיל, אונטער דער אנפיהרונג פון דעם בעריהמטען וועליזאריא, האט זיך ארייגגעריסען אין איטאליען (536), האבען איהם די יודען געשטעלט א שטארקען ווידערשטאנד. דער דאזיגער העלדישער בעזיגער פון די וואנדאלען, וועלכער האט שוין געהאט איינגענומען

גאַנץ סיציליען און אַ גרויסען טייל פון דרום-איטאַליען , האָט אין נעאַפּאָל געפונען פאַר זיך אַ פערביטערטען מעלטיגען געגנער אין דער געשטאַלט פון די יודישע איינוואוינער . זיי האָבען געוואוסט , וואָס זיי האָבען צו ערוואַרטען פון דער ביזאַנטינישער הערשאַפט , און ווערענד די גריכישע בעפעלקערונג פון שטאָדט , האָט זיך גלייך געוואָלט אונטערגעבען , האָבען די יודען מיט אַ אונגעוועהנליכער העלדישקייט געקעמפפט געגען די ביזאַנטינער און זיי אָבגעהאַלטען אַ לאַנגע צייט הינטער די טויערן פון שטאָדט . עס האָט שוין זאָגאַר געהאַלטען דערביי , אַז וועליזאַריאָ זאָל אינגאַנצען אויפגעבען די בעלאַגערונג , און נאָר דורך אַ שווינדעל האָט זיך איהם איינגעגעבען אָבצונאַרען די יודישע קעמפפער , וועלכע האָבען אין שטאָדט גופא נאָך אויך נישט אויסגעלעגנט דאָס געוועהר פון האַנד און נישט אויפגעהערט צו וואַרפען טויט און פייער אין די רייהען פון דער ביזאַנטינישער מחנה . נאָך דעם אויסגאַנג פון דער מלחמה , זענען די לעבען-געבליבענע יודען זיך צולאָפען אין פערשידענע ערטער , און די היסטאָרישע קוועלען פון יענער צייט ווייסען גאָרנישט צו דערצעהלען וועגען דעם גורל פון די דאָזיגע העלדען .

אזוי האָט זיך געענדיגט די ממשלה פון די אָסטגאָטען אין איטאַליען . וועליזאַריאָ האָט נאָך אַ לענגערע צייט געמוזט קעמפפען מיט זיי ; ענדליך האָט ער זיי אָבער אינגאַנצען בעזיעגט , און איטאַליען איז געוואָרען אַ ביזאַנטינישע פראָווינץ , וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער השגחה פון אַ עקזאַרך אין ראַווענאַ (554) . פאַר יודען איז אָט די ענדערונג געווען אַ שווערער קלאַפּ : זיי זענען ארונטערגעפאַלען אונטער די בעריהמטע געזעצען פון יוסטיניאַנ׳ס קאָדעקס און האָבען געמוזט אויסשטעהן אַלערליי בעגרענצונגען און ערנידריגונגען .

די הערשאַפט פון די ביזאַנטינער אין איטאַליען האָט זיך אָבער אויך נישט לאַנג געהאַלטען . מיט פיערצעהן יאָהר שפּעטער האָבען זיך די ריזען-שטאַרקע לאַנגאָבאַרדען אריינגעריסען אין לאַנד , און יוסטיניאַנ׳ס יורש האָט זיי געמוזט אָבטרעטען גאַנץ צפון-איטאַליען . די מושלים פון דעם שטאַם , וועלכע זענען געווען האַלב געצענדיענער-דיש האַלב אַריאַניש , האָבען זיך צו יודען בעצויגען פאַלשטענדיג טאָלעראַנט , און אין דער גאַנצער לאַנגאָבאַרדישער געזעצזאַמלונג געפינט מען נישט קיין איינציגען געזעץ געגען יודען . אָט די גוטע בעציהונג צו יודען האָט זיך נישט געענדערט אפילו אויך שוין נאָכדעם , ווי די

לאנגאבארדען זענען איבערגעגאנגען צום קאטאליציזם. דאס איז געוועזען דערפאר, וואס די ערשטע פיהרער פון דער קירך אין יענער צייט, די פויפסטען, זענען גראד געוועזען מענשען מיט סבלנות און יושר. גרעגאר דער ערשטער, דער פויפסט (590—604), וואס האט בעגרינדעט און בעפעסטיגט די אלוועלטליכע ממשלה פון קאטאליציזם, האט זיך געהאלטען ביי דעם פרינציפ, אז אזוי ווי די יודען טארען זיך נישט נעהמען אזעלכע רעכט, וואס זיי האבען נישט, אזוי טאר מען ביי זיי נישט אוועקנעהמען די רעכט, וואס זיי האבען שוין. גרעגאר האט אויך צוגערעדט יודען איבערצוגעהן צום קריסטענטום און האט זיי דערפאר צוגעזאגט פערשידענע זכיות און פריווילעגיעס; ער האט אבער געגען זיי קיינע געוואלט-מיטלען נישט אנגעווענדעט און אגאר אויכגערעדט די פראווינציעלע בישאפען פאר זייער שלעכטער בעציהונג צו יודען. דאס איינציגע, אויף וואס גרעגאר האט שטרענג מקפיד געווען, איז געווען דאס, אז יודען זאלען נישט האלטען קיין קריסטליכע שקלאפען: אין דעם האט ער געזעהן א פערברעכען געגען דעם קריסטליכען כלל, לויט וועלכען א „נישט-גלויבינגער" טאר קיין מאכט נישט האבען איבער א גלויבינגען.

גאנץ אנדערש ווי אין ביצאנץ און איטאליען האבען אויסגעזעהן די יודישע ישובים אין די מערב-לענדער פון דעם אמאליגען רוים — פראנקרייך (גאליען) און שפאניען. דער שטראם פון די בארבארישע פעלקער, וואס האט פערפלייצט די דאזיגע לענדער, האט פונאנדער-געטרייסעלט אלע יסודות פון זייער געזעלשאפטליכען לעבען און איהם איינגאנצען צושרויפט. די רוימישע רעליגיעזע און וועלטליכע ארדנונגען זענען אזוי ווי אונטערגעגאנגען פון זיך אליין, און די נייע-ענטשטאנענע בלובות מיט די געצענדיענערישע אדער האלב-קריסטליכע פעלקער האבען זיך אויסגעבילדעט גאנץ זעלבסטשטענדיג — אהן דער השגחה פון די רוימישע בשמה-פערזארגער. עס האט גענומט א לאנגע צייט אריבער-געהן ביז דער קאטאליציזם האט בעקומען די אויבערהאנד אין מערב אייראפא, און אזוי לאנג האבען אויך די יודען, וואס האבען זיך אויפגעהאלטען אין די לענדער, נישט געוואוסט פון קיינע שטערונגען און רדיפות. די לעצטע הויבען זיך אן צוזאמען מיט'ן זיעג פון דער קירך — אהן דער געלייטערטער אמונה און אהן די הויכע בעגריפע פון דער הייליגער ליעבע האבען אט די פעלקער פון קיין רעליגיעזען שנאה נישט געוואוסט. —

די איינוואנדערונג פון יודען אין די צוויי פּרוֹלטבאַרע, רייכע פּראָווינצען פאלט אוים כמעט אין איין צייט מיט דער רוימישער רעפּובליק אָדער מיט דער הערשאפט פון די צעזאר׳ם. די יודישע סוחרים פון אלעקסאנדריע און קליין אזיע, וועלכע זענען צוליעב זייערע געשעפטען געקומען קיין איטאליען, ווי די יודישע קעמפפער, וועלכע זענען פון וועספּאסיאנ׳ען און טיטוס׳ען אלס געפאנגענע פערטריעבען געווארען אין די ווייטע רוימישע מקומות, — דאם זענען געוועזען די ערשטע, וואָס האָבען, פרייוויליג אָדער געצוואונגענערהייד, אויסגע-טרעטען פאר די שפּעטערדיגע דורות דעם וועג צו די גאלישע און איבערישע פּראָווינצען. אנגעקומען ווי געשעפטסלייט אָדער ווי געפאנ-גענע, מיט׳ן זעקעל אָדער אים שקלאפען-קלייד, זענען די יודען אין פראנקרייך און שפאניען באלד אויסגעגלייכט געוואָרען אין זייערע רעכט מיט דער איינגעבוירענער בעפעלקערונג, און די גערמאנישע פראנקען און בורגונדען, וואָס האָבען די ביידע לענדער איינגענומען, האָבען געררעכענט די יודען פאר רוימער. אין דער פון קעניג כלאָדוויג געגרינדעטער פראנקישער מלוכה (צו דער ענדע פון V-טען יאָהר-הונדערט) האָבען יודען אויסגעמאכט א בעדייטענדען טייל פון דער אלגעמיינער בעפעלקערונג; יודען האָבען געוואוינט אין אָבערנע, קאר-קאסאָנע, אָרלעאַנס ביז הויך אין צפון — אין פאריז און בעלגיען. בעזונדער רייך איז געוועזען דער יודישער ישוב אין דער אלט-גריכישער האפענשטאָדט מ א ר ס ע ל, וואָס האָט אויך געהייסען „ה ע ב ר ע א י ש ע שטאָדט“, אין א ר ל ס, וואו זיי האָבען ביז׳ן זעקסטען יאָהרהונדערט זיך בענוצט מיט דער גריכישער שפּראך, און אין דער אומגעגענד פון נ א ר ב א נ א, וואו א געוויסער בארג האָט זאָגאר געטראָגען א יודישען נאָמען (מאָנס יודאיקוס).

אין די לענדער האָבען יודען א סך יאָהרען געלעבט רוהיג און צופריעדען, זיך בעשעפטיגענדיג מיט ערד-ארבייט, האנדעל און מעדיצין. די גאלישע יודען פלעגען טראָגען צוזאמען מיט א ביבלישען אויך א אלגעמיינעם נאָמען (ארמענטאריוס, גאָזאלאס, פריסקוס, סידעריוס) אין בכלל האָבען זיי זעהר גוט געלעבט מיט דער ארומיגער בעפעל-קערונג. עס פלעגען פאָרקומען זאָגאר חתונות צווישען יודען מיט קריסטען, און די קריסטליכע גייסטליכע פלעגען בעטען יודען צו זיך אָדער זיך בעטייליגען אין יודישע שמחות און מאלצייטען. דאָס ראָזיגע צוזאמענלעבען צווישען יודען און קריסטען איז נישט געשטערט געוואָרען

מיט קיין זאך אפילו נאלדעס, ווי כלאדוויג איז אריינגעטרעטען אין דער קאטוילישער קירך — די לעצטע איז איהם זעהר דאנקבאר געוועזען פאר זיין שריט (זי האט איהם געגעבען דעם טיטול: „ערשטער זוהן פון דער קאטוילישער קירך") און האט פון איהם קיין איבריגע שטרענג-קייטען בכלל נישט געפאדערט. אין דעם משך פון דער צייט האט אפילו איין קירכען-פערזאמלונג געפרובט איבעררייסען די דאזיגע פריינדליכע בעציהונג צווישען יודען און קריסטען; דאס האט זיך אבער נישט איינגעגעבען. דארט האט זיך געהאנדעלט וועגען דעם, וואס קריסטליכע גייסטליכע געהען צו יודען עסען, און דער קאנגרעס (וואן 465) האט ארויסגעטראגען א רעזאלוציע, אז דאס איז די גייסטליכע פערבאטען, „דען ווערהענד די קריסטען געניעסען ביי יודען אלע שפייזען, זאגען זיך די לעצטע (די יודען) אב פון א סך קריסטליכע שפייזען, און עס זעהט אויס, אזוי ווי די קריסטליכע גייסטליכע וואלטען געשטאנען ניעדריגער פון די יודען", א ענליכע החלטה איז אנגענומען געווארען אין א נ ד אין יאהר 506, און נאלדעס האבען די זיילען פון דער קירך נאך אלץ נישט אויפגעהערט צו מוסר'ן דעם עולם פאר דער צו-נאהנטער חבר'שאפט מיט יודען.

די ערשטע יודענפיינדליכע שטימונג נישט מצד דעם קירך, נאר אויך מצד דער מלוכה האט זיך ארויסגעוויזען אין בורגונדיען (דער מזרח-טייל פון דער גאלישער מלוכה) נאלדעס, ווי דער קעניג סיגיזמונד האט אנגענומען דעם קאטוילישען גלויבען (516). דער דאזיגער קעניג האט דער ערשטער אויפגעשטעלט א שייד-וואנט צווישען יודען און קריסטען, און לויט זיין בעשטעטיגונג איז פערבאטען געווארען ניכט בלויז גייסטליכע, נאר אפילו אויך געוועהנליכע קריסטען צו עסען ביי יודען (517). פון בורגונדיען האט זיך די שנאה צו יודען פער-שפרייט אויך אין די איבריגע פראנקישע פראווינצען, און אין די קירכען-בעשטימונגען פון די יאהרען 538 און 545 רעדט זיך שוין וועגען דעם, אז יודען זאלען זיך נ י ש ט ווייזען אין די ג א ס ען וועה-רענד דעם קריסטליכען פסח, „ווייל זייער ערשיינען איז א מין בעליידיגונג פאר'ן קריסטענטום". אין די זעלביגע בעשטימונגען ווערן אויך שטרענג (אונטער דער שטראף פון ח ר ם) פערבאטען געמישטע חתונות צווישען יודען מיט קריסטען, און קוים האט א קריסטליכער קנעכט פון א יודען אנגענומען דאס יודענטום, האט איהם דאס געזעץ, לויט דער החלטה פון די קאנגרעסען, נישט אנערקענט פאר קיין פרייען אפילו אין דעם

פאל , ווען דער יודישער בעל הבית האָט איהם בעפרייט , „וויל ס'איז נישט קיין יושר צו לאָזען פריי אזוינעם , וואס שטאמענדיג פון קריסט־ליכע עלטערן , וויל ער דאך לעבען לויט די יודישע מנהגים" .

אַזוי איז די שנאה צו יודען וואָס וויטער אלץ מעהר אריינגע־דרונגען אין די ברייטע שיכטען פון דער בעפעלקערונג , און מיט דער צייט האָבען אויך דאָ זיך אָנגעהויבען ווייזען יענע געשטאלטען פון פאנאטיש־ווילדע הייליגע , וואָס האָבען געוואָלט בעגליקען די נשמות פון די „פערעקשנ'טע" יודען איבער געוואלט , זיך נישט אָבשטעל־לענדיג דערביי אפילו פאר די שרעקליכסטע מיטלען . אזא העלדישער קעמפפער פאר'ן הייליגען גלויבען איז געוועזען דער בישאָף אווויטום פון קלערמאָן , וועלכער איז געוועזען פאַר די יודען פון פראנקענלאנד דאס , וואָס דער בלוטיגער קיריל איז געוועזען אמאָל פאר די יודען פון אלעקסאנדריע .

דעם ראָזיגען בישאָף זענען די יודען פון זיין יעפּארכיע געוועזען , ווי א דאָרן אין די אויגען , און ער האָט יאָהרען־לאנג געהאלטען אין איין דרשה'נען פאר זיי און אויפווייזען די גרויסקייט און שענקייט פון דעם קריסטליכען גלויבען . ווען ער האָט אָבער געזעהן , אז די יודען בלייבען טויב צו זיינע דרשות און לאָזען זיך בשום אופן נישט „איבער־צייגען" מיט גוטען , איז ער געפאלען אויף אנ'אנדער איבערציינונגס־מעטאָדע : ער האָט אָנגערייצט דעם קריסטליכען המון , און דער לעצ־טער איז בעפאלען די יודישע שוהל און זי גלייך געמאכט מיט דער ערד ; און דערביי האָט זיך דער הייליגער נישט אָבגעשטעלט ; ער האָט די יודען אַזוי לאנג גערודפ'ט און געפייניגט ביז ער האָט זיינם אויסגע־פיהרט : איין יוד האָט זיך געשמד'ט . איז אָבער דער משומד פער־אכט און פערהאסט געוואָרען פון דער גאנצער יודישער קהלה , און ווען ער האָט געפרובט דורכגעהן די גאס אין זיינע ווייסע שמד־קליי־דער , האָט איהם א יוד אָבגעגאסען מיט שטינקענדיגען אייל ; דאס האָט שטארק אויפגעקאכט דעם קריסטליכען המון , און ער האָט זיך , אונטער דער אָנפיהרונג פון הייליגען פּאסטוך , ארויפגעוואָרפען אויף די יודען און פיעל פון זיי אויסגעהרג'עט . דאן האָבען די יודען ענדליך נאָכגעגעבען און פינף הונדערט פון זיי זענען מרוצה געוואָרען זיך אָב־צושמד'ען , כדי נצול צו ווערן פון טויט (די טריי געבליבענע יודען זענען אנטלאָפען קיין מארסעל , 579) .

די ידיעה וועגען דעם גרויסען „נצחון" האָט זיך גלייך פער־

שפרייט איבערן גאנצען לאנד , און דער יום-טוב פון בעגליקען מיט טבילה-וואסער פינף הונדערט יודישע נשמות איז געפייערט געוואָרען מיט א אונגעוועהנליכער פרייד . פון די וויטסטע שטעדט זענען גייסט-ליכע געקומען זיך בעטייליגען אין דער הייליגער שמחה , און דער בישאָף גרעגאָר פון טור האט אויפגעפאָדערט דעם פרומען איטאַליע-נישען דיכטער ווענאנטיוס פאָרטונאטוס , ער זאָל בעזינגען די העלדישע עובדא פון דעם גרויסען אוויטוס .

אין די איבריגע פראָווינצען פון דער פראנקישער מלוכה זענען די אָנפאלען אויף יודען נישט אזוי העפטיג געווען ; דאָרט האט מען זיי אָבער אויך נישט אויפגעהערט צו דריקען און צו בעליידיגען . יודען איז פערבאָטען געוואָרען צו פערנעהמען דעם פאָסטען פון ריכטער און שטייער-אָבדינגער , „כדי עס זאָל נישט אויסזעהען , אז די קריסטליכע בעפעלקערונג איז זיי אונטערגעגעבען" ; לויט די החלטות פון אן אנדער קאָנגרעס זענען יודען פערפליכטעט געוואָרען אָבצוגעבען כבוד די גייסטליכע , און רעדענדיג מיט א גייסטליכען האט זיך דער יוד נישט געטאָרט זעצען פריהער , איידער דער ערשטער האט דאָס איהם ער-לויבט . עטליכע מלכים פון יענער צייט האָבען אפילו געפרובט נאָכטאָן די מעשים פון דעם גרויסען אוויטוס ; אזוי האט דער קעניג שילפע-ריק געצוואונגען די יודען פון זיין מלוכה צום שמד ; ער האָט דאָס אָבער נישט געטאָן פון גרויס פרומקייט , און האָט די נייע קריסטען נישט געשטערט צו לעבען לויט אלע געזעצען פון יודענטום .

דער זעלביגער קעניג שילפעריק האט געהאט ביי זיך אלס יועץ און נאָהנטען פריינד א יודען מיט'ן נאָמען פריסקוס , וועלכער איז געווען זעהר געשעצט פאר זיין עהרליכקייט און בילדונג . דער קעניג פלעגט זיך מיט דעם יודען אָפט בעראטען וועגען וויכטיגע ענינים און האט איהם בכלל אויך שטארק ליעב געהאט ; ער האט זיך אָבער נישט געקענט שענקען דעם פאקט , וואָס פריסקוס איז א יוד , און נישט אויפגעהערט איהם איינצורעדען , ער זאָל זיך שמד'ען . איינ-מאָל האט דער בישאָף גרעגאָר פון טור זיך געטראָפען ביים קעניג מיט פריסקוס'ען און זיי האָבען צוזאמען פערבראכט ; דערנאָך האט דער קעניג , אין שפאס , ארומגענומען פריסקוס'עס קאָפּ , איהם עטוואָס אָנגעבויגען , און זיך אָבגערופען צום בישאָף : „קום , גאָט'ס דינער , לעג ארויף דיינע הענד אויף איהם" . דערהערענדיג דאָס , האָט פריסקוס מיט שרעק זיך א ריס געטאָן און בעפרייט דעם קאָפּ פון קעניג'ס

הענד ; דאַן האָט דער קעניג אויסגערופען : „אָ , דו אונטרײַער שטאַם , וואָס גלויבט נישט אין גאָט'ס זוהן !" און ווען פּריסקוס האָט אויף דעם געענטפערט : „גאָט האָט קײנמאָל נישט חתונה געהאַט און נישט גע־קענט האָבען קײן זוהן . ער אַלײן האָט געזאָגט דורך דעם נביא משה : איך בין גאָט , און קײן אַנדערער אויסער מיר איז נישטאָ !" — האָט זיך ענטוויקעלט אַ הײסער וכוח צווישען איהם מיט'ן בישאָף. דער לעצ־טער האָט מיט אַ גאַנצער רײהע אויסטײַטשונגען פון דער תורה און די נביאים געוואָלט דערווײַזען דעם אמת פון די קריסטליכע דאָגמען , און דאַנעגען האָט זיך פּריסקוס געהאַלטען בײַ דעם פּשוט'ען מענשליכען פערשטאַנד . „עס קען נישט זײַן , — האָט דער יוד געטענה'ט — אַז גאָט זאָל זיך פערוואַנדלען אין אַ מענשען , געבוירען אַ קינד פון אַ פרוי , לײַדען צרות און שטאַרבען . און צו וואָס האָט ער עס געוואָלט טאָן ? צו וועלכען צוועק האָט ער זיך געזאָלט ערניעדריגען און ווערן אַ בשר־ודם ? האָט ער דען נישט געקענט אַראָבשיקען נײַע נביאים און אַפּאָס־טאָלען , כדי אַרויפצופיהרען דעם מענשען אויפ'ן וועג פון אמת ?" בײַ אַזאַ לאָגישער ניכטערקײַט מצד דעם יודישען עקשן האָבען נאַטירליך די אַלע מגיד'ישע אַרגומענטען פון דעם הײליגען בישאָף קײן ווירקונג נישט געקענט האָבען , און דער קעניג האָט איהם ענדליך אָבגעלאָזען ; ער האָט אָבער דערבײַ נישט אויפגעהערט צו זוכען מיטלען געגען דער יודישער עקשנות , און זענענדיג , מיט עטליכע יאָהר שפּעטער , אין פּאַריז, האָט ער דאָרט פיעל יורען אָבגעשמד'ט איבער געוואַלט (581). דאָ האָט זיך דער קעניג ווידער גענומען אויך צו דעם פערעקשנ'טען פּריסקוס און האָט איהם אײַנגעזעצט אין תפיסה ; דער הײסער יוד איז דאַן אײַנגעגאַנגען אויף אַ קלײנער פּאַלשקײַט : ער האָט זיך אָבגעבעטען בײַם קעניג אויף אַ געוויסער צײַט , כלומר'שט אום בײַצוּוואוינען די חתונה פון זײַן זוהן אין מ א ר ס ע ל , וועלנדיג דערווײַל צוזאַמענגעהמען זײַן פערמעגען און אויסוואַנדערן פון לאַנד . ער האָט דאָס אָבער נישט דערלעבט : געהענדיג אײַנמאָל שבת אין שוהל , אײַנגעהילט אין טלית , איז איהם בעפאַלען אַ געוויסער יודישער משומד , מיט'ן נאָמען פּ א ־ ט י ר , און אויפן אָ־ט דערשטאָכען . די דאָזיגע רציחה האָט אויפגע־רודערט דער גאַנצער בעפעלקערונג פון שטאָדט , און פּאַטיר'ן האָט מען געוואָלט אפילו אַרויסשלעפּען פון דער קירך , וואו ער האָט זיך בעהאַלטען , נאָר דער קעניג , וועלכער איז געווען פּאַטיר'ס מיט־פּאַטער , האָט איהם נישט געלאָזען בעשטראָפען און פערשיקט אין

דער שכני׳שער בורגונדיע, וואָס האָט זיך אין יענער צײַט געפונען אונטער־ דער ממשלה פון קעניג גאָנטראַם. אויך דאָ אָבער האָט דעם רוצח זײַן גורל געפונען: די קרובים פון דערהרג׳עטען האָבען איהם אָבגעזוכט און מיט זײַן טויט אָבגעוואַשט דאָס פערגאָסענע בלוט.

נאָך שילפעריק׳ס טויט איז דאָס פראַנקישע לאַנד אַרונטערגעפאַלען אונטער דער ממשלה פון די בורגונדער, וואָס האָבען מיטגעבראַכט מיט זיך אַ שטאַרקען רעליגיעזען פאַנאַטיזם און ממילא אויך אַ גיפטיגע שנאה צו יודען. די יודען אין דעם לאַנד זענען פאַר יענער צײַט, אַ דאַנק די שווערע אויסנאהמס־געזעצען, פעראַכט און ערניעדריגט געוואָרען פון די העכערע, ווי פון די ברייטע פאָלקסשיכטען, און די שמד־רדיפות געגען זיי זענען געוועזען אַזוי שטאַרק, אַז דער פויפסט גרעגאָר האָט געפונען פאַר נויטיג, אָבצוהאַלטען דעם שטראָם פונ׳ם קירכליכען פאַנאַטיזם און צו מוסר׳ן די קריסטליכע הײַליגע פאַר זײַערע אכזריות׳דיגע מעשים (591). מיט עטליכע צעהנדליג יאָהר שפעטער האָט דער פאַריזער קירכען־קאָנגרעס אַרויסגעגעבען אַ רײַהע נײַע בעשטימונגען געגען יודען, און דער קעניג קלאָטאַר II האָט די בעגרענצונגען בעשטעטיגט (615). נאָך שרעקליכער איז געוועזען די בעציהונג צו יודען פון קלאָטאַר׳ס זוהן, דאַגאָבערט. דער לעצטער האָט זיך געוואָלט בעזונדער אויספײַנען מיט זײַן רעליגיעזער התלהבות, און ווען טויזענדער יודען פון דער שכנ׳ישער וועסט־גאָטישער מלוכה האָבען זיך געוואָלט ראַטעווען בײַ איהם אין לאַנד פון די דאָרטיגע אכזריות׳דיגע רדיפות, האָט ער אָנגעווענדעט געגען זיי די שרעקליכסטע מיטלען און ענדליך אויך בעפויהלען צו טויטען די אַלע יודען, וואָס וועלען זיך נישט שמד׳ען אין דעם בעשטימטען טאָג (629). די דאָזיגע שרעקליכע רדיפות זענען פאָרגעקומען אין איין צײַט מיט די רדיפות געגען יודען אין ביזאַנטיען, און דאָס האָט געדיענט די היסטאָריקער אַלס יסוד פאַר דער לעגענדאַרישער השערה, אַז דער קייזער העראַקליוס פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט אָנגעבעטען דאַגאָבערטען, ער זאָל אויך, אַזוי ווי ער, פערטיליגען די יודען פון זײַן מלוכה, ווײַל די שטערנזעהער (אַסטראָלאָגען) האָבען איהם, העראַקליוס׳ען, נביאות געזאָגט, אַז ביזאַנטיען וועט חרוב ווערען דורך אַ „געמל׳טען פאָלק״. דאָס לעצטע איז, איבריגענס, מקוים געוואָרען, נאָר נישט אַזוי, ווי העראַקליוס האָט זיך עס פאָרגעשטעלט: די געמל׳טע אַראַבער האָבען זיך, אונטער

דער פאהן פון איסלאם, ווי א שטורם אריינגעריסען אין ביזאנטיען און אי חרוב געמאכט.

אויף וויפיעל דאגאבערט'ס בעפעהל איז דורכגעפיהרט געווארן — איז נישט בעשטימט. יעדענפאלס איז א פאקט, אז יודען זענען פערבליעבען אינ'ם פראנקענלאנד אויך נאך דאגאבערט'ס ממשלה, און נישט שפעטער, ווי אין יאהר 630, האט דער קירכען-קאנגרעס אין רהיימס ארויסגעגעבען נייע תקנות נעגען דער צו שטארקער קרובה'שאפט צווישען יודען און קריסטען.

צום גליק פון די פראנקישע יודען איז די מעראווינגישע דינאס־טיע װאס ווייטער אלץ שוואכער געווארען, און די פאקטישע הנהגה פון לאנד איז כמעט אינגאנצען איבערגעגאנגען צו די אזוי גערופענע מאיארדאמ'ס (פיהרער פון קעניגליכען הויף). די לעצטע, ווי מלוכה־פיהרער מיט א פראקטישען פערשטאנד, האבען פערשטאנען, אז די יודען מיט זייער ריהרעוודיגקייט און געשעפטליכע פעהיגקייטען קענען װערן א בעדייטענדער שטאנד מיט גרויסע נוצען פאר'ן לאנד. זיי האבען זיך דעריבער בעצויגען צו יודען פיעל טאלעראנטער און געזעהן אבצושוואכען די ווירקונג פון די קירכליכע גזירות און תקנות.

אין דייטשלאנד, וואס האט צו יענער צייט עקסיסטירט אלס א טייל פון דער פראנקישער מלוכה, אונטערן נאמען אויסטראזיע, זענען די יודען אויך אבהענגיג געוועזען פון די מעראווינגישע מלכים. דא האבען יודען געלעבט נאך פון די צייטען פון דער רוימישער הערשאפט, און ווי אייניגע כראניקער ווילען האבען, זאלען די ערשטע יודען פון די רהיין־פראווינצען גאר אבשטאמען פון די לעגיאנען, װאס האבען זיך בעטייליגט אין חורבן פון בית המקדש. דאס זאלען האבען געוועזען אורא‏ייניקלעך פון די שענע ציונ'ס טעכטער, װעלכע די קריגע־רישע וואנגיאנען האבען מיטגעבראכט מיט זיך אלס געפאנגענע אויף די ברעגעס פון רהיין און מיין, — אלס געפאנגענע און אלס לוסט־פרויען. די פון יודישען און גערמאנישען בלוט געבוירענע קינדער זענען פון די מוטער'ס ערציגען געווארען אינ'ם יודישען גלויבען, ווייל די פאטער'ס האבען זיך װעגען זיי איבערהויפט װעניג געקימערט, און אט די האלב־בלוטיגע יודען זאלען עם האבען געוועזען די ערשטע גרינדער פון די יודישע קהלות אין ווארמס און מיינץ. אלענפאלס איז בעקאנט, אז אין קעלן אויפן רהיין האט זיך געפונען א גוט איינגע־ארדענטע יודישע קהלה נאך מיט א צייט פריהער, איידער דאס קריסטענ־

טום איז נתעלה געווארען. די פיהרער און חשוב׳ע מיטגליעדער פון דער קהלה (אונטער׳ן טיטול-נאמען היערעע׳ר, ארכיסינאגאגוס אדער פאטרעס סינאגאגארום) האבען פון די פאר-קריסטליכע קיסרים געהאט פערשידענע פריווילעגיעס, וועלכע דער ערשטער קריסטליכער קייזער, קאנסטאנטין, האט ביי זיי אבגענומען. שפעטער, בעת דער הערשאפט פון די פראנקישע מלכים, האט זיך יודען דא אויך פון דעכטוועגען לייכטער געלעבט, ווי אין די פראנקישע מערב-פראווינצען, און אין דער געזעצגעבונג פון דעם לאנד פאר יענער גאנצער עפאכע געפינט מען נישט קיין שום געזעץ נעגען יודען.

א בעזונדער בעדייטענדע ראליע אין דער יודישער, ווי אין דער אלגעמיינער געשיכטע, האט געשפיעלט דער יודישער ישוב אין ש פ א נ י ע ן. נאך יהודה און בבל האט דאס יודישע שפאניען דעם שטארקסטען אנטייל גענומען אין דער אויסבילדונג פון יודענטום, און ווי אין יענע לענדער אזוי אויך דא, זענען מיט יעדען טריט ערד פערבונדען טייערע זכרונות פאר דער יודישער אומה.

די ערשטע איינוואנדערונג פון יודען אויף דער שענער פירענעאישער האלב-אינזעל פערליערט זיך אין דער אוראלטער בארגאנגענהייט. דאס זענען אהן שום ספק געווען יודען, וואס האבען זיך דערשלאגען אהער צוליעב געשעפט אדער דורך אנדערע סבות, נאך אין די צייטען פון דער רוימישער רעפובליק. אט דער קליינער יודישער קבוץ איז בעדייטענד פערגרעסערט געווארען מיט די קרבנות פון די אונגליקליכע מרידות אונטער וועספאסיאנען, טיטוס׳ען און האדריאנען, ווען די רוימער האבען, לויט א געוויסער לעגענדע, אוועקגעפיהרט קיין שפאניען ביז אכציג טויזענד יודישע געפאנגענע. אויף וויפיעל די יודען זענען געווען מאסענהאפט בעזעצט אין געוויסע טיילען פון שפאניען, בעווייזען די נעמען, מיט וועלכע די דאזיגע טיילען זענען אנגערופען געווארען אין די אלטע צייטען. די שטאדט ג ר א נ א ד א האט זיך גערופען די „יודענשטאדט״, ווייל זי איז געווען אינגאנצען בעפעלקערט פון יודען; דעם זעלבינען נאמען האט געטראגען דאס אוראלטע, פון די פיניקיער אויפגעבויטע טארראקאנא; אין קארדאווא האט זיך פון אלטע דורות אן געפונען א יודען-טויער און ביי סאראגאסא — א פעסטונג, וועלכע האט אין דער אראבישער צייט געהייסען ר ו ט א אל י א ה ו ד (יודישע פעסטונג).

די שפאנישע יודען גופא האבען זיך נישט בעגנוגענט מיט דעם

פאקט, וואס זייער קאלאניע האט דא געגאסען אלע בירגערליכע רעכט, נאך איידער די וועסטגאטען און די אלע איבעריגע אנגעלאפענע פעלקער האבען א פוס אוועקגעשטעלט אויף דער שפאנישער ערד — זיי האבען דורכאוים געוואלט דערוויזען, אז זיי זענען בכלל די ערשטע איינוואוינער פון דעם לאנד און זענען דא פערוואָרפען געוואָרען נאך אין די צייטען פון בית ראשון. אפשר דערפאר טאקי האבען די שפאנישע יודען נישט געוואוסט פון קיינע בעגרענצונגען אין דער גאנצער עפאכע פון רוים'ס הערשאפט, און אפילו שפעטער, אין די צייטען פון קריסטענטום, איז זייער לאגע אויך געבליבען פעסט. די איבערער און רוימער, וועלכע זענען איבערגעגאנגען צום קריסטענטום, האבען פריערליך פערקעהרט מיט זייערע יודישע שכנים, און קיין אהנונג נישט געהאט פון דעם פערביטערטען קאמפף צווישען יודענטום און דער קירך.

די דאזיגע טאלעראנטע בעציהונג צו יודען מצד דער מלוכה און מצד דעם פאלק האט זיך נישט געענדערט אויך שפעטער, נאכדעם ווי די גערמאנישע פעלקער-שטאמען (זוועווען, וואנדאלען און וועסטגאטען) האבען פערפלייצט דאס לאנד און געגרינדעט דא די זעלבסטשטענדיגע וועסטגאטישע מלוכה. די וועסטגאטען זענען צופעליג געווען אריאנער, וועלכע האבען זיך בעצויגען פיינדליך צו די קאטוילישע איינוואוינער פון לאנד; די יודען דאגעגען האט זיך אונטער זייער ממשלה גאנץ פריי געלעבט, און זיי זענען געוועזען אין אלע הינזיכטען גלייכבערעכטיגט מיט דער הערשענדער בעפעלקערונג. פון דער גלייכבערעכטיגונג האבען געגאסען אויך די יודען אין דער פראווינץ נארבאנא און אין די אפריקאנישע קאלאניעס, וואס האבען אנגעהערט צו דער וועסט-גאטישער מלוכה. זיי זענען דעריבער געווען איבערגעגעבען דער וועסטגאטישער דינאסטיע, און ווען די פראנקען מיט די בורגונדער האבען זיך געוואלט אריינרייסען אין לאנד דורך דעם גאלישען גרענעץ-פאס, צופוסענס פון די פירענעען, האבען די דארטיגע יודישע איינוואוינער ארויסגעשטעלט געגען זיי א בעוואפענטע קראפט, ארויסווייזענדיג דערביי אונגעוועהליכע העלדישקייטען און א שטארקען קריגערישען מוט.

אזוי האבען יודען אבגעלעבט אין שפאניען א גאנצע רייהע דורות און קיינער האט זייער מנוחה נישט געשטערט; אט די יודישע מנוחה האט זיך אבער גלייך געענדיגט, ווי נאר דער קאטוליציזם האט איבער-גענומען די ממשלה אין זיינע הענד, און דער ערשטער קאטוילישער

קעניג, רעקארעד, איז אויך געוועזען דער ערשטער, וואס האט געשאפען אין שפאניען א מחיצה צווישען דער יודישער און קריסטליכער בעפעלקערונג; רעקארעד אליין האט פארגעלעגט דעם סינאד א רייהע גזירות געגען יודען, און די פארשטעהער פון דער קירך האבען דעם פארשלאג, נאטירליך, אנגענומען. אויף אזא אופן איז יודען פערבאטען געווארען, זיך מתחתן צו זיין מיט קריסטען, צו בעזיצען קריסטליכע שקלאפען און צו פערנעהמען וועלכען ס'איז עפענטליכען פאסטען; דערביי איז אויך בעשלאסען געווארען, אז די קינדער פון געמישטע חתונות (צווישען יודען און קריסטען) מוזען ערצויגען ווערן אין דעם קריסטליכען גלויבען (589). די דאזיגע בעגרענצונגען, וואס האבען אוועקגעשטעלט די יודען אויף א ניעדריגערער מדרגה פון דער איינגעבוירענער בעפעלקערונג, האבען שטארק אנגעגריפען דעם שטאלץ פון די יודישע בירגער, און בעזונדער האט אויף די לעצטע שלעכט געווירקט דער פערבאט, נישט צו האלטען קיין קריסטליכע שקלאפען. דאס איז געוועזען א גזירה, וואס האט געמוזט פיהרען צו א פאלשטענדיגען חורבן פון דעם יודישען פערמעגען, ווייל אין יענע צייטען האט קיין ווירטשאפט נישט געקענט אויסקומען אהן דער ביליגער ארבייטס-קראפט פון געקויפטע לייב-אייגענע; יודען האבען דעריבער אנגעווענדט פערשיעדענע השתדלות'ען מבטל צו זיין די דאזיגע גזירה, און האבען געפרובט פארלעגען דערפאר דעם קעניג א גרויסע סומע געלד.

רעקארעד האט זיך אבגעזאגט פונ'ם יודישען געלד און בעקומען דערפאר א שטארקען יישר כח פון פויפסט גרעגאר; זיין גרויסע אידעע איז אבער אויך נישט פערווירקליכט געווארען, און ווי ס'האט זיך דערנאך ארויסגעוויזען, האבען יודען גאנץ ווייניג געשפירט דעם יאך פון קעניג'ס גזירות. די סבה דערפון איז געוועזען דאס, וואס לויט דער וועסטגאטישע קאנסטיטוציע איז די פאקטישע ממשלה איבערן לאנד געלעגען אין די הענד פון די פעאדאלען (ארעל-לייט, פריצים), און די לעצטע האבען גראד גוט געלעבט מיט יודען. זיי האבען ערלויבט יודען צו קויפען שקלאפען און האבען בכלל זיך גארנישט גערעכענט מיט די גזירות פון קעניג. ביי אזא נאכלעסיגקייט זענען די געזעצען געגען יודען פערגעסען געווארען אין א גאנץ קורצער צייט, און רעקארעד'ס נאכפאלגער אויף דעם וועסטגאטישען טראן האבען אויך נישט ארויסגעוויזען קיין שום אבנייגונג בנוגע צו יודען.

דער ערשטער פון די דאזיגע נאכפאלגער, וואס האט וויעדער

אנגעהויבען רודפ'ען יודען איז געווען סיזעבוט (612—620). א צייט-חבר פון דעם ביזאנטינישען קייזער העראקליוס, איז סיזעבוט אין זיינע פערפאלגונגען געגען יודען פערגאנגען נאך ווייטער פון דעם ערשטען. סיזעבוט האט בעפוילען פאר יודען דעם פערבאט צו קויפען שקלאפען, און אפילו פון די אלטע שקלאפען האבען זיך אויך יודען געמוזט אבזאגען. די יודען האבען זיך ווידער געווענדעט צו די פאקטישע מושלים פון לאנד, וועלכע האבען זיך בעצויגען צו דעם גאנצען ענין פיעל לייכטער; דאס האט דעם קעניג נאכמעהר אויפגערייצט און ער האט בעפוילען, ארויסצוטרייבען פון לאנד אלע יודען, וואס וועלען ביז א בעשטימטען טערמין נישט אננעהמען דעם קריסטליכען גלויבען. און דער בעפעהל האט געווירקט: א סך שוואכע נאטורען האבען זיך דערשראקען און אנגענומען לפנים דאס קריסטענטום. די שטארקערע, דאגעגען, וואס האבען אויף אזא פשרה אויך נישט געוואלט איינגעהן, האבען עמיגרירט אין די שכני'שע לענדער (613).

סיזעבוט'ס נאכפאלגער איז געווען סווינטילא. ער איז געווען פונקט דער היפך פון סיזעבוט'ן, און האט אבגעשאפט אלע געזעצען געגען יודען: פאר זיין צייט האבען זיך אלע פערטריבענע אומגעקעהרט אין זייער פאטערלאנד און די כלומר'שט געשמד'טע — צו דעם גלויבען פון זייערע אבות (621—31). גערעגירט האט ער אבער נישט לאנג: זיינע מעשים זענען נישט געפעלען געווארען די ווילען פון דער קירך, און זיי האבען אויף זיין שטוהל אוועקגעזעצט איינעם מיט'ן נאמען סיזענאנד. דער לעצטער איז געווען אינגאנצען אונטערגעווארפען דעם איינפלוס פון די גייסטליכע, און דער קירכען-קאנגרעס אין טאלעדא (633), וואס איז פארגעקומען אין זיין צייט, האט בעשלאסען, אז הגם מ'דארף זיך נישט בענוצען מיט קיין צוואנגסמיטלען, אום גו שמד'ען יודען, דארף מען דאך נישט דערלאזען, עס זאלען זיך אומקעהרען צום יודענטום יענע, וועלכע האבען שוין געהאט אנגעהערט צו דער קירך. אויף דיעם סמך איז די משומדים שטרענג פערבאטען געווארען, צו היטען יודישע מנהגים און בכלל צו האבען א מגע ומשא מיט יודען. די אפענע יודען האט זיך אין דער צייט אלזא פרייער געלעבט, ווי די בעהאלטענע — די משומדים; באלד איז אבער די מנוחה פון די ערשטע אויך געשטערט געווארען. אויף דעם וועסטגאטישען טראן איז ארויף חינטילא, און זיין ערשטע עובדא איז געווען, צו בענייען סעזיבוט'ס בעפעהל: זיך שמד'ען אדער

פערלאָזען שפּאַניען. דער דאָזיגער פאַנאַטישער קעניג האָט געוואָלט בעוואָרענען דער קירך אויך אויף דער צוקונפט, און לויט זיין פאָרשלאָג איז אויף דעם צונויפגערופענעם קירכען־קאָנגרעס (טאָלעדאָ, 638) אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ שבועה פאַר אַלע קומענדיגע וועסטגאָטישע מלכים, אַז זיי וועלען היטען די קאַנאָנישע געזעצען געגען יודענטום.

חינטילאַ'ס גזירות האָבען ווידער אַרויסגערופען אַ יודישע מאַסען־אויסוואַנדערונג און די איבערגעבליבענע משומדים האָבען געמוזט אונטערשרייבען אַ איינשטימונגס־אַקט (פּלאַציטום), אַז זיי וועלען טריי דינען דער קירך און היטען איהרע געבאָטען.

# זעבצעהנטעס קאַפּיטעל.

## יודען אין אַראַביען.

---

דאָס לעבען פון יודען אין אַראַביען אין דעם יאָהרהונדערט פון מחמד׳ס אויפטרעטען און ווירקען בילדעט א ליכטיגען בלאַט אין דער פינסטערער יודישער גלות-געשיכטע. דאָ, אינ׳ם דרום-מערב ווינקעל פון אַזיען, זעהען מיר דעם יודען מיט אַ שטאָלץ אויפגעהויבענעם קאָפּ, אָהן אַ שום פּחד פאַר הייליגע קירכען-לייט און וועלטליכע טיראַנען. גלייך אין אַלע היגזיכטען מיט דער איינגעבוירענער בעפעלקערונג פון לאַנד, האָבען יודען דאָ ענטוויקעלט אַ פּיעלזייטיגע קראַפט, וואָס האָט זיי גאַנץ אָפט אַוועקגעשטעלט בראש פון גרויסע אַראַבישע שבטים. יודען זענען דאָ נישט בלויז בעאיינפלוסט געוואָרען פון דעם אַרומיגען לעבען, נאָר אויך אויף איהם אַ איינפלוס געהאַט; מיר בעגעגנען דאָ יודען אַלס טאָן-געבער פון דער גאַנצער סביבה, אין וועלכער זיי געפינען זיך, אַמאָל אין דער געשטאַלט פון גייסטיגע וועג-ווייזער, אַמאָל אַלס דיפּלאָמאַטען און פּאָליטישע טוער און אָפט אויך אַלס קריגערישע העלדען.

די ערשטע איינוואַנדערונג פון יודען אויף דער פרייער אַראַבישער האַלב-אינזעל איז איינגעהילט אין אַ נעבעל פון לעגענדעס: דאָ זאָלען זיך האָבען געפונען יודען נאָך פון די צייטען פון יהושע בן נון אָדער דוד המלך. היסטאָריש וואַקסט זיך דער ערשטער יודישער ישוב אין אַראַביען צוזאַמען מיט׳ן צווייטען יאָהרהונדערט פון דער קריסטליכער צייטרעכנונג; די ערשטע איינוואַנדערער זענען, ווי ס׳איז

צו גלויבען, געווען אנטלאָפענע פון יהודה אין די צייטען פון איהר פאָ־ליטישען אונטערגאַנג , און אין די שפּעטערדיגע יאָהרהונדערטער זענען די קאָלאָניעס פערמעהרט און פערגרעסערט געוואָרען מיט מאסען אָנגע־לאָפענע פון ביזאנטיען , פערסיען און אלע אַנדערע לענדער , וואו יודען איז אויסגעקומען צו ליידען . אָנגעקומען אין דעם לאַנד פון אונבע־גרענעצטער פרייהייט , קריגערישען העלדען־מוט , ליררישער וויילקיים און פאטריארכאלע לעבענס־פאָרמען , האָבען די יודען זיך גלייך צוגע־פאסט צו דער ארומיגער סביבה און זיך ענג צוזאמענגעלעבט מיט דער איינגעבוירענער בעפעלקערונג ; ווי די שבטים פון צפון־אראַביען האָבען די יודען דאָ אויך געלעבט איינגעטיילט אין בעזונדערע גרופּען , מיט בעזונדערע שייכען אָדער פאטריארכען ; אזעלכע זענען געווען די שטאַ־מען בענו (בני)־נאדהיר, בענו־קוראיזא און בענו־נאכדאל.

די דאָזיגע יודישע שטאַמען האָבען געהאַט זייער מיטעלפונקט אין דער שטאָדט יאטריב (מעדינא) , וואָס האָט זיך געפונען אין א פרוכטבאר־שענער געגענד . כדי זיך צו שיצען פון די שכני׳שע בעדוי־אינען , האָבען יודען בעפעסטיגט זייערע שטעדט מיט פעסטונגס־ווענט ; דערביי האָבען זיי אויך , ווי די אראַבער, זיך בעשעפטיגט מיט ערד־ארבייט און פיה־צוכט .

פיעל וויכטיגער און קולטורעלער איז געווען דאָס לעבען פון די יודישע קאָלאָניעס אין דרום־אראַביען (תימן), אין דעם לאַנד, „וואו דער שטויב איז גאָלד , וואו עס וואקסען אוים די געזינדסטע מענשען און די מוטער׳ס געבוירען זיי אָהן שמערצען״ . דאָ האָבען יודען געלעבט נישט אלס בעזונדערע שבטים , נאָר אינאיינעם מיט די אראַבער, וועל־כע האָבען זיך מעהר פערנומען מיט האַנדעל , און זייער איינפלוס אויף דער אראַבישער סביבה איז געווען אזוי שטארק , אז אין א משך פון גאַנצע פינף הונדערט יאָהר האָט דאָס קריסטענטום זיך דאָ קיין אָרט נישט געקענט געפינען .

צוליעב דער פערוואנדשאפט צווישען די יודען און אראַבער בנוגע צום בלוט (די אראַבער רעכנען זיך אויך פאַר סעמיטען) , ווי בנוגע צו דער שפּראַך און די מנהגים , האָבען זיך די יודען זעהר ווייניג אונטערגעשיידט פון זייערע שכנים . די יודישע שבטים האָבען געפיהרט מלחמות צווישען זיך , און עס פלעגט זאָגאַר פאָרקומען , אז א יודישער שבט האָט זיך פעראייניגט מיט אַן׳אראַבישען , כדי צוזאמען צו בעקעמפפען אַן׳אנדער יודישען שבט . יודען זענען נישט אָבגעשטאָ־

נען פון די אראבער אויך אין דער הינזיכט פון פאעזיע ; ווי די לעצטע האבען זיי אויך געהאט דיכטער , וואס האבען געווענען פון און פאר'ן פאלק .

ביי דער גאנצער אויסערליכער ערנליכקייט צו די אראבער , האבען יודען פון דעסטוועגען דאך אבגעהיט זייערע רעליגיעזע און נאציאנאלע טראדיציעס און זיי איבערגעגעבען פון דור צו דור. די אראבישע יודען האבען געפייערט די יודישע יום־טובים אין דער צייט , געפאסט אום יום־כפור , זיך אבגעהיט פון טרפה שפייזען און שטרענג געהאלטען ש ב ת — אפילו אין דער צייט פון א מלחמה . זייער צוגעבונדענקייט צו דעם לאנד פון דער יודישער פערגאנגענהייט און צוקונפט האבען די אראבישע יודען אויסגעדריקט דערמיט , וואס זיי האבען בעת'ן דאווגען געהאלטען דאס געזיכט געווענדעט צו ציון (מזרח) , — ווי אלע יודען אין די גלות־לענדער , און אויף וויפיעל ס'איז צו גלויבען , האבען זיי געהאט בעציהונגען מיט די גייסטיגע יודישע צענטערן אין בבל , פון וואנען זיי האבען בעקומען אנווייזונגען וועגען די פערוויקעלטע פראגען פון דעם יודישען רעליגיעזען לעבען , ווייל זיי אליין האבען זיך וועניג אבגעגעבען מיט רעליגיעזע למודים . דער איינציגער אקאדעמישער פונקט פאר די אראבישע יודען , איז געווען א וועניג בעדייטענדע ישיבה אין יאטריב ; דא האט מען זיך אבער אויך בעשעפטיגט נאר מיט אגדי'שע בעארבייטונגען פון דעם ביבלישען מאטעריאל . די שענע פארצייטיגע שילדערונגען פון דער ביבעל זענען א דאנק דער שטארקער דיכטערישער פאנטאזיע פון די אראבישע יודען פערפוצט און פערשענערט געווארען מיט פערשידענע צוגעטראכטע שטריכען און עפיזאדען , און מיט דער צייט האבען אט די צוגעפוצטע מעשות אנגעהויבען ארומגעהן צווישען דער יודישער , ווי צווישען דער אראבישער בעפעלקערונג , אלס געשעהענע פאקטען פון דער ווייטער פערגאנגענהייט .

אויף אזא אופן איז דער פאעטיש־רעליגיעזער אינהאלט פון די הייליגע שריפטען פערשפרייט געווארען אין דער אראבישער וועלט , און צוזאמען מיט איהם זענען ביסליכווייז אריינגעדרונגען אין דער וועלט אויך געוויסע יודישע פארשטעלונגען און רעליגיעזע בעגריפען . יודען האבען די אראבער געגעבען א בעשטימטע צייט־רעכנונג , וואס האט זיי די אוינען געעפענט , פון יודען האבען די אראבער איבערגענומען נאך פיעל אנדערע עלעמענטארע ידיעות , פון וועלכע זיי האבען פרי-

הער קיין אַהנונג נישט געהאַט, און דאָס דאָזיגע ענגע צוזאַמענלעבען פון די ביידע שכני'שע בעפעלקערונגען האָט ענדליך געבראַכט דערצו, אַז גרויסע מאַסען פון די אַראַבער זענען אינגאַנצען אַריבערגעגאַנגען צום יודענטום. דער איבערגאַנג גופא איז זיי נישט שווער אָנגעקומען, ווייל דער מנהג פון מלה האָט זיך ביי זיי פּראַקטיצירט נאָך פון אַלטע צייטען; אַגב האָט דערביי אַ סך מיטגעווירקט אויך דער פּאַטריאַרכאַלער סיסטעם פון דעם אַראַבישען לעבען: האָט דער שייך (רעדער עלטסטער פון שבט) זיך מגייר געווען, איז גלייך דער גאַנצער שבט געוואָרען יודיש־גלויביג. אין דרום־אַראַביען האָט זאָגאַר עקסיסטירט אַ גאַנצע מלוכה פון אַזעלכע יודישע אַראַבער; דאָס זאָל, לויט דער אַראַבישער פאָלקס־לעגענדע, האָבען געשעהען אויף דעם פאָלגענדען אופן:

איינער פון די דרום־אַראַבישע (יעמענישע, תימני'שע) קעניגען מיט'ן נאָמען אַבו קאַריבאַ אַסאַד טאָבאָן, האָט אין פינף הונדערטען יאָהר אונטערגענומען אַ קריעגסצוג געגען פּערסיען און נעגען די אַראַבישע פּראָווינצען פון ביזאַנטיען, און דורכגעהענדיג די שטאָדט יאַטריב (מעדינא), האָט ער דאָרט איבערגעלאָזען זיין זוהן פאַר אַ בעפעהלער. די איינוואוינער פון שטאָדט זענען אָבער בעפאַלען דעם זוהן און איהם געטויט, און אַבו קאַריבאַ האָט זיך אומגעקעהרט צוריק, כדי זיך נוקם צו זיין אָן די פּערדעטער. ער האָט בעלאַגערט די שטאָדט מיט זיינע גרויסע חילות און געלאָזען אויסהאַקען אַלע פּאַלמענבוימער אַרום שטאָדט, פון וועלכע די איינוואוינער, אַסאַך יודען, האָבען זייער גאַנצע יניקה געצויגען. דערווייל האָט זיך געמאַכט, אַז דער קעניג איז שווער קראַנק געוואָרען, און אין דער גאַנצער געגענד אַרום האָט זיך קיין וואַסער נישט געפונען, אויף צו שטילען זיין ברענענדען דורשט. האָבען זיך די בעלאַגערטע דערפון דערוואוסט, און צוויי פון זיי, די יודישע חכמים קאַאַב און אַסאַד, זענען אַוועק צום קעניג אין געצעלט, פועל'ן ביי איהם, ער זאָל אָראָבנעהמען די בעלאַגערונג פון שטאָדט. און מיט דער בקשה אַליין האָבען זיך די יודישע שלוחים נישט בעפרידיגט, דען געענדיגט האָט זיך די השתדלות דערמיט, אַז אַבו קאַריבאַ האָט נישט בלויז אַראָבגענומען די בעלאַגערונג פון שטאָדט, נאָר אויך אָנגענומען דעם יודישען גלויבען. דעם קעניג האָבען גלייך נאָכגעטאָן די מיטגליעדער פון זיין סוויטע, און מיט דער צייט האָט זיך די גאַנצע אַראַבישע בעפעלקערונג פון דער יעמענישער מלוכה מגייר געווען.

דאָס איז דער אינהאַלט פון דער לעגענדע; פאַקטיש האָבען זיך אין יעמען מגייר געווען נאָר די אויבערשטע שיכטען פון דער בעפעלקערונג, און דאָס יודישקייט פון די דאָזיגע גרים האָט אויך קיין גרויסע ממשות נישט געהאַט. אַ ערנסטע בעציהונג צום יודענטום האָט אַרויסגעוויזען ערשט קאַריבּא'ס יונגסטער זוהן אָדער אייניקעל, מיט'ן נאָמען זאָראַה דהו-נאָוואַס (520—530). ער האָט זיך צוגע-געבען דעם העברעאישען נאָמען יוסוף (יוסף) און זיין צוגעבונדענקייט צו דער יודישער אומה איז דערגאַנגען ביז אַזוי ווייט, אַז ער האָט בעשלאָסען זיך נוקם צו זיין אָן די ביזאַנטינער דערפאַר, וואָס זיי דריקען „זיינע ברידער" — די יודען. דער ערשטער אַקט פון אָט דער נקמה איז געווען דאָס, וואָס אויף דהו-נאָוואַס'עס בעפעהל איז געפאַנגען און געטויט געוואָרען אַ גאַנצע מחנה ביזאַנטינישע קריסטען-סוחרים, וועלכע זענען דורך תימן געגאַנגען קיין אינדיען. פון דער עובדא האָט אָבער נאָר געליטען דער אינדיש-אַראַבישער האַנדעל, ווייל די קריסטען האָבען אויפגעהערט צו קומען קיין אַראַביען. און די געראָדפ'טע ביזאַנטינער האָבען אויך נישט געשוויגען: זיי האָבען אָנגע-רייצט איינעם פון די קריסטליכע פירשטען, וואָס איז געווען אונטערגע-וואָרפען דהו-נאָוואַס'ן, ער זאָל מורד זיין אין דעם לעצטען און די מרידה האָט זיך געענדיגט מיט אַ מפּלה פון דעם יודיש-גלויביגען קעניג (521); באַלד איז ער אָבער ווידער צו די כחות געקומען און האָט זיך גענומען נאָך מיט מעהר פערביטערטקייט קעמפפען נעגען די קריסטען פון אַראַביען. לויט געוויסע קריסטליכע קוועלען האָט דהו-נאָוואַס דעמאָלט אויסגעהרג'עט מאַסען קריסטען פון דער שטאָדט נאַדזשראַן, וועלכע האָבען זיך אָבגעזאָגט אָנצונעהמען דעם יודישען גלויבען, און אויך די קריסטען פון די איבריגע שטעדט אין זיין מלוכה האָט ער שטאַרק געראָדפ'ט און פערפאָלגט. דאָס האָט אַרויסגערופען אַ שטאַרקע אויפ-רעגונג אין די לענדער פון דער קריסטליכער וועלט, און די נרעסטע זייטען פון דער קירך האָבען אָנגעהויבען זיך משתדל זיין ביי עטליכע מלכים, זיי זאָלען אַרויסטרעטען געגען דעם שרעקליכען יודישען קיי-זער. פון געוויסע זייטען האָט מען אפילו אָנגעהויבען רעדען וועגען איינזעצען אין געפענגעניש די יודישע געזעצלעהרער פון פּאַלעסטינא און האַלטען זיי אַלס משכון אַזוי לאַנג, ביז דהו נאָוואַס וועט זיך נישט אָבזאָגען פון זיינע רדיפות געגען די קריסטען אין אַראַביען. בעזונדער האָבען זיך אַרויסגעטרעטען פאַר די געראָדפ'טע קריסטען די בישאָפען

דוס און שמעון פון סיריען; דער ערשטער איז אליין אוועק קיין קאנסטאנטינאפאל, און ווייזענדיג דעם קייזער, יוסטינוס I, א צוריסענעם און צוטרעטענעם עוואנגעליום, האט ער פערביטערט אויסגערופען: „אט דעם הייליגען ספר האב איך מציל געווען פונ'ם פייער, אין וועלכען דער יודישער מלך האט איהם אריינגעווארפען; וועט דער גרויסער קייזער זיך איצט נישט אננעהמען פאר אונז זענען מיר אלע פערלוירען!“ דער שוואכמוטיגער און גרוי־אלטער יוסטינוס איז אבער גראד פערוויקעלט געווען אין א שווערער מלחמה מיט פערסיען, און ער האט דעם הייליגען שתדלן געענטפערט: „הימיארא (תימן) איז צו־וויים פון אונז; איך קען נישט שיקען קיין חיל אין אזא ווייטער שטרעקע דורך זאמדיגע מדבריות. דערפאר וועל איך שרייבען צו דעם נעגוס פון אבעסיניען (עטיאפיע); ער געהערט אויך צו דער קירך אזוי ווי מיר, און איז נעהנטער צו אראביען“.

און דער נעגוס האט דעם פארשלאג אננענומען. ער האט אוועקגעשיקט א גרויסען חיל אויף שיפען צו די ברעגעס פון אראביען, וואו עס זענען גלייך איבערגעגאנגען אויף זיין זייט אלע קריסטען פון לאנד; דער איבערראשטער יודישער קעניג האט געפרובט צונויפזאמלען זיינע כחות און זיך אנטקעגענשטעלען דעם שטארקערן שונא; די איבריגע אראבישע פירשטען האבען איהם אבער אלע פערראטען, און זעהענדיג, אז ער האט פאר זיך קיין רעטונג נישט, האט ער בעשלאסען, צו שטארבען בעסער אליין, איידער אריינצופאלען צו די זיגער אין די הענד: ער איז מיט זיין פערד ארויף אויף א הויכען פעלזען און האט זיך אריינגעווארפען אין די שטורמדיגע חוואליעס פון ים (530).

די זיגענדע עטיאפיער האבען זיך נאך דעם אריינגעריסען אין לאנד מיט פייער און שווערד, גערויבט, געהרג'עט און מאסען יודען גענומען געפאנגען. דאס איז געווען דער ענדע פון דער יודיש־תימנ'ישער מלוכה, וואס איז איבער נאכט ענטשטאנען און איבער נאכט פערשוואונדען געווארען.

אין יענער צייט האט זיך די יודען פון צפון אראביען אויך נישט רוהיג געלעבט. די יודישע קהלה אין יאטריב איז אריינגעצויגען געווארען אין דעם פלאנטער פון די איינביגע קריגעריי צווישען די פערשיעדענע אראבישע שבטים, און געענדיגט האט זיך דער צוזאמענשטויס דערמיט, אז די שטאדט איז ארונטערגעפאלען אונטער דער הערשאפט פון די אויסיטען און האזראזשיטען, אנשטאט דעם, וואס

זי איז פריהער געלעגען אין די הענד פון צוויי יודישע שבטים.

א בעזונדער פלאץ צווישען די יודישע מיוחסים, וואס זענען בעזיגעט געווארען בעת יענע ארומרייסעגישען, פערנעהמט דער פירשט און דיכטער שמואל אבן־עדיה (געב. 500, געשט. 560). זיין נאמען איז פעראייביגט געווארען אין דער אראבישער פאעזיע פון דעם פאר'מחמד'נישען פעריאד און די לעגענדע האט איהם בעקרוינט מיט א רייהע העלדישקייטען און וואונדערליכע מעשים. שמואל איז געווען דער ראש פון א קליינעם שבט און האט בעוואוינט דעם פרעכטיגען בארג־שלאס אלאבלאק, וואו עס האבען זיך געשיצט אלע נערודפ׳טע און פערפאלגטע. דערצו איז ער געווען בעריהמט אין דער גאנצער סביבה אלס בעגאבטער דיכטער, און ווען עס האט זיך געמאכט אמאל, אז דער קענדרישער פרינץ אימרולקיס, איז פערפאלגט געווארען פון אנ'אנדער פירשט, און קיינער האט נישט געוואגט איהם ביי זיך ארייננצולאזען — האט אימיצער דעם פרינץ אנגעוויזען אויף דער שוץ־פעסטונג פון דעם יודען שמואל. „ווער איז ער?״ — האט געפרעגט דער פערוואגלטער פרינץ און קעניג פון אלע אראבישע דיכטער. „דאס איז דער יוד שמואל אבן־עדיה; נעהם מיט מיט זיך דעם דיכטער רביע, וועט ער דיך פארשטעלען פאר איהם" — האט מען איהם געענטפערט, און אין גיכען איז ער, אימרולקיס, מיט זיין שענער טאכטער און דער סוויטע אויפגענומען געווארען פון דעם יודישען פירשט און דיכטער. דעם פערפאלגטען פרינץ איז אבער די מנוחה אין שלאס וועניג געווען: ער האט זיך דורכאוים געוואלט נוקם זיין אן די קעניגליכע רוצחים פון זיין פאטער; האט ער זיין טאכטער מיט זיינע פירשטליכע פאנציר'ס איבערגעלאזען ביי שמואל'ן, און אליין איז ער אוועק קיין קאנסטאנטינאפאל, צו געווינען פאר זיך דעם ביזאנטינישען קייזער. דאן האבען דעם פרינצ'ס שונאים, און בעזונדער דער ראש פון די גהאסאנידען, בעלאגערט שמואל'ס פעסטונג און געפ...ערט פון איהם, ער זאל זיי ארויסגעבען די כלי־זיין פון דעם אנטלאפענעם אימרולקיס. שמואל האט זיך אבגעזאגט, נאכצוגעבען די פאדערונג, און וויל די פעסטונג גופא איז געווען אונבעצווינגבאר, האבען די באַרבאַרען זיך בענוצט מיט א אונגעהערליכער אכזריות געגען דעם בעלאגערטען העלד: זיי האבען פון דער אם אוועקגענומען זיינס א זויג־קינד, און געדראהעט, עס פאר איהם אין די אויגען צו טויטען, אויב ער וועט די פערלאנגטע וואפען

נישט ארויסגעבען. און אויך דאס האט שמואל׳ן נישט ווייכער געמאכט; „פעררעט איז א האלובאנד, וואס ראסטעט קיינמאל ניט: — האט דער העלדישער דיכטער געענטפערט די תלינים פון זיין קינד — טוט וואס איהר ווילט, איך וועל די וואפען נישט ארויס־געבען!“ און די אכזרים האבען דאס קינד געשחט׳ען. פון דער מעשה שטאמט דאס אראבישע שפריכווארט: געטריי ווי שמואל.

אין שמואל׳ס וועגען איז געגאנגען אויך זיין זוהן שאריך, און ווען דער בעריהמטער דיכטער מיימון אשא איז צופעליג געבראכט געווארען אין שאריך׳ס שלאס צווישען א גאנצער רייהע געפאנגענע, האט ער זיך געווענדעט צו איהם מיט די פערזען:

זיי ווי שמואל, ווען איהם געקוועלט האט
דער קריגער מיט זיין וואפען:
„שטעה צווישען עלענדקייט און פעררעט!
וועהל דיר פון די צוויי, א טרויריגע וואהל!“
און ער געענטפערט האט דאך געפאסט: „טויט דיין
געפאנגענעם, נישט פעררעטען וועל איך מיין גאסט!“

אזוי האבען די יודען פון צפון אראביען זיך אויך נאהנט צו־זאמענגעלעבט מיט די ארומיגע שבטים, און אין גיכען איז יאטריב וויערער ארונטערגעפאלען אונטער דער הערשאפט פון די יודישע בני־קוריזא און בני נאדיר.

# זיעבּעצעֶהנטעֶם קאַפּיטעֶל.

## מחמד און זיינע מלחמות מיט יודען.

---

דעָר שטאַרקעָר אײַנפלוס פון יודישעָ אידעֶען און בּעגריפען אויף די שבטים פון דעָר פאָרעָרשטעָר אזיעֶן, וואָס איז געָוואַקסעֶן צוזאַמעֶן מיט דעָר יודישעָר בּעפעָלקעֶרונג אין אַראַבּיעֶן, האָט אין אָנהױבּ פון זיבּעֶטעֶן יאָהרהונדעֶרט בּעקומעֶן אַ שאַרפעֶן, בּולט'עֶן אויסדריק, אין דעָר געֶשטאַלט פון אַ נײַעֶם גלויבּעֶן. מחמד, „דעָר נביא פון מעֶקקאַ און יאַטריבּ", איז נישט געֶוועֶן קײן זוהן פון דעָם יודישעֶן שטאַם; זײַן גײַסטיגעָ יניקה האָט עָר אָבּעָר געֶצויגעֶן פון יודעֶנטום, און נאָר די צונױפשמעֶלצונג פון דעָר יודישעָר וועֶלט-אַנשױאונג מיט דעָר פלאַמעֶנדעָר פאַנטאַזיעָ פונ'ם פאָעֶטישעֶן מדבּר-קינד איז אים-שטאַנד געֶוועֶן צו בּעֶשאַפעֶן דאָס גרויסעָ ווערק פאַר פעָלקעָר און דורות — דעָם איסלאַם.

אין די פריעֶרליכעָ פעֶרזאַמלונגעֶן פון די אַראַבּישעָ און יודישעָ שבטים, וואַנדערנדיג פון שטאָדט צו שטאָדט אויף מעֶרק און ירידעֶן, צווישעֶן שכנים און פרײַנד, — אומעֶטום האָט אַבּדולאַה'ס זוהן (מחמד) געֶהעֶרט רעֶדעֶנדיג פון דעָר אמונה אין אײן אײנציגעֶן גאָט, וואָס האָט אַלץ בּעֶשאַפעֶן און העֶרשט איבּעָר אַלעָ וועֶלטעֶן, פון אַ פּאַטריאַרךָ אַבּרהם, וואָס האָט זיךָ איבּעֶרגעֶגעֶבּעֶן צו דיענעֶן אָט דעָם אַלמעָכ-טיגעֶן גאָט, פון רעֶליגיעֶזעָ געֶבּאָטעֶן, וואָס צײכנעֶן אויס די אמת-גלױבּיגעָ פון געֶצעֶנדיענעָר, און פון נאָךָ אַנדערעָ יודישעָ פאָרשטעֶלונ-געֶן און בּעֶגריפעֶן, דאָס האָט דעָם עֶמפפינדליכעֶן נאַטור-קינד אַרײַנ-

געפיהרט אין א וועלט פון געטליכע זעהונגען און הימלישע בילדער. מחמר'ס ערשטער נבואה-אויסרוף איז דער גרונד-געדאנק פון משה'ס תורה: „ס'איז נישטא קיין גאט, אויסער אללאה (אל) ו"
און ערשט שפעטער האט ער זיך ערלויבט צוצוגעבען צו דעם עיקר די ווערטער: „און מחמר איז זיין נביא". אינ'ם ערשטען פעריאד האט מחמר איבערהויפט געדעדט וועגען דער אייניגקייט פון דעם אלמעכטיגען גאט און וועגען די שענדליכקייטען און אכזריות'ען פונ'ם געצענדינערײ. די דאזיגע בעציהונג צו די יסודות פון יודענטום און צו יודען גופא האבען זיך אבער באלד געענדערט צום ערגערן, און אין גיכען זעהען מיר דעם נביא פון מעקקא ארויסטרעטענדיג געגען יודען, ווי געגען געפעהרליכע שונאים.

ארויסטרעטענדיג מיט די ערשטע התגלות'ען אין זיין געבורטס-שטאדט מעקקא, האט מחמר געפונען גאנץ וועניג אנהענגער פאר זיין נייער תורה. דא האט זיך געפונען דער אלטער קאאבא-טעמפעל מיט זיינע דרייהונדערט געטער, און די פאנאטישע געצענדינער האבען דעם יונגען לעםטערער פון זייערע הייליגטימער געוואלט פערשטיינען. אבגערופען זיך אויף זיין התגלות און זי אנערקענט האבען בלויז עטליכע אנגעזעהענע תושבים פון דער יודישער יאטריב, און דאס האט מחמר'ן בעוואוינגען אריבערצוטראגען דעם צענטר פון זיין טעטיגקייט אין יאטריב גופא (622).

אין דעם נייעם צענטר האט מחמר קודם כל אנגעהויבען ארבייטען צווישען דער יודישער בעפעלקערונג. ער האט יודען פארגעשטעלט די זאך אזוי, אז זיין שטרעבונג איז, צו פערשפרייטען דאס יודענטום אין גאנץ אראביען, און אריינקומענדיג אין שטאדט אום יום-כפור, האט ער ווירקליך אויסגערופען: „מיר דארפען גיכער פון די יודען פאסטען דעם טאג". דער „נביא" האט זאגאר בעפויהלען זיינע אנהענגער, זיי זאלען בעת די תפילות האלטען די אויגען געווענדט צו ירושלים.

אזוי האט זיך מחמר אלץ מעהר מקרב געווען צו יודען, און נישט קענענדיג אליין שרייבען, האט ער אפילו געהאלטען א יודישען שרייבער, וועלכען ער האט דיקטירט זיינע „נבואות". ביי דעם אלעם האט ער אבער פון דעסטוועגען דא קיין גרויסען ערפאלג נישט געהאט און נאר געצעהלטע יודען זענען געווארען זיינע מיטהעלפער (אנסא-רען). די איבריגע האבען זיך בעצויגען מיט א געוויסען בטול צו דעם

חוצפּה׳דיקען נביא, וואָס האָט קיין גרויסע קענטעניש׳ען נישט אַרויסגע־
וויזען און איז נאָך דערצו געווען זעהר פּערדאָרבען און אויסגעלאַסען.
די יורען האָבען חוזק געמאַכט: „קוקט נאָר אָן דעם נביא, וואָס ווערט
קיינמאָל נישט זאַט און האָט שטענדיג מיט ווייבער צו טאָן; איז ער
ווירקליך אַ נביא, טאָ זאָל ער זיך מיט זיין נביאות אָבגעבען, און נישט
מיט ווייבער"; אָדער: „ווען מחמר וואָלט זיין אַ אמת׳ער געטליכער
נביא, וואָלט ער אַרויסגעטרעטען אין יהודה, דען נאָר דאָרט ענט־
פּלעקט זיך גאָט צו זיינע אויסדערוועהלטע". בעזונדער שאַרף זענען
אַרויסגעטרעטען געגען מחמר׳ן דער יוד פּנחס אבן עזורה, דער
וואָס פון אַ אַראַבישען פאָטער און אַ יודישער מוטער קאַאַב אבן
אַשאַראַב, דער הונדערט־יעהריגער דיכטער אַבו אַפאַק און דער
גלעהרנטסטער יוד פון גאַנץ הערושאַם אַבדאַללאַה. זיי האָבען מיט
אַ בעזונדער פּעראַכטונג אויסגעלאַכט דעם נביא פון מעקקאַ און
חוזק געמאַכט פון זיינע נבואות, גאָרנישט אַהנענדיג, אַז אָט דער
הילפלאָזער טרוימער וועט אין גיכען הערשען איבער מיליאָנען און האַל־
טען אין זיינע הענד דעם גורל פון אַ גרויסען טייל פון דער יודישער
אומה.

דער פערביטערטער מחמר האָט געפיהלט דערוויייל זיין שוואַכקייט
און זיך נישט וויסענדיג געמאַכט פון דער יודישער חוזק׳דיגער בעציהונג
צו איהם. „מיט דעם פאָלק פון דער שריפט, — האָט ער אָנגעזאָגט
זיינע אָנהענגער — זאָלט איהר שטרייטען אויף אַנ׳אָנשטענדיגען אופן
און זאָגען: מיר גלויבען אין דעם, וואָס איז אונז און אין דעם, וואָס
איז אייך ענטפּלעקט געוואָרען; אונזער גאָט און אייער גאָט איז איינער
און מיר דינען איהם געטריי".

דער דאָזיגער מצב האָט זיך אָבער נישט געקענט לאַנג האַלטען.
פון איין זייט האָבען די יורען אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אָבצוציהען
פון מחמר׳ן זיינע אָנהענגער, און זיי איז אפילו געלונגען אָבצורעדען פון
איהם דעם אָנגעזעהענסטען בירגער פון יאַטריב, וואָס האָט געזאָלט
אויסגעוועהלט ווערן פאַר אַ קעניג פון שטאָדט; פון דער צווייטער זייט
ווידער, האָבען אויך די גלויביגע גופא אָנגעהויבען צושטעהן צו מחמר׳ן
און פאָדערן פון איהם אַ בעשטימטע ערקלערונג וועגען זיין בעציהונג
צום יודענטום. זיי האָבען געזעהען, אַז יודען בכלל דערווייטערן זיך
פון איהם, און אפילו די יודישע אָנהענגער זיינע הערן אויך נישט אויף
אָבצוהיטען די יודישע געבאָטען, און זיי האָבען געזאָגט: „אין די תורה

א ג׳טליך ווערק, טא זאלען מיר אויך אבהיטען איהרע געבאטען״. דאן האט מחמד ערשט זיך בעשלאסען צו כאפען א געוואגטען שריט: ער האט זיך נישט אונטערגעגעבען דער יודישער תורה, נאר זיך איינגאנצען אבגעזאגט פון איהר. מיט דעם אקט האט ער אי אויפגעהויבען זיין פרעסטיזש אלס געזעצגעבער, אי זיך צו-געפאסט צו דעם לעבענסלוסטיג-ליידענשאפטליכען כאראקטער פון זיין פאלק, פאר וועלכען די געזעצען פון דער תורה זענען געווען צו-שטרענג און צו-הארב.

מחמד האט פערעפענטליכט א לאנגע סורא (התגלות), פול מיט זלזולים געגען יודען, און געהייסען זיינע אנהענגער ווענדען פון דאן אן זייערע אויגען נישט צו מזרח-זייט (ירושלים), נאר צו מערב, צו דער זייט פון מעקקא מיט איהר קאאבא-טעמפעל. דעם תענית פון יום-כפור האט ער אבגעשאפט, און אנשטאט איהם בעפעסטיגט די תעניתים פון דעם חודש ראמאדאן, וועלכע די אראבער האבען הייליג געהאלטען נאך פון אוראלטע צייטען (624). דאס זעלבע האט ער געטאן אויך מיט נאך אנדערע געבאטען פון דער תורה: דעם שבת פערביטען אויף פרייטאג, און פון אלע טרפה מאכלים פערבאטען נאר חזיר און פלייש פון א נבלה, וואס די אראבער האבען פאר איהם אויך נישט געגעסען.

א דאנק דער דאזיגער צופאסונג צו די טראדיציעס פון דעם אראבישען פאלק און צו זיין כאראקטער, איז די צאהל פון מחמד׳ס אנהענגער צווישען די אראבער געוואקסען, און צוזאמען דערמיט איז געוואקסען אויך זיין גאוה און זיין אכזריות׳דיגע חוצפה. דער פריהער-דיגער פרעדיגער פון יודענטום האט איצט אליין פערשפרייט די שענד-ליכסטע בלבולים אויף יודען, און נאך די ערשטע נצחונות, וואס ער האט אבגעהאלטען איבער די אראבישע געצענדינער, איז ער ארויסגעטרעטען אין א אפענער מלחמה מיט די יודישע שבטים דער-פאר, וואס זיי האבען זיך נישט געוואלט אונטערווארפען זיין אויטא-ריטעט און זיין הייליגקייט.

די ערשטע קרבנות פון מחמד׳ס צארן זענען געווען די יודען פון שבט קיינוקא. זיי האט מחמד איבער א קלייניגקייט ארויסגעפאדערט צום קאמפף, און די פארשטעהער פון דעם שבט האבען איהם דרייסט געענטפערט: מיר זענען פריעדליכע מענשען און ווילען זיך

מיט דיר פערבינדען ; אזוי אָבער, ווי דו זוכסט נאָר אַ צוטשעפּעניש, אַבי זיך מיט אונז צו שלאָגען , וועלן מיר דיר ווײַזען , אַז אונז פעהלט אויך קיין מוט ניט". און זײַ האָבען ווירקליך נישט ווייניג מוט אַרויס־געוויזען , קעמפפענדיג גאַנצע פופצעהן טאָג געגען מחמד'ס שטאַרקער מחנה . ענדליך זענען זײַ אָבער בעזיעגט געוואָרען , און נאָר די השתדלות פון דעם שטאַרקען אַבדאַלאַה אבן אובײַ האָט זײַ מציל געווען פון מחמד'ס שווערד *) .

נאָך דעם צוזאַמענשטויס , אין וועלכען די יודען האָבען בעקומען אַ געוויסע שטיצע פון אַראַבער , האָט מחמד פערעפענטליכט די סורא , אין וועלכער עס זאָגט זיך : אָ , איהר גלויבינע , שליעסט ניט קיין פערבינדונג נישט מיט קריסטען , נישט מיט יודען : זײַ קענען זיך אַלײַן בעשיצען . ווער עס בעפרײַנדעט זיך מיט זײַ , איז אײַנער פון זײַ , און נאָך פערטראָגט נישט דעם זינדיגען פאָלק . אין דעם אויפרוף האָבען די איבערגעבליבענע יודישע שבטים געזעהען אַ געפאַהר פאַר זיך , און זײַ האָבען זיך פערבונדען מיט די אַראַבישע שבטים , וואָס זענען אויך געווען פײַנדליך געשטימט צו מחמד'ן . די לעצטע האָבען אָבער פעררעטען זײַערע יודישע קריעגס־חברים , און מחמד האָט ווידער אָבגעהאַלטען אַ נצחון איבער זײַנע יודישע שונאים , אין וועלכע ער האָט זיך אַכזריות'דיג נוקם געווען (אויף זײַן בעפעהל זענען זיעבען הונדערט יודישע קעמפפער געטויט געוואָרען אין מיט'ן מאַרק און די איבריגע האָבען געמוזט אויסוואַנדערן 627 — 625) . מיט אַ יאָהר שפּעטער איז מחמד אַרויסגעטרעטען געגען די יודען פון דער געגענד חיבר , און דאָ איז איהם דער נצחון אָנגעקומען פיעל שווערער . די יודישע קריעגער האָבען דאָ אַרויסגעוויזען אוננעוועהנליכע העלדישקייטען און מחמד'ס מחנה האָט אַ סך געליטען און נישט ווייניג קרבנות געבראַכט , ביז איהר איז געלונגען אַרײַנצודרינגען אין די יודישע פעסטונגען . צו מחמד'ן אין די הענד זענען דאַן אַרײַנגעפאַלען אַלע אוצרות פון די רײַכע חיבר'ישע יודען, און זײַנע קריעגער זענען צוריקגעקומען פון דער מלחמה בעלאָדען מיט כל טוב .

---

*) די בעזיעגטע , אין אַ צאָהל פון זיעבען הונדערט מאַן , האָבען דאַן אויס־געוואַנדערט קיין פאַלעסטינע .

צווישען די טראפפען פון דער חיבר׳ישער מלחמה האבען זיך געפונען אויך צוויי שענע יודישע פרויען, וועלכע מחמד האט איבער-געלאזען פאר זיך: סאפיא, די טאכטער פון זיין טויט-פיינד הויעי, און זיינאב, די שוועסטער פון דעם העלדישען מארהאב; וועגען דער לעצטער, זיינאב, דערצעהלט די אראבישע לעגענדע, אז זי האט זיך געוואלט נוקם זיין אין דעם רוצח פון איהרע גלויבענסברידער, און האט אריינגעשיט גיפט אינ׳ם עסען, וואס זי האט דערלאנגט צום טיש. מחמד האט אבער דערשפירט דעם געריך פון גיפט, און האט גלייך אויסגעשפיגען דעם ביסען פון מויל אין דער צייט, ווען איינער פון דער סוויטע האט געגעסען מעהר פונ׳ם פערגיפטעטען פלייש און איז גע-שטארבען. ווען מחמד (וועלכער האט נאכדעם געליטען פון דער פער-גיפטונג א לאנגע צייט) האט געפרעגט זיינאב׳ן, פארוואס זי האט עס געטאן, האט זי קאלטבלוטיג געענטפערט: „דו האסט מיין פאלק פער-שאפט אונמענשליכע יסורים. איך האב מיך דעריבער געטראכט: ביזטו בלויז א העלדישער בעזיעגער, וועל איך דורך גיפט בעפרייען מיין פאלק פון א פייניגער; ביזטו-זשע א נביא, וועט דאך דיך גאט װארנען פון מיין פלאן און עס וועט דיך נישט שאדען". דער ענטפער האט דעם נביא נישט בעפריעדיגט: ער האט זי געהייסען טויטען.

מחמד׳ס טויט האט ארויסגערופען ביי יודען א שטארקע שמחה: זיי האבען געגלויבט, אז די אראבער וועלען זיך אין גיכען אויסניכטערן פון זייערע איינבילדונגען וועגען מחמד׳ס געטליכקייט; דאס איז אבער נישט געשעהען. די קריעגס-לוסטיגע אראבער זענען בעהערשט געווא-רען פון א שרעקליכען רעליגיעזען פאנאטיזם, און זיי האבען די העס-ליכע בלעטער פון קאראן געגען יודען אויפגענומען מיט דער זעלבי-גער בעגייסטערונג, ווי די בלעטער פון יודען און דער יודישער תורה. דער קאראן איז געווארען דאס הייליגע בוך פאר א גרויסען טייל פון דער מענשהייט אין דריי ערד-טיילען, און אזוי ווי ער איז פול מיט פיינדליכע אויפרופען געגען די פערזענליכע שונאים פון נביא (די יודען), האט ער ערצויגען אין די מחמד׳נישע פעלקער (ווי דאס עוואנגעליום אין די קריסטליכע) א שטארקע שנאה צו די זעלבע.

„דאך האט די פערשפרייטונג פון איסלאם, אלס א גלויבען, וואס שטיצט זיך פארט אויף דער ביבלישער וועלט-אנשויאונג, גע-האט אויך גוטע פאלגען פאר יודען: דער איסלאם האט אויפגעוועקט

די שלאָפּענדע כחות פון מזרח און בעשאַפען אַ נײַע אַלגעמײַן־מענשליכע קולטור, צו וועלכער די יודען זענען אויך צוגעשטאַנען. די פּאָליטישע נצחונות, וויִדער, און די טעריטאָריאַלע בעריַיכערונגען פון די מושלמענער האָבען גאַנץ אָפּט געבראַכט מיט זיך אַ ישועה פאַר די יודען, וואָס זענען געפּײַניגט געוואָרען און אויסגעשטאַנען אַלערלײַ רדיפות אין די דעמאָלדיגע קריסטליכע מלוכות (דובנאָוו).

# ערשטעס קאַפּיטעל.

## יודען אונטער דער הערשאַפט פון איסלאַם.

---

עס זענען נאָך נישט אַריבער קיין גאַנצע צעהן יאָהר נאָך מחמד'ס טויט, און די שענסטע לענדער פון צפון און צפון־מערב אַראַביען האָבען זיך שוין געפונען אונטער דער הערשאַפט פון איסלאַם. מיט'ן שווערד אין איין האַנד און דעם קאָראַן אין דער אַנדערער האָבען זיך די האַלב־ווילדע מדבר־קינדער אַריינגעריסען אין די לענדער פון אַזיע און צפון אַפריקא, און ווי אַ שטורם־ווינד האָט זיך איבער די דאָזיגע לענדער געטראָגען זייער מעכטיגער אויסרוף: „נישטאָ קיין גאָט אויסער אַללאַה און מחמד איז זיין נביא!"

דער ערשטער מאַרשרוט פון די אַראַבישע שאַרען איז געווען קיין פּערסיען, און באַלד איז אָט די פון זעלטקייט אָבגעשוואַכטע מלוכה צופאַלען געוואָרען אונטער דעם מעכטיגען שטורם פון די העלדישע גלויבענס־קעמפפער. דאַן זענען געקומען די ביזאַנטינישע פּראָווינצען פּאַלעסטינאַ, סיריען און עגיפּטען, וואו די יודישע בעפעלקערונג, אונטערדריקט פון די קריסטליכע דעספּאָטען, האָט געקוקט אויף די אַראַבער, ווי אויף אויסלייזער און בעפרייער. מעד.נאַ, אַ אָאזע אין דעם גרויסען מדבר, וואָס די איראָפּעאישע פעלקער האָבען ביזהער גאָרנישט געוואוסט פון איהר, איז איצט געוואָרען די געזעצגעבערין פאַר מיליאָנען, ווי רוים אין די אַלטע צייטען, און די בעזיעגטע האָבען געמוזט אָדער אָנערקענען מחמד'ן פאַר אַ נביא און זיך אונטערגעבען דעם איסלאַם, אָדער צאָהלען שטייער די אַראַבישע מושלים.

דער בעזיגער פון פאלעסטינא איז געווען דער צווייטער קאליף אמאר. ער האט זיך גלייך אליין בעזעצט אין דער אמאליגער יהודה'עאישער הויפטשטאדט (638), און פון דעמאלט אן איז זי הייליג געווארען אויך פאר די מחמד'נער; אמאר האט געלעגט דעם גרונדשטיין פאר דער בעריהמטער פעלזען-מאשעע (אס סוקארא), אויף דעם ארט, וואו ס'זאל האבען געשטאנען דער בית המקדש, און ביז היינטיגען טאג פערהייליגען די מחמד'ניש-גלויביגע אט דעם בית המקדש-פעלזען נישט ווייניגער, ווי דעם שווארצען שטיין אין דעם מעקא'נישען קאאבא-טעמפעל, אין וועלכען זיי גלויבען צו זעהן די פוס-טריט פון דעם ערשטען יודישען פאטריארך — אברהם. די בעזיגטע קריסטליכע בעלי בתים פון שטאדט, וועלכע זענען איצט אונטערגעווארפען געווארען דעם רעזשים פון איסלאם, האבען זיך, נאטירליך, געמוזט אבזאגען פון אלע זייערע פריווילעגיעס; דאס האט זיי שטארק אויפגערייצט געגען די מיטהעלפער פון דעם אראבישען נצחון, די יודען, און לויט א געוויסען נוסח זאל דער בישאף פון ירושלים, סאפראניוס, האבען זאגאר בפירוש אויסגערעדט מיט'ן קאליף אמאר, אז ער גיט איהם איבער די שליסלען פון שטאדט, נאר אונטער דער בעדינגונג, אויב די יודען וועט אויף ווייטער אויך פערבאטען זיין אריינצוקומען אין זייער אמאליגער הויפטשטאדט. אויף וויפיעל ס'איז צו גלויבען, איז אבער פון דער השתדלות גארנישט געווארען, און די מושלמענישע הערשאפט האט די פאלעסטינישע יודען פאקטיש בעפרייט פון דער געדריקטער לאגע, אין וועלכער זיי האבען זיך געפונען.

פערדיענט פון דעם מחמד'נישען נצחון האבען אויך די יודען אין בבל, וועלכע האבען, צוזאמען מיט די כאלדעאישע (נעסטאריאנישע) קריסטען, ארויסגעוויזען א גרויסע שטיצע אמאר'ן אין זיין קאמפף מיט די לעצטע מלכים פון דער סאסאנידישער דינאסטיע. אמאר האט די שטיצע פערשטאנען אבצושאצען און די קריסטליכע קהלות, ווי די יודישע, ביידע האבען פון איהם בעקומען גרויסע הנחות. די ערשטע האט ער געשענקט א געוויסע אדמיניסטראטיווע זעלבסטשטענדיגקייט מיט א אייגענעם פיהרער און הויפטריכטער (אונטער'ן נאמען „קאטאליקאס“), און פאר די בבלי'שע יודען איז צוריקגעשטעלט געווארען די אויטאנאמישע הערשאפט פון די עקזילארכען, וועלכע איז שטארק געפאלען געווען אין די לעצטע צייטען פון דער פערסישער ממשלה. אמאר האט געלאזען ברענגען צו זיך דעם לעצטען אבשטאמלינג

פון די ריש גלותא'ס (ממילא אויך — פון די מלכי בית דוד), מיט'ן נאָמען בוסתנאי, האָט איהם געגעבען פאַר אַ ווייב די טאָכטער פון דעם פערסישען קעניג כאָזרו, וואָס האָט זיך געפונען ביי איהם אַלס געפאַנגענע, און איבערגעגעבען אין זיינע הענד די פּאָליטישע און געריכטליכע פיהרונג פון דער יודישער קאָלאָניע אין בבל.

װעגען דעם דאָזיגען בוסתנאי דערצעהלט זיך אין אַ פאַרצייטיגער לעגענדע פאָלגענדעס: איינער פון די פערסישע מלכים האָט באַלאָזען אויסראָטען דעם גאַנצען שטאַם פון די יודישע עקזילאַרכען אין בבל, און נאָר די אַלמנה פון דעם דערהרג'עטען עקזילאַרך (חנינאי) איז דערווייל געבליבען לעבען. דאַן האָט זיך דעם מלך גע־חלום'ט אַ שרעקליכער חלום: איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער געהט אַרום מיט אַ האַק אין זיין פרעכטיגען גאָרטען (בסתן) און האַקט אויס אַלע בוים נאָכ'ן אַנדערן; נאָר ווען ער האָט אויפגעהויבען די האַק אויף דעם לעצטען צווייגעל פון לעצטען בוים, האָט זיך אַנטקעגען איהם אַוועקגעשטעלט אַ גרויער מאַן און איהם, דעם מלך, אַזאַ שטאַרקען קלאַפּ געטאָן מיט דער האַק, אַז ער איז אומגעפאַלען און זיך באַגאָסען מיט בלוט; דער קעניג האָט דעמאָלט זיך אָנגעהויבען בעטען ביי דעם אַלטען מאַן און זיך שווערן פאַר איהם, אַז ער וועט נישט אויפהויבען מעהר זיין האַנד אויף דעם לעצטען צווייגעל און איהם היטען, ווי דעם שוואַרצאַפּעל פון אויג. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און געזעהען, ווי פון זיין שטערן רינט בלוט; האָט ער געשיקט רופען איינעם פון די יודישע חכמים, וואָס האָט געקענט פּותר זיין חלומות, און יענער האָט איהם אַזוי בעשיידט זיין שרעקליכע זעהונג: דער אויסגעהאַקטער גאָרטען — דאָס איז דער שטאַם פון דוד המלך, און דאָס איבערגעבליבענע צווייגעל איז דאָס קינד, וואָס דאַרף אין גיכען געבוירען ווערן פון דער מעוברת'ער עקזילאַרכין. און דעם מלך איז דער בעשייד געפעלן געוואָרען, האָט ער געהייסען אָבהיטען דער אַלמנה פון דעם געהרג'עטען נשיא, און ווען זי האָט געבוירען אַ זוהן, האָט ער איהם אַ נאָמען געגעבען בוסתנאי. און בוסתנאי איז אויסגעוואַקסען און האָט געלערנט תורה און משנה, הלכה און חכמה; דעמאָלט האָט איהם דער מלך בעשטימט פאַר אַ ריש גלותא און געגעבען איהם אַ בעזונדער שטעמפּעל מיט אַ הערב. שפּעטער, נאָך דעם נצחון פון די קאַליפען, האָט בוסתנאי, ווי געזאָגט, בעקומען פאַר אַ

ווײַב די געפאַנגענע טאָכטער פון קעניג כאָזרו, און אין זיין צייט האָט זיך יודען גאַנץ רוהיג געלעבט.

בעזונדער פעסט און געהויבען איז געוואָרען די לאַגע פון די בבלי'שע יודען אין די צייטען פון דעם פירטען קאַליף אלי, מחמד'ס מיטקעמפפער און איידים (656). איהם האָבען אַרויפגעזעצט אויפ'ן קאַליפען-שטוהל די אַראַבישע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבען געטויט די פריהערדיגע קאַליפען אָמאַר און אָטמאַן; ער האָט אָבער אויך בעקומען אַ סך שונאים און פערביטערטע געגנער, וועלכע זענען געשטאַנען אויף דער זייט פון מאַאוויאַ, אַ קרוב פון דעם געהרג'עטען אָטמאַן. אין דעם קאַמפף האָבען די בבלי'שע יודען, נאַטירליך, נישט געקענט בלייבען נייטראַל, און זיי האָבען זיך אָפען איינגעשטעלט פאַר דעם בעגאַבטען אלי; זיי האָבען איהם געהאָלפען איינעהמען די שטאָדט פירוז-שבור, און לויט אַ געוויסער לעגענדע, זענען אלע ניינציגטויזענד יודישע איינוואוינער, מיט'ן אָרטיגען ריש מתיבתא מר יצחק בראש, אַרויסגעגאַנגען איהם מקבל פנים זיין און בעגריסען (668). פאַר דער פריינדליכקייט האָט אלי געשענקט דעם ריש מתיבתא עטליכע בעדייטענדע פריווילעגיעס, און פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבען צו פראַקטיצירען דער טיטול גאון פאַר'ן ריש מתיבתא, וואָס האָט געשפּיעלט אין דער יודישער זעלבסטפערוואַלטונג נישט קיין קלענערע ראָליע פון ריש גלותא. די דאָזיגע נייע לאַגע, וואָס האָט געשאַפען ווי אַ מין קאָנקורירענדע מאַכט פאַר'ן ריש גלותא, האָט געבראַכט אין אָנהויב צו פערשידענע ככסוכים און רייבונגען צווישען די ביידע פאָרשטעהער פון דער יודישער בעפעלקערונג אין לאַנד; ביסלעכווייז זענען אָבער די בעציהונגען רעגולירט און אויסגעגלייכט געוואָרען, און עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַ אָרגאַנישע איינהייט אין דער פיהרונג פון בבלישען יודענטום, מיט בעשטימטע, אָבגעטיילטע פונקציעס פאַר'ן ריש גלותא, ווי פאַר די פאָרשטעהער פון דער גאונות. דער ערשטער האָט פערטרעטען די אָפיציעלע, פּאָליטישע מאַכט; ער האָט איינגעמאָהנט די שטייערן פון די יודישע קהלות; בעשטימט פערוואַלטער און ריכטער, זיך משתדל געווען פאַר דער צענטראַלער רעגירונג וועגען דער גרינדונג פון נייע אינסטיטוציעס, און איז פון דער בעפעלקערונג אויך בעטראַכט געוואָרען, ווי אַ וועלטליכער מאַכטהאָבענדער פירשט. דאַגעגען איז די רעליגיעזע איינהייט פון בבלי'שען יודענטום און זיין גייסטיגע אויסבילדונג געלעגען אינגאַנצען

אין די הענד פון די צוויי גאונים — די פיהרער פון די ישיבות אין סורא און פומבדיתא. אט די לעצטע האבען ארויסגעגעבען נייע געזעצען און תקנות, און האבען אויך געהאט דאס רעכט צו בעשטראפען פאר'ן נישט אבהיטען זיי. זיי האבען געמוזט בעשטעטיגען יעדער בעשטימונג פון ריש גלותא בנוגע צו דיינים און לעהרער, און בכלל האבען זיי געהאט א שטארקע דעה אין אלע רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען פון דעם פאלקס-לעבען. די עקזילארכען גופא אפילו זענען אויך אין א געוויסער פארם געווען אבהענגיג פון די גאונים, ווארום חאטש דער טיטול ריש גלותא איז איבערגעגאנגען בירושה פון דור צו דור אין דער בוסתנאי'שער דינאסטיע, האט דאך יעדער נייער ריש גלותא געמוזט האבען די אפיציעלע הסכמה פון ביידע גאונים.

א אויספיהרליכע שילדערונג פון די פייערליכקייטען ביים בעשטימען א נייעם ריש גלותא איז דערגאנגען צו אונז אינ'ם „ספר היוחסין“ פון ר' נתן הבבלי, וועלכער האט געלעבט אין יענער צייט. ער דערצעהלט:

ווען יודען האבען געוואלט אויפנעהמען א ריש גלותא, זענען זיך צוזאמענגעקומען די ראשי ישיבות מיט אלע אנגעזעהענע בעלי בתים, נדיבים, זקנים און שופטים פון גאנצען לאנד אין א גרויסען רייך פערפוצטען זאל, וואו ס'זענען געשטאנען שטוהלען פאר אלע פער-זאמעלטע און בעזונדער דריי שטוהלען אויבען-אן פאר'ן ריש גלותא מיט די צוויי גאונים. דא שטעלט זיך אויף דער גאון פון סורא און זאגט מוסר דעם ריש גלותא: ער זאל זיך נישט גרויס האלטען און נישט דריקען דעם פאלק. דאן געהט מען אוועק אין שוהל (דאס קומט פאר דאנערשטאג), וואו די גאונים גיעבען איהם סמיכה און בענשען איהם און מ'בלאזט שופר, כדי אנצוזאגען דעם גאנצען פאלק פון קליין ביז גרויס: „זאל לעבען אונזער האר דער נשיא פלוני בן פלוני! ער איז אונזער פירשט! ער איז דער ראש הגולה, די קרוין פון ישראל!“ — און מ'בעגלייט איהם א היים מיט גרויס פאראד. פאר זיין הויז בלאזט מען מיט טראמפייטען, און די רייכע שיקען דעם ניי-אויס-געוועהלטען נשיא טייערע מתנות: גאלד, זילבער, טייערע קליידער און אנדערע ציערונגען. שבת קומט פאר ביים ראש הגולה א פרעכטיגער באל, אויף וועלכען עס זענען איינגעלאדען די אנגעזעהע-נסטע יודען פון לאנד, ווי אויך אלע הויכע בעאמטע פון שטאדט,

און צום דאַוונען אין שוהל ווערט דער נשיא ווידער נעפייערט מיט אלערליי כבודים : פאַר איהם ווערט אויפגעשטעלט א בעזונדער עספּראַדע , וואָס איז אויסגעבעט מיט פורפור און זייד ; די גאונים בוקען זיך פאַר איהם און זעצען זיך אויף זייערע שטוהלען , איהם ביין זייט , ערשט דאַן , ווען ער ענטפערט זיי אויף זייער בעגריסונג ; די ספר תורה ווערט צו איהם צוגעטראָגען און דאָס גאַנצע פאָלק בעט פאַר זיין געזונד . פון דעם טובת אין געהט דער עקזילאַרך נישט ארוים פון שטוב גאַנצע זיעבען טאָג , און ביי נויטיגע פעלן פאָהרט ער ארוים אין א עקיפּאַזש , רייך אָנגעטאָן און בעגלייט פון פופצעהן מאַן מיט א שקלאַף , וואָס לויפט נאָך פון הינטען .

די הוצאות פון דעם עקזילאַרכישען הויף , אין א סומע פון זיעבען הונדערט גאָלדענע רענדלעך , פלעגען געדעקט ווערן מיט די הכנסות פון די יודישע קהלות אין בבל און דערצו זענען צוגעקומען נאָך אויסערגעוועהנליכע הכנסות פון אייניצעלנע פּערזאָנען .

דעם צווייטען ראַנג אין דעם בבליש-יודישען קהלה-לעבען האָט פערנומען דער ריש מתיבתא (אָדער ווי מ'האָט איהם איצט גערופען : גאון) פון סורא , וועלכער איז אין א סך הינזיכטען געווען געשעצט העכער פון זיין קאָלעגע אין פומבדיתא אפילו אין דעם פאַל , ווען יענער איז געווען פיעל עלטער פון איהם ; בנוגע צו דער פּאַקטישער אַקאַדעמישער און געזעצגעבענדער טעטיגקייט איז אָבער פומבדיתא געשטאַנען נישט נידריגער פון סורא און האָט געהאַט אויך די זעלביגע פּריווילעגיעס און זכיות . אַט די ביידע ראשי ישיבות האָבען געהאַט ארום זיך א קאָלעגיום , אין וועלכען עס זענען ווידער געווען פערשידענע ראַנגען און מדרגות . דער נעהנסטער ביי־זיצענדער פון ריש מתיבתא איז געווען דער הויפּט-ריכטער אָדער „אב בית דין" . אונטער איהם זענען געשטאַנען זיעבען „ראשי כלה" (לעהרער פון די אַקאַדעמישע פערזאַמלונגען) מיט דריי חברים, וועלכע האָבען צוזאַמען געבילדעט א מין קליינעם סענאַט .

דאָס זענען געווען די שטענדיגע זיצונגען פון דער קאַרפּאָראַציע ; דערצו זענען נאָך צוגעקומען עטליכע זיצונגען אין בעשטימטע ציטען , וואָס דערמאָהנען שטאַרק מיט זייער אָרגאַניזאַציע די זיצונגען פון א פּאַרלאַמענט . די דאָזיגע זיצונגען פלעגען פאָרקומען צוויי מאָל אין יאָהר , אין אדר און אלול , און פלעגען זיך ציהען צו גאַנצען חודש. אויף די זיצונגען זענען אויך בעהאַנדעלט געוואָרען פערשידענע

טעאָרעטישע בעלייכטונגען פון צווייפעלהאַפטע תלמודישע הלכות; די הויפט-טעטיגקייט פון אַט די ישיבות איז אָבער געווען געווידמעט פּראַקטישע פראגען. דאָ זענען בעהאַנדעלט און אָנגענומען געוואָרען נייע געזעצען און תקנות, און פון דאַנען פלעגען אַרויסגעשיקט ווערן תשובות אויף אַלע שאלות פון פערשידענע קהלות, וואָס זענען אַיינגעלאָפען אין דעם משך פון דער גאַנצער צייט. די דאָזיגע תשובות פון דער גרויסער פערזאַמלונג, — אין וועלכער עס האָבען זיך בעטייליגט (אויסער דעם שטענדיגען קאָלעגיום) זיבעציג פאַקטישע מיטגליעדער („אלופים") און דרייסיג קאַנדידאַטען (בני קיומי) — האָבען געמוזט געחתמ'עט ווערן פון ריש מתיבתא, און ער פלעגט זיי אָבשיקען דורך בעשטימטע שלוחים צו די דיינים אָדער ראשי הקהלות.

די קהלות גופא ווידער האָבען אויך געהאַט בעשטימטע פער-וואַלטונגס-אָרגאַנען, וואָס האָבען אַרומגענומען אַלע פונקציעס פון דעם שטאָדטישען לעבען. בראש פון דער קהלה, אַלס גייסטיגער פיהרער און חכם-הייזער, איז געשטאַנען דער דיין, וועלכער איז געווען אַי ריכטער, אַי רעליגיעזער לעהרער; ער פלעגט זיך אויסוועהלען פון די קהלה-מיטגליעדער צוויי בייזיצער, און די דריי האָבען געבילדעט צוזאַ-מען דעם שטענדיגען בית דין. דורכ'ן בית דין האָבען געמוזט דורכגעהן און בעשטעטיגט ווערן אַלע אַקטען פון חתונה-פערבינדונגען, גט'ען, געשעפטליכע אָבמאַכען, ווי בכלל אַלערליי שאלות פון דעם רעליגיעזען און געזעלשאַפטליכען לעבען, און ווי ס'איז צו גלויבען זענען אויך די קינדער-שולען, וועלכע זענען געווען פערבונדען מיט די בתי מדרשים, געשטאַנען אונטער דער השגחה פונ'ם דיין. איבער די ווירטשאַפטליכע ענינים פון דער קהלה האָט געהאַט צו פערוואַלטען אַ בעזונדער קאָלעגיום פון זיבען אָנגעזעהענע בעלי בתים (פרנסים). אַט דער קאָלעגיום האָט געהאַט אַ בעדייטענדע מאַכט איבער די מיט-גליעדער פון דער קהלה, און אויסער דער געוועהנליכער שטראָף („מלקות") פאַר פערברעכער געגען די געזעצען פון דער תורה, מיט וועלכער דאָס יודישע בית דין האָט זיך שטענדיג בענוצט, האָט די קהלה-פערוואַלטונג זיך געקענט בענוצען אויך מיט'ן שרעקליכען חרם ביים בעשטראָפען יענע יודישע מיטגליעדער, וועלכע האָבען זיך נישט געוואָלט אונטערגעבען איהרע פעראָרדנונגען.

ביי אַזאַ פעסטער אינווענייגסטער אָרגאַניזאַציע האָט די יודישע קאָלאָניע אין בבל וואָס ווייטער אַלץ מעהר אָנגענומען דעם כאַראַקטער

פון א זעלבסטשטענדיגער יודישער מלוכה אונטער דער פאהן פון איסלאם; די מאכט פון די יודישער הערשער האט זיך אבער פערשפרייט גאנץ ווייט איבער די גרענעצען פון בבל. אין צפון ביז טראנסאקסאניען, אין מזרח ביז אינדיען, אין מערב און דרום ביז אפריקא און די פירענעען, — אומעטום, וואו נאר ס'האט דערגרייכט די הערשאפט פון קאליפאט, האט מען זיך צוגעהערט צו די בעשטימונגען פון די יודישע געזעצלעהרער אין סורא און פומבדיתא, און פון די אלע לענדער פלעגט מען זיך ווענדען צו זיי מיט שאלות וועגען צווייפעלהאפטע רעליגיעזע און יורידישע הלכות. אויף אזא אופן זענען די נארמען פון תלמוד פערשפרייט געווארען אין אלע יודישע קבוצים, און דאס האט ווידער א סך מיטגעווירקט, צו דערנעהנטערן צווישען זיך די אבגעזונדערטע טיילען פון דער אומה, וואס זענען געווען צעשטרייט איבער די לענדער פון אזיע, אפריקא און אייראפא.

# צווייטעס קאפיטעל.

## יודען אין שפאניען אונטער די וועסטגאטען און אראבער.

אין דער צייט, ווען די יודען אין מזרח האט זיך רוהיג און פריי געלעבט אונטער דער אויבערהערשאפט פון די אראבישע קאליפען, האבען די יודען אין די קריסטליכע לענדער געמוזט אויסשטעהן שווערע און אכזריות'דיגע רדיפות.

בעזונדער טרויריג איז געוועזן די לאגע פון דער יודישער קאלאניע אין שפאניען. אויפן בעפעהל פון דעם פאנאטישען קעניג חינטילא, האט דער גרעסטער טייל פון די שפאנישע יודען זיך געמוזט אויס'שמד'ען, און די איבריגע זענען פערטריבען געווארען פון לאנד. די משומדים האבען אפילו געמוזט געבען א פייערליכע שבועה, טריי צו דינען דער קריסטליכער קירך און זיך אבצוזאגען אינגאנצען פון דעם גלויבען פון זייערע עלטערן; פאקטיש האבען זיי אבער נישט אויפגעהערט צו קוקען אויף זיך, ווי אויף קינדער פון דער אויסגעוועהלטער יודישער אומה, און ווי נאר דער גרויזאמער הערשער האט די אויגען געשלאסען, זענען זיי גלייך צוריק אריבער צו דעם יודישען גאט און דער יודישער תורה. עטליכע יאהר האבען זיי נאכדעם אבגעלעבט במנוחה, אונטער דער שוץ פון דעם יודענפריינדליכען קעניג הינדאסווינד (642—652). דער זוהן און נאכפאלגער פון דעם קעניג, רעצעזווינד, איז אבער געוועזן צו יודען גאנץ אנדערש געשטימט. ער האט זיך געשטעלט פאר א הייליגע אויפגאבע, אויסצוראטען אלע יודען פון זיין לאנד, און בעזונדער

אבזריות'דיג האט ער גערופ'ט די „יודאיזאנטעס", די אפיציעלע קריס־טען, וועלכע האבען נישט אויפגעהערט אבצוהיטען אלע געזעצען פון יודענטום. „זיי זאלען דורך אונזער פרומקייט פערבעסערט אדער דורך אונזער שטרענגקייט פערטיליגט ווערן", — האט דער קעניג פערביטערט אויסגערופען, און ער האט זיין ווארט געהאלטען: די „יודאיזאנטעס" זענען פערברענט אדער פערשטיינט געווארען, און די איבערגעבליבענע פון זיי האבען ווידער געגעבען א פייערליכע שבועה, אז פון איצט אן וועלן זיי נישט האבען מעהר קיין שיכות צו יודען און וועלן נישט היטען קיין יודישע געזעצען און מנהגים. נאר דאס איינע האבען זיך די אונגליקליכע אבגעבעטען: קיין חזיר־פלייש קענען זיי נישט עסען — עס עקעלט זיי; דערפאר האבען זיי זיך פערפליכטעט צו עסען אנדערע שפייזען, וואס זענען געקאכט מיט חזיר־פעטס.

אויף דעם אלעם האבען זיי געשוואוירען ביי דער הייליגער דריי־איינינקייט; דאס איז אבער נאך אלץ ווייניג געוועזען, אום אויסצולעשען דעם יודישען פונק, וואס האט נישט אויפגעהערט צו גליהען אין זייערע געפייניגטע הערצער, זוזן אין עטליכע יאהר ארום האט מען געמוזט אננעהמען נייע מיטלען געגען די פערברעכערישע „יודאיזאנטעס".

אונטער דעם קעניג וואמבא (672—680) איז די יודישע לאגע נישט בעסער געווארען, און זיי האבען זיך פעראייניגט מיט די מורדים פון דרום־פראנקרייך (סעפטימאניע), וואס האט אנגעהערט ביז אהער צו דער שפאנישער קרוין. דער אויפשטאנד האט זיך אבער נישט איינגעגעבען און די יודען זענען בעשטראפט געווארען צוזאמען מיט די מורדים.

וואמבא'ס נאכפאלגער, ערוויג (680), איז געוועזן א געבוירע־נער ביזאנטינער, וואס האט מיט פיגרשידענע פאלשקייטען און שווינד־לעריי אויסגענארט די קרוין פון דעם געזעצליכען הערשער, און כדי זיך ריין צו וואשען פון דעם חטא האט ער געמוזט זיך צוחנפה'נען צו די גייסטליכע און זיי געווינען פאר זיך. נאטירליך, זענען יודען געוועזן זיין ערשטער קרבן, און אויף דעם קירכען־קאנגרעס אין טאלעדא האט ערוויג בעשוואוירען די פערזאמעלטע, זיי „זאלען פערטיליגען מיט'ן ווארצעל די יודישע פעסט". צו דעם צוועק האט דער קעניג פארגעלעגט דער פערזאמלונג צום בעשטעטיגען גאנצע זיעבען און צוואנציג פארא־גראפען, פון וועלכע נאר איינער רעדט וועגען יודען און די איבריגע

בעשעפטיגען זיך ווידער מיט די פערשאָלטענע „יודאיזאַנטען". אין דעם פּאַראַגראַף וועגען יודען האָט ערוויג פאָרגעלעגט אַ קורצען מיטל: יעדער יוד, וואָס וועט זיך נישט אָבשמד'ען אין דעם משך פון אַ יאָהר צייט, פערליערט אַלע זיינע גיטער, און בעקומט הונדערט שמיץ; דאַן שינדט מען איהם אָב די הויט פון קאָפּ און שטערן צום צייכען פון אייביגער שאַנד און מ'שיקט איהם אַרויס פון לאַנד. מיט דעם זעלביגען „ערפינדערישען" גייסט זענען דורכגעדרונגען אויך די פּאַראַגראַפען וועגען דער שמירה איבער די יודישע קריסטען. דאָ ווערן איבערגעחזר'ט אַלע אַכזריות'ען פון די פריהערדיגע פרומע הערשער, מיט אַ צוגאָב פון נייע אונמענשליכע רדיפות.

די פערזאַמלונג, בראש פון וועלכער עס איז געשטאַנען דער כּון יודען שטאַמענדער ערצבישאָף יוליאַן, האָט די פאָרשלאָגען פון קעניג אָנגענומען, און אין צוויי טאָג אַרום זענען די יודען, ווי די יודישע קריסטען, צוזאַמענגערופען געוואָרען אויף איין פּלאַץ, וואו מ'האָט פאַר זיי געלייענט די ניי־בעשטימטע געזעצען. צום גליק פון שפּאַנישען יודענטום זענען דאָס מאָל אויך די געזעצען נישט פערווירקליכט געוואָרען, און די פּאַקטישע הערשער פון לאַנד, די כּאָדאַלען, האָבען בעשיצט די יודען פון אַלע אַכזריות'ען.

די דאָזיגע שטיצע האָט זיך אָבער אויפגעהערט צו פּראַקטיצירען אין די צייטען פון דעם קעניג עגיקאַ (687 — 701). אַט דער הערשער האָט אָנגעגריפען דעם לעבעדיגסטען נערוו פון דער יודישער עקסיסטענץ: ער האָט די יודען און די יודען־קריסטען פערבאָטען איינגאַנצען יעדען געשעפטליכען פערקעהר מיט קריסטען; דערצו האָט ער נאָך אַרויסגעריסען פון יודישע הענד דעם רייכען וואַסער־האַנדעל מיט אַפריקאַ, און געלאָזען קאָנפיסקירען אַלע זייערע אונבעוועגליכע גיטער (693).

נאָך אַזעלכע געזעצען איז שוין די יודען מעהר קיין אויסוועג נישט געבליבען, און זיי האָבען געפּועל'ט ביי זיך, צו מאַכען אַ געפעהרליכען שריט: זיי האָבען זיך פערבונדען מיט זייערע ברידער אין צפון־אַפריקאַ, וועלכע האָבען געלעבט רוהיג אונטער דער הערשאַפט פון איסלאַם, און געוואָלט אַרויסרופען אַ פאָלשטענדיגע מלוכה־איבערקעהרעניש, מיט דער הילף פון די אונצופריעדענע פּאָדאַלען (694); צום אונגליק, איז אָבער די יודישע פערשוועהרונג ענטדעקט געוואָרען, און דער אויפגערייצטער קעניג האָט זיך אויף אַ שרעקליכען אופן נוקם

געקעמפֿט אין די „העזה'דיגע״ מורדים. ער האָט אַלע יודען, „די וואָס לעבען אין שפּאַניען, ווי יענע, וועלכע האַלטען זיך אויף אין די גאַליִשע פּראָווינצען״, ערקלערט פֿאַר שקלאַפֿען און זײַ אײַנגעטײלט צווישען די קריסטליכע בעלי בתים פֿון לאַנד, וועלכע האָבען ניט געהאַט קײַן רעכט זײַ פֿרײַ צו לאָזען; דערצו זענען אַלע יודישע קינדער, עלטער פֿון זיבען יאָהר, איבערגעגעבען געוואָרען אין קריסט-ליכע הײַזער. אַ אויסנאַהם האָט עגיקא געמאַכט פֿאַר די קריעגערישע יודען, וועלכע האָבען זיך אויפֿגעהאַלטען אויף די גרענעץ-בערג צווישען שפּאַניען און גאַליען און געשיצט דאָס לאַנד פֿון אַ אָנפֿאַל.

דאָס איז געוועזען דער לעצטער גיפֿט-טראָפּען פֿון דער אָבּ-שטאַרבענדער וועסטגאָטישער דינאַסטיע. יודען האָבען געליטען אַ קורצע צײַט פֿון דער שענדליכער גזירה, די שפּאַנישע מלוכה האָט אָבער בעצאָהלט דערפֿאַר מיט איהר לעבען. די יודען, וועלכע האָבען אין פֿערשיעדענע צײַטען אויסגעוואַנדערט פֿון שפּאַניען, ווי יענע, וועלכע זענען איבערגעבליבען אין דעם שפּאַנישען גיהנם, האָבען געשלאָ-סען יד אחת מיט דעם העלדישען מחמר'נישען בעזיעגער טאַריק, וואָס האָט זיך אַרײַנגעריסען אין לאַנד מיט זײַן צפון-אַפֿריקאַנישער מחנה.

נאָך דער בעריהמטער שלאַכט בײַ קסערעס (יולי 711), אין וועלכער עס איז אומגעקומען דער לעצטער וועסטגאָטישער קעניג (ראָדעריך), זענען די אַראַבער געוואָרען די בעלי בתים פֿון דעם גרעסטען טײל פֿון לאַנד, און אומעטום זענען זײַ פֿון יודען שטאַרק געשטיצט געוואָרען. איז אַרײַנגעפֿאַלען אַ שטאָדט צו די מחמר'נער אין די הענד, האָט זי דער קריעגספֿיהרער איבערגעגעבען יודען אָבצוהיטען, און ער אַליין איז געגאַנגען מיט זײַן מחנה ווײַטער, זיגער אין דער העלדישער איבערגעגעבענקײַט פֿון די יודישע היטער. ווען טאַריק איז צוגעקומען צו דער וועסטגאָטישער הויפּטשטאָדט, צו טאָלעדאָ, זענען זיך אַלע קירכליכע און וועלטליכע גדולים צולאָפֿען, און אין דער צײַט, ווען די איבערגעבליבענע קריסטען האָבען אין די קירכען מתפּלל געוועזען פֿאַר דעם נצחון פֿון דער הײליגער אמונה, — האָבען די יודען אויפֿגעעפֿענט די טויערן פֿון שטאָדט פֿאַר דעם אַראַבישען זיעגער און איהם עמפּפֿאַנגען מיט אַ בעגײַסטערטער שמחה. דער לעצטער האָט דאַן זײַ איבערגעגעבען די בעוואַכונג פֿון דער שטאָדט, און איז געלאָפֿען מיט זײַן מחנה פֿערפֿאָלגען די אַנטלויפֿענדע (712).

אזוי זענען די יודען צוריק געוואָרען בעלי בתים איבער די שטעדט, פון וועלכע מ'האָט זיי ערשט נישט לאַנג אַזוי אַכזריות'דיג געטריבען. בעהערשענדיג דאָס לאַנד, האָבען די אַראַבער גוט געדענקט די יודישע שטיצע, און זיי האָבען יודען געגעבען אַלע בירגערליכע און רעליגיעזע פרייהייטען. יודען האָבען נאָר געהאַט צו צאָהלען אַ געוויסען קאָפּ־שטייער, אלס אונגלויבינע, גלייך מיט די אונטערגע־וואָרפענע קריסטען; אויסער דעם זענען זיי אָבער אין אַלע הינזיכטען פריי און זעלבסטשטענדיג געוואָרען, און די גרויסע יודישע קהלות, וואָס האָבען זיך דאָ אין גיכען אויסגעבילדעט, (ווי קאָרדאָוואַ, טאָלעדאַ, א. נ. א.) האָבען אויך געהאַט אַזאַ זעלבסט־פערוואַלטונג, ווי די קהלות אין בבל.

צום גליק פון שפּאַנישען יודענטום זענען די ערשטע אַראַבישע עמירען (הערשער) אין שפּאַניען ווייט געוועזען פון רעליגיעזען פאַנאַטיזם, און זיי האָבען יודען קיינע שוועריגקייטען נישט געמאַכט. מ אָ אַ וו י אַ, י ע ז י ד I, אַ ב ד ו ל־מ אַ ל י ק, וו אַ ל י ד I און ס ו ל יי מ אַ ן (656—717) זענען געוועזען געשטימט מעהר וועלטליך, ווי רעליגיעז, און זייער ווייטער בליק האָט זיך גאַנץ ווייניג צוגעפּאַסט צו דער בעגרענעצטקייט פון קאָראַן און די אַנדערע מחמד'נישע מסורות (סונא'ס). זיי האָבען ליעב געהאַט די אַראַבישע דיכטקונסט און מענשען פון פעדער זענען פון זיי נישט ווייניגער געשעצט געוואָרען, ווי מענשען פון שווערד. דאָס האָט אויף די יודען זעהר גוט געווירקט און זיי האָבען זיך באַלד צוגעפּאַסט צו דעם כאַראַקטער פון דער אייגענטליכער אַראַבישער קולטור. די אַראַבישע שפּראַך איז יודען נישט שווער אָנגעקומען צו דערלערנען, ווייל זי איז זעהר נאָהנט צו העברעאיש, און די יודישע בעציהונג צו העברעאיש גופא האָט זיך אויך שטאַרק פערבעסערט, אונטער דעם איינפלוס פון דעם אַראַבישען געשמאַק בנוגע צו דער ריינקייט פון דער שפּראַך און איהר ריטמישען קלאַנג. צו דעם איז צוגעקומען אויך דער פאַקט, וואָס די אָנהענגער פון ק אָ ר אַ ן האָבען, ווי פריהער די אָנהענגער פון עוואַנגעליום, אָנגע־הויבען צו געפינען אין די הייליגע שריפטען רמזים אויף דער ערשיינונג פון'ם אַראַבישען נביא, און די יודען האָבען זיך נעמוזט מעהר פער־טיפען אין דער שפּראַך פון די נביאים, כדי צו קענען ענטפערן זייערע מחמד'נישע געגנער.

# דריטעס קאַפּיטעל.

## די וויטערדיגע אויסבילדונג פון יודענטום אין די לענדער פון איסלאם.

---

די דירעקטע פאָלגע פון דעם יודישען פערטיעפען זיך אין דער העברעאישער שפּראַך איז געווען די שאַפונג פון אַ מין נייַ-העברעאישער פּאָעזיע. עס האָבען זיך בעוויזען דיכטערישע נאַטורען, וועלכע האָבען בעצוואונגען דעם וואולקאַנישען גייַסט פון דער העבראישער נבואה-שפּראַך און איהם אַיינגעפּאַסט אין די ראַהמען פון געמאָסטענע פערזען מיט בעשטימטע תנועות, — ענליכע צו דעם כאַראַקטער פון דער אַראַבישער דיכטונג. אין דער צייַט אָבער, ווען די אַראַבישע דיכטער האָבען געזונגען פון קריגערישע העלדישקייַטען, שטאַרקע לייַדענשאַפטען און אונגעצוויננגבאַרער ליבע, האָט די העברעאישע פּאָעזיע זיך נישט בעפרייַט פון איהר אייביגען אינהאַלט: גאָט און זייַן משפט, די פערלאָזענקייַט פון דער יודישער אומה, איהרע לייַדען און האָפנונגען. דאָס זענען געווען פּאָעטישע הארץ-אויסגיסונגען אין דער זעברעאישער שפּראַך, וואָס האָבען זיך גאַנץ וועניג אונטערגעשייַדט פון די ביזהעריגע ברכות און תפילות אין׳ם אלטעגליכען און יום-טוב׳דיגען דאַוונען, און דעריבער טאַקי זענען זיי באַלד אַרייַנגענומען געוואָרען אין׳ם סדר פון די תפילות, אַלס הוספה צו דעם געוועהנליכען שוהל-גאָטעסדיענסט (אונטערן נאָמען פּיוטים — פון פּאָעזיס, פּאָעטיקאַ).

דער ערשטער פון די דאזיגע פייטנים (פייטן — אויטאר פון פיוטים) איז געווען איינער מיט'ן נאמען יוסי בן יוסי היתום פון פאלעסטינא, וואס האט געלעבט, לויט דער השערה, אין דער לעצטער העלפט פון VII-טען יאהרהונדערט. איהם ווערן צוגעשריבען די בעריהמטע פיוטים, וואס ווערן געזאגט צו מוסף פון צווייטען טאג ראש השנה (אהללה אלהי, אפחד במעשי, אנוסה לעזרה) און יום כפור אין דער עבודה (אתה כוננת, אזכיר גבורות). אין די פיוטים קלאגט די פערביטערטע כנסת ישראל מיט'ן מויל פון דיכטער און בעט זיך ביי איהר הארציגען פאטער אין הימעל:

קום צו מיר, פרעג זיך אויף מיר נאך —
איך בין א פערבלאנדזשעט שעפסעלע;
מ'האט מיך ארומגעשוירען, איך בין פערשטוסט
און קען קיין מויל נישט עפנען.
מיינע שערער זאגען: זי איז א פערשטויסענע,
איהר הימער און איהר שאטען רופט זיך נישט אב...
א, זעה, דרינג ארייין אין מיין פיין, אין מיין עלענד,
איך האב נישט קיינעם, ווענען צו רופען,
פאר וועמען זיך צו קלאגען...

— — — — — — — — — — — —

דערמאן דיך אן דיין הויז-פויגעלע,
פרעג דיך נאך אויף דער שטומער טייבעלע!
שאל צו זיי אין שופר,
טו א פייף צו זיי מיט דער שטים.

— — — — — — — — — — — —

זעהט: אט איז א פאהן אין די בערג,
אט הערט זיך א שופר-שאלען איבער דער ערד,
און א געזאנג טראגט זיך פון פערשטומטע שטימען —
יון'ס קינדער בוקען זיך פאר ציון'ס זיהן!

די דאזיגע פיוטים האבען נישט, נישט קיין גראמען און נישט קיין זילבענמאס, און דאס איינציג קינסטלערישע אין זיי איז דער אנהויב פון די פערזען, וואס איז צונויפגעשטעלט לויט'ן אלף-בית (אקראסטיכאן). דערפאר האבען זיך די שפעטערדיגע פייטנים שוין מעהר געדעכענט מיט דער אויסערליכער קינסטלערישער פארם פון זייערע פיוטים און זיי געשאפען נאך אין גראמען און מיט א ריטמישען קלאנג,

אזעלכע זענען דיִ געריַימטע יוצרות און קרובות פאַר דיִ פּיַיערליִכע שבתים (פרשת החודש, פרשת שקלים) פון אַ געוויִסען ר׳ ינאי.

דער פּרוֹכּטבּארסטער פון דיִ דעמאָל׳ריִגע פייטנים איז געווען ר׳ אליעזר הקליר, ר׳ ינאי׳ם תלמיד. זיַינע צאָהלריַיכע פּיוטים זענען ריִטמיִש און געריַימט; דערבּיַי זענען זיַי אָבער אויך שווערפעליִג, האַרט און פערטונקעלט.' ער האָט געשאַפען איבער הונדערט און פופציִג ליִטורגיִשע היִמנעס פאַר אַלערליַי יום טובים און תעניתים, נגהמענדיִג אַלס איִנהאַלט פערשיִעדענע אגדות און מדרשים, און וויַיל ער האָט זיִך געהאַלטען שטרענג איִן דיִ ראַהמען פון ריִטמיִשע און געריַימטע פערזען, איז ער אָפט געצוואונגען געווען צו בעשאַפען איַיגענע שפּראַך-ווענדונגען און אויסדריִקען, וועלכע זענען גאַרניִשט צונעפּאַסט צו דעם כאַראַקטער פון דער העבּרעאישער שפּראַך. ניִשט קוקענדיִג אויף דעם, זענען פון דעסטוועגען דעם קליר׳ס פּיוטים אָנגענומען געוואָרען איִן אַלע יודיִשע קהלות פון בבל, איטאַליען, דיַיטשלאַנד און פראַנקריַיך, נאָר דיִ שפּאַניִשע יודען אַליין האָבען פאַרגעשטעלט מיִט זיִך אַ אויסנאַהם איִן דער היִנזיִכט — זייער שפּראַכגעפיִהל האָט זיַי אָבגעשטויסען פונ׳ם קאַליר׳ס בּאַרבּאַריִזמען. איִן דיִ דערמאָנטע לענדער, דאַגעגען, האָבען זיִך דיִ פּיוטים בכלל וואָס וויַיטער אַלץ מעהר איַינגעבּיִרגערט איִן דעם יודיִשען שוהל-לעבען, און מיִט דער ציַיט האָבען זיַי אפילו אַרויסגעשטויסען דיִ אגדי׳שע דרשות, וואָס פלעגען געוועהנליִך געהאַלטען ווערן בעת׳ן דאַווענען. —

ניִשט אָהן אַ איַינפלוס אויף דער יודיִשער גיַיסטיִגער אויסבּיִלדונג איז אַריִבּער אויך דיִ אַלגעמיַינע קולטור-אויפלעבונג, וואָס האָט אַרומגענומען דיִ מחמד׳ניִשער וועלט איִן VII — IX-טען יאָהרהונדערט. יודען האָבען זיִך איצט גיַיסטיִג צוזאַמענגעלעבּט מיִט דיִ קולטורעלע אַראַבּער, ווי אַמאָל מיִט דיִ העלענען, און בּאַלד האָבען זיִך פון זיַי אויסגעטיַילט בּעדיַיטענדע קרעפטען אויף אַלע געבּיִעטען פון דעם אַלגעמיַין-מענשליִכען שאַפען און דענקען. פיִעל פון דיִ דאָזיִגע געבּיִלדעטע יודען האָבען אפילו איִבּערגענומען דיִ שפּראַך פון יענע, פון וועלכע זיַי האָבען געצויגען זייער גיַיסטיִגע יניקה, און זיַי האָבען געשריִבּען זייערע ווערק איִן דער אַראַבּיִשער שפּראַך אָדער איבּערגעטראָגען איִן דעם לשון דאָס בּעסטע און שענסטע פון דיִ אַלטע ליִטעראַטורען: דיִ גריִכיִשע און רוימיִשע.

איִן דיִ ערשטע צעהנדליִנגער פון נייַנטען יאָהרהונדערט האָט זיִך

בעריהמט געמאכט אלס אסטראלאג און אסטראנאם דער יוד מאשאללא בן אתרי (813) ; שפעטער , אין די פירציגער יארען פון דעם יאה־הונדערט, האט זיך דער יוד סאגל־אל טאבארי פון טאבאריס־טאן אויסגעצייכענט אלס דאקטאר און מאטעמאטיק , און האט איבער־געזעצט אין אראביש די גריכישע אסטראנאמישע ווערק פון דעם בע־ריהמטען פטאלאמעאוס. בעריהמט אלס גרויסער אויטאריטעט אין מעדיצין איז געווען אויך סאגל'ס זוהן , אבו־סאגל־אלי , וועלכער איז איבערגעגאנגען צום איסלאם און האט פערנומען א גרויסען ארט אין א קאליפישען הויף. אין קירואן (טוניס) האט געלעבט אלס לייב־מעדיק פון קאליף דער יוד יצחק הישראלי (940 — 850), וועל־כער האט אנגעשריבען ניין בעדייטענדע מעדיצינישע ווערק אין אראביש, און איז אנערקענט געווארען אויך פון די שפעטערדיגע דורות פאר א שטארקען בר סמכא אין מעדיצינישע פראגען ; דער זעלביגער יצחק האט פערפאסט אויך וויכטיגע פילאזאפישע ווערק, פון וועלכע עס זענען דערגאנגען צו אונז אין העברעאישע איבערזעצונגען דער „ספר הגבולין” מיט'ן „ספר היסודות”. דער תלמיד פון יצחק הישראלי, דונש אבן תמים (960 — 900), האט זיך פערנומען מיט פילא־זאפיע און נאטור־וויסענשאפט, און פון איהם שטאמט די בעקאנטע איינטהיילונג, לויט וועלכער דעם נידעריגסטען ארט אין דער וויסענ־שאפט פערנעהמט מאטעמאטיק, אסטראנאמיע און מוזיק ; דעם מיטע־לען — נאטור־לעהרע און מעדיצין, און דעם העכסטען — מעטאפיזיק און טעאלאגיע.

ביי אזא ענגען גייסטיגען צוזאמענלעבען צווישען יודען און דער אראבישער אינטעליגענץ, האט זיך ביי די ערשטע געמוזט ענטוויקלען א נייע בעציהונג צו דער טראדיציאנעלער יודישער וועלט־אנשויאונג, און דאס האט זיך באלד ארויסגעוויזען אין דעם קאמפף װעגען תלמוד, וואס האט ארומגענומען א גרויסען טייל פון דער יודישער אומה און געבראכט ענדליך צו א טרויעריגער שפאלטונג מיט טלע דער־מיט־פערבונדענע פאלגען.

דער תלמוד האט בעהערשט דאס גאנצע יודישע לעבען—א דאנק דער אונערמידליכער, סיסטעמאטישער ארבייט פון די אמוראים, סבוראים און גאונים איז געשאפען געווארען א מין תלמודישע אטמאס־פערע, וואס האט ארומגענומען יעדען שריט פון דעם יודישען שאפען און ווירקען. די ראזיגע ספעציפיש־יודישע אטמאספערע האט אין די

פריהערדיגע יאהרהונדערטער ארומגענומען בלויז פאלעסטינא, בבל און א קליינעם טייל פון איירא̇פא; איצט אבער, מיט דער פערשפריי־טונג פון איסלאם, זענען די יודען פון אינדיען ביז שפאניען און פון קאווקאז ביז טיעף אין אפריקא פערוואנדעלט געווארען אין איין גרויסען זעלבסטשטענדיגען קבוץ אונטער דער הערשאפט פון די קאליפען, זון דאס האט אויך געווירקט צו פערשפרייטען די ממשלה פון תלמוד איבער דעם גרעסטען טייל פון דער אומה. די מעהרסטע קהלות האבען זיך פרייוויליג אונטערגעגעבען די געבאטען פון דעם הייליגען יודישען קארדעקס, און מיט דער צייט האט זיך דאס יודישע לעבען אינגאנצען צוגעפאסט צו זיין כאראקטער — די תלמודישע בעגריפען און געזעצען זענען געווארען א א̇רגאנישער טייל פון דער יודישער פסיכיק.

אט דער פראצעס האט אבער געפונען פאר זיך אויך בעדייטענ־דע שטערונגען. די יודען פון אראביען, וואס האבען איינגעוואנדערט קיין פאלעסטינא, סיריען און בבל, — זיי האבען נישט געקאנט צופאסען זייער לעבען צו דעם גייסט פון תלמוד. דאס זענען געוועזען קינדער פון מדבר, מענשען פון שווערד, קריעגער און רייטער, וועל־כע זענען געוועהנט געוועזען פון דער היים צו א לעבען פון אונבעגרע־נעצטער פרייהייט און קריעגערישע העלדישקייטען, און דאס לעבען לויט די געבאטען פון תלמוד האט אויף זיי געמוזט מאכען דעם איינ־דריק פון א שרעקליכען אסקעטיזם. און דא זענען גראד די יודען, וועלכע זענען נעהנטער געשטאנען צו די מחמד'נער, אפטער אריינגע־צויגען געווארען אין וכוחים מיט די לעצטע וועגען אויסטייטשונגען פון פערשידענע שטעלן אין דער ביבעל, און זייערע נישט פער פלפול טעג מוחות האבען זיך אנגעשטויסען אן דעם פאקט, וואס די תורה אליין איז נארנישט אזוי הארב און שלעכט. נאר די תלמוד־לייט, הייסט עס, זיי האבען אנגעהויפט גאנצע בערגער מיט דינים און גזירות און חומרות און סיגים, וואס לאזען נישט געניעסען פון קיין פערגניגען, שטערן אויף יעדען טריט און שריט, און מאכען דאס גאנצע לעבען פאר א טין אבקומעניש אין גלות.

אויף דעם באדען זענען אויסגעוואקסען פערשידענע אנטי־תלמודישע בעוועגונגען, וואס האבען נישט אויפגעהערט אין דעם משך פון איבער הונדערט יאהר. די ערשטע פון די דאזיגע בעוועגונגען זענען געוועזען פערבונדען מיט פאליטיש־רעליגיעזע אויפשטאנדען און

משיח-חלומות. אזוי האָט אַ געוויסער יוד פון סיריען, מיט'ן נאָמען סערענוס, זיך אָנגעגעבען פאַר משיח'ן און צוגעזאָגט צו בעפרייַען דאָס הייליגע לאַנד פון דעם מחמד'נישען יאָך; זייַן ערשטע עובדא איז אָבער געווען, צו בעפרייַען יודען פון די תלמודישע גזירות און חומרות. סערענוס האָט מבטל געווען די דינים פון תלמוד וועגען פייַערן צוויי טעג יום-טוב, וועגען יין נסך, וועגען טרפה שפייַזען און נאָך אַנדערע בעדייַטענדע חומרות, און דאָס האָט זייַן ערפאָלג נישט אָבגעשוואַכט, נאָר פערשטאַרקט. עס זענען צו איהם צוגעשטאַנען מאַסען יודען פון די שכני'שע לענדער און אפילו אין דער ווייַטער שפּאַניען האָט זייַן אויסרוף אַן'אָבקלאַנג געפונען. די דאָרטיגע יודען זענען ערשט מיט צעהן יאָהר צוריק בעפרייַט געוואָרען פון דעם וועסטגאָטישען יאָך, אַ דאַנק די נצחונות פון איסלאַם, און איצט האָבען זיי זייער האָב און גוטס פערלאָזען און זיך געשטעלט אונטער דער פאָהן פון דעם סירישען משיח. דעם לעצטענס שטערן איז אָבער באַלד פערלאָשען געוואָרען, און דער קאַליף יאַזיד האָט איהם, אלס געפאַנגענעם, איבערגעגעבען אין די הענד פון דער יודישער געריכטסמאַכט. פון די אָנהענגער האָבען דעמאָלט אַ סך זיך אָפען מתודה געווען אין זייער זינד געגען דער יודישער מסורה און זענען צוריק אַרייַנגעטרעטען אלס מיטגליעדער אין די יודישע קהלות; אַנדערע דאַגעגען, זענען געבליעבען בייַ זייער עקשנות און נישט געוואָלט זיך ווידער אונטערוואַרפען די תלמודישע האַרבקייַטען.

מיט דרייַ צעהנדליג יאָהר שפּעטער איז אין אַן'אַנדער ווינקעל ווידער ענטשטאַנען אַן'אַנטי-תלמודישע בעוועגונג, פעראייניגט מיט מיסטישע שווערמערייַען. דאָס איז געווען איינער פון איספאַהאַן אין פערסיען, מיט'ן נאָמען אָבאַדיאַ-אַבו-איסאַ. ער האָט זיך תחילת אָנגעגעבען נישט פאַר משיח'ן אַליין, נאָר פאַר אַ אָנזאָגער (דאַי) פון דעם לעצטען, און אָנגעזאָגט האָט ער, אַז גאָט האָט איהם בערופען, צו בעפרייַען דעם יודישען שטאַם פון'ם יאָך פון די פעלקער און פון די אונגערעכטע הערשער.

אלס „נביא״ האָט אַבו איסאַ זיך גענומען דאָס רעכט, צו ענ-דערן אַ סך געזעצען פון דער תורה, און אָט די רעפאָרמען האָבען איהם אויך נישט געשטערט צונויפצוזאַמלען אַרום זיך גאַנצע צעהן טויזענד מאַן. לויט די בעגריפען פון דער אַראַבישער וועלט, האָט אַבו-איסאַ אויך פערוואַנדעלט זייַנע אָנהענגער אין קריגער, און מיט'ן

שווערד האָט ער געוואָלט איבערצייגען די געגנער אין זיין אמת; דאָס איז איהם אָבער נישט געלונגען: ער אליין איז אומגעקומען אין קאַמפף און די מחנה איז צוקלאַפּט געוואָרען. די איבערגעבליבענע אָנהענגער האָבען, איבריגענס, אויך נאָך זיין טויט נישט אויפגעהערט צו גלויבען אין איהם, און אַז ביז'ן צעהנטען יאָהרהונדערט האָט עקסיסטירט אַ סעקטע פון די דאָזיגע איסאַווִיטען, וועלכע זענען אין אַ סך הינזיכטען איבערגעטרעטען די געבאָטען פון תלמוד. שפּעטער האָט זיך פון די סעקטאַנטען גופא אויסגעטיילט איינער מיט'ן נאָמען יודגאַן און געגרינדעט אַ נייע סעקטע. די יודגאַנטען האָבען צוגעגעבען אַ גרויסע בעדייטונג די יודישע תפילות און תעניתים; זיי האָבען אָבער אָבגעלייקענט אַלע שטרענגקייטען פון תלמוד וועגען שבת, שפּייזען און נאָך אַזעלכע ענינים.

כאַראַקטעריסטיש ביי די אַלע בעוועגונגען איז דאָס, וואָס די טאָן-געבער פון יודענטום, די גאונים, האָבען גאָרנישט געטאָן, כדי צו פערהיטען די געפאַהר; זיי האָבען כסדר געזוכט צו בעשיצען זייערע אייגענע אינטערעסען און דערמיט אליין אפשר דערנעהנטערט די צייט פון דער שפּאַלטונג. עס האָבען זיך בענייט די אַמאָליגע טרומרייסעניִשען צווישען די עקזילאַרכען און די גאונים, און אַזוי ווי די פּאַקטישע מאַכט איז נאָך געווען אין די הענד פון די ערשטע, האָבען זיי געהערשט, ווי דעספּאָטען און זיך מיט קיינעם נישט גערעכענט. דער עקזילאַרך שלמה, בוסתנאי'ס אַ אוראייניקעל, האָט בעשטימט, למשל, אַ געוויסען אונבעדייטענדען נאַטרונאי כהנא פאַר אַ גאון אין סורא, און איז פערביייגעגאַנגען דעם בעקאַנטען געזעצלעהרער אחאי פון שבחא. דער לעצטער איז דאַן אוועק קיין פּאַלעסטינא (750), וואו ער האָט פערפאַסט אַ מין פּראַקטישען האַנדבוך פאַר די הלכות פון תלמוד, אונטערן נאָמען שאלתות דר' אחאי. אַ עהנליך ווערק, אונטערן נאָמען הלכות, איז אין יענער צייט צוזאַמען-געשטעלט געוואָרען אויך פון דעם ריש ישיבה פון סורא מיט'ן נאָמען ר' יהודאי.

## פיערטעם קאַפּיטעל.

## די קאַראַאימער (קראים) און אַנדערע סעקטעס.

---

אויב די אַנטי-תלמודישע בעוועגונגען אונטער דער פאָהן פון פאַלשע משיחים האָבען אפילו נישט איבערגעלאָזען נאָך זיך קיין טיעפען רושם, האָבען זיי דאָך געוויזען, אַז אין דער שטימונג פון פאָלק איז פערהאַן אַ באָדען פאַר אַ בעוועגונג געגען דער צו-שטאַרקער אָנהויפונג פון רעליגיעזע נאָרמען און געבאָטען, און דאָס האָט גוט פערשטאַנען איינער, וואָס איז אַמבעסטען צוגעפאַסט געווען צו דער אָנפיהרערשאַפט פון אַזאַ מין בעוועגונג.

דאָס איז געווען ענן בן דוד פון דער בוסתנאי'שער דינאַסטיע. דער דאָזיגער עקזילאַרכען-זוהן איז געווען אַ טיעפער קענער פון די הייליגע שריפטען, פון תלמוד און פון דער אַראַבישער ליטעראַטור; חייל אָבער עס איז בעקאַנט געווען, אַז ענן איז אַ געגנער פון אַ סך תלמודישע געזעצען, האָט מען אין די לומדישע קרייזען געקוקט אויף איהם קרום, און איינמאָל איז די דאָזיגע אונצופריעדענהייט דער-גאַנגען ביז אַ עפענטליכען אַרויסטריט געגען דעם אַריסטאָקראַטישען פריידענקער. דער צוזאַמענשטויס איז פאָרגעקומען אויף דעם פאָלגענ-דען אופן:

נאָכ'ן טויט פון עקזילאַרך שלמה (760), זענען די איינציגע יורשים אויפ'ן עקזילאַרכענטיטול געבליבען: ענן מיט זיין ברודער חנניה, וועלכער איז געווען פיעל וועניגער געלעהרנט פון איהם. די גאונים (ר' יהודאי און זיין ברודער דודאי) זענען אָבער

געווען געגען דעם אַפּיקורסיש געשטימטען ענן, און אַ דאַנק זײַער השתדלות איז פאַר אַ עקזילאַרך בעשטימט געוואָרען ענן'ס יונגערער ברודער חנניה. דאָס האָט דעם פערריסענעם ענן שטאַרק אָנגעגריפען, און ער האָט צונויפגענומען אַרום זיך אַ פּאַרטײַ פון זײַנע אָנהענגער, וועלכע האָבען איהם בשתיקה געקרוינט פאַר אַ עקזילאַרך. ווען די זאַך איז דערגאַנגען צום באַגדאַד'ער קאַליף אַל-מאַנסור, האָט ער דעם נישט געזעצליכען „ראָס-אַל-דזשאַלוט" (ריש גלותא, עקזילאַרך) פערמשפּט צום טויט; דאַן איז ענן געפאַלען אויף אַ אָריגינעלער המצאה: ער האָט זיך פערטײַדיגט פאַר'ן הערשער דערמיט, וואָס ער איז אויפגענומען געוואָרען פאַר אַ עקזילאַרך איבער יודען פון אַ גאַנץ אַנדער גלויבען, — איבער יודען פון אַ גלויבען, וואָס איז פיעל נעהנטער צו די יסודות פון איסלאַם, און האָט גאַנץ ווייניג געמײַנזאַמעס מיט דעם תלמוד-גלויבען פון זײַן ברודער'ס קהלות. די פערטײַדיגונג איז פון קאַליף אָנגענומען געוואָרען, און פון דעמאָלט אָן טרעט ענן אַרויס אַלס געזעצליכער פיהרער פון אַ נײַער סעקטע אין יודענטום, אַ סעקטע פון יודען, וואָס האַלטען זיך בלויז בײַ דער תורה און אָנערקענען אינגאַנצען נישט דעם אינהאַלט פון תלמוד.

ענן האָט פאָרגעוואָרפען די תלמודיסטען, אַז זיי האָבען געפעלשט דאָס ריינע יודענטום, און חוץ דעם, וואָס זיי האָבען צוגעגעבען אַזעלכע געבאָטען, וועלכע זענען אין דער תורה גאָרנישט דערמאָנט, האָבען זיי אויך געמינערט אַ סך געבאָטען פון דער תורה, ווײַל זיי האָבען אויסגעטײַטשט איהרע פסוקים נישט בוכשטעבליך, נאָר לויט דעם זינן זייערן. זײַן דעוויז איז געווען: „זוכט פלײַסיג אין די הייליגע שריפטען!" און פון דאַנען איז ענטשטאַנען דער נאָמען קראים, בעלי מקרא, אים געגענזאַץ צו די רבני'טען, די אָנהענגער פונ'ם רבני'שען תלמוד.

כדי צו בעקאָנען זײַנע אָנהענגער מיט'ן גײַסט פון זײַן לעהרע, האָט ענן פערפאַסט אַ פירוש אויף דעם ביבלישען קאָדעקס מיט'ן נאָמען „ספר המצוות", וואו ער האָט ענטוויקעלט זײַנע מופתים און אַרגומענטען געגען דער געטליכער הייליגקײַט און ריכטיגקײַט פון די תלמודישע געבאָטען; דערבײַ האָט ער אַרויסגעוויזען אַ געוויסע אויסגעהאַלטענקײַט, און אָנגעהמענדיג פאַר אַ כלל, אַז מ'דאַרף זיך האַלטען שטרענג בײַ דעם בוכשטעבליכען טײַטש פון דעם הייליגען טעקסט, האָט ער זיך נישט אָבגעזאָגט דערפון אַפילו אין

יענע פעלן , וואו דאָס איז געווען געגען אַלע פאָדערונגען פון לעבען און כמעט אויך געגען דער מעגליכקייט . דעם יודישען קאַלענדאַר , וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרען זינט דעם פירטען יאָהרהונדערט , האָט ענן אָבגעשאַפט , און איינגעפיהרט צוריק דעם פרימיטיווען קאַלענדאַר-סיסטעם , וואָס האָט זיך פראַקטיצירט ביי יודען אין די צייטען פון בית המקדש . בנוגע צו די געזעצען וועגען שבת איז ענן געווען פיעל האַרבער פון תלמוד ; אום שבת טאָר מען , לויט זיין לעהרע , קיין פייער בכלל נישט אָנצינדען , קיין רפואה נישט מאַכען און נישט נעהמען , פון שטוב נישט אַרויסטרעטען (אויב די בעפעלקערונג אין שטאָדט איז געמישט פון יודען און נישט-יודען) קיין חזירים שפייז נישט עסען און אַזוי כסדר . שטאַרקע ענדערונגען האָט ענן אַריינגעבראַכט אויך אין דער אָרדנונג פון די יודישע יום טובים און דער נאַציאָנאַלער יום טוב חנוכה צום אָנדענקען פון די חשמונאים איז פון איהם אינגאַנצען אָבגעשאַפט געוואָרען .

די געזעצען וועגען חתונה-פערבינדונגען צווישען בלוט-קרובים זענען פון דעם קאַראַאימישען געזעצלעהרער אויך אויסגעטייטשט געוואָרען זעהר האַרב , און די קרובים , וואָס לויט די תלמודישע געזעצען האָבען זיי יאָ געמעגט חתונה האָבען צווישען זיך , האָבען דאָס לויט ענ'ם לעהרע נישט געטאָרט ; דאָס זעלבע איז געווען אויך מיט נאָך אַנדערע געביטען פון דעם אַלטעגליכען לעבען , וועלכע זענען אַ דאַנק דער נייער אָרדנונג בעשרענקט און בעגרענעצט געוואָרען ביז דאָס אונמעגליכסטע . דאָס רעליגיעזע לעבען האָט דורך דער קאַראַ-אימישער לעהרע בעקומען זעהר אַ טרויריגען און טרוקענעם כאַראַקטער , און וויל די גאַנצע לעהרע איז בעשטאַנען אין איינענע אויסטייטשונגען פון דעם ביבלישען טעקסט , האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען די קורץ-זיכטיגקייט און נישט בעגרינדעטקייט פון ענ'ם אויפטו . עס האָבען זיך אָנגעהויבען צו שאַפען צעהנדליגער פירושים אויף די פסוקים פון דער תורה , און יעדער איינער האָט זיי , נאַטירליך , פערשטאַנען אַנדערש פון צווייטען , אַזוי אַז אָנשטאָט צו בילדען אַ איינהייטליכע אָרגאַניזאַציע מיט אַ קלאָר בעשטימטען קאָדעקס , האָבען די קאַראַ-אימער גופא זיך אויך געטיילט אויף פערשידענע סעקטעס מיט גאַנץ זעלבסטשטענדיגע מנהגים און געזעצען .

דערווייל איז אָבער אין ביידע לאַנדערן נאָך פריש געווען דער איינדרוק פונ'ם ערשטען ריס און דער צאָרן איז געווען זעהר העפטיג .

די פיהרער פון ביידע ישיבות האבען ענן'ען מיט זיינע אנהענגער ארײנגעלעגט אין חרם און אויסגעשלאסען פון כלל ישראל, און פון דער צווייטער זייט האבען אויך די קאראאימער זיך אבגעריסען אינגאנצען פון די רבני'שע יודען: נישט געוואלט זיך מתחתן זיין מיט זיי, נישט געגעסען מיט זיי צוזאמען און אויסגעמיטען אפילו זייערע הייזער אום שבת, ווען ביי זיי האט געברענט פייער. נאטירליך, האט מען זיך דערביי פון ביידע זייטען בענוצט אויך מיט מעהר ממשות'דיגע רדיפות, און דער סוף איז געווען, אז ענן מיט זיין פארטיי האט אינגאנצען אויסגעוואנדערט פון לאנד און זיך בעזעצט אין פאלעסטינא; דא האט ענן פערענדיגט דעם בנין, וואס ער האט אנגעהויבען בויען אין בבל, און אין גיכען איז ער געשטארבען (אדער געטויט געווארען פון א פאנאטישען רבני'סט) *).

נאך ענן'ס טויט איז די הנהגה פון דער סעקטע איבערגעגאנגען, לויט דער קאראאימישער מסורה, צו זיין זוהן און אייניקעל, מיט די נעמען שאול און יאשיהו; זייער טעטיגקייט האט אבער נאך זיך קיינע שפורען נישט איבערגעלאזען. אין דער אויטאריטעט בנוגע צו אלע פראגען פון דער סעקטע איז איבערגעגאנגען צו זייטיגע געלעהרטע, וועלכע האבען ארײנגעבראכט א שטארקען פלאנטער אין דער קאראאימישער לעהרע און נישט געלאזען איהר זיך פונאנדערגעוואקסען. דער ערשטער פון די דאזיגע געלעהרטע איז געווען דער דיין בנימין בן משה נאהאווענדי פון פערסיען (800 — 830). בנימין איז געווען א שטארקער אנהענגער פון דעם ראציאנאליזם, וואס האט נעהערשט דעמאלט אין דער אראבישער וועלט (אונטערן נאמען מוטא-

---

*) אין די קאראאימישע שוהלען ווערט נאך ביז היינטיגען טאג אבגעהאל-טען יעדען שבת א תפילה פאר דער נשמה פון דעם גרינדער פון דער סעקטע; אין דער תפילה זאגט זיך: „גאט, דער גאט פון אונזערע עלטערן, וועט זיך דערבארמען איבער אונזערע טויטע... און צום ערשטען איבער אונזער פיהרער, דעם פירשט ענן, דעם געטליכען מאן און עקזילארך, וועלכער האט אויסגעטרעטען פאר אונז א וועג צו דער תורה, האט בעלויכטען די אויגען פון די קראים, אבגעצויגען א סך פון זינד און פערברעכען און אונז געפיהרט אין גלייכען וועג. דער גאט פון ישראל זאל איהם מאכען רוהען אין א פרעכטיגען רוה-ארט, נעבען די זיעבען כתות פון צדיקים, וועלכע ירשה'נען גן עדן".

ויטיליזם), און ער האָט געלערנט, אַז גאָט אַלס אַ וועזען, וועלכען מ'קען נישט צושרייבען קיין שום קערפּערליכע אייגענשאַפטען, האָט נישט געקענט זיך פּאַקטיש בעטייליגען אין דער יצירה פון דער וועלט אָדער אין דעם פאַקט פון מתן תורה; די אַלע אַנטראָפּאָמאָרפיסטישע שילדערונגען פון דער תורה מוזען דעריבער אויסגעטייטשט ווערן נישט בוכשטעבליך. בנוגע צו די פּראַקטישע געבאָטען פון דער תורה האָט בנימין פערפאַסט צוויי זאַמעל-ווערק: „ספר הדינים" און „ספר המצוות", און אויך דאָ האָט ער זיך נישט געהאַלטען שטרענג ביי די יסודות פון די ערשטע קאַראַאימישע געזעצלערער.

אַבגעטרעטען פון די ערשטע עיקרים אין דער קאַראַאימישער לערע זענען אויך נאָך אַנדערע ביבעל-ערקלערער, און אַט דער טאַנ-געל פון אַ פעסטען סיסטעם האָט געבראַכט צו אייביגע רייבונגען און סכסוכים אין די רייהען פון דער נייער סעקטע. אַ געוויסער ישמעאל פון דער שטאָדט אַקבאַראַ האָט איינגעפיהרט גאָר אַ נייעם סדר בנוגע צו שפּייזען (כשר און טרפה) און צום שבת; איהם האָט ווידער נאָכ-געטאָן איינער מיט'ן נאָמען משבי פון סיריען און איינגעפיהרט נייע דינים וועגען יום-כפור און אַנדערע יום-טובים; דאַן איז געקומען אַ דריטער, מוסאַ-אַלי-זאַפראַני (אבו-אימראַן-אַל-טיפליסי) פון באַגדאַד, וועלכער האָט זיך בעזעצט אין טיפליס (אַרמעניען) און געגרינדעט אַ אייגענע קאַראַאימישע סעקטע.

מיט דער צייט זענען אָנגענומען געוואָרען געוויסע מיטלען, אום אָבצושטעלען דעם פּלאָנטער פון די ביבעל-אויסטייטשונגען, און דער סוף איז געווען, אַז די קאַראַאימישע טעאָרעטיקער זענען איינגעגאַנגען אויף אַ געוויסער פּשרה בנוגע צו די טראַדיציאָנעלע מנהגים פון דער אומה. אַזוי האָט זיך געענדיגט דער פּראָצעס פון דער קאַראַאימישער שפּאַל-טונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען נאָך אין די צייטען פון דער חשמונאי-שער הערשאַפט (צדוקים). ווי געזאָגט, האָט מען זיך פון דער יודי-שער זייט גאַנץ ווייניג גערעכענט מיט דעם שאָדען פון אַ בעדייטענדען טייל פון דער אומה — דאָ האָט מען באַלד אָנגעהויבען צו בעטראַכ-טען די סעקטאַנטען, ווי אָבגעפאַלענע בלעטער פון דעם יודישען בוים, וואָס דאַרפען אין אַלע הינזיכטען פערגלייכט ווערן מיט פרעמדע. מ'קען אָבער אויך נישט זאָגען, אַז די גאַנצע בעוועגונג איז אַריבער אָהן אַ שום איינדריק אויף דעם טאָן-געבענדען טייל פון דער יודישער אינטעליגענץ.

די אָנפאַלען אויפ'ן תלמוד פון פערשידענע קרייזען האָבען קודם כל אויפגעוועקט דעם פאָרשונגס-גייסט פון די תלמודיסטען גופא, וועלכער האָט אין דער לעצטער צייט קיין אינטענסיווע טעטיגקייט נישט אַרויסגעוויזען; דאַן איז ווידער צוגעקומען דער פאַקט, וואָס די קראים האָבען זיך פערטיעפט אין די הייליגע שריפטען און פלייסיג געלערנט די העבּרעאישע שפראַך, אום צו קענען טיפער אַריינדרינגען אין דעם פשוט'ען, בוכשטעבליכען זין פון די פסוקים. דאָס האָט געמוזט ווירקען אויף די תלמודיסטען, און זיי האָבען אויך אָנגעהויבען זיך מעהר אָבגעבען מיט דעם שפּראַכליכען שטודיום פון דער ביבעל. די פערטיידיגער און בעשיצער פון די תלמודישע אויסטייטשונגען האָבען איצט פון די פסוקים גופא געמוזט דערווייזען יעדעס מאָל די ריכטיגקייט פון דער תלמודישער ערקלערונג, און דאָ האָבען די שפּראַך-קענער זיך אַרומגעזעהען, אַז כּמעט צדדים לייענען פשוט פאַלש די ווערטער פון דער תורה. די סיבה דערפון איז געווען דאָס, וואָס די הייליגע שריפטען, וועלכע זענען איבערגעגאַנגען אין פאָלק פון דור צו דור, זענען געווען געשריבען אָהן נקודות (וואָקאַל-צייכענס), און נאָר געצעהלטע מענשען, וועלכע האָבען זיך פערנומען ספּעציעל מיט'ן לייענען אָדער איבערשרייבען די ביבעל, האָבען געוואוסט די כּללים פון דער שפּראַך, וואָס האָבען געהייסען מסורה. אָט די מסורה איז איבערגעגעבען געוואָרען בּעל פּה (מונדליך) פון איינעם צום אנדערן; און טייל דאָס האָט זיך פּראַקטיצירט אין דעם משך פון הונדערטער דורות איז די מסורה גופא אויך פערגרייזט געוואָרען און די איבערשרייבונגען פון די הייליגע שריפטען פלעגען אַרויסקומען מיט שרעקליכע פעהלערן. די דאָזיגע פערגרייזטע עקזעמפּליאַרען פון דער תורה פלעגען צושיקט ווערן הונדערטערווייז אין די צושטרייטע קהלות פון אַלע לענדער, וואו זיי זענען ווידער איבערגעשריבען געוואָרען פאַר די קומענדיגע דורות, און קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף דער פערדאַרבונג פון דעם הייליגען טעקסט.

איצט, בּיי דעם קאַטמפף איבער יעדען וואָרט פון דער ביבעל, האָט מען דייטליך געזעהן די שלעכטע פאָלגען פון דער נאַכלעסיגקייט און די גייסטיגע פיהרער פון דער אומה האָבען זיך גענומען ברענגען די זאַך אין אָרדנונג. ס'איז אויסגעאַרבייט געוואָרען, ערשטענס, אַ סיסטעם פון פערשידענע נקודות (וואָקאַל-צייכענס), וואָס דאַרפען פערטרעטען דעם אָרט פון וואָקאַל-בוכשטאַבען. אָט די נקודות ווערן געשטעלט

אונטער די בוכשטאַבען (לויט דעם בבלישען סיסטעם — איבער די בוכשטאַבען) און צוזאַמען מיט די דגושים (אַקצענט־צייכענס) און טעמים (טראָפּ, אינטאָנאַציע־צייכענס) ווייזען זיי יעדערן אויף אַ גאַנץ פּשוט'ען אופן, ווי צו לייענען דאָס געשריבענע וואָרט און ווי עס צו בעטאָנען. דאַן האָט מען גענומען קאָנטראָלירען און פערגלייכען די ביבעל־טעקסטען פון פערשידענע לענדער, און מיט דער הילף פון דער טראַדיציאָנעלער מסורה האָט זיך ענדליך איינגעגעבען צו בעצייכנען דעם גאַנצען טעקסט מיט די ערפונדענע נקודות.

פון דעמאָלט אָן זענען די הייליגע שריפטען צוגענגליך געוואָרען פאַר אַלע אָהן שום בעזונדערע מסורות, און דאָס האָט נישט ווייניג מיטגעווירקט אי צו דער פערשפּרייטונג פון דער תורה גופא אין אַלע שיכטען פון דער אומה, אי צו דער פערפאָלקאָמונג פון דער העברעאישער גראַמאַטיק.

## פינפטעס קאַפּיטעל.

### יודען אין מזרח־ און מערב־אייראָפּא.

כמעט גלייכצייטיג מיט די אַנטי־תּלמודישע בעווענונגען אין די לענדער פון קאַליפאַט איז פאָרגעקומען אַ אונגעוועהנליך געשעהעניש אין'ם לעבען פון דער יודישער קאָלאָניע אין דרום־מזרח אייראָפּאַ. פאָרגעקומען איז דער פאַקט, ווי דורך אַ צופאַל, אָהן בעשטימטע כונות און פאָרברייטונגען; די פאָלגען זיינע זענען אָבער געווען זעהר וויכטיג: עס איז ענטשטאַנען אַ גאַנצע מלוכה פון יודיש־גלויביגע, וואָס האָבען זיך ענג צוזאַמענגעלעבט מיט דער יודישער אומה און איהרע הייליגסטע טראַדיציעס.

די כ אַ ז אַ ר ע ן (אָדער כאָזאַרען), אַ פינישער שבט, פערוואַנדט מיט די בולגאַרען אָדער אונגאַרען, האָט זיך נאָך פון די צייטען פון דער „גרויסער פעלקער־וואַנדערונג" בעזעצט אויף דעם גרענעץ־פּאַס צווישען אַזיע און אייראָפּאַ, און געגרינדעט דאָ אַ מעכטיג קעניגרייך, וואָס האָט פערנומען דעם גאַנצען שטח פון דער וואָלגאַ ביז די צפון־ברעגעס פון קאַספּישען ים (אין דער געגענד פון היינטיגען אַסטראַחאַן). די כאַזאַרישע מלכים, אונטער דעם טיטול ח אַ ק אַ נ ע (אָדער ח אָ ג אַ נ ע) האָבען כסדר געפיהרט מלחמות מיט די אַרומיגע פעלקער: פריהער האָבען זיי זיך אַריינגעריסען אין פּערסיען און אויף איהר אַ שרעק אַרויפגעוואָרפען; דאַן זענען זיי אַריבער קאַווקאַז, חרוב געמאַכט אַרמעניען און איינגענומען די קרימער האַלב־אינזעל, וואָס האָט דעמאָלט געהייסען כ אַ ז אַ ר י ע. די ביזאַנטינישע מלכים האָבען

געצײַטערט פאַר די האַלב-ווילדע כאַזאַרען און זיך אויסגעקויפט פון זיי מיט שטײַערן און מתנות, די בולגאַרען און נאָך אַנדערע סלאַוויאַנישע שטאַמען פון יענער געגענד זענען געווען אונטערגעוואָרפען דער כאַזאַרישער הערשאַפט; די רוסען בײַם דניעפּער האָבען געמוזט יעהרליך ברענגען דעם כאַזאַרישען מלך אַ בעשטימטען מס, און מיט די אַלמעכטיגע זיעגער פון יענער עפּאָכע, די אַראַבער, האָבען זיי אויך געפיהרט בלוטיגע מלחמות.

לויט זייער גלויבען זענען די כאַזאַרען אין אָנהויב פערוואַנדט געווען מיט די שכני'שע סלאַוויאַנער: זייער געצענדיענסט איז געווען גראָב, ווילד און פעראייניגט מיט שענדליכער אויסגעלאַסענקייט; שפּעטער זענען זיי בעאייַנפלוסט געוואָרען פון די דורכפאָהרענדע אַראַבער און גריכען, און האָבען טיילווייז אָנגענומען דעם איסלאַם און דאָס קריסטענטום; אָט די ביידע אמונות האָבען אָבער באַלד אָבגעטרעטען זייער פּלאַץ, און דאָס יודענטום איז געוואָרען די הערשענדע אמונה אין לאַנד.

דאָס איז געשעהען אין VIII-טען יאָהרהונדערט, ווען יודען האָבען געליטען שטאַרקע רדיפות אין פערסיען און ביזאַנטיען, און האָבען מאַסענווייז אויסגעוואַנדערט אין די כאַזאַרישע לענדער; צווישען די דאָזיגע יודישע עמיגראַנטען, וואָס האָבען גלייך פערנומען אַ אָנגעזעהענעם אָרט אין'ם פּאָליטישען און קולטורעלען לעבען פון כאַזאַריען, האָט זיך געפונען אַ בעדייטענדער געלעהרטער, וואָס איז געוואָרען אַ שטאַרקער מקורב אין הויף פון די כאַזאַרישע הערשער, און אַ דאַנק זיין איינפלוס האָט איינער פון די חאַקאַנעס אָנגענומען דעם יודישען גלויבען. לויט אַ שפּעטערדיגער לעגענדע זאָל דאָס האָבען געווען דער חאַקאַן בולאַן, וועלכער האָט ביי זיך פעסט בעשלאָסען, זיך אָבצוזאָגען פון דער שענדליכער געצענדיענעריי; ער האָט אָבער נישט געוואוסט, וועלכען גלויבען אויסצוקלויבען פון די דריי, וואָס מ'האָט איהם פאָרגעלעגט: דאָס קריסטענטום, דעם איסלאַם אָדער דאָס יודענטום. בולאַן איז דאַן געפאַלען אויף אַ'המצאה: ער האָט אויפגענומען דעם קריסטליכען מיסיאָנער און איהם געפרעגט: די יודישע און די מחמד'נישע — וועלכע פון די צוויי אמונות איז בעסער? די יודישע, די מוטער פון אַלע אמונות — האָט דער מיסיאָנער געענטפערט; דערנאָך האָט ער אַריינגערופען דעם פרעדיגער פון איסלאַם און איהם געפרעגט: דאָס קריסטענטום און דאָס יודענטום —

וואס איז בעסער ? און ווען דער האט אויך העכער געשטעלט דעם יודי־שען פונ'ם קריסטליכען גלויבען , האט דער קעניג געזאגט : אויב אזוי , אויב סיי דער מחמדנ'ער, סיי דער קריסט שטעלן דעם יודישען גלויבען העכער פונ'ם אנדערנ'ם , וועל איך טאקי אננעהמען דאס יודענטום" . און ער מיט זיין גאנצער סוויטע האבען זיך מגייר געווען .

מיט דער צייט האבען אויך די בריימע שיכטען פון דעם כאזארי־שען שטאט נאכגעטאן די מעשים פון קעניג , און בולאנ'ס א אייניקעל מיט'ן נאמען עובדיה , האט איינגעלאדען צו זיך אין לאנד יודישע געלעהרטע פון אנדערע מלוכות און געהייסען זיי לעהרנען מיט'ן פאלק תורה און תלמוד . נאך עובדיה'ן האבען רעגירט איבער דעם כאזארי־שען פאלק נאך א גאנצע רייהע פון יודישע חאקאנ'ען ; דערביי איז כאראקטעריסטיש דער פאקט , וואס די דאזיגע יודישע מושלים האבען זיך בעצויגען פאלשטענדיג טאלעראנט צו דער נישט יודישער בעפעל־קערונג פון זייער לאנד , און אין דעם הויפט־געריכט , למשל , זענען געזעסען צוויי יודישע שופטים פאר דער יודישער בעפעלקערונג , צוויי מחמד'נישע און צוויי קריסטליכע פאר די קריסטען און מחמד'נער און איין געצענדינערישער — פאר די רוסען און בולגארען . עס זענען געווען פאלען אויך פון שארפע פראטעסטן נגען נישט יודישע אמונות ; דאס פלעגט אבער שטענדיג פארקומען נאר אין צוזאמענהאנג מיט וועלכע ס'איז רדיפות נעגען יודען . אזוי איז פארגעקומען אמאל , אז מחמד'נער האבען ערגעץ אין א ווייטער שטאדט חרוב געמאכט א יודישע שוהל , און ווען דער כאזארישער חאקאן האט זיך דערפון דער־וואוסט , האט ער געהייסען אראבווארפען דעם מינארעט (טורעם) פון איין מחמד'נישען מעטשעט (געבעט־הויז) און הרג'נען א געוויסע צאהל מועדזינעם (שמשים). דערביי האט ער זיך אויסגעדריקט : „איך וואלט דעם מעטשעט אליין אויך חרוב געמאכט, ווען איך וואלט נישט מורא האבען דערפאר , טאמער וועט קיין איין שוהל נישט בלייבען אויף דער מחמד'־נישער ערד" (932) .

ביי אזא פריינדליכער צוגעבונדענקייט מצד די הערשענדע קרייזען , האט זיך די ווירקליכע יודען אין דעם לאנד , נאטירליך , גאנץ גוט געלעבט און זיי האבען געפיהרט א ברייטען האנדעל צווישען דער באל־קאנישער האלב־אינזעל און די לענדער פון צפון־קאווקאז ; קיין נאהנטען פערקעהר מיט די יודען פון די גרעסערע צענטערן האבען זיי אבער נישט געהאט , און דערמיט ערקלערט זיך דאס , וואס יענע האבען אין

די ערשטע צייטען קיין אהנונג נישט געהאט פון דעם גאנצען פּאקס; אין די שפּעטערדיגע דורות, ווען עס זענען דערגאנגען צו זיי געוויסע טונקעלע ידיעות וועגען דער עקסיסטענץ פון א יודישער מלוכה, האבען זיי געגלויבט, אז די כאזארען זענען א טייל פון די פערלוירענע „עשרת השבטים". פאר זיי איז עס געווארן א לעגענדע, וואס איז ארומגעגאנגען פון מויל צו מויל און האט דערצעהלט: וויט, וויט ערגעץ הינטער די הרי חשך, וואוינען אמת'ע צדיקים, הייליגע לייט פון שבט שמעון און האלב-שבט מנשה, און זיי זענען אזוי שטארק, אז גאנצע פינפאונצוואנציג פעלקער זענען זיי אונטערטעניג.

נישט שלעכט און מיט א בעדייטענדען איינפלוס אויף דער ארומיגער סביבה האט זיך געלעבט אין יענער עפּאכע אויך די יודען אין מערב-אייראפּא. קארל דער גרויסער (768—814), דער גרינדער פון דער מיטעל-אייראפּעאישער אימפּעריע, וועלכער האט אריינגעבראכט א נייעם לעבענסשטראם אין דער מענשליכער קולטור-געשיכטע, האט ארויסגערופען נייע כחות אויך אין דעם טייל פון דער יודישער אומה, וואס האט זיך געפונען אונטער זיין הערשאפט. אליין א בעשיצער פון דער קירך, וועלכע האט אין יענער צייט, כסדר אפּגעהיט די קריסטען פון א צו-נאהנטער קרובה'שאפט מיט יודען און מחמר'נער, — האט קארל דאך געקוקט אויף דער זאך פיעל ברייטער און ניכטערער. דער דאזיגער מעכטיגער הערשער האט געזעהן, וויפיעל גייסט און לעבען די יודען ברענגען אריין אין דעם לאנד, וואו זיי וואוינען, א דאנק זייער גייסטיגער געשיקליכקייט און אנגעבוירענער שארפזיניגקייט, און ער האט זיך שטענדיג געשטעלט אויף דער זייט פון די יודען, אפילו געגען א דינער פון דער הייליגער קירך. איהם איז די אויפבליהונג פון לאנד געווען נישט ווייניגער טייער ווי די דערהאלטונג פון גלויבען, און ער האט פערשטאנען אבצושאצען די בעדייטונג פון דעם יודישען שטאנד פאר דער קולטורעלער און עקאנאמישער אויפלעבונג פון דער גאנצער סביבה.

יודען זענען דעמאלט געווען די הויפּטפערטרעטער פון דעם וועלטהאנדעל. זיי האבען פארגעשטעלט מיט זיך א בעזונדער שטאנד צווישען דעם אדעל, וואס האט שטענדיג געטראכט נאר וועגען קריעגערישע אויסצייכנונגען, און דעם פויער, דעם לייב-אייגענעם, וואס האט געוואוסט נאר צו אקערן דעם פּריץ'ס ערד, און זענען געווען די איינציגע פערמיטלער צווישען בעזיצער און אבנעהמער. זייענדיג צווישען

זיך ווי מיטגליעדער פון א אינטערנאציאָנאלער, פערצווייגטער משפחה, האָבען יודען געריעדט אויף די פערשיעדענסטע שפּראַכען, און לויט דער בעשטעטיגונג פון א דעמאָלדיגען אראַבישען בעאָבאַכטער האָבען זיי זיך אין זייער געשעפטליכען פערקעהר בענוצט מיט גאַנצע זעקס שפּראַכען: רוימיש, פראַנקיש, שפּאַניש, אראַביש, פערסיש און סלאַוויש. יודען האָבען געוואַנדערט פון ים אויף דער יבשה, פון מזרח קיין מערב און אַזוי צוריק, אריינפיהרענדיג אין איין לאַנד די פּראָדוקטען, וואָס זענען דאָרט נישטאָ, און ארויספיהרענדיג פון דאָרטין דעם איבערפלוס, די אַרטיקלען, וואָס זענען דאָ געווען אין א צו גרויסער מאָס.

אין דער אימפּעריע גופא האָבען יודען אויך אונטערגענומען גרויסע געשעפטען, און קאַרל האָט זיי נישט בלויז נישט געשטערט, נאָר אויך געשטיצט אין א סך הינזיכטען. יודען האָבען געמעגט דינגען צו דער אַרבייט קריסטען און האָבען זיך נאָר פערפליכטעט, נישט צו אַרבייטען מיט זיי זונטאָג; צווישען־זיך האָבען יודען זיך געמעגט בענוצען מיט זייער אייגענעם בית־דין, און לויט א געוויסער לעגענדע זאָל קאַרל זאָגאַר האָבען איבערגעשריבען פון בבל א בעריהמטען יודישען געזעצלעהרער, וועלכען ער האָט בעשטימט פאַר א אָפּיציעלען פאָרשטעהער און פיהרער פון דער יודישער קאָלאָניע אין אלע דריי לענדער, וואָס זענען אריין אין דעם פערנעהם פון זיין אימפּעריע: פראַנקרייך, דייטשלאַנד און איבער־איטאַליען. לויט אַן'אַנדער לעגענדע האָט קאַרל אראָבגעבראַכט קיין מיינץ א בעקאַנטען יודישען געלעהרטען פון איטאַליען, מיט'ן נאָמען ר' קלונימוס (787), און איהם מיטגעהאָלפען צו גרינדען דאָ א צענטראַלע אקאַדעמיע (ישיבה) פאַר דער יודישער געזעצלעהרע. מיט דער צייט זאָל אָט דער צענטער זיך האָבען איבערגעטראָגען קיין נאַרבאָנאַ (אין פראַנקרייך), וואו די פאַמיליע פון דעם דערמאָהנטען ר' קלונימוס האָט בעקומען א מין פירשטליכע מאַכט איבער אלע יודען פון לאַנד און דער קוואַרטאַל פון זייער פּאַלאַץ האָט געהייסען „דער הויף פון יודישען קעניג".

די יודישע שפּראַכען־קענטעניש און זייערע אינטערנאַציאָנאַלע בעציהונגען זענען גאַנץ אָפט אויסגענוצט געוואָרען אויך צו דיפּלאָמאַטישע צוועקען, און אין דער בעריהמטער דעפּוטאַציע, וואָס קאַרל האָט געשיקט צו דעם מעכטיגען קאַליף פון באַגדאַד, האַרון־אַל־ראַשיד, האָט זיך געפונען אלס איבערזעצער דער יוד יצחק (767).

דער לעצטער האָט זיך פּאַקטיש בעטייליגט אויך אין די דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונגען, און ווייל די שלוחים גופא (לאַנדפריד און סיגיז-מונד) זענען צוריקוועגס געשטאָרבען, האָט ער אַליין געבראַכט קאַרל'ען (אין אַאַכען) דעם ענטפער מיט די טייערע מתנות פון דעם באַגדאַד'ער קאַליף.

אונטער דער הערשאַפט פון לודוויג דעם פרומען (840—814), קאַרל'ס נאָכפאָלגער, האָט זיך יודען אויך זעהר גוט געלעבט. דער דאָזיגער גוטהערציגער הערשער האָט יודען אונטערגענומען אונטער זיין פּערזענליכער שוץ, און נישט געלאָזען קיינעם זיי שלעכטס טאָן. אויף זיין בעפעהל, האָבען די קריסטליכע גלחים נישט געטאָרט שמדען קיין יודישען שקלאַף און פון דער יודישער טובה וועגען איז דער וואָכען-מאַרק אפילו אָבגעלעגט געוואָרען פון שבת אויף זונטאָג. יודען זענען, אויסער דעם, פריי געווען פון די פערשיעדענע לייב-שטראָפען, וואָס האָבען זיך פּראַקטיצירט אין לאַנד, און נישט קוקענדיג אויף דעם שטרענגען פערבאָט פון דער קירך, האָבען זיי אָבגעדונגען פון דער רעגיערונג פערשיעדענע שטייערן, וועלכע זיי פלעגען אויפמאָהנען פון דער בעפעלקערונג. כדי צו בעשיצען יודען פון יעדער עולה'דיגער בעציהונג צו זיי, האָט לודוויג בעשטימט אַ ספּעציעלען בעאַמטען, מיטן טיטול יודען-מייסטער (Magister Iudaeozum), וואָס האָט געהאַט צו וואַכען איבער די יודישע זכיות און פּריווילעגיעס.

אַ דאַנק די אַלע הנחות האָבען זיך בכלל שטאַרק פערבעסערט די בעציהונגען פון דער איינגעבוירענער בעפעלקערונג צו די יודישע בירגער פון לאַנד. יודען זענען געוואָרען אָפטע איינגעהער אין קעניגליכען הויף און אין די הויכע קרייזען, און די לעצטע האָבען זיך ביסליכווייז אַרומגעזעהען, אַז זיי האָבען דאָ פאַר זיך אַנ'אַלט אַריסטאָקראַטיש פאָלק, וואָס פערמאָגט גאַנצע אוצרות פון גייסט, שענקייט און קולטור. די קייזערין יהודית, לודוויג'ס צווייטע פרוי, האָט געטראָגען אין הארצען אַ טיעפע ליעבע צו דער שענקייט פונ'ם יודישען אַלטערטום; קריסטליכע אַדעללייט פלעגען קומען אין יודישע שוהלען און לייענען די ווערק פון יודישע געלעהרטע, און דער גאַנצער טאָן פון לעבען אין די איבערשטע שיכטען פון דער קריסטליכער בעפעלקערונג איז געווען דורכגענומען מיט אַ טיעפער סימפּאַטיע צו די זיטען און מנהגים פון דעם גייסטרייכען פאָלק.

נאָר איין קלאַס פון דער הערשענדער בעפעלקערונג האָט געקוקט

קרום אויף דער דאָזיגער קרובה'שאַפט צווישען יודען און קריסטען — די גײַסטליכע. די פאַנאַטישע קירכען־לײַט האָבען צוגעזעהען, ווי עס ווערן בסדר פערלעצט די קאַנאָנישע געזעצען געגען דער פערשאָלטענער אומה און ווי עס וואַקסט דער אײַנפלוס פון יודענטום אויף די טאָן־געבענדע ספערען פון דער מלוכה, — און דאָס האָט זיי נישט געלאָזען רוהען. צו דער אייביגער שנאה איז דאָ צוגעקומען, ערשטענס, אַ גיפטיגע קנאה און אויסער דעם אויך אַ שרעק פאַר דער אײַגענער צוקונפט: צי װעלן אַמאָל אָט די קלוגע און אײַנפלוסרײַכע יודען נישט אונטער־גראָבען אינגאַנצען דעם יסוד פון דער הײליגער קירך? און עס הויבט זיך אָנגעהויבען אַ שטילער, אָבער סיסטעמאַטישער קאַמפּף געגען די יודישע בעשיצער אין הויף.

דער אָנפיהרער פון דעם קאַמפּף מצד דער קירך איז געווען אַגאָבאַרד, בישאָף אין ליאָן. אַ פאַנאַטיש־לײַדענשאַפטליכער יודען־פײַנד, האָט אָט דער הײליגער זיך גענומען מיט אַלע מיטלען קעמפ־פען געגען דער יודישער גלײַכבערעכטיגונג. אין אָנהויב האָט ער זיך געפּרובט ווירקען אויפן קייזער אַלײן און געוואָלט אויספּועל'ן בײַ איהם געוויסע בעגרענעצונגען פאַר יודען, און ווען ער האָט געזעהען, אַז דאָס וועט זיך איהם נישט אײַנגעבען, האָט ער זיך גענומען אויסניצען זײַן אײַגענע מאַכט, אַלס פּרעדיגער און ערציהער פון המון. אַגאָבאַרד האָט אָנגעהויבען האַלטען פײַערדיגע דרשות געגען יודען, און געפּלאַנצט אין זײַנע צוהערער דעם געדאַנק, אַז ס'שיקט זיך נישט, „די קינדער פון ליכט" (די קריסטען) זאָלען זיך פערשמוצען אינ'ם פערקעהר מיט די „קינדער פון פינסטערניש", און די „זינדלאָזע יונגע קירך" זאָל זיך פערבינדען מיט דער „אַלטער פערשימעלטער שוהל"; אויך דאָ אָבער האָט זיך דער פאַנאַטישער גײַסטליכער אָנגעשטויסען אָן לודוויג'ס פרײַנדשאַפט צו יודען — דער „יודענמײַסטער" האָט פער־באָטען אַגאָבאַרדען צו האַלטען ווײַטער זײַנע העצע־דרשות און די ליאָנער יודען האָבען בעקומען אַ קייזערליכען שוץ־בריעף (826).

אָט דער פאַקט האָט דעם ליאָנער בישאָף נאָכמעהר אויפגערייצט, און ער האָט זיך גענומען אָרגאַניזירען די גאַנצע גײַסטליכקײַט פון לאַנד: זאָלען אַלע אײנאײנעם אַרויסטרעטען געגען די שענדער פון דער הײליגער קירך. ער האָט פונאַנדערגעשיקט הײסע בריעף צו אַלע בישאָפען פון לאַנד, אין וועלכע ער האָט געשילדערט די גאַנצע געפאַהר פאַר דעם הײליגען גלויבען, וואָס דער ליבעראַליזם פון די

הויכע ספערען פערשפרייט איבערן לאנד. די בישאָפען זענען זיך דאן צונויפגעקומען קיין ליאָן און האָבען אָבגעהאלטען א ספּעציעלע בעראַטונג וועגען די מיטלען, וואס דארפען אָנגענומען ווערן געגען דעם יודישען איינפלוס, און ס'איז בעשלאָסען געוואָרען, זיך צו ווענדען מיט א קאָלעקטיווער ערקלערונג צום קייזער וועגען זיין זינדיגער בעציהונג צו די „אונגלויביגע".

אָט דער בעשלוס האָט די יודען פון לאנד אַוועקגעשטעלט אין א פערצוויפעלטער לאגע, ווייל זיי האָבען געהאַט א גרונד מורא צו האָבען, אז דער פרומער לודוויג וועט זיך צוהערן צו דער שטים פון די קירכענזיילען און נאָכגעבען זייערע פאָדערונגען; פאַקטיש איז דאָס אָבער נישט געשעהען. לודוויג האָט זיך נישט געלאָזען איבערצייגען פון די איבערגעשראָקענע הייליגע, און די יודישע לאגע איז געבליבען פעסט און זיכער. לודוויג'ס יודענפריינדשאַפט איז נישט אָבגעשוואכט געוואָרען אַפילו נאָכדעם, ווי זיין בעליבטער נשמה-פערוואָרגער, דער דיאַקאָנוס באָדאָ, איז אָפען איבערגעגאַנגען צום יודענטום. דאָס איז געווען א געוואַלדיגער קלאַפּ פאַר די הייליגע קירכען-בעשיצער, און די כראָניקען פון יענער צייט רעדען וועגען דעם פאַקט, ווי וועגען א שרעקליכער נאַטור-קאַטאַסטראָפע — אַ מגפה, אַ פערפלייצעניש אָדער א צוזאַמענשטויס פון קאָמעטען. באָדאָ האָט פשוט אויסגעלאַכט דער קירך: ער איז אַלס אַדעל-מאַן און גלח פון קייזערליכען הויף אַוועק קיין רוים נעהמען א ברכה פון פּויפּסט און קניען אויף די קברים פון די הייליגע מערטירער, נאָר אָנשטאָט זיך אומצוקעהרען פון דאָרטין א אָבגעפרישטער מיט'ן טוי פון דער העכסטער קדושה, מיט דער געטליכער מאַיעסטעט פון פּעטרוס'עס שטוהל, — איז ער אַוועק קיין סאַראַגאָסאַ (אין שפּאַניען) און האָט זיך מגייר געווען כדת משה וישראל. און נישט בלויז אַן'אָבגעפאַלענעם — די קריסטליכע קירך האָט אין איהם אַ ביטערן שונא בעקומען. ער האָט חתונה געהאַט פאַר א יודישער טאָכטער, אָנגענומען דעם נאָמען אלעזר (839), און אַרייננטרעטענדיג אַלס קריעגער צו איינעם פון די אַראַבישע פירשטען, האָט ער איהם געראַטען, ער זאָל אַרויסטרייבען אַלע קריסטען פון זיין לאַנד און אַפילו צווינגען זיי אָנצונעהמען דאָס יודענטום אָדער דעם איסלאַם.

דער פרומער קייזער האָט שטאַרק בעדויערט דעם טרויעריגען

פאקט; ער האט אבער די יודען נישט געגעבען צו פיהלען זיין פערדרוס און איז פערבליבען צו זיי גוט געניינט. דערפאר איז דער פערלאנג פון די קריסטליכע פאנאטיקער דערפילט געווארען נאך זיין טויט, ווען פון קארל דעם גרויסען'ס מעכטיגער אימפעריע זענען געווארען גאנצע פיער זעלבסט־שטענדיגע מלוכות: פראנקרייך, דייטשלאנד, לאטארינגען און איטאליען (843). די פעראייניגטע מאכט פון דער קירך האט איצט טריאומפירט, און הגם די געזעצליכע לאגע פון די יודען אין פראנקרייך איז דערוויל נאך נישט געענדערט געווארען, האבען זיי דאך שוין אנגע־הויבען צו שפירען דעם טעם פון דער גרויסער קריסטליכער ליבע.

די ערשטע, וואס האבען אויפגעהויבען די פראגע וועגען יודען, זענען געווען אגאבארד'ס תלמידים: די בישאפען פון ליאן, רהעמס, סענס, בורג און נאך אנדערע. א דאנק זייער איניציאטיווע איז אין מאָ (נישט ווייט פון פאריז) צוזאמענגערופען געווארען א קירכענפערזאמלונג (848), וואס האט בעשלאסען פארצולעגען דעם קייזער קארל (דער קאהלער) א גאנצע רייהע ערנידריגענדע בעגרענצונגען פאר יודען; דאס מאל האט זיך דער אויפטו נישט איינגעגעבען, אין קארל האט די פאר־געלעגטע גזירות נישט בעשטעטיגט. דער ראזיגער הערשער איז בכלל געווען נישט פיינדליך געשטימט צו יודען; ער האט געהאט ביי זיך א יודישען לייב־ארצט צדקיה און נאך עטליכע יודישע יועצים און פריינד.

אגאבארד'ס נאכפאלגער האבען זיך אבער נאך נישט אונטערגעגע־בען. דער בישאף פון ליאן, אמאלא, האט זיך געווענדעט מיט א ציר־קוליאר צו אלע העכערע גייסטליכע, אין וועלכע ער האט איבערגעחזר'ט אלע טענות געגען יודען פון זיין היליגען רבי'ן: די יודען נוצען אויס זייער פאלשטענדיגע רעדע־פרייהייט און א סך קריסטען דריקען זיך אויס, אז די דרשות פון די יודישע רבנים געפעלען זיי בעסער פון די גלח'ישע דרשות אין קירך; יודען האלטען ביי זיך קריסטליכע דינער, יודען האבען אבגערעדט פון דער קירך דעם בעריהמטען באדא, און אזוי כסדר.

אט די אלע פערפלאנצטע קערנער פון גיפט און יודענפיינדשאפט האבען, אמת, נאך אלץ נישט געבראכט קיין ממשות'דיגע פרוכטען; בפרט־פליכזוויז אבער האט די אגיטאציע איהרם רעזולטאט. די גאנצע הערשאפט איז איצט פאקטיש ווידער צעפאלען אין די הענד פון הונדערטער קליינע פירשטען־פעאדאלען, פאר וועלכע ס'האט נישט גע־לויהנט, זיך איינצורייסען מיט דער קירך, און די לעצטע האט מעהר

נישט געדאַרפט. זי האָט זיך געשאַפען אייגענע טראַדיציעס בנוגע צו די פערשאָלטענע גאָט=לייקענער, — טראַדיציעס, וועלכע האָבען זיך איינגענעסען אין בלוט פון יעדען „גלויביגען“ און יודען דאָס לעבען פערגיפטעט. אַזוי האָט דער בישאָף פון וועזיע איינגעפיהרט דעם מנהג פון יעהרליכע פּאָגראָמען אויף יודען: ער פלעגט יעדע יאָהר, פאַר'ן פּסחא=יום=טוב, האַלטען אַ גאַנצע רייהע פייערדיגע דרשות, אין וועלכע ער האָט אויפגעפאָדערט דעם קריסטליכען המון, ער זאָל זיך נוקם זיין אָן יודען פאַר'ן פערגאָסענעם בלוט פון דעם געקרייצינגטען גליל'ער. און די פרומע סטאַדע האָט געפאָלגט די עצה פון איהר איבערגעגעבענעם פּאַסטוך און אָנגענומען דעם מנהג אויף דור=דורות — יאָהר=איין, יאָהר=אויס אין די טעג פון פּסחא האָט יעדער קריסט געמוזט מקיים זיין די מצוה פון וואַרפען אַ שטיין אין אַ יודען אָדער אין אַ יודיש הויז. נאַטירליך, האָבען זיך יודען פערטהיידיגט, מיט וואָס זיי האָבען געקענט, דאַן פלעגט קומען צו בלוטיגע געשלעגען. און דאָס האָט זיך געצויגען הונדערטער יאָהרען! —

אין טולוז האָבען די שטאָדט=מושלים איינגעפיהרט אַן אַנדער „מנהג“: יעדען יאָהר, אום פאַסט=פרייטאָג, האָט דער גראַף פון שטאָדט געשיקט רופען צו זיך דעם פאָרשטעהער פון דער יודישער קהלה, און איהם געגעבען אַ שטאַרקען פּאַטש, אַלס נקמה פון דער קהלה פאַר די פייניגונגען פון דעם געקרייציגטען. פון דער שענדליכקייט האָבען זיך יודען מיט דער צייט בעפרייט: זיי פלעגען אויסקויפען דעם פּאַטש מיט אַ געוויסען געלד=שטייער.

אין אַנדערע ערטער זענען אָט די מנהגים פערביטען געוואָרען מיט מעהר ראַדיקאַלע פערפאָלגונגען. לודוויג II האָט געהייסען אַרויס=טרייבען אַלע יודען פון איטאַליען (855) און נאָר אַ דאַנק דער השתדלות פון געוויסע פּעאָדאַלען איז די גזירה נישט אויסגעפיהרט געוואָרען. אין פראַנקרייך איז די מאַכט פון קעניג וואָס ווייטער אַלץ שוואַכער געוואָרען, און קאַרל דער תמים האָט געמוזט צונעהמען ביי יודען די הכנסות פון זייערע וויינגערטנער אין דער פּראָווינץ נאַרבאָנאַ און זיי אוועקגעבען דער קירך (914 — 866). עס איז געוואָרען אַ סיסטעם. יעדער פירשט האָט געקוקט אויף די יודען פון זיין „מלוכה“, ווי אויף זיין אייגענטום, ווי אויף שקלאַפען, און זייער פערמעגען איז נאָר אויף אַזוי פיעל געווען זייער'ס, אויף וויפיעל דער פירשט האָט זיך נישט גענויטיגט אין איהם.

נאָך אַ ערגערן גורל פון די יודען אין מערב־אייראָפּא, האָבען געהאַט די ביזאַנטינישע יודען. פון דער גרויסער „מזרח רוימי־שער" מלוכה איז איצט, נאָך די נצחונות פון איסלאַם, געבליבען נישט מעהר, ווי אַ קלײנער טײל; יודען האָבען זיך דאָ אָבער געפונען אין אַ גרויסער צאָהל, און רדיפות זענען זײ איצט אויך אויסגעשטאַנען נישט קײן קלענערע, ווי אין די צײטען פון טעאָדאָסיוס און יוסטיניאַן. בעזונדער מורא׳דיג איז געוועזען די יודישע לאַגע אין ביזאַנץ־יען אונטער דער הערשאַפט פון לעאָ דעם איסורער׳ר. דער דאָזיגער הערשער איז אַרויסגעטרעטען געגען אַ געוויסער דאָגמע פון קריסטענטום, און מורא האָבענדיג, מ׳זאָל איהם נישט אָננעהמען פאַר אַ געגנער פון דער קירך בכלל, האָט ער מיט אַ אונגעוועהנליכער פערביטערטקייט פערפאָלגט יודען. לויט זײן בעפעהל האָבען אַלע יודען פון דער ביזאַנטינישער אימפעריע זיך געזאָלט אויסשמד׳ען ביז אַ בעשטימטען טערמין, און דאָס האָט געבראַכט צו אַ גרויסער יודישער אויסוואַנדערונג פון לאַנד.

שפּעטער, אונטער דער הערשאַפט פון לעאָ׳ס נאָכפאָלגער, האָבען יודען אויך געמוזט אויסשטעהן ערניעדריגונגען און גזירות, נאָר אין רעליגיאָנס־ענינים האָט מען זײ נישט געשטערט. אָט די לאַגע האָט זיך אָבער שטאַרק געענדערט צום ערגערן מיט דער טראָן־בעשטײגונג פון באַזיליוס דעם מאַקעדאָניער (897 — 886); דער לעצ־טער האָט זיך פערנומען אריבערצוציהען אַלע יודען צום קריסטענטום, און ער האָט געלאָזען אײַנאָרדנען אַ עפענטליכען וכוח צווישען יודישע און קריסטליכע גײַסטליכע, וואו דער יודישער צד האָט געמוזט איבער־צײַגען אַלעמען אינ׳ם אמת פון יודענטום אָדער מודה זײַן, אַז ישו איז דער העכסטער פונקט פון געזעץ און פון די נביאים. נאַטירליך, האָבען די וכוחים קײנעם פון בײדע צדדים נישט איבערצײַגט און באַזיליוס האָט זיך אָנגעהויבען בענוצען מיט אַ מעהר פּראַקטישער מעטאָדע: ער האָט די מזומדים אונטערגעקויפט מיט געלד און גרויסע מלוכה־טיטולען. אויך דאָס אָבער האָט נישט פיעל געהאָלפען, און באַזיליוס האָט ענדליך זיך גענומען צו אַכזריות׳דיגע רדיפות, וואָס האָבען אונטערגעבראַכט טויזענדער יודישע קהלות.

נישט בעסער איז געוועזען דער גורל פון די, וואָס זענען דעם נסיון נישט בײַגעשטאַנען און האָבען זיך געשמד׳ט. זײ האָט דאָס גע־וויסען נישט אויפגעהערט צו פײַניגען פאַר דעם פעררעטערישען שריט,

און ווי נאר באזיליוס איז געשטארבען זענען זיי צוריק איבער-
געגאנגען צו דעם גאט פון זייערע עלטערן ; דאס האט אויף ווי
ארויפגעצויגען דעם גרימצארן פון באזיליוס'ס זוהן און נאכפאלגער,
לעא דעם פילאזאף, און ער האט זיי פערמשפט צום
טויט (900).

## זעקסטעם קאַפּיטעל.

### דאָס יודעטום אין בבל; דער אונטערגאַנג פון עקזילאַרכאַט.

---

דער סכסוך צווישען די קראים און רבני'טען אין בבל האָט אין אַ געוויסער הינזיכט מיטגעווירקט צו פערקלענערן דעם אָנזעהען און די מאַכט פון די עקזילאַרכען. ביז ענן'ען זענען די גאונים געוועזען אונטערגעוואָרפען דעם ריש הגולה, און זיי פלעגען פון איהם בעשטעטיגט ווערן; נאָכדעם אָבער ווי די גאונים איז איינמאָל געלונגען צו בעזייטיגען ענן'ען פון זיין געזעצליכען עקזילארכען-טיטול, האָבען זיי שוין אָט די מאַכט דערהאַלטען פאַר זיך אויך אויף ווייטער, אונטער דעם תירוץ, אַז זיי דאַרפען זעהען, עס זאָל נישט בעשטימט ווערן קיין קאַראַאימישער ריש הגולה. דאָס עקזילאַרכאַט, וואָס איז פון בוסתנאי'ן אָן איבערגעגאַנגען בירושה פון פאָטער צו קינד, איז איצט אַלזאָ אונטערגעוואָרפען געוואָרען אַ וואַהל-סיסטעם, און די אָנפיהרער פון אָט די וואַהלען זענען געוועזען די גאונים. דאָס האָט, נאַטירליך, געמוזט ברענגען צו אָפטע רייבונגען, און באַלד האָט ווירקליך אויסגעבראָכען אַ שטאַרקער סכסוך צווישען צוויי פרעטענדענטען, זכאי בר אחונאי און נטרונאי בר חביבאי; די ביידע גאונים זענען געוועזען אויף דער זייט פון דעם ערשטען, און דער סוף איז געוועזען, אַ נטרונאי איז פערטריבען געוואָרען פון בבל, הגם זיינע תלמודי־שע קענטענישען זענען געוועזען גרעסער, ווי זכאי'ס. ווי געוועהנליך, האָבען די דאָזיגע סכסוכים און רייבונגען זיך נישט גינסטיג אָבגערופען אויף דער גייסטיגער אויסבילדונג פון פאָלק, און אויסער עטליכע

אַגדי'שע זאַמלונגען (מדרשים) , ציילנען זיך די יודישע ווערק פון יענער עפּאָכע נישט אויס מיט קיין בעזונדערע טיעפקייט .

מעהר פרוכטבאַר איז געווען די טעטיגקייט פון די יודישע אויסגעוועהלטע גייסטער אויף די געביעטען פון דער דעמאָלדיגער אַלגעמיינער קולטור . יודישע געלעהרטע האָבען געשאַפען בעדייטענדע ווערק (אין אַראַביש) איבער מאַטעמאַטיק , מעדיצין , אַסטראָנאָמיע און נאָך אַנדערע צווייגען פון דער וויסענשאַפט (זעה ד. פריהערדיגע קאַפּיטעל) ; אַ בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט אָבער האָבען זיי געלעגט אויף דער רעליגיאָנס-פילאָזאָפיע , — אַ געביעט , וואָס איז געווען זעהר חשוב און געהויבען אין די ספערען פון דער אַראַבישער אינטעליגענץ. דאָרט האָט זיך צו יענער צייט (אין צווייטען יאָהרהונדערט פון דער מחמד'נישער ערא) ענטוויקעלט אַ שטאַרקע ראַציאָנאַליסטישע בעוועגונג , וואָס האָט געשטרעבט צו דערווייטערן פון דעם ריינעם גלויבען אַלע גראָבע מאַטעריאַליסטישע פאָרשטעלונגען . אַלס אויס-טייטשער פון קאָראַן , האָבען די דאָזיגע ראַציאָנאַליסטישע דענקער (מוטאזיליטען) ערקלערט די אַנטראָפּאָמאָרפיסטישע שטעלען פון דעם הייליגען רעליגיאָנס-בוך נישט בוכשטעבליך , נאָר בילדליך , און אָפט האָבען זיי אפילו געפּועל'ט ביי זיך אינגאַנצען אָבצולייקענען געוויסע עיקרים פון איסלאַם , וועלכע האָבען נישט געשטימט מיט די הנחות פון זייער ראַציאָנאַליסטישער וועלט-אַנשויאונג . אין דער ערשיינונג האָבען די אָרטאָדאָקסישע קרייזען פון איסלאַם געזעהען אַ שטאַרקע כפירה , און זיי האָבען גענומען מיט זייערע קאָראַן-אויסטייטשונגען אַנטקעגענצווירקען דער שעדליכער אפיקורסות . זיי האָבען דעם גאַנצען קאָראַן בוכשטעבליך פערשטאַנען , דערין אויך יענע שטעלן , וואו עס רעדט זיך וועגען גאָט מיט גראָב-מענשליכע אויסדריקען און בעגריפען (אַנטראָפּאָמאָרפיזם) . לויט דער אויפפאַסונג איז אַלזאָ אויסגעקומען , אַז גאָט איז אַ קערפּער מיט טיילען און מיט אַ געשטאַלט , אַז גאָט איז זיעבען שפּאַן (גאָט'ס שפּאַן) לאַנג , געפינט זיך אין אַ בעשטימטען אָרט , בעוועגט זיך אַרויף און אַראָב , געהט און רוהט .

פון דעם אידעען-קאַמפּף זענען אויך די יודען בעאיינפלוסט געוואָרען , און באַלד האָבען זיך די זעלביגע ערשיינונגען איבערגע'-חזר'ט אין דער יודישער געדאַנקען-וועלט . וואָס דער קאָראַן פאַר די מחמד'נישע , דאָס איז איצט די ביבעל געוואָרען פאַר די יודישע ראַציאָנאַליסטען , און די אַלע שטעלן פון די הייליגע שריפטען , וואו

ס'רעדט זיך וועגען דער גאָטהייט, ווי וועגען אַ מענשען (געזעסען, געשטאַנען, געזאָגט, גאָט'ס האַנד, גאָט'ס אויג א. א. וו.), האָבען זיי אויך אויסגעטייטשט מעטאַפאָריש (בילדליך). דאָס האָט אַרויסגערופען אַ שטאַרקע התנגדות מצד די תמימים, וואָס האָבען געזעהען אין דעם אַ מין חלול הקודש, און ווייל די בולשטעבליכע אויסטייטשונג פון די גאָט-שילדערונגען אין דער ביבעל האָט פאָרט נישט געשטימט מיט דער פאָרשטעלונג פון גאָט, וואָס האָט שוין געהערשט אין'ם גאַנצען יודישען פאָלק, האָבען אַט די תמימות'דיגע מאמינים זיך געמוזט פערפּלאָנטערן אין אַ נעץ פון מיסטישע געבלען און סימבאָלען. די „געהיימע לעהרע" (נסתר, חכמת הקבלה), וועלכע איז ענטשטאַנען נאָך אין די צייטען פון דער משנה, האָט איצט פונ'סניי אויפגעלעבט, און די אָנהענגער פון דער דאָזיגער לעהרע האָבען זיך גאַנץ ווענוג אונטערגעשיידט פון זייערע מוסלמענישע חברים: זיי האָבען אויך געשילדערט דעם געטליכען וועזען אין פשטות — גליער נאָך גליעד, די הויך, דאָס פערנעהם, די קרוין, די מלאכים-דינער און אַזוי כסדר. אויף דעם באָדען פון די דאָזיגע פאָרשטעלונגען זענען געשאַפען געוואָרען אַ גאַנצע רייהע ווערק, וואָס האָבען זיך פערערופען אויף נעמען פון זעהר פערהייליגטע תנאים: „ר' עקיבא'ס אלף בית", „ר' יהושע בן לוי'ס מעשות", „היכלות", „שעור קומה" און נאָך עטליכע. נאַטירליך, האָבען אַט די מיסטישע שווערמערייען צוגעצויגען נישט קיין קליינע צאָהל אָנהענגער, וועלכע זענען מיט דער צייט שטאַרק פערעהרט געוואָרען פון דעם איבריגען עולם. די „אנשי אמונה" (מענשען פון גלויבען), ווי די מקובלים האָבען זיך גערופען, צום אונטערשייד פון די ראַציאָנאַליסטען-דענקער, זענען געוואָרען ווי אַ מין בעזונדער קאַסטע פון הייליגע, וואָס שטעהען נאָהנט צו די הימלי-שע ספערען און קענען אַלץ אויפטאָן: אויסהיילען אַלערליי קראַנק-הייטען, פאַראויסזאָגען די צוקונפט, פערשווערן די הייליגע מלאכים (השבעות, קמיעות) און בכלל ענדערן אַלע געזעצען פון דער וועלט-הנהגה. *)

*) פון דער קבלה-ליטעראַטור, וואָס איז געשאַפען געוואָרען אין יענער עפּאָכע, איז בעזונדער בעדייטענד געוועזען די השפעה פון דעם בערימטען „ספר יצירה" (דאָס בוך פון דער וועלט-בעשאַפונג), וואָס איז צוגעשריבען געוואָרען אברהם אבינו; דאָס ווערק איז שפּעטער געוואָרען דער אלף בית פון דער גאַנצער געהיים-לעהרע;

פון דער צווייטער זייט, די ראַציאָנאַליסטען, האָבּען אויך נישט געשוויעגען: זיי האָבען געענטפערט אויף די פערנעבעלטע תּוֹרוֹת פון די פינסטערע מיסטיקער מיט שאַרפע אַרויסטרעטונגען געגען דעם עצם מהות פון גלויבען. דער ראש פון די פריי-דענקער חוי הבלכי (פון דער פערסישער שטאָדט באַלחאַ; געלעבט אין דער ערשטער העלפט פון X-טען יאָהר-הונדערט) האָט אָבגעלייקענט אין זיינע ווערק די בעדייטענדסטע פאַקטען פון דער ביבלישער מסורה און אויך די געטליכקייט גופא פון דער ביבעל. און אויך דער עקסטרעמער ראַציאָ-נאַליזם איז נישט פערבּליבען אָהן אָנהענגער — ער האָט אָנגעהויבען זאָגאַר אַריינצודרינגען אין די אַקאַדעמישע קרייזען פון יורענטום און פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ גרויסע געפאַהר פאַר דעם קיום פון די יודישע יסודות; באַלד איז אָבער אָט דער איינפלוס אָבגעשוואַכט געוואָרען אַ דאַנק דער געגען-ווירקונג פון אַ שטאַרקען גייסט, וועלכער האָט זיך אַוועקגעשטעלט צווישען די ביידע עקסטרעמען און געשאַפען אַ נייעם וועג פאַר דעם יורישען געדאַנק.

דאָס איז געווען רב סעדיה בן יוסף פון דער שטאָדט פיוּמי אין אויבער-מצרים (892—942). אַ טיעפער קענער פון תּלמוּד און פון דער גאַנצער יודישער ליטעראַטור, איז רב סעדיה אין דער וועלביגער צייט געווען גוט בעהאַוועגט אין די פערשיעדענסטע צווייגען פון דער אַראַבישער געדאַנקען-וועלט, און ווי אַלע געבילדעטע דענקער פון מיטעלאַלטער האָט ער אויך פעראייניגט אין זיך אַ פילאָזאָפישען געדאַנק מיט טיעפע רעליגיעזע געפיהלען. דאָס ערשטע ווערק פון דעם אָריגינעלען גייסט איז געווען אַ ווערטערבוך פון דער העברעאי-שער שפּראַך, צו וועלכען ער האָט שפּעטער צוגעגעבען אויך אַ רייהע גראַמאַטישע כּללים. נאָכדעם האָט ער אָנגעשריעבען אַ ווערק אויף צו פערטיידיגען דעם תּלמוּד געגען די אָנפאַלען פון דעם קאַראַאימישען פיהרער. אין דעם ווערק בעווייזט רב סעדיה די לאָגישע נויטווענדיג-קייט פון דער מונדליכער מסורה, אָהן וועלכער עס וואָלטען געבליבען אונפערשטענדליך די בעדייטענדסטע שטעלן פון די היילינע שריפטען.

אָט די ביידע ווערק האָט רב סעדיה געשריבען אין דער עלטער פון 20—23 יאָהר, און באַלד דערנאָך איז ער צוגעטרעטען צו אַ קאָלאָסאַלער ליטעראַרישער אַרבּייט — איבערזעצען די היילינע שריפטען אין אַראַביש. דאָס האָט ער געטאָן נישט אַזוי ווייט, כּדי צו פערשפּרייטען די ביבעל צווישען די נישט-יודישע שטאַמען, ווי

פאר די יודען גופא אין די אראבישע לענדער, וועלכע האבען כמעט אלע גערעדט אראביש. זיי האט ער געוואלט אבּרייסען אי פון די קאראאימישע אויסטייטשונגען, אי פון די מיסטישע איינבילדונגען, און דעריבער האט ער צו דער איבערזעצונג צוגעגעבען אויך א אויספיהרליכען פירוש צום אינהאלט, אין וועלכען ער האט דערוויזען דעם צוזאמענהאנג צווישען דעם טעקסט פון דער ביבעל און דער תלמודישער מסורה. פון דעם פירוש האבען זיך די קראים געפיהלט שטארק אנגעגריפען, און איינער פון זייערע טעארעטיקער, שלמה בן ירוחם פון פאלעסטינא (882 — 960) איז ארויסגעטרעטען געגען דעם יונגען רבני׳סט, ווי בכלל געגען דער לעהרע פון די רבני׳טען, מיט זעהר א שארפען פאלעמישען בריעף „צו די קאראאימישע קהלות אין עגיפטע״. דעם בריעף האט שלמה פערפעגטליכט אין צוויי שפראכען: העברעאיש פאר די געלעהרנטע און אראביש פאר׳ן פאלק, און באלד זענען אויך אנדערע קאראאימישע פרעדיגער געקומען מיט זייערע תשובות, וועלכע זענען אויך פול געוועזען מיט בעליידיגענדע זלזולים. דער בעליידיגטער רב סעדיה האט זיינע געגנער נישט געשוינט און איז ארויס געגען זיי מיט נייע ווערק, וועלכע האבען זיין נאמען נאכמעהר בעריהמט געמאכט. ער האט געשריבען א איינלייטונג צום תלמוד, איבערזעצט די משנה אין אראביש און פערעפענטליכט א אראבישע אבהאנדלונג איבער א גאנצע רייהע ציוויל-רעכטליכע און רעליגיעזע פראגען.

אט די אלע ווערק, וועלכע זענען זעהר פאפולער געווארען אין פאלק, ווי אין די אקאדעמישע קרייזען, האבען דערטראגען דעם נאמען פונ׳ם יונגען שארפען דענקער אז ביז דעם צענטער פון דער יודישער לעהרע, ביז סורא, און ווען דארט איז לעדיג געווארען דער פלאץ פון א ריש מתיבתא, האט דער עקזילארך דוד בן זכאי איינגעלאדען אהער דעם זעקס-און-דרייסיג-יעהריגען סעדיה פון עגיפטען. עס האבען זיך אפילו געפונען אויך געגנער פון דעם אויסוואהל, און איינער פון עקזילארכ׳ס מקורבים, וואס האט געוואוסט, אז צו פיעל זעלבסטשטענדיגקייט ביי א ריש מתיבתא (גאון) אין סורא איז געפעהרליך פאר דער מאכט פון עקזילארך, האט אפען ערקלערט: „סעדיה איז קליגער, בריטער און גייסטרייכער פון אלע זיינע צייט-גענאסען; ער בעזיצט אבער א פעסטען, עקשנות׳דיגען כאראקטער״; דאס האט אבער נישט געהאלפען: דער עקזילארך אליין האט קיין בעסערן פון

סעדיה׳ן נישט געפונען , און דער עגיפּטישער געלעהרטער איז אַוועק-געשטעלט געוואָרען בראש פון דעם גרעסטען גײַסטיגען צענטער אין בבל (928) — דאָס לאַנד פון תלמוד , פון יודישען וויסען .

אָנגעקומען קיין סורא , האָט זיך סעדיה גענומען פערווירקליכען זײַנע פּלענער וועגען אַ ברייטער אַקאַדעמישער און געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט , וואָס זאָל אַרומנעהמען אַלע צווייגען פון דעם יודישען לעבען ; באַלד האָט ער זיך אָבער אַרומגעזעהען , אַז ער האָט אַביסל פערשפּעטיגט . פון דערווייטען האָט איהם שטאַרק באַגײַסטערט דער טיטול גאון , און ער האָט געגלויבט , אַז דאָס איז עטוואָס אַלמעכ-טיגעס , גרויסעס , וואָס לעגט אַרויף אַ געוואַלטיגע פעראַנטוואָרטליכ-קייט , און גיט דערפאַר גרויסע מעגליכקייטען ; און דאָ האָט איהם די ווירקליכקייט גלייך געוויזען , אַז פון דעם אַמאָליגען גרויסען טיטול איז איצט געבליבען נאָר אַ שאָטען , אַז אַלץ איז צופוילט , רואינירט און דער גאַנצער בנין האַלט זיך קוים . אַנשטאָט די אַמאָליגע גרויסע גײַסטער האָט סעדיה איצט געזעהען אַרום זיך בלויז מיטעלמעסיגקײ-טען , און דאָס איז אויך נישט ריין געווען פון פערברעכען און קלײנ-ליכע אַרומרײַסענישען . די עקזילאַרכען האָבען פאַר דעם שאָטען פון זײער מאַכט געמוזט בעצאָהלען דעם קאַליפ׳ס יועצים , און דאָס געלד איז אויסגעפּרעסט געוואָרען פון די געדריקטע פאָלקס-מאַסען דורך פערשידענע נגישות און אַכזריות׳ען .

סעדיה האָט צוגעזעהען די אַלע מעשים און געמוזט דערווײַל שווײַגען — ער איז נאָך נײַ געווען אויף זײַן פּאָסטען ; דערצו האָט מען פון פערשידענע זײַטען נישט פערגונען דעם יונגען אויסלענדער די זכיה פון „הערשען" איבער סורא , און יעדער נישט געלונגענער אַרויס-טריט וואָלט פון די דאָזיגע נעגנער גלייך אויפגעכאַפּט און אויסגענוצט געוואָרען געגען איהם . אָט די לאַנגע האָט זיך אָבער לאַנג נישט גע-קענט האַלטען, און באַלד איז ער אַרײַנגעצויגען געוואָרען אין אַ סכסוך מיט׳ן עקזילאַרך אַליין .

דעם שטויס צו דער קאַטאַסטראָפע האָט געגעבען אַ קלײניגקייט . פאַר׳ן עקזילאַרך דוד בן זכאי איז פאָרגעקומען אַ משפט וועגען אַ גרוי-סער ירושה , און צוליעב נישט קיין עהרליכע פערזענליכע חשבונות האָט ער אַרויסגעטראָגען אַ פאַלשען אורטייל , אויף וועלכען ער האָט געפאָדערט די הסכמה פון ביידע גאונים . דער גאון פון פומבדיתא , כהן-צדק, האָט זיך נישט זעהענדיג געמאַכט און געגעבען זײַן אונטער-

טריפט; סעדיה אָבער, דער גאון פון סורא, האָט נישט געפּועל׳ט ביי זיך, ארונטערצושטעלן זיין נאָמען אונטער א בולט׳ער אונגערעכטיגקייט, און האָט זיין אונטערשריפט נישט געוואָלט געבען. די אָנהענגער פון עקזילארך זענען צוטומעלט געוואָרען פון דעם פאַקט און געפאָדערט אַנ׳ערקלערונג, און סעדיה האָט ערקלערט, — אז דער עקזילארך האָט אַרויסגעטראָגען א נישט גערעכטיגען אורטייל. דער אויפגערייצטער בן זכאי האָט געפּרובט דראָהען דעם איינגעשפּארטען גאון און זיין זוהן האָט אפילו געפּרובט אויף סעדיה׳ן די האַנד אויפהויבען; דאָס האָט אָבער דעם לעצטען נישט ווייכער געמאַכט. דאַן האָט דער עקזילארך אַראָבגעזעצט סעדיה׳ן פון זיין פּאָסטען און ערקלערט פאַר א ריש־מתיבתא איינעם, וואָס האָט געקענט זיין סעדיה׳ס א תלמיד. סעדיה ווידער פון זיין זייט האָט זיך נישט אונטערגעגעבען: ער האָט אַריינגעלעגט אין חרם דעם עקזילארך און מיט דער הילף פון זיינע אָנהענגער ערקלערט בן זכאי׳ס ברודער, יאשיה חסאן, פאַר א ריש הגולה (930). אויף אַזאַ אופן זענען ענטשטאַנען אין בבל צוויי פּיינדליכע פּאַרטייען: איינע פון עקזילאַרך דוד בן זכאי, די צווייטע פון רב סעדיה גאון. נאַטירליך, האָט די זאַך געמוזט איצט ענטשיידען ווערן דורך דער הערשענדער מאַכט און ביידע צדדים האָבען אַפּעלירט צום קאַליף אלמוקטאדיר, וועלכער האָט צו דעם צוועק בעשטימט א ספּעציעלע זיצונג אין באַגדאַד. צוליעב פערשידענע סיבות איז אָבער אָט די זיצונג אָבגעלעגט געוואָרען אויף א לאַנגע צייט, און דער משפט איז פאָרגעקומען ערשט פאַר אלמוקטאדיר׳ס נאָכפאָלגער, קאהיר. דער לעצטער האָט זיך גענייטיגט אין געלד, כדי צו בעפעסטיגען זיין איבער געוואַלט אַוועקגענומענע הערשאַפט, און אַזוי ווי בן זכאי׳ס פּאַרטיי איז רייכער געווען, האָט ער איהם איבערגעלאָזען ביי זיין טיטל. די צוויי „איינגעזעצליכע הערשער״, דאַנעגען, סעדיה און יאשיה, זענען פערשיקט געוואָרען פון סורא.

סעדיה איז דאַן אַוועק קיין באַגדאַד און געלעבט פיער יאָהר אלס פּריוואַט־מאַן, ווייט פון אַלע וועלטליכע אַרומרייסעניש. דאָ האָט ער זיך ווידער איבערגעגעבען אינגאַנצען דער ליטעראַטור און געשאַפען א נייע ריהע בעדייטענדע ווערק: תלמודישע פאָרשונגען, רעליגיעזע לידער, ווערק איבער דעם יודישען גאָטעסדינסט און אויך א פירוש אויף דעם קבלה׳שען „ספר יצירה״. זיין ליעבסטע גייסטיגע בעשעפטיגונג איז אָבער געווען רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע, און אויף

דעם געביעט האָט ער געשאַפען דאָס בעסטע פון אלע זיינע ווערק : א פילאָזאָפישע אָבהאַנדלונג אין אראַביש אונטערן נאָמען „גלויבענס און מיינונגען" (אמונות ודעות) .

סעדיה איז געווען דער ערשטער , וואָס האָט געשאַפען א פאָל־שטענדיגען רעליגיעז־פילאָזאָפישען סיסטעם פון יורענטום . געווענדעט איז געווען דאָס ווערק פון איין זייט געגען די פאַנאַטיקער , וואָס העני־גען אָן זייער גלויבען אין נאַרישע איינבילדונגען, און פון דער צווייטער זייט געגען די סקעפטיקער־אפּיקורסים, וועלכע ווילען גאָרנישט גלויבען. „מיין הארץ איז בעטריבט — שרייבט סעדיה אין דער הקדמה צו דעם ווערק — איבער די מענשען , וואָס האַלטען זיך ביי נישט קיין ריינעם גלויבען און נישט קיין קלאָרע מיינונגען ; א סך אפּיקורסים ווידער שטאָלצירען דערמיט , וואָס זיי לייקענען אלץ אָב ; זיי רעכנען זיך העכער פאַר די מענשען פון אמת און פאַקטיש זענען זיי די פעראיר־טע . איך האָב געזעהען , ווי איינער זינקט אין א ים פון ספיקות , און די אנדערע זענען איינגעהילט אין א פלאָנטער פון טעותים און קיין שווימער איז נישטאָ , וואָס זאָל זיי אַרויסציהען פון דער טיעפעניש ; און ווייל גאָט האָט מיר געשענקט אַזוינס , וואָס וואָלט געקענט דיענען אַט די זיך טרינקענדע , האַלט איך עס פאַר מיין חוב , זיי אַרויסצו־פיהרען אויף דעם ריכטיגען וועג" .

סעדיה ענטוויקעלט צוערשט די קוועלן פון ערקענטניש , מיט דער הילף פון וועלכע מ'קען צוקומען צום אמת און איהם משיג זיין . אָט די קוועלן זענען דריי : דאָס זיכטבאַרע, וואָס ווערט פערנומען מיט די חושים ; דאָס אַבסטראַקטע, וואָס ווערט בעגריפען מיט'ן פערשטאַנד, און די צווינגענדע לאָגישע פאָלגערונג , די ערקענטניש דערפון , וואָס איז לאָגיש נויטווענדיג (די מציאות , למשל , פון א נשמה) . צו די דריי גיט די אמונה צו נאָך א פיערטע קוועלע פון ערקענטניש — די נבואה אָדער די מסורה , אַזוי אז דער עצם מהות פון גלויבען האָט נישט אין זיך קיין שום סתירה צו דעם פילאָזאָפישען בעוואוסטזיין. דאָס אמת'ע גלויבען דאַרף אַלזאָ פאַר'ן ריינעם דענקענדען פערשטאַנד גאָר קיין מורא נישט האָבען ; פערקעהרט , אָט דער פערשטאַנד איז איז בעצם נויטיג , כדי איינצוצווינגען דעם שטראָם פון די ווילקירליכע איינבילדונגען און אַבערגלויבענס .

אויף דעם יסוד פון דער אַלגעמיינער הנחה , טרעט סעדיה צו צו די איינצעלהייטען פון זיין סיסטעם . דאָ זוכט ער קודם כל צו

דערוויַיזען, אַז די וועלט איז בעגרענעצט אין צייט און רוים און איז בעשאפען געוואָרען, אַ דאנק דעם געטליכען ווילען, אין אַ בעשטימטער צייט. פון דעם עיקר דרינגט זיך שוין אַליין אַרויס דער צווייטער, אַז בײַ די פערשידענע ערשײַנונגען פון דער געטליכער מאַכט, איז זי דאָך איינע, און קוים נעהמט מען אָן אַז די איינהייט פאַר דער בעשעפערין פון וועלטאַל, קען מען איהר שוין זיך נישט אַנדערש פאָרשטעלען, ווי זייענדיג (לעבעדיג, ווירקליך), קלוג (אַלוויסענד) און מעכטיג. די דריי אַטריבוטען פון דער גאָטהייט: דאַזיין, קלוגהייט און אַלמעכטיגקייט, מאַכען צוזאַמען איין בעגריף.

די מענשליכע נשמה, ווידער, טראָגט אין זיך אַ אָנגעבוירענע אָבהענגיגקייט פון גאָט און אַ אָנגעבוירענע נייגונג צו איהם; אַ דאַנק דעם בעזיצט דער מענש די פעהיגקייט, אונטערצושיידען דאָס אמת'ע פונ'ם פאַלשען, דאָס גוטע פונ'ם שלעכטען און אַזוי ווייטער. אָט די אָנגעבוירענע העכערע נייגונגען זענען אָבער נאָך נישט גענוג, כדי צו פיהרען דעם מענשען אויפן ריכטיגען וועג בנוגע צו זיין אַלטעגליכען לעבען; דערצו איז נויטיג אַ בעזונדערע ענטפּלעקונג פון דעם געטליכען ווילען — די נבואה, די תורה. דעם מענשען'ס ווילען בלייבט אָבער פריי: ער קען מקיים זיין די מצוות פון דער תורה און קען זיי נישט מקיים זיין. הייסט עס, אַז דאָס גוטס טאָן איז אַ פערדינסט, וואָס דאַרף בעלוינט ווערען, און אַזוי ווי אויף דער וועלט זעהט זיך נישט קיין פאָלשטענדיגקייט אין דעם סיסטעם פון שכר ועונש, וועט די אמת-האַרמאָנישע אויסגלייכונג צווישען לויהן און שטראָף פאָרקומען אויף יענער וועלט. דען דער טויט איז בלויז אַן איבערגאַנג — ער שיידט נאָר אויף אַ ווײַלע אָב דעם גוף פון דער נשמה. די לויטערע נשמות פון די צדיקים דערהויבען זיך דאַן ביז אַן אָרט פון העכסטען גליק, און דאַגעגען בלאָנדזשען די בעטריבטע נשמות פון די רשעים אַרום איבער'ן וועלטאַל און געפינען פאַר זיך קיין מנוחה נישט.

און דערמיט ענדיגט זיך נאָך נישט דער פּראָצעס פון שטראָפען און בעלויהנען — דאָס וועט פאָרקומען אין דעם ווייטערדיגען פאַזיס פון דער מענשליכער עקסיסטענץ, אין דעם פאַזיס פון תחית-המתים, ווען די גופים וועלען זיך ווידער פעראייניגען מיט די נשמות. מיט דעם פאַזיס זענען פערבונדען אויך די גליקליכע משיח'ס צייטען.

ווען אויף דער ערד וועלן הערשען בלויז גליק, אמת און גערעכטיגקייט.

ס׳פערשטעהט זיך, אַז סעדיה׳ס פשרה האָט נישט געבראַכט צו קיין פאָלשטענדיגען אויסגלייך צווישען דער אמונה און דעם רייגעם מענשליכען פערשטאַנד; ביי אַלע איהרע שוואכע זייטען האָט זי אָבער דאָך געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער ווייטערדיגער אויסבילדונג פון דעם יודישען געדאַנק. שוין דער פאַקט אַליין, וואָס אַ גאון און אַ תלמודי׳שער אויטאָריטעט האָט זיך בעשעפטיגט מיט פילאָזאָפישע פראָבלעמען, — האָט אָבגעשוואַכט אין אַ גרויסער מאָס דעם בלינדען גלויבען. די רעליגיעזע עיקרים זענען פון איצט אָן אונטערגעוואָרפען געווען דער פרייער קריטיק, און עס איז פערבליבען אויף אַ לאַנגער צייט. ווי אַ מין מאָדע אין די יודישע אַקאַדעמישע קרייזען, זיך צו בעצהען צו די יסודות פון דער אמונה און צו איהרע געבאָטען מיט מעהר פערשטאַנד און בעוואוסטזיין. שפּעטער, ווען דער צענטער פון דעם יודישען גייסט איז אַריבערגעטראָגען געוואָרען אין׳ם אַראַבישען שפּאַניען, איז סעדיה׳ס רעליגיאָנס-פילאָזאָפיע שטאַרק פערשפּרייט געוואָרען אין דער יודישער וועלט, פריהער אין אַראַבישען אָריגינאַל, און דערנאָך אין דער העברעאישער איבערזעצונג פון דעם בעריהמטען ר׳ יהודה אבן תבון (אין XII-טען יאָהרהונדערט).

דערווייל איז אין דעם פּאָליטישען לעבען פון לאַנד פאָרגעקומען אַ ענדערונג, וואָס האָט זיך גוט אָבגערופען אויף דער לאַגע פון דעם פערטריבענעם דענקער. דער געלדזיכטיגער קאַליף קאַהיר איז געשטאָרבען, און זיין טראָן האָט געירשה׳נט אל-ראַדהי, וועלכער איז געווען צו סעדיה׳ן פיעל בעסער געשטימט. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז עס האָבען זיך פונ׳ם ניי אָנגעהויבען שאַרפע סכסוכים צווישען ביידע פּאַרטייען, וועלכע האָבען זיך געצויגען אַזוי לאַנג, ביז עטליכע איינפלוסרייכע פערזאָנען האָבען ענדליך דורכגעפיהרט אַ פייערליכען שלום צווישען די הויפּטשולדיגע אין די אַלע אַרומרייסענישען: סעדיה און דוד בן זכאי. דער לעצטער האָט נאָכדעם איינגעלאַדען זיין פריהערדיגען שונא צו זיך, איהם אַרויסגעוויזען אַלערליי פריינדליכקייטען און צוריק אומגעקעהרט דעם טיטול ריש מתיבתא.

סעדיה האָט זיך דאַן ענערגיש גענומען אַרבייטען פאַר דער אויפלעבונג פון דעם אַלטען בבלי׳שען צענטער, און באַלד האָט ער זיין ישיבה ווירקליך אויפגעהויבען אויף אַ בעדייטענדער מדרגה. די

שאלות פון אינלענדישע און אויסלענדישע קהלות זענען פון איצט אן ווידער געווענדעט געווען נאר קיין סורא, און סעדיה האט קיין שאלה נישט געלאזען אהן א קלארען ענטפער (אין אראבישׁ אדער העברעאיש). אט די אויפלעבונג איז אבער געווען נישט מעהר, ווי א לעצטער שטראהל פון דער זון פאר איהר אונטערגעהן. אי דער עקזילארך, אי דער גאון, — ביידע זענען געווען כמעט די לעצטע טרעגער פון זייערע טיטולען, און מיט זייער טויט זענען אונטערגע־גאנגען אויך די פאסטענס, וועלכע זיי האבען פערטרעטען.

נאכ'ן טויט פון דוד בן זכאי (940) האט דעם עקזילארכען־טיטול געירשה'נט זיין זוהן יהודה; געטראגען האט ער איהם אבער נאר א קורצע צייט: זיבען חדשים נאכ'ן פאטער'ס טויט איז ער אויך געשטארבען. דאן האט רב סעדיה גאון צוגענומען צו זיך צום ערציהען דעם איבערגעבליבענעם מינדעריעהריגען זוהן פון דעם פערשטארבענעם עקזילארך, און האט איהם געלעהרנט און געבילדעט. אין דער צייט איז די עקזילארכען־שטעלע אינגאנצען נישט פערנומען געווען, און ווען דער יונגסטער צווייג פון דעם עקזילארכען־בוים איז מינדיג געווארען, האט דער מחמר'נישער המון זיך גראד צעווילדעוועט און איהם געטויט. איבער דעם פאל האבען די פערטרעטער פון יורענטום בעשלאסען, נישט צו בעשטימען מעהר קיין נייעם עקזילארך, כדי נישט אויפצו־רייצען דעם האס פון המון. אזוי איז אונטערגעגאנגען דער טיטול, וואס האט גאנצע זיבען הונדערט יאהר פארגעשטעלט מיט זיך די יודישע פאליטישע און קולטורעלע זעלבסטשטענדיגקייט. די איינהייט האט זיך איצט געהאלטען בלויז אויף די צווי ישיבות; באלד אבער האט אויך זייער שעה געשלאגען.

נאך רב סעדיה'ס טויט (942) האט די סורא'ענישע אקאדעמיע פערלוירען איהר גאנצע בעדייטונג. סעדיה האט אפילו איבערגעלאזען א זוהן, וועלכער איז געווען תלמודיש און פילאזאפיש געבילדעט; דער טיטול גאון איז אבער איבערגעגאנגען נישט צו איהם, נאר צו דעם פריהערדיגען דערוואיליגען ריש מתיבתא יוסף בן־יעקב, וועלכער איז נישט אימשטאנד געווען צו דערהאלטען דעם אנזעהען פון דעם אלטען צענטר. די צאהל תלמידים איז וואס ווייטער אלץ קלענער געווארען, די הכנסות פון דער ישיבה זענען שטארק געפאלען און ענדליך איז די פון דעם גרויסען רב געגרינדעטע בבלישע אקאדעמיע פערמאכט געווארען (948) אויף אייביג. נאכדעם ווי זי האט גאנצע זיבען

הונדערט יאָהר פערשפרייט ליכט און גייסט אין די פערוואָרפענסטע ווינקעלעך פון דער דיאַספאָראַ .

מעהר לעבענס-קראַפט האָט אַרויסגעוויזען די ישיבה אין פומבדיתא ; זי האָט זיך נאָך גאַנצע הונדערט יאָהר געראַנגעלט מיט'ן אונטערגאַנג , און דערהאַלטען דעם כבוד פון די בבל'ישע יודען , אַלס טאָן-געבער פון דעם גאַנצען פאָלקסלעבען ; אָט די ראָליע האָט זיך איצט אָבער אַליין מעהר אריבערגעטראָגען אין די מערב-לענדער , וואו עס האָבען זיך באַלד אויסגעבילדעט נייע צענטערן מיט נייע לאָזונגען .

ווענען דעם איבערגאַנג גופא פון דער נאַציאָנאַלער העגעמאָניע איז דערגאַנגען צו אונז די פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע לעגענדע : פיער חברים (תלמידי חכמים) זענען אַוועקגעשיקט געוואָרען פון בבל אין די מערב-לענדער (אַפריקא , שפּאַניען) , צו זאַמלען דאָרטין געלד פאַר דער פערארימטער ישיבה פון סורא . ווייל אָבער פון הימעל איז שוין נגזר געוואָרען אויף סורא , אַז זי זאָל פערמאַכט ווערן , האָט אַ שטאַרקער שטורם-ווינט פערטראָגען זייער שיף אויף אַ איטאַליענישען ברעג , נעבען דער שטאָדט באַרי , וואו אַ מויריש-שפּאַנישער אדמיראַל האָט געפאַנגען די שלוחים און זיי אַוועקגעפיהרט איינעם קיין מצרים , דעם אַנדערן קיין אַפריקא , דעם דריטען קיין קאָרדאָוואַ און דעם פיערטען—לויט דער השערה—קיין נאַרבאָנאַ . אַזוי זענען די בבלי'שע שלוחים צושפּרייט געוואָרען איבער אַלע ווינקלען פון דער ערד , און האָבען געגרינדעט גרויסע ישיבות יעדערער אין דעם לאַנד , וואו דער גורל האָט איהם פערוואָרפען .

# ערשטעס קאַפּיטעל.

## נייע קולטור־צענטערן אין מערב־איראָפּא.

---

אין דער צייט, ווען די גרויסע גייסטיגע צענטערן אין בבל האָבען זיך געראַנגעלט מיט׳ן אונטערגאַנג, איז אין די לענדער פון מערב־אייראָפּא פאָרגעקומען אַ שטאַרקע גייסטיגע אויפלעבונג, וואָס האָט געשאַפען נייע צענטערן פאַר דעם יודישען געדאַנק.

אַ גרויסע ראָליע אין דער פערשפּרייטונג פון דער יודישער געזעצלעהרע זאָלען האָבען געשפּיעלט די לעגענדאַרישע פיער שלוחים פון סורא, וועלכע דער מחמר׳נישער אַדמיראַל אב׳ן רומאַהיס האָט געפאַנגען און פערקויפט. דער ערשטער פון די פיער, ר׳ שמריה בן אלחנן, איז פערקויפט געוואָרען אין אַלעקסאַנדריע, און נאָכדעם ווי די דאָרטיגע יודישע קהלה האָט איהם אויסגעלייזט, איז ער אַוועק קיין קאַהיר און געגרינדעט דאָרט אַ גרויסע ישיבה; דער צווייטער, חושיאל, איז אויסגעלייזט געוואָרען אין אַפריקאַ און האָט זיך בעזעצט אין קיירואַן; דער דריטער, וועמעס נאָמען ס׳איז נישט גענוי בעשטימט, האָט זיך געמוזט דערשלאָגען קיין נאַרבאָנאַ, און דער פיערטער, ר׳ משה בן חנוך, וועלכער איז אַממערסטען צרות אויסגעשטאַנען אין וועג, האָט דערפאַר אויך אַממערסטען אויפגעטאָן פאַר דער אויפלעבונג פון שפּאַנישען יודענטום.

ר׳ משה איז געווען דער איינציגער צווישען די פיער, וואָס האָט געהאַט מיט זיך אַ קליינעם זוהן און אַ יונגע שענע ווייב, אויף וועלכער דער מוירִיטאַנישער אַדמיראַל האָט געקוקט מיט גלוסטענדע

אויגען. די יודישע מאַלטער האָט געזעהען די געפאַהר, אין העלפער זי גענפינט זיך, און האָט זיך בעשלאָסען אויף א געוואגטען שריט; זי האָט אויף העברעאיש געפרעגט איהר מאַן, צי די דערטרונקענע אין ים וועלען אויפשטעהן תחית המתים, און ווען ער האָט איהר געענט-פערט מיט'ן פסוק פון תהלים: „אמר ד' מבשן אשיב, אשיב ממצולות ים" (גאָט זאָגט: פון בשן וועל איך אומקעהרען, איך וועל אומקעהרען פון די טיעפעניש פון ים), — האָט זי זיך אריינגעוואָרפען אין די ברויזענדע חוואליעס.

א דערשלאָגענער איז דאַן ר' משה געבראַכט געוואָרען קיין קאָר-דאָווא, וואו די יודישע קהלה האָט איהם אויסגעליזט. קיינער האָט אָבער דערווייל נאָך נישט געוואוסט, אז אָט דער אויסגעליזטער שקלאַף האָט מיט דער צייט אַוועקשטעלען שפאַניען בראש פון דער גאַנצער אומה; ר' משה האָט זיך מיט זיין לומדות נישט בעריהמט און איז געגאַנגען זעהר אָרים געקליידט, נאָר איינמאָל האָט זיך געמאַכט, אז ער איז געשטאַנען ביים טהיר פון דער ישיבה און האָט געהערט, ווי דער ראש ישיבה טייטשט פאַלש אויס א געוויסע תלמודישע הלכה, האָט ער זיך אָנגערופען און ערקלערט דעם ריכטיגען פשט. די ער-שטוינטע תלמידים האָבען זיך דאַן געווענדעט צו איהם מיט פערשיע-דענע שווערע תלמודישע שטעלן, און ווען אלע האָבען געזעהען די לומדישע גרויסקייט פון דעם אָרימען וואַנדערער, האָט דער ראש ישיבה אליין איהם אָבגעטרעטען זיין פלאַץ. „איך בין נישט מעהר אייער דיין: — האָט ר' נתן (דער ראש ישיבה) ערקלערט זיינע תלמי-דים — דער טיטול געהערט אָט דעם אָרימען פרעמדען. ער איז מיין רבי, און איך וועל פון איצט אָן זיין זיין תלמיד". די קהלה האָט באלד אויסגעקליבען ר' משה'ן פאַר א דיין, און פון דעמאָלט אָן איז קאָר-דאָווא געוואָרען א גרויסער יודישער צענטר מיט א בעדייטענדער, אונאָבהענגיגער ישיבה.

עס וואָלט אָבער זיין נישט ריכטיג אָנצונעהמען, אז די ישיבה אליין אין קאָרדאָווא האָט אוועקגעשטעלט שפאַניען בראש פון גאַנצען יודענטום. דאָ זענען נאָך צוגעקומען די אלגעמיינע פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע בעדינגונגען, וועלכע האָבען געמאַכט דעם שפאַנישען באָדען בעזונדער גינסטיג פאַר א יודישער גייסטיגער אויפלעבונג. האָבענדיג פון איין זייט דאָס קריסטליכע אייראָפּא, וואָס איז נאָכ'ן אָבשטאַרבען פון די ערשטע קאַראָלינגען צוריק פערזונקען געוואָרען

אין פּאַלעסטינער-פֿינסטערניש, און פֿון דער צווײטער זײַט דעם אָבגעשוואַכטן קאַליפֿאַט פֿון די מזרח-לענדער, — האָט דאָס אַראַבי-שע שפּאַניען פֿאַרגעשטעלט מיט זיך דעם אײנציקן ליכטיקן פּונקט אין דער גאַנצער וועלט. אונטער דער הערשאַפֿט פֿון אַבדול-רחמן III (912 — 61), וועלכער האָט דער ערשטער אָנגענומען דעם פֿולן קאַליפֿן-טיטול עמיר-אַל-מומינין (פֿירשט פֿון די גלויביקע), איז שפּאַנ-יען געווען דער אײנציקער ווינקעל פֿאַר קונסט און וויסנשאַפֿט, און מיט זײַן הערשען הויבט זיך אָן די קלאַסישע צײַט פֿון דער מושלמעני-שער קולטור-אויפֿלעבונג, וואָס איז געגאַנגען צוזאַמען מיט רײַכטום און קראַפֿט.

אַממערהסטען האָבען אין דער צײַט געגאָלטען אין שפּאַניען די ליעבלינגען פֿון דער מוזע: די מײַסטער פֿון ריטמישע קלאַנגען און געפֿליגעלטע שלאַגווערטער. אַ געלונגען ליעד איז כמעט מעהר גע-פֿײַערט געוואָרען פֿון אַ געלונגענעם קריגסצוג, און דאָס לעצטע האָט ווידער געדינט אַלס שטאָף פֿאַר פּאָעטישע שאַפֿונגען. יעדע אָנגעזע-הענע פּערזאָן, פֿון קאַליף ביז'ן לעצטען פּראָווינץ-באַאַמטען, איז גע-ווען שטאָלץ דערויף, צו קענען רעכנען דעם און דעם געלעהרטען אָדער דיכטער אין דער רײַהע פֿון די הויז-פֿרײַנד, און מיט דער צײַט זענען כמעט אַלע גרעסטע אַמטען פֿון דער מלוכה פֿערנומען געוואָרען פֿון גײַסט-מענשען.

אין אַזאַ אַטמאָספֿערע האָט נישט געדאַרפֿט לאַנג דויערן, ביז עס זאָל זיך אַרויסווײַזען די אָנגעבוירענע שאַרפֿקײַט און עמפּפֿינדליכקײַט פֿון דעם יודישען גײַסט, און באַלד איז דאָס יודישע שפּאַניען געוואָרען „אַי אַ שמעקעדיגער גאָרטען פֿון הײַטערער, לעבענספֿרעהליכער פּאָעזיע, אַי אַ אָרט פֿון ערנסטער פֿאָרשונג און קלאָרען געדאַנק". יודען האָבען צוגלײַך מיט די מוזאַראַבען (די קריסטען, וואָס האָבען געלעבט צווישען מחמד'נער) דערלערנט די אַראַבישע שפּראַך און איהר ליטעראַטור, און זיך אײַנגעלעבט מיט אַלע שענע זײַטען פֿון דעם הערשענדען פֿאָלק. אין דער צײַט אָבער, ווען די מוזאַראַבען האָבען דערבײַ מקריב געווען זײַער אײגענעם וועזען, פֿערגעסען זײַער מוטער-שפּראַך (דעם גאָטישען לאַטײַן) און זיך געשעמט מיט'ן קריסטענטום, — האָבען די יודען פֿון זײַער וועזען קײַן זאַך נישט אָוועקגעגעבען. זײַ האָבען נאָר גענומען דאָס שענסטע און בעסטע פֿון דער הערשענדער קולטור — די קינסט-לערישע פֿאָרם, דעם פֿרײַען געדאַנק — און דאָס אײַנגעפֿלאַנצט אין

דעם אייגענעם קולטור-גארטען: צוגעפאסט אלע וועלטליכע אמת'ען צום אמת פון יודענטום, און אויסגעזוכט אלע שענקייטען פון הארץ און מוח אין העברעאיש-לויטערע קלאנגען. —

אזוי האט זיך גליקליכערווייז אלץ פעראייניגט צום גונסטען פון שפאנישען יודענטום, און באלד האבען זיך אויך די פערזאנען געוויזען, וועלכע האבען אנגעפיהרט מיט'ן שטראם פון דער דאזיגער גייס-טיגער אויפלעבונג און איהם געגעבען א געוואונשענע ריכטונג. דאס זענען געווען דער דערמאנטער תלמודישער געלעהרטער ר' משה בן חנוך, דער ערשטער העבראישער גראמאטיקער פון אנדאלוזיען מנחם בן סרוק און דער בעשעפער פון א קונסטפארם פאר דער העברעאישער פאעזיע דונש בן לברט. צו די מוז מען צוגעבען נאך א פיערטען, וועלכער איז, לויט זיין געזעלשאפטליכער לאגע, גע-שטאנען איבער די דריי און האט זיי געגעבען די מעגליכקייט צו ענטוויקלען זייער טעטיגקייט: חסדאי אבן-שפרוט (אבו-יוסוף-חאסדאי-בן-יצחק איבן שאפרוט, געב. 915, געשט. 970), פון דער משפחה אבן-עזרא.

חסדאי'ס פאטער, יצחק, איז געווען איינער פון די אנגעזעהענ-סטע יודען אין קארדאווא, און א דאנק זיין איניציאטיווע איז דארט אויפגעשטעלט געווארען די בעריהמטע שענע שוהל, וואס האט הונדער-טער יאהרען בעקרוינט דאס יודענטום אין שפאניען. זייענדיג אליין געבילדעט און רייך, האט יצחק געגעבען זיין זוהן אן'אלגעמיינע ברייטע בילדונג, לויט די בעגריפען פון יענער צייט: חסדאי האט גרינדליך שטודירט מעדיצין און געקענט העברעאיש, אראביש און לאטייניש — די אפיציעלע שפראך פון דער דעמאלדיגער קריסטליכער וועלט.

אט די קענטעניסען צוזאמען מיט די אנגעבוירענע פעהיגקייטען פון דעם יונגען יודישען אריסטאקראט האבען צוגעצויגען די אויפמערק-זאמקייט פון אבדול רחמן III, וועלכער האט געהאט בעציהונגען מיט פערשיעדענע קריסטליכע הויפען. חסדאי איז דאן בעשטימט געווארען פריהער פאר א לייב-מעדיק פון קאליף, דערנאך אויך פאר א דיפלא-מאטישען פערמיטלער און יועץ פון דער מלוכה (941).

אויף דעם פאסטען האט חסדאי עטליכע מאל ארויסגעוויזען בעדייטענדע דיפלאמאטישע פעהיגקייטען, וועלכע האבען גרויסע נוצען געבראכט די אינטערעסען פון דער מלוכה; דאס האט נאכמעהר אויפ-געהויבען זיין אנזעהען אין הויף, און ער איז געווארען כמעט דער

אײַנציגער טאָן-געבער בנוגע צו אַלע מלוכה-פראַגען . דער הויף נע-שעצטער שטאַאַטסמאַן האָט אָבער קײנמאָל נישט פערגעסען זײַנע ברידער , און וואו נאָר ער איז אימשטאַנד געווען צו העלפען מיט זײַן אָנזעהען אָדער מיט זײַן רײַכטום , האָט ער אויף זײ נישט געלאָזען וואַרטען .

חסדאי האָט אַ סך מיטגעווירקט צו פערבינדען דיפּלאָמאַטישע בעציהונגען צווישען דעם שפּאַנישען קאַליפאַט און דער ביזאַנטינישער מלוכה , און אין גיכען איז קײן קאָרדאָוואַ אָנגעקומען אַ דעפּוטאַציע פון קעניג קאָנסטאַנטין VII , וועלכע האָט געבראַכט דעם קאַליף טײַערע מתנות ; צווישען די לעצטע האָט זיך געפונען אויך אַ עקזעמ-פּליאַר אַ יקר המציאות פון אַ גריכיש מעדיצינישע ווערק , מיט וועלכען אַבדול רחמן האָט זיך זעהר געפרעהט ; דאָס ווערק אַלײן איז אָבער געבליבען נישט צוגענגליך פאַר די מעדיקער פון קאַליף'ס הויף , ווײַל קײנער האָט דאָ קײן גריכיש נישט פערשטאַנען . אַבדול רחמן האָט זיך דאַן געווענדעט צום ביזאַנטינישען קעניג מיט דער בקשה , ער זאָל איהם צושיקען אײנעם , וואָס קען איבערזעצען דאָס ווערק אויף אַן'אַנדער שפּראַך , און דער אָנגעקומענער מאָנאַך ניקאָלאַס האָט עס איבערזעצט אויף לאַטיניש ; פון דער לאַטינישער איבערזעצונג האָט חסדאי , אויף אַבדול'ס פערלאַנג , דערנאָך געמאַכט אַן'אַראַבישע , און דער קאַליף האָט זיך שטאַרק געפרעהט מיט דער וויסענשאַפטלי-כער ענטפּלעקונג .

אַן'אַנדער ראָליע האָט חסדאי געשפּיעלט בײַ דער דעפּוטאַציע , וואָס דער מעכטיגער דײַטשער קײזער אָטאָ I האָט געשיקט קײן קאָרדאָוואַ . דאָס איז געווען אַ ענטפער אויף דער דעפּיטאַציע , וואָס אַבדול-רחמן האָט שוין געהאַט פריהער געשיקט צו דעם דײַטשען קײזער , און ווײַל אין אַבדול'ס בריעף האָבען זיך געפונען עטליכע בעלײדיגענדע אויסדריקען וועגען קריסטענטום , האָט אָטאָ געלאָזען וואַרטען די אַראַבישע שלוחים אַ לאַנגע צײַט , ביז ער האָט זײ אויפ-גענומען . איצט , מיט דער דעפּוטאַציע אונטער דער אָנפיהרונג פון גײַסטליכען יאָהאַן געריצער (556), האָט דער דײַטשער קײזער געשיקט אַ ענטפער אויף אַבדול'ס בריעף, און דאָ האָבען זיך ווידער געפונען שאַרפע אויסדריקען געגען איסלאַם . דערפון האָט זיך אַבדול דער-וואוסט מן הצד , און ער האָט אין דעם משך פון איבער אַ יאָהר צײַט נישט געוואָלט אָננעהמען די דײַטשע דעפּוטאַציע . דאַן האָט

חסדאי זיך אַריינגעמישט אין דעם סכסוך און ער האָט ענדליך געפועלט ביים אבאט יאָהאַן, ער זאָל אַרויספאָדערן פון דײַטשען קייזער אַנאַנדער בריעף (959—956), וואָס זאָל זײַן געשריבען אין א מעהר אָנשטענדיגער פאָרם. דער אַבאַט האָט זיך, איבּריגענס, ביי דער געלעגענהייט אויסגעדריקט, אַז ער האָט „נאָך קיינמאָל נישט בּעגעגענט אַ מענשען מיט אַזאַ אייַדעלען פערשטאַנד, ווי דער יוד חסדאי".

אַלס וואַרימער יוד, פלעגט חסדאי ביי יעדער דעפּוטאַציע פון וועלכען ס'איז לאַנד זיך שטאַרק נאָכפרעגען אויף דער לאַגע פון די דאָרטיגע יודען, און איינמאָל האָבען איהם די שלוחים פון פערסיען דערצעהלט, אַז ערגעץ־וואו אין די וויַיטע מקומות עקסיסטירט א זעלבסטשטענדיגע מלוכה מיט אַ יודישען מלך. דאָס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דער כאַזאַרישער מלוכה, וואָס האָט עקסיסטירט צו יענער צייַט אין דרום־מזרח אייראָפּא אויף די ברעגעס פון קאַספּישען ים, און חסדאי האָט זיך מיט דעם פאַקט שטאַרק פעראינטערעסירט. ער האָט דעריבער נישט אויפגעהערט נאָכצופרעגען וועגען דער דאָזיגער מלוכה און ענדליך איז ער פון די ביזאַנטינישע שלוחים דער־גאַנגען, אַז דאָס כאַזאַרישע קעניגרייך איז אינגאַנצען פופצעהן טאָג רייזע ווייט פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אַז די ביזאַנטינישע מלוכה שטעהט אין אַ נאָהנטען פערקעהר מיט'ן לאַנד פונ'ם חאַגאַן יוסף.

חסדאי האָט דאַן פעסט בעשלאָסען, אַריינצוטרעטען אין א שריפטליכער פערבינדונג מיט דעם ווייטען יודישען מלך, און ער האָט געפּרובט בעזאָרגען צו איהם א בריעף דורך די קאָנסטאַנטינאָפּאָלער שלוחים; דאָס האָט זיך אָבער נישט איינגעגעבען: קאָנסטאַנטין האָט מודיע געווען חסדאי'ן, אַז דער וועג צו די כאַזאַריער איז אַ ווייטער און אַ מסוכנ'דיגער און ער קען אַהין דעם בריעף נישט בעזאָרגען. דערווייל איז קיין קאָרדאָווא אָנגעקומען אַ נייע דעפּוטאַציע פון דעם סלאַווישען קעניג הונו (אָדער דוקו) ביים דונאַי, אין וועלכער עס האָבען זיך געפונען צוויי יודען. אָט די יודישע שלוחים האָבען אויך געוואוסט צו דערצעהלען געוויסע פרטים וועגען דער כאַזאַרישער מלוכה, און זיי האָבען זיך אונטערגענומען צו בעזאָרגען חסדאי'ס בריעף צו די יודען אין אונגאַרן, וועלכע וועלן איהם שוין דערנאָך איבּער רוסלאַנד און בולגאַריען, בעזאָרגען ווייטער.

און דאָ אין דעם בריעף שפּיגעלט זיך איצט אָב די גאַנצע

גײַסטיקע פיזיאָנאָמיע פון דעם דאָזיקן בעגאַבטן שטאַאַטסמאַן און מערקווירדיקן יודען . אין אַ ריין העברעאישער שפּראַך (געשריבען אין אַקראָסטישע פערזען אין געשמאַק פון יענער צײַט) בעקאַנט פריהער חסדאי דעם מלך מיט דער פּאָליטישער און געאָגראַפישער לאַגע פון שפאַניען און מיט דער לאַגע, וואָס ער, חסדאי, פערנעהמט אין הויף פון שפּאַנישען הערשער. דערנאָך שילדערט ער איהם אַלע שוועריגקייטען, וואָס ער האָט געהאַט, ביז איהם האָט זיך אֶנדליך אײַנגעגעבען, אַרײַנצוטרעטען אין אַ שריפטליכער בעציהונג מיט דעם יודישען הערשער פון אַ פרײַער יודישער מלוכה. „דאָס אלץ — שרײַבט חסדאי — האָב איך געטאָן נישט פון מײַן כבוד וועגען, נאָר כדי צו דערגעהן דעם אמת, צי ס'איז פערהאַן אַ ג'אָרט אויף דער וועלט, וואו דער פערטריבענער יוד האָט זײַן הערשאַפט, און קיינער געוועלטיגט איבער איהם נישט". „און ווען איך וואָלט וויסען, אַז דאָס איז אמת, וואָלט איך פערמאוסט מײַן כבוד, זיך אָבגעזאָגט פון מײַן גרויסקייט און פערלאָזען מײַן משפחה, און וואָלט געגאַנגען פון באַרג צו טאָל, אויפן ים און אויף דער יבשה ביז איך וואָלט קומען צו דעם אָרט, וואו ס'רוהט מײַן האַר, דער יודישער מלך, צו זעהן זײַן גרויסקייט און זײַן מעלטיגקייט און דעם בעשטאַנד פון זײַנע דיענער און די מנוחה פון ישראל'ס איבערבלײַבעניש." „דען ווי קען איך שווײַגען, ווען איך דערמאָן מיך אָן דעם חורבן פון אונזער שענקייט און אָן דער איבערבלײַבעניש פון שווערד, וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך פײַער און דורך וואַסער... זיך ארומוואַלגערנדיג אין גלות, זענען מיר געבליבען ווענ'ג פון פיעל און האָבען פערלויר'ען דעם כבוד און קענען זיך נאָרנישט העלפען, ווען די גוים זאָגען צו אונז: יעדעס פאָלק האָט אַ מלוכה און איהר האָט קיין זכר נישט פון אַ לאַנד."

איבער דעם אַלעם בעט חסדאי פונ'ם יודישען מלך אויספיהר-ליכע ידיעות וועגען דער אָבשטאַמונג פון די כאַזאַרען, וועגען זייער פּאָליטישער און געזעלשאַפטליכער לאַגע און אויך וועגען זייערע מנהגים: צי האַלטען זיי מלחמה אום שבת, צי קענען זיי די העבּרעאישע שפּראַך און אַזוי ווײַטער.

חסדאי'ס בריעף איז גליקליך אָנגעקומען אין די הענד פון דעם כאַזאַרישען מלך. דאָס איז געוועזן דער עלפטער יודיש-כאַזארישער חאַגאַן פון עובדיה'ן אָן, מיט'ן נאָמען יוסף בן אהרן, און דער צושטאַנד פון כאַזאַריען איז נאָך דערווײַל געוועזן זעהר אַ גוטער, האָטש

אַ סך פון די אונטערגעוואָרפענע פּראָווינצען האָבען זיך שוין געהאַט בעפרייט פון דער כאַזאַרישער הערשאַפט. אין דעם שטח פון דער מלוכה זענען אריין אַלע לענדער צו צפון זייט פון קאַספּישען ים ביז׳ן אוראַל און דאָן, פון קאַווקאַז ביז׳ן דניעפּר און פון דער וואָלגאַ ביז די קאַלמיקישע מדבריות; די רעזידענץ פון חאַגאַן האָט זיך געפונען אויף איינער פון די וואָלגאַ-אינזלען און האָט געהאַט אַ קינסטלעריש-פּערפּוצטען פּאַלאַץ מיט אַ גאָלדענעם טויער.

האָבענדיג געגען זיך די רוסען, וועלכע האָבען כסדר געזוכט אָבצורייסען פּראָווינצען פון דער שכני׳שער כאַזאַריען, האָבען די כאַזאַרישע מלכים נעמוזט אויסהאַלטען אַ שטענדיגע אַרמעע, און אין דער צייט האָט נאָך ביזאַנטיען געציטערט פאַר דעם יודישען חאַגאַן און איהם בעעהרט מיט אַלערליי טיטולען.

ביי אַזאַ לאַגע האָט חסדאי׳ס בעגייסטערטער בריעף געמוזט אַרויסרופען בייים חאַגאַן אַ שטאַרקע צופריעדענהייט, און ער האָט גלייך געלאָזען אָנשרייבען אַ העברעאישען ענטפער צו דעם פאָרשטעהער פון די יודישע ברידער אינ׳ם ווייטען שפּאַניען. אין דעם בריעף דריקט דער מלך אויס זיין פריידע איבער דעם וואַרימען גרוס פון די שפּאַנישע יודען; אין דער זעלביגער צייט ערקלערט ער אָבער אויך חסדאי׳ן, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט, אויב ער האָט גערעכענט די כוזרים פאַר אַ טייל פון די פערלוירענע „עשרת השבטים“, ווייל זיי שטאַמען באמת פון אַ פינישען אָדער סלאַווישען שבט. דערנאָך שילדערט יוסף אויספיהרליך דעם פאַקט, ווי אַזוי איינער פון זיינע עלטער-עלטער-זיידעם איז איבערגעגאַנגען צום יודענטום, און ענדיגט זיין האַרציגען בריעף מיט די ווערטער: מיר — אונזערע אויגען זענען געווענדעט צו גאָט, אונזער גאָט, און צו די יודישע חכמים, וואָס אין ירושלים און אין די בבלי׳שע ישיבות, און מיר זענען ווייט פון ציון. זאָל גאָט דערנעהנטערן די אויסלייזונג פון ישראל, זאָל ער צוזאַמענגעהמען די קינדער פון דעם צושטרייטען פאָלק נאָך פאַר אונזערע צייטען. דערביי בעטאָנט דער מלך, אַז ער וואָלט אויך וועלן שטאַרק זעהען דעם קלוגען און געבילדעטען יודישען פירשט, און איהם מאַכען פאַר זיין העלפער און יועץ.

דער בריעף איז אָנגעקומען צו חסדאי׳ן אין יאָהר 960, און אין עטליכע יאָהר אַרום האָט זיך די לאַגע פון דער יודישער מלוכה אינגאַנצען געענדערט. דער רוסישער פירשט סוויאַטאָסלאַוו פון קיעוו

האָט אונטערוואַרטעט אָבגעהאַלטען אַ גרויסען נצחון איבער דער כּאַזאַרי־שער הויפּטשטאָדט (965), און די גרענעצען פון דער מלוכה זענען וואָס ווײַטער אַלץ ענגער צונויפגעצויגען געוואָרען, אַזוי, אַז יוסף איז געווען כּמעט דער לעצטער פון די מעכטיגע כּאַזאַרישע מלכים.

געענדערט האָט זיך אונטער דער צײַט אויך די לאַגע אין'ם שפּאַ־נישען הויף. דער קאַליף אַבדול רחמן איז געשטאָרבען און די הערשאַפט איז איבערגעגאַנגען צו זײַן זוהן אַ ל ־ ח כ י ם. דער לעצטער האָט אויך פערשטאַנען אָבצושאַצען חסדאי'ס דיפּלאָמאַטישע פעהיגקײַטען, און האָט איהם איבערגעלאָזען אויף זײַן פּאָסטען; אַ דאַנק דעם האָט חסדאי גע־האַט די מעגליכקײַט, פאָרטצוזעצען זײַן טעטיגקײַט אַלס בעשיצער פון יודישע דיכטער און געלעהרטע, וואָס ס'האָט אַ סך מיטגעווירקט צו בעפרײַען דאָס שפּאַנישע יודענטום פון דער אַפּוטראָפּסות פון די בבלישע גאונים.

די בעדײַטענדסטע צווישען די דיכטער און דענקער פון יענער צײַט זענען געווען די דערמאָנטע מ נ ח ם בן ס ר ו ק און ד ו נ ש בן ל ב ר ט. בײדע האָבען פלײַסיג געאַרבײַט איבער דעם שטודיום פון דער העברעאישער שפּראַך, און אויסער זײערע בעדײַטענדע פאָרשונגען אין דער העברעאישער גראַמאַטיק, האָבען זײ די שפּראַך גופא אויך בערײַ־כערט און פערשענערט. זײ האָבען די ערשטע אײַנגעפיהרט אין דער העברעאישער פּאָעזיע אַ פערז־מאָס מיט ריטמישע קלאַנגען און סימעט־רישע זאַצען, און אויך דער אינהאַלט פון דער נײַ־העברעאישער פּאָעזיע איז אַ סך רײַכער און פילזײַטיגער געוואָרען אַ דאַנק די שאַפונגען פון די דאָזיגע אַנדאַלוזיש־יודישע דיכטער. אויב העברעאיש איז ביז יענער צײַט נישט אַרויסגעגאַנגען כּמעט פון די גרענעצען פון אַ ה י י ל י ג ע ר ש פּ ר אַ ך, פון אַ שפּראַך פאַר אַלערלײ תּפלות, בקשות און אַנדערע רעליגיעזע מאָטיווען, — איז עס איצט צום ערשטען מאָל וו אָ כ ע ד י ג, ו ע ל ט ל י ך געוואָרען. מיט די שאַפונגען פון דונש און מנחם האָט זיך די העברעאישע שפּראַך בעפרײַט פון איהר אײביגען ש ו ה ל ־ כּ אַ ר אַ ק ־ ט ע ר — זי איז אַרויסגעטראָגען געוואָרען, אויב נישט אין גאַס, איז אין סאַלאָן, אין די פּאַלאַצען פון די יודישע געלד־ און גײַסט־אַריסטאָ־קראַטען.

און אויך אין ד ע ר הינזיכט האָט זיך שטאַרק געשפּירט די וויר־קונג פון דעם פערעהרטען יודישען מעצענאַט. דער לעצטער, א ב ן ש פּ ר ו ט, מיט זײַן אימפּאָזאַנטער פּערזענליכקײַט. האָט אַרויסגערופען

ביי די יודישע דיכטער א פערלאנג, צו בעזינגען זיין גרויסקייט, און וועלנדיג איבערשטייגען איינער דעם אנדערן, האט זיך דערוויילע יעדע-רער געפלייסט ארויסצעווייזען וואס מעהר גייסט און געשיקליכקייט אין זיינע דיכטערישע שאפונגען.

פונ'ם לעבען פון די ביידע געלעהרטע זענען דערגאנגען צו אונז וועניג ידיעות. מנחם בן סרוק פון טארטאזא (געב. 910, געשט. 970) איז אין דער יוגענד געשטיצט געווארען פון חסדאי'ס פאטער, יצחק, און נאכדעם, ווי חסדאי איז נתעלה געווארען, האט ער דעם געדריק-טען געלעהרטען געבראכט צו זיך קיין קארדאווא און איהם געגעבען די מעגליכקייט, זיך איבערצוגעבען זיינע וויסענשאפטליכע ארבייטען. מנחם האט דאן געשאפען א פאלשטענדיגען העברעאישען ווערטער-בוך (955) מיט בעדייטענדע גראמאטישע כללים, וואס האט ארויסגעשטופט אינגאנצען דעם פריהערדיגען ווערטערבוך פון ר' סעדיה גאון און איז פערשפרייט געווארען אויך אין פראנקרייך און איטאליען. דעם גליקלי-כען הויף-פאעט איז אבער נישט בעשערט געווען, נחת צו האבען פון זיין ארבייט: ער האט בעקומען פאר זיך א פערביטערטען געגנער אין דער געשטאלט פון דעם בעגאבטען דונש בן לברט (80 — 920).

א געבוירענער אין באגדאד, האט דער פערמעגליכער דונש אויסגעוואנדערט קיין פעץ, פון וואנען חסדאי האט איהם אריבערגעצויגען קיין קארדאווא, און אין יענער צייט איז ער שוין בעקאנט געווען פאר א בעדייטענדען דיכטער און שפראך-קינסטלער. און אט, ווען ס'איז פערעפענטליכט געווארען מנחם'ס ווערטער-בוך, האט דער היציגער דונש אנגעשריבען געגען איהם א שארפען פאלעמישען ארטיקעל, אין וועלכען ער האט שטארק אנגעגריפען מנחם'ס אויפפא-סונגען און איהם בכלל מבטל געווען. דעם ארטיקעל האט דונש, ווי דער מנהג איז געווען, אויך געווידמעט דעם בעריהמטען מעצענאט, וועלכען ער האט פערשכור'ט מיט זעהר חניפה'דיגע לויב-לידער, און דער סוף איז געווען, אז מנחם האט פערלוירען אינגאנצען דעם חן אין די אויגען פון זיין בעשיצער און איז אפילו פון איהם שטארק בעליידיגט געווארען. די תלמידים פון דעם בעליידיגטען זענען דאן ארויסגעטרעטען געגען דעם שטאלצען דונש און פערטיידיגט די כללים פון זייער רבי'ן, און פון דער ליידענשאפטליך-סאטירישער פאלעמיק האט דערוויילע די העברעאישע שפראך פערדיענט: זי איז פליסענדער און בעוועגליכער געווארען.

די אויפלעבונג פון שפּאַנישען יודענטום וואָלט אָבער נישט גאַנץ זײַן, ווען זי וואָלט זיך בעגרענעצען בלויז מיט די פאָרשונגען אויף דעם געביעט פון דער העברעאישער שפּראַך; אום זיך צו בעפרײַען פון דער בבלי׳שער אַפּוטראָפּסות איז בעזונדער נויטיג געווען אַ תלמודי׳שער צענטער, און דאָס האָט זײַ געגעבען די ישיבה פון דעם דערמאָנטען ר׳ משה בן חנוך. דער לעצטער איז אויך שטאַרק געשטיצט געוואָרען פון דעם יודישען שטאַאַטס-מאַן, וועלכער האָט איהם געהאָלפען אָרגאַניזירען זײַן זעלבסטשטענדיגע ישיבה, און אין אַלגעמײַן האָט דאָ דער צופאַל אַזוי ווי צוגעטראָפען דעם סאַמע גינ־סטיגסטען מאָמענט, פערוואַרפענדיג איצט אַהער אַ בעריהמטען בבלישען געזעצלעהרער. נישט בלויז די יודישע קהלות — די קאַליפען אַפּילו זענען אויך שטאַרק צופריעדען געווען פון דעם פאַקט, וואָס זײַערע יודישע אונטערטאַנען וועלען נישט זײַן מעהר גײַסטיג אָבהענגיג פון די אונטערטאַנען פון דעם פײַנדליכען באַגדאַדער קאַליף.

איבער דעם אַלעם האָבען די יודען אַרומגערינגעלט דעם פּער־בלאָנדזשעטען בבלישען עמיגראַנט מיט אַלערלײַ כבודים, און באַלד האָט זײַן ישיבה אין דער אַנדאַלוזישער הויפּט־שטאָדט צוגעצויגען הונדערטער תלמידים פון גאַנץ שפּאַניען און אַפריקאַ. חסדאי האָט אויף זײַן רעכנונג אָבגעקויפט די אַלע תלמוד־עקזעמפּלאַרען, וואָס האָבען זיך געפונען אין דער פערמאַכטער סוראַ׳שער ישיבה, און זײַ געלאָזען פונאַנדערטײַלען צווישען ר׳ משה׳ס תלמידים — די תלמידים פון דער אַנדאַלוזישער סוראַ.

אַזוי איז שפּאַניען אין פערשיעדענע הינזיכטען געוואָרען אַ גײַס־טיגער מיטעלפּונקט פאַר׳ן גאַנצען יודענטום, און צו דער ראָליע האָט זיך אַזוי ווי געפּאַסט די פערשווענדערישע רחבות און עשירות פון די שפּאַנישע יודען. קאָרדאָוואַ אַליין האָט געהאַט ביז טויזענד רײַכע יודישע פאַמיליעס, וואָס האָבען פערשעמט דער הערשענדער אַראַבי־שער בעפעלקערונג מיט זײַער פּראַכט און לוקסוס. זײַ האָבען זיך געקליידט אין זײַד, געטראָגען קאָסטבאַרע טורבאַנען, געריטען אויף טײַערע פערד, זיך בעפוצט מיט פלאַטערנדע פעדערן און מיט קײַן זאַך זיך נישט אונטערגעשיידט פון די שכני׳שע ריטער. אַ טײַל פון די דאָזיגע אַריסטאָקראַטען האָט, איבריגענס, זיך ערוואָרבען דאָס פערמע־גען פון דעם שקלאַפען־האַנדעל: זײַ פלעגען ברענגען הינדערטער שקלאַפען, אַמטעהרסטענטײַל פון די סלאַווישע לענדער, און די

קאליפען פלעגען מיט זיי אויספילען זייער לייב-וואך . —

נאך ר׳ משה׳ס טויט (968) איז דער קהלה פון קארדאווא פארגעשטאנען די געפאהר פון א שפאלטונג . איין פארטיי האט געהאלטען פאר ר׳ משה׳ס זוהן, חנוך, וועלכער איז געוועזען א גרויסער תלמודיסט , און די צווייטע האט געוואלט אוועקשטעלען בראש פון דער קהלה א ארטיגען איינוואוינער , מיט׳ן נאמען יוסף אבן-אביתור (איבן סאטנאס) , וועלכער האט אויסער זיינע תלמודישע קענטעניסען בעזעסען אויך א ברייטע אלגעמיינע בילדונג . ער האט שוין געהאט אין דער צייט פערפאסט עטליכע בעדייטענדע רעליגיעז-פילאזאפישע און פאעטישע ווערק , און אויך איבערזעצט די משנה אין אראביש , אויפן פערלאנג פון קאליף אל-חכים II . דאס האט איהם פון דעסטוועגען נישט געהאלפען , צו געווינען אויף זיין צד דעם אלמעכטיגען אבן-שפרוט, און חנוך איז בעשטימט געווארען פאר א ד י י ן. דער צווייטער צד האט זיך אבער אונטערגעגעבען נאר לפנים-וועגען , און ווי נאר דער יודישער מיניסטער איז געשטארבען , האבען זיך ווידער בעגיינט די סכסוכים און מחלוקת איבער דער רבנות .

די זאך איז ענדליך דערגאנגען צום קאליף אל-חכים , וועלכער האט בעשלאסען דעם סכסוך לטובת דעם אלטמאדישען ר׳ חנוך , אויף וועמעס צד ס׳איז געשטאנען די מעהרהייט פון דער קהלה . אבן-אביתור האט דאן געפרובט זיך פערזענליך ווענדען צום קאליף און איהם אויסרעכנען אלץ , וואס ער , אבן אביתור , האט אויפגעטאן פאר דער וויסענשאפט און פאר דער אראבישער ליטעראטור ; דאס האט איהם אבער אויך נישט געהאלפען . אל-חכים האט איהם אויף דעם געענטפערט : „ווען די אראבער וואלטען מיך אזוי פיינד האבען , ווי דיך די יודען פון קארדאווא , וואלט איך מיין מלוכה פערלאזען . כ׳קען דיר נאר איין עצה געבען : אויסצעוואנדערן” . יוסף האט דעמאלט פערלאזען שפאניען און געוואנדערט פון לאנד צו לאנד .

דערווייל האט זיך די לאגע אין קארדאווא ווידער געענדערט לטובת בן אביתור׳ן . דער קאליף אל-חכים איז געשטארבען (967) , און די פאקטישע ממשלה איבערן לאנד איז אריבער צו דעם גרויס-וויזיר (הארזשיב) אלמאנזור , וועלכער האט געהערשט אינ׳ם נאמען פון דעם מינדעריעהריגען הישאם . אט דער גרויס-וויזיר האט גראד שטארק דערהויבען א געוויסען רייכען זיידענפאבריקאנט , מיט׳ן נאמען יעקב אבן דושאו : דער לעצטער איז געווארען ווי א מין נשיא

איבּער אַלע יידישע קהלות אין אַנדאַלוזיען, וואָס האָט געפיהרט אַ פירשטליכען שטאַט און איז פון אַלעמען געשעצט און געאַכטערט געוואָרען. די הויף-פּאָעטען האָבען איצט, ווי פריהער חסדאי'ן, אין לויב-ליעדער בעזונגען די וואוילטעטיגקייט און גרויסקייט פון דעם מעכטיגען אבן-דזשאו, און אָט דער מעכטיגער נשיא איז געווען אַ הייסער אָנהענגער פון דעם פערוואָגעלטען אבן אביתור. אונטער זיין ווירקונג איז דאַן ר' חנוך אָבגעזאָגט געוואָרען פון דער רבנות (ווי דאָס האָט דעמאָלט געהייסען: דיינות), און אבן אביתור'ן האָט די קהלה איינגעלאַדען, צו קומען פערנעהמען דעם הויכען טיטול. דאָ האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען די גייסטיגע שענקייט פון דעם פער-טריבּענעם תלמיד חכם: ער האָט מיט שאַרפע ווערטער געמוסר'ט זיינע אָנהענגער פאַר דער עולה, וואָס זיי זענען בעגאַנגען געגען זיין געגנער, און דערביי אויסגערופען: „איך שטעל פאַר עדות דעם הימעל און די ערד, אַז פון שפּאַניען ביז בבל איז נישטאָ נאָך איינער, וואָס זאָל זיך קענען פערגלייכען מיט ר' חנוך'ן".

פון דעמאָלט אָן האָט שוין קיינער נישט געשטערט ר' חנוך'ן אין זיין אַקאַדעמישער און רבני'שער טעטיגקייט, און ער האָט פערנומען דעם פּאָסטען *) אַ לאַנגע צייט (ביז'ן יאָהר 1014). אבן אביתור, דאַגעגען, האָט נישט אויפגעהערט צו וואַנדערן, און ענדליך האָט ער זיך דערשלאָגען ביז פומבדיתא, וואו ער האָט געהאָפט, אויפגענומען צו ווערן פון דעם בעריהמטען גאון ר' האי; דער לעצטער האָט אָבער אבן אביתור'ן נישט געקענט מוחל זיין די מחלוקת, וואָס איז צוליעב איהם אַרויסגערופען געוואָרען, און האָט איהם צו זיך נישט צוגעלאָזען. דאַן איז דער פערוואָגעלטער אַוועק קיין דמשק, וואו ער איז געשטאָרבען.

אונטער דער צייט איז אויך אבן-דזשאו'ס שטערן פערלאָשען געוואָרען: זיין בעשיצער, אַלמאַנזור, האָט זיך איבּער עפּעס אויף איהם פערביזערט און איהם געלאָזען אַריינזעצען אין תפיסה; דאָ איז ער אָבגעזעסען איבּער אַ יאָהר, און ערשט דאַן האָט זיך דער קאַליף אַליין צופעליג דערוואוסט פון דער מעשה און איהם בעפרייט. דער

*) דאָס איז געווען מעהר אַ עהרען-פּאָסטען; קיין געלד האָט מען דערפאַר נישט גענומען.

דאָזיגער אבן־דזשאו זאָל זיך, איבעריגענס, האָבען אויסגעצייכענט מיט זעהר גרויסע מעלות, און ווען מ'האָט אָנגעזאָגט ר' חנוך'ן די בשורה, אַז זיין ביטערער שונא (אבן דזשאו) איז געשטאָרבען, האָט ער געענטפערט מיט טרערען: ווער וועט איצט פערזאָרגען די אַלע אָרימע לייט, וואָס ער פלעגט זיי פערזאָרגען?

נישט אַזוי רייך און פּיעלזייטיג, אָבער אויך שטאַרק און בעדייטענד איז געוועזען די אויפלעבונג פון דער יודישער קולטור אין די שכני'שע לענדער: פראַנקרייך און דייטשלאַנד. אין פראַנקרייך איז נאַרבאָנאַ געוואָרען אַ גרויסער צענטער פון יודישען וויסען און שאַפען: דאָ האָט זיך געפונען אַ בעריהמטע ישיבה, וואָס האָט צוגעצויגען מאַסען תלמידים פון אַלע עקען לאַנד.

אין פּאָליטישער הינזיכט האָט זיך דאָ יודען פאַר דער צייט זעהר שלעכט געלעבט. די הערשאַפט פון די קעניגען האָט דאָ קיין בעדייטונג נישט געהאַט, און די פּאַקטישע מושלים פון לאַנד, די באַראָנען און גייסטליכע, האָבען געזוכט אָבצעווענדען דעם צאָרן פון פערביטערטען המון אין דער זייט פון די גאָט־פערשאָלטענע יודען. די לעצטע זענען פאַר דער קריסטליכער בעפעלקערונג געוואָרען אַ מין פינסטערע געצענדיענערישע אומה, וואָס פערנעהמט זיך מיט כשוף און אַנדערע שוואַרץ־קינסטלערייען, כדי „אָבצוטאָן“ די קריסטען. ווען דער קעניג הוגאָ קאַפּעט, וועלכער האָט זיך געלאָזען קורירען פון אַ יודישען דאָקטאָר, איז געשטאָרבען פון זיין שווערער קראַנקהייט (996), האָט דער קריסטליכער המון גערעכענט פאַר זיכער, אַז דאָס האָבען די יודען איהם „אָבגעטאָן“ מיט עפּעס.

ביי אַזאַ לאַגע איז די יודישע בעפעלקערונג קיינמאָל נישט זיכער געוועזען מיט'ן לעבען, ווי מיט'ן האָב און גוטס, און דערצו זענען נאָך צוגעקומען די אייביגע העלישע צרות פון די הייליגע נשמה־פערזאָרגער. דער בישאָף פון לימאָזש האָט איינמאָל, למשל, אַ גאַנצען חודש דורכאַנאַנד געהאַלטען אין איין דרשה'נען פאַר די יודען פון זיין קהלה וועגען דער געטליכקייט פונ'ם גליל'ער. נאַטירליך, האָבען זיך די פערעקשנ'טע יודען אויך דאָס מאָל נישט געלאָזען איבערצייגען, און סך הכל דריי אָדער פיער יודען האָבען זיך געשמד'ט. די איבעריגע זענען מיט זייערע ווייבער און קינדער פערטריבען געוואָרען פון שטאָדט, און אַ סך פון זיי האָבען זיך אַליין דאָס לעבען גענומען.

אין דרום פראַנקרײַך, אין פּראָוואַנס און לאַנגעדאָק, איז דער יודישער גורל נאָכמער אָבהענגיג געווען פון די קאַפּריזן פון די באַראָנען און וויצע-גראַפען. דאָ בעגעגענט מען דעריבער אין איין אָרט רײַכע יודען, וואָס ווערן אַפילו צוגעלאָזען צו מלוכה-שטעלעס, און אין צווייטען אָרט אָרימע דערשלאָגענע יודען, וואָס ווערן בע-האַנדעלט, ווי שקלאַפען.

עטוואָס בעסער איז געווען אין יענער צײַט דער גורל פון די יודען אין דײַטשלאַנד, אונטער דער הערשאַפט פון די זאַקסישע מלכים. יודען האָבען זיך דאָ שטאַרק פערנומען מיט האַנדעל: די רײַכע האָבען גע-פיהרט באַנק-געשעפטען, און די אָרימע פלעגען לײַהען געלד אויף קלײנע פראָצענטער, כּדי צו קענען פאָהרען אויפ'ן יריד אין קעלן. פון די דאָזיגע אַלע געשעפטליכע הכנסות האָט די מלוכה געהאַט אַ גע-וויסען פראָצענט, און ווען אָטאָ דער גרויסער האָט געוואָלט זיכערן די עקסיסטענץ פון דער נײַ אויפגעבויטער קירך אין מאַגדעבורג, האָט ער איהר אָוועקגעשענקט דעם מס פון די יודען און אַנדערע סוחרים (965).

ערגער ווי די מאַטעריעלע לאַגע פון די דײַטשע יודען, איז געווען זייער גײַסטיגע דערשלאָגענקײַט. יודען זענען דאָ געשטאַנען העכער פון דער אָרומיגער קריסטליכער בעפעלקערונג בנוגע צו מדות און לעבענס-רײנהײַט, זיי זענען אָבער דערבײַ זעהר פערגרעבט געווען און האָבען נישט אַרויסגעגעבען נישט קײן לומדים, נישט קײן גע-בילדעטע. דער ערשטער, וואָס האָט אַרײַנגעבראַכט אַ נײַעם לעבענס-שטראָם אין דער גײַסטיגער אויסבילדונג פון דײַטשען יודענטום, איז געווען ר׳ גרשום (960—1028). ער מיט זײַן ברודער ר׳ מכיר האָבען זיך פון נאַרבאָנאַ אַריבערגעצויגען אין די שטעדט פון רהײַן און דאָ געשאַפען אַ באָדען פאַר אַ פיעל-זײַטיגער יודיש-אַקאַדעמישער טעטיגקײַט. אַלס פיהרער פון אַ גרויסער ישיבה, איז ר׳ גרשום — בעקאַנט מיט'ן טיטול: מאור הגולה (דאַס ליכט פון גלות) — באַלד אָנערקענט געוואָרען פאַר אַ אויטאָריטעט בנוגע צו אַלע פראַגען פון דעם יודישען רעליגיעזען לעבען, און זײַנע קלאָר-בעשטימטע, העברעאישע תשובות, וואָס זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבער די קהלות פון דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך און איטאַליען, האָבען אין אַ גרויסער מאָס מיטגעווירקט אונטערצוגראָבען דעם יסוד פון די בבלי'שע ישיבות. בכלל איז אָבער ר׳ גרשום מעהר בעריהמט געוואָרען מיט

זײַנע תקנות, ווי מיִט זײַנע תלמודיִש-הלכי'שע פירושיִם. ר' גרשום איִז געווען דער ערשטער, וואס האט אונטער דער שטראף פון א שטרענגען חרם, פערבאטען יורען צו לעבען מעהר, ווי מיִט איין פרוי, — א פאקט, וואס פלעגט אפט פארקומען ביי די שפאניִשע יורען. ווייטער האט ער פערבאטען צו גט'ען א פרוי איִבער געוואלט, אהן איהר איינוויליִגונג, און דאס דריטע האט ער ארויפגעלעגט א הארבען חרם אויף דעם, וואס לייענט פרעמדע בריִעף. די לעצטע תקנה האט געהאט זעהר א שטארקע בעדייטונג פאר יענער צייט, ווען קיין פערקעהרס-מיִטלען זענען ניִשט געווען, און די בריִעף פלעגען בעזארגט ווערן דורך שלוחים-רייזענדע.

אויף ווי ווייט עס איִז גרויס געווען דאס אנזעהען פון ר' גרשום מאור הגולה בעווייזט דער פאקט, וואס אט די אלע תקנות זענען אנגענומען געווארען פון דעם גאנצען יודיִשען פאלק און ווערן ביִז היינטיִגען טאג שטרענג אבגעהיִט, ניִשט קוקענדיִג אויף דעם, וואס זיי זענען ארויסגעגעבען געווארען פון איין פערזאן, ניִשט פון קיין סנהדריִן און ניִשט פון קיין בית דין הגדול.

איִן איין צייט מיִט דעם גרויסען תלמודיִשען געלעהרטען האט איִן מיינץ געלעבט אנאנדער בעדייטענדע יודיִשע פערזענליִכקייט, מיִט'ן נאמען ר' שמעון בן יצחק בן-אבון. תלמודיִש געביִלדעט, זעהר רייך און וואוילטעטיִג, האט ר' שמעון בעוויִזען א סך אויפ-צוטאן פאר'ן יודיִשען כלל איִן דייטשלאנד, איִן זיין נאמען איִז גע-ריִהמט און געלויבט געווארען איִן דעם משך פון א סך דורות.

דאס איִז געווען איִן די צייטען פון די ערשטע יודענפער-פאלגונגען איִן דייטשלאנד (איִן אנהויב פון עלפטען יאהרהונדערט). די סיבה פון די פערפאלגונגען איִז, לויט דער השערה, געווען דאס, וואס א בעקאנטער גלח, מיִט'ן נאמען וועצעליִנוס, האט אנגענומען דעם יודיִשען גלויבען (1005) און איִז נאך דערצו עפענטליִך ארויס-געטרעטען מיִט שארפע זלזולים געגען קריִסטענטום.

„לייען, דו חמור-קאפ! — שרייט אויס איִן זיין ווערק דער געוועזענער קריִסטליִכער הייליִגער צו די אנהענגער פון דער קריִסטליִכער אמונה — לייען די נבואה פון חבקוק, איִן וועלכער גאט זאגט: „איִך ביִן גאט און פערענדער מיִך ניִשט". וואלט ער זשע, ווי איִהר גלויבט, זיִך האבען פערענדערט און א פרוי בעמאנט — וואו וואלט דאן זיין דער אמת ז- מיִט א עהנליִכער פערביִטערטער פערדאלמונג

רעדט זיך אין דעם ווערק וועגן אַלע הייליגקייטן פון דער קירך; דאָס האָט דעם פרומען קייזער, היינריך II, שטאַרק אויפגעבראַכט געגען יודען און ער האָט אין עטליכע יאָהר אַרום (1012) בעפוילען, אַרויסצוטרייבען אַלע יודען פון מײַנץ און נאָך אַנדערע שטעדט.

די דאָזיגע גזירה האָט געצוואונגען אַ סך יודען, אָנצונעהמען לפנים דאָס קריסטענטום, און צווישען די לעצטע האָט זיך געפונען אויך אַ זוהן פון דעם גרויסען רבינו גרשום. דאָס האָט אָבער ניט אָבגעשוואַכט זיין ענערגישע אַרבייט פאַר׳ן כלל אין דער ביטערער צייט, און צוזאַמען מיט איהם האָט מסירת-נפש׳דיג געאַרבייט אויך דער רײַכער ר׳ שמעון בן אבון. ער האָט מיט זיין איבערגעגעבענער שתדלנות ענדליך אויסגעפועלט בײַ דער רעגיערונג אַ ערלויבעניש פאַר די יודען פון מײַנץ, זיך צוריק צו בעזעצען אין דער שטאָדט און זיך אומצוקעהרען צו דעם יודישען גלויבען. ר׳ גרשום האָט דאַן אַרויסגעגעבען נאָך אַ ווילטיגע תקנה: ער האָט אַרויפגעלעגט אַ חרם אויף די, וואָס בעליידיגען אַ געוועזענעם געצוואונגענעם משומד.

דערפאַר האָט די יודישע קהלה אין מײַנץ ניט פערגעסען איהרע וואוילטעטער, און יעדען שבת האָט מען דאָ מזכיר געווען די נשמות פון „רבינו גרשום, וועלכער האָט בעלויכטען דעם גלות מיט זיינע תקנות, און רבי שמעון הגדול (דער גרויסער), וועלכער האָט זיך משתדל געווען פאַר די קהלות און מבטל געווען גזירות״.

## צווייטעס קאפיטעל.

## ידען אין די מזרח־לענדער און די דערווייליגע ישיבות אין אפריקא.

---

מיט דעם אונטערגאנג פון עקזילארכאט און דער סורא'עאנישער אקאדעמיע האט אזיע אויפגעהערט צו זיין די טאן־געבערין פון דעם יודישען לעבען. איבער די נישט קלארע ידיעות, וואס זענען דער־גאנגען צו אונז פון יענער צייט, ווייסען מיר נישט גענוי, וועלכע געשטאלט דאס יודישע לעבען האט אנגענומען אין בבל און די ארומיגע לענדער נאכ'ן טויט פון די לעצטע עקזילארכען. עס לאזט זיך זאגאר גלויבען, אז דער עקזילארכען־טיטול האט דערנאך ווידער אויפגעלעבט אויף א געוויסער צייט; דאס איז שוין אבער געווען א טיטול מיט זעהר א בעשרענקטער מאכט, וואס איז נישט איבער־געגאנגען די גרענעצען פון דעם באגדאד'ער קאליפאט.

עקסיסטירט דערווייל אין איהר פולער קראפט האט נאר די ישיבה אין פומבדיתא, וואו ס'האבען זיך נאך ארויסגעוויזען צוויי נישט ווייניג בעדייטענדע פערזענליכקייטען, די גאונים ר' שרירא און זיין זוהן ר' האי. דער ערשטער איז גאנצע דרייסיג יאהר געשטאנען בראש פון בבלי'שען יודענטום (968—998), און אין דער צייט האט ער א סך אויפגעטאן, אויף צו פערשפרייטען די תלמודישע געזעצלעהרע, אין וועלכער ער האט געזעהען דעם איינציגען אויסדריק פון דעם יודישען גייסט. אלס פיהרער פון דער איינציגער יודישער אקאדעמיע, האט ר' שרירא געהאט צו ענטשיידען טויזענדער שאלות, וואס זענען אנגעקומען פון די ווייטערע יודישע קהלות, און אין דער

אַרבּייט האָט איהם שטאַרק געהאָלפֿען דער זוהן, ר׳ האי, וועלכער האָט אויך איבּערגענומען נאָכ׳ן פֿאָטער׳ס טויט די פֿיהרערשאַפֿט פֿון דער גרויסער ישיבה. דאָס איז געווען אַ פיעלזייטיגע און גייסטרייכע פּערזענליכקייט, וואָס האָט איבּערגעלאָזען בּעדייטענדע שפּורען אין דער גייסטיגער אויסבּילדונג פֿון זיינע תּלמידים און אָנהענגער. אין די פֿירציג יאָהר פֿון זיין אַקאַדעמישער טעטיגקייט (1038 — 998) האָט ר׳ האי פּערעפֿענטליכט אַ גאַנצע רייהע תּלמודישע אָבּהאַנדלונגען איבּער פערשיעדענע יורידישע פּראַגען, און אויסער דעם אויך עטליכע ווערק איבּער דער העבּרעאישער גראַמאַטיק און אַ זאַמלונג פֿון אַפֿאָריז- מען אין לידער, אונטערן נאָמען „מוסר השכל״.

ווי זיין פֿאָטער, איז אויך ר׳ האי געווען זעהר קאָנסערוואַטיוו און בּכלל אַ גרויסער מחמיר אין אַלע פּראַגען פֿון דעם יודישען רע- ליגיעזען לעבּען; דערבּיי איז ער אָבּער געווען אויך אַ שאַרפֿער געגנער פֿון די נאַרישע אַבּערגלויבּענס, וואָס זענען איבּערגעגאַנגען צו יודען פֿון די אַרומיגע פֿעלקער. אויף דער פּראַגע פֿון די קייראוואַנישע (טוניס) געלעהרטע, צי ס׳איז אמת, אַז ס׳זענען פֿערהאַן אַזעלכע „הייליגע נעמען״, מיט וועלכע מ׳קען „אָבּשפּרעכען״ אַלערליי אונגליקען און בּעווייזען פֿערשיעדענע מופֿתים, האָט ר׳ האי געענטפֿערט: „דאָס זענען איינגערעדטע נאַרישקייטען. די גרעסטע צדיקים אפילו קענען נישט בּעווייזען אַזעלכע וואונדער; אַזעלכע איינרעדענישען געהטען זיך פֿון אַ קראַנקהייט, אָדער פֿון פּשוט׳ע ליגנער״.

אין דער צייט פֿון אָט דעם לעצטען גאון, האָט אויך אין סורא אַ שיין געטאָן אויף אַ ווײַלע אַ בּעדייטענדע ליכטיגקייט אין דער גע- שטאַלט פֿון ר׳ שמואל בּן חפני (1030 — 1010), וועלכער האָט געפּרובּט צוריק אויפֿלעבּען די חורבות פֿון דעם אַלטען בּנין. ער איז אָבּער אין גיכען געשטאָרבּען, און מיט איהם צוזאַמען איז אָבּגעשטאָר- בּען אויך זיין חלום פֿון סורא׳ס אויפֿלעבּונג.

נאָך ר׳ האי׳ס טויט (1038), האָבּען זיינע תּלמידים געפּרובּט דערהאַלטען דעם לעצטען ווינקעל פֿון דער יודישער לעהרע, און זיי האָבּען בּעשטימט פֿאַר אַ ריש מתיבתּא איינעם מיט׳ן נאָמען חזקיה, אַ אוראייניקעל פֿון דעם בּעריהמטען עקזילאַרך דוד בּן זכאי; די דאָזיגע בּעשטימונג האָט זיך אָבּער זעהר טרויעריג געענדיגט: אימיצער האָט פֿערמסר׳ט חזקיה׳ן פֿאַר׳ן בּאַגדאַדער קאַליף, און ער האָט דעם

אויסגעוועהלטען עקזילארך-גאון געלאזען טויטען אויף א אכזריות'דיגען אופן (1040). —

אין א בעזונדער לאגע האבען זיך פאר יענער צייט געפונען די יורען אין פאלעסטינא. דא האבען זיך געפונען בעדייטענדע יורישע קבוצים, וועלכע האבען איבערגעטראגען אלע פאליטישע שטורעמס און איבערקעהרענישען, וואס דאס היילינגע לאנד האט איבערגעלעבט זינט דעם אונטערגאנג פון דער יורישער הערשאפט; דערביי איז כאראקטע-ריסטיש דער פאקט, וואס אט די צעשטרייטע קבוצים האבען אין דעם משך פון די אלע הונדערטער יאהרען געקוקט מיט א געוויסער אונצופרידענהייט אויף בבל'ס גדולה, און געזעהען מיט אלע מיטלען נישט צו זיין אבהענגיג פון די פרעמדע „גאונים". די דאזיגע שטרע-בונג האט זיך בעזונדער פערשטארקט אין דער צייט פון בבל'ס ירידה, און אין אנהויב פון XI-טען יאהרהונדערט בעגעגענט מען שוין נעמען פון פאלעסטינישע „גאונים" און „ראשי ישיבות". דער ראש ישיבה פון ירושלים אין די צייטען פון ר' האי גאון איז געווען א געוויסער ר' ישוע (1031), און אין יאהר (1046) איז ר' שלמה בן יהודה בעשטימט געווארען פאר א ראש ישיבה מיט'ן טיטול גאון. פון ר' שלמה'ן איז דער טיטול איבערגעגאנגען צו זיינע זיהן ר' יוסף און ר' אליהו. אין דער צייט פון דעם לעצטען איז ירושלים איינגענומען גע-ווארען פון די טערקען-סעלדושוקען (1071), און די ישיבה האט גע-מוזט איבערגעטראגען ווערן קיין צור. דא האט ר' אליהו געלעבט נאך א קורצע צייט, און דאן איז דער טיטול גאון איבערגעגאנגען צו זיין זוהן אביתר א (1082); אויף דעם טיטול האט אבער שטארק פרע-טענדירט דער ניי-בעשטימטער עגיפטישער עקזילארך דוד בן דניאל (א אייניקעל פון די בבלי'שע עקזילארכען), און ס'איז געקומען צו א שארפען סכסוך צווישען ביידע צדדים.

געענדיגט האט זיך אט דער צוזאמענשטויס מיט'ן נצחון פון דעם פאלעסטינישען גאון (1094), נאר נישט אויף לאנג. מיט פינף יאהר שפעטער האבען די צעווילדעטע קרייץ-ציגלער (אנטהייל-נעהמער פון די קרייץ-צוגען), ווי א הייסעריק זיך ארייגעריסען אין'ם היילינגען לאנד און עס כמעט איננאנצען חרוב געמאכט. אויסטויטענדיג דער גאנצער מהמד'נישער בעפעלקערונג אהן א שום אונטערשייד פון געשלעכט און עלטער, האבען זיך די פערשכור'טע קעמפפער פאר דער גרויסער קריסטליכער ליעבע גענומען צו דעם ביסעל יורען, וואס האבען נישט

געוואַלט זיך שיידן מיט די חורבֿות פֿון זייער אַמאָליגער גרויסקייט . זיי זענען הונדערטערווייַז צונויפֿגעשלעפּט געוואָרן אין איין שוהל (אַהין האָט מען געבראַכט אויך די קאַראַאימער), וועלכער די בענייסטערטע קריסטוס-קעמפּפער האָבן אונטערגעצונדן . אַזוי איז מיט׳ן פּלאַם אַוועק די גאַנצע יודישע קהלה אין ירושלים , און באַלד זענען אויך די איבעריגע פּאַלעסטינישע שטעדט (בית לחם , קסריה , טבריה) וויסט און פּעריתום׳ט געוואָרן . ווען דער בעריהמטער רייזענדער בנימין פֿון טודעלא האָט בעזוכט די דאָזיגע שטעדט (אין XII-טען יאָהר-הונדערט) האָט ער דאָרט געפֿונען קוים עטליכע מנינים אָרימע דערשלאָגענע יודען .

רוהיגער און בעסער האָט זיך אין דער צייט געלעבט די יודישע קהלות אין עגיפּטען . קאַאירא , אַלעקסאַנדריע , פּאָסטאַט זענען געווען שטעדט מיט גרויסע יודישע קבוצים , און די קאַליפֿען פֿון דער פֿאַטימידישער דינאַסטיע האָבן כמעט אַלע זיך בעצויגען גוט צו יודען . אין די קהלות האָבן זיך אין דעם משך פֿון דער גאַנצער צייט געפֿונען גרויסע ישיבֿות , און בעת דער ירידה פֿון דעם בבלישען צענטר האָבען די עגיפּטישע יודען נאָך ברייטער אַוועקגעשטעלט זייער זעלבסט פּערוואַלטונג און זייערע גייסטיגע צענטערן . איבער אַלע קהלות פֿון לאַנד איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען איין צענטראַלע פּערזאָן מיט ברייטע פּאָלמאַכטען , אונטערן טיטול נגיד אָדער עקזילאַרך , וועלכער האָט געהאַט אין זיין רשות אַלע אָנגעלעגענהייטען פֿון דעם יודישען געזעלשאַפטליכען , יורידישען און רעליגיעזען לעבען . צווישען די דאָזיגע עגיפּטיש-יודישע „נגידים“ זענען געווען עטליכע , וועלכע האָבען פֿערנומען זעהר אָנגעזעהענע פּלעצער אויך אין דעם אַלגעמיינעם לעבען פֿון לאַנד , אַלס שטאַאַטס-מענער אָדער אַלס לייב-אַרצטען פֿון קאַליף .

די לאַגע פֿון דער יודישער קאָלאָניע אין עגיפּטען איז נאָך פֿעסטער געוואָרען נאָכדעם , ווי דער בעריהמטער סאַלאַדין איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען בראש פֿון דעם לאַנד אַלס סולטאַן . דער דאָזיגער הערשער האָט אויך ירושלים אָבגענומען צוריק פֿון די קרייצציגלער (1187) , און אונטער דער הערשאַפֿט פֿון זיין דינאַסטיע זענען די פּאַלעסטינישע שטעדט ווידער אויפֿגעלעבט געוואָרען מיט יודישע ישובֿים . די לעצטע האָבען שוין איצט אָבער קיין אייגענע זעלבסט-פּערוואַלטונג נישט געהאַט , און דער „נגיד“ פֿון עגיפּטען האָט געהאַט אין זיין רשות אויך פּאַלעסטינא .

א אינטענסיווע טעטיגקייט אויף דעם געביעט פון דער יודישער קולטור האבען ארויסגעוויזען א געוויסע צייט אויך די קהלות אין צפון אפריקא, וואס האט ארומגענומען די געביעטען פון דעם איצטיגען טונים און מאראקא. דא האבען זיך נאך אין אנהויב פון צעהנטען יאהר-הונדערט אויסגעבילדעט בעדייטענדע יודישע קבוצים, צווישען וועלכע ס'האט זיך מיט דער צייט בעזונדער אויסגעצייכענט די קהלה אין קיירואן. פון דער קהלה האבען זיך בעריהמט געמאכט דער מעדיק און פילאזאף בנימין הישראלי מיט עטליכע פון זיינע תלמידים, און גאלדעם ווי דער גורל האט אהער פערווארפען איינעם פון די פיער שלוחים פון סורא, האט זיך דא געגרינדעט אויך א בעדייטענרער תלמודישער צענטער (80 — 955). בראש פון דער ישיבה איז אוועק-געשטעלט געווארען דער אויסגעלייזטער געזעצלעהרער פון בבל מיט'ן נאמען חושיאל, און איהם האט שטארק מיטגעהאלפען אין זיין אקאדעמישער טעטיגקייט דער ארטיגער געלעהרטער יעקב בן נסים. דער לעצטער האט זיך אין נאמען פון דער גאנצער ישיבה געווענדעט צו דעם דעמאלטיגען גאון פון פומבדיתא, ר' שרירא, מיט א גאנצער רייהע שאלות וועגען דעם סיסטעם פון דער משנה און איהר ענטשטעהונג: ווי אזוי איז די משנה געשריעבען געווארען? ווער האט מסדר געווען די מסכתות? און דעם תלמוד ווי אזוי האט מען צוזאמענגעשטעלט?

אויף די אלע פראגען האט איהם ר' שרירא געענטפערט אין א אויספיהרליכען בריעף, וואס שילדערט כראנאלאגיש-גענוי דעם סדר פון אלע תנאים, אמוראים, סבוראים. און גאונים (ביז איהם אליין) און בעשרייבט פון יעדערן בקצור, וואס ער האט אויפגעטאן פאר דער יודישער מסורה.

די נאכפאלגער פון הושיאל און יעקב בן נסים זענען געווען זייערע זיהן חננאל בן חושיאל און נסים בן יעקב. זיי זענען א לאנגע צייט געשטאנען בראש פון דאס אפריקאנישע יורענטום און האבען געשאפען בעדייטענדע תלמודישע ווערק: דער ערשטער אין העברעאיש, דער צווייטער אין אראביש. ביי זייער גאנצער פלייסיגער טעטיגקייט האבען אבער אט די צוויי געזעצלעהרער פארט נישט בעוויזען, צו שאפען אין אפריקא א פרולטבארען באדען פאר דער יודישער קולטור, און מיט זייער טויט איז אויך די ישיבה אונטערגעגאנ-

נען , ווײַל ס׳האָט זיך נישט געפונען קיין איינער , וואָס זאָל זיי קענען פערטרעטען .

אין יענער צייט האָט זיך שטאַרק פערערגערט אויף די פּאָליטי-שע לאַגע פון די אפריקאַנישע קהלות . עס האָט זיך פערשטאַרקט דער פאַנאַטיזם פון די מחמד׳נישע מאַסען און דאָס האָט אַרויסגערופען אויך האַלב-ווילדע קאַליפען , וואָס האָבען זיך גענומען רודפ׳ען די אונ-גלויבינע (יודען און קריסטען) מיט אַ אונגעוועהנליכער אכזריות . בע-זונדער שווערע צרות האָבען די יודישע קהלות געהאַט אויסצושטעהן פון דעם קאַליף (מאַחדי-קדוש) אַל-חכימא , וועלכער האָט זיך איינגע-רעדט , חז קאַליגולא אַמאָל , אַז ער איז גאָט׳ס פערטרעטער אויף דער ערד און אַלע מוזען איהם אָבגעבען געטליכען כבוד . ער האָט בעפּוה-לען , אַז אַלע יודען פון זיין ממשלה , וועלכע וועלן ביז אַ בעשטימטען טערמין נישט אָננעהמען דעם שיאיטיש-מחמד׳נישען גלויבען , זאָלען טראָגען אויף די העלזער די אָבבילדונג פון אַ קאַלב , צום אָנדענקען פון דעם ע ג ל , וואָס יודען האָבען געמאַכט אין דער מדבר (1008) , און חען ער האָט געזעהען , אַז דאָס שרעקט די אונגלויבינע נישט אָב, האָט ער געלאָזען חרוב מאַכען אַלע שוהלען און קירכען פון זיין מלוכה און אַרויסטרייבען די יודען מיט די קריסטען (1014) .

דאָס איז געוועזען אַ שרעקליכער קלאַפּ פאַר אַלע קהלות פון דעם פאַטימידישען קאַליפאַט , אין וועלכען ס׳זענען אריינגעגאַנגען , אויסער צפון אפריקא , אויך מצרים , סיריען און פאַלעסטינא , און די פאָלגען פון דער גזירה זענען געוועזען טויזענדער יודישע א נ ו ס י ם : לפנים׳די-גע מהמד׳נער , וואָס האָבען בעהאַלטענערהייד אָבגעהיט אַלע געבאָטען פון דער תורה . אין ניכען איז אָבער דער פאַנאַטישער אכזר אומגע-קומען פון זיינע איינענע טראַבאַנטער (1020) און די גזירות האָבען אויפגעהערט .

# דריטעֶס קאַפּיטעֶל.

## די ווייטערדיגע אויסבילדונג פון שפּאַנישען יודענטום.

די עֶפּאָכעֶ פון אָנהויב עֶלפטעֶן ביז'ן אָנהויב פון דרײַצעֶהנטעֶן יאָהרהונדערט שטעֶלט פאָר מיט זיך איינס פון די ליכטיגסטעֶ בלעֶטעֶר אין דער געֶשיכטעֶ פון דעֶר יודישעֶר קולטור. די העֶברעֶאישעֶ שפּראַך־וויסעֶנשאַפט איז כמעט אינגאַנצעֶן אויסגעֶשעֶפּט געֶוואָרעֶן, די נײַ־העֶבּ־רעֶאישעֶ פּאָעֶזיעֶ האָט דערגרייכט איהר העֶכסטעֶן פּונקט, די תלמודישעֶ לעֶהרעֶ האָט אַרויסגעֶגעֶבעֶן ריעזיגעֶ כחות און די פילאָזאָפיעֶ האָט זיך דעֶרהויבעֶן ביז אַ וואונדעֶרבאַרעֶר, אוניווערזעֶלעֶר הויכקײַט. אויף דעֶם אַלגעֶמיינעֶם קולטור-לייטעֶר פון דעֶר דעֶמאָלדיגעֶר צײַט האָבעֶן יודעֶן פעֶרנומעֶן דעֶם עֶרשטעֶן שטאַפּעֶל, די מחמר'נער — דעֶם צווייטעֶן און די קריסטעֶן — דעֶם דריטעֶן, אָדעֶר זיי זעֶנעֶן בכלל אויף דעֶם לייטעֶר נישט געֶשטאַנעֶן. עֶס לאָזט זיך זאָגאַר זאָגעֶן, אַז אַלעֶס שעֶנעֶס, הויכעֶס און בעֶפרײַעֶנדעֶס, וואָס ליעגט אין דעֶר אויסבילדונג פון דעֶם מעֶנשליכעֶן גײַסט, איז אין יעֶנעֶר עֶפּאָכעֶ געֶשאַפעֶן און געֶפּפלעֶגט געֶוואָרעֶן פון יודישעֶ דעֶנקעֶר.

און קאָנצעֶנטרירט האָט זיך דאָס אַלץ אין דעֶר שעֶנעֶר אַנדאַ־לוזיעֶן, וואָס איז איצט, נאָך דעֶם אונטעֶרגאַנג פון דער גאונות אין בבל, געֶוואָרעֶן דעֶר מיטעֶלפּונקט פון גאַנצעֶן יודעֶנטום. עֶס איז אַזוי חײַט געֶקומעֶן, אַז יודעֶן האָבעֶן אָנגעֶהויבעֶן קוקעֶן אויף דעֶר געֶבעֶנשט־עֶר אַנדאַלוזיעֶן, ווי אויף אַ מין יודישעֶר מלכוה, און די געֶרורפ'טעֶ פון אַלעֶ לעֶנדעֶר פלעֶגעֶן קומעֶן אַ העֶר זוכעֶן שיץ און מנוחה. צווישעֶן

די דאָזיגע פערפּאָלגטע האָבען זיך געפונען אויך די לעצטע צווייגלעך פון דעם בבלישען עקזילארכען-בוים (אלזאָ אויך פון דוד׳ס אָבשטאַמונג), וועלכע זענען פערבליבען אין שפּאניען אונטערן נאָמען אבן-דאוד, און די געבליבענע מיטגליעדער פון די לאַזאַרישע מלכים, וועלכע די רוסען האָבען ענדליך פערטריבען אויך פון דער קרימער האלב-אינזעל.

בראש פון שפּאנישען יודענטום איז איצט געשטאַנען ר׳ שמואל אבן-נרגלא (געב. 993, געשט. 1055), דער ערשטער אין דער רייהע פון די תלמודישע אויטאָריטעטען נאָך די אָפּיציעלע גאונים. דאָס איז געווען א געניאלע און פּיעלזייטיגע פּערזענליכקייט, וואָס האָט פעראייניגט אין זיך טיעפע תלמודישע קענטעניסען, א ברייטע אלגעמיינע בילדונג, און די דיפּלאָמאַטישע געשיקטקייט פון א ווייטזיכטיגען שטאַאַטסמאַן.

אין דער יוגענד האָט אבן נרגלא נישט וועניג געליטען. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דעם בלוטיגען בירגער-קריעג, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט דער צושפּליטערונג פון דעם מעכטיגען אנדאַלוזישמחמד׳נישען קאַליפאַט. עס זענען ענטשטאַנען א גאנצע רייהע קליינע פירשטענטומען, ווי אין איטאליען און דייטשלאַנד, און דער בערבערישער הויפּטלינג סוליימאַן האָט, בעת זיין קאַמפּף מיט די אַראבער, חרוב געמאַכט די שענסטע פּאלאַצען פון דער הויפּטשטאָדט (קאָרדאָווא)¹. די אָנגעזעהענסטע יודישע פאַמיליעס פון דער שטאָדט האָבען דאַן אויסגעוואַנדערט קיין טאָלעדאָ, גראַנאַדאַ, סאַראַגאָסא, און צווישען זיי האָט זיך געפונען אויך דער יונגער אבן נרגלא, וועלכער האָט זיך בעזעצט אין דער בערבערישער האַפענשטאָדט מאַלאַגאַ (אים קעניגרייך גראַנאַדאַ). דאָ האָט זיך שמואל ערנעהרט פון א קליינער קראָם, און דערביי פלייסיג שטודירט תלמוד און אנדערע למודים.

דערווייל האָט זיך געמאַכט, אז דער וויזיר פון צווייטען גראַנאַדישען קעניג, אבולקאַזים איבן-אלאריף, האָט געוואוינט נישט ווייט פון שמואל׳ס קראָם, און דערוויסענדיג זיך דורך א צופאַל, אז שמואל בעזיצט גרויסע קענטעניסען, האָט ער איהם בעשטימט פאַר זיין סעקרעטאַר (1025). און אויף דעם פּאָסטען איז שמואל נישט געבליבען: דער שטאַאַטסמאַן האָט זיך גלייך איבערצייגט אין שמואל׳ס דיפּלאָמאַטישע פעהיגקייטען, און ער האָט איהם געמאַכט פאַר זיין נאָהנטסטען פריינד און יועץ, אָהן וועלכען ער האָט קיין זאך נישט געטאָן. אזוי האָט שמואל נישט אָפּיציעל זיך פאַקטיש בעטייליגט אין

טלע פראַגען פון דער מלוכה, און ווען איבן-אַלאַריף איז שטאַרק קראַנק געוואָרען, האָט ער דעם קעניג האַבוס געראַטען, ער זאָל איבערגעבען די גאַנצע הנהגה פון דער מלוכה דעם יודען שמואל אין די הענד. דאַן איז שמואל אָפיציעל בעשטימט געוואָרען פאַר אַ קאַטיב (שטאַאַטס-מיניסטער 1027), און דער געוועזענער תלמיד פון דעם בטלני'שען ר' חנוך האָט אָנגעהויבען שפּיעלען אַ בעדייטענדע ראָליע אין דעם פּאָליטישען לעבען פון דער פּירענעאישער האַלב-אינזעל. נאַטירליך, האָבען זיך געפונען נישט וועניג פאַנאַטישע מחמר'נער, וועלכע האָבען געקוקט מיט קנאה און פערדרוס אויף דעם אונגלויביגען; זיי זענען אָבער נישט אימשטאַנד געוועזען אונטערצוגראָבען דעם צוטרוי צו איהם פון קעניג, ווי פון דער גאַנצער עהרליך-דענקענ-דער בעפעלקערונג. דער ערשטער, האַבוס, האָט זיך פון יאָהר צו יאָהר מעהר איבערצייגט אין שמואל'ס איבערגעגעבענקייט און דיפּלאָ-מאַטישער געשיקטקייט, און דערצו האָט שמואל אויך פערשטאַנען, ווי אַזוי זיך צו בעגעהן מיט זיין הערשער, כדי צו געווינען זיין ליעבע. ער האָט, למשל, פערפאַסט אַ לויב-ליעד אין זיעבען שפּראַכען לכבוד דעם קאַליף, און אַנטקעגען אַזאַ קינסטלערישען קאָמפּלימענט האָט קיין מתמר'נישער הערשער פון יענער עפּאָכע נישט געקענט בעשטעהן.

נאָכ'ן טויט פון קעניג האַבוס (1037) זענען אין גראַנאַדאַ ענט-שטאַנען צוויי פּאַרטייען, וועלכע האָבען זיך גרופּירט ארום די צוויי איבערגעבליבענע פּרינצען: באַדיס און באַלקין. שמואל איז געשטאַ-נען אויף דער זייט פון דעם ערשטען, און אַזוי ווי באַדיס איז ווירקליך געבליבען דער הערשער פון לאַנד, האָבען די אָנהענגער פון דעם צווייטען פּרינץ געמוזט אַנטלויפען. באַדיס האָט דאַן שמואל'ן נאָכמעהר דערהויבען און איהם געמאַכט פאַר'ן פאַקטישען הערשער פון גראַנאַדאַ. דאָס האָט ווידער אויפגעוועקט די קנאה פון געוויסע פערביטערטע מחמר'נער, און דאָס מאָל האָט שמואל'ן און דער גאַנצער יודישער קהלה אין גראַנאַנדאַ ווירקליך געדראָהעט אַ גרויס געפאַהר. עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דעם שקלאַפען-פירשט זאָהאַיר, מיט וועלכען דער בערבערישער פירשט פון גראַנאַנדאַ איז געוועזען פּאָליטיש פערבונ-דען, און איצט האָט געזאָלט געשלאָסען ווערען אַ נייער אָבמאַך צווישען איהם מיט באַדיס'ן. דאָ האָט זיך אָבער אַריינגעמישט זאָהאַיר'ס מיניס-טער איבן-אַבאַס, וועלכער האָט נישט פערטראָגען די מאַכט פון דעם אונגלויביגען יודען, און ער האָט גענומען מיט פערשיעדענע אינטריגעס

פֿערמבּר׳ן שמואל׳ן פֿאַר זײַן הערשער. דאָס איז געווען אַ סיסטעמאַ־טישער קאַמפּף, וואָס איז געפֿירט געוואָרען גלײַכצײַטיג פֿון פֿערשידע־נע זײַטען, און ווען דאָס איז איהם נישט געלונגען, האָט זאָהאַיר זיך אַרײַנגעריסען מיט סאָלדאַטען אין דער גראַנאַדישער הויפּטשטאָדט און געפֿאָדערט פּשוט מיט געוואַלט, צו דערוויײַטערן דעם אונגלויביגען פֿון זײַן הויכען פּאָסטען. דאָס האָט זיך אָבער אויך נישט אײַנגעגעבען: דער בערבערישער פֿירשט איז אויפֿגערײַצט געוואָרען פֿון דער חוצפּה און דער סוף איז געווען, אַז זאָהאַיר׳ס מחנה איז שרעקליך צוקלאַפּט געוואָרען. איבן אַבּאַס אַליין איז אַ געפֿאַנגענער געבראַכט געוואָרען קיין גראַנאַדאַ, וואו ער איז נאָך עטליכע וואָכען פֿון שווערע תּפיסה־יסורים דערשטאָכען געוואָרען, און שמואל מיט דער יודישער קהלה האָבען טריאומפֿירט.

פֿון דאַן אָן האָט זיך שמואל געפֿיהלט פֿעסט אויף זײַן הויכען מלוכה־פּאָסטען, וואָס איז געווען אין דער זעלביגער צײַט אויך אַ מין נשיאות איבער די יודישע קהלות פֿון דער מלוכה. פֿאַר דער יודישער וועלט האָט שמואל געטראָגען דעם טיטול נגיד, און דערצו האָט ער געדינט אַלס הויפּט־רב פֿאַר אַלע קהלות פֿון לאַנד: ער איז געשטאַ־נען בּראָש פֿון אַ ישיבה אין גראַנאַדאַ, וואו ער האָט געלייענט תּלמו־דישע לעקציעס פֿאַר הונדערטער תּלמידים, און אויסער דעם האָט ער געהאַט צו ענטפֿערן אויף אָנפֿראַגען וועגען אַלערליי רעליגיעזע און יורידישע ספֿיקות. צו דעם אַלעם איז ר׳ שמואל הנגיד געווען אויך אײנער פֿון די בעדײַטענדסטע העבּרעאישע דיכטער אין יענער עפּאָכע; ער האָט פֿערפֿאַסט אַ רײַהע רעליגיעזע הימנען אונטערן נאָמען „בּן תּהלים“, אַ אַפֿאָריזמען־בּוך אין דער פֿאָרם פֿון משלי („בּן־משלי“) און אַ זאַמלונג פֿון פֿילאָזאָפֿישע בּעטראַכטונגען („בּן קהלת“).

אַזוי האָבען זיך אין שמואל׳ן פֿעראײניגט תּורה, חכמה און עשירות, און זײַן נאָמען האָט זיך אין גיכען פֿונאַנדערגעטראָגען איבער אַלע לענדער פֿון דער דיאַספּאָראַ. דערצו איז שמואל אַליין אויך גע־שטאַנען אין אַ נאָהענטער בּריעפֿליכער פֿערבינדונג מיט די גרעסטע יודישע פּערזענליכקײַטען פֿון זײַן דור, בּעזונדער מיט ר׳ נסים בּן יעקב אין קירואַן און ר׳ האי גאון אין פּומבּדיתא. דעם לעצ־טען האָט ר׳ שמואל געגעבען אַ גרויסע מאַטעריעלע שטיצע פֿאַר זײַן ישיבה, און נאָך זײַן (ר׳ האַי׳ס) טויט האָט ער איהם געווידמעט אַ גרויסע עלעגיע, אין וועלכער עס ווערט בּעקלאָגט דער אונטערגאַנג

פון דעם גרויסען גייסטיגען צענטר אין בבל.

דער מעכטיגער יודישער שטאאטסמאן איז נישט אפגעשטאנען פון זיין דור אויך בנוגע צו דעם שטודיום פון דער העברעאישער גראמאטיק: ער האט אנגעשריבען גאנצע צוויי און צוואנציג חבורים איבער העברעאישע שפראך־פראגען. דאס זענען געוועזען אממעהרסטענטייל פאלעמישע ארויסטרעטונגען אנטקעגען דעם בעריהמטען טיעפען קענער פון דער העברעאישער שפראך יונה אבן גנאח, וועלכער האט אין׳ם קולטור־לעבען פון שפאנישען יודענטום פערנומען כמעט נישט קיין קלענערן פלאץ פון ר׳ שמואל הנגיד.

דער דאזיגער אריגינעלער דענקער (מיט׳ן אראבישען נאמען: אבול־וואליד מערוואן איבן־גנאח; געב. 995, געשט. 1050) האט אויך געשטאמט פון קארדאווא, וואו ער האט געשטודירט מעדיצין אין דער הוך־שול פון קאליף אל־חכים; ער איז אבער ביי דעם געביעט נישט פערבליבען און האט זיך אינגאנצען איבערגעגעבען דעם שטודיום פון דער העברעאישער שפראך. בעת דעם אויפשטאנד אין יאהר 1013 האט יונה פערלאזען קארדאווא און זיך בעזעצט אין סאראגאסא (אין צפון שפאניען), וואו די יודישע בעפעלקערונג האט זיך נאך געהאלטען ביי די אלטע פארמען פון לעבען און געקוקט קרום אויף יעדער לעהרע, וואס האט נישט קיין דירעקטע שייכות צום תלמוד. דאס האט אבער אבן־גנאח׳ן נישט אפגעהאלטען פון זיין בעליעבטען שטודיום, און דא האט ער געשאפען זיין הויפט־ווערק, וואס ענטהאלט דעם סך הכל פון אלע זיינע פארשונגען און פון זיין גאנצען גייסטיגען לעבען. אין דעם ווערק האט יונה נישט בלויז בעשאפען דעם העברעאישען סינטאקס (גראמאטיק, לעהרע פון די ווארט־שרשים), נאר איהם אויך פאלשטענדיג פערענדיגט; דאס איז אבער נאך נישט אזוי וויכטיג, ווי די כללים, וואס ער האט געשאפען אויף צו פערלייכטערן דאס פערשטעהן פון דער ביבעל. אויף דעם געביעט איז ער געוועזען דער איינציגער: קיינער פאר איהם האט נישט אזוי טיעף פערשטאנען די קונסטווערק פון דער היילינער ליטעראטור מיט אלע זייערע אידעאלע פיינקייטען, ווי יונה אבן גנאח, און נישט געקענט זיי אזוי געלונגען ווי ער בעלייכטען. יונה איז געוועזען דער ערשטער, וואס האט אויפגעהויבען די ביבעלפארשונג ביז צו דער מדרגה פון א זעלבסט־שטענדיגער וויסענשאפט, און אנשטאט די בייזהעריגע פלפול׳דיגע אויסטייטשונגען מיט די פערפלאנטערטע כונות און רמזים, האט ער

געלעהרנט צו פערשטעהן דעם איינפאלען און אין דער זעלביגער צייט אויך געטליך־טיפען זין פון דער נבואה.

ווי ס'איז שוין אויבען דערמאָנט געווען, זענען אבן גנאח'ס דרייסטע שפראך־ און ביבעל־פאָרשונגען אונטערגעוואָרפען געוואָרען אַ שאַרפע קריטיק מצד דעם מעהר אָרטאָדאָקסישען ר' שמיאל הנגיד; אבן גנאח איז אָבער נישט פערבליבען די גאַנצע צייט אין דער ראָליע פון אַ בעפאַלענעם — ער אַליין האָט זיך שפּעטער געשטעלט אין אַ שאַרפער אָפּאָזיציע אַנטקעגען דעם דריטען גייסטיגען בעהערשער פון יענער עפּאָכע, ר' שלמה אבן גבירול, וועלכער האָט געלעבט מיט איהם אין איין שטאָדט.

מיט ר' שלמה בן יהודה אבן גבירול (אראַביש: אַבו־אַיוב סוליימאן איבן יאַכיאַ; געב. 1021 געשט. 1050), האָט דאָס שפּאַנישע יודענטום בעקומען אַ אידעאַלע ערשיינונג, וואָס האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ לעבעדיגע פערקערפערונג פונ'ם צאַרטעסטען ליריזם מיט אַ טיעף פאָרשענדען און זולענדען געדאַנק. געבוירען און ערצויגען אין מאַלאגאַ, האָט אבן גבירול זעהר יונג פערלוירען זיינע עלטערן און איז געבליבען עלענד און פער'יתומ'ט אויף גאָט'ס וועלט. דאָס האָט אַרויפגעלעגט אויף זיין געמיט דעם שטעמפּעל פון טיעפען טרויער, און ער האָט געקלאָגט:

„איך בין דאָס קינד מיט דעם געמיט פון אַ זקן.
מיין לייב וואַנדערט אויף דר'ערד, און מיין גייסט שוועבט
אין די וואָלקענס".

אין זיין זעכצעהנטען לעבענס־יאָהר האָט אבן־גבירול געשריבען:
זעה איך לאַכען, ווייַנט מיין האַרץ,
אויף מיין לעבען, וואָס איז בעטריבט;
ס'מוז דער זעכצעניאָהריגער, אַ פריינד, שטענדיג וויינען,
אָנשטאָט מיט דער יוגענד זיך צו פרעהען,
ווי די ליליע אין טאָל!

רעמאָלט האָט אויף אַ קורצער צייט אַ שיין געטאָן פאַר'ן עלענדען יתום אַ ליכטיגער שטראַהל אין דער געשטאַלט פון אַ געווויסען יקותיאל הסאן, וועלכער האָט פערנומען אַ אַנגעזעהענעם אָרט אין הויף פון דעם סאַראַגאָסאַ'ער עמיר. דער געבילדעטער יודישער אַריסטאָקראַט האָט גענומען אונטער זיין שוץ דעם יונגען דיכטער און איהם פערטרעטען אי אַ פאָטער, אי אַ הארציגען פריינד. דעם אונ־

גליקליכען אבן גבירול איז אָבער נישט בעשערט געווען, לאַנג צו געניעסען פון דעם גליק: זיין בעשיצער איז געפאַלען אלס קרבן פון אַ געוויסער פאָליטישער אינטריגע (1039). אָט דער טויט האָט אין אבן גבירול'ס האַרץ אויפגעריסען גאַנצע שטראָמען פון טרויער און געוויין, און זיין קלאָג-ליעד פון איבער צוויי הונדערט שען געפאָ־מטע פערזען איז אַן'אייביגע עהרען-מצבה פאַר דעם טראַגיש אומגעקומענעם, ווי פאַר'ן דיכטער.

„יקותיאל'ס לעבען איז פערגאַנגען
דאַן זענען פערגעננגליך אויך די הימלען!"

שרייט אויס דער פערביטערטער זינגער, און ער פערוואַנדעלט זיין פערזענליכען אומגליק אין אַ אומגליק פאַר דער גאַנצער יודישער אומה. מיט'ן דיכטער'ס מויל קלאָגט די יודישע מוטער, ציון: „ווער וועט מיך אונטערהאַלטען אין יאָהרען פון אונגליק, ווען מיינע שונאים וועלען זיך צונויפרייערן און מיך בעפאַלען? ווער וועט איינהאַלטען די צוריי־סטע טיגערן, וואָס עפענען זייערע מיילער, כדי איינצושלינגען די איבערגעבליבענע בלאָנדזשענדע שעפעלעך?"...

זינט דעם אונגליק האָט זיך די טרויעריגע שטימונג שוין מעהר נישט אָבגעטאָן פון דער עמפפינדליכער דיכטער-נאַטור. דער אונ־גליקליכער האָט איצט אַלץ און אַלע געזעהען אין אַ גרוי-פינסטערער געשטאַלט און בסדר געקלאָגט איבער פערראַט, פערפאָלגונג און פרעמדקייט. דאָס האָט איהם פערשאַפט אַ סך שונאים אין דער העכערער יודישער געזעלשאַפט, און אין ניכען האָט ער איננאַנצען געמוזט פערלאָזען סאַראַגאָסאַ (1045); דערפון איז ער נאָכמעהר אויפגערייצט געוואָרען, און זיינע קלאָג-ליעדער פון יענער צייט קלינגען, ווי אַ האַרצרייסענדער נויט-געשריי פון צאָרן און פערצווייפ־לונג. די פערביטערטקייט פון דעם אונגליקליכען יונגען דיכטער איז דערגאַנגען ביז אַזוי וויט, אַז ער האָט פעסט בעשלאָסען צו פער־לאָזען גאַנץ שפּאַניען און אויסוואַנדערן אין די מזרח-לענדער; ער האָט אָבער דעם בעשלוס נישט אויסגעפיהרט און געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט אין די שפּאַנישע פראָווינצען גופא. אין די וואַנדער־יאָהרען האָט ער זיך אָפּטמאָל אָנגעשטויסען אָן דעם מעכטיגען ר' שמואל הנגיד, וועלכער האָט איהם געפרובט מקרב זיין און שטיצען; דער אונרוהיגער וואַנדערער האָט אויף אַזאַ אופן זיך געפיהלט פון איין זייט פערפליכטעט אנטקעגען זיין בעשיצער און האָט איהם דער־

פאר אָבגעדאַנקט מיט שענע לויב-לידער ; פון דער צווייטער זייט אָבער האָט דער אלטער שטאַאטסמאַן און כלומר'שטער דיכטער נישט ווייניג געדייצט אבן גבירול'ם שאַרפען גייסט און פיינעם געשמאַק , און דאָס האָט ווידער ביי איהם אַרויסגערופען בייסענדע סאטירישע עפּיגראַמען געגען דעם נגיד , פון וועלכע דער לעצטער האָט זיך געפיהלט שאַרף אָנגעגריפען .

אַזוי האָט דער עלענדער דיכטער פערבראַכט דעם לעצטען טייל פון זיין לעבען , און אין גיכען האָט דאָס וואַנדערן און הונגערן אינגאַנצען אינטערגעגראָבען זיין שוואַכען אָרגאַניזם : ער איז געשטאָרבען אין וואַלענסיע אין דער עלטער פון אַכט און דרייסיג יאָהר .

די גייסטרייכע לירישע שאַפונגען פון דעם יונגפערשטאָרבענעם דיכטער האָבען אַריינגעבראַכט אַ נייעם לעבענס-שטראָם אין דער העבּרעאישער פּאָעזיע . „גאָט האָט איהם געזאַלבט — שרייבט וועגען ר' שלמה אבן גבירול דער שפּעטערדיגער דיכטער אלחריזי — פאר אַ קעניג אין דער דיכטונגס-וועלט פון זיין פאָלק , און ער האָט געשאַפען אַ שיר השירים . זיינע נאָכפאָלגער האָבען זיך צוגעפּאַסט צו זיין געשמאַק , און דער גייסט פון זיין מוזע רוהט אויף זיי״ . אַ גרויסער טייל פון זיינע לידער איז אַריינגעגאַנגען אין דעם שוהל-גאָטעסדיענסט , און אויך דאָ צייכנען זיי זיך אויס פון אַלע פּיוטים פון די פריהערדיגע צייטען . „אין זיי הערט זיך דאָ די עהרפורכטיגע בעגייסטערונג פון דער מענשליכער נשמה , וואָס רעדט זיך דורך מיט איהר בעשעפער און דאָ די ליידענשאַפטליכע השתפכות הנפש פון דער דענקענדער יודישער אומה , וואָס בעט זיך רחמים , זי זאָל אומגעקעהרט ווערן אין דעם צוגעזאָגטען לאַנד״ .

„ביז ווען , אָ גאָט , — שרייט אוים דער פערביטערטער דיכטער אין איינער פון זיינע שוהל-הימנעם — ביז ווען וועלן מיר אַזוי קלאָגען אויף די בעליידיגונגען , אויף דער לאַנגיעהריגער פערקנעכטונג ? ישמעאל (די מחמד'נער) איז נעגליכען צו אַ לייב , און עשו (די קריסטליכע וועלט) צו אַ שפּאַרבער : לאָזט אונז איינער אָב , נעהמט זיך גלייך צו אונז דער צווייטער״. נאָכדעם קומט פאָר דער פאָלגענדער דיאלאָג צווישען גאָט און דער כנסת ישראל : „פערלאָזענע , אויפגעגעסענע , פאַרוואָס ווייִנסטו ? האָסטו אָנגעהויבען צווייפלען אין דעם , וועמען דו ערוואַרטסט ? מיין אויסלייזונג איז אָבגעלייגט און מיין פּינסטערניש האָט זיך פערצויגען . וואַרט , אונגליקליכע , נאָך עטוואָס —

און איך וועל שיקען מײַן אָנזאָגער , װעלכער װעט רײַן מאַכען פאר מיך דעם װעג , און אויפן בארג ציון װעל איך זאַלבען מײַן קעניג״ .

אבן גבירול איז געװען נישט בלויז א דיכטער — זײַן קאָפּ האָט געאַרבײַט אויך איבער די טיעפסטע פּראָבלעמען פון װעלט און לעבען .

ער שרײַבט : „װי קען די חכמה איך פערלאָזען,
װײַן גאַטס גײַסט האָט פערבונדען מיך מיט איהר ;
װי קען אויך זי מיך פערלאָזען ,
װען זי איז מײַן מוטער און איך איהר ליעבלינג״ .

נאָך אַלס יונגעל כמעט האָט אבן גבירול אויפגעשטעלט א גאַנצען סיסטעם פון די געדאַנקען , װאָס בעשעפטיגען דעם מענשליכען גײַסט . װאָס איז דער העכסטער ציעל פון דעם מענשליכען זײַן ? װאו ליעגט דער מקור פון מענשען׳ס נשמה און װאו קומט זי אהין נאָכ׳ן שײַדען זיך פון גוף ? װי קען מען משיג זײַן דעם העכסטען װעזען, פון װעלכען אונזער װעלט איז ענטשטאַנען ? אויף די און נאָך אַזעלכע מעטאפיזישע שאלות האָט אבן גבירול געפּרובט געבען אנ׳ענטפער פריהער אין זײַן בעריהמטער שוהל-הימנע , װאָס איז בעקאַנט אונטערן נאָמען „כתר מלכות״ , און דערנאָך (אין א פיעל ברײַטערן מאַסשטאַב) אין א בעזונדער אַראַבישע-געשריעבענעם ספר , װאָס איז איבערזעצט געװאָרען אין העברעאיש אונטערן נאָמען „מקור חיים״ . דאָס דאָזיגע פילאָזאָפישע װערק (מיט׳ן אראַבישען נאָמען : „איבער די אלגעמײנע שטאָפען און דער אלגעמײנער פאָרם״ אָדער „די אורזאַכען״) האָט אין די יודישע קרײַזען קײַן גרויסען אָבקלאַנג נישט געפונען, דערפאַר האָט מען זיך מיט אבן-גבירול׳ס סיסטעם שטאַרק פעראינטערעסירט אין די קרײַזען פון די אַראַבישע און קריסטליכע סכאָלאַסטיקער . הונדערט יאָהר נאָך זײַן ערשײַנען , איז דאָס װערק , דורך א קריסטליכען גלח און א געשמד׳טען יודען , איבערגעזעצט געװאָרען אויף לאַטײן . דאַן האָבען די הויפטלעהרער פון דער קריסטליכער סכאָלאַסטיק זיך געשטיצט אויף אבן גבירול׳ס נעאָ-פּלאַטאָנישער טעאָסאָפיע און איהר בעגרינדעט , גאָרנישט װיסענדיג, אז דער אַראַבישער אויטאָר פון דעם װערק, אביצעבראָן , איז נישט מעהר , װי א פסעװדאָנים פון דעם בעריהמטען יודישען ליריקער און דענקער .

אנ׳אַנדער יודישער פילאָזאָף פון דער עפּאָכע , בחיי בן יוסף אבן פקודה , האָט זיך אויסגעװעהלט א אײַנציגען צװײַג פון דער

פילאָזאָפיע ; ער האָט געשאַפן אַ אָריגינעלען מאָראַל־טעאָלאָגישען סיסטעם פון יודענטום . בחיי האָט געשטרעבט צו פעראינערליכען דאָס יודענטום , עס לעבעדיגער און הארציגער צו מאַכען ; איהם זענען די אינווענינגסטע עטישע פליכטען , וועלכע ציהען זייער מקור פון דעם מענשליכען געוויסען , בעדייטענד וויכטיגער געווען פון די רעליגיעזע געזעצען און געבאָטען , און די לעצטע טיילען זיך , לויט זיין מיינונג , אויך אויף ריין־רעליגיעזע און רעליגיעז־צערעמאָניעלע , פון וועלכע די ערשטע שטעהען פיעל העכער . אַט די איינטיילונג האָט געמוזט קלאָר און גענוי בעשטימט ווערן , כדי יעדער מענש זאָל שטענדיג וויסען , ווי ער דאַרף האַנדלען אין דער מינוט , אום „זיין דענקען , פיהלען און טאָן זאָלען זיין איינס מיט גאָט" , און דאָס האָט ר' בחיי געגעבען אין זיין „חובת הלבבות" (די פליכטען פון הארצען) . אין דעם ווערק (געשריבען לכתחילה אין אַראַביש) בעלויכט דער הייסער פרעדיגער פון הויכער גייסטיגער ריינקייט די בעהאַלטענסטע קנייטשעלעך פון דער גלויבענדער מענשליכער נשמה , אין פאָדערט פון יעדען יודען , ער זאָל וואָס טעהר רייניגען זיין גייסט און וואָס העכער איהם אויפהויבען — דורך פאַסטען , טראַכטען און זיך אָבזאָגען פון אלע מענשליכע שוואַכקייטען און ליידענשאַפטען . ר' בחיי'ס פילאָזאָפיע איז אויף אַזאַ אופן פיעל נעהנטער געווען צו דעם גייסט פון די יודישע מאמינים ; דעריבער איז דער „חובת הלבבות" זעהר פּאָפּולער געוואָרען , און אין דעם משך פון אַ סך הונדערטער יאָהרען האָבען פרומע יודען (אפילו פרויען) איהם געלייענט און פערהייליגט .

דאָס זענען געווען די בעדייטענדע צייט־חברים פון ר' שמואל הנגיד אין דער ערשטער העלפט פון עלפטען יאָהרהונדערט ; מיט איהם האָט זיך אָבער די גדולה פון זיין הויז נישט אָבגעטאָן , און נאָך זיין טויט (1055) האָט דער זוהן אַבו־הוסיין־יוסף (געב. 1031, געשט. 1066) איבערגענומען זיין טיטול און זיין פּאָסטען אין הויף , האָטש ער איז נאָך זעהר יונג געווען . אי דער קעניג באַדיס , אי די יודישע קהלות פון גראַנאַדאַ — ביידע האָבען אָנערקענט דעם פיער־אונצוואַנציג־יעהריגען יוסף פאַר פעהיג צו פערטרעטען די פעראַנטוואָרטליכע פּאָסטענס פון זיין גרויסען פאָטער , די פּאָסטענס פון אַ וויזיר און אַ נגיד (אָדער הויפּט־רב) איבער דאָס גראַנאַדישע יודענטום. דאָס האָט יוסף געהאַט צו פערדאַנקען דער גוטער ערציהונג,

וואס ער האט בעקומען; ער איז געווען געבילדעט אין יודישע, ווי אין אלגעמיינע למודים, און וויל זיינע אנגעבווירענע פעהיגקייטען און נייגונגען זענען אויך געווען גענוג שטארק און סימפאטיש, האט ער זיך באלד ערווארבען די אכטונג פון דער יודישער, ווי פון דער אראבישער בעפעלקערונג.

ביי זיינע אלע גייסטיגע מעלות, האט אבער יוסף דאך געהאט א געוויסע שוואכע זייט, וואס האט איהם געשטעלט ניעדריגער פון פאטער: איהם האט געפעהלט דעם פאטער'ס בעשיידענהייט. ערצויגען אין לוקסוס און פראכט, האט יוסף געקוקט אויף זיך, ווי אויף א געבווירענעם הערשער, און דאס האט איהם אפט געמאכט פערגעסען, אז ער הערשט איבער א פ ר ע מ ד ע ן פ א ל ק פון אנ'אנדער גלויבען, וואס קען גאנץ לייכט אויפגערייצט ווערן. יוסף האט דעריבער איבערגעגעבען די מעהרסטע אמטען פון דער מלוכה אין יודישע הענד, און אין זיין בעציהונג צו די אונטערגעווארפענע האט ער זיך אויך ערלויבט צופיעל שטרענגקייטען. דאס האט ארויסגערופען געגען איהם א שטארקע שנאה מצד די הערשענדע קרייזען פון לאנד, די בערבערן.

עס האט זיך אנגעהויבען א פיינדליכע אגיטאציע געגען דעם יודישען וויזיר. דער אראבישער פאעט א ב ו = א י ס ח א ק א ל ע ל ־ ו ו י ר י האט פערעפענטליכט א יודענפיינדליכען אויפרוף, אין וועלכען ס'האט זיך געזאגט: זאג די סינגאדושיטען (די בערבערן), די מעכטיגע פון אונזער צייט, די לייבען פון מדבר: אייער הערשער האט געהאנדעלט פערברעכעריש, ער האט בעעהרט א אונגלויביגען. ער האט בעשטימט פאר א קאטיב א יודען, וועהרענד ער האט געקענט געפינען אזעלכען צווישען די גלויביגע. די יודען שפיעלען זיך מיט די לעכערליכסטע האפנונגען, קוקען אויף זיך, ווי אויף פריצים און בעהאנדלען שלעכט די גלויביגע. ווען איך בין אנגעקומען קיין גראנאדא האב איך בעמערקט, אז די גאנצע מאכט ליעגט ביי יודען אין די הענד, אז זיי האבען צוטיילט צווישען זיך די הויפטשטאדט מיט דער פראווינץ. איבעראל הערשט וועהר ס'איז פון אט די פערשאלטענע".

די אויפגערייצטע בערבערן האבען שוין דאן נאר געזוכט עפעס א געלעגענהייט, זיך צוטשעפען צום פערהאסטען „קאטיב", און

אזעלכע געלעגענהייטען האבען זיך באלד געמאלט . עס איז פלוצלינג געשטארבען דער קרוין-פרינץ באלקין , האבען די בערבערן פערשפרייט קלאנגען , אז יוסף האט איהם פערגיפטעט ; גראד האט זיך באדיס דאס מאל נישט צוגעהערט צו די קלאנגען , און געלאזען בעשטראפען די אמת׳ע שולדיגע . א פאר יאהר נאכדעם איז יוסף געזעסען במנוחה ; זיינע שונאים האבען אבער נישט גערוהט . דערווייל האט זיך געמאלט , אז צווישען די בערבערן מיט די אראבער איז פארגעקומען א שטאר-קער סכסוך , און דער קעניג באדיס האט בעשלאסען , צו בעפאלען די אראבער , ווען זיי וועלען זיך פערזאמלען אין דער מאשעע , און זיי אויסטויטען . אין דעם אקט האט דער יודישער שטאאטסמאן געזעהען א געפעהרליכען און פאלשען שריט , און ער האט אנגעווענדעט אלע מיטלען , אבצורעדען באדיס׳ן פון דעם בעשלוס ; און ווען ער האט געזעהען , אז דער הערשער וויל זיינ׳ס דורכאוס אויספיהרען , האט ער געהיים געלאזען וויסען די אנגעזעהענע אראבער פון דער הויפטשטאדט , זיי זאלען פרייטאג נישט קומען אין מאשעע . דעם קעניג׳ס פלאן איז נאכדעם , פערשטעהט זיך , דורכגעפאלען , און הגם ער האט דעם וויזיר נישט בעשטראפט עפענטליך , האט ער דאך געטראגען אויף איהם פון דעמאלט אן א כעס .

דערפון האבען זיך די בערבערן דערוואוסט , און זיי האבען דאס באלד אויסגענוצט צו זייער צוועק . א קורצע צייט נאכדעם האט דער הערשער פון דער שכני׳שער אלמעריע זיך אריינגעריסען מיט א שטארקען חיל אויף דעם גראנאדישען טעריטאריום , און די קלאנגען האבען גלייך אנגעוויזען אויף דעם יודישען וויזיר , ווי אויף דעם שולדיגען : ער האט גערופען דעם שונא אין לאנד , כדי איהם איבער-צוגעבען די גראנאדישע קרוין .

און דאס מאל האט זיך דער אויפטו איינגעגעבען . עס האט אויסגעבראכען א אויפשטאנד נישט בלויז געגען יוסף׳ן נאר געגען דער גאנצער יודישער בעפעלקערונג ; דער ערשטער קרבן איז אבער געווען יוסף הנגיד : דער אויפגערייצטער מחמד׳נישער המון האט זיך גלייך אוועקגעלאזען צום וויזיר׳ס פאלאץ . דער צוטומעלטער יוסף האט זיך אפילו געפרובט בעהאלטען און פערמאסקירען ; די צעווילדעטע מאסע האט איהם אבער געפונען , געטויט אויף אנ׳אכזריות׳דיגען אופן און אויפגעהאנגען אויף די טויערן פון שטאדט (1066) . פון וויזיר׳ס פאלאץ האט זיך דער המון אוועקגעלאזען צו די יודען פון שטאדט

און אויסגעטויט ביז פופצעהן הונדערט יודישע משפחות. די איבריגע — צווישען זיי אויך יוסף'ס זוהן און אלמנה — זענען אנטלאָפען; בעת דעם שרעקליכען פאָגראָם איז צורויבט און פערניכטעט געוואָרען אויך יוסף'ס רייכע ביבליאָטעק, און פון זיין גאנצען פערמעגען אין אלגעמיין איז קיין זכר נישט געבליעבען.

די דאָזיגע ערשטע יודענפערפאָלגונג אויף דער פירענעאישער האלב-אינזעל זינט דער הערשאפט פון איסלאם האָט שטארק פונאנדערגעטרייסעלט דאָס לעבען פון די יודישע קהלות אין גאנץ שפאניען, אָבער נאָר אויף אַ קורצער צייט. די קעניגען אָדער עמירען פון די איבריגע פראָווינצען האָבען, ווי ביז אהער, ווייטער אויך נישט אויפגעהערט אָנצופערטרויען יודען די פעראנטוואָרטליכסטע פאָסטענס אין זייערע מלוכות. אזעלכע פאָסטענס האָבען פערנומען יוסף אבן-מינאש אין הויף פון סעווילישען קעניג אלמוטאדיד, און איין יוד מיט'ן נאָמען אבו-פאדל-הסדאי אין הויף פון דעם סאראגאָסא'ער הערשער אלמוקטאדיר. אבו-פאדל האָט זיך שטארק בערימט געמאכט אויך אלס אראבישער דיכטער, און ווי עס בעשטימט איינער פון די שפעטערדיגע אראבישע היסטאָריקער האָט ער אָנגענומען דעם איסלאם, זענענדיג שטערבליך פערליעבט אין אַ מחמד'ניש מעדעל.

דער ביישפיעל פון די מחמד'נישע הויפען האָט געווירקט אויך אויף די קריסטליכע הערשער. אויך זיי האָבען אָנגעהויבען צו עקספּלואַטירען די יודישע דיפּלאָמאטישע און אדמיניסטראטאָרישע פעהיגקייטען, בעשטימענדיג יודען אויף הויכע מלוכה-פּאָסטענס. די שפאנישע יודען האָבען אויף אזאַ אופן גאָרנישט געליטען די ערשטע צייט פון די נצחונות פון די קריסטליכע חילות; זיי האָבען זיך געפיהלט און שפּאניען אונטער דער הערשאפט פון קרייץ נישט ערגער, ווי אונטער דער הערשאפט פון דער האלבער לבנה (איסלאם). אַ בעדייטונג פאר די יודען פון מערב איירָאָפּאַ האָבען געהאט ערשט די שפעטערדיגע גרויסע נצחונות פון דער קריסטליכער מאכט איבער די לענדער פונ'ם מחמד'נישען שפאניען, און דער ערשטער קרייץ-צוג געגען די מחמד'נער פון די מזרח-לענדער.

דער ערשטער געוואלטיגער צוזאמענשטויס צווישען דעם קרייץ מיט דער האלבער לבנה אויף דעם באָדען פון דער פירענעאישער האלב-אינזעל איז ארויסגערופען געוואָרען פון דעם העלדישען און ווייטזעהטיגען אלפאָנס VI, וועלכער האָט פערשטאנען אויסצונוצען די

צושפּליטערונג פון דער מחמדנישער אימפּעריע, אום אויסצושפּרייטען
זײַן הערשאַפט פון קאַסטיליען אין צפון ביז אַרויף אין דרום. כדי
ניכער דורכצופיהרען דעם פאַרגעזעהענעם פּלאַן פון אָבנעהמען בײַ די
מחמדנער צוריק דאָס אַמאָליגע וועסטגאָטישע לאַנד, איז פאַר דעם
קאַסטילישען קעניג געווען נויטיג, צו שטיצען מיט אַלע מעגליכקייטען
די רײַבונגען און אַרומרײַסענישען צווישען די קליינע מחמדנישע פירשטיענ-
טומען, און דערצו האָט ער געמוזט האָבען געשיקטע דיפּלאָמאַטען
מיט פּיעלזײַטיגע קענטענישען. האָט אַ דיפּלאָמאַטישער שליח געוואָלט
עפּעס אויפטאָן אָדער דערגעהן אינ׳ם הויף פון אַ מחמד׳נישען הערשער,
האָט ער געמוזט נישט בלויז בעזיצען גוט די אַראַבישע שפּראַך, נאָר
אויך זיך צופּאַסען צו דעם גײַסטרײַכען און פערפײַנערטען טאָן,
וואָס האָט דאָ געהערשט, און מענשען מיט אַזעלכע אײַגענשאַפטען
האָבען זיך געפינען גאַנץ ווייניג אין די דעמאָלטיגע קריסטליכע לענדער.
די אײַנציגע, וואָס זענען געווען ווי צוגעפּאַסט פאַר אַזעלכע פּאָסטענס,
זענען געבליבען די יודען, און דער ווײַטזיכטיגער קאַסטילישער
קעניג האָט דאָס גוט פערשטאַנען. אַלפאָנס האָט בעשטימט זײַן גע-
וועזענעם לײַבאַרצט, דעם יודען עמרם בן יצחק אבן-שלביב,
אַלס דיפּלאָמאַט פון קאַסטילישען הויף און אויך אַלס פערזעגעבען
יועץ אָדער סעקרעטאַר; צו דעם דיפּלאָמאַט איז צוגעקומען אַ צווײ-
טער יוד, צידעלוס, וועלכער איז געוואָרען דער אינטימסטער
פרײַנד פון קעניג, און אויסער אָט די אויסגעצייכענטע, אָפּיצי-
יעלע בעאַמטע האָט אַלפאָנס בכלל גלײַכבערעכטיגט די יודען פון
זײַן מלוכה.

די קאַסטילישע בעפעלקערונג האָט גאַנץ רוהיג געקוקט אויף דער
יודישער גלײַכבערעכטיגונג, און האָט זיך פּאַקטיש בעצויגען גאַנץ
פרײַנדליך און טאָלעראַנט צו די האַנדעלס-פעהיגע און געשיקטע יודען;
די בעשיצער פון דער הייליגער קירך האָבען אָבער אין דער גאַנצער
צײַט נאָרנישט פערגעסען פון זייער אַמאָליגען פינסטערן פאַנאַטיזם,
און דער פּויפּסט גרעגאָר VII האָט שאַרף פּראָטעסטירט נעגען
דעם קעניג׳ס ליבעראַליזם. ער, דער מעכטיגסטער פון די מעכטיגע,
פאַר וועמען מלכים און פעלקער זענען אין שטויב געלעגען, האָט
נישט געקענט פערטראָגען דעם שאָטען פון מנוחה און כבוד, וואָס
די שוואַכסטע פון די שוואַכע, די יודען, האָבען געהאַט אין אַ
קריסטליך לאַנד. בײַ איהם אין די אויגען איז די יודישע גלײַכ-

בערעכטיגונג באלד פערוואנדעלט געווארען אין יודישער הערשאפט , און ער שרייבט אויס א צובייזערטער אין זיין בריעף צום קעניג : „אונטערווארפען קריסטען דער יודישער הערשאפט אדער צווינגען קריסטען, זיך אונטערצוגעבען יודישע ריכטער — הייסט עס דען נישט דערניעדריגען די געטליכע קירך און דערהויבען דעם שטן׳ס שוהל ? קריסטוס׳עס פיינד גוטס טאן , הייסט קריסטוס׳ן אליין פעראכטען״ (1080) .

צום גליק פון די קאסטילישע יודען איז אלפאנס געווען מעהר קעניג , ווי קירכען-בעשיצער , און די אינטערעסען פון זיינע פאליטישע אונטערנעהמונגען זענען איהם נעהנטער געווען , ווי די אינטערעסען פון דער קירך . ער האט זיך דעריבער נישט גערעכענט מיט דער אזהרה פון פויפסט און נישט געענדערט די לאגע פון די יודישע בירגער . און באלד האבען איהם זיינע יודישע יועצים אבגעריענט און נישט ווייניג טובות געטאן ; זיי האבען אלפאנס׳ן געהאלפען זיך פערבינדען מיט דעם סעווילישען קעניג אלמוטאמעד-איבן-אבאנד , און דאס האט איהם געגעבען די מעגליכקייט אבצונעהמען פון די מחמד׳נער די אלטע שטאדט טאלעדא (1085) , וואס איז , ווי אמאל , ווידער געווארען די הויפטשטאדט פון דער קריסטליכער קאסטיליען .

מיט טאלעדא אליין האט זיך אבער אלפאנס נישט בעפריעדיגט — איהם האט זיך געוואלט רוקען אלץ ווייטער צו דרום און בעקומען אין זיינע הענד אויך דעם טעריטאריום פון סעווילא מיט דער בעלטינער קארדאווא . צו דעם צוועק האט ער איצט איבער געוואלט געמוזט ארייננציהען אין א קריעג דעם זעלביגען סעווילישען קעניג , וואס האט איהם געהאלפען בעזיעגען טאלעדא . און דא האט איהם ווידער געדיענט דער יודישער דיפלאמאט . פינף הונדערט קריסטליכע רייטער האבען בעגלייט דעם יודישען שליח פונ׳ם קאסטילישען הערשער , יצחק אבן-שלביב, וועלכער האט געדארפט מיט זיין חוצפה׳דיגער האלטונג אויפרייצען דעם סעווילישען קעניג און איהם ארויסרופען צום קאמפף . און אבן-שלביב האט זיין מיסיע עהרליך ערפילט : ער האט אויף אזוי פיעל אויפגערייצט אלמוטאמעד׳ן , אז יענער האט איהם געלאזען טויטען און אויפהענגען אויף די טויערן פון שטאדט און די בעגלייטער — איינשליעסען אין געפענגעניש .

אויף אזא אופן האט אלפאנס זיין ציעל דערגרייכט , און דער קריעג צווישען איהם מיט אלמוטאמעד׳ן איז געווארען אונפערמיידליך ; דער לעצטער האט אבער אויך נישט געשוויגען . ער האט זיך

פערבונדען מיט די איבעריגע מחמד'נישע פירשטען, וועלכע האָבען צוזאַמען גערופען צו הילף דעם בעריהמטען אַפריקאַנישען קריעגס-העלד יוסף איבן-טעשופין, דעם אָנפיהרער פון די אַלמאָ-ראַווידען. דאָס קריסטענטום און דער איסלאַם זענען איצט גע-שטאַנען מיט צוויי גרויסע מחנות איינער געגען אַנדערן, גרייט צו קאַמפפען אויף לעבען און טויט פאַר דער הערשאַפט איבער דעם אַמאָ-ליגען וועסטגאָטישען טעריטאָריום, און אין ביידע מחנות האָבען זיך געפונען צו כויזענדער זיהן פונ'ם פאָלק ישראל: פון איין זייט יודען קעמפפער פאַר'ן קרייץ, און פון דער צווייטער — יודישע סאָלדאַטען אונטער דער פאָהן פון איסלאַם.

ווי ס'איז צו גלויבען, איז אַלפאָנס אין דער לעצטער מינוט אַביסל אָנהענדיג געוואָרען, און ער האָט זיך געפּרובט אָבנאַרען די מחמד'נישע אָנפיהרער, פאָרלענגענדיג זיי, אָבצוהאַלטען די ענטשיי-דענדע שלאַכט ביז מאָנטאָג, כדי עס זאָלען, כלומרשט, נישט דאַרפען מחלל זיין: די מחמד'נישע סאָלדאַטען דעם פרייטאָג, די יודישע — דעם שבת, און די קריסטליכע — דעם זונטאָג. דאָס האָט זיך איהם אָבער נישט איינגעגעבען, און בעפעהלענדיג דער מחמד'ני-שער מחנה פרייטאָג, האָט ער זי געפונען גרייט און קריעגספאַרטיג. עס האָט זיך דאַן פונאַנדערגעפלאַקערט די היסטאָרישע שלאַכט ביי סאַלאַקאַ (1086), וואָס האָט זיך געענדיגט מיט דעם פאָלשטענדיגען נצחון פון איסלאַם: אַלפאָנס האָט זיך קוים געראַטעוועט מיט עט-ליכע ריטער.

אָט דער נצחון האָט אָבער די אַראַבישע פירשטען פון דער פירענעאישער האַלב-אינזעל קיינע נוצען נישט געבראַכט — זיי זענען איצט אַרונטערגעפאַלען אונטער דער הערשאַפט פון די אַפריקאַנישע אַלמאָראַווידען. נאַטירליך, זענען דערביי פאָרגעקומען בלוטיגע מלחמות, וואָס האָבען חרוב געמאַכט נישט וועניג שטעדט, און יודען האָבען דער-פון שטאַרק געליטען; ספּעציעל אַלס יודען אָבער, האָט די נייע הער-שאַפט זיי קיין שלעכטס נישט געבראַכט. די אַלמאָראַווידישע הערשער האָבען זיך ביסליכווייז צוגעפּאַסט צו די טראַדיציעס פון לאַנד און אין גיכען בעגעגענט מען וויעדער יודען אַלס לייב-אַרצטען, דיפּלאָמאַטען און הויכע מלוכה-פיהרער.

ביי די אַלע איבערקעהרענישען און פּאָליטישע אויפטרייסלענישען האָט זיך פונדעסטוועגען נישט אָבגעשטעלט די אינטענסיווע טעטיגקייט

פון אויסגעוועהלטע נײַסטער אויף דעם געביעט פון דער יודישער קול־טור. דערבײַ זענען נאָר די מעהר וועלטליכע פאָרשונגען (פילאָזאָפיע, שפּראַך־לעהרע) אָבגעטרעטען עטוואָס אין הינטערגרונד, און דעם ערשטען פּלאַץ האָט פערנומען דער שטודיום פון תלמוד.

דער בעדײַטענדסטער צווישען די תלמוד־פאָרשער פון דער עפּאָכע איז געווען ר׳ י צ ח ק א ל פ ס י (געב. 1013, געשט. 1103). א געבוירענער אין דער אפריקאנישער שטאָדט פעץ (אָדער פאַס), האָט ר׳ יצחק בעקומען זײַן ערשטע תלמודישע ערציהונג אין קײַרואַן, אין דער בעריהמטער ישיבה פון נסים און חננאל. דאָ האָט דער שאַרף־ און טיעפזיניגער תלמיד אַלזײַטיג אויסגעפאָרשט דעם גרויסען בנין פון דער יודישער געזעצגעבונג, און די פרוכט פון דעם שטודיום איז געווען א קאָלאָסאַלע זאַמלונג פון ה ל כ ו ת, וואָס האָט מיט דער צײַט בעקומען דעם נאָמען ק ל י י נ ע ר ת ל מ ו ד. דאָס איז א מין פערקירצונג פון דער פערוויקעלטער תלמודישער דיאַלעקטיק, מיט אָנגעגעבענע בעשטימטע מסקנות פון די בעהאַנדעלטע געזעצען, וואָס איז זעהר פערשפּרײַט געוואָרען אין די תלמודיש־אַקאַדעמישע קרײַזען.

כײַן שפּאַניען איז דער געניאַלער תלמודיסט געקומען, ווי אַן אַנטלאָפענער עמיגראַנט, אין יאָהר 1088, און נאָכדעם ווי ער האָט פערבראַכט געוויסע צײַטען אין קאָרדאָוואַ און אין גראַנאַדאַ, האָט ער זיך בעזעצט אַלס רב אין לוצענאַ און דאָ געגרינדעט זײַן ישיבה. אונטער דער צײַט איז פאָרגעקומען א שטאַרקע מחלוקת צווישען איהם און ר׳ י צ ח ק א ב ן א ל ב א ל י א, איינער פון די אָנגעזעהענסטע פּע־זענליכקײַטען אין דרום שפּאַניען, וואָס האָט פערנומען א גרויסען פּלאַץ אין הויף פון דעם קאָרדאָוואַ׳שען הערשער און פערפאַסט בעדײַטענדע תלמודישע און אַסטראָנאָמישע ווערק. די פּאָלעמיק איז געווען א פערביטערטע פון ביידע זײַטען און האָט זיך געצויגען ביז די לעצטע מינוטען פון אבן אלבאַליאַ׳ס לעבען; געענדיגט האָט זי זיך אָבער זעהר ריהרענד. דער שטאַרבענדער אַלבאַליאַ האָט צוגערופען זײַן זיעבצעהן־יעהריגען זוהן און געזאָגט צו איהם: געה צו ר׳ י צ ח ק א ב ן א ל פ ס י און זאָג איהם, אַז איך געה אַריבער פון ד ע ר וועלט אויף י ע נ ע ר; איך האָב איהם מוחל געווען אַלע האַרטע ווערטער, וואָס ער האָט גערעדט און געשריבען געגען מיר, און בעט פון איהם, ער זאָל אויך אַזוי טאָן און דיך לעהרנען. און דו שטעה פאַר איהם און פאָלג איהם — ער וועט דיר גוטס טאָן און ערציהען".

און ברוך (דער זוהן) האָט געטאָן, ווי דער פאָטער האָט איהם אָנגע־זאָגט; ער איז אַוועק צו ר׳ יצחק אַלפסי, וועלכער האָט איהם מיט טרערען געהאַלזט און געזאָגט: „איך וועל דײַן פאָטער זײַן און דו מײַן זוהן״. פון דעמאָלט אָן איז ברוך אַלבאַליא פערבליבען אין דער ישיבה פון דעם לוצענא׳ער גאון, און ער מיט ר׳ יוסף אבן מיגאש זענען געווען זײַנע נאָכפאָלגער אין דער זעלביגער ישיבה.

---

אין דער צײַט, ווען דאָס יודישע שפּאַניען איז אַזוי רײַך געווען אין בעריהמטע, שעפערישע פּערזענליכקײַטען, איז די גײַסטיגע לאַגע פון יודען אין פראַנקרײַך און דײַטשלאַנד געווען נישט זעהר געהויבען. אין דער אַטמאָספערע פון דעם אַרומיגען קריסטענטום האָבען זיך די יודישע גײַסטער נישט געקענט ענטוויקלען; די אײנציגע גײַסטיגע בעשעפ־טיגונג איז דאָ דעריבער געווען דער שטודיום פון תלמוד, און דאָס אויך אָהן אַ שום אויסדריק פון שאַפענדער גרויסקײַט.

אין דײַטשלאַנד איז לאָטרינגען געווען דאָס קלאַסישע לאַנד פון דער תלמודישער לעהרע, און די „חכמי לותר״ (לאָטרינגען) האָבען געגאָלטען פאַר בעדײַטענדע אויטאָריטעטען. דאָס זענען געווען אין דער צײַט ר׳ יצחק הלוי אין וואָרמס, ר׳ יעקב בן יקיר אין מײַנץ און ר׳ יצחק בן יהודה — אַלע תלמידים פון דעם גרויסען ר׳ גרשום מאור הגולה. פראַנקרײַך האָט אין דעם משך פון אַ לאַנגער צײַט כמעט קײַן אײנציגען בעדײַטענדען געזעצלעהרער נישט אַרויסגע־געבען. עס איז געווען נאָר אײן מנשה בן חלבא פון דער שטאָדט לעמאַן, וועלכער האָט מחבר געווען אַ פּירוש אויף תּ״נך, — איז ער אויך אין גיכען פערגעסען געוואָרען.

די ערשטע גרויסע פּערזענליכקײַט, וואָס פראַנקרײַך האָט געבוי־רען און דײַטשלאַנד ערצויגען, איז געווען ר׳ שלמה יצחקי, וועל־כער איז ביז הײַנטיגען טאָג בעקאַנט אין דער גאַנצער יודישער וועלט אונטערן נאָמען רש״י (1040 — 1105). ר׳ שלמה יצחקי איז גע־בוירען געוואָרען אין צפון פראַנקרײַך, אין דער שטאָדט טרואַ (שאַמ־פּאַן), אין דעם זעלביגען יאָהר, ווען עס איז געשטאָרבען דער גרוי־סער ר׳ גרשום, און זײַן ערשטע ערציהונג האָט ער בעקומען אין די ישיבות פון מײַנץ, וואָרמס און שפּײַער. אין די ישיבות האָט ער פערבראַכט ביז ער איז אַלט געוואָרען פינף און צוואַנציג יאָהר, „הונגע־ריג, אָבגעריסען און מיט אַ יאָך פון אַ פאַמיליע אויף די פּלײצעס״

(ווי ער אַליין דערצעהלט). דאַן האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אין זיין געבורטסשטאָדט, וואו ער איז בעשטימט געוואָרען פאַר א רב, און אין גיכען האָט זיך דער נאָמען פון דעם יונגען יצחקי פונאַנדערגעטראָגען איבער אַלע קהלות פון גאַנץ דייטשלאַנד און פראַנקרייך. פון אומעטום האָט מען זיך אָנגעהויבען ווענדען מיט שאַלות צו דעם אָנערקענטען תלמודישען אויטאָריטעט, און זיין ישיבה אין טרואַ איז פערפולט געוואָרען מיט הונדערטער תלמידים פון די וויטסטע קהלות, פאַר וועלכע דער גרויסער פּרשן (ערקלערער, קאָמענטאַטאָר) האָט געלייענט לעקציעס פון תלמוד און תנ"ך.

די גרויסקייט פון דעם טרואַנישען ראש=ישיבה איז אָבער איבערגעוואַקסען נישט בלויז די גרענעצען פון דעם לאַנד, אין וועלכען ער האָט געלעבט, נאָר אויך די גרענעצען פון זיין צייט. רש"י איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט קלאָר און איינפאַך ערקלערט, פערטייטשט די פערוויקעלטע קאַזואיסטיק פון תלמוד, און איהם אויף אַזאַ אופן צוגענגליך געמאַכט פאַר אַלע. זיין געשריבענער פּירוש אויף דעם גרעסטען טייל פון בבלישען תלמוד ערקלערט קורץ און דייטליך די טערמינאָלאָגיע, ווי בכלל דעם גאַנצען געדאַנקען=גאַנג פון די תלמודישע געזעצלעהרער, און דער אָנפאַנגער, ווי דער טיעפער תלמודישער למדן — ביידע טרינקען גלייך פון דעם קוואַל. רש"י האָט פערשטאַנען די קונסט, ווי אַזוי דורכזיכטיג צו מאַכען דעם טעקסט פון תלמוד, אַריינצודרינגען אין דער נשמה פון לעזער און מיט איין געלונגענעם אויסדריק אָדער איין געלונגענער ווענדונג צו בעזייטיגען אַלע מעגליכע מיספערשטענדנישען, פראַגען און ספיקות. אויב דער תלמוד האָט זיך דערהאַלטען ביי יודען ביז היינטיגען טאָג, אויב אָט די פערוויקעלטע ריזען=ענציקלאָפּעדיע איז אימשטאַנד געווען אַריינצודרינגען אין חדרים פאַר פינף=זעקס=יעהריגע קינדער, — איז עס בלויז רש"י'ס פערדיענסט, „אָהן זיין פּירוש וואָלט דער בבלישער תלמוד שוין לאַנג פערגעסען געוואָרען".

די געשריבענע עקזעמפּליאַרען פון רש"י'ס פּירוש זענען גלייך פערשפּרייט געוואָרען אין אַלע יודישע קהלות (אונטערן נאָמען קאָנטרעס) און ווען ס'איז אויפגעקומען די דרוקעריי=קונסט האָט מען איהם אָנגעהויבען צו דרוקען פּאַראַלעל מיט'ן טעקסט פון תלמוד.

אויסער דעם פּירוש אויף תלמוד, האָט רש"י אָנגעשריבען א פּירוש אויף גאַנץ תנ"ך, און אויך דאָ איז ער צוגענגליך, פּשוט און קלאָר. ער פערטייטשט דעם געוועהנליכען זין פון די הייליגע ווערטער, און

גיט דערביַי אָפּט צו די הלכי'שע אויסטיַיטשונג פון פסוק אָדער די אַגדי'שע דרשה, וואָס בעציהט זיך אויף איהם. דאָס האָט דעם פירוש אויך זעהר פּאָלקסטימליך געמאַכט, און ביז דער לעצטער ציַיט ווערט קיַין חומש אָדער נביא נישט געדרוקט „אָהן רש"י".

אַ דאַנק רשי"ס ישיבה איז די פראַנצויזישע שאַמפּאַן-פּראָווינץ געוואָרען אַ נעסט פאַר דער יודישער געזעצלעהרע, און אויב שפּאַניען האָט ביז אַהער אַליין פערטענדירט אויף בבל'ס ירושה, האָט זי עס פון איצט אָן געמוזט טיַילען מיט פראַנקריַיך.

גאָרנישט אויפגעטאָן פאַר דער יודישער קולטור האָבען די יודען אין איטאַליען. זייערע תלמודישע לעהרער האָבען זיַי כסדר אויסגעשריבען פון דער פרעמד, און דער איַינציגער איטאַליענישער יוד פון יענער ציַיט, וואָס האָט איבערגעלאָזען נאָך זיך אַ שפּור אין דער יודישער ליטעראַטור, איז ר' נתן בן יחיאל פון רוים. ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ תלמודישען לעקסיקאָן, אונטערן נאָמען ערוך (1002).

אין יענער ציַיט האָבען זיך אָנגעהויבען אַרויסרוקען די יודען פון מזרח-איַיראָפּאַ. אין בעהמען, מעהרען און פּוילען האָבען זיך געפונען יודישע קבוצים נאָך פון פאַר'ן צעהנטען יאָהרהונדערט, און אין יאָהר 990 האָט שוין איַינער פון די קריסטליכע גדולים געקלאָגט אויף דעם אונגליק, וואָס די יודען אין פּראָג האַלטען ביַי זיך קריסטליכע שקלאַפען. יודען האָבען דאָ, ווי ס'איז צו גלויבען, געלעבט זעהר ריַיך, און אַ געוויסע מעהרישע פירשטין פון יענער ציַיט זאָגט עדות אויף די יודען פון דאָרף ווישעגראָד, נעבען פּראָג, אַז „זיַי זענען אָנגעשטאָפּט מיט זילבער און גאָלד".

אין דער נייַנגעגרינדעטער פּוילישער מלוכה, נעמליך אין דער דעמאָלדיגער הויפּטשטאָדט גנעזען, האָבען די יודען אויך געמעגט האַלטען קריסטליכע שקלאַפען, און די קריסטליכע הערשער האָבען זיַי דאָס אַ לאַנגע ציַיט נישט פערווערט.

די דאָזיגע מזרח-איַיראָפּעאישע יודען האָבען קיין שום אָנטהיל נישט גענומען אין דער אויפבויאונג פון דעם יודישען קולטור-בנין, און ערשט אין צוועלפטען יאָהרהונדערט הויבט מען אָן ווען נישט חען צו בעגעגנען נעמען פון תלמודישע געלעהרטע אין די סלאַווישע לענדער. עס איז זאָגאַר שווער צו ענטשיַידען, צי די יודען אין מזרח-איַיראָפּאַ שטאַמען פון די מערב-לענדער, אָדער זיַי האָבען טהער איַינגעוואַנדערט אין פערשידענע ציַיטען פון דרום-רוסלאַנד.

# פיערטעם קאַפּיטעל.

## דער ערשטער קרייץ-צוג.

מיט דער ענדע פון עלפטען יאָהרהונדערט הויבט זיך אן א נייער פּאַזיס אין די בעציהונגען צווישען קריסטענטום און איסלאַם, — אַ פּאַזיס וואָס האָט איינגעשריבען נישט איין בלוטיגען בלאַט אין דער יודישער געשיכטע. פּעטער פון אַמיען, דער בעגייסטערטער וואַנדערער־נזיר, מיט זיינע וועה־קלאָגען איבער די צרות פון די קריסטליכע עולי רגל (פּילגרימען, פוסגעהער צום הייליגען קבר אין ירושלים), האָט צונויפגעזאַמעלט ארום זיך אַלע שיכטען פון דער קריסטליכער וועלט. פּעאָדאַלען, ריטער, שטאָדט־איינוואוינער און פּויערן, — אַלע האָבען זיך פעראייניגט צו דעם צוועק פון געהן אויף ירושלים און אויסלייזען דעם הייליגען קבר פון דער הערשאַפט פון די אונגלויביגע. פערשידענע אינסטינקטען האָבען זיך דאָ פונאַנדערגעשפּילט: די אַלגעמיינע רעליגיעזע בעגייסטערונג, דער עהרגייץ פון די קריגערישע ראָמאַנטישע ריטער, די ווילדע ליידענשאַפטען פון פערברעכערישע נאַטורען, און צו דעם אויך געוויסע פּאָליטישע שטרעבונגען, וואָס האָבען אַ גאַנץ קליינע שייכות געהאַט צו גאָט און דער קירך.

פאַר יודען איז אָט די בעוועגונג געקומען כמעט אונערוואַרטעט. זיי האָט זיך ביז דער צייט גראָד נישט שלעכט געלעבט אין דייטש־לאַנד: זיי האָבען געפיהרט פערשידענע מסחרים און אפילו געמעגט בעזיצען גרויסע אונבעוועגליכע נחלאות. ווען דער בישאָף הוגזמאַן פון שפּייער האָט געוואָלט פערגרעסערן די בעדייטונג פון א

געוויסען דערבייאיגען ישוב, האָט ער נישט געפונען קיין אַנדער מיטעל, ווי לאָזען זיך דאָרט בעזעצען יודען. די רבּיי האָט ער די לעצטע געגעבען אַ פאָלשטענדיגע זעלבסט־פערוואַלטונג, און אפילו דאָס רעכט צו האַלטען קריסטליכע שקלאַפען (1084). נאַטירליך, האָט זיך דער הייליגער געלאָזען גוט בעצאָהלען פון דער יודישער קהלה פאַר די געשענקטע זכיות (דריי מיט אַ האַלבען פונט גאָלד יעהרליך), זיין ווייל די געשריבענע פּריווילעגיום האָבען קיין גרויסע בעדייטונג נישט געהאַט געגען דעם צאָרן פון קריסטליכען המון, האָט דער בישאָף אָבגעזונדערט איינגאַנצען דעם יודישען ישוב, אָבגעבענדיג די יודען אַ אָבגעצוימטען, פערשלאָסענעם קוואַרטאַל (געטאָ).

ביי אַזאַ גייסטיגער אָבגעשלאָסענקייט פון דער אַרימיגער וועלט און אין אַזאַ רעליגיעזער אַטמאָספערע בכלל, איז גאַנץ לייכט געווען דער יודישער פאַנטאַזיע, זיך פונאַנדערצושפּילען. עס האָבען זיך געפונען מקובלים־הייליגע, וואָס האָבען אויסגערעכענט, אַז משיח מוז קומען אין די יאָהרען צווישען 1096 און 1104, און די דייטשע יודען, וואָס האָבען ערשט מיט אַ יאָהר פריהער (1095) בעקומען פון היינריך IV אַ דיפּלאָם מיט בעדייטענדע חסרים און זכיות, זענען פול געווען מיט די ליכטיגסטע האָפנונגען. באַלד האָבען זיי אָבער אַ שרעקליכען קל פּ געקריגען, און אָנשטאָט צו פערנעהמען די געטליכע קלאַנגען פונ'ם שופר של משיח, האָבען זיי פלוצלינג דערהערט דעם ווילדען געשריי פון די פערשכור'טע קרייץ־טרעגער: „די יודען האָבען אונזער משיח געקרייציגט, זאָלען זיי־זשע אונזער גלויבען אָננעהמען אָדער שטאַרבען!"

דאָס איז געווען אַ צוזאַמענגעלאָפענער, צעווילדעטער ערב רב פון פראַנצויזישע, דייטשע, ענגלישע, לאָטרינגישע און פלאַנדרישע פּראָווינצען, וואָס האָט פאַר אַלעמען געדאַרפט שלאָגען און רויבען. אין נאָמען פון דעם הייליגען ציעל זענען דערווייל אין די מחנות גופא אָבגעטאָן געוואָרען די גרעסטע שענדליכקייטען — דאָס איז שוין געזונדיגט געוואָרען אויפ'ן חשבון פון דער קומענדיגער מחילה וסליחה, וואָס איז פאָראויס בעשטימט געווען פאַר אַלע אָנטיילנעהמער פון דעם קרייץ־צוג. דערצו איז געווען נוהג דער ערפינדערישער אויפטו, אַז די יודען זענען אויך אונגלויביגע, אום דער הייליגער ציעל יאָל זיך אָנהויבען שוין דאָ, אין די דייטשע און פראַנצויזישע שטעדט, וואו ס'האָבען זיך געפונען גרויסע יודישע ישובים.

די ערשטע קרבנות פון דעם הייליגען צוג זענען געווען די יודען פון דעם שטעדטיל רואן: די, וואס האבען זיך נישט געוואלט אבשמד'ען זענען גלייך דערהרג'עט געווארען. עס האט געוואלט אויף אזא אופן ווערן ווי א מין חוב פאר יעדען קרייץ-פאהרער, צו האבען אויף די קליידער נישט בלויז א רויטען-קרייץ, נאר אויך פלעקען פון יודיש בלוט; פון דעסטוועגען האט זיך די אנפיהרער'ס פארט ווי ס'איז איינגעגעבען, אבצוהאלטען פון ווייטערדיגע יודישע שחיטות אין פראנקרייך. וואס ווייטער זענען אבער די בלוטיגע אינסטינקטען אלץ מעהר ציקאלט געווארען, און ווען די ערשטע שארען זענען אנגעקומען אין די געגענדען פון רהיין, האבען זיי נישט אויפגעהערט צו פערשפרייטען ארום זיך טויט, שרעקען און רויב.

די שרעק פאר דער בלוטיגער מחנה איז געווען אזוי גרויס, אז אין טריער האבען עטליכע מוטערס אליין דערשטאכען זייערע קינדער, און צעהנדליגער האבען זיך אריינגעווארפען אין אבגרונד פון מאזעל; די איבריגע האבען געפרובט בעטען שוץ ביי דעם ארטיגען בישאף עגילבערט; ער האט אבער נישט געוואלט ראטעווען זייערע לייבער פריהער, איידער זיי וועלן אליין נישט ראטעווען זייערע נשמות. אין שפייער האט די יודישע קהלה זיך פריהער פערזארגט און אויסגעפועל'ט — פאר גוט געלד — ביים ארטיגען בישאף א פעסטע שמירה; די אנגעקומענע מחנה האט זיך דאן בעגנוגענט מיט צעהן צופעליג געטראפענע יודען, וועלכע האבען זיך נישט געוואלט שמד'ען, און זענען געטויט געווארען (ח' איר, 1096).

פון שפייער האט זיך די מחנה אוועקגעלאזען קיין ווארמס. דא האבען נאר די אנגעזעהענע און רייכע יודען בעקומען א שוץ פון ארטיגען בישאף; די איבריגע האבען זיך אין אנהויב געפרובט אליין פערטיידיגען מיט וואפען אין די הענד; זיי זענען אבער באלד בעזיגט געווארען פון די אונצעהליגע שארען, און מיט „שמע ישראל!" אויף די ליפען זיך פון לעבען געשיידט. דא זענען אויך פארגעקומען סצענעס פון מוטער'ס, וואס האבען זייערע קינדער מיט מעסערס געקוילעט, אום זיי נישט איבערצוגעבען אין די הענד פון די „הייליגע ברידער". די לעצטע האבען אין דער צייט גערויבט, געצונדען, חרוב געמאכט יודיש האב און גוטס און נישט געשוינט אפילו די ספרי תורות (כ"ג איר).

דאס האט געדויערט זיבען טאג; דאן איז געקומען די רייהע

צו די „בעשיצטע" יודען, וואס האבען זיך געפונען אין בישאף'ס פאלאץ. דער היליגער „בעשיצער" האט ערקלערט די צונויפגעשטיקטע יודען, אז ער קען זיי לענגער נישט האלטען און זיי מוזען זיך שמ־ד'ען; די אנגעזעהנסטע צווישען זיי האבען דאן געבעטען א קורצע צייט אויף א ישוב הדעת, און ווען די אונגעדולדיגע „ברידער" האבען ענד־ליך אויפגעעפענט די טהיר פון זייער חדר, האבען זיי דערזעהען פאר זיך א הויפען מתים — די אונגליקליכע האבען זיך איינער דעם אנדערן אויסגעקוילעט. איינגעגאנגען אויף א פשרה מיט'ן געוויסען האבען נאר געצעהלטע, און צווישען זיי האט זיך געפונען אויך שמחה כהן, א יונגעל נאך, וואס די קעמפפער פאר דער גרויסער ליעבע האבען שוין געהאט געטויט זיין פאטער און זיינע זיבען ברידער. ער האט זיך געלאזען פיהרען אין דער קירך און אין דעם אויגענבליק, ווען מ'האט איהם דערלאנגט דאס היליגע בילד, האט ער ארויסגעצויגען א מעסער פון אונטער'ן קלייד און דערשטאכען דעם בישאפ'ס א קרוב. נאטירליך, איז ער שוין קיין לעבעדיגער פון „גאט'ס הויז" נישט ארויס: דער המון האט איהם גלייך אויף שטיקער צוריסען. די אומ־געקומענע האבען אפילו צו קבורה נישט געקענט קומען, און ערשט, ווען די „ברידער" האבען פערלאזען די שטאדט, זענען די קדושים (איבער אכט הונדערט) געבראכט געווארען צו זייער היליגער רוה.

אין מיינץ איז פארגעקומען דאס איינענע, וואס אין ווארמס. דא איז די מחנה געשטאנען אונטער דער אנפיהרונג פון גראף עמעריך, א קרוב פון ערצבישאף רוטהארד; דער לעצטער האט איינגערעדט די יודען, זיי זאלען איבערגעהן צו איהם אין פאלאץ, וואו ער וועט זיי בעשיצען. אזוי האט ער צונויפגעזאמעלט ביז דרייצעהן הונדערט יודישע נפשות, פון וועלכע ער האט דערווייל אוועקגענומען זייער גאנץ פער־מעגען, און ווען די צובושעוועטע מחנה איז צוגעקומען צו די טויערן פון פאלאץ, האט ער געהייסען די יודען זיך אליין בעשיצען. געוועהנ־ליך, זענען די היליגע באלד געוועזען אינוועניג, און דא האט זיך ווידער איבערגעחזר'ט דאס בעקאנטע בילד: פערהייליגט גאט'ס נאמען און געפאלען פון איינענעם אדער פון גוי'שען מעסער. נאך דער „בעשיצונג" זענען דרייצעהן הונדערט קערפער'ס פון יודישע מערטירער ארויסגעפיהרט געווארען פון פאלאץ, און אין דער צייט האט זיך דער היליגער בעשיצער געטיילט מיט'ן רויב: אפגעגעבען דעם גראף זיין חלק. אין אנאנדער ווינקעל האט דער בישאף געהאט בעהאלטען נאך

זעלציג יודען — וואהרשיינליך די רייכסטע — זענען זיי אויך דערנאך געפונען און געטויט געווארען .

געשמד'ט האבען זיך דא אויך נאר יחידים. צווישען די לעצטע זענען געוועזען א געוויסער אוריה און א געוויסער יצחק מיט זיין צוויי טעכטער, וועלכע האבען פאר דער פשרה שרעקליך בעצאהלט: אין צוויי טאג ארום האט יצחק געשחט'ען זיינע צוויי טעכטער, און אונטערצינדענדיג די שוהל, האט ער מיט אוריה'ן זיך אריינגעווארפען אין די פלאמען . ביי דער שרפה איז פערברענט געווארען א גרויסער טייל פון שטאדט .

אונטער דער צייט האט זיך אנאנדער מחנה, אונטער דער אנפיהרונג פון הערמאן צימערמאן זיך געלאזען אויף קעלן, וואו ס'האט זיך געפונען די עלטסטע יודישע קהלה אין דייטשלאנד. דא זענען די בירגער פיעל מענשליכער געוועזען, און זיי האבען די יודישע איינוואוינער אריינגענומען צו זיך, אזוי, אז ווען די בלוטדורשטיגע קריגער האבען זיך אריינגעריסען אין די יודישע הייזער, האבען זיי דארט קיין לעבעדיגען נפש נישט געפונען. דעם גאנצען וואוט און צארן האבען די „ברידער" דאן אויסגעגאסען אויף די יודישע ספרים, וועלכע זיי האבען צוריסען און מיט די פיס געטרעטען. כדי צו בעשיצען די אונגליקליכע אויך אויף ווייטער, האט דער מענשען-פריינדליכער בישאף הערמאן III זיי שטילערהייד ארויסבעזארגט פון שטאדט און בעהאלטען אין זיינע ארומיגע שטעדטליך און דערפער. דא האבען די אונגליקליכע פערבראכט גאנצע דריי וואכען אין פאסטען און גאט-בעטען; „די טויערן פון הימעל זענען אבער פערשלאסען געוועזען", און די קרייץ-טרעגער האבען זיי אויך דא געפונען און געטויט. די בעהאלטענע האבען שוין איצט גארנישט געווארט אויף קיין הילף: זיי האבען זיך אליין איבערגעגעבען דעם טויט אין די ארעמס. א געלעהרטער זקן, מיט'ן נאמען ר' שמואל בן יחיאל, האט זיך אוועקגעשטעלט נעבען טייך און מיט א מעסער געשחט'ען זיין שענעם קרעפטיגען זוהן, וועלכער האט געענטפערט „אמן!" אויפ'ן פאטערס ברכה; דערנאך האט דער אלטער איבערגעגעבען דעם מעסער דעם שוהל-שמש, וועלכער האט אויף דעם זעלביגען אופן איהם געשחט'ען, און אין דער צייט האט זיך צום הימעל געטראגען א הילכענדער „שמע ישראל" פון די ארומיגע יודען, וועלכע האבען זיך איבערגעגעבען די חוואליעס פון טייך (יוני 1096).

פון די רהיין-ברעגעס האבען די קרייץ-טרעגער זיך אוועקגעלאזען צו די ברעגעס פון דונאי , און דא האבען זיך איבער׳געחזר׳ט די אלע שוידערהאפטע סצענעס . אזוי ווי דער בעהמישער פירשט איז גראד געווען פערנומען אין א מלחמה מיט פוילען , האט קיינער נישט גע-שטערט די באנדעס אין זייערע בלוטיגע רציחות , און אין פראג האבען זיי איבער געוואלט אויסגעשמד׳ט מאסען יודען . דער פראגער בישאף האט זיך אפילו ערנסט אנגענומען פאר יודען און געפרובט וויילער מאכען די מערדערישע הערצער מיט שארפען מוסר ; די לעצטע האבען אבער זייער קריסטענטום בעסער פערשטאנען , ווי דער גוט-הארציגער בישאף .

אזוי זענען פון די קרייצפאהרער אויסגעטויט געווארען אין די רהיין-געגענדען אליין ביז צוועלף טויזענד יודען , נישט רעכנענ-דיג די גייסטיג דערשלאגענע — די משומדים . די לעצטע האבען זיך , איבריגענס , כמעט אלע אומגעקעהרט צוריק צום יודענטום גלייך נאכדעם , ווי די בלוטיגע באנדע האט פערלאזען דאס לאנד . דאס האבען די פעראונגליקטע געטאן מיט דער ערלויבניש פון קייזער היינריך IV , וועלכער האט זיך אונטער דער צייט אומגעקעהרט קיין דייטשלאנד , און ארויסגעוויזען א שטארקע אונצופרידענהייט מיט די מעשים פון די בלוטיגע קרייץ-טרעגער . היינריך האט פאר דער הנחה , וואס ער האט געשענקט די געשמד׳טע יודען , בעקומען א שאר-פען אויסרייד פון פויפסט קלעמענס III , ער האט זיך אבער דערמיט נישט געדעכענט , און די אנוסים זענען אונגעשטערט צוריק אריבער צום יודישען גלויבען . דער זעלביגער הערשער האט זיך אפילו גע-פרובט נוקם זיין אן די מעהר-אפיציעלע יודישע פייניגער , און ער האט געלאזען פערפיהרען א פראצעס געגען דעם ערצבישאף פון מיינץ , רוטהארד , פאר זיינע פערברעכערישע מעשים בעת דער יודישער „בעשיצונג" .

א גאנץ אנדער גורל האבען געהאט די יודען פון בעהמען . דא האבען די אנוסים אויך געוואלט וואס גיכער אראבווארפען פון זיך די מאסקע פון קריסטענטום , און מורא האבענדיג צו פערבלייבען אין לאנד , האבען זיי צונויפגענומען זייער האב און גוטס און זיך מכין געווען אויסצוואנדערן קיין פוילין און קיין אונגארן . דערוויילי האט זיך דער פירשט פון לאנד , ווראטיסלאוו , אומגעקעהרט פון זיין קריעגס-צוג , און ווען ער האט זיך דערוואוסט , אז די יודען פיהרען ארוים

פון דער מלוכה זייער פערמעגען, האט ער גלייך צושטעלט סאלדאטען אין אלע יודישע הייזער. דערנאך האט א פערטרעטער פון פירשט צונויפגערופען די פארשטעהער פון די קהלות און זיי ערקלערט אין פירשט'ס נאמען, אז אלץ וואס זיי בעזיצען, געהערט צו איהם, און זיי האבען קיין רעכט נישט, דאס אוועקצונעהמען.

„פון ירושלים'ס אוצרות, — האט זיי דעם פירשט'ס שליח מסביר געווען — פון ירושלים'ס אוצרות האט איהר קיין בעהמען גארנישט מיטגעבראכט. דורך וועספאסיאנ'ען בעזיעגט און פאר א שפאטביליגען פרייז פערקויפט, זענט איהר צושטרייט געווארען איבערן גאנצען ערד-קוגעל. נאקעט זענט איהר, אלוא, אהער געקומען, און נאקעט קענט איהר זיך פון דאנען ארויסקלויבען. וואס ס'געהערט צו אייער אבפאל פון דער קירך — זאל זיך דער בישאף קאזמא מיט אייך דער-פאר רעכנען". געגען אזא לאגיק האבען די יודען, פערשטעהט זיך, גארנישט געהאט צו ענטפערן, און די גזירה איז אויסגעפיהרט געווא-רען מיט איהר גאנצער אכזריות. די בעהמישע יודען זענען פון קאפ ביז די פיס בערויבט געווארען, — מ'האט זיי איבערגעלאזען נאר אזוי פיעל, וויפיעל זיי האבען געדארפט צו שטילען דעם הונגער די ערשטע פאר שעה (1098).

נאך א ערגערן גורל האט געהאט די יודישע קהלה אין ירושלים. ווען די צעווילדעטע קרייצפאהרער האבען נאך פיעל מיה און מפלות ענדליך איינגענומען די הייליגע שטאדט (1099), האבען זיי, ווי ס'איז שוין אויבען דערמאנט געווען, פערברענט לעבעדיגער-הייד אלע יודען און קאראאימער, וואס האבען זיך דארט געפונען.

אזוי האט זיך געענדיגט דאס עלפטע יאהרהונדערט פאר די צושטרייטע זיהן פון דעם יודישען פאלק. דאס יודענטום איז דערשלא-גען, געפייניגט און בעליידיגט געווארען, און די נאכוועהען פון דעם גרויסען פאלקס-אונגליק האבען זיך געצויגען נאך א סך צעהנדליגער יאהרען. נאטירליך, האבען די צרות געווירקט אויף דער שטימונג און אויף דער גאנצער וועלט-אנשויאונג פון די געפייניגטע; די יודען אין די לענדער פון קרייץ-צוג זענען נאכמעהר איינגעשלאסען געווארען אין זיך, האבען זיך שטארקער פערטיעפט אין די אלטע קוועלן פון דעם יודישען גלויבען, און דאס גאנצע לעבען זייערס איז אזוי ווי

פערצויגען געוואָרען מיט אַ פינסטערן נעבעל. *) בעזונדער שטאַרק האָבען זיך די יודען פון יענער צייט אַריינגעטאָן אין׳ם שטודיום פון תלמוד. די שאַרפזיניג-טיעפע דיאַלעקטיק פון דעם געטליכען תלמוד איז געוואָרען דער באַלזאַם פאַר די טיעפע וואונדען, וואָס די בלוטיגע אונמענשען האָבען איבערגעלאָזען אין׳ם לייב פון די יודישע קהלות אין דער רהיין-געגענד; געפייניגט אין דערהיים און בעליידיגט אין גאַס, האָט דער יוד זיך איינגעשלאָסען אין די פיער ווענט פון בית המדרש, וואו ער האָט אונגעשטערט געקענט וועבען זיינע אַלטע חלומות און פערזינקען אין דער פאַנטאַסטישער תלמוד-וועלט.

אויך דאָ אָבער האָט דאָס יודענטום געהאַט איבערצוטראָגען שטאַרקע אַבידות אין יענער שרעקליכער צייט. אין יאָהר 1103 איז געשטאָרבען דער בעריהמטער ר׳ יצחק אַלפסי, וועלכער האָט בעגרינדעט און פערטיעפט דעם שטודיום פון דער הלכה, און מיט צוויי יאָהר שפּעטער (1105) איז געשטאָרבען אויך דער פּאָפּולערער גרויסער מפורש ר׳ שלמה יצחקי (רש״י). דעם ערשטען האָבען די גרויסע יודישע דיכטער (ר׳ משה אבן עזרא, ר׳ יהודה הלוי און נ. א.) בעוויינט אין שענע געריימטע פערזען; דערפאַר האָט דעם צווייטען דאָס פאָלק אַליין בעקרוינט מיט אַ גאַנצער רייהע לעגענדעס, וואָס האָבען געשילדערט זיין געבורט, זיין לעבען און זיין טויט. לויט דער ערשטער לעגענדע איז רש״ס געבורט פערבונדען געוועזען מיט דעם פאָלגענדען פאַקט: ר׳ שלמה׳ס פאָטער, ר׳ יצחק, האָט געהאַט אַ טייערן ברילִיאַנט, וואָס די קאַטוילישע גייסטליכע האָבען איהם שטאַרק געוואָלט אָבקויפען, כדי איינצופאַסען אין דעם בילד פון דער הייליגער יונגפרוי. ר׳ יצחק האָט אָבער דעם שטיין נישט געוואָלט פערקויפען צו אַזאַ צוועק, און ווען די גלחים האָבען איהם שטאַרק צוגעדריקט, האָט ער דעם בריליאַנט אַריינגעוואָרפען אין ים. דאַן איז אַרויס אַ בת-קול אין ר׳ יצחק׳ס ישיבה, וואָס האָט אָנגעזאָגט: „ביי יצחק׳ן וועט געבוירען ווערן אַ זוהן, וואָס וועט ווי אַ בריליאַנט בעלייכטען די יודישע אויגען אין דער חכמה פון תלמוד״. אַנאַנדער

*) פון יענער צייט איז פערבליעבען אַ גרויסע צאָהל הארצרייסענדע פיוטים, עלעגיעס און סליחות, וואָס ווערן נאָך ביז היינטיגען טאָג געזונגען ביים דאַוונען אין די טרויער-טעג.

לענענדע דערצעהלט, אז דער העלדישער פלאמאנדישער אנפיהרער פון די פראנצויזישע קרייץ־פאהרער, גאטפריעד פון בוליאן, איז געקומען צום הייליגען רש״י פרעגען, ווי ס׳וועט זיך ענדיגען דער קרייץ־צוג, און רש״י האט איהם געענטפערט: „דו וועסט איינגעהמען ירושלים און הערשען דארט דריי טאג. אויפ׳ן פירטען — וועלן דיך די ישמעאלים (מהמד׳נער) פון דארטין ארויסטרייבען און דו וועסט קומען אהער צוריק מיט דריי פערד״.

# פינפטעס קאפיטעל.

## יודען אין שפאניען אונטער די אלמאראווידען.

די הערשאפט פון די אפריקאנישע אלמאראווידען האט די לאגע פון די דרום-שפאנישע יודען נישט פערערגערט. דער צווייטער אלמאראווידישער הערשער אלי (1106—1143) האט יודען איבערגעגעבען די ארענדע פון אלע מלוכה-שטייערן און אויסער דעם האבען זיך ביי איהם און הויף אויך געפונען פיעל יודען, אלס הויכע מלוכה-בעאמטע. אלס לייב-ארצט פון דעם הערשער האט געדיענט דער יוד אבן-איוב-סאלאמאן-איבן-אלמואלעם, וועלכער האט געטראגען אויך דעם טיטול נשיא און וויזיר. דעם לעצטען טיטול האט געטראגען אויך א צווייטער יודישער ארצט און דיכטער אבולהאסאן אברהם בן מאיר איבן-קאמניאל פון סאראגאסא, וועלכען די גרעסטע דיכטער פון יענער צייט האבען געווידמעט זעהר הארציגע לויב-ליעדער פאר זיינע צדקות און אנדערע מעשים טובים. „ער איז — זאגט איין דיכטער וועגען איבן-קאמניאל — פאר זיין פאלק א בעשיצער און א העלפער; ער רוהט אין שפאניען און זיין ליעבע גרייכט ביז בבל און מצרים".

בעריהמט און בעוונגען איז אין יענער צייט געוועזען נאך א יודישער נשיא מיט'ן נאמען שלמה איבן-פרוסאל. ער איז, ווי ס'שיינט, געקומען קיין שפאניען אלס שליח פון א געוויסען קריסטליכען הויף, און בעת דער גרויסער שלאכט ביי אוקלעס איז ער גע'הרג'עט געווארען (1108). א הויכע שטעלע אין הויף פון איינעם פון די

מחבר'נישע פירשטען האט פערנומען אויך דער אסטראנאמישער שריפט-שטעלער אברהם בן חייא אלבאר'געלאני (געב. 1065, געשט. 1136) ; ער איז געוועזען א מין פאליצײ-מיניסטער (זאַכיב אַס כלארטא) און האט אויך געהאט דעם טיטול נשיא . אלס געלעהרנטער אסטראנאם האט אברהם זיך אפט מתוכח געווען מיט די מחבר'נישע גײסטלי-כע און זײ איפגעוויזען די ריכטיגקײט פון דעם יודישען קאלענדאר-סיסטעם .

פון די תלמודישע געלעהרטע איז אין יענער צײט דער בע-ריהמטסטער געווען ר' יוסף בן מאיר אבן-מיגאש, דער בעס-טער תלמיד פון ר' יצחק אלפסי . נאכ'ן טויט פון דעם לעצטען, איז ר' יוסף אוועקגעשטעלט געווארען בראש פון דער ישיבה אין לוצענא, וואס איז געווען דעמאלט כמעט דער אײנציגער תלמודישער צענטר פאר גאנץ שפאניען .

אזוי האט דאס שפאנישע יודענטום אין דעם יאהרהונדערט אויך קאנצענטרירט אין זיך בעדײטענדע פערטרעטער פון די פערשידענסטע יודישע און אלגעמײנע געביעטען ; אמשטארקסטען אבער האט זיך דא אויסגעשילדערט די העבראישע פאעזיע, און באלד האט זי אויך נײַע ריעזיגע קרעפטען ארויסגעגעבען, וואס האבען פערשטאנען צו שפיע-לען אויף די צארטסטע סטרונעס פון דער פאלקס-נשמה, און ארויסצו-ציהען פון זײ די שענסטע קלאנגען . עס איז ענטשטאנען א גאנצע פלעיאדע פון רײך בעגאבטע דיכטערישע נאטורען, צווישען וועלכע ס'האבען זיך בעזונדער אויסגעצײכענט שלמה אבן צאקבל, יהודה אבן גיאת, ר' משה אבן עזרא און ר' יהודה הלוי.

דער ערשטער, אבן צאקבל, איז שטארק בעאײנפלוסט געווארען פון דעם אראבישען מאקאמען-דיכטער האריר י און ער האט אנגע-שריבען א סאטירישען ראמאן אין העבראיש, אונטערן נאמען תחכמוני . דער העלד פון דעם ראמאן, אשר בן יהודה, דערצעהלט אין גערײמטער פראזא אלץ, וואס ער האט איבערגעלעבט אין דעם משך פון א גאנצער רײהע יאהרען : ווי דאס לעבען האט אוהם כסדר פערפיהרט און גענארט מיט פערשידענע אילוזיעס . אין דעם ראמאן איז בעזונדער' צו בעוואונדערן די אונגעצוואונגענע שפראכליכע לײכט-קײט און פליסיגקײט, וואס דער דיכטער ווײזט ארויס בײם שילדערן געוויסע לעבענס-עפיזאדען .

בעדייטענד גייסטרייכער און פאעטישער פון אבן־צאקבל'ן איז געווען ר' משה אבן עזרא (געב. 1070, געשט. 1139). ער איז געווען איינער פון די פיער ברידער פון דער פאמיליע אבן־עזרא אין גראנאדא, וואס האט אנגעהערט צו דער העכסטער יודישער אריסטאקראטיע. „מ'האט דערקענט אין דער איידעלקייט — שרייבט א כראניקער פון יענער צייט — פון די פיער פירשטליכע זיהן אונטערן נאמען אבן עזרא, אז אין זייערע אדערן פליסט בלוט פון דוד המלך'ס הויזגעזינד און זיי שטאמען פון אלטען אדעל". פון די פיער ברידער איז משה (אבו הארון משה) געווען דער בעדייטענדסטער—זיין נאמען איז פעראייביגט געווארען אין דער העברעאישער ליטעראטור.

אינטערעסאנט איז די לעבענס־געשיכטע פון דעם אריסטאקראטישען דיכטער. ער האט זיך אין דער יוגענד ליידענשאפטליך פערליבט אין א טאכטער פון איינעם פון זיינע ברידער, וועלכע האט איהם אויך געליבט; איהר פאטער האט אבער פאר קיין פאל נישט געוואלט מסכים זיין אויף דער פערבינדונג. דער פערביטערטער משה האט דאן פערלאזען זיין פאטער'ס הויז און זיין געבורטס־שטאדט, און געוואנדערט דאס גאנצע לעבען איבער פארטוגאל און קאסטיליען, טראגענדיג אין הארצען דאס פערהערליכטע בילד פון דער יוגענד־געליבטער. אין די וואנדער־יאהרען האט דער פערוואגעלטער דיכטער נישט וועניג געליטען. דאס האט זיין געמיט פערביטערט, און ווי זיין פארגענגער בן גבירול, האט ער אויך געקלאגט איבער פעררעט און פאלשקייט, איבער די גרויזאמקייטען פון לעבען און איבער דער מענשליכער שלעכטסקייט; משה אבן עזרא איז אבער געווען נישט אזוי לירישצארט און נישט אזוי פאעטיש־איינגעהאלטען, ווי זיין פארגענגער פון מאלאגא (אבן גבירול), און פון זיין פעדער האבען זיך פון צייט צו צייט ארויסגעריסען אויך הייטערע, לעבענס־לוסטיגע לידער. זיין לידער־זאמלונג אונטערן נאמען „תרשיש" ענטהאלט הונדערטער וויב־געזאנגען, לידער פון וויין און געזאנג, פרייד און ליבע, לעבענס־לוסטיגקייט און פויגעל־כארען, און דערביי אויך טרויער־לידער איבער די פערשידענסטע שלעכטע זייטען פון דעם מענשליכען לעבען. אויסער דער זאמלונג, האט אבן עזרא אנגעשריבען נאך דריי־הונדערט געלעגענהייטס־לידער (געזאמעלט אין איין דיוואן) און ביז צוויי הונדערט פיוטים און סליחות, וועלכע זענען אריינגענומען געווארען אין די ימים נוראים'דיגע שוהל־תפילות פון די ספרדישע יודען.

ר' משה אבן עזרא האָט אָנגעשריבען אויך צוויי פּראָזאַאישע ווערק אין אַראַבּיש: איינס איבּער רעטאָריק און דיכטקונסט, וואָס איז גלייכצייטיג אַ מין געשיכטע פון דער שפּאַניש־יודישער פּאָעזיע, און דאָס צווייטע — בּעקאַנט אין העבּרעאיש אונטער׳ן נאָמען „ערוגת הבּושם" — איבּער פראַגען פון מאָראַל און פילאָזאָפיע.

גרעסער פון ר' משה אבן עזרא און אויך פון אַלע העבּרעאישע דיכטער פאַר איהם איז געווען אַבּול־חסאן יהודה בּן שמואל הלוי פון אַלט־קאַסטיליען, אָדער ווי ער ווערט פּשוט גערופען: ר' יהודה הלוי. דאָס איז געווען אַ אויסגעצייכנעטער, פון גאָט געקוש־טער ליר־ישער דיכטער, וועלכער האָט מיט זיינע בּעציובּערנדע ליעדער פערטונקעלט אַלץ, וואָס איז געשאַפען געוואָרען אין דער העבּרעאישער שפּראַך, זינט די נבואה האָט זיך אָבּגעטאָן פון יודען.

געבּוירען אין טאָלעדאָ אין יאָהר 1085, האָט הלוי זעהר יונג אויסגעוואַנדערט אין דרום־שפּאַניען, וואו ער האָט געלערנט תלמוד (אין דער ישיבה פון ר' יצחק אַלפסי) און אַנדערע למודים. דאָ האָט ער זיך אויך בּעפריינדעט מיט דער אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע אבן עזרא, און בּעזונדער מיט דעם עלטערן ר' משה אבן עזרא, וועל־כער האָט דער ערשטער ענטדעקט דעם אונגעוועהנליכען טאַלאַנט פונ׳ם יונגען קאַסטיליער און איהם בּעגייסטערט געלויבּט. אין דעם פּעריאָד פון זיין לעבּען האָט יהודה אויך, ווי זיין עלטערער פריינד, איבּערגע־לעבּט דעם פערשבּוירנ׳רען צויבּער פון דער ליעבּע, און זיינע ליעדער פון דער צייט קענען גערעכענט ווערן פאַר קלאַסישע מוסטערן פון ליעבּעס־פּאָעזיע. דאָ פיהלט זיך די מאָס און די זיכערהייט פון אַ עכ־טער קינסטלער־נאַטור — יעדעס וואָרט אָטעמט מיט אינערליכען גלוט, מיט אַ רייכער דיכטער־פאַנטאַזיע און אין יעדען ליעד שפּיגעלט זיך אָבּ די שענע דרום־נאַטור מיט איהרע פערחלומ׳טע הימלען, גרינע פעלדער און בּלויע וואַסערן.

בּאַשעפטיגט האָט זיך ר' יהודה הלוי מיט מעדיצין, און אין טאָלעדאָ, וואו ער האָט זיך אין גיכען אומגעקעהרט, איז ער בּעריהמט געווען אַלס גוטער אַרצט; די מעדיצינישע פּראַקטיק איז אָבּער דעם דיכטער נישט צום האַרצען געווען — ער האָט זיין גאַנצען שאַפענדען גייסט פערווענדעט פאַר דער פּאָעזיע און פאַר דער ערפאָרשונג פון יודענטום. די עמפּפינדליכע נאַטור פון דעם יונגען דיכטער האָט זיך אָבּגערופען אויף אַלע ערשיינונגען פון וועלט און לעבּען, און יעדע

נאטירליכע אדער מענשליכע שענקייט האט אויפגערודערט די סטרונעס פון זיין צארטער נשמה . שענהייט פון פרויען , צדקה און מעשים טובים , די חתונה פון א גוטען פריינד , מאלערישע לאנדשאפטען , די מוזיק פון די ברויזענדע ים־חוואליעס , — אלץ בעגייסטערט דעם יונגען זינגער און רייסט ארויס פון זיין ברוסט זיסע , קלינגענדע הימנעס . אין דעם אלעם האט זיך אבער נאך נישט אבגעשפיגעלט דאס אמת־אינערליכע , אייגענטימליכע פון דעם דיכטער'ס נשמה . די עכטע גרויסקייט פון ר' יהודה הלוי אלס דיכטער ווייזט זיך ארויס ערשט אין זיינע נ א צ י א נ א ל ע ל י ע ד ע ר , —אין די ליעדער , וואו ער בעזינגט די פערגאנגענהייט און צוקונפט פון דער יודישער אומה , וואו ער בעקלאגט די איצטיגע קנעכטשאפט פון דעם אמאליגען בן מלך , וואו ער דריקט אויס די יודישע האפנונג און פערצווייפלונג , די הערליכע ליכטיגקייט פון די יודישע חלומות און די פינסטערניש פון דער יודי־שערווירקליכקייט . ר' יהודה הלוי איז געווען דער ערשטער דיכטער , וואס האט פערקערפערט אין זיין נשמה די נשמה פון דער גאנצער אומה , מיט איהרע ליידען און וועהטאגען , ערינערונגען און האפנונ־גען , דעריבער ווירקען זיינע ליעדער אזוי שטארק אויפ'ן לעזער'ס געמיט ; א ב ן ג ב י ר ו ל'ס עלעגיעס אויף זיינע פערזענליכע צרות רופען ארויס אין אונז א געוויסען מיטלייד ; ר' מ ש ה א ב ן ע ז ר א'ס קלאג־ליעדער איבער זיין געליעבטער , וואס איז אזוי וויים פון איהם , ריהרען אונז אינגאנצען נישט , דער טרויער אבער פון דעם נאציאנא־לען דיכטער איבער דער כנסת ישראל , וואס איז געווארען צו שאנד און רויב , איבער זיין הארצענס־געליעבטער מוטער ציון , וואס איז עלענד און פערלאזען , — ד ע ר טרויער מוז אריינדרינגען אין יעדען פיהלענדען געמיט און איהם אויפטרייסלען .

אין איין דיאלאג צווישען גאט און דער כנסת־ישראל קלאגט די לעצטע מיט'ן דיכטער'ס מויל :

אויף אדלער־פליגעל האסטו דיין טייבעלע (דער יודישער אומה) געטראגען , אין דיין שוים האסטו זי בעהאלטען , אין די טיפעניש פון דיינע צימערן ; פארוואס־זשע האסטו זי איצט פערלאזען ? אם וואנדערט זי אין די וועלדער , און פון אלע זייטען זענען איהר נעצען אונטערגעשטעלט . פרעמדע פערלאקען איהר מיט אנדערע געטער , און זי וויינט אין דער שטיל נאך דעם אויסגעוועהלטען פון איהר יוגענד . . . און קיין וואונדער און קיין צייכען און קיין ענטפלעקונג ,

און פראַגע איך: ווען וועט דאָס וואונדער געשעהן? ענטפערן די נבואות: ס'א שווערע פראַגע"...

בעזונדער שטאַרק איז דער נאַציאָנאַלער טרויער אויסגעדריקט אין די ציון'ס-לידער. דאָ פיהלט זיך אין יעדער שורה, ווי דעם דיכטער'ס האַרץ צוגיסט זיך און געהט אוים פון ליידענשאַפטליכער בענקשאַפט נאָך דער פערלאָזענער מוטער ציון:

„ווער וועט מיר פליגלען געבען, און איך וועל צו דיר אוועק-שוועבען, און וועל די שטיקער פון מיין האַרץ לאָזען זיך צאַפּלען צווישען דיינע בערג!... מיר וועט זיס זיין צו געהן באָרוועס און נאַקעט אויף די וויסטע חורבות, וואָס יענען געווען דיינע פּאַלאַצען, אין דעם אָרט פון דיין אָרון, וואָס איז בעהאַלטען, אין דעם אָרט פון דיינע כרובים, וואָס האָבען גערוהט אין די בעהעלטענישען פון דיינע חדרים... ווי קען מיר זיס זיין עסען און טרינקען, ווען איך זעה, ווי הינט שלעפּען דיינע לעמפּערטען; אָדער דאָס ליכט פון טאָג ווי קען מיינע אויגען לייכטען, ווען איך זעה אין מויל פון ראָבען די פגרים פון דיינע אָדלערס... — — — — — — —

„ווער וועט מיר אָדלער-פליגעל געבען, און איך וועל דיין ערד אָנזאַפּען מיט מיינע טרערען. איך וועל די שטיינער דיינע קושען און האַלזען, און דער טעם פון דיינער לייהם-שטיקער וועט מיר פון האָניג זיסער זיין... מיין האַרץ איז אין מזרח און איך בין אין עק מערב — ווי זאָל מיר שמעקען, וואָס איך עס און ווי זאָל עס זיס זיין?"

אַזוי האָט דעם דיכטער'ס האַרץ נישט אויפגעהערט צו קלאָגען אין צעהנדליגער לידער, און ענדליך האָט אָט די אידעאַלע ליידענ-שאַפטליכע בענקשאַפט איהם אינגאַנצען בעהערשט — ער האָט נישט געקענט מעהר בלייבען אין „עק מערב", ער האָט געמוזט פאָהרען און מיט זיינע אויגען אָנקוקען דעם געגענשטאַנד פון זיינע אייביגע חלומות, די חורבות פון דער פערגאַנגענער יודישער גרויסקייט. עס איז געוואָרען ווי אַ לעבענס-אידעאַל פאַר דעם בעגייסטערטען דיכטער, און קיין קרבן איז נישט אימשטאַנד געווען, איהם אָפּצוהאַלטען פון דעם געוואַגטען שריט. ער האָט פערלאָזען זיין איינציגע טאָכטער און זיין ליעבען איינִיקעל; ער האָט פערלאָזען די ישיבה, וואָס ער האָט נעגרינדעט און טאָלעדאָ, מיט אַ גרויסער צאָהל תלמודים און פריינד, וואָס האָבען איהם געליעבט און פערעהרט; ער האָט זיך מיט אַלץ

געשײַדט, און אונטערגענומען די ווײַטע און געפֶערליכע רײַזע אינ'ם הײליגען לאַנד (1140).

אין שפאַניען האָט זיך ר' יהודה הלוי געזעצט אויף אַ שיף, וואָס איז געגאַנגען קײַן מצרים, און דאָ, געטראָגען איבער די בּרויזענדע חוואַליעס, האָבען זיך פונ'ם דיכטער'ס ברוסט אַרויסגעריסען מעלטיגע ים-געזאַנגען, וואָס צײכנען זיך אויס מיט אַ אונגעווען־ליכער שענקײַט. דער דיכטער זינגט:

כ'האָב פערגעסען אַלע ליעבסטע,
ל'האָב פערלאָזט מײַן אײגען הויז;
ל'האָב דעם ים זיך אָבגעגעבען —
טראָג מיך, ים, צום מוטער'ס שויס!...

---

אָנגעבּרוגזט האָט דער ים זיך
און געקנײטשט זיך און געקרומט —
פּלוצים האָט ער זיך צובּײזערט
און ער וויעגט זיך שוין און ברומט.

און אָט לויפען שוין אַקעגען
ווילד און בּײז מיט ווײַסען שוים
חוואַליעס-לײבען, חוואַליעס-שלאַנגען
אויסגעוואַקסען פון דעם תהום.

אָט האָט זיך אַ מאָל געעפענט,
אָט שטעהט אויף אַ הויכער בּאַרג —
פּלאַטער, זעגעל! בּויג דיך, מאַסטבּוים! —
דו, מײַן האַרץ, בּלײבּסט פעסט און שטאַרק.

האָסט אַ גרויסען גאָט אין הימעל,
ימים שפּאַלט ער מיט זײַן האַנד;
אויף זײַן פליגעל מיט זײַן שטורם
טראָגט ער דיך צום ליעבען לאַנד...

(אין דער איבּערזעצונג פון ח. נ. בּיאַליק).

זיך אָבשטעלענדיג אין מצרים , איז ר׳ יהודה הלוי אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס כבוד פון די דאָרטיגע יודישע חשובים , צווישען וועלכע עס האבען זיך בעזונדער אויסגעצייכענט מיט זייער הארציגער גאסטפריינדליכקייט דער אַלעקסאנדריניִשער געלעהרטער און דיכטער אהרן בן-ציון אבן-אלמאני און דער נגיד פון מצרים שמואל בן חנניה אבו-מאנסור, וועלכער האָט דעם בעריהמטען דיכטער בעזונדער איינגעלאַדען צו זיך קיין קאהירא . דאָ האָבען די איבערגע-געבענע פריינד און פערעהרער פון דעם גרויסען דיכטער איהם אפילו געפרובט איבערעדען , ער זאָל איינגאנצען אויפגעבען די געפעהרליכע רייזע אינ׳ם היילינען לאַנד ; דער בעגייסטערטער ציון-זוהן האָט זיך אָבער נישט אונטערגעגעבען : ער האָט זיך אַוועקגעלאָזען אויף דעם מסוכנ׳דיגען וועג קיין פאלעסטינא , וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אונטער דער הערשאַפט פון די קרייץ-פאָהרער , און פון דעם מאָמענט אָן , זענען נישט דערגאַנגען מעהר קיינע שפורען פון דעם היילינען וואנדערער, אַזוי, אַז מ׳ווייס אפילו נישט , צי זיינע פיס האָבען זוכה געוועזן צו בעטרעטען די היילינע ערד . די לעגענדע דערצעהלט , אַז ר׳ יהודה הלוי , איז צוגעקומען צו די טויערן פון ירושלים , און דער-זעהענדיג פון דער וויטען די חורבות פון גאָט׳ס הויז , האָט ער איינ-געגראָבען דעם קאָפּ אין דר׳ערד , און אויסגעווייִנט די בעריהמטע עלעגיע , וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער : ציון הלא תשאלי לשלום אסיריך", אין דעם איז אָנגעפאָהרען אַנ׳אַראַבישער רייטער , וועלכער האָט דעם וויינענדען דיכטער צוטרעטען מיט די פיס פון זיין פערד .

דער דאָזיגער „ציון , הלא תשאלי" איז , איבריגענס , דאָס בעסטע כמעט פון אַלע הלוי׳ס ציונ׳ס-לידער , וואָס זענען צו אונז דערגאַנגען אין די תשעה באב׳דיגע קינות . דער דיכטער שרייבט אויס מיט אַ צובלוטיגט הארץ :

בענקסט אויך נאָך דיינע קינדער , מוטער ציון ,
ווי זיי , צוזייהטע און צושפרייטע בענקען ?
ווילסט אויך , ווי זיי פון דיר , אַ ליעבען גרוס בעקומען ?
דאָ האָסטו איהם ! אַ גרוס פון נאָהענטע און ווייטע !
אין הארצען דורות-לאַנג געוואָרעמט , טראָגט איהם
פון אַלע עקען וועלט , דורך ימים און מדבריות ,
צו דיר אין שויס איין עלענד קינד דיינס , איינער

פון די, וואס זאפען אן, ווי טוי דיין חרמון,
די פרעמדע בערג מיט ברענענדיגע טרערען
און שטארבען אין דער פרעמד פערליעבטע און פערבענקטע...
מיך ציהט צו דיר!... ביינאכט אויף דיינע חורבות
בין איך דיין נאכט-איילע, דיין יאמערליער,
און חלום'ט זיך מיר נאר דיין מארגענשטערן — ווער איך
דיין נאכטיגאל, דיין קלינגענדיגע הארפע...

— — — — — — — — — — — — — —

כ'וויל זעהן, א גרויסער גאט, נאר איין שטראהל ליכט,
נאר איין שטראהל ליכט פון יענעם מארגענשטערן,
וואס דארף, וואס מוז אמאל נאך העל און ליכטיג
זיך אנציגדען אויף ציון'ס בלויען הימעל
בעגייען און בעפרישען זי מיט יוגענד...
גענוג, איין זיסען חלום לאז מיך זעהען נאך..
און אויסגעהן מיט א שמייכעל אויף די ליפען...
(אין דער איבערזעצונג פון ח. נ. ביאליק).

בעזונדער כאראקטעריסטיש פאר דעם גרויסען נאציאנאלען דיכטער איז דאס, וואס אט די ליידענשאפטליכע בענקשאפט נאך ציון איז געווען פאר איהם נישט בלויז א דיכטערישע שטימונג, נאר אויך א טיעף-ערנסטע איבערצייגונג; ר' יהודה הלוי איז געווען אויסער א לירישער דיכטער, אויך א וויטזיכטיגער און אריגינעלער דענקער, און די שענקייט, וואס ער ארויסגעוויזען ביים אויסדריקען דעם יודישען נאציאנאלען געפיהל, האט איהם נישט פערלאזען אויך דאן, ווען ער האט בעגרינדעט דעם נאציאנאלען געדאנק פון יודענטום.

דער הייסער נאציאנאלער יור פון טאלעדא האט דער ערשטער בעגריפען די בעדייטונג פון יודענטום אלס זעלבסטשטענדיגע היסטארישע ערשיינונג, און ווערהענד אלע יודישע פילאזאפען פאר איהם האבען זיך בסדר בעמיהט צוזופאסען די עיקרים פון דער תורה צו די יסודות פון דעם העלענישען ראציאנאליזם, — האט ר' יהודה הלוי אפען און דרייסט ערקלערט, אז דער עצם מהות פון יודענטום האט קיין שום געמיינזאמעס נישט מיט'ן העלעניזם און איז אויך — פיעל העכער פון איהם.

כדי צו דערווייזען דעם אמת, האט ר׳ יהודה אנגעשריבען א גרויס ווערק (אין אראביש), וואס איז שפעטער איבערזעצט געוואָרען אין העברעאיש, אונטערן נאָמען „ספר הכוזרי״. דאס ווערק איז געשריבען אין דער פאָרם פון א דיאלאָג צווישען דעם כאזארישען קעניג בולאן (דער, וואס האט זיך מגייר געווען) מיט א גרויסען פילאָזאָף און דערנאך — מיט א יודישען געלעהרטען. דער פילאָזאָף, וועמען דער געצענדינערישער קעניג האט גערופען צו זיך, ער זאל איהם שטילען זיין אונרוהיגען געוויסען, — ענטוויקעלט א גאנצע טעאָריע פון גלויבען אָרער, ריכטיגער געזאָגט: נישט גלויבען, אי׳ם גייסט פון פלאטאָן און אריסטו. ער ערקלערט דעם קעניג, אז די גאָטהייט איז צו-הויך, אום צו שטעהן אין וועלכער ס׳איז בעציהונג מיט׳ן מענשען און צו פערלאנגען פון איהם פערעהרונגען און בעזונדערע מעשים.

דער קעניג בלייבט אָבער מיט דער טעאָריע נישט צופריעדען. זיין רעליגיעזער געפיהל זאגט איהם, אז ס׳מוזען יא זיין גוטע מעשים און שלעכטע, געטליכע ענטפלעקונגען, א געטליכער ווילען און בכלל עטוואס אַזוינס בנוגע צום מענשען, וואס די פילאָזאָפען מיט זייער שכל ווייסען עס נישט. דאן רופט דער קעניג צו זיך פערטרעטער פון קריסטענטום און איסלאם, און ווען ער זעהט, אז ביידע שטיצען זיך אויף דעם יסוד פון דער יודישער אמונה, ווי ער איז אויסגע-דריקט אין די הייליגע שריפטען, שיקט ער אויך נאך א יודישען געלעהרטען, וועלכער ענטוויקעלט פארן קעניג די פילאָזאָפיע פון יודענטום. לויט דער דאָזיגער פילאָזאָפיע, שטיצט זיך די יודישע אמונה נישט אויף קיין השערות פון דעם מענשליכען פער-שטאַנד, נאָר אויף רעאלע פאקטען און ענטפלעקונגען, וואס טראגען אויף זיך דעם שטעמפעל פון היסטאָרישער ווירקליכקייט. יעדער מענשליכער געדאנק, יעדע פילאָזאָפיע קען זיך אָנהויבען ערשט נאָך די געשעהענע מופתים פון דער ביבעל — די מופתים, די ענטפלעק-קונגען גופא געהען נישט אַרונטער אונטער קיין סוג פון קריטיק. דאס איז געווען אַ פלוצלינגע ערשיינונג אינ׳ם גאנצען וועלטאל, אין דער גאנצער יצירה: די געטליכקייט האט זיך ענטפלעקט פאר מיליאָנען קינדער פון איין אויסגעוועהלטען שטאם, וועלכען זי האט געמאַכט פאַר׳ן טרעגער און פערשפרייטער פון איהרע אמת׳ען, פון איהרע פאָדערונגען. זוכה געווען צו דער ענטפלעקונג האט די יודישע אומה, א דאנק איהר אָנגעבוירענער זיטליכקייט, אַ דאנק איהר

נאַטירלי̈כער רעליגיעזיטעט, און זי בילדעט אויף אַזאַ אופן דאָס הארץ פון דער גאַנצער מענשהייט.

ווי דאָס יודישע פאָלק אַזוי איז אויך דאָס יודישע לאַנד אויס-געוויילט — דאָרט האָט זיך גאָט׳ס הערשאַפט בעזונדער דײַטליך אַרויס-געוויזען, דאָרט האָט זיך זײַן ווילען ענטפּלעקט דורך די נביאים. פון זײַ שטאַמען די געבאָטען און פערבאָטען אין דער תורה, וועלכע זענען געגעבען געוואָרען, כדי צו פפלעגען און דערהאַלטען אין דער יודישער אומה די געטליך-נביאי׳שע נאַטור, כדי יעדער שריט פון דעם יודען׳ס לעבען זאָל זײַן בעשטימט צו אַ הויכען געטליכען ציעל — יודען זאָלען זײַן גײַסטיג-הויך, גרויס, הייליג. דעם זעלביגען צוועק האָבען אויך די יודישע צרות — דאָס הײַליגע פאָלק מוז געלײַטערט ווערען, אים צו קענען בעסער אויספיהרען די גרויסע ערציהונגס-פליכטען, וואָס די געטליכקייט האָט אויף איהם אַרויפגעלעגט.

בײַ דעם אַלעמען איז דאָך דאָס יודענטום ווײַט פון עקסטרעמען אַסקעטיזם. די געבאָטען פון דער תורה שטרעבען נאָר צו שאַפען אַ האַרמאָנישען לעבענס-סיסטעם, אַ סיסטעם פון אויסבילדען אין אַ בעשטימטער מאָס אַלע טהײַלען פון דעם מענשליכען אָרגאַניזם: עס זאָל דער גוף נישט אויסוואַקסען אויפן חשבון פון דער נשמה און דער יחיד אויפן חשבון פון כלל.

דאָס איז דער תמצית פון ר׳ יהודה הלוי׳ס רעליגיאָנס-פילאָזאָפיע, וואָס שטעלט אַוועק אויפן ערשטען פלאַץ נישט דעם אַבּסאָלוטען אמת, נאָר די האַרמאָנישע אויסבילדונג פון דעם מענשליכען גײַסט, די גערעכטיגקייט אין׳ם מענשליכען צוזאַמענלעבען און די רײַני-קייט פון דעם מענשליכען געפיהל. פון דעם שטאַנדפונקט האָט זיך ר׳ יהודה הלוי געמוזט בעציהען נעגאַטיוו אי צו דעם שטרענגען ראַצי-יאָנאַליזם, אי צו די אַנטי-עטישע שטרעבונגען פון דער גריכישער קול-טור. ער שרײַבט:

„זאָל דיך נישט פערלאָקען די גריכישע קלוגהײַט, וואָס האָט קײַן פרוכט נישט, נאָר בלומען... דו הערסט די רייד פון איהרע בלאָנדזשענדע חכמים, געבויט אויף שפּינוועבס און בויך-סברות, און קעהרסט דיך אום מיט אַ פוסט הארץ, נישט בעפריעדיגט, דערפאַר מיט אַ מויל פול פלוידערײַ“.

# זעקסטעם קאַפּיטעל.

## דער צווייטער קרייץ־צוג; די שמד־גזירות אין די מחמד'נישע לענדער.

אין דער צייט, ווען די געבילדעטע יודען אין שפּאַניען האָבען געאַרבייט פאַר דער אויסבילדונג פון דעם יודישען געשמאַק און דעם יודישען געדאַנק, האָבען די יודישע אַקאַדעמישע קרייזען אין פראַנקרייך פאָרטגעזעצט די פּרוכטבאַרע טעטיגקייט פון דעם גרויסען ר' שלמה יצחקי אויף דעם געביעט פון דער יודישער טראַדיציע, פון דער יודישער געזעצגעבונג. דאָס איז געווען אין דער ערשטער העלפט פון צוועלפטען יאָהרהונדערט, אונטער דער העררשאַפט פון די קעניגען לואי IV און לואי VII, ווען די יודען אין פראַנקרייך האָבען געלעבט נישט בלויז רוהיג, נאָר אויך רייך און הרחבה'דיג. יודען האָבען דאָ געהאַט אין דער צייט גרויסע הייזער און נחלאות, פעלדער און וויין־גערטנער, באַנקהייזער און גרויסע מאַגאַזינען (כמעט אַ העלפט פונ'ם רעמאָלטיגען פּאַריז האָט אָנגעהערט צו יודען), און זייער פּאָליטישע לאַגע איז אויך געווען פעסט און געזיכערט. בראש פון יעדער קהלה איז געשטאַנען אַ יודישער בירגערמייסטער מיט ברייטע פּאָלמאַכטען, וואָס פלעגט אויסגעקליבען ווערן פון דער קהלה און האָט זיך געפונען אונטער דער שוץ פון קעניג אָדער פון דעם באַראָן, צו וועלכען די שטאָדט האָט אָנגעהערט. יודען האָבען אַפילו פערנומען הויכע מלוכה־פּאָסטענס, און ר' יעקב תּם, איינער פון די גרעסטע תּלמוד'ישע אויטאָריטעטען אין יענער צייט, איז געווען אַ גרויסער חשוב אין קעניגליכען הויף.

בײַ אַזאַ גינסטיגער מאַטעריעלער לאַגע האָט די ישיבה אין צפֿון פֿראַנקרײַך, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פֿון דעם גרויסען תּלמודישען מפֿורש, געקענט ענטוויקלען אַ אינטענסיווע אַקאַדעמישע טעטיגקײַט. נאָכדעם ווי דער טעקסט פֿון תּלמוד איז קלאָר ערקלערט געוואָרען, האָבען זיך איצט געעפֿענט נײַע קוועלען פֿאַר אַלערלײַ לאָגישע דרינגענישען און פֿערגלײַכונגען, און עס איז ענטשטאַנען דער פּלפּול, די מעטאָדע פֿון צוגליידערן יעדער הלכה און צוגעבען צו איהר נײַע מסקנות מיט נײַע מעגליכקײַטען. אַט די צוגעגעבענע פּשט'לדיגע טעקסטען האָבען בעקומען דעם נאָמען „תּוֹספוֹת“ און די, וואָס האָבען זיך בעטײליגט אין דעם — „בעלי התּוֹספוֹת“ (תּוספֿיס'טען).

דעם קרײַז פֿון די ערשטע תּוספֿיס'טען האָבען געבילדעט אַמעהרסטענטײל מיטגלידער פֿון רש"י'ס משפּחה: זײַנע צוויי איידים'ס ר' מאיר בן שמואל און ר' יהודה בן נתן (איינע פֿון רש"י'ס טעכטער איז אַליין געווען זעהר געלעהרנט אין תּלמוד און זי פֿלעגט אין פֿאָטער'ס נאָמען ענטפֿערן אויף פֿערשידענע תּלמודישע אָנפֿראַגען); זײַנע דרײַ איינִיקלעך: ר' יצחק, ר' שמואל און ר' יעקב, די זיהן פֿון דעם דערמאָנטען ר' מאיר, און ר' יצחק בן אשר הלוי פֿון שפּײַער, רש"י'ס אַ קרוב. די מעהרסטע פֿון די דאָזיגע תּוספֿיס'טען זענען געווען אויך מפרשים פֿון תּנ"ך; דאָס זענען אָבער געווען מעהר אַגדי'שע דרשנים, און זייערע פּירושים זענען אייגענטליך געווען, ווי אַ מין תּוספֿות אויך אויף די הייליגע שריפֿטען.

אַ אויסנאַהם פֿון די אַלע האָט געמאַכט אין דער הינזיכט ר' שמואל בן מאיר (בעקאַנט אונטערן נאָמען רשב"ם). ער האָט אָנגעשריבען אַ פּירוש אויף דער תּורה אָהן דרש, אָהן פּשט'לדיגע אַגדות, נאָר היטענדיג דעם פּשוט'ען טײַטש פֿון די ווערטער (פּשט).

אַט די רוהיגע גײַסטיגע טעטיגקײַט איז אָבער באַלד איבערגעריסען געוואָרען — אויף דעם יודישען הימעל האָט זיך ווידער אַ פֿינסטערער וואָלקען פֿערצויגען. די קריסטליכע ריטער, וואָס האָבען געהאַט עטליכע צעהנדליג יאָהר אין זייערע הענד די הייליגע שטאָדט (ירושלים), זענען בעזיגט געוואָרען פֿון דעם טערקישען העלד נורעדדין, ווּעלכער האָט זיך געקליבען אַרויסצוטרײַבען די קריסטען פֿון גאַנץ אַזיען. די הילפֿלאָזע ריטער האָבען זיך דאַן געווענדעט נאָך הילף צו אייראָפּאַ; אויף דער בקשה האָט זיך באַלד אָבגערופֿען דער פּויפּסט עוגעניוס III, און אין גיכען האָבען די קעניגען פֿון פֿראַנקרײַך און

דייטשלאנד זיך שוין עוסק געווען אין די הכנות צו א נייעם קרייץ־צוג (47 — 1146).

כדי צוצוציהען וואס מעהר קאמפפס־ברידער, האט דער פאפסט ארויסגעגעבען א בוללא, אין וועלכער ער האט מודיע געווען, אז יענע אלע, וואס וועלן אריינטרעטען אין דער הייליגער ארמעע, דארפען נישט בעצאהלען יודען קיין פראצענט פאר זייערע חובות. וועגען דער בוללא האט, לויט א בעפעהל פון רוים, געמוזט דרשה׳נען אפילו דער בעריהמטער גלח בערנארד, וועלכער איז אין אלגעמיין געהאלטען א הייסער געגנער פון פערברעכערישע מעשים צוליעב הייליגע ציעלען. אנ׳אנדער גייסטליכער, פעטער פון קליוני (דער עהרווירדיגער) האט שוין דערנאך די זאך פיעל ברייטער אוועקגעשטעלט. ער האט זיך געווענדעט צום קעניג לודוויג VII און איהם אנגערייצט געגען יודען, בעשולדיגענדיג זיי אין די פערשיעדענסטע פערברעכענס. דערביי האט דער הייליגער וויעדער איבערגעחזר׳ט דעם אלטען אויפטו וועגען דער יודישער „אונגלויביגקייט״.

„צו וואס נוצט עס אונז, — האט ער געשריעבען דעם קעניג — זיך אוועקצולאזען אין ווייטע לענדער זוכען די שונאים פון קריסטענטום, ווען די גאט־לעסטערנדע יודען, פיעל ערגער פון די סאראצענען, לעבען דא צווישען אונז, שענדענדיג קריסטוס׳ען און די הייליגקייטען פון דער קירך! גלויבט דאך דער סאראצען גלייך ווי מיר, אז קריסטוס איז פון א יונגפרוי געבוירען, און איז דאך פערפלוכט, ווייל ער גלויבט נישט אין קריסטוס׳עס לעבעדיג ווערן, הייגט ווי שוין די יודען, וואס לייקענען אלץ אב. איך פאדער נישט, מ׳זאל די פערשאלטענע טויטען, דען עס שטעהט געשריעבען: „דו זאלסט זיי נישט טויטען״; נאר זיי זאלען, ווי דער ברודער־מערדער קין, פערברענגען זייערע יאהרען אין גרויסע צרות, אין שאנד — עס זאל זייער לעבען ערגער זיין פון טויט. זיי זענען אבהענגיג, עלענד, דערדריקט, שרעקעדיג— זאלען זיי־זשע בלייבען אין דעם מעמד אזוי לאנג, ביז זיי וועלן זיך נישט אומקעהרען אויפן וועג פון זייער רעטונג. נישט טויטען זאלסטו זיי, נאר פאר זייער ניעדערטרעכטיגקייט אין א צוגעפאסטער מאס בעשטראפען״. דאן געהען א רייהע פארשלאגען וועגען אוועקנעהמען ביי יודען זייער פערמעגען און אזוי ווייטער.

לודוויג האט די רשעות׳דיגע פארשלאגען נישט אנגענומען, און א דאנק די געוויסענהאפטע יועצים פון קעניג, די גייסטליכע סוגער און בערנארד,

זענען נישט אנגעווענדט געווארען קיינע רדיפות געגען די יודישע קהלות אין פראנקרייך.

אין דייטשלאנד, דאגעגען, האבען די יודישע קהלות, וועלכע זענען נאך נישט געהאט צו זיך געקומען פון די ערשטע בלוטיגע וואונדען, שוין איבערגעלעבט נייע צרות און פערפאלגונגען. דא איז דער קייזער, קאנראד III, אהנמעכטיג געווען, און די צעווילדערטע פאלקס-מאסען זענען וואס ווייטער אלץ מעהר צופלאמט געווארען פונ'ם בלוטיגען רעליגיעזען פאנאטיזם. דער דאזיגער פאנאטיזם איז נאך שטארקער פונאנדערגעבלאזען געווארען א דאנק די פייערדיגע דרשות פון דעם פראנצויזישען מאנאך רודאלף; דער לעצטער איז אהן דעם וויסען פון זיינע אויפזעהער ארומגעגאנגען פון שטאדט צו שטאדט און פון דארף צו דארף און געדרשה'נט, אז דער קרייץ-צוג דארף זיך אנ-הויבען פון די יודען: זיי דארפען פערטיליגט אדער אבגעשמד'ט ווערן.

די יודען פון די רהיין-געגענדען זענען איצט אלזא ווידער געשטאנען פאר א גרויסען אונגליק. עס האט זיך אפילו דער קייזער אליין אויף זיי מרחם געווען און זיי אבגעגעבען די שטאדט נירענבערג און נאך עטליכע פעסטונגען, וואו די בלוטיגע הענד פון די קרייץ-פאהרער האבען נישט געקענט דערגרייכען; דאס לאנד איינגאנצען האט זיך אבער געפונען אונטער דער הערשאפט פון איינצעלנע פעאדאלען און בישאפען, און דעם קייזער'ס ווארט האט דא קיין בעדייטונג נישט געהאט. דא האבען מעכטיג געקלונגען רודאלפ'ס ווערטער אינ'ם נאמען פון גאט, אינ'ם נאמען פון דער הייליגער קירך, און באלד האבען זיך אנגעהויבען ווייזען פרובטען פון די קערנער, וואס דער הייליגער האט פערזייהט.

די ערשטע קרבנות זענען געפאלען אין אויגוסט 1146, אין דער געגענד פון קעלן און שפייער; עס זענען אכזריות'דיג געטויט געווארען ר' שמעון פון טריר און א פרוי מינא פון שפייער. די יודען פון די איבריגע קהלות האבען דאן אנגעהויבען זיך צו פערזיכערן מיט א געוויסער שוץ: זיי האבען בעצאהלט בעדייטענדע סומעס געלד און אבגעדונגען ביי די פירשטען זייערע פעסטונגען און שלעסער. דער קארדינאל-בישאף פון קעלן. ארנאלד, האט איבערגעגעבען די ארטיגע יודען די פעסטונג וואלקענבורג ביי קעניגסווינטער און האט זיי אפילו ערלויבט זיך צו פערטיידיגען מיט געוועהר. אין די דאזיגע פעסטונגען זענען די בעהאלטענע געווען אויסער געפאהר; האט אבער

וועך פון זיי געוואגט, זיך צו ווייזען אויף דער וויסער וועלט, איז ער פון די ברידער גלייך גע'שמד'ט אדער געטויט געווארען.

די קירכען-זיילען פון דער רהיין-געגענד זענען אבער אין אלגעמיין געווען געגען דער בלוטיגער אנארכיע, וואס האט זיך פערשפרייט אין לאנד, און זיי האבען גענומען זוכען מיטלען געגען דעם פייערדיגען אנטיסעמיטיזם. דער ערצבישאף פון מיינץ האט זיך געווענדעט צום גרעסטען קירכליכען אויטאריטעט פון יענער צייט, בערנארד פון קלערוואָ, און איהם געבעטען, ער זאל ווירקען אויף דעם צעווילדערטען מאנאך. דער היילינער בערנארד האט דאן פערעפענטליכט א שארפען פראטעסט געגען רודאלפ'ס דרשות און פערזיכערט, אז די רדיפות אויף יודען זענען געגען דעם אמת'ען גייסט פון קריסטענטום. אין א קורצער צייט ארום איז אט דער גלח אליין געקומען קיין דייטשלאנד, כדי צו ווירקען אויפן קייזער, ער זאל זיך אויך אוועקשטעלען בראש פון א מחנה קרייץ-פאהרער, און דאן האט ער ווידער גערדשה'נט פאר'ן המון און איהם אויפגעפאדערט, צו שוינען די יודען.

די דרשות פון דעם היילינען בערנארד האבען שוין אבער איצט גארנישט געקענט אויפטאן אנטקעגען די אויפגערייצטע אינסטינקטען פון דער מאסע, וואס איז, אגב בעמערקט, געווען אויך אויסגעהאלטענער פון די אלע עהרליכע מוסר-זאגער'ס. „אויב עס איז א מצוה — האט דער קריסטליכער המון גאנץ לאגיש גערדונגען — צו טויטען אונגלויביגע טערקען, איז שוין ממילא אויך קיין עבירה נישט אומצובריינגען די נאכמעהר אונגלויביגע יודען". ווען עס האט זיך, צום אונגליק, גראד געמאכט, אז ביי ווירצבורג האט מען געפונען א דערהרג'עטען קריסט, האבען די אנגעזאמעלטע קרייץ-פאהרער גלייך פערשפרייט א קלאנג, אז יודען זענען די רציחה בעגאנגען, און באלד נאכדעם זענען זיי בעפאלען די ווירצבורגער (25 אדר 1147) יודען און צוואנציג פון זיי געטויט. צווישען די קדושים האט זיך געפונען א בערימטער ר' יצחק בן אליקום, וועלכען די רוצחים האבען דערשטאכען מיט א שווערד, ווען ער איז געזעסען פערטיפט איבער א היילינען ספר. אנדערע יודען זענען אזוי אכזריות'דיג געשלאגען געווארען, אז די „היילינע" האבען זיי אנגענומען פאר דער'הרגע'טע, און שפעטער האבען זיך מיטליידיגע קריסטען אויף זיי דערבארימט און אריינגענומען צו זיך אין די הייזער. די אכזריות'דיגע רציחות

האָבען טיעף געריהרט אויך דעם בישאָף פון שטאָדט: ער האָט די יודישע מערטירער געלאָזען מקבר זיין ביי זיך אין גאָרטען, און בעזאָרגט די לעבען-געבליבענע יודען אין א דערבייאיגער פעסטונג.

פון דייטשלאַנד האָבען זיך די רציחות ווידער אריבערגעטראָגען קיין פראַנקרייך. אין קאַראַנטאָן איז פאָרגעקומען אַ אמת'ע מלחמה צווישען די הייליגע באַנדעס און אַ מחנה בעוואָפענטע יודען, וואָס האָבען זיך צונויפגעזאַמעלט אין איין הויף; די יודען זענען ענדליך בעזיעגט און כמעט אַלע אויסגע'שחט'ען געוואָרען. אין ראַמערו איז דער המון בעפאַלען די יודען דעם צווייטען טאָג שבועות; דערביי האָבען זיך די רוצחים אַריינגעריסען אין הויז פון דעם אָנגעזעהענסטען יודישען גאון אין פראַנקרייך, ר' יעקב תם, צורויבט אַלץ, וואָס זיי האָבען דאָרט געפונען, צוריסען די הייליגע ספרים און דעם בעל הבית אַליין געשלעפט אין פעלד אויסערן שטאָדט. דאָ האָבען זיי דעם געפאַנגענעם פריהער געפייניגט מיט אַלערליי עינויים און דערביי ערקלערט: „דו ביזט דער גרעסטער ביי יודען, דעריבער דאַרפען מיר אין דיר נוקם זיין פאַר אונזער געקרייציגטען אויסלייזער“. דערוויַיל איז פאַר דעם אָרט פון דער שרעקליכער עקזעקוציע גראָד פערבייגעפאָהרען אַ ריטער, וועלכער האָט ר' יעקב'ן געקענט. דער לעצטער האָט דאַן געבעטען הילף ביי דעם בעקאַנטען ריטער, צוזאָגענדיג איהם אַ טייערן פערד, און ער האָט אויסגעבעטען ר' יעקב'ס קערפער פון די מערדערישע הענד (1147 — 48). נאָכדעם זענען שוין אין פראַנקרייך, אַ דאַנק דעם איינפלוס פון דעם אויבען דערמאָנטען בערנאַרד, מעהר קיינע יודישע שחיטות נישט פאָרגעקומען.

אַ בעסערן גורל האָבען געהאַט די יודישע קהלות אין ענגלאַנד, וואו יודען האָבען, זינט ווילהעלם דעם בעזיעגער, אָנגעהויבען אויסצעוואַנדערן פון פראַנקרייך. זיי האָבען פון די קרייץ-פאָהרער נישט געליטען, אַ דאַנק דער שוץ פון קעניג סטעפאַן. דאַגעגען האָבען די בעהמישע יודען דאָס מאָל אויך שווער געליטען פון די דורכגעהענדע קרייץ-ברידער: פון זיי זענען געפאַלען ביז הונדערט פופציג קרבנות. פריַיער אָבגעמאַטערטע האָבען יודען ערשט נאָכדעם, ווי די הייליגע מחנות זענען אריבער די גרענעצען פון מערב-איירופּאַ; ערשט דעמאָלט האָבען די יודען אָנגעהויבען צו פערלאָזען זייערע בעהעלטענישען. דעמאָלט זענען די אנוסים אויך אריבער צוריק צום יודישען גלויבען, נישט געשטערט פון קיינעם.

בכלל, האט דער פאנאטיזם פון צווייטען קרייץ-צוג פערשלונגען ווייניגער יודישע קרבנות, ווי דער ערשטער, ווייל די הערשענדע קרייזען זענען איצט מעהר פעראינטערעסירט געווען צו בעשיצען יודען; פאר דער שוץ האבען יודען אבער זעהר טייער געצאהלט. דער דייטשער קייזער איז פון יענער צייט אן בעטראכט געווארען, ווי א יודישער בעשיצער, און דאס האט געבראכט דערצו, אז די יודען, וועלכע האבען זיך ביז אהער גערעכענט פאר פרייע בירגער פון לאנד, זענען געווארען קאמער-קנעכט פון דער רוימיש-דייטשער אימפעריע. אין אנהויב האט דער נאמען בעטייט בלויז דאס, אז די יודען זענען אונבעריהרבאר און זיי דארפען דערפאר צאהלען א געוויסען שטייער. וואס ווייטער האט מען אבער אנגעהויבען אריינצולעגען אין דעם נאמען אלץ מעהר דריקונגען, און דער סוף איז געווען, אז די יודען זענען אוועקגעשטעלט געווארען אויף איין מדרגה מיט שקלאפען און לייב-אייגענע. אט די פערקנעכטונג האט ארויפגעלעגט א בעזונדער פינסטערן שטעמפעל אויף דער גאנצער פסיכיק פון די דייטשע יודען: זיי האבען פערלוירען יעדען שוואונג פון געדאנק, זענען נאכמעהר איינגעשלאסען געווארען אין זיך און אבגעריסען געווארען אינגאנצען פון דער ממשות'-דיגער ווירקליכקייט.

---

גלייכצייטיג מיט די שרעקליכע יודישע פערפאלגונגען אין די לענדער פון מערב אייראפא, האט זיך פאר די יודען אין צפון-אפריקא אויך אנגעהויבען א רייהע פון שווערע קלעפ און רדיפות. אבדאלא איבן טומארט, בעאיינפלוסט פון דעם מיסטישען מחמדנישען פילאזאף אלגהאזאלי, האט אויפגערודערט אלע בערבערישע שטאמען נעגען קונסט און וויסענשאפט און בכלל געגען די פרייזיניגע אלמאראווידישע הערשער. דער אויפשטאנד פון די דאזיגע רעליגיעז-זיטליכע אלמאהאדען (בעקענער פון איין איינציגען גאט, נעגען די סוניטישע בושטעבליכע פערקערפערונגען פון דער גאטהייט) האט באלד ארומגענומען גאנץ צפון-מערב אפריקא, און נאך איבן טומארט'ס טויט האט זיך זיין תלמיד אבדול-מומען אוועקגעשטעלט בראש פון דער אלמאהאדישער בעוועגונג. אונטער דער אנפיהרונג פון דעם פאנאטישען העלד, זענען די אלמאהאדען געגאנגען פון נצחון צו נצחון, און צוזאמען מיט דער הערשאפט פון די אלמאראווידען האבען

ער געזוכט צו פערניכטען אויך יעדען שפור פון אַנ'אַנדער גלויבען, אויסער דעם ריין-מחמר'נישען . אַריינקומענדיג אין דער צפ'ן-אפריקאני-שער הויפטשטאַדט מ אַ ר אָ ק אָ (1146) , האָט דער נייער הערשער צוזאַמענגערופען אַלע יודען פון דער קהלה , און זיי ערקלערט פאָלגענ-דעס: „איהר לייקענט אין דער שליחות פון דעם נביא מחמר, און גלויבט, אז דער משיח , וואָס וועט צו אייך קומען , וועט אייערע געזעצען בע-שטעטיגען און אייער גלויבען בעפעסטיגען . אייערע עלטער-זיידעס האָבען אָבער פערזיכערט , אז אָט דער משיח וועט קומען שפּעטסטענס אין האַלבען יאָהרהונדערט נאָך מחמד'ס ערשיינען . אָט דער האַלבער יאָהרהונדערט איז שוין לאַנג אַריבער און אייער משיח איז ניט געקומען — מיר קענען אייך דעריבער ניט לאָזען מעהר אין אייער אונגלויבען ; מיר דארפען אייערע שטייערן ניט ; איהר קענט זיך אויסוועהלען : אָננעהמען דעם איסלאַם אָדער שטאַרבען" .

די דאָזיגע ערקלערונג האָט אַרויסגערופען אַ שטאַרקע פערצווייפ-לונג אין די יודישע קרייזען , און נאָך פיעל בקשות און השתדלות'ען איז דער הערשער מרוצה געוואָרען , צו לאָזען אויסוואַנדערן די יודען פון לאַנד נאָך אַ בעשטימטען טערמין . דאַן האָבען מאַסען יודען אויס-געוואַנדערט אין די שכנישע מחמרנ'ישע און אפילו אויך קריסטליכע לענדער ; אַ סך זענען אָבער אויך איינגעגאַנגען אויף אַ פשרה מיט זייער געוויסען : זיי האָבען לפנים אָנגענומען דעם איסלאַם , וואָס האָט זיי צו קיין זאַך ניט פערפליכטעט , און געהיים אָבגעהיט אַלע געבאָ-טען פון דער תורה . צווישען די לעצטע האָבען זיך געפונען אַפילו בעקאַנטע רבנים און געזעצלעהרער — זיי האָבען זיך געטרייסט דערמיט, וואָס מ'צווינגט זיי ניט צו קיינע געצענדיענערישע אָדער אַזוי פער-ברעכערישע מעשים , און דאָס איינציגע , וואָס זיי האָבען צו טאָן , איז נאָכזאָגען די פאָרמולע , אַז מחמ" איז געווען אַ נביא . אָט די מחמר'נישע אנוסים האָבען אַפילו געהאַט עפענטליכע ישיבות , וואו הונדערטער תלמידים האָבען געשטודירט דעם תלמוד .

אין אַ יאָהר-צוויי אַרום איז גאַנץ דרום שפּאַניען שוין אויך געלע-גען אין די הענד פון די העלדישע אַלמאָהאַדען און אויך דאָ איז די יודען געשטעלט געוואָרען דער אולטימאַטום : איסלאַם אָדער אויסוואַנ-דערונג . דערביי האָבען זיי גלייך חרוב געמאַכט די שענע יודישע שוהלען אין אַנדאַלוזיען , וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער פראַכט און געשמאַק . דאַן זענען אונטערגעגאַנגען די בעריהמטע

ישיבות אין סעווילא און לוצענא (1148—49), און ווער ס'האט נאר געקענט, איז אנטלאפען אינ'ם קאסטילישען טאלעדא. די איבריגע האבען געטאן דאס אייגענע, וואס די יודען אין אפריקא: האבען אָנגענומען לפנים דעם איסלאם.

דער זאמעלפונקט פאר די אנטלאפענע פון דעם מחמדאנישען פאנאטיזם איז איצט, ווי געזאגט, געוועזען דאס קריסטליכע קאסטיליען. דער קלוגער און מענשענפריינדליכער קייזער אלפאנזא ריימונדעז (1126—1157) האט די יודען זעהר גוט בעהאנדעלט, און דערצו האבען דא די אנטלאפענע בעקומען א שטארקע שטיצע פון דעם נשיא ר' יהודה אבן עזרא, וועלכער האט געשפיעלט א בעדייטענדע ראליע אינ'ם קאסטילישען מלוכה-לעבען. ער האט די אנגעקומענע עמיגראנטען ארויסגעוויעזען א אמת'ע ברידערליכע גאסט-פריינדליכקייט, און אין גיכען איז די קאסטילישע טאלעדא געווארען א בעדייטענדער צענטער פאר יודישען וויסען און שאפען.

די אנגעזעהענסטע צווישען די דארטיגע אויסגעוועהלטע יודישע גייסטער פון יענער צייט זענען געוועזען ר' אברהם אבן-דאוד און ר' אברהם אבן עזרא. דער ערשטער (געב. 1110, געשט. 1180) איז געוועזען גוט בעהאווענט אין אלע וויסענשאפטליכע געביעטען פון יענער צייט און האט זיך בעזונדער אָבגעגעבען מיט געשיכטע, יודישער ווי אלגעמיינער. אבן דאוד איז געוועזען א בעגאבטער, קלארער גייסט, וואס האט זיך בעשעפטיגט מיט די העכסטע פראבלעמען פון דעם מענשליכען פערשטאנד, און בעמערקענדיג אין די יודישע קרייזען א געוויסע צוריקגעצויגענקייט פון דער פילאזאפיע, האט ער זיך בעמיהט צו דערוויינזען (אין זיין אראביש געשריבענעם ספר אמונה רמה), אז דאס יודענטום פערפליכטעט יעדען יודישען יחיד, זיך צו פערטיפען אין די פראגען פון וועלט און לעבען, וויל די פליכט פון יעדען יודען איז: נישט צו גלויבען בלינדערהייד אין די יסודות פון דער תורה, נאר זיי קריטיש און מיט'ן פולען בעוואוסטזיין צו בעגרייפען.

די פראקטישע געבאטען פון דער תורה טיילט אבן דאוד איין אין פינף קאטעגאריעס. צו די ערשטע העכערע קאטעגאריעס געהערען די געזעצען, וואס דערמאנען דעם מענשען אן גאט דעם הערשער און בעשעפער, וואס מאכען איידעלער און פיינער דעם מענשענס געפיהלען און זיין געזעלשאפטליכען בעוואוסטזיין; דאן געהען די אלע געזעצען וועגען קרבנות, וועגען כשר און טרפה און אזוי ווייטער.

אבן דאוד איז אויף אזא אופן דא ארויסגעטרעטן נעגען דעם שטאנדפונקט פון ר' יהודה הלוי, וועלכער זעהט אין די קרבנות, למשל, א וויכטיגען יסוד פון דער יודישער געזעצגעבונג (כדי צו דער-האלטען די נביאיש-געטליכע נאטור פון דעם יודישען שטאט.)

מעהר בעדייטונג פון אבן-דאוד'ס פילאזאפישע אנשויאונגען האבען זיינע שאפונגען אויף דעם געביעט פון דער יודישער געשיכטע. אין זיין „ספר הקבלה" האט אבן דאוד אזוי ווי געוואלט דערווייזען די גאנצע היסטארישע קייט פון דער יודישער מסורה, אנגעהויבען פון דעם ערשטען יודישען פיהרער און געזעצגעבער און ענדיגענדיג ביז זיין אייגענער צייט, אום אויף אזא אופן צו שיצען דאס רבני'שע יודענטום געגען די אנפאלען מצד די קאראאימער. דאס איז א היסטא-ריש-נענויע כראנאלאגישע רשימה פון אלע געזעצלעהרער און רעליגיע-זע אויטאריטעטען, וואס דאס יודענטום האט געהאט אין אלע צייטען און אלע לענדער. דערביי וולט דער היסטאריקער בעזונדער צו בע-טאנען, אז „די גייסטיגע העגעמאניע פון מזרח איז איבערגעגאנגען צום מערב, און אז די שפאנישע רבנים, אלס אויטאריטעטע ערקלע-רער פון דער תלמודישער געזעצגעבונג, זענען געזעצליכע נאכפאלגער פון די בבלי'שע גאונים" (דובנאוו).

סיעפער און פיעלזייטיגער פון ר' אברהם אבן דאוד איז געוועזען ר' אברהם בן מאיר אבן עזרא פון טאלעדא (געב. 1092). דאס איז געוועזען א אונרוהיגער, קריטיש-שארפער גייסט מיט טיעפע קענטעניסען אין אלע צווייגען פון דעם מענשליכען און יודישען וויסען; דערביי אבער אויך נישט אויסגעהאלטען און פול מיט סתירות און הפכים. ער האט זיך בעשעפטיגט מיט שפראך- און ביבעל-פארשונג, אסטראנאמיע, מאטעמאטיק און פילאזאפיע; דאס זענען אבער געווען בלויז צושפליטערטע בליצען פון גייסט, וואס האבען זיך קיינמאל נישט פעראייניגט אין איין ארגאנישער גאנצער אויפפאסונג. אבן עזרא איז געווען איינצייטיג א אונערגרינטליכער שארפער קריטיקער און א קנעכט פון טויטען בוכשטאב, א ראציאנאליסט און א מיסטיקער, א אינערליכער מאמין אין גאט און פול מיט שרעק פאר א „שלעכטען שטערן".

פון טאלעדא האט אבן עזרא אויסגעוואנדערט יונגערהייד, און אין אלגעמיין האט איהם דאס גאנצע לעבען קיין זאך נישט געגליקט. שטענדיג ארים און פערלאזען, האט ער אליין אנגעהויבען קוקען אויף

זיך, ווי אויף א פערמשפט'ען לא יוצלח, וואס קען שוין מעהר אויף קיין גוטס נישט האפען, און דאס האט איהם געמאכט פאר א פרעה־ליכען — אבער נישט גוטמוטיגען — קבצן. ער קלאגט זיך אין איין עפיגראם: „איך בעמיה מיך, רייך צו ווערן, און קען נישט — די שטערן פון מיין הימעל זענען צו מיר פיינדליך. ווען איך וואלט אנהויבען האנדלען מיט תכריכים, וואלט קיין מענש מיין גאנצען לעבען נישט געשטארבען; וואלט איך־זשע מאכען ליכט פאר א סחורה, וואלט ביז מיין טויט די זון נישט אונטערגעגאנגען. קום איך פריה צום האר, זאגט מען: ער האט שוין אוועקגעריטען; קום איך אין אבענד, זאגט מען: ער האט זיך שוין געלעגט; אלץ איינס: צי איז ער איז אוועק־געפאהרען, צי האט ער זיך געלעגט — ער ווייס, א, שוין נישט העלפען מיך, געבוירענעם אהן א (גליקס־) שטערן".

אבן עזרא האט דורכגעוואנדערט צפון אפריקא, מצרים, פאלעס־טינא און בבל; דאן האט ער זיך אומגעקעהרט קיין אייראפא און איז פערבליבען אין איטאליען, וואו יודען האבען צו יענער צייט גאנץ רוהיג געלעבט. אזוי ווי דער גייסטיגער צושטאנד פון די איטאליענישע קהלות איז געווען זעהר א געפאלענער, האט דאס אנקומען פון דעם ספרדישען חכם ארויסגערופען א שטארקע צופריעדענהייט און אויך א שטארקע אויפלעבונג אין די מעהר אינטעליגענטע קרייזען פון איטאל־יענישען יודענטום. אלט און יונג האט זיך ארומגעקליבען ארום דעם געלעהרנטען אבן עזרא, און ער האט זיי איבערראשט מיט זיינע רייכע און פיעלזייטיגע קענטענישען. עס האבען זיך זאגאר געפונען מעצענא־טען, וועלכע האבען דעם געלעהרנטען וואנדערער גאסטפריינדליך אויפגענומען און געשטיצט; ער האט אבער זיך נישט אויפגעהאלטען לאנג אין איין ארט, און איז כסדר איבערגעפאהרען פון איין שטאדט אין דער אנדערער (סאלערנא, לוצענא, מאנטוא).

אין איטאליען זייענדיג, האט אבן עזרא פערפאסט א פירוש אויף א גרויסען טייל פון די הייליגע שריפטען. דאס איז א מייסטער־ווערק, געשריבען אין א מוסטערהאפטער העברעאישער שפראך, וואס ער־קלערט דעם איינפאכען, נאטירליכען זין פון די הייליגע טעקסטען, זיך שטיצענדיג אויף דעם גראמאטישען און לאגישען צוזאמענהאנג צווישען די פסוקים נופא, ווי צווישען די געשעהענישען, וועגען וועל־כע עס רעדט זיך אין זיי. דערביי לאזט דער ערקלערער גאנץ אפט פאלען פון זיין פעדער שארפע קריטישע בעמערקונגען איבער פערש:ע־

דענע סתירות אין די פסוקים פון די הײליגע שריפטען און קומט אויף דעם סמך צו זעהר דרײַסטע בעשלוסען וועגען דער יודישער מסורה. אין קורצע פערשטעלטע רמזים ניט, למשל, אבן עזרא צו פערשטעהן, אז געוויסע פסוקים פון דער תורה זענען צוגעשריבען געווארען פון א שפעטערדיגער האנד — א השערה, וואס האט געדיענט אלס יסוד פאר אלע שפעטערדיגע ביבעל-קריטיקער.

אין דער צײַט האט אבן עזרא אנגעשריבען נאך א רײַהע אנדערע ווערק איבער אסטראנאמיע, אסטראלאגיע, מאטעמאטיק, פילאזאפיע און צוויי דרײַ ספרים איבער דער העברעאישער גראמאטיק.

פון איטאליען וואנדערט אבן עזרא אריבער אין צפון-פראנקרײַך, און פון דארטין קיין ענגלאנד. דא פאלט דער פרײַזיניגער אבן עזרא מיט אמאל ארײַן אין א טאן פון א פאנאטישען מאמין, און ער טרעט שארף ארויס געגען דעם בעריהמטען רשב״ם דערפאר, וואס יענער האט זיך ערלויבט אנצוגרײַפען די יודישע מסורה אין זײַן פירוש אויף דער תורה. אין יאהר 1160 בעגעגענט מען דעם אײַבינגען וואנדערער ווידער אין נארבאנא (דרום-פראנקרײַך), וואו ער ארבײַט ווײַטער איבער זײַן גרויסען פירוש אויף תנ״ך און איבער נאך אנדערע ווערק. דאן פערלאזט ער אויך פראנקרײַך און קעהרט זיך נאך צוריק אום קײן שפאניען; ווי ס'איז צו גלויבען, איז איהם אבער ניט געלונגען צו בעטרעטען נאכאמאל די ערד פון זײַן געבורטסלאנד, נאך וועלכער ער האט זיך פלוצלינג פערבענקט, און ער איז געשטארבען אין קאלאגאר, צווישען נאווארא און קאסטיליען (אין יאהר 1167).

אין דער צײַט האט דאס יודישע פראנקרײַך אויך געהאט א רײַהע בעדײַטענדע פערזענליכקײַטען, וועלכע האבען נאכמעהר בעפעסטיגט די בעדײַטונג פון פראנצויזישען יודענטום. ר׳ יעקב תם (רבינו תם) פון ראמעריו, וועלכער איז מיט נסים נצול געווארען פון די הענד פון די קרײַצפאהרער, איז געוועזען דער גרעסטער תלמודישער אויטאריטעט פון זײַן צײַט, און וואס ס'געהערט צו פלפול (אנאליטישער שארפקײַט) האט ער „נישט געהאט צו זיך קײן גלײַכען, זינט דער תלמוד איז אבגעשלאסען געווארען". די בעהאלטענסטע ווינקעלעך און די פערפלאנטערטסטע וועגען פון דעם גרויסען תלמודישען לאבירינט זענען געשטאנען פאר איהם אפען, און ער האט דעם גאנצען געביעט בעהערשט מיט א אוננעוועהנליכער קלארקײַט. זײַענדיג זעהר רײַך, האט ר׳ תם נישט פערנומען קײן אפיציעלע רבנות; שוין דאן אבער האט זײַן נאמען זיך

פונאַנדערגעטראָגען איבער אַלע קהלות פון שפּאַניען און איטאַליען און פון אומעטום האָט מען זיך געווענדעט צו איהם, ווי צום העכסטען שופט. די תשובות אויף אַלע שאלות זענען דערנאָך צונויפגעזאַמעלט געוואָרען אין׳ם ספר הישר, און אויסער דעם האָט ר׳ תם געלאָזען נאָך זיך אַ גרויסע ליטעראַרישע ירושה אין דער קאָלעקטיווער זאַמלונג פון די בעלי התוספות, צווישען וועלכע ער פערנעהמט כמעט דעם אָנגעזעהענסטען אָרט.

ר׳ יעקב תם איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט געשאַפען אַ מין צענטראַל־אָרגאַן פאַר דער יודישער געזעצגעבונג, ווי בכלל פאַר די אינווענינגסטע אָנגעלעגענהייטען פון דעם יודישען לעבען. ער האָט געלאָזען צונויפרופען אַ קאָנגרעס פון רבנים, עהנליך צו די קירכען־קאָנגרעסען, וואָס האָט זיך בעראַטען וועגען אַלע ענינים פון כלל און אָנגענומען פעסטע בעשלוסען. דער ערשטער פון די דאָזיגע רבני׳שע צוזאַמענפאָהרען איז פאָרגעקומען אין יאָהר 1160, אונטער דער אָנפיהרונג פון ר׳ תם גופא. אויף דעם צוזאַמענפאָהר איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז אַלע סכסוכים און טענות צווישען איין יודען און דעם אַנדערן מוזען אויסגעגלייכט ווערן נאָר אין אַ יודישען געריכט, און יענע יודען, וואָס ווענדען זיך מיט זייערע אָנקלאַגען אין די אַלגעמיינע געריכטען פון לאַנד, ווערן בעשטראָפט מיט אַ חרם, ד. ה. זיי ווערן אויסגעשלאָסען פון דער יודישער קהלה. די זעלביגע שטראָף איז בעשטימט געוואָרען אויך פאַר די יודען, וואָס קויפען און פערקויפען אַלערליי קירכליכע מכשירים, ווייל דאָס רייצט אויף דעם קריסטליכען המון געגען יודען. אויף די ווייטערדיגע צוזאַמענפאָהרען זענען אָנגענומען געוואָרען אַ גאַנצע רייהע בעשלוסען מיט דעם צוועק, צו בעפעסטיגען די נאָרמען פון דעם יודישען לעבען אין דער פאַמיליע און אין דער קהלה. ר׳ גרשום׳ס תקנה געגען פיעלווייבעריי איז בעשטעטיגט געוואָרען אויף אייביג פאַר דער גאַנצער אומה; די געזעצע וועגען דער ריכטליכער לאַגע פון דער פרוי און וועגען גט׳ען זיך זענען גענוי בעשטימט געוואָרען; דערביי האָט איינער פון די צוזאַמענפאָהרער שאַרף פערבאָטען: האַנדלען מיט פאַלשע געלד, מסר׳ן און שפּיעלען אין קאָרטען.

אין דריי צוזאַמענפאָהרען האָט זיך ר׳ תם אַליין נאָך בעטהייליגט, און דער גרעסטער טהייל פון זיינע יאָהרען נאָך דעם אונגליקליכען קרייץ־צוג איז איהם אין אַלגעמיין אריבער במנוחה; גאָר עטליכע

חרשים פאר זיין טויט איז איהם בעשערט געווען צו זיין אנ'עדות פון א בלוטיגער יודישער שחיטה.

דאס איז פארגעקומען אינ'ם שטעדטיל בלוא, אויפן ברעג פון טייך לואר, וואו ס'האבען געוואוינט ביז פערציג יודישע משפחות. איינמאל איז א יור געגאנגען פארנאכט אויסבאדען זיין פערד, און צוזאמען מיט איהם איז געגאנגען אנטרינקען זיין פערד אויך א קריסטליכער קנעכט, וואס האט געדינט ביים הויפטאויפזעהער פון שטעדטיל; דערווייל האט זיך דאס פערד פון דעם קריסטליכען קנעכט דערשראקען פאר איטיצען און זיך שטארק צעווילדעוועט; דאס האט דעם קנעכט אויפגערייצט און ער איז געקומען צו זיין בעל הבית מיט א שרעקליכער אנקלאגע געגען דעם יודען: ער האט געזעהען, ווי דער יודישער רייטער האט אריינגעווארפען אין וואסער א געשחט'טען קריסטליך קינד. דער הויפטמאן האט די אנקלאגע גלייך איבערגעגעבען דעם הערשער פון שטעדטיל, גראף טהעאבאלד מיט דער ערקלערונג, אז דאס קינד איז געווים געשחט'ען געווארען, פון יודען צוליעב דעם יום טוב פסח. דער גראף האט דאן געלאזען אריינזעצען אין געפענגעניש אלע יודען פון שטעדטיל, אויסער דער איינציגער פרוי פולצעלינא, צו וועלכער ער איז געווען בעזונדער גוט געשטימט. אט די קלוגע פרוי האט זיך גענומען משתדל זיין ביי איהר געליעבטען גראף פאר די אונשולדיגע יודען, און ער איז שוין גרייט געווען זיי צו בעפרייען פאר א בעשטימטער סומע געלד; דא האט זיך אבער אריינגעמישט אין דעם ענין דער ארטיגער גייסטליכער און נישט דערלאזען דעם גראף, ער זאל זיך בעציהען צו דער אנקלאגע מיט אזא לייכטקייט. ווי אזוי-זשע האט דאך געזאלט דערוויזען ווערן די יודישע שולד אין אזא הארבען פערברעך? דערצו האט דער גלח פארגעלעגט דעם מיטעל, וואס האט זיך געוועהנליך פראקטיצירט אין מיטעלאלטער ביי אזעלכע פאלען: די וואסער-פראבע. דער קנעכט-בעשולדיגער איז אריינגעזעצט געווארען אין א שיפעל, וואס מ'האט פריהער אנגעפילט מיט הייליגען וואסער; אט דאס שיפעל האט מען געלאזען איבערן טייך, און ווען עס איז נישט אונטערגעגאנגען, האט עס געדיענט פאר א זיכערן בעוויז, אז די בעשולדיגונג איז אמת. דער גראף האט גלייך נאך דעם „פאקטישען בעוויז" ארויסגעגעבען א בעפעהל צו פערברענען לעבעדיגערהייד אלע יודען פון שטעדטיל. פון רעסט-ווענען האט דער גלח זיי צוגעזאגט א פאלשטענדיגע בעגנעדיגונג, אויב

זיי וועלן איבערגעהן צום ריינעם גלויבען; די אונגליקליכע האבען אבער דעם פארשלאג מיט פעראכטונג אבגעווארפען. געהענדיג צום שרעקליכען שייטער־הויפען, האבען די העלדישע מערטירער נישט געקלערט און נישט געצווייפעלט, און זינגענדיג דעם פייערליכען הימן „עלינו לשבח לאדון הכל“ זענען זיי אריינגעשפרונגען אין די פלאטערנדע פייער־צונגען (20 סיון 1171). בסך הכל זענען עס געווען פיער און דרייסיג מענער און זיבעצעהן פרויען — צווישען די לעצטע אויך פולצעלינא.

אט די בלוטיגע טראגעדיע האט אויפגעטרייסעלט דאס גאנצע פראנצויזישע יודענטום, און ר' יעקב תם האט בעשטימט דעם בלוטיגען טאג אין בלוא אלס טאג פון פאסטען און טרויער פאר אלע יודישע קהלות. מיט דעם תענית איז אויף אזא אופן פעראייביגט געווארען אויך דער ערשטער אויסברוך פון דער רשעות'דיג־עקעלהאפטער „עלילת דם“ (בלוט־בלבול, די בעשולדיגונג, אז יודען טרינקען פסח דאס בלוט פון קריסטליכע קינדער), וואס האט פון דעמאלט אן שוין טויזענדער יודישע קרבנות איינגעשלונגען, און ווערט נאך ביז היינטיגען טאג אויסגענוצט פון אלערליי בארבארען אלס מיטעל, אנצורייצען דעם פינסטערן המון געגען יודען.

צו דעם תענית האבען צוויי יודישע פייטנים פערפאסט בעזונדערע הארצרייסענדע פיוטים, אין וועלכע עס ווערן בעקלאגט די הייליגע קרבנות פון גאט און זיין תורה. פיוטים צו פערשידענע תפילות זענען, איבריגענס, פערפאסט געווארען אויך פון ר' תם אליין, און ווען דער בעריהמטער ר' אברהם אבן עזרא איז געקומען קיין פראנקרייך, האט איהם ר' תם געשיקט א שענע בעגריסונג אין געריימטע פערזען. דאס האט דעם שפאנישען דיכטער נישט ווייניג פערוואונדערט, און ער האט געענטפערט דעם פראנצויזישען גאון מיט א עפיגראם: „ווער האט עס דעם פראנצויז אריינגעבראכט אין הויז פון דער פאעזיע? ווי קומט א פרעמדער צו בעטרעטען א הייליגען ארט? און וואלט אפילו יעקב'ס שיר ווי מן זיס זיין — איך בין די זון, אין מיינע שטראהלען וועט דער מן צוגעהן“. אויף דעם שטאלצען זעלבסטבעוואוסטזיין האט ר' תם געענטפערט מיט גרויס עהרפורכט און שטארקע קאמפלימענטען („איך בין אברהם'ס א געקויפטער קנעכט, און בויג זיך און קניע פאר איהם“), וואס האבען דעם דיכטער טיעף

געריהרט. דער לעצטער האט דאן אויסגעשריען מיט דער געוועהנליכער איבערטריבענער פייערליכקייט פון יענער צייט: „צי פאסט עס פאר'ן גרעסטען פון גאט'ס פאלק און זיין פיהרער, זיך צו ערניעדריגען אין א בריעף צי א פערלאכטעטען פון פאלק? זאל דעם מלאך פון גאט פערמיטען זיין, צו קניען און זיך צו בוקען פאר בלעם'ען!"

---

# זיבעטעם קאַפּיטעל.

## די יודישע לאַגע אין דער עפּאָכע פון רמב״ם.

---

אויב די ערשטע העלפט פון צוועלפטען יאָהרהונדערט האָט פערייניגט דעם קרייץ מיט דער האַלבער לבנה אין׳ם קאַמפף מיט די „אונגלויביגע“ יודען, האָבען די לעצטע מיט דער צווייטער העלפט פון דעם יאָהרהונדערט זיך נאָך מעהר דערנעהנטערט צו דער שרעקליכער צייט פון פיין, עלענדקייט און אונמענשליכער אכזריות. דאָס דרייצעהנטע יאָהרהונדערט עפענט פאַר יודען אַ תהום פון אונענדליכער פינסטערניש, אין וועלכען עס דרינגט קיין איין ליכטיגער שטראַהל נישט אריין. יודען ווערן פרעמד, פעראַכטעט און דערשלאָגען אויפ׳ן גאַנצען ערד-קוגעל, און מוזען יאָהר־יעהרליך ברענגען צעהנדליגער און הונדערטער קרבנות אויף דעם מזבח פון דער אַרומיגער ביזוויליגקייט, פון דער אַרומיגער פעראַכטונג צו די היימלאָזע אָבגעזונדערטע עקשנים, פון דעם אַרומיגען רעליגיעזען פאַנאַטיזם. דערווייל, אין די לעצטע צעהנדליגער פון צוועלפטען יאָהרהונדערט, זענען אָבער נאָך געווען נישט ווייניג ליכטיגע פונקטען אין דעם יודישען גלות-לעבען.

אין אַ גוטער לאַגע האָבען זיך געפונען די יודען אין צפון-שפּאַניען; דאָ האָבען יודען געוואוינט אין די פינף קריסטליכע קעניגרייכען: קאַסטיליען, לעאָן, אַראַגאָניען, פּאָרטוגאַל און נאַוואַרא. אין דרום-שפּאַניען דאַגעגען, אינ׳ם מחמד׳נישען אַנדאַלוזיען, האָבען זיך קיין עפענטליכע יודען נישט געטאָרט געפינען צוליעב דעם פאַנאַטיזם פון די אַלמאָהאַדען. די פריהערדיגע בעריהמטע צענטערן פון יודישען שאַפען און דענקען: קאָרדאָווא, סעווילא, גראַנאַדא, לוצענא — זענען געשטאַנען

וויסט , און זייער פּלאַץ האָט פערנומען טאָלעדאָ , די הויפּטשטאָדט פון קאַסטיליען און פון צפון שפּאַניען בכלל . די יודישע קהלה אין טאָלעדאָ האָט געצעהלט אין יענער צייט ביז צוועלף טויזענד מיטגליעדער , און צווישען די פּרעכטיגע בנינים פון שטאָדט האָבען זיך בעזונדער אויסגעצייכענט די יודישע שולען , „וואָס האָבען צו זייער שענהייט , ווי ס'דריקט זיך אויס א דעמאָלדיגער כראָניקער , קיין גלייכען נישט געהאַט״ . יודען האָבען זיך דאָ פערנומען מיט אַלערליי געשעפטען און זענען געווען זעהר רייך : האָבען געהאַט פּרעכטיגע פּאַלאַצען און אפילו אויך אייגענע , יודישע ריטער , וואָס האָבען קאָנקורירט מיט די קריסטליכע אַריסטאָקראַטען . עטליכע יודען האָבען פערנומען אָנגעזעהענע מלוכה־פּאָסטענס ; אזעלכע זענען געווען ר' יוסף בן שלמה אבן שושן , וועלכער איז געווען זעהר בעליעבט אין הויף פון אַלפאָנזאָ VIII און געטראָגען דעם טיטול נשיא , און אברהם אבן־אלפאכאר , א בעגאַבטע , גייסטרייכע קינסטלער־נאַטור , וואָס האָט איבערגעלאָזען נאָך זיך בעדייטענדע שפּורען אין דער אראַבישער ליטעראַטור .

געלעבט האָט נאָך דעמאָלט אויך דער אַלטער היסטאָריקער און רעליגיאָנס־פילאָזאָף ר' אברהם אבן דאוד ; ער איז ערשט אין יאָהר 1180 געפאַלען אַלס קרבן פון א געוויסען פּאָלקס־אויפשטאַנד . בעת דעם זעלבינען אויפשטאַנד זאָל האָבען אומגעקומען אויך די שענע יודישע געליעבטע פון קעניג , רחל־פאָרמאָזאַ , וועלכע האָט גאַנצע זיבען יאָהר בעהערשט דעם קעניגס הארץ , נישט קוקענדיג אויף דעם , וואָס ער איז געווען אָפיציעל פערהייראַט מיט א ענגלישער פּרינצעסין .

אַלס גלייכבערעכטיגטע בירגער , האָבען זיך די קאַסטילישע יודען ענג צוזאַמענגעלעבט מיט דער איינגעבוירענער בעפעלקערונג , און אין דעם קריעג פון קעניג אַלפאָנזאָ מיט די אַנדאַלוזישע אַלמאָהאַדען האָבען די יודען א שטאַרקען אַנטהייל גענומען . זיי האָבען אוועקגעשענקט זייערע גיטער פאַר די הוצאות פון דער מלחמה , און בעת דער שלאַכט ביי אַלאַרקאָס (19 יולי 1195) האָבען זיי נישט ווייניג מיטגעהאָלפען , אַרויסצושטופּען פון לאַנד די מעכטיגע מורישע מחנות .

נישט ערגער האָט זיך יודען געלעבט אין אַראַגאָניען , צו וועלכער עס האָט אָנגעהערט אויך קאַטאַלאָניען . דאָ האָט געהערשט דער

פרייזיניגער און קונסט־ליעבענדער אלפאנזא II (1196 — 1162), און אלס אזעלכער האט ער שוין נישט געקענט זיין פיינדליך געשטימט צו די געבילדעטע און בעגאבטע יודען. זיין יועץ און הויף־דיפלאמאט איז געוועזען דער געלעהרנטער יודישער דיכטער ר׳ ששת בינבי־נישתי, וועלכער איז אויך געשטאנען בראש פון דער יודישער קהלה אין דער אראגאנישער הויפטשטאדט בארצעלאנא, און ר׳ שמואל אבן־חסדאי הלוי, (1217 — 1165), „דער קוואל פון קלוגהייט און ים פון געדאנקען״.

אין טארעלא, א קליינע שטאדט אויף דער גרענעץ צווישען אראגאניען און נאווארא, האט זיך אויפגעהאלטען א בעדייטענדע, גלייכבערעכטיגטע יודישע קהלה. דאס איז די געבורטס־שטאדט פון דעם בעריהמטען רייזענדען בנימין בן יונה (בנימין פון טארעלא), וועמען די יודישע און אויך די אלגעמיינע פעלקער־געשיכטע האט א סך צו פערדאנקען פאר זיינע אינטערעסאנטע און אמת׳ע ידיעות. ער האט דורכגעוואנדערט (1173 — 1165) א גרויסען טייל פון דרום־אייראפא און אויך א טייל פון אזיען און אפריקא, האט בעאבאכטעט אין יעדען לאנד און אין יעדער שטאדט די אייגענטימליכקייטען און זיטען פון דער בעפעלקערונג, און בעשריעבען די אינטערעסאנטע בעאבאכטונגען אין א בעזונדער ספר אונטערן נאמען „מסעות בנימין״ (בנימין׳ס רייזען). — א גרעסערע צאהל בעריהמטע פער־זענליכקייטען האט ארויסגעגעבען די קליינע קהלה אינ׳ם קאטאלאנישען שטעדטיל גערונא, וואו ס׳האט זיך אויסגעצייכענט די פאמיליע גערונדי. דא איז געבוירען געווארען ר׳ זרחיה הלוי (גערונדי), וועלכער האט געמאכט א שטארקען רושם אין די יודישע אקאדעמישע קרייזען מיט זיין שארף־קריטישער בעציהונג צו די זיילען פון דער תלמודישער געזעצלעהרע.

אין די פראווינצען אויף יענער זייט פירענעען, לאנגעדאק און פראוואנס, האבען יודען אויך זעהר גליקליך איבערגעלעבט דעם סוף פון צוועלפטען יאהרהונדערט. די הערשאפט איבער די דאזיגע דרום־פראנצויזישע פראווינצען איז געוועזען צוטיילט צווישען צעהנדליגער קלע־נערע און גרעסערע מושלים, וועלכע האבען יודען אנפערטרויט אלער־ליי פעראנטווארטליכע פאסטענס און בכלל זיך בעצויגען צו זיי מיט אכטונג און סימפאטיע. דא האט זיך דעריבער די יודען מאטעריעל אויך גוט געלעבט: זיי האבען געהאט אייגענע גיטער און נחלאות

און געפיהרט אונגעשטערט א גרויסען וואסער-האנדעל מיט שפאניען, איטאליען, ענגלאנד, עגיפטען און די ווייטערע מזרח-לענדער.

די בעדייטענדסטע קהלה אין דרום-פראנקרייך איז געווען נארבאנא. אט די קהלה האט זיך געפונען אונטער דער אנפיהרערשאפט פון ר' קלונימוס בן ר' טודרוס, א אוראייניקעל פון דעם לעגענדארישען ר' מכיר, וועלכען קארל דער גרויסער נאך זאל האבען געבראכט פון איטאליען קיין פראנקרייך און איבערגעגעבען די נשיאות איבער די פראנצויזישע יודען. אין נארבאנא האט זיך פאר יענער צייט איינגע-האלטען די בעריהמטע משפחה קמחי, וואס האט בעדייטענדעם אויפ-געטאן נישט בלויז פאר די פראוואנס-יודען אליין. דער שטאמפאטער פון דער משפחה, ר' יוסף בן יצחק קמחי (1170), האט איבער-זעצט פון אראביש אין העברעאיש דעם בעריהמטען „חובת הלבבות" פון ר' בחיי הספרדי, געשאפען א פירוש אויף תנ"ך און פערפאסט א סך פיוטים. איהם ווערט אויך צוגעשריבען א פאלעמיש ווערק געגען קריסטענטום, געשאפען אין דער פארם פון א דיאלאג צווישען א „גלויביגען" (יודען) און זיינעם א געגנער. דער גלויביגער ערקלערט, אז דער איינציגער מאסשטאב פאר יעדען גלויבען איז די זיטליכקייט פון זיינע אנהענגער, און אט זעהט מען טאקי, אז צווישען יודען זענען נישט בנמצא קיין רוצחים און גזלנים, די יודישע קינדער ווערן ערצויגען אין פרומקייט און ערליכקייט, די יודישע מעדלעך זיצען ציכטיג און צניעות'דיג ביי די עלטערן אין דערהיים, יודען שטיצען זיך איינער דעם אנדערן, שפייזען דעם הונגעריגען, לייזען אויס דעם געפאנגענעם און צייכנען זיך בכלל אויס מיט אלערליי מעשים טובים, וועהרענד די קריסטען גיבען ארויס פון זיך שרעקליכע פערברעכער און צייכנען זיך נישט אויס מיט קיינע בעזונדערע מענשליכע מדות. דערביי איז כאראקטעריסטיש דער פאקט, וואס דער קריסט לייקענט אט די טענה נישט אב, און דאס איינציגע, וואס ער האט אויפצעווארפען דעם יודישען מאמין, איז דאס, וואס יודען נעהמען פראצענט. אויף דעם ענטפערט איהם דער מאמין, אז קריסטליכע וואלערניקעס זענען אויך פערהאן נישט וועניג, וועלכע בערויבען זייערע אייגענע ברידער; די יודישע פראצענטניקעס אבער דריקען וועניגסטענס נישט די יודישע ארימע לייט.

די טעטיגקייט פון ר' יוסף קמחי האט פארטגעזעצט זיין יונגערער זוהן דוד קמחי (1160—1235). ער איז געווען דער לעהרער

פון העברעאיש אי פאר די יודען, אי פאר די קריסטען פון איראפא, א דאנק זיין העברעאישער גראמאטיק (מכלול) און זיינע פירושים אויף עטליכע ספרים פון תנ"ך; דאס זענען אבער געווען נישט קיין אריגינעלע זעלבסטשטענדיגע שאפונגען. דער אזוי גערופענער רד"ק (ר' דוד קמחי) האט אלץ געפונען פארטיג פאר זיך אין די ווערק פון די גרויסע ספרד'ישע שפראך־ און ביבעל־פארשער אבן־גנאח און אבן עזרא, און זיין איינציג פערדינסט בעשטעהט נאר אין דעם, וואס ער האט די יודען פון פראנקרייך און דייטשלאנד בעקאנט מיט די פילאלאגישע און עקזעגעטישע פארשונגען פון די דאזיגע גדולים.

אין נארבאנא האט זיך א געוויסע צייט אויפגעהאלטען אויך דער דיכטער ר' יהודה בן שלמה אלחריזי (1165—1225) פון מאלערא, וועלכער דערמאנט שטארק דעם דיכטער שלמה אבן צאקבל. ער האט געשריבען העברעאישע מאקאמען, וואס צייכנען זיך אויס מיט דער פליסיגקייט און לייכטקייט פון זייער שפראך, אבער נישט מעהר. זיינע שירים זענען געווען מעהר טעכנישע קונסט־ווערק: אין זיי פעהלט די לירישע ווייכקייט, דאס לעבעדיגע געפיהל און דער ריטמישער קלאנג פון הלוי'ס, אבן־גבירול'ס און אפילו אבן־עזרא'ס דיכטונגען.

נישט ערגער, ווי אין נארבאנא האט זיך אין יענער צייט געלעבט די יודען אין בעזיער. דא זענען די בעציהונגען צווישען דער יודישער און קריסטליכער בעפעלקערונג געווען גאנץ ערטרעגליך א דאנק דעם צופאל, וואס א סך ארטיגע קריסטען האבען אנגעהערט צו די אלבינעזער, די כופרים אין דער הייליגקייט פון פויפסט. די יודען האבען אבער דא געהאט צו ליידען יעדען יאהר אין די פסחא-טעג פון דעם אלטען מנהג, וואס די גלחים האבען איינגעפיהרט, אויפצו־רייצען די פינסטערע מאסען צו א פאגראם געגען יודען. די פארשטעהער פון דער קהלה האבען זיך דעריבער כסדר משתדל געווען פאר'ן ארטיגען מושל, ער זאל אבשאפען דעם שענדליכען מנהג, און ענדליך האט זיך זיי דאס איינגעגעבען צו פועל'ן פון דעם וויצע־גראף ראגער. דער לעצטער האט געשלאסען מיט דער קהלה א פארמעלען אבמאך, לויט וועלכען יעדער גייסטליכער, וואס וועט פאר פסחא אויפהעצען דעם המון געגען יודען, וועט אריינגעלעגט ווערן אין חרם, און דאגע־גען האט זיך די קהלה פערפליכטעט איינצוצאהלען יעדעס יאהר אין די טעג — פיער פונט זילבער.

א בעדייטענדע יודישע קהלה האט זיך געפונען אין דער בליהענ־דער האנדעלסשטאדט מאנפעליע , די הויפטשטאדט פון דרום־פראנק־רייך ; זי איז אבער אין קולטורעלער הינזיכט פיעל ניעדריגער געשטאנען פון דער קהלה אין דעם דערבייאיגען ליונעל . דא האט זיך געפונען א ישיבה , וואס האט קאנקורירט מיט נארבאנא , און צוגעצויגען מאסען תלמידים פון דער פרעמד , פערזארגענדיג זיי מיט אלעם נויטיגען . בראש פון דער קהלה און אויך פון דער ישיבה איז געשטאנען ר' משולם בן יעקב (געשט. 1170) , א אנערקענטער תלמודישער געלעהרנטער און דערצו א נ'עושר . דא איז אויך אויסגעוואקסען די משפחה אבן־תבון , וואס האט פעראייביגט איהר נאמען אין דער געשיכטע פון דער העברעאישער ליטעראטור . דער ערשטער , ר' יהודה בן שאול אבן תבון (1120—1190), וואס האט פון גראנאדא אהער איינגעוואנדערט איבער די רדיפות פון די אלמאהאדען, איז געווען א בעריהמטער ארצט מיט א רייכער מעדיצינישער פראקטיק ; דערביי האט ער גרינדליך בעזעסען די אראבישע און העברעאישע שפראכען . דאס האט בעוואוינגען דעם רייכען ר' משולם , אבן תבון'ס א גוטער פריינד, צו א פרוכטבארען שריט : ער האט אויפגעפאדערט ר' יהודה'ן איבערצוזעצען אין העברעאיש די ווערק פון די גרויסע ספרדישע חכמים . און אבן תבון האט מיט פערגניגען דעם פארשלאג אנגענומען : ער האט איבערזעצט כסדר די ווערק פון ר' סעדיה גאון („האמונות והדעות“) , ר' שלמה אבן גבירול („תקון מדות הנפש“ ; איבער פראגען פון מאראל און פילאזאפיע) , ר' בחיי בן פקודי (חובת הלבבות) , ר' יהוה הלוי (ספר הכוזרי) , ר' יונה אבן גנאח און נאך אנדערע אנערקענטע יודישע דענקער . דאס איז א אוצר פון יודישע גייסטיגע שאפונגען , וואס וואלטען געוויס פערלוירען געגאנגען אהן די העברעאישע איבערזעצונגען . די לעצטע זענען , איבריגענס , נישט זעהר בעפריעדיגענד , א דאנק דעם איבערזעצער'ס פעדאנטיזם : זיי זענען ווערטליך און בינדען זיך שקלאפיש צום אראבישען אריגינאל ; דערביי האבען זיי אבער אריינגעבראכט א מאסע נייע העברעאישע אבסטראקטע בעגריפען , וועלכע זענען פערבליבען אין דער שפראך און א סך מיטגעווירקט צו איהר ענטוויקלונג .

פיעלזייטיגער און געבילדעטער פון ר' יהודה אבן תבון איז געווען זיין זוהן שמואל (1150 — 1230) . ער איז געווען טיעף

געבילדעט אין מעדיצין, תלמוד, אראבישע ליטעראַטור און נאָך אנדע־רע ווייסענשאַפטליכע געביעטען, און האָט דערצו אויך פיעל געריי‍זט אין פערשיעדענע לענדער. זיך בעזעצענדיג ענדליך אין מארסעל, האָט דער געבילדעטער שמואל אבן תבון געשריעבען עטליכע אייגענע ווערק איבער ביבעל־פאָרשונג און פילאָזאָפיע. דערנאָך האָט ער זיך שטאַרק צוגעבונדען צום רמב״ם'ס ווערק, און די בעריהמטענדע פון זיי איבערזעצט.

אין פאָסקיער, נישט ווייט פון ליונעל, האָט זיך געפונען א יודי־שע קהלה פון פיערציג מיטגליעדער. דאָ האָט געלעבט און געווירקט דער בעריהמטער תלמודישער געלעהרטער ר' אברהם בן דוד (בעקאַנט אונטערן נאָמען ראב״ד; געב. 1125, געשט. 1197). ער האָט געגרינדעט א גרויסע ישיבה, וואָס האָט צוגעצויגען מאַסען תלמידים, און זייענדיג אליין זעהר רייך, האָט ער די אלע תלמידים אויסגעהאלטען כמעט אויף זיין אייגענעם חשבון. אלס תלמודיסט האָט ער אויך, ווי ר' זרחיה הלוי, זיך בעזונדער אויסגעצייכענט מיט זיין קריטישער חריפות און מיט זיינע דרייסטע ארויסטרעטונגען געגען די בעריהמטעסטע תלמודישע אויטאָריטעטען. ר' אברהם בן דוד האָט זיך בעשעפטיגט אויך מיט קבלה און געשאפען אויף דעם געביעט עטליכע ספרים.

פאר די יודען פון צפון־פראנקרייך האָבען די לעצטע צוויי צעהנדליגער פון צוועלפטען יאָהרהונדערט געבילדעט די גרענעץ־וואַנט צווישען גליק און אונגליק. געשיצט פון קעניג לודוויג VII האָבען יודען דאָ גאַנץ רוהיג געלעבט: דער קעניג האָט זיך נישט גערעכענט מיט די רשעות'דיגע קאנאָנישע פערפאָלגונגען און געגעבען יודען אלער־ליי זכיות און הנחות. אָט די לאגע האָט זיך געענדערט אין די צייטען פון קעניגס נאָכפאָלגער, פיליפ אויגוסט, וועלכער האָט אין אנהויב אויך זיך געפרובט איינשטעלן פאר יודען און איז אפילו דער־פאר ארייננגעלעגט געוואָרען אין חרם. דער דאָזיגער פערארימטער הערשער האָט זיך שטאַרק גענויטיגט אין געלד, אום צו קענען פיה־רען זיינע מלחמות, און ער האָט געוואָרפען אַנ'אויג אויף די יודישע קאפיטאַלען. צו דעם צוועק האָט ער אייגמאָל אין א שבת (16 יאנואר 1180) געלאָזען ארעסטירען (כמעט אָהן א שום בעשולדיגונג) אלע יודען, וואָס האָבען זיך געפונען אין שוהל ביים דאַוונען, און אויף אַזא אופן ארויסגעריסען פון זיי פופצעהן הונדערט זילבער־מארקען אויסלייז

געלד; דאָס איז אָבער געווען נאר אַ פּאָרשפּיעל. נאָך אין דעם זעלבי-
גען יאָהר האָט דער קעניג ערקלערט פאר נישט גילטיג אלע חובות,
וואָס יודען האָבען געמאָהנט בייַ קריסטען, און אַ פינפטעל פון די
זעלביגע חובות האָט געמוזט אַרייַנקומען אינ'ם אוצר המלוכה. און בייַ
דער רציחה האָבען זיך די פרומע יועצים פון קעניג נאָך נישט אָבגע-
שטעלט: מיט איין יאָהר שפּעטער איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אַ בע-
פעהל, אַז אלע יודען טוזען אויסוואַנדערן פון קעניג'ס לאַנד; דערבייַ
טעגען זיי מיטנעהמען מיט זיך נאָר זייערע בעוועגליכע גיטער, און
אלע זייערע הייַזער, פעלדער, ווייַנגערטנער, וויין-קעלטער'ס און אַזוי
ווייַטער — געהען איבער אין רשות פון קעניג. די פערלאָזענע שוהלען
זענען דאַן פערוואַנדעלט געוואָרען אין קירכען, און די אונגליקליכע
יודען פון פאַריז מיט איהר אומגעגענד, וואָס האָבען דאָ געלעבט זייַט
הונדערטער יאָהרען, האָבען געמוזט נעהמען דעם וואַנדער-שטעקען אין
האַנד. צום גליק איז דער שטח פון קעניג'ס מלוכה נישט גרויס גע-
ווען, און די אויסוואַנדערער זענען אונגעשטערט אויפגענומען געוואָרען
פון די יודישע קהלות אין די איבריגע פראַנצויזישע פּראָווינצען.

מיט עטליכע יאָהר שפּעטער האָט דער זעלביגער פיליפּ-אויגוסט
אַייַנגעטונקט זייַנע הענד אין יודיש בלוט: ער האָט איבער אַ נישט
וויכטיגען צופאַל געשטעלט די יודען פון שטעדטיל בּרייַ דעם בע-
קאַנטען אכזריות'דיגען אולטומאַטום: שמד אָדער טויט; די אונגליקלי-
כע האָבען זיך אָבער אפילו נישט פערקלערט איבער דעם פאָרשלאַג
און איבער הונדערט פון זיי זענען פערברענט געוואָרען לעבעדיגערהייד
מיט „שמע ישראל!“ אויף די ליפּען.

אונטער דער צייַט האָבען זיך אָנגעהויבען הכנות צו אַ נייַעם,
דריטען, קרייַץ-צוג. דער העלדישער סאַלאַדין האָט נישט געוואָלט
אַרויסלאָזען פון זייַנע הענד די הייליגע שטאָדט: אפילו דער בעריהם-
טער ריכאַרד לייבענהאַרץ פון ענגלאַנד האָט זיך געמוזט אונטערגעבען
דעם טערקישען זיגער און שליסען מיט איהם אַ שענדליכען שלום.
דאָס האָט אַרויסגערופען אַ נייַעם פלאַם פון רעליגיעזער בעגייַסטערונג,
און באַלד האָבען געווישע שלוחים פון פּויפּסט (אינאָצענץ III) ווידער
גערדרשה'נט ווענען די „אונגלויביגע“ יודען און אויפגערייַצט געגען זיי
די צופלאַמטע קריסטליכע מאַסען. די דאָזיגע התלהבות האָט אַרומגע-
כאַפּט אויך די הערשענדע באַראָנען און גראַפען פון די פראַנצויזישע

פּראָווינצען, און זיי האָבען אַרויסגעטריבען די יודען פון זייערע געביעטען, אַרויספּרעסענדיג פון זיי פריהער דאָס לעצטע, וואָס זיי האָבען פערמאָגט. דאַן איז פאָרגעקומען אַ מערקווירדיגע ערשיינונג: פיליפּ-אויגוסט, דער געוועזענער שונא ישראל, האָט איצט פריינדליך אויפגענומען ביי זיך אין לאַנד אַלע אויסגעוויזענע פון די אַנדערע פּראָווינצען, זאָגאַר אויך יענע, וואָס ער אַליין האָט זיי געהאַט פערטריבען (יולי 1198). און דאָ איז ווידער געשעהען דאָס איינענע, וואָס אין דייטשלאַנד: דער בעשיצער איז אין דער זעלביגער צייט געוואָרען אויך האַר און אייגענטימער פון די אונגליקליכע יודען זענען פון דער צייט אָן געוואָרען, ווי אַ מין בעזונדערע קאַסטע פון לייב-אייגענע; זיי האָבען קיין רעכט נישט געהאַט, זיך פריי צו בעוועגען פון איין אָרט אין אַנדערן, זייער פערמעגען האָט געהערט צום קעניג אָדער צום אָרטיגען באַראָן, און אין דעם אינווענטאַר פון יעדער נחלה זענען אַריינגעגאַנגען „אַלע גוּטינע זאַכען און יודען“.

אין ענגלאַנד און אין די פראַנצויזישע פּראָווינצען, וואָס האָבען אָנגעהערט צו ענגלאַנד, האָבען יודען געלעבט אין מנוחה און רחבות. זיי האָבען געוואוינט אין די גרויסע שטעדט, און אין לאָנדאָן האָבען זיי אַפילו געהאַט איינענע פּרעכטיגע פּאַלאַצען. דאָ האָבען קיין גרויסע אָפּקלאַנגען נישט געפונען די אויפרופען צום ערשטען און צווייטען קרייץ-צוג, און ממילא זענען די יודען אויך פריי געווען פון שמד-רדיפות, פערקעהרט נאָך: ביי אַ סך ענגלענדער האָט זיך דעמאָלט אַרויסגעוויזען אַ שטאַרקע נייגונג צום יודענטום, און ווי די כראָניקער פון יענער צייט גיבען איבער, זאָל דאָ האָבען זיך געפונען זאָגאַר אַ גאַנצע קהלה פון לויטער גרים. — זייערע גייסטיגע גדולים און מנהיגים האָבען די ענגלישע יודען בעצויגען פון פראַנקרייך; אַזעלכער איז געווען דער לאָנדאָנער רב און ראש ישיבה, ר׳ יעקב פון אָרלעאַנס, אַ תּלמיד פון בערימטען רבינו תם און איינער פון די בעריהמטע תּוספות׳ניקעס.

אַזוי האָט זיך יודען געלעבט אין דער גאַנצער צייט פון הײנריך דעם II-טענס הערשאַפט; דאַן האָבען זיך פאַר זיי אויך אָנגעהויבען רדיפות און שווערע פערפאָלגונגען. דעם ערשטען קלאַפּ האָט דאָס ענגלישע יודענטום בעקומען גלייך אין׳ם קרוינונגס-טאָג פון הײנריכ׳ס נאָכפאָלגער, דעם בעריהמטען ריכאַרד לייבענהאַרץ; ווען דער

נײַגעקרוינטער הערשער (3 סעפט. 1189) האָט זיך אומגעקעהרט פון דער קירך אין פאַלאַץ, האָט אַ יודישע דעפוטאציע זיך געוואָלט פאָרשטעלען פאַר איהם און, צווישען אַנדערע, אויך איבערגעבען דעם קעניג אַ רייהע טײַערע מתנות; זיי האָט אָבער מיט אַ פינסטערן פנים עמפפאַנגען דער ערצבישאָף פון קענטערבורי, באַלדווין, און ערקלערט, אַז פון יודען נעהמט דער קעניג קיין מתנות נישט אָן און זיי אַליין זאָלען גלײַך ארויסגעהן פון זאַל. אָט די בלוטיגע בעליידיגונג האָט געווירקט אָנשטעקענד אויפ'ן המון: עס האָבען זיך גלײַך פערשפרייט קלאַנגען, אַז דער קעניג האָט געהייסען פערטיליגען די יודען, און די פאָלגע דערפון איז געווען אַ שרעקליכער פאָגראָם, וואָס האָט אײַנגע-שלונגען הונדערטער יודישע קרבנות און פערניכטעט דעם גרעסטען טייל פון די יודישע הײַזער. צווישען די קרבנות איז געווען דער דער-מאָנטער ר' יעקב פון אָרלעאַנס, און איין איינציגער יוד, דער רײַכער בענעדיקט פון יאָרק, וועלכער איז אויך געווען איינער פון דער דעפו-טאַציע, האָט זיך געלאָזען לפנים אָבשמד'ען. — ווען דער קעניג האָט זיך אויף צומאָרגענס דערוואוסט פון דער שרעקליכער שחיטה, האָט ער די הויפט-שולדיגע בעשטראָפט מיט'ן טויט, און גלײַך צושיקט שלוחים אין אַלע שטעדט מיט שטרענגע בעפעהלען געגען יעדען מין יודענפערפאָלגונג. ריכאַרד האָט זאָגאַר גערופען צו זיך דעם כלומר'-שטען משומד בענעדיקט, און הערענדיג פון איהם, אַז ער איז אין האַרצען אַ יוד און וויל שטאַרבען אַ יוד, האָט ער איהם ערלויבט אַראָבצעוואַרפען פון זיך די קריסטליכע מאַסקע.

דער ריטערליכער הערשער האָט אָבער באַלד פערלאָזען דאָס לאַנד, זיך שטעלענדיג בראש פון דעם נײַען קרייץ-צוג, און דעמאָלט האָבען זיך אין דער פראָווינץ איבערגעחזר'ט די לאָנדאָנער סצענעס. אין די בליהענדע האַנדעלס-שטעדט לין און נאָרוויטש זענען מאַסען יודען פערברענט געוואָרען מיט זייערע הײַזער צוזאַמען, נאָר אַממעהר-סטען געליטען האָט די קהלה אין יאָרק, וואו ס'האָבען זיך געפונען עטליכע זעהר רײַכע יודען, צווישען זיי אויך דער דערמאָנטער בענע-דיקט. די הילפלאָזע האָבען זיך געפרובט שיצען אין אַ אָבגערונגענעם קעניגליכען פעסטונגס-שלאָס; דעמאָלט האָט די גאַנצע בעפעלקערונג פון שטאָדט זיך צונויפגעזאַמעלט ארום שלאָס און איהם בעלאַגערט; דער-בײַ האָבען עטליכע דיענער פון דער הייליגער קירך אָנגעהאַלטען פײַערליכע גאָטעסדיענסטען, געלייענט תפילות און אפילו די האָסטיע

געקומען, אום אויסצוזוכען ביי דער געטליכער השגחה א נצחון איבער דעם היפעל איינגעשלאסענע, בעלאגערטע יודען.

און די תפלות האבען געווירקט, חאטש נישט אינגאנצען און נישט אזוי, ווי די מתפללים האבען פערלאנגט. האבענדיג פאר זיך דעם אויסוואהל פון טויט אדער שמד, האבען די בעלאגערטע זיך אבגעשטעלט אויף דאס ערשטע: זיי האבען אלע קאסטבארקייטען פערברענט, ארומגעלעגט פייערן ביי אלע ארויסגאנגען און זיך איינער דעם אנדערן מיט'ן מעסער געדינט. יאָמטוב, דער ראש הקהלה, האט דער ערשטער אריינגעזעצט א מעסער אין דער ברוסט פון זיין געליבטער פרוי (הנה), און באלד האט דער רב פון שטאדט דעם זעלבען מעסער איהם אין הארצען אריינגעזעצט. אזוי זענען אלע בעלאגערטע (איבער פינף הונדערט) אומגעקומען איינער פון אנדערנ'ס הענד, און פון דער גאנצער יארקער קהלה איז קיין איינציגער יוד נישט איבערגעבליבען.

מיט איין טאג שפעטער זענען אין ס"ט עדמונד אויסגעקוילעט געווארען זיבען און פופציג יודען פון די הענד פון די קרייץ-פאהרער, און דעם זעלבען גורל האבען געהאט כמעט אלע יודישע קהלות אין ענגלאנד (ביי די שחיטות איז אומגעקומען אויך די קהלה פון די גרים). ווען ריכארד האט זיך דערוואוסט פון די רציחות, האט ער אפילו געפרובט הארט בעשטראפען די שולדיגע; דאס האט אבער קיין גרויסע בעדייטונג נישט געהאט, און דערצו איז די ענגלישע ממשלה אין גיכען איבערגעגאנגען צו ריכארד'ס ברודער, יאהאן (דער קעניג אהן א לאנד), וועלכער האט זיך אינגאנצען געפונען אונטער דעם איינפלוס פון דער קירך.

עטוואס בעסער ווי אין פראנקרייך און ענגלאנד איז געווען אין יענער צייט די לאגע פון די יודישע קהלות אין דייטשלאנד. דא זענען די יודען דאך געשטאנען אונטער דער שוץ פון די קיסרים, און קיינער האט נישט געוואגט, זיי שארף אנצוגרייפען. דערצו ווערט די יודישע קאמער-קנעכטשאפט אויך אבגעשוואכט פון יאהר צו יאהר, און דער הערצאג לעאפאלד פון עסטרייך האט זאגאר געהאט ביי זיך א יודישען פינאנץ-מיניסטער, מיט'ן נאמען שלמה, וועלכער האט געהאלטען קריסטליכע דינער, נישט קוקענדיג אויף דעם פערבאט פון די קירכליכע געזעצען. אין שלעזיען האבען יודען אויך געהאט איינענע נהלאות מיט קריסטליכע דינער, זיי האבען אבער מיט דער צייט פערלאזען

דאס לאנד און זיך בעזעצט אין די גרויסע שטעדט, וואו זיי האבען געגרינדעט געשעפטען און באנקהייזער.

ביי דער גאנצער טאלעראנטער בעציהונג צו יודען מצד די הערשער, האבען זיי אבער געהאט נישט וועניג אויסצושטעהן פון דעם טיעף-רעליגיעזען דייטשען המון, צווישען וועלכען די גלחים האבען פערשפרייט די לעגענדע וועגען קריסטליך בלוט און וועגען אנדערע יודישע פערברעכענס. אט די פיינדליכע שטימונג פון דער ארומיגער קריסטליכער בעפעלקערונג האט פון דעסטוועגען נישט געשטערט צו דער אויסבילדונג פון א יודישען דיכטער אין דער לאנדס-שפראך, פון א יודישען מינען-זענגער, וועלכער איז אויפגענומען געווארען, ווי א גלייכבערעכטיגטער מיטגליעד אין דעם קרייז פון די ארטיגע דיכטער. דאס איז געוועזען דער יוד זיסקינד פון טרים-בערג, וואס האט איבערגעלאזען נאך זיך א גאנצע רייהע דייטשע ליעדער, געשריבען אין דעם גייסט און סטיל פון דער דייטשער פאלקס-דיכטונג.

רוהיג און פריי פון רדיפות (אויסער איין איינציגען מאל) האבען יודען אין יענער צייט געלעבט אין איטאליען — דער צענטער פון קאטוילי־ציזם, דאס לאנד פון פעטרוס'עס הייליגען שטוהל. דער קלוגער פויפסט אלעקסאנדער III האט געהאט א יודישען פינאנץ-פערוואלטער, און אונטער זיין הערשאפט האבען די איטאליענישע יודען בכלל נישט געוואוסט פון קיינע בעגרענעצונגען און בעזונדערע שטייערן. דער דאזי-גער פויפסט זאל זאגאר האבען געווירקט אויף דער בעריהמטער קירכען-פערזאמלונג פון יאהר 1179, וועלכע האט בלויז בעשטעטיגט פאר יודען דעם אלטען פערבאט, צו האלטען קריסטליכע דינערשאפט, און דערפאר אויך בעפעסטיגט אלע פרייהייטען פאר'ן יודישען האב און גוטס, ווי פאר דער יודישער אמונה. נאך וועניגער בעשרענקט זענען געוועזען די יודען אין דרום-איטאליען — נעאפאל און סיציליען. יודען האבען דא געלעבט רייך און געהאט א פאלשטענדיגע זעלבסט-פערוואלטונג מיט אייגענע געריכטס-אנשטאלטען.

אין א ערגערער לאגע האבען זיך געפונען די יודען אין דער ביזאנטינישער מלוכה. אויף עטליכע אינזלען, אין טעסאליען, מאקעדאניען און טראציען — אומעטום האבען זיך געפונען רייך בעפעל-קערטע יודישע קהלות; די בערייטענדסטע יודישע קאלאניעס אין דער גריכיש-ביזאנטינישער אימפעריע זענען אבער געוועזען די אין קאנסטאנ-

טינאָפּאָל און טהעבען. די דאָרטיגע יודען זענען געווען רייך און האָבען זיך געדענבענט פאַר די בעסטע זיידען- און פורפור-פאַבריקאַנטען פון גאַנץ גריכענלאַנד; דערפאַר איז די יודישע רעליגיע לאַנגע אין דעם לאַנד איצט אויך נישט בעסער געווען, ווי אין די צייטען פון די אַלטע פאַנאַטישע הערשער. די רייכע און די אָרימע יודען, די גוטע און די שלעכטע זענען אין אַ גלייכער מאָס פערהאַסט און פעראַכט געווען פון די אַרומיגע גריכען. יודען האָבען נישט געטאָרט רייטען אויף קיין פערד — דאָס האָט דער קייזער עמנואל אלס אויסנאַהם ערלויבט נאָר זיין יודישען לייב-אַרצט שלמה פון עגיפּטען. יודען האָבען זיך דאָ בכלל נישט געפונען אונטער דער שוץ פון געזעץ, און דער ערשטער און בעסטער קריסט האָט זיי געמענט בעליידיגען און בערויבען.

אין קליין-אזיען, סיריען און פאַלעסטינאַ איז דער קיום פון די יודישע קהלות אָבהענגיג געווען פון די אַרומרייסעניש צווישען קריסטענטום און איסלאַם. איז איינע פון די פּראָווינצען אַרונטערגעפאַלען אונטער דער ממשלה פון קרייץ, זענען די דאָרטיגע יודען באַלד נעלם געוואָרען; דאַגעגען האָבען זיך געפונען בעדייטענדע קהלות אין די פּראָווינצען פון איסלאַם. סך הכל האָבען זיך אין דער גאַנצער דעמאָלטיגער פאַלעסטינאַ אויפגעהאַלטען נישט מעהר, ווי טויזענד יודישע משפחות, וועלכע האָבען זיך אַממעהרסטען בעשעפטיגט מיט פאַרבעריי.

פיעל מעהר יודען האָבען זיך צו דער צייט געפונען אין די לענדער צווישען פרת און חדקל. די אַמאָליגע אַקאַדעמישע צענטערן נהרדעה, סורא און פומבדיתא זענען פערוויסט געוואָרען, און אויף זייער אָרט איז אויסגעוואַקסען די קהלה אין באַגדאַד, וואָס האָט געהאַט ביז איבער טויזענד יודישע משפחות און פיער גרויסע שוהלען. די בבלישע יודען פון יענער צייט (1136) האָבען אפילו געהאַט אַ איינענעם נשיא (עקזילאַרך, מיט'ן נאָמען שלמה), וועלכער האָט געפיהרט אַ פירשטליכען שטאַט און גענומען אַ קאָפּ-שטייער פון אַלע יודען אין פערסיען, אינדיען און טיבעט. באַגדאַד האָט געהאַט אויך אַ בעדייטענדע ישיבה, וואָס האָט ווידער געקרוינט איהרע פיהרער מיט'ן טיטול גאון. נאָך בעדייטענדער ווי אין באַגדאַד, איז געווען די קהלה אין מאָסול (נינוה), וואָס האָט געצעהלט ביז זיבען טויזענד משפחות. נישט ווייט פון דאָרטען, אין דער געגענד פון

אזערבײַדזשאַן (צפון-פערסיען) האָבען געלעבט גאַנצע שאַרען פרײַע יודען, װעלכע האָבען פון קײַן קולטור נישט געװאוסט און זיך פערנומען מיט בעװאָפּענטע אָנפאַלען אױף די שטאַמען פון דער ניִדער, װעהרענד זײ אַלײן זענען געװען אונבעצװינגבאַר אין זײערע הימעל-הױכע פעסטונגס-בערג. אָט די סטיכישע, קריעגערישע יודישע מאַסע האָט אַ געװיסער פאַנטאַסטישער העלד, מיט'ן נאָמען ד ו ד א ל ר א י (אָדער מנחם בן סולײמאַן), געװאָלט אױסנוצען צו אַ גרױסען צװעק. דער דאָזיגער ענטוזיאַסט האָט זיך אָנגעגעבען פאַר אַ געשיקטען פון גאָט (משיח) און אױפגערײצט די יודען פון גאַנץ פערסיען, מעסאָפּאָטאַמיען און סיריען צו אַ בעװאָפּענטען אױפשטאַנד געגען דעם פערסישען סולטאַן, אום צוריקצושטעלען די יודישע מלוכה. אלראי'ן איז זאָגאַר געלונגען מיט זײַנע מופתים צונױפצוזאַמלען אַרום זיך אַ בעדײַטענדע בעװאָפּענטע מחנה פון די אזערבײַדזשאַנער בערג-יודען; דער עקזילאַרך, װי בכלל די גדולים פון פערסישען יודענטום, האָבען זיך אָבער נישט געלאָזען פערפיהרען פון דעם געפעהרליכען בעל מופת, און זײ האָט זיך ענדליך אײַנגעגעבען, איהם צו בעזײַטיגען. די משיח-חלומות האָבען, איבריגענס, נישט אױפגעהערט אױך נאָך אלראי'ס טױט, און דאָס האָבען װידער אױסגענוצט עטליכע געשיקטע שװינדלער; זײ האָבען געװיזען די עמי הארצי'שע באַגדאַדער יודען אַ בריף פון דעם געשטאָרבענעם משיח, װאו ער האָט פערזיכערט, אַז אין אַ בעשטימטער שעה, אין אַ געװיסער נאַכהאַלבער נאַכט, װעט אַלע יודען װעלן זיך אָנטאָן אין גריִנע קלײדער און שטעהן אַ לאַנגע צײַט אױף די דעכער פון זײערע הײַזער, — װעט קומען אַ שטאַרקער װינט און זײ אַריבערטראָגען גלײַך אינ'ם הײליגען לאַנד. דער המון האָט זיך געלאָזען פערפיהרען, צוטײלט דערװײַל צװישען אָרימע דאָס גאַנצע האָב און גוטס און זיך פערזאַמעלט מיט די װײַבער און קינדער אױף די דעכער, װאו זײ האָבען אַ גאַנצע נאַכט געװאַרט און אױף קײנע נסים זיך נישט דערװאַרט. —

אַ אונאָבהענגיגער קריעגערישער יודישער שבט האָט זיך צו יענער צײַט אױפגעהאַלטען אין דער געגענד כאָראַזאַן, בײַ די בערג פון נישאַבור. די דאָזיגע טױזענדער יודען האָבען זיך גערעכענט פאַר אַ איבערבלײַבעניש פון די שבטים דן, זבולון, אשר און נפתלי. זײ זענען געװען גלענצענדע פױגעל-שיסער, האָבען זיך בעשעפטיגט מיט פיהצולכט און געהאַט אַ אײגענעם פירשט, מיט'ן נאָמען י ו ס ף א מ ט ר-

קאַלאַ הלוי. אין אַלגעמיין האָט זיך די ליניע פון דעם פּערסיש־יודישען ישוב געצויגען ביז חיווא, וואו ס'האָבען געלעבט אַלט טויזענד יודישע משפּחות, און ביז סאַמאַרקאַנד, וואָס האָט געהאַט גאַנצע פופציג טויזענד יודען. פון די יודישע קהלות אין אינדיען ווייסט דער דעמאָלטיגער רייזענדער נאָר דאָס צו דערצעהלען, אַז ער האָט דאָרט געזעהען שוואַרץ־הויטיגע יודען, וועלכע היטען בלויז שבת און מלה. אַ יודישע קאָלאָניע האָט זיך געפונען אויך אויף דער אינזעל ציילאָן (קאַ־רי): דאָ האָבען געלעבט דריי און צוואַנציג טויזענד יודען, פאָלשטענדיג גלייכבערעכטיגט מיט די איבריגע בעפעלקערונגען פון דער מלוכה. אין אַדען, דעם שליסעל־האַפען צום אַראַבישען און אינדישען ים, האָט זיך געפונען אַ אונאָבהענגיגער יודישער ישוב, וואָס האָט בעזעסען אייגענע פעסטונגס־שלעסער, געפיהרט מלחמות מיט די קריסטען פון נוביען און איז געשטאַנען אין פערבינדונג מיט עגיפּטען און פּערסיען.

אין אַראַביען האָבען זיך פאַר דער צייט שוין ווידער געפונען יודישע קהלות נאָכדעם, ווי די ערשטע קאַליפען האָבען זיי פון דאַנען אַרויסגעטריבען. בעזונדער רייך בעפעלקערט פון יודען איז געווען די פרוכטבאַרע און האַנדעלסרייכע תימני'שע פּראָווינץ, און אין צפון אַראַביען האָבען זיך ווידער, ווי אין די פאַר־מחמד'נישע צייטען, אויסגעבילדעט שטאַרקע אונאָבהענגיגע יודישע שבטים, מיט אייגענע פעסטונגען און אייגענע פירשטען, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט מיט פיהצוכט, ערד־אַרבייט און קאַראַוואַן־רייזען; דער צענטר פון איין שבט איז געווען די שטאָדט טיימאַ, מיט'ן פירשט חנן בראש. צווישען די יודען האָבען זיך געפונען נזירים־הייליגע, וואָס האָבען אַ סך געפאַסט, קיין פלייש און קיין וויין נישט פערזוכט, געלעבט אין מערות, זיך געקליידט אין שוואַרצען און געטרויערט נאָך ציון. אַ צווייטע גרופּע פון די אַראַבישע יודען האָט זיך אויפגעהאַלטען אין דער געגענד פון טאַלמאַס, און געהאַט פאַר אַ פירשט חנן'ס אַ ברודער, מיט'ן נאָמען שלמה. אַ דריטע גרופּע פון פופציג טויזענד יודען האָט געלעבט אין דער פּראָווינץ חיבר; די זענען אַממערסטען געווען קריגעריש, זיי האָבען אָבער געהאַט צווישען זיך אויך תלמודיש־געלעהרנטע. אין די איבריגע אַראַבישע שטעדט האָבען געלעבט ביז נאָך ניינצעהן טויזענד יודען. אָט די אַלע יודען האָבען זיך געפונען אונטער דער אויבערשטער אָנפיהרערשאַפט פון באַגדאַדער עקזילאַרכאַט, וואָס

האט אויף אַ קורצער צײַט ווידער אויפגעבליהט . דער נאכפאלגער פון דעם דערמאנטען שלמה איז געווען זיין זוהן דניאל, וועלכער איז אויך געווען זעהר אנגעזעהען ביי די באגדאדער קאליפען . אונטער דער אויפזיכט פון דעם עקזילארך האט זיך שטארק אויפגעהויבען די באגדאדער ישיבה, וועלכע האט בעקומען א בעדייטענדען לעהרער (גאון) . דאס איז געווען א געוויסער ר' שמואל בן עלי, וואס האט זיך גערעכענט פאר א גרויסען תלמודישען אויטאריטעט . ער האט צו־נויפגענומען ארום זיך ביז צוויי טויזענד תלמידים , און האט זיך אין דער זעלביגער צײַט גערעכענט אויך פאר דעם הויפט-רב און ריכטער פון גאנצען קאליפאט .

נאכ'ן טויט פון דעם קינדער-לאזען עקזילארך איז דער גרעסטער טייל פון יענעמס מאכט אריבער צו דעם איינפלוסרייכען ראש־ישיבה און בן-עלי איז געווארען דער נשיא פון אלע יודיש־אזיאטישע קהלות , וואס האבען זיך געצויגען איבער דעם גאנצען שטח פון דמשק ביז אינדיען און פון קאספישען ים ביז אראביען . צו דעם זעלביגען ר' שמואל בן עלי זאלען, ווי ס'דערצעהלט דער דעמאלטיגער רייזענדער ר' פתחיה פון רעגענסבורג, האבען געקומען שלוחים פון די קויקאזישע בערג־שבטים מיט דער בקשה , זיי צו שיקען יודישע רעליגיאנס־לעהרער , ווייל זיעבען פירשטען פון זיי האבען בעשלאסען צו מאכען די יודישע אמונה פאר דער אלגעמיינער אמונה פון לאנד (1180—85) . —

ביי דער גאנצער אויסערליכער געהויבענער לאגע פון די מזרח־לענדישע יודען , זענען זיי אבער דאך געשטאנען אויף א נידריגער שטופע אין דער הינזיכט פון גייסט און קולטור . אהן טיפערע קענטעניסען און אהן בעוואוסטזיין , האבען די אזיאטישע יודען אויף א גאנץ מעכאנישען אופן אבגעהיט די געבאטען פון דער תורה און זיי דערהאלטען , דערביי אבער גארנישט געשאפען , גארנישט געלאזען פאר די קומענדיגע דורות .

אין עגיפטען האבען די יודישע קהלות געהאט א בעזונדער עקזי־לארך — אונטערן טיטול נגיד . דאס איז אויך געווען א פירשטליכער טיטול מיט זעהר ברייטע פאלמאכטען : דער נגיד האט זיך גערעכענט פאר דעם העכסטען פיהרער און שופט פון דעם גאנצען יודישען ישוב אין לאנד . אין דער צײַט האט דעם טיטול געטראגען דער לייב־ארצט פון עגיפטישען קאליף ר' נתנאל, מיט'ן אראבישען נאמען היבאַש־אלאה־איבן־אלגאמי . איבן אלגאמי האט געשריבען בעדייטענדע

מעדיציניש ווערק אין דער אראבישער שפראך און אין דער זעלבינער צייט איז ער אויך געשטאנען בראש פון א גרויסער ישיבה אין דער עגיפטישער הויפטשטאדט קאאירא. דא האט זיך געפונען אויך א קאראאימישע געמיינדע, און זי האט געהאט א זעלבסט-פערוואל־טונג מיט א אייגענעם נשיא.

# אַכטעָם קאַפּיטעָל.

## ר׳ משה בן מיימון (רמב״ם).

אין דעָר רייהע פון די גרויסע גייסטער, וואָס דאָס יודענטום האָט געבוירען און ערצויגען אינ׳ם משך פון עלפטען און צוועלפטען יאָהרהונדערט, פערנעהמט אַ גאַנץ בעזונדער פּלאַץ די ריעזען־געשטאַלט פון ר׳ משה בן מיימון, דער גייסטיגער קעניג און בעהערשער פון אַלע יודען אין די מזרח־, ווי אין די מערב־לענדער.

ר׳ משה בן מיימון (מיט׳ן לאַנגען אַראַבישען נאָמען: אַבו אַמראַם מוזא מיימון אָבאיד אַללאַה) איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1135, אין קאָרדאָוואַ, וואו זיין פאָטער מיימון איז געוועזען אַ דיין ד. ה. א מיטגליעד פון דעם דאָרטיגען בית דין. אָט דער טיטול איז איבערגעגאַנגען אין דער מיימונישער משפחה בירושה אינ׳ם משך פון אַ גאַנצער רייהע דורות, און מיימון האָט אויסער תלמודישע ספרים (ער איז געוועזען אַ תלמיד פון ר׳ יצחק אלפסי) געשריבען אויך ווערק איבער וועלטליכע וויסענשאַפטען: אַסטראָנאָמיע און מאַטעמאַטיק. ביי דעם פאָטער אין הויז האָט דער יונגער משה זיך ערצויגען, לעהרנענדיג אי תלמוד, אי אַלגעמיינע למודים, ביז ער איז אַלט געוואָרען דרייצעהן יאָהר. דאַן האָט פּלוצלונג אויסגעבראָכען דער שטורם פון די אַלמאָהאַדען (1148), וועלכע האָבען זיך אַריינגעריסען אין שטאָדט און געשטעלט אַלע איינוואוינער דעם אולטימאַטום: איסלאַם אָדער טויט, — דעם אולטימאַטום, וואָס האָט פערטריבען פון שטאָדט דעם גרעסטען טייל פון די יודישע איינוואוינער. צווישען די לעצטע

איז געווען אויך מיימון: ער האט מיט זיין פאמיליע אנגעהויבען איבער־פאהרען פון איין שטאדט אין דער אנדערער. אונטער דער צייט האט דער לאנישער און סיסטעמאטישער קאפ פון דעם קומענדיגען ריעזען־גייסט נישט אויפגעהערט צו ארבייטען איבער די פערשידענסטע געביעטען פון יודישען און אלגעמיינעם דענקען. ער האט געלעהרנט תלמוד, פילאזאפיע, אסטראנאמיע, מאטעמאטיק, נאטור־וויסענשאפט און מעדיצין, און די פאלגע פון דער אינטענסיווער גייסטיגער ארבייט איז געווען א פיעלזייטיגער פירוש אויף דער משנה, וועלכען ער האט אנגעהויבען שרייבען נאך אין יאהר 1158.

פערוואגעלט פון שפאניען איבער דעם פאנאטיזם פון די אלמא־האדען, בעגעגענט מען אין גיכען, אויף א אונפערשטענדליכען אופן, דער פאמיליע מיימון אין פעץ, וואס האט זיך געפונען אונטער דער הערשאפט פון די זעלביגע אלמאהאדען, און וואו יודען האבען אויך גע־מוזט טראגען אויף זיך די מאסקע פון איסלאם. דא האט זיך דער יונגער דענקער בעקאנט מיט דער טרויעריגער לאגע פון די „אנוסים" און אין דער זעלביגער צייט האט ער טיעף געזעהען, ווי ווייט שעדליך די אויסערליכע מאסקע ווירקט אויף דער גאנצער אינערליכער געדאנקענ־בילדונג. צוזאמען מיט זיין פאטער האט ער געזעהען, אז א גרויסער טייל פון די המוני'שע אנוסים הויבט ביסליכווייז ווירקליך אן גלויבען אין די עיקרים פון איסלאם און זיך צוגעוועהנען צו זיי, און די קרענקונג איז נאך שטארקער געווען א דאנק דער אייגענער שוואכקייט — זיי אליין האבען דאך אויך די מאסקע געטראגען.

כדי צו שטארקען די אבגעשוואכטע יודישע געמיטער, האט דאן דער פאטער, מיימון, פערעפענטליכט א דערמאנונגס־בריעף צו די אנוסים (1160), און אין גיכען האט אויך דער זוהן בעקומען די געלעגענהייט עפענטליך ארויסצוטרעטען וועגען דער אנגעוועהטאגטער פראגע. עס האט זיך געפונען א הייסער יוד, וואס האט נישט געקענט רוהיג פערטראגען די פשרות מיט'ן געוויסען, און ער האט זיך גע־ווענדט מיט א בריעף צו די יודישע קהלות אין אפריקא, אין וועלכען ער האט געשטראפט די אנוסים פאר זייער שוואכען גלויבען און זיי ערקלערט פאר כופרים באלהי ישראל, וואס האבען קיין חלק נישט אין יודענטום. אט דער בריעף האט ארויסגערופען א טיעפע פערצווייפלונג צווישען די מעהר אינטעליגענטע און פרימערע אנוסים, וועלכע האבען שוין לאנג געטראגען די זינד אויף זייער געוויסען; דער לאגיש

רעֶנקעֶנדעֶר בן מיַימון האָט אָבעֶר געֶזעֶהעֶן אויך די צווייטעֶ זייַט פוּן דעֶר עֶרשייַנונג: קעֶנעֶנדיג די גייַסטיגעֶ שוואַכקייַט פוּן די המוני׳שעֶ אַנוסים, האָט עֶר מורא געֶהאַט דעֶרפאַר, אַז אונטעֶר דעֶר ווירקונג פוּן די שאַרפעֶ אָנפאַלעֶן ווֶעלעֶן די איצטיגעֶ געֶצוואונגעֶנעֶ טשומדים אַיימאָל פאַר אַלעֶ מאָל זיך ווירקליך אָבּרייַסעֶן פוּן יודישעֶן כלל און איינגאַנצעֶן איבּעֶרגעֶהן אין די רייהעֶן פוּן שונא. דאָס האָט איהם בּעֶ-וואויגעֶן אַרויסצוטרעֶטעֶן מיט אַ עֶפעֶנטליכעֶן עֶנטפעֶר נעֶגעֶן די זלזולים פוּן דעֶם פאַנאַטישעֶן יודישעֶן מאַמין. דעֶר טאָן פוּן דעֶם עֶנטפעֶר (געֶשריעבּעֶן אין אַראַבּיש, אונטעֶרן נאָמעֶן אגרת השמד: אַ בּריוו װעֶגעֶן שמד), איז אַ הייַסעֶר, נעֶרוועֶזעֶר — אין איהם פיהלט זיך די אָנגעֶזעֶהטאָגטעֶ פעֶרבּיטעֶרטקייַט פוּן אַ בּעֶליידיגטעֶן, וואָס מ׳האָט איהם אָנגעֶגריפעֶן אין׳ם עֶמפפינדליכסטעֶן אָרט; די אַרגומעֶנטעֶן, וואָס עֶר בּרעֶנגט, זעֶנעֶן אָבּעֶר שטרעֶנג לאָגיש און דעֶרבּייַ שטיצט עֶר זיך אויך אויף פסוקים פוּן די הייליגעֶ שריפטעֶן און מאמרים פוּן תלמוד. קודם כל זוכט עֶר צו דעֶרווייַזעֶן, אַז זינדיגעֶ און אפילו געֶצעֶנדיענעֶרישעֶ יודעֶן זעֶנעֶן אויך יודעֶן, דעֶן מיר געֶפינעֶן, אַז אליהו און ישעיה זעֶנעֶן בּעֶ-שטראָפט געֶוואָרעֶן דעֶרפאַר, וואָס זיי האָבּעֶן אָנגעֶרופעֶן די יודעֶן-געֶצעֶנ-דיענעֶר פוּן זייעֶר צייַט מיט׳ן נאָמעֶן „עם טמא שפתים״; און אויבּ זיי זעֶנעֶן געֶשטראָפט געֶוואָרעֶן, איז ווי שוין „דעֶר לייַכטזיניגעֶר, וואָס עֶר לויבּט זיך צו זאָגעֶן אויף גאַנצעֶ יודישעֶ קהלות מיט זייעֶרעֶ חכמים און תלמידים, אַז זיי זעֶנעֶן פושעים און רשעים און כופרים בּאלהי ישראל! און די יודעֶן האָבּעֶן דאָך נישט ווירעֶרגעֶשפּעֶניגט אין גאָט כדי זיך צו זוכעֶן וואוילטאָגעֶן, און האָבּעֶן נישט פעֶרלאָזעֶן דעֶם גלויבּעֶן צוליעבּ וועֶלטליכעֶ פעֶרגניגעֶנס, נאָר זעֶנעֶן פוּן שוועֶרד אַנטלאָפעֶן, פוּן שוועֶרד און פייַל און מלחמה-פייַן. דעֶרצו איז „דעֶר שמד, אין וועֶלכעֶן מיר געֶפינעֶן זיך, נישט גלייַך צו אַלעֶ שמד׳עֶן, דעֶן קיינעֶר צווינגט אונז נישט צו ווייַזעֶן, אַז מיר דיענעֶן עבודה זרה (איסלאַם); מיר דאַרפעֶן נאָר נאָכזאָגעֶן זייעֶר פאָרמולעֶ (אַז מחמד איז אַ נביא), און זיי אַליין ווייסעֶן גאַנץ גוט, אַז מיר גלויבּעֶן נישט מיט׳ן האַרצעֶן אין דעֶם, וואָס אונזעֶר מויל רעֶדט אַרויס, און מיר טועֶן עֶס נאָר, כדי אָבּצו-נאַרעֶן דעֶרמיט זייעֶר העֶרשעֶר (דעֶם קאַליף)״. דאַן געֶהט דעֶר שרייַבּעֶר פוּן בּריוו אַריין טיעפעֶר אין דעֶר זאַך: אמת, דעֶר תלמוד פעֶרפּליכ-טעֶט יעֶדעֶן יודעֶן זיך מוסר נפש צו זייַן פאַר די דרייַ עבירות: עבודה זרה, זנות און בּלוט-פעֶרגיסעֶן (שפיכות דמים); נאָכמעֶהר: יעֶדעֶר

יוד איז אין אלגעמיין פערפליכטעט מקדש השם צו זיין אפילו ביי דער קלענסטער זאך; ביי דעם אלעמען איז אבער דאך קיין שטראף נישט אנגעגעבען פאר די שוואכמוטיגע, וואס האבען דאס נישט געטאן, וואס זענען דעם נסיון נישט ביינגע-שטאנען, און קיינער האט קיין רעכט נישט, זיי ארויסצוגעהמען פון כלל ישראל אזוי לאנג, ווי זיי טוען דעם פערברעך געצוואונגע-נערהייד, נישט מיט'ן איינענעם ווילען. די איינציגע עצה בלייבט אלזא, מקרב צו זיין די אנוסים און צו זעהן, זיי זאלען אבהיטען ווי ווייט מעגליך אלע געבאטען פון דער תורה, אדער — אויסוואנדערן פון לאנד.

די דאזיגע אגיטאציע פון די מיימונידען צווישען די אנוסים האט אויף זיי ארויפגעצויגען א גרויס געפאהר מצד די פאנאטישע מחמר'נער און דער סוף איז געווען, אז די גאנצע משפחה האט זיך קוים מיט'ן לעבען געראטעוועט און זיך געלאזען מיט'ן ים קיין פאלעס-טינא. דא האט זיך די פאמיליע אויפגעהאלטען א קורצע צייט אין די שטעדט ירושלים און חברון, וואו דער פאטער מיט די זיהן האבען גאנצע טעג מתפלל געווען אין די מערות פון די יודישע אבות און אויף דעם ארט פון בית המקדש. דערנאך האבען זיי איבערגעוואנדערט קיין עגיפטען, וואס האט זיך דעמאלט גערעכענט פאר'ן צענטר פון איסלאם, און געוואוינט פריהער אין אלעקסאנדריע (דא איז דער אלטער מיימון געשטארבען אין עטליכע חדשים ארום נאך זייער אנקו-מען) און דאן אין אלט-קאירא (פאסטאט). די דאזיגע עגיפטישע שטאדט איז געווען אין יענער צייט א גרויסער האנדעלס-צענטר, און משה מיט זיין יונגערן ברודער דוד האבען אנגעהויבען בעטרייבען א גרויסען געשעפט פון גאלד און טייערע שטיינער. דער פאקטישער פיהרער פון געשעפט איז געווען דער יונגערער ברודער: ער פלעגט אונטערנעהמען רייזען איבערן ים אין די ווייטסטע לענדער, צו קויפען און פערקויפען זיין קאסטבארע סחורה, און אין דער צייט איז דער עלטערער ברודער, משה, געזעסען אין דערהיים און געארבייט רוהיג איבער פער־ש׳עדענע למודים און וויסענשאפטען. דער אונגליקליכער גורל האט אבער נישט אויפגעהערט צו פערפאלגען דער מיימונידישער משפחה: אין גיכען איז דוד דערטרונקען געווארען, פאהרענדיג אויף א שיף איבערן אינדישען ים, און דערביי פערלוירען דאס גאנצע איינגע-נע און פרעמדע פערמעגען, וואס ער האט מיט זיך געפיהרט. פון

דער קאטאסטראָפע איז משה שווער קראַנק געוואָרען; ער האָט זיך אָבער ענדליך געשטארקט, און גענומען ענערגיש פּראַקטיצירען אין מעדיצין, וואָס ער האָט שוין געהאַט געלערנט אין די פריהערדיגע יאָהרען. פון דער פּראַקטיק האָט ער מפרנס געווען זיך מיט דער גאַנצער פאמיליע, און די פרייע צייט האָט ער געווידמעט דער גרויסער אַרבייט, וואָס ער האָט אָנגעהויבען נאָך מיט יאָהרען צוריק: דעם פּירוש אויף משניות.

געענדיגט האָט ער דאָס ווערק (געשריבען אין אַראַביש אונטערן נאָמען סיראַדזש: בעלייכטונג) אין יאָהר 1168. דאָס איז געווען אַ אונטערנעהמונג פון אונגעוועהנליכען מאַסשטאַב, צו ערקלערען און סיסטעמאַטיזירען דעם מאַטעריאַל פון די משנות פּשוט און דירעקט, ד. ה. אָהן די קאַזואיסטישע בעלייכטונגען פון דער גמרא. זאָל יעדער תלמיד קודם כל האָבען פאַר זיך קלאָר און בעשטימט-דעם מקור פון דער הלכה, די משנה, אָהן פּשט׳לעך און פערגלייכענישען, און ערשט דערנאָך זאָל ער צוטרעטען צו דעם תלמודישען לאַבירינט — דאָס האָט דער רמב״ם געוואָלט דערגרייכען מיט זיין פּירוש, און צו דעם זעלביגען צוועק גיט ער צו אין פערשידענע שטעלן גרעסערע איינטהיילונגען, וואָס ערקלערען אויספיהרליך די יסודות פון דער תלמודישער געזעצגעבונג און די בעציהונג פון תלמוד צו די יסודות פון דער תורה. מיט אַ בעזונדער ליעבע ווערען אין דעם פּירוש בעהאַנדעלט יענע פּונקטען פון דער משנה, וואָס האָבען וועלכע ס׳איז שייכות צו אַ געוויסען צווייג פון די אַלגעמיינע וויסענשאַפטען: מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, פיזיק, אַנאַטאָמיע, מאָראַל אָדער פילאָזאָפיע. דאָ האָט ער געהאַט די מעגליכקייט: פון איין זייט אויפצעווייזען די וויסענשאַפטליכע גרויסקייט פון די טרעגער פון דער יודישער מסורה, און פון דער צווייטער זייט אָבצולייקענען די אָנגענומענע הנחה, אַז אַלץ אין דער תורה שבעל פּה איז הלכה למשה מסיני. אין דעם פּירוש צו די „פּרקי אבות״ ענטוויקעלט דער רמב״ם אַ גאַנצע עשירות פון געדאַנקען וועגען מאָראַל בכלל און דער יודישער מאָראַל בעזונדער; דאָס זעלבע טוט ער אויך ביים לעצטען פּרק פון „סנהדרין״, וואו ס׳רעדט זיך וועגען תחית המתים און השארת הנפש. דאָ ערקלערט ער פאַר אַלעם, ווי מ׳דאַרף פערשטעהן די דאָזיגע הבטחות פון אַ צוקונפטיגען לעבען: יענס לעבען האָט קיין שום געמיינזאַמעס נישט מיט אַלע אונזערע פאָרשטעלונגען וועגען

ערדישע גענוסען און פערגניגענס — עס איז די מלוכה פון גייסט, פון די העכסטע ערקענטנישען, פון די פיינסטע רעגיאָנען. ביי דער געלעגענהייט ענטוויקעלט ער שוין אויך בכלל דעם עצם פון דער יודישער גלויבענס-לעהרע און טיילט איהם איין אין דרייצעהן עיקרים: א) ס'איז דאָ א גאָט, וואָס האָט בעשאַפען די וועלט; ב) ער איז אבסאָלוט איינציג, ג) ער איז אונקערפערליך און אונפערענדערליך, ד) ער איז אייביג און אונאָבהענגיג פון דער צייט, ה) מ'מוז פערעהרען נאָר גאָט אליין, ו) ער ענטפלעקט זיך צו זיינע אויסדערוועהלטע (נבואה), ז) די העכסטע ענטפלעקונג איז געווען די דורך משה רבינו, ח) די תורה איז געגעבען געוואָרען פון הימעל, ט) זי איז אונפערענדערליך, י) גאָט זעהט, ווייסט אלץ און פיהרט די וועלט (השגחה פרטית), יא) גאָט בעלויהנט און בעשטראָפט, י"ב) עס וועט קומען א אויסלייזער (משיח), י"ג) די טויטע וועלן לעבעדיג ווערן (תחית המתים).

אונטער דער צייט האָט זיך אין תימן אָנגעהויבען א שטאַרקע בעוועגונג פון די פאַנאַטישע מחמד'נער געגען יודען, און די לעצטע האָבען געמוזט אָנווענדען דאָס אַלטע מיטעל: אָנגעהמען לפנים דעם מחמד'נישען גלויבען (1172). דאָ איז אָבער די געפאַהר פיעל גרעסער געווען, ווי אין אַנדערע קהלות, צוליעב דער פראָסטקייט פון די יודישע מאַסען, און באלד האָבען זיך ווירקליך בעוויעזען בעגייסטערטע יודישע אפּאָסטאָלען, וואָס האָבען גערדרשה'נט אין די יודישע קהלות, אז מחמד איז געווען א נביא פון גאָט, וואָס איז אראָבגעשיקט געוואָרען אויף דר'ערד מבטל צו זיין די געזעצען פון דער תורה. צו די דאָזיגע איסלאַם-פרעדיגער זענען צוגעקומען בעגייסטערטע בעלי-חלומות, וואָס האָבען זיך אָנגעגעבען פאַר משיח-אָנזאָגער און פע־שפרייט אלערליי איינבילדונגען און שווערמערייען. דאָס האָט די מעהר ניכטערע פון די תימני'שע יודען שטאַרק בעאונרוהיגט, און איינער פון זיי, ר' יעקב אלפיומי, האָט זיך געווענדעט צום רמב"ם מיט א הייסער בקשה, ער זאָל עפּעס טאָן פאַר'ן תימנישען יודענטום און נישט לאָזען עס פערלוירען געהן.

אויף דער בקשה האָט זיך ר' משה בן מיימון אָבגערופען מיט א פּיערליכען בריעף צו די יודען אין תימן (אגרת תימן). אין דעם־אראַבּיש-געשריבענעם-בריעף בעמיהט זיך דער געוועזענער לפנים'דיגער מחמד'נער צו טרייסטען די גערודפ'טע ברידער און אויפצוועקען אין זיי

דעם בעוואוסטזיין פון דער יודישער גרויסקייט, פון דער יודישער אויסדערוועהלטקייט. „זינט מיר האבען בעקומען די תורה אויפן בארג סיני — שרייבט דער רמב״ם אין דעם בריעף — ביז היינטיגען טאג, זענען שוין אויפגעשטאנען א סך פון די אומות העולם צו פערניכטען יעקב׳ס שטאם און זיין גלויבען. און די יודישע פיינד טיילען זיך אין דריי קאטעגאריעס: די ערשטע קאטעגאריע בעשטעהט פון יענע, וואס זענען בעפאלען אונזער גלויבען מיט צוואנג און שווערד און פיין, ווי עמלק, סנחריב, נבוכדנאצר, טיטוס, האדריאן און נאך אזעלכע; צו דער צווייטער קאטעגאריע געהערען די פערשארפטע קרומע מוחות (סאפיסטען) און די חכמים פון די איבריגע לשונות (אדומי׳שע, פערסישע און גריכישע), וועלכע האבען געוואלט צושטערען אונזער תורה מיט קשיות און שאלות; די דריטע ענדליך זענען די, וואס פערשטעהען, אז דער בנין איננאנצען וועט זיך אזוי לייכט נישט לאזען צושטערן, און זיי נעהמען זיך אונטערגראבען זיינע פונדאמענטען; אט די ישמעאלים קליגען זיך און זענען כלומר׳שט מודה, אז אונזער ענט-פלעקונג איז ווירקליך אמאל שטארק און הייליג געווען, נאר דערנאך איז געקומען א נייע ענטפלעקונג, וואס האט יענע מבטל געווען; דאס איז אבער א נארישער ליגען: זייערע אלע ענטפלעקונגען זענען אנטקעגען אונזער תורה, ווי קינסטליכע בילדער געגען א לעבעדיגען מענשליכען געזיכט א. א. וו. „און איהר, ברידער, שטארקט אייך און מוטיגט אייך, זאלען אייך די גזירות און די רדיפות נישט צוטומלען, זאל אייך דעם שונא׳ס שטארקייט נישט אבשרעקען: עס איז אלץ פון דער השגחה בעשטימט, אייך אויסצופרובען און צו ווייזען, אז איהר זענט יעקב׳ס קינדער, אייניקלעך פון יענע, וואס זענען געשטאנען אויפ׳ן בארג סיני און מקבל געווען די תורה״.

אויף די תימני׳שע יודען האט דעם רמב״ם׳ס בריעף א גרויסען רושם געמאכט; ער איז ארומגעגאנגען פון האנד צו האנד, ווי א גע-הייליגטע ווילטיגע ענטפלעקונג און געוועקט אין די הערצער יודישע געפיהלען, יידישען שטאלץ. שפעטער, ווען דער רמב״ם איז נתעלה געווארען, האט ער זיך אויך דערמאנט אן די תימני׳שע יודען און אויסגעפועלט פאר זיי פערשידענע הנחות; איבער דעם אלעם האבען זיי זיך בעצויגען צו איהם מיט א טיפער עהרפורכט און אפילו גע-בעטען אלע טאג אין דאוונען פאר זיין געזונד.

דערוויל איז דער נאמען פון דעם קאהירי׳שען געלעהרטען געוויקאסען

אויך אין מצרים גופא. זיך בעשעפטיגענדיג כסדר מיט מעדיצינישער פראקטיק, ווערט דער רמב"ם אין גיכען (1170—71 בערך) בעשטימט אלס אפיציעלער רב און ראש בית דין פון קאהירא, און פון די וויטסטע קהלות ווענדעט מען זיך צו איהם, ווי צו א אנערקענטען אוי־טאריטעט, מיט פערשידענע שאלות פונ׳ם רעליגיעזען און געזעלשאפט־ליכען לעבען. אין דער צייט האט דער רמב"ם געארבייט איבער א צווייט קאלאסאל ווערק, וואס האט ארויסגערופען די הייסע בעוואונדע־רונג פון דער גאנצער יודישער וועלט: די משנה־תורה. דאס איז א פאלשטענדיגער רעליגיאנס־קאדעקס, וואס נעהמט ארום אלע גע־ביעטען פון דעם מענשליכען לעבען. דער עקסטראקט, דער תמצית פון דער גאנצער תלמודישער געזעצגעבונג מיט איהר אונגעוועהנליך־פערוויקעלטער דיאלעקטיק, ווערט דא איינגעפאסט אין קלארע, אבגע־שלאסענע פאראגראפען, און דער יודישער יחיד בעקומט פאר זיך א מוסטערהאפטען האנדבוך מיט פארטיגע, בעשטימטע לעבענס־רעגלען, וואס נארמירען נישט בלויז זיינע מעשים, נאר אויך זיינע געדאנקען און געפיהלען. פון דעם תלמודישען לאבירינט, אין וועלכען די גרעסטע קעפ האבען זיך נישט לייכט געפונען, האט דער רמב"ם גע־שאפען א פלאנמעסיגען בנין מיט בעשטימטע אינוועניגסטע און זייטיגע חדרים, אין וועלכע ס׳קען זיך אפילו א פרעמדער לייכט אריענטירען. „איך וואלט וועלן, — זאגט דער רמב"ם אין דער הקדמה צום משנה תורה (האט זיך גערופען אויך יד החזקה) — אז דאס דאזיגע ווערק זאל דיענען פאר א פאלשטענדיגער זאמלונג פון דער גאנצער תורה שבעל פה מיט אלע איהרע תקנות, מנהגים און געזעצען, וואס האבען זיך אנגעזאמעלט פון דער צייט פון משה רבינו ביז דער אבשליסונג פון תלמוד. איך האב אנגערופען דעם ספר משנה תורה (ווידער־האלונג פון דער תורה) גלויבענדיג, אז יעדער מענש, וואס איז שוין בעקאנט מיט די הייליגע שריפטען, וועט אימשטאנד זיין גלייך צוצו־טרעטען צו דער זאמלונג, אין וועלכער ער וועט זיך בעקאנען מיט׳ן אינהאלט פון דער גאנצער תורה שבעל פה".

געשריבען איז דאס ווערק אין א ריינער העברעאישער שפראך, און טיילט זיך אויף פיערצעהן חלקים, פון וועלכע דער ערשטער (ספר המדע) איז אינגאנצען געווידמעט די פילאזאפישע עיקרים פון יודענטום. דא ווערן סיסטעמאטיש און אויף א ראציאנאליסטישען אופן בעלויכטען די דאגמען פון דער יודישער אמונה, ווי אויך די יודישע

עטיק, די לעהרע פון דער יודישער מאראל, אין וועלכער ער שליסט איין א רייהע דינים איבער היגיענע. דאן געהען די איבריגע ספרים, וואס בעהאנדלען אלע פראגען פון דעם יודישען רעליגיעזען און בירגערליכען לעבען.

מיט זיין קאדעקס האט דער רמב״ם אויף אזא אופן דערגרייכט א דאפעלע ווירקונג: פון איין זייט האט ער אריינגעבראכט א געוויסען קריטישען עלעמענט אין דער בעציהונג צו א סך הנהות פון די בעלי התלמוד, און פון דער צווייטער זייט האט ער אלץ אבגעשלאסען, בעשטימט און בעפעסטיגט, אזוי אז דער פרייער געדאנק האט פאר זיך מעהר נישט געהאט קיין פלאץ, זיך צו בעוועגען. דערביי איז דער רמב״ם זעהר הארב געווען, און אנגעבענדיג די שטעלען, וואס דער תלמוד אליין לאזט זיי אפען, פאר בעשטימטע הלכות, לעזט ער זיי כמעט שטענדיג אין דער ריכטונג פון פערבאטען און בעשווערען.

דער רושם פון דעם נייעם קאדעקס אין דער יודישער וועלט איז געווען א אונגעוועהנליכער. ווי נאר דאס ווערק איז פערעפענטליכט געווארען, האט זיך עס גלייך אין טויזענדער איבערגעשריבענע עקזעמפליארען פערשפרייט איבער די קהלות פון אראביען, פאלעסטינא, אפריקא, שפאניען, דרום-פראנקרייך און איטאליען, און צוזאמען מיט איהם האט זיך פונאנדערגעטראגען איבער די אלע לענדער אויך דער נאמען פון דעם גרויסען יודישען געלעהרטען. נישט אומעטום אבער האט מען זיך גלייך בעצויגען צו דער ארבייט פון דעם קאאירישען פילאזאף; עס האבען זיך געפונען אזעלכע, וואס האבען, ערשטענס, מורא געהאט דערפאר, דער נייער, פערקירצטער תלמוד זאל נישט ארויסשטופען דעם אלטען, אריגינעלען; דערצו האבען די שטרענג-ראצי-יאנאליסטישע בעגרינדונגען פון די יודישע עיקרים אויך נישט געקענט בעפרידיגען איננאנצען דעם גייסט פון די מעהר תמימות׳דיגע מאמינים. פון אנאנדער זייט ווידער האט מען סתם אנגעהויבען אבשלאגען דעם רמב״ם׳ס אייגענע הלכי׳שע אויפטועכצען, און אט דער גאנצער „צרי״ פון די אונצופריעדענע האט זיך דערוויל גרופירט ארום דעם מעכטיגען באגדאדער ראש ישיבה ר׳ שמואל בן עלי.

אונטער דער צייט איז דעם רמב״ם׳ס לאגע אין קאאירא אלץ פעסטער געווארען: ער האט בעקומען א שטארקען צוטריט צום קאליפישען הויף, און דארטין האט מען איהם אנגעהויבען שטארק צו שעצען פאר זיינע רייכע קענטעניסען אין מעדיצין און פילאזאפיע. אראבישע

דיכטער האבען בעזונגען די גרויסקייט פון דעם איבעראל געשעצטען מוזא אבן-מיימוני, און זיין נאמען אלס ארצט איז אזוי פאפולער געווארען, אז דער גרויסער ריכארד לייבענהארץ, די גשמה פון דעם דריטען קרייץ-צוג, האט איהם געוואלט מאכען פאר זיין לייב-דאקטאר; דער יודישער געלעהרטער האט זיך אבער דערפון אבגעזאגט. אין גיכען האט דער קאליפישער הויף בעשטימט דעם רמב״ם פאר א נגיד איבער אלע יודען פון דעם עגיפטישען קאליפאט, און דער טיטול איז איבער-געגאנגען אין דער מיימונישער משפחה בירושה ביז׳ן פיערצעהנטען יאהרהונדערט. די דאזיגע הויכע לאגע האט דער רמב״ם אויסגענוצט, אום אויסצופועלן פערשידענע הנחות פאר די יודישע קהלות פון די ווייטערע פראווינצען, און ווען דער קאליף סאלאדין האט אבגענומען ירושלים פון די קריסטליכע. הענר, האט ער ערלויבט יודען, זיך אום-צוקעהרען אהין און צו וואוינען דארטין אונגעשטערט.

ביי זיין גאנצער אנגעשטרענגטער טעטיגקייט אלס ארצט און פאלקס-ריכטער, האט בן מיימון דאך נישט פערלאזען זיין ליעבלינגס-שטודיום, דעם שטודיום פון דער פילאזאפיע, און די פרוכט פון דער ארבייט איז געווען א ניי, איבערראשענד ווערק אויף דעם געביעט פון דער יודישער רעליגיאנס-פילאזאפיע, מיט׳ן אראבישען נאמען „דאלאלאת אל-האאירין״ — אין דער העברעאישער איבערזעצונג: מורה נבוכים (דער לעהרער פון די בלאנזשענדע). בעשטימט לכתחילה נישט פאר׳ן המון, נאר פאר די העכערע יחידי סגולה, וואס האבען שוין פון פריהער געהאט טיעפע קענטענישען אין פילאזאפיע, — איז די בעדייטונג פון דעם ספר זעהר גרויס נישט בלויז פאר דער אויסבילדונג פון יודענטום, נאר אויך פאר דער געשיכטע פון דעם מיטעלאלטער-ליכען דענקען בכלל. דא האט דער רמב״ם געוואלט זיך אליין קלאר מאכען זיין בעציהונג צו אלע פראגען פון וועלט און לעבען און אין דער זעלביגער צייט אויך בעשטימען גענוי דעם פלאץ, וואס דאס יודענטום פערנעהמט אין דער אלגעמיינער פילאזאפיע; דערביי האט ער זיך צוריק אומגעקעהרט צו דעם סיסטעם פון צונויפבינדען דאס יודענ-טום מיט׳ן העלעניזם, אים געגענזאץ צו דעם אויפטו פון ר׳ יהודה הלוי, וועלכער האט די יודישע „ענטפלעקונג״ נישט געוואלט אונטער-ווארפען קיינע אנדערע וועלטליכע אמת׳ען.

די סבה דערפון איז געווען דאס, וואס דער רמב״ם פערזענליך האט געגלויבט אין צוויי געטליכע ענטפלעקונגען: איינע א

רעליגיעזע, אין דער יודישער תורה און די צווייטע א פילאזאפישע, אין דער תורה פון אריסטו, און ווי די אלטע יודעא-העלענישע דענקער האט ער אויך געזוכט צו שאפען א ארגאנישע פערבינדונג צווישען אט די ביידע התגלות׳ען. נאר אין איין זאך איז ער זיך פונאנדערגעגאנגען מיט אלע יודישע רעליגיאנס-פילאזאפען פאר איהם: ער האט אוועק-געשטעלט אלס אונבעריהרבארען יסוד נישט די התגלות פון דער תורה, נאר די פילאזאפישע התגלות פון דעם גריכישען דענקער, און דארט, וואו איהם איז אויסגעקומען אנטקעגענצושטעלען די ביידע אמת׳ען, האט ער די יודישע הנחות גאנץ אפט איבער געוואלט אונטערגעווארפען די הנחות פון אריסטו׳ס מעטאפיזישער לעהרע.

דער יסוד פון רמב״ם׳ס אלע חקירות איז דער „ערשטער בעוועגער" (המניע הראשון), וואס האט אריינגעבראכט לעבען אין דער גאנצער יצירה. אהן דער מציאות פון דעם דאזיגען אייביגען „בעוועגער, וואס איז אליין דאך נישט בעוועגבאר", קענען מיר זיך נישט פאר-שטעלען דעם קיום פון דער וועלט און די בעהעפטונג פון איהרע איינ-צעלנע טיילען. אט דעם העכסטען וועזען און בעשעפער, גאט, טאר מען קיינע מענשליכע אייגענשאפטען נישט צושרייבען — יעדע אייגענ-שאפט פון א צוזאמענגעשטעלטען און בעגרענעצטען וועזען גראבט אונטער די פארשטעלונג פון גאט׳ס אבסאלוטער גאנצקייט און אונענדליכקייט. מיר קענען נאר משיג זיין די ווירקונגען פון דער געטליכקייט, און די פארשטעלונג פון גאט איז בלויז די פארשטעלונג פון זיינע ווירקונגען. און אזוי ווי קיין מציאות קען זיך נישט פערגלייכען מיט דער גאטהייט, מוז מען שוין אננעהמען, אז דער גאנצער וועלטאל, וואס איז בעשאפען געווארען פון גארנישט דורך גאטס ווילען, איז נישט אונענדליך, ווארום אים פערקעהרטען פאל, וואלט דאך די יצירה (בעשאפונג) גלייך געוועזען מיט׳ן יוצר (בעשעפער) *). דא נעהט דער רמב״ם איבער צו דעם אריסטאטעלישען „לייטער פון דער יצירה" (סולם היצירה), וואס אנערקענט די מציאות פון עטליכע

*) אין דער הינזיכט געהט דער רמב״ם געגען אריסטו׳ס לעהרע, וואס אנער-קענט דעם וועלטאל נישט פאר א יצירה פון גאט, נאר פאר א טייל פון דער גאטהייט גופא, וואס איז נישט אונטערגעווארפען קיין אנהויב און קיין סוף און קיין פערענדערליכקייט (קדמות העולם).

קאטעגאריעס ריין-גייסטיגע וועזענס (שכלים נפרדים) אדער מלאכים צווישען נאך און דעם עולם התחתון (די אונטערשטע, פשוט'ע וועלט).

דאס שלעכטס, וואס בעמערקט זיך אין דער נידריגער וועלט, שטאמט נישט פון דער גאטהייט אליין — גאט, דער מקור פון גוטס און פאלקאמענהייט, האט נישט געקענט שאפען קיין שלעכטס; דאס איז ענטשטאנען ערשט א דאנק דער גראבער מאטעריע, וואס האט פערדארבען די גוטע השפעה פון דער גאטהייט. פון דער זעלביגער גראבער מאטעריע, נאר אין א העכערער פארם, איז אויך בעשאפען דער מענש, וועלכער טראגט אויף אזא אופן גלייך אין זיך די עלעמענטען פון שלעכטס; דערפאר האט דעם מענשענס נשמה אין זיך א טייל פון דעם ריין-גייסטיגען, געטליכען, פונ'ם „שכל הנפרד". דער מענש איז אלזא בכח, זיך אויפצוהויבען צו דער מדרגה פון א מלאך, איבער-ווינדענדיג אינגאנצען דאס לייבליכע, קערפערליכע אין איהם. אום צו קענען דערגרייכען אט די מדרגה איז דעם מענשען געגעבען געווארען די פולע פרייהייט: דער מענש קען אונגעשטערט זיך אליין פערוואנד-לען אין א איבערערדישען וועזען און ווערן אונשטערבליך — אלס א טייל פון דעם אייביגען וועלט-גייסט.

מיט דער הויכער טעטיגקייט פון זיין פארשונגס-גייסט קען דער מענש דערגרייכען נאך א העכערע מדרגה: ער קען זיך ערווערבען א בעזונדער אויפמערקזאמקייט פון דער געטליכער השגחה; ער קען זאגאר מיט זיין אידעאלען לעבען, מיט זיין שטענדיגען דענקען וועגען דער גאטהייט און אויסאיבען גאט'ס מעשים — ענטוויקלען אין זיך א אנלאגע צו דעם העכסטען מענשליכען גליק, צו דער נבואה, וואס ערשיינט אין דער געשטאלט פון א געטליכען חלום. ס'פערשטעהט זיך, אז אין דער נבואה גופא זענען אויך פערהאן פערשידענע מדרגות, און דער גרעסטער פון אלע נביאים איז געווען משה רבינו; ער האט אראבגעריסען אלע שלייערן, וואס פערדעקען דאס אויג פון דעם מענשליכען גייסט, און איז צוגעטרעטען ביז דעם העכסטען מקור פון אמת. אט די העכסטע ענטפלעקונג האט ער אראבגעגעבען דעם יודישען פאלק אין דער געשטאלט פון דער תורה, — די פון גאט שטאמענדע לעהרע, וועלכע איז פאלקאמען, אייביג-גילטיג און אונפערענדערליך. זי ענטהאלט נישט בלויז געזעצען, נאר אויך אידעען, גלויבענס-בעגרי-פען: זי זאל צו בעפריעדיגען דעם הויכען מענשליכען גייסט און אויך

צו לייטערן דאָס לייבלעכע אינ'ם מענשען דורך זיטליכקייט און ריינע מעשים.

די ערשיינונג פון „מורה נבוכים" האָט ארויסגערופען אין די יודישע קרייזען נאָך א גרעסערן טומעל, ווי די ערשיינונג פון רמב"ם פריהערדיגע ווערק. אזוי פיעל אינטעלעקטועלע עשירות, אזא שטאַרקע לאָגישע קראַפט האָט נאָך קיין יודישער דענקער פאַר איהם נישט ארויסגעוויזען, און די אלע, וואָס האָבען זיך ביז אהער געוואַקעלט צווישען אריסטו'ס לאָגישע הנחות און די בעגריפען פון יודענטום, האָבען זיך אָנגעחאַפט אָן דער בריק צווישען די ביידע ברעגעס, וועל־כע דער' רמב"ם האָט פאַר זיי אוועקגעלעגט. דאָס ווערק איז אין א קורצער צייט פערשפרייט געוואָרען אין די וויַיטסטע יודישע קהלות, און אין גיכען האָבען אויך די נישט־יודישע געלעהרטע זיך שטאַרק מיט איהם בעשעפטיגט. עטליכע מהמר'נישע שריפטשטעלער האָבען זיך אויסגעדריקט וועגען דעם נייעם פילאָזאָפישען סיסטעם, אז ער וועט פערשפרייטען כפירה און אַטעאיזם, און דאַגעגען האָט אנ'אנדער מהמר'נער געשריבען א פירוש אויפן „מורה נבוכים". שפעטער איז דאָס ווערק — אין א לאַטיינישער איבערזעצונג — דערגאַנגען אויך צו די קריסטליכע סכאָלאַסטיקער, און זיי האָבען זיך שטאַרק בענוצט מיט זיינע חקירות אי'ם קאַמפף מיט דער אפיקורסות.

א שטאַרקע אונצופריעדענהייט האָט דער „מורה נבוכים" גלייך ארויסגערופען אין די אָרטאָדאָקסישע יודישע קרייזען. די דאָזיגע קרייזען האָבען זיך אין דעם משך פון הונדערטער דורות צוזאַמענגע־לעבט מיט דעם הארציגען, נ א צ י אָ נ א ל ע ן גאָט אין הימעל, וועלכער הערשט איבער דעם גאַנצען מענשליכען געשלעכט, קוקט מיט א בעזונדער אויפמערקזאַמקייט זיך־צו צו די מעשים פון זיין אויסדער־וועהלטען פאָלק און בעטייליגט זיך פאַקטיש אין דעם גורל פון יעדען יודישען יחיד, — און דאָ האָבען זיי פאַר זיך פלוצלינג בעקומען א קאַלטען מעטאַפיזישען וועזען, וועלכער האָט קוים עטוואָס א שיכות צו געצעהלטע פילאָזאָפען, מענשען פון אייביגע טיעפע מחשבות, און קימערט זיך גאָרנישט וועגען כ ל ל, וועגען די אלע דורכשניטליכע יחידים, וואָס זענען יודיש־פרום, גאָטספאַרכטיג און עהרליך, נאָר גישט קיין פילאָזאָפען, נישט קיין חוקרים און נישט קיין „איבער־מענשען"; און וויַיל אָט די געטליכע השגחה איז אין דעם רמב"ם'ס סיסטעם פעראייניגט געוואָרען מיט א הויך־אַבסטראַקטער השארת הנפש,

איז אויסגעקימען , אז נאר איינצעלנע אויסדערוועהלטע האבען געקענט האפען אויף א מין ריין-גייסטיגער עולם הבא , וועהרענד דער גאנצער עולם לעבט און שטארבט אהן א שום פערבינדונג מיט די הימלישע ספערען און האט קיין זאך נישט צו ערווארטען . בעזונדער איז דער רמב"ם כמעט אזוי ווי איגנאנצען פערביי געגאנגען דעם עיקר פון תחית המתים , וועלכער האט זיך נישט געלאזען צונויפבינדען מיט די הנחות פון דער גריכישער מעטאפיזיק , און דאס האט דעם רעליגיעזען געפיהל פון די יודישע מאמינים נאך שטארקער אנגע- גריפען .

דאס האט געטריבען דעם רמב"ם , זיך צו פערטיידיגען , און ער האט פערעפענטליכט א בעזונדער בריעף וועגען „תחית המתים" (1191) . דא ערקלערט ער , אז באמת האט ער טאקי נישט געפונען קיין פילאזאפישע בעגרינדונג פאר דעם עיקר , און ער גלויבט אין איהם נאר , ווי אין א איבערנאטירליכען אויפטו פון דער השגחה . דערביי בעקלאגט זיך דער דענקער אויף די פאלשע כונות , וואס מ'האט אריינגעלעגט אין זיינע רייד , און בכלל ווייזט ער ארויס אין דעם בריעף א שטארקע אויפגערייצטקייט . ער בעקלאגט זיך אויף דעם, וואס איהם קומט אויס זיך צו פערענטפערן פאר „שוטים און אלטע ווייבער" , וועלכע גלויבען אין אלע איינבילדונגען און קענען זיך אפילו פארשטעלן גאט מיט אויגען און אויערן .

אויף אזא אופן האבען זיך אנגעהויבען אויסבילדען צוויי לאגערן ארום דעם נאמען פון גרויסען דענקער : פון הייסע פערעהרער און פערביטערטע געגנער . צו די ערשטע האבען אנגעהערט אויך די קהלות פון דרום-פראנקרייך ; „זינט דער טויט פון די לעצטע בעלי התלמוד איז אזא מענש נישט געוועזען ביי יודען" ; „גאט האט איהם אראבגעשיקט צו בעלעבען זיין אבגעשלאפטען פאלק" , — דאס איז געוועזען די מיינונג פון די דרום-פראנצויזישע יודישע דענקער וועגען דעם נגיד פון קאירא . דער דיכטער אלחריזי האט איהם צוגעשיקט א לויב-ליעד מיט בעגייסטערטע אויסרופען (א מלאך ביזטו , ביזט אין גאט'ס בילד געשאפען א. א. וו.) ; די קהלה פון ליונעל , מיט דעם בעריהמטען תלמודישען געלעהרטען ר' יונתן הכהן בראש , האבען זיך געווענדעט צום רמב"ם מיט עטליכע וויסענשאפטליכע שאלות , און אגב גיגעבעטען , ער זאל זיי צושיקען דעם „מורה" , פון וועלכען זיי האבען אזוי פיעל געהערט .

אונטער דער צייט איז דער רמב״ם קראנק געווארען. ער איז אבגעלעגען א גאנצען יאהר, און דערצו האבען זיך אין דעם עגיפטישען הויף (נאך סאלאדינ׳ס טויט) אויך אנגעהויבען שארפע סכסוכים, וואס האבען אבגעשוואכט זיין מאכט און איינפלוס. ענדליך איז סאלאדינ׳ס עלטסטער זוהן, אלאפדאל, געווארען הערשער פון עגיפטען, און דער רמב״ם האט וויעדער איבערגענומען זיין פאסטען אלס לייב-ארצט פון קאליף. פאר דעם לעצטען האט דער רמב״ם פערפאסט א רשימה פון היגיענישע כללים, אין וועלכע ער האט בעזונדער בעטאנט די מעסיגקייט אין טרינקען און אין בעציהונגען מיט פרויען, און בכלל רעקאמענדירט א ריין און פערשטענדיג לעבען.

אין דער צייט האט דער בעריהמטער ר׳ שמואל אבן תבון געגעבען צו וויסען דעם רמב״ם, אז ער נעהמט זיך איבערזעצען דעם „מורה״ פון אראביש אויף העברעאיש. דאס האט דעם קאאירישען דענקער פערשאפט א גרויסען פערגניגען, און ער האט זיין פערעהרער געגעבען געניוע אנווייזונגען בנוגע צו דער איבערזעצונג און אפילו רעקאמענדירט געוויסע פילאזאפישע ווערק צום לייענען. ביי דער געלעגענהייט שרייבט דער רמב״ם צו דער קהלה אין ליונעל: „איהר, געמיינדע-מיטגליעדער פון ליונעל און דער סביבה, זייט די איינציגע, וואס זענט אימשטאנד צו טראגען הויך די פאהן פון משה רבינו און זיך צו פערטיעפען אין די רייד פון רב אשי; אין די איבריגע ערטער (די מזרח-לענדער) ווייסט מען שוין לאנג נישט פון קיין גייסטיגער טעטיגקייט. די גרעסטע קהלות שטארבען אויס, וועניגער — גוסס׳ען א. א. וו., און אונזער גאנצע האפנונג איז נאר אויף אייך״.

א קורצע צייט נאכ׳ן שרייבען דעם דערמאנטען בריעף איז דער רמב״ם געשטארבען (20 טבת ד׳ תתקס״ה — 1204), אין דער עלטער פון זיעבעציג יאהר. דער טויט פון דעם גרויסען פיהרער און לעהרער האט ארויסגערופען א טיעפען טרויער אין אלע קהלות פון דער יודישער דיאספארא; אין אלט קאאירא גופא איז איינגעארדענט געווארען א עפענטליכער טרויער פון דריי טעג, אין וועלכען ס׳האבען זיך בעטייליגט אי די יודען, אי די מחמר׳נער פון שטאדט. אין ירושלים איז אויסגערופען געווארען אן׳אלגעמיינער תענית, און דעם קערפער פון גרויסען נפטר האט מען איבערגעפיהרט קיין טבריה — אינ׳ם הייליגען לאנד. די לעגענדע דערצעהלט, אז אין וועג זענען

בעדואינען אנגעפאלען אויפ׳ן ארון מיט די בעגלייטער; האבען זיי אבער דעם ארון נישט געקענט א ריהר טאן פון ארט, און דעמאלט האבען זיי זיך אליין אויך צוגעשלאסען צו די בעגלייטער פון דעם הייליגען.

דער רמב״ם האט איבערגעלאזען נאך זיך איין איינציגען זוהן, אבול-מעני-אברהם, וועלכער האט גע׳ירשה׳נט פון פאטער אי דעם פאסטען פון א לייב-ארצט, אי דעם טיטול נגיד איבער די יודישע קהלות פון מצרים.



# ניינטעס קאפיטעל.

## די יודישע לאגע אין מערב-איירא‌פא און די גרויסע מחלוקת.

מיט'ן אבשטארבען פון דעם גרויסען קאאירישען געלעהרטען איז דאס אלוועלטליכע יודענטום געבליבען אהן א צענטראלע פערזאן, אהן א גייסטיגען פיהרער און וועגוויזער. דעם רמב"ם'ס זוהן ר' אברהם (1183—1267), איז אפילו געוועזען א מענש מיט בריימע אלגעמיינע און יודישע קענטעניסען; זיין אויטאריטעט איז אבער דאך נישט גרויס געוועזען. און נישט בלויז אין מזרח — אויך אין די מערב-לענדער, אין איירא‌פא, האט זיך נישט געוויזען קיין אויסערגעוועהנליכער, צייט-בעהערשענדער גייסט, וואס זאל אימשטאנד זיין צו קאנצענטרירען ארום זיך די גאנצע אומה.

צו דער דאזיגער גייסטיגער פער'יתומ'טקייט זענען צוגעקומען אויך שווערע רדיפות מצד דער קריסטליכער קירך. דער פויפסט אינאצענץ III, וואס האט דער ערשטער איינגעפיהרט די שטראף פון שייטער-הויפענס פאר יענע, וועלכע האבען געוואגט צו צווייפלען אין זיין היילינער „אונפעהלבארקייט", — אט דער טיראן פון מלכים און פעלקער איז געוועזען א ביטערער שונא פון יודען און יודישקייט, און ער האט טיעפע וואונדען איבערגעלאזען אין דעם יודישען פאלקס-ארגאניזם. דער מעכטיגער פירשט פון וואטיקאן, וועלכער האט גאנץ איירא‌פא אין דער מורא געהאלטען, האט זיך געפיהלט געקוועלט און געדריקט פון דעם

קְלֵיינֶעם הֵייפֶעל יוּדֶען, וואָס האָט מִיט זַיין קלאָרֶען פֶערשטאַנד, לוֹיטֶערֶן גְלוֹיבֶּען און אָנגֶעבֶּוירֶענֶער זִיטְלִיכְקַייט גֶעדִינְט, ווִי אַ שטִילֶער פּראָטֶעסט גֶעגֶען דִי שרֶעקלִיכֶע מעשים פוּן דיזֶער קִירך און דִי קִירכֶען־לַייט. אִין אָנהוֹיבּ פוּן זַיין רֶעגִירוּנג האָט אִינאָצֶענץ אַפִּילוּ גֶעפרוּבט בֶּעשִׁיצֶען דִי יוּדֶען פוּן דִי אכזריות׳ען פוּן דִי קרַייץ־פאָהרֶער; דִי לֶעצטֶע האָבֶּען אוֹיף דֶעם סמך פוּן דֶער מחילה וסליחה, וואָס זֵיי האָבֶּען בֶּעקוּמֶען פוּן פּוֹיפּסטלִיכֶען שטוּהל, אוֹיסגֶעאִיבְּט אִיבֶּער יוּדֶען דִי שרֶעקלִיכְסטֶע גזילות און רציחות, און ווען דִי אוּנגלִיקלִיכֶע האָבֶּען זִיך גֶעווֶענדֶעט נאָך הִילף צוּ דֶעם הֶעכסטֶען שופט פוּן דֶער קִירך, האָט עֶר בֶּעפוֹילֶען (1199), אוֹיפצוּהֶערֶען דִי אַלֶע רציחות גֶעגֶען יוּדֶען: זֵיי נִישט צוּ בֶּערוֹיבֶּען, נִישט שמד׳ען אִיבֶּער גֶעוואַלט, נִישט שלאָגֶען און נִישט שֶענדֶען זֵייעֶרֶע טוֹיטֶע. דֶערבַּיי האָט דֶער אַלֶערהֵיילִיגסטֶער עֶרקלֶערט, אַז קרִיסטֶען טאָרֶען דִי יוּדֶען נִישט פֶערטִילִיגֶען, ווַיל... זֵיי, דִי יוּדֶען, מוּזֶען בְּלַייבֶּען פאַר דִי קוּמֶענדִיגֶע דורות און דאַן דֶערווַייזֶען דֶער ווֶעלט דֶעם אמת פוּן קרִיסטֶענטוּם, אִיבֶּערגֶעהֶענדִיג צוּ דֶער הֵיילִיגֶער קִירך! —

אָט דֶער גרוֹיסֶער צוועק האָט אָבֶּער נִישט אוֹיסגֶעשלאָסֶען קֵיין דֶערווַיילִיגֶע רדיפות. דֶעם פראַנצוֹיזִישֶען צורר היהודים פִילִיפּ אוֹיגוּסט האָבּט אִינאָצֶענץ אַ שאַרפֶען אוֹיסרַייד פאַר זַיין י וּ ד ע נ פ ר ַי י נ ד ש א ַ פ ט (1205): „צוּ זַיינֶע אוֹיעֶרן אִיז גֶעקוּמֶען”, אַז אִין פראַנקרַייך מֶעגֶען יוּדֶען בֶּעזִיצֶען אוּנבֶּעווֶעגלִיכֶע גִיטֶער, האַלטֶען קרִיסטלִיכֶע דִינֶערשאַפט און אַפִּילוּ אוֹיפבּוֹיעֶן נַייֶע שׁ וּ ה ל ע ן, וואָס זֶענֶען הֶעכֶער פוּן דִי שכני׳שֶע קִירכֶען *). אוֹיסֶער דֶעם אִיז דִי יוּדֶען נִישט פֶערווֶעהרט, זִיך צוּ ווַייזֶען אִין דִי גאַסֶען אִין דִי טֶעג פוּן פסחא. אִין זֶעלבִּיגֶען יאָהר האָט דֶער הֵיילִיגֶער פִירֶער שאַרף גֶעמוּסר׳ט פאַר זַיין צוּ־ווַייכֶער בֶּעצִיהוּנג צוּ יוּדֶען אוֹיך דֶעם קֶענִיג פוּן קאַסטִילִיֶען, אַלפאָנזאָ, און שפֶּעטֶער מִיט דרַיי יאָהר האָט אַזאַ בּרִיעף בֶּעקוּמֶען דֶער גראַף פוּן נֶעווֶערס. דִי יוּדֶען — שרַייבּט דֶער פּוֹיפּסט אוֹיס אִין דֶעם בּרִיעף — דאַרפֶען פוּן קרִיסטלִיכֶע פִירשטֶען נִישט בֶּעשִׁיצט, נאָר פֶערשקלאַפט ווֶערֶן; זֵיי

*) דאָס אִיז גֶעווֶען אִין דֶער צַייט, ווען דִי יוּדֶען זֶענֶען אַרוֹיסגֶעטרִיבֶּען גֶעוואָרֶען פוּן אַלֶע פראַנצוֹיזִישֶע פּראָווִינצֶען, און פִילִיפּ־אוֹיגוּסט האָט זֵיי עֶרלוֹיבּט זִיך צוּ בֶּעזֶעצֶען אִין זַיין לאַנד, פוּן וואַנֶען עֶר אַלֵיין האָט זֵיי פרִיהֶער פֶערטרִיבֶּען.

דארפען, ווי דער ברודער-מערדער קין, מיט אייביגער שאנד בערעקט זיין און אייביג ארומוואנדערן פון ארט צו ארט. עס איז דעריבער א פערברעך, צו לאזען די יודען וואוינען ביי זיך, צו לאזען זיי האנדלען און האבען בעציהונגען מיט קריסטען און נישט צו נעהמען פון זיי קיין מעשר (צעהנט-חלק פון פערדיענסט) פאר די דיענער פון דער קירך.

אין דעם פערביטערטען צארן פון אינאצענץ III געגען יודען איז געווען א געוויסער קערן פון שרעק פאר זייער שעדליכער ווירקונג בנוגע צו דעם קריסטליכען גלויבען, און אין דער הינזיכט האט איהם זיין אינסטינקט נישט איינגאנצען אפגענארט. יודען האבען באמת גע-ווירקט אויף זייערע קריסטליכע שכנים און געוועקט אין זיי פערשיע-דענע געדאנקען, און אין דער שטארקער בעוועגונג געגען פויפסט פון די „אפיקורס'ישע" אלביגנעזער האט דער יודישער איינפלוס גע-שפיעלט נישט קיין קליינע ראליע. א סך פון אט די דרום-פראנצויזישע „אפיקורסים" האבען אפילו אפען געזאגט: „דאס געזעץ פון די יודען איז העכער און פאלקאמער, איידער דאס געזעץ פון די קריסטען". אינאצענץ האט דעריבער די יודען פון דרום-פראנקרייך גערודפ'ט צו-זאמען מיט זיינע געגנער, און ווען ער האט ענדליך בעזיעגט אלע פירשטען פון די פראנצויזישע פראווינצען, האט ער זיי, אונטער די שרעקליכסטע שטראפען, געצוואונגען צו שווערן, אז זיי וועלן די יודען קיינע פרייהייטען נישט געבען.

איינער פון די דאזיגע בעזיעגטע הערשער איז געווען אויך דער גראף ראגער פון בעזיער, וועלכער האט ארויסגעוויעזען יודען פערשיע-דענע חסדים און איז אויך געווען פערדעכטיג אין סימפאטיע צו די אלביגנעזער. דא האט די קרייץ-מחנה פון דעם הייליגען פאטער, אונטער דער אנפיהרונג פון דעם בלוט-דורשטיגען נזיר ארנאלד, איינגעריכטעט א אמת'ע בלוט-באד. „מיר האבען נישט געשוינט — שרייבט דער אכזריות'דיגער נזיר אין זיין בעריכט צום פויפסט — קיין שטאנד, קיין געשלעכט, קיין עלטער — כמעט צוואנציג טויזענד מענשען זענען אומגעקומען פון אונזער שווערד. נאך דער גרויסער שחיטה איז די שטאדט אויסגערויבט און פערברענט געווארען און די געטליכע נקמה האט זיך דא ארויסגעוויעזען אויף א וואונדערבארען אופן". אין דער שחיטה זענען נישט געשוינט געווארען אפילו רעכט-גלויביגע קאטוילוקען, און אויף דער פראגע פון די קרייץ-סאלדאטען, ווי אזוי זיי זאלען אונטערשיידען צווישען א רעכט-גלויביגען און א'נ-

אפיקורס (א אלביגנזער), האט זיי ארנאלד געענטפערט: „איהר הרג'עט כסדר — גאט וועט זיך שוין די זייניגע ארויסגעפינען". ביי אזא בעציהונג צו מענשליכע לעבענס בכלל האט שוין, נאטירליך, וועגען שוינען די יודען קיין רייד נישט געקענט זיין: ביז צוויי הונדערט יודען זענען געטויט געווארען, און מאסען האבען די בלוט-מענשען געפאנגען און פערקויפט.

נאך די אלע נצחונות פון דער פויפסטליכער הייליגקייט האט זיך אנגעהויבען א אלגעמיינע אויסראטונג פון דער אפיקורסות: יעדער שפור פון פרייען געדאנק איז דערשטיקט געווארען — דאס דענקען בכלל איז געווארען א זינדיגע זאך; די תלמידים פון דעם אפיקורס, וואס האט געלייקענט אין דער הייליגקייט פון רוים און פון פויפסט, האט מען לעבעדיגערהייד פ״דברענט. אויף אלערליי פילאזאפישע שריפטען, וואס האבען זיך געפונען אין דעם אוצר פון דער קריסטליכער סכאלאסטיק — צווישען זיי אויך די ווערק פון ר' שלמה בן גבירול — איז ארויסגעלעגט געווארען א שווערער חרם, און די יודען פון שפאניען און דרום פראנקרייך זענען געבליבען כמעט די איינציגע טרעגער פון ליכט און וויסען פאר גאנץ אייראפא. די קירך האט זיי אבער נישט אבגעלאזען. אויף דעם קירכען-קאנגרעס אין אוויניאן (1209) זענען ווידער אויסגעארבייט געווארען נייע גזירות פאר יודען; לויט איינער פון זיי האבען יודען נישט געטארט ארבייטען אום זונטאג און אין די קריסטליכע יום-טובים און אין די קריסטליכע פאסט-טעג האבען זיי נישט געטארט עסען קיין פלייש. —

אין ענגלאנד זענען די יודען צו יענער צייט אויך געוועזען ארומגערינגעלט פון אלע זייטען מיט שונאים, און אט די אלגעמיינע ארומיגע רדיפות האבען בעוואויגען גאנצע דרייהונדערט רבנים פון פערשיעדענע שטעדט אין פראנקרייך און ענגלאנד, אויסצעוואנדערן קיין ארץ-ישראל (1212). דארט זענען זיי פריינדליך אויפגענומען געווארען פון סולטאן אלאדיל, און זיי האבען פערשפרייט איבער'ן גאנצען מזרח א נעץ פון ישיבות, וואו זיי האבען פערפלאנצט דעם תוספו'סטישען לעהר-סיסטעם מיט זיין פלפול'דיגער שארפזיניגקייט.

אונטער דער צייט האט זיך פאר די יודען פון אייראפא אנגעהויבען א נייער שטורם. דער אלמאהאדישער פירשט מחמד אל-נזיר פון צפון-מערב אפריקא האט אויסגערופען א הייליגען קריעג פאר דער אויבער-הערשאפט פון איסלאם איבער דער פירענעאישער האלבי-

אינזעל , און אין גיכען האָט זיך אַ האַלבער מיליאָן מחמור'נישע קריגער שוין געפונען אין אַנדאַלוזיען . דאָס האָט אַרויסגערופען אַ נייעם קרייץ-צוג פון דער גאַנצער קריסטליכער וועלט און די אָנגעקומענע צעווילדעטע מחנות , אונטער דער אָנפיהרונג פון דעם אויבען דערמאָנטען אַרנאָלד האָבען זיך קודם כל אַרויפגעוואָרפען אויף די יודען פון דער רייכער קאַסטיליִשער הויפּטשטאָדט , טאָלעדאָ (יוני 1212). צום גליק האָט אַלפאָנסאָ זיך אָנגענומען פאַר יודען , און זיי האָבען קיין סך נישט געליטען .

מיט אַ קורצע צייט שפּעטער האָט אינאָצענץ געלאָזען צוזאַמענרופען אַ אויסערגעוועהנליכע קירכען-פערזאַמלונג , וואָס האָט די מאַכט פון רוים נאָך פערברייטערט און גאַנץ אייראָפּאַ איינגעשלאָסען אין די ראַהמען פון גייסטיגער קנעכטשאַפט . יודען האָבען פערשטאַנען, אַז די פערזאַמלונג וועט זיי קיין גוטס נישט ברענגען און געפּרובט זיך משתדל זיין פריהער ; דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפען , און דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען פיער בעשלוסען געגען יודען . די שווערסטע פון די דאָזיגע בעשלוסען זענען געווען די , אַז יודען דאַרפען יעהרליך איינטראָגען אַ גרויסען שטייער פאַר דער קירך, אויסער דעם געוועהנליכען מעש״, און אַז זיי טאָרען זיך נישט קליידען גלייך מיט די קריסטען , ווייל די גלייכע קליידונג פיהרט צו געמישטע חתונות צווישען „גלויביגע“ מיט „נישט-גלויביגע“ . אגב , האָבען די הייליגע פון דער קירך זיך דאָ כלומר'שט אָנגענומען פאַר דעם געזעץ פון דער תורה , וואָס פערבאָט יודען צו זיין אויסערליך גלייך מיט די נישט-יודישע (געצענדיענערישע) פעלקער , און דערפון איז אַרויסגעקומען דער רשעות'דיגער אויפטו , אַז יודישע קינדער דאַרפען פון צוועלף טען לעבענס-יאָהר אָן טראָגען אין זייער קליידונג אַ שטיק (לאַטע) פון אַ בעזונדער פאַרב , די מענער אויף די היט און די פרויען — אויף די שלייערס (30 נאָוועמבער 1215) . דאַן האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה פון שטאַנדען-פערזאַמלונגען און מיניסטערישע זיצונגען , וואָס האָבען זיך ספּעציעל בעשעפטיגט מיט דעם ערפינדעריִשען „יודען-צייכען“ : בעשטימט זיין פאַרב , פאָרם , לענג און ברייט און אַזוי ווייטער .

און די שענדליכע יודענפרעסער האָבען זייער צוועק דערגרייכט: דער „צייכען“ האָט האָט דעם יודען געמאַכט צו שאַנד און שפּאָט אין די אויגען פון דער גאַנצער קריסטליכער בעפעלקערונג ; האָט זיך אַ יוד

בעוויזען אין גאַס, זענען איהם הונדערטער שקצים בעפאַלען, געלאַכט פון איהם, פערוואָרפען איהם מיט בלאָטע, געשלאָגען און אָפט אויך דער׳הרג׳עט. די קריסטען האָבען זיך בכלל צוגעוועהנט פון דעמאָלט אָן צו קוקען אויף יודען, ווי אויף ניעדריגע בעשעפעניששען, וואָס פערדינען קיין אַכטונג און קיין מיטלייד נישט, און דאָס האָט געווירקט אויך אויף די אונגליקליכע גופא: זיי האָבען פערלוירען יעדען שפור פון זעלבסטאַכטונג און נאַטירליכען שטאָלץ. פעראַכט און בעליידיגט פון אַלעמען און אָהן אַ שום צוטריט צו די העכערע קרייזען פון דער קריסטליכער געזעלשאַפט, האָבען די יודען פערנאַכלעסיגט זייער אויסערליכען אויסזעהן, פערלוירען יעדען געפיהל פון שעהנהייט און געשמאַק און בעקומען אינגאַנצען אַ פנים פון טרויעריגע און דערשלאָגענע.

נאַטירליך, איז די גזירה נישט אַזוי שנעל דורכגעפיהרט געוואָרען און די יודען האָבען זיך מיט אַלע מעגליכקייטען געוועהרט נעגען דעם געצוואונגענעם שאַנדפלעק. בעזונדער האָבען געאַרבייט אין דעם די קהלות פון שפאַניען און דרום־פראַנקרייך, וואו יודען האָבען נאָך דערוויילע פערנומען פערשיעדענע אָנגעזעהענע פאָסטענס (פון דיפּלאָמאַטען, שאַץ־מייסטער׳ס, לייב־דאָקטוירים א. א. וו.); זיי האָבען זיך דערשלאָגען צו דעם נאָכפאָלגער פון אינאָצענץ III, האָנאָריוס III, און ביי איהם געפּועל׳ט, אַז די בישאָפען זאָלען קוקען אויף דעם ענין צווישען די פינגער. אין אַראַגאָניען ווידער האָט זיך וועגען דער גזירה שטאַרק משתדל געווען דער בעריהמטער לייב־דאָקטאָר פון קעניג, יצחק בנבנישתי, וועלכער איז געווען שטאַרק געליעבט פון אַלעמען און האָט אפילו בעקומען אַ אייגענהענדטיגען דיפּלאָם פון פּויפּסט; אין זיין זכות האָט מען אַלע איבריגע יודען אויך נישט געצוואונגען צו טראָגען דעם שאַנד־צייכען. דער זעלביגער פּויפּסט האָנאָריוס האָט, איבריגענס, זיך אויך בעצויגען צו יודען מיט אַ טיעפען חשד, און ער האָט געזוכט צו ווירקען אויף די קריסטליכע הערשער, זיי זאָלען נישט אַנפערטרויען יודען קיין דיפּלאָמאַטישע שליחות׳ען.

אין ענגלאַנד זענען יודען פון דעם שאַנד־צייכען נישט בעפרייט געוואָרען — דאָס האָבען זיי געהאַט צו פערדאַנקען דעם אַכזריות׳דיגען ערצבישאָף פון קענטערבורי לאַנגטאָן. ער האָט זאָגאַר די רדיפות געגען יודען נאָך פערמעהרט און פערשטאַרקט, און ווי עטליכע היסטאָריקער ווילען האָבען זאָל דאָס האָבען געווען אַ נקמה פון יודען

דערפאר , וואס אין דעם זעלביגען יאהר האט זיך א דיאקאן מגייר געווען (נאטירליך , איז ער פערברענט געווארען אויפן שייטערהויפען) . די דאזיגע רדיפות האבען נישט אויפגעהערט אויך פאר דער צייט פון דעם אויפגעקלערטען און פרייזיניגען קייזער פרידריך II, וועלכער האט געהאט ביי זיך אין הויף יודישע געלעהרטע אלס איבערזעצער פון אראבישע וויסענשאפטליכע ווערק (אויף לאטיניש) .

נאך טרויעריגער איז געווען די יודישע לאגע אין דרום-פראנקרייך. דא זענען אבגעפרישט געווארען אלע פערשימעלטע גזירות פון די אלטסטע צייטען , און אין דער גאנצער וואך , למשל , פון פסחא האבען יודען זיך נישט געטארט ווייזען אין גאס . אט די אלע צרות זענען נאך אבער אלץ נישט געוועזן דאס לעצטע ווארט פון דער קירכליכער ער-פינדעריש קייט אויף דעם געביעט פון פערביטערן דאס יודישע לעבען . דער גיהנם-קוואל האט זיך געעפענט פאר יודען פון גאנצע פיער זייטען ; פון פויפסט גרעגאר IX אין רוים, פון קעניג לודוויג IX (דער הייליגער) אין פראנקרייך , פון קעניג פערדינאנד III אין קאסטיליען און ענדליך פון דעם דאמיניקאנער-גענעראל רײמונד דע פעניאפארטע , *) וועלכער האט דורכאויס געוואלט בעגליקען די נשמות פון אלע יודען און מחמר'נער .

אין יענער צייט האט זיך די מאכט פון רוים פערשפרייט אויך איבער די לענדער ביי די גרענעס פון דונאי און טעאיס . אין אונגארן האבען די יודען גאנץ פריה איינגעוואנדערט פון ביזאנ-טיען און פון דער כאזארישער מלוכה , און הגם די מאדיארען זענען שוין דעמאלט געווען האלבע קריסטען , האבען זיי דאך זיך בעצויגען מאלעראנט צו יודען , ווי צו די געצענדיענער און מחמר'נער , וואס האבען געלעבט אין דעם לאנד . יודען האבען דא פון די אלטכטע צייטען געהאלטען אין ארענדע פערשידענע מלוכה-שטייערן און האבען בכלל פערנומען זעהר אנגעזעהענע מלוכה-פאסטענס . דאס האט זיך געצויגען ביז דער צייט פון פויפסט גרעגאר IX, וועלכער האט געצוואונ-גען דעם אונגארישען קעניג אנדרעאס , צו דערוויטערן יודען פון יעדען עהרען-פאסטען . אנדרעאס האט געפרובט אין אנהויב זיך נישט

*) דאמיניקאנער און פראנציסקאנער — דאס זענען נעמען פון צוויי אלט-קאטוי-ליזע מאנאכען-ארדענס .

שטארק רעכנען מיט דער גזירה, דאן האט דער פויפסט ארויפגעלעגט אויף איהם א שווערען חרם, און דער קעניג האט געמוזט געבען א פייערליכע הבטחה (1233), אז ער וועט יודען און מחמד'נער נישט צולאזען צו קיין שום אמט, נישט לאזען זיי האבען קריסטליכע לייב-איינענע, חתונה האבען מיט קריסטען און ענדליך אויך — זיי צווינגען צו טראגען דעם שאנד-צייכען. די זעלביגע שבועה האבען געמוזט געבען דער קעניג פון סלאוואניען און אלע איבריגע פירשטען פון לאנד.

אט די אלע רדיפות פון אויסווענינג האבען נישט געקענט בלייבען אהן א טיפער ווירקונג אויף דעם אינווענינסטען יודישען לעבען, און דאס האט זיך באלד ארויסגעוויזען אין זעהר א שארפער פארם. דאס פערשטארקטע רעליגיעזע געפיהל האט זיך מיט אמאל אנגעהויבען ארומצוזימען פון אלע מעגליכע שלעכטע ווירקונגען, און דא האט עס זיך אנגעשטויסען אן דעם נייעם שטראם אין יודענטום, וואס האט זיך געצויגען פון רמב"ם'ס ווערק. דער לעצטער האט, ווי ס'איז שוין אויבען אנגעוויזען געווארען, אין א סך הינזיכטען אבגעטרעטען פון דער יודישער מסורה און בכלל פערבויגען נישט וועניג ביבלישע און תלמודישע שטעלען, וועלכע האבען זיך נישט געלאזען איינ[illegible]ען אין די ראהמען פון דער אריסטאטעלישער פילאזאפיע. דאס האט אין די ארטאדאקסיש-רבני'שע קרייזען ארויסגערופען א שטארקען שטורם געגען יעדען מין פילאזאפיע איבערהויפט. אויף דעם באדען איז ענטשטאנען א פערביטערטער קולטור-קאמפף מיט צוויי פיינדליכע לאגערן, וואס האבען זיך קאנצענטרירט ארום דעם נאמען פון פערשטארבענעם דענקער: מיימוניסטען און אנטי-מיימוניסטען. די לעצטע, בעזונדער יענע פון זיי, וועלכע האבען נאך געדענקט דעם רמב"ם, האבען אפילו נישט געוואגט צו רעדען שלעכטס אויף איהם אליין און צו צווייפלען אין זיין עהרליכקייט און פרומקייט; זיין ווירקונג אבער האבען זיי אנערקענט פאר שעדליך, ווייל די מיינונגען, וואס ווערן ארויסגעזאגט אין זיינע ווערק, זענען סותר די טראדיציאנעלע יסודות פון יודענטום.

אנגעהויבען האט זיך אייגענטליך דער אידעען-קאמפף גלייך נאכ'ן רמב"ם'ס טויט. נאך אין יאהר 1205 האט א געלעהרנטער יונגערמאן פון טאלעדא, מיט'ן נאמען ר' מאיר בן טודרוס הלוי אבולעפיא, אנגעשריבען א עפענטליכען בריעף צו די „חכמי לוניל" (די געלעהרנטע פון לונעל), אין וועלכען ער האט זיי אויפמערקזאם

געמאכט , אויף די „אפיקורסי'שע שטעלן" אין „ספר המדע" פון רמב"ם'ס „משנה תורה" . דער בריעף האט אבער קיין ערפאלג נישט געהאט , און דער אנגעזעהענער גדול ר' אהרן בן משולם האט דעם אנפאלער הארב אבגעענטפערט פאר דער חוצפה , זיך צו טשעפען צו אזא ריעז, ווי דער רמב"ם . דער בעריהמטער ר' ששת בנבנישתי פון בארצעלאנא האט אויך חוזק געמאכט פון דעם יונגען פאנאטיק , און געשריעבען : „מ'רופט איהם בעליילטער (מאיר) , ווערענד ער בלאנרזשעט גאר אין דער פינסטער" . געוואונען פאר זיך האט אבולעפיא נאר עטליכע רבנים פון צפון פראנקרייך , צווישען זיי איינער פון די בעלי התוספות , ר' שמשון פון סאן . דערמיט האט זיך דערוויילע דער טומעל פערענדיגט , און דעם רמב"ם'ס אידעען האבען זיך פאר דער צייט שטארק פערשפרייט אין גאנץ שפאניען און דרום פראנקרייך . כמעט אלע בעדייטענדע יודישע פערזענליכקייטען אין די לענדער זיינען בעהערשט געווארען פון דער ראציאנאליסטישער פארשונגסמעטאדע , און האבען אנגעהויבען זיך בעציהען שטרענג-קריטיש צו אלע דאגמען און געבאטען פון יודענטום . נאטירליך , האט עס געמוזט פיהרען צו א געוויסער קאלטקייט בנוגע צום אבהיטען די דאזיגע געבאטען, און א סך האבען אנגעהויבען שטארק מקיל זיין אין זאכען, וואס זענען ביז דאן געווען זעהר פערהייליגט — עס איז זאגאר דערגאנגען ביז חתונה-פערבינדונגען מיט קריסטליכע אדער מחמר'נישע פרויען .

דאס האט ענדליך שטארק אויפגעטרייסעלט די ארטאדאקסישע קרייזען , און באלד האט זיך צופלאקערט א הייסער און פערביטערטער קאמפף . עס האט זיך געפונען א שטרענג-פרומער תלמודישער געלעהרטער , מיט'ן נאמען ר' שלמה בן אברהם פון מאנפעליע , וועלכער האט דער ערשטער גענומען אויף זיך מקנא צו זיין קנאת ר' צבאות און איינמאל פאר אלע מאל פערניכטען די פערשאלטענע פילאזאפיע . ער האט צוגענומען צו זיך נאך צוויי תלמודישע געלעהרנטע , ר' יונה בן אברהם גערונדי און ר' דוד בן שאול , און צוזאמען האבען זיי אויסגערופען א חרם (אנהויב 1232) איבער יענע אלע , וועלכע לערנען די פילאזאפישע טהיילען פון רמב"ם'ס ווערק, בעשעפטיגען זיך מיט וויסענשאפטליכע חקירות וועגען גאט און גלויבען און טייטשען בכלל אויס די תורה און דעם תלמוד נישט אין פשטות . אויף דעם חרם האבען זיך גע'חת'מעט נאך פיעל רבנים פון צפון-פראנקרייך , צווישען זיי אויך דער בעריהמטער ר' יחיאל פון פאריז .

דערמיט אָבער האָט זיך דאָס פייער נאָר פונאַנדערגעקאָכט . דער־ווייסענדיג זיך פון דעם חרם , האָבען די מײַמוניסטען פון דרום־פראַנק־רייך אויפגעהויבען אַ גאַנצען שטורם . זיי האָבען אין דעם שריט געזע־הען איז אַ שענדליכע בעליידיגונג פאַר׳ן נאָמען פון דעם גרויסען דענקער און געזעצלעהרער , איז די געפאַהר פון אַ שרעקליכער שפּאַלטונג , און די דריי גרויסע דרום־פראַנצויזישע קהלות : בעזיער, ליונעל און נאַרבאָנאָ האָבען מבטל געווען דעם חרם פון ר׳ שלמה׳ן מיט זיינע חברים. די קהלה פון מאָנפּעליע גופא האָט זיך אויך צוטיילט אויף צוויי פּאַרטייען : די געבילדעטע זענען געווען געגען ר׳ שלמה׳ן אין דער פרומער המון—פאַר איהם . דאָ איז עס אפילו דערגאַנגען צו געשלעגערייען , און באַלד האָט זיך די מחלוקת פונאַנדערגעטראָגען איבער אַלע קהלות פון קאַ־טאַלאָניען , אַראַגאָניען און קאַסטיליען . די מחלוקת איז פון ביידע זיי־טען געפיהרט געוואָרען מיט אַ פערביטערטער ליידענשאַפטליכקייט , און דאָס ערגסטע דערביי איז געווען דאָס , וואָס ביידע צדדים האָבען זיך געשטיצט אויף אַלטע אויטאָריטעטען .

אין לאַגער פון די מײַמוניסטען האָבען זיך בעזונדער אויסגעטיילט די געשטאַלטען פון צוויי בעריהמטע פערזענליכקייטען : ר׳ דוד קמחי און דער יונגער ר׳ משה בן נחמן . דער ערשטער , אַלס העברע־אישער שפּראַך־פאָרשער און ביבעל־ערקלערער, איז געווען איינער פון די היציגסטע פערעהרער פון רמב״ם , און די אַנטי־מײַמוניסטען פון צפון־פראַנקרייך האָבען אויף איהם אויסגערופען אַ בעזונדער חרם — פאַר זיין מײַמוניש־פילאָזאָפישען פירוש איף דער וויזיע פון יחזקאל הנביא און פאַר זיין ערקלערונג , אַז ווען משיח וועט קומען , וועט דער תלמוד בטל ווערן . אין דעם קאַמפּף געגען די אַנטי־מײַמוניסטען איז אַלזאָ דער רד״ק פערזענליך פעראינטערעסירט געווען , און ער האָט אַליין, אונטערגענומען אַ רייזע קיין שפּאַניען , כדי צו בעקומען אויף זיין צד די דאָרטיגע קהלות.

די צווייטע טאָן־געבענדע פערזענליכקייט אין דעם קאַמפּף , ר׳ משה בן נחמן (דער רמב״ן , געב. 1125 , געשט. 1370) פון געראָני , האָט געפּרובט שטילען די צורייצטע ליידענשאַפטען און רופען צו אַ ערנסטער איבערלעגונג . ער אַליין איז שטרענג געשטאַנען אויף דעם באָדען פון דער מסורה און יעדער מאמר פון תלמוד און אפילו פון די שפּעטערדיגע גאונים (שוין נישט רעדענדיג וועגען די הייליגע שריפטען) איז געווען פאַר איהם הייליג און אונבעריהרבאַר ; לויט דער

בעשעפטיגונג א דאקטאר און בכלל א מענש מיט ברייטע אלגעמיינע קענטעניסען, האט ער דאך געקוקט מיט פעראכטונג אויף דער גריכישער פילאזאפיע, און אין דער צייט, ווען דער רמב״ם האט איבערהויפט געוואלט אלץ קלאר צו מאכען אין יודענטום, אלץ אונטערצעווארפען דער קריטיק פון דעם ריינעם מענשליכען פערשטאנד, — האט דער רמב״ן גראד די קבלה גערעכענט פאר דאס הייליגסטע און העכסטע פון דער יודישער ענטוויקלונג. דער רמב״ן האט געגלויבט אויך אין רוחות און שדים, וואס דער רמב״ם האט גערעכענט פאר נעצענדיגענסט; ביי דעם אלעם איז אבער דער רמב״ן דאך געוועזען פיעל טאלעראנטער פון די צפון-פראנצויזישע רבנים. צו דער צייט, ווען דער חרם איז אויסגערופען געווארען אויף די מיימוניסטען, האט דער יונגער, נאר זעהר אנגעזעהענער גאון פון גערונא (דער רמב״ן) זיך געשטעלט אויפן צד פון די חרם-אויסרופער: ר׳ שלמה פון מאנפעליע און זיין פעטער ר׳ יונה, און זיך געווענדעט מיט א בריעף צו די קהלות פון אראגאניען, נאווארא און קאסטיליען, אין וועלכען ער האט זיי אויפגעפאדערט, זיך נישט צו לאזען פערפיהרען פון די „פאלשע“ מיימוניסטען.

די מעהרסטע קהלות פון שפאניען האבען זיך אבער יא געלאזען „פערפיהרען“. דער לייב-ארצט פון אראגאנישען קעניג, בחיאל אבן-אלקאנסטאנטיני, זיין ברודער שלמה, מיט נאך צעהן אנגעזעהענע פיהרער פון דער קהלה אין סאראגאסא האבען אויפגערופען אלע אראגאנישע קהלות, זיך צו פעראייניגען מיט זיי אין קאמפף געגען יענע, וואס האבען געוואגט ארויסצוטרעטען געגען דער גרויסקייט פון רמב״ם, „וועלכער האט אונז ארויסגעצויגען פונ׳ם תהום פון אונוויסענהייט, פערבלענדעניש און נארישקייט“. אויף דעם אויפרוף האבען זיך אבגערופען די פיער קהלות: הוסקא, מאנזאן, קאלאטאיוד און לערידא, וועלכע האבען זיך פעראייניגט מיט די מיימוניסטען. דער ענטשיידונגס-פונקט פון דעם קאמפף איז אבער געלעגען אין דער טאקגעבענדער טאלעדא, און גראד דא איז די שטימונג געוועזען מעהר פאר ר׳ שלמה׳ן, ווי געגען איהם. דער אויבען-דערמאנטער ר׳ מאיר אבולעפיא האט אין זיין בריעף צום רמב״ן פאראויס פערזיכערט, אז די גדולים פון טאלעדא וועלען צופריעדען מיט׳ן חרם, וואס איז אויסגערופען געווארען אויף יענע, „וועלכע שטיצען זיך אויף זייער פערשטאנד און זאגען, אז גאט פאדערט גארנישט קיין אויסערליכע

מעשים, נאָר בלויז אינערליכע פערטיעפונגען אי׳ם גייסט פון דער פילאָזאָפיע״. אין דעם בריעף דראָהעט ער זאָגאר, אז ער מיט זיינע חברים וועלן זיך אינגאנצען אָבזונדערן פון די פערברעכערישע מיימוניסטען און מיט זיי מעהר קיין מגע ומשא נישט האָבען, — ווי מיט אָבגעריסענע טיילען פון דער אומה. דאָס האָט דעם רמב״ן ארויפגע־בראכט אויפן רעיון די מורא פאר א נייער שפאלטונג אין יודענטום, און ער האָט פאָרגעלעגט א אויסוועג, וואָס האָט געזאָלט צופריעדענ־שטעלן ביידע צדדים. דער פאָרשלאָג איז בעשטאנען אין דעם, אז דעם חרם פון רמב״ם׳ס הלכי׳שע ספרים, ציווישען זיי אויך דעם עטיש־פילאָזאָפישען ספר המדע, זאָל מען אראָבנעהמען, דען „ווער עס שיידט זיך אָב פון רבי׳ס (רמב״ם׳ס) ספרים איז, ווי ער וואָלט זיך אָבשיידען פון לעבען״; דאגעגען זאָל פערבאָטען ווערן צו לערנען „קאָמפאניעס־וויַיז״ (עפענטליך) דעם „מורה נבוכים״. און דערביי זאָל מען אויך קיין זעהר האַברע מיטלען נישט אָנווענדען, נאָר ווירקען מיט גוטען: „ווער ס׳וועט פאָלגען וועט פאָלגען און ווער נישט — נישט; מ׳קען דאָך נישט צווינגען אלע יודען, זיי זאָלען זיין חסידים און צדיקים״.

די דאָזיגע פשרה האָט קיינעם פון די קעמפפענדע צדדים נישט בעפריעדיגט — צו טיעף איז געוועזען דער אָבגרונד צווישען דעם רמב״ם׳ס יודישקייט און דאָס יודישקייט פון דער מסורה, אום זיי זאָלען נאָך קענען אויף וועלכען ס׳איז אופן קומען צווישען זיך צו אַנ׳-אויסגלייך. איינער פון די מעהר בעוואוסטזיניגע צווישען די אַנטי-מיימוניסטען, דער פירשט (נשיא) פון קאַסטילישען יודענטום און לייב-ארצט פון קעניג ר׳ יהודה בן יוסף אבן אלפאכר, האָט דעם געדאנק זאָגאר אָפען און דרייסט ארויסגעזאָגט. אלס טאָן-געבענדע און איינפלוסרייכע פערזענליכקייט, האָט דער ר׳ יהודה אלפאכר זיך געהאלטען די ערשטע צייט פון דער וויַיטען און נישט ארויסגעזאָגט קיין בעשטימטע מיינונג וועגען דער פראגע; דאן האָט זיך דער אַלטער ר׳ דוד קמחי געווענדעט צו איהם מיט א הייסען בריעף (ער האָט זיך געלאָזען אליין פאָהרען צו איהם פון דרום־פראנקרייך, נאָר אין וועג איז ער קראנק געוואָרען), אין וועלכען ער האָט איהם אויפגע-פאָדערט, ארויסצוזאָגען זיין מעכטיג וואָרט וועגען דער ברענענדיגער מחלוקת און איינמאָל פאר אלע מאָל א סוף מאכען מיט די ווילדע מעשים פון די פינסטערע „פאנאטיקער״. און אבן אלפאכר האָט זיין

האָרט אַרויסגעזאָגט; דאָס איז אָבער געווען אַ האַרטער קלאַפּ ניט פאַר די פאַנאַטיקער, נאָר פאַר די פרייזיניגע מיימוניסטען. אין זיין שאַרפען ענטפער דעם רד״ק שרייבּט ער: בּן מיימון האָט געוואָלט צונויפבּינדען די תּורה מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע און געמיינט, אַז זיי וועלן בּיידע הויזען צוזאַמען; דאָס קען אָבער ניט זיין — די תּורה קען זיך ניט פערבּינדען מיט דער פילאָזאָפיע, וואָס שטיצט זיך אָפט אויף סאָפיסטישע פּשט'לעך. דאָ ווייזט ער אָן אויף אַ סך פאַקטען פון דער תּורה, וואָס דער „מורה נבוכים" ערקלערט זיי „על פּי שׂכל" אַזוי, אַז מ'קען זיי יאָ אָננעהמען און ניט אָננעהמען, און קומט צו צו דעם בּעשלוס, אַז בּיי דעם גאַנצען כּבוד, וואָס ער פיהלט צו דעם גרויסען גייסט, צו דעם טיפען דענקער און מחבּר פון „משנה תּורה", זעהט ער דאָך אַ סך שעדליכעס אין זיינע פילאָזאָפישע ווערק. „אַ תּורה האָט אונז געגעבען — שרייבּט אויס אבן אַלפאַכר — משה (רבּינו), און איהר ווילט דעם רבּי'ן משה (בּן מיימון) ז״ל אויפהויבען העכער פון די נביאים... אין „מורה" זענען ניט אַלע שטעלן גלייך: אַנדערע זענען גוט, אַנדערע זענען אָבער שעדליך. הלוואי וואָלט דער ספר (מורה נבוכים) אינגאַנצען ניט געשאַפען, ניט איבּערזעצט און ניט געלייענט געוואָרען... דער ערשטער שולדיגער איז ר' שמואל אבּן תּבּון; ער האָט יי״הם איבּערזעצט אויף העבּרעאיש און אויף אַזאַ אופן פערשפּרייט צווישען המון אַזעלכע מיינונגען, וואָס זענען בּעשטימט נאָר פאַר יחידי סגולה..."

נאָך דעם אַלעמען איז די שטימונג פון דער מעהרהייט צווישען פאָלק און די רבּנים דאָך געווען אויף דער זייט פון די מיימוניסטען, און ווען דער אויפגערייצטער ר' שלמה האָט געזעהען, אַז די צאָהל פון זיינע מיינונגס-חברים ווערט אַלץ קלענער, האָט ער זיך בּעשלאָסען אויף אַ שענדליכער עובדא. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען גרעגאָר IX האָט איינגעאָרדענט אינקוויזיציאָנס-געריכטען אין אַלע גרעסטע שטערט פון דרום-פראַנקרייך, צו משפּט'ען די פערדעכטיגע אין אפּיקורסות; אָט די בּלוט-געריכטען זענען אוועקגעשטעלט געוואָרען אונטער דער השגחה פון די אַכזריות'דיגע דאָמיניקאַנער און צו זיי האָט זיך דער צוהיצטער קנאי געווענדעט נאָך הילף אים קאַמפּף מיט די מיימוניסטען. ר' שלמה מיט זיין חבר ר' יונה זענען געקומען צו די דאָמיניקאַנער און האָבּען געזאָגט צו זיי: איהר פערבּרענט אייערע אַפּיקורסים, פערפאָלגט-זשע אויך אונזערע. די מעהרסטע יודען פון פּראָוואַנס (דרום-פראַנקרייך)

זענען אָנגעשטעקט מיט די אפיקורסישע ווערק פון ר׳ משה בן מיימון, תען איהר וועט אָט די ווערק עפענטליך און פייערליך פערברענען, וועט דאָס די יודען אָבשרעקען". דערביי האָבען זיי פאָרגעלייענט פאר די דאָמיניקאנער געוויסע שטעלען פון ספר המדע און מורה נבוכים, פון וועלכע די בעגרענעצטע מאָנאכען זענען פערציטערט געוואָרען, און דאָס איז, נאַטירליך, גענוג געווען פאר די היילינע דיענער פון דער קירך, זיך אָנצוהאַפּען אָן דעם פאָרשלאָג. די שרעק פון דער קירך איז נאָך גרעסער געווען דערפאר, וואָס דער „מורה" איז שוין דעמאָלט געווען איבערזעצט אויך אויף לאטיניש, און דאָס האָט דעם גורל פון די „שעדליכע" ווערק נאָך צוגעאיילט: די שלוחים פון דער אינקוויזיציע האָבען זיך גלייך אַרויסגעלאָזען איבער אלע יודישע הייזער פון מאָנפעליע, און אלע געפונענע עקזעמפּליארען פון „ספר המדע" און „מורה" זענען דערנאָך עפענטליך פערברענט געוואָרען. אויף ר׳ יונה׳ס פערלאַנג איז דאָס זעלבע פאָרגעקומען אויך אין פּאַריז: אויך דאָ האָט מען דעם רמב״ם׳ס ספרים צונויפגעזאַמעלט אין גאַס און אָנגעצונדען — ביי אַ אַלטאַר-ליכט פון אַ דערבייאיגער קירך.

אָט די שענדליכע מסירה האָט אַרויסגערופען אַ געוואלדיגע אויפרעגונג אין אלע קרייזען פון דער יודישער וועלט. אין גאַנץ דרום-פראַנקרייך און שפּאַניען האָט אויסגעבראָכען אַ שטורם פון צאָרן און כעס נעגען דעם אונגעלומפּערט-פערברעכערישען קנאי מיט זיינע חברים, וואָס האָט פעראייניגט די פריהערדיגע געגנער און אָנהענגער. פון אלע זייטען האָבען זיך געשאָטען קללות און זלזולים אויף די קעפּ פון די „מוסרים", און די פריהערדיגע הייסע אָנהענגער פון ר׳ שלמה׳ן (אויך ר׳ מאיר אַבולעפיא) זענען פון חרפה אינגאַנצען אַנטשוויגען געוואָרען. די מיימוניסטען ווידער האָבען איצט אין איין אָטעם גיך-וואָרפען פיילען פון פייערדיגע בריעף און גיפטיגע סאטירען אין די רייהען פון די בעשולדיגטע, און דאָס האָט וויטער געבראַכט צו עקסצעסען פון דער צווייטער זייט: עטליכע איינפלוסרייכע מיטגליעדער פון דעם מיימוניסטישען צד האָבען פאר דעם זעלביגען אינקוויזיציאָנס-געריכט בעשולדיגט די קנאים אין פאַלש עדות-זאָגען געגען רמב״ם׳ס ווערק, און דאָס געריכט האָט ביז צעהן אָנגעקלאָגטע געלאָזען אויס-שניידען די צינגער פון מויל (איינער פון די דעמאָלטיגע סאטיריקער האָט געלייענט איבער די בעשטראָפטע דעם פסוק: שתו בשמים פיהם ולשונם תהלך בארץ, ד. ה. זיי האָבען געווענדעט זייערע מיילער

גענגען הימעל, איצט וואלגערט זיך זייער צונג אויף דר'ערד.

געענדיגט האט זיך דער קאמפף מיט'ן פאלשטענדיגען נצחון פון די מיימוניסטען. וואס מיט ר' שלמה'ן איז געווארען — איז נישט בעקאנט; דאגעגען האט ר' יונה עפענטליך אויסגעדריקט א טיפע חרטה איבער זיינע מעשים; ער האט גענומען אויף זיך א שווערע תשובה, און וואנדערנדיג פון שטאדט צו שטאדט, האט ער זיך אומעטום מתודה געווען און פאר אלע אויסגערופען: „משה (בן מיימון) איז אמת און זיין תורה איז אמת, נאר מיר זענען פאלש". — צווישען די קעמפפענדע צדדים האבען זיך, איבריגענס, געפונען אויך אזעלכע, וואס האבען געזוכט צו פערהיטען די שלעכטע ווירקונג פון רמב"ם'ס חקירות מיט אנ'אנדער, פונקט אנטקעגענגעזעצטער ווירקונג; אזוינער איז געווען דער אנגעזעהענער תוספ'יסט ר' משה פון קוצי. א בעריהמטער און טיעף-געלעהרגטער תלמודישער געזעצקענער (ער האט מחבר געווען א מין קאדעקס לויט'ן זין פון דער מסורה, מיט'ן נאמען „ספר מצוות גדול", קורץ: סמ"ג), האט ער זיך בעזונדער אויסגעצייכענט אלס בעליעבטער דרשן, און דאס האט ער אויסגענוצט אויף צו פערשטארקען דעם יודישען רעליגיעזען געפיהל. ער איז ארומגעפאהרען פון שטאדט צו שטאדט איבער גאנץ דרום-פראנקרייך און שפאניען, און מיט זיינע הארציגע דרשות געפלאנצט אין די יודישע הערצער פרומקייט, עהרליכקייט און גוטע מענשליכע מדות. אונטער דער ווירקונג פון די דאזיגע דרשות האבען א סך לייכטזיניגע און לייכטגלויביגע יודען אנגעהויבען שטרענגער אבצוהיטען די געבאטען פון דער תורה און פיעל האבען זיך אפילו אבגעטיילט פון זייערע קריסטליכע אדער מהמד'נישע פרויען.

ר' משה איז געשטארבען אין יאהר 1260; זיין צייט-חבר ר' יצחק פון קארבייל האט ארויסגעגעבען א פערקירצטע אויסגאבע פון דעם גרויסען ספר מצוות (סמ"ג), אום איהם צו מאכען מעהר צוגענגליך פאר די ברייטע שיכטען פון פאלק. אט די פערקירצטע אויסגאבע האט בעקומען דעם נאמען „ספר מצוות קטן" אדער אבגעקירצט: סמ"ק.

## צעהנטעם קאַפּיטעל.

## די אויפבליהונג פון דער קבלה.

---

צו די כאַראַקטעריסטישע ערשײַנונגען אינ׳ם יודישען גײַסטיגען לעבען פון יענער צײַט דארף מען צורעכנען אויך די שטאַרקע אויפ-בליהונג פונ׳ם יודישען מיסטיציזם, פון דער קבלה. דאָס איז געװעזען װי א מין רעאַקציע געגען דער ממשלה פונ׳ם טרוקענעם ראַציאָנאַליזם, װעלכען אַלערלײַ יודישע און נישט-יודישע פילאָזאָפען האָבען אַרײַנגע-פיהרט אין די ספערען פון יודישען שאפען און דענקען. דער סיסטעם פון חקרה׳נען זיך, פון צוגליעדערן יעדער זאַך מיט׳ן קאַלטען שכל, האָט איבערהױפּט „נישט בעפריעדיגט דאָס רעליגיעזע געװיסען פון יענע האַרציג-גלױביגע, װעלכע האָבען געזוכט אין יודענטום נעהרונג נישט פאַר׳ן פערשטאַנד, נאָר פאַר׳ן געפיהל, װעלכע האָבען געזוכט זעלבסט-פערגעסונג און נישט זעלבסטבעװאוסטזײַן"; געטריעבען פון די „אויפגעקלעהרטע" מײַמוניסטען, זיך צו פערטיעפען אין די אײַביגע פראַגען פון גאָט און װעלט, האָבען אָט די עקזאַלטירטע און מיסטיש-געשטימטע נאַטורען דעריבער געשאַפען פאַר זיך א גאַנץ בעזונדערע טעאָזאָפיע (גאָט-קלוגהײַט, גאָט-לעהרע) — אַזעלכע, װאָס שטיצט זיך נישט אויף קײַן לאָגישע הנחות, נאָר אויף פאַנטאַסטישע בילדער און פאָרשטעלונגען. דערבײַ האָבען זיך די פאָרשטעהער פון דער לעהרע נישט אָבגעריסען פון דער טראַדיציע, נאָר פערקעהרט: אײַנגעפאַסט

אַלע זײַערע מיסטישע בעגריפען אין פסוקים פון די הײליגע שריפטען *), אגדות פון תלמוד און מדרש און איבערהויפט אין די טעקסטען פון די עטליכע קבלה־ספרים (ספר יצירה א. ג. א.), וואָס האָבען זיך שוין געפונען אין דער יודישער רעליגיעזער ליטעראַטור.

די קבלי'סטישע טעאָזאָפיע אין אָנהויב פון דרײַצעהנטען יאָהר־הונדערט האָט אַרויסגעשטעלט דעם פאָלגענדען אידעען־גאַנג: גאָט איז העכער פון אַלץ — אפילו אויך פון זײַן און דענקען. זאָגען פון דער גאָטהײַט, אַז זי רעדט, דענקט, וויל, טוט, בעוועגט זיך און אַזוי ווײַטער, הײסט בעגרענעצען איהר מהות און זי איז פּאַקטיש אונבע־גרענעצט, ווײַל — פאָלקאָם. אויב עס לאָזט זיך יאָ מיט עפּעס בעשטימען דער מהות פון גאָט, איז עס בלויז דערמיט גופא, אַז ער איז אונבעגרענעצט, אַז ער איז אַ „אין סוף" (אונענדליך) ד. ה. אַ וועזען אָהן שום ממשות'דיגע אײגענשאַפטען, וואָס איז פערהוילען פון דעם מענשליכען גײַסט און לאָזט זיך בעצם נישט בעגרײַפען. ווי אַזוי־ושע איז צו אונז אויף אַזאַ אופן דערגאַנגען די מציאות פון דער גאָטהײַט? דורך דער יצירה; דורך דעם, וואָס איז דאָ, וואָס עקסיס־טירט — דורך דער וועלט. אָט די נידריגע, מאַטעריעלע וועלט מיט אַלע איהרע שלעכטקײַטען און חסרונות האָט אָבער פון דעם „אין סוף" אַלײן נישט געקענט בעשאַפען ווערן — דאָס אונבעגרענעצטע, אַבסאָלוט־פאָלקאָמע האָט נישט געקענט אונמיטעלבאַר אַרויסברענגען אַ יצירה, וואָס איז בעגרענעצט און נישט פאָלקאָם. וואָס דען? דער אין סוף, דאָס אונענדליכע ליכטפולע וועזען האָט אויסגעשטראַהלט פון זיך אײן גײַסטיגען מהות, אײן כח (קראַפט), און איהם מיטגעגעבען אַ טײל פון זײַן פאָלקאָמער אונענדליכקײַט. אָט די אויסגעשטראַהלטע קראַפט איז, הײסט עס, נישט גלײַך צו דעם אין סוף, נאָר עהנליך צו איהם, ד. ה. זי האָט צוזאַמען מיט איהר אונבעגרענעצטקײַט אויך אײן

*) עס האָט געהײסען, אַז יעדער פסוק פון דער תורה קען אויסגעטײַטשט ווערן אויפן פשוט'ען אופן (פשט), אויפן אופן פון אײדעלע אָנדײַטונגען (רמז), דורך צונויפפלעכטען מיט תלמודישע הלכות אָדער אגדות (דרש), און דורך דער העכסטער פאָרם, וואָס ווערט איבערגעגעבען מונדליך נאָר געצעהלטע הײליגע אין יעדען דור, — די פאָרם פון סוד, פון געהײמע בילדער, צונויפשטעלונגען און בעגריפען (צרופים).

בעגרענ̈צטע זײַט. אזוי איז ענטשטאנען די ערשטע ספירה (לויט דער טערמינאלאגיע פון די מקובלים; פון לשון ספר-צעהלען אדער פון דעם גריכישען װארט ספערע), װעלכע האט פון זיך װידער אויסגעשטראהלט א צװײטע, די צװײטע — א דריטע און אזוי כסדר ביז צעהן ספירות.

די דאזיגע צעהן כחות בילדען אי צװישען זיך, אי בנוגע צום אין סוף איין שטרענגע איינהײט, זײ שטעלן נאר פאר פערשידענע זײַטען (פרצופים, געשטאלטען) פון איין און דעם זעלבינען װעזען, אזוי װי דאס פײַער, למשל, װײַזט זיך ארויס אין פלאם, ליכטיגקײַט און פונקען. די צעהן ספירות, װעלכע שײדען זיך אונטער אײנע פון דער אנדערער, װי די פערשידענע קאלירען פון איין פײַער, קענען אויף אזוי פיעל אונענדליך װירקען, אויף װיפיעל דער אין סוף איז משפיע אויף זײ פון זײַן אונענדליכקײַט. די אלע שטעלן פון דער תורה, װעלכע שילדערן גאט, װי א װעזען, װאס בעװעגט זיך, רעדט, פיהלט דעם ריח פון קרבנות א. א. װ., בעציהען זיך אלזא נישט אויף דעם אין סוף אליין, נאר אויף די ספירות. די לעצטע, װעלכע האבען אין זיך עטװאס קערפערליכעס, האבען, לויט'ן װילען פון אין סוף, בעשאפען די קערפערליכע װעלט און פיהרען זי; אלע זאכען, נישט בלויז די ארטען (מינים), נאר אויך די אײנצעלנע זאכען אין דער ניעדריגער װעלט האבען דעריבער זײער פארבילד, זײער טיפוס אין די העכערע װעלטען און בעזיצען ממילא שוין אויך הויכע בעדײַטונגען.

לויט זײערע װירקונגען װערן די צעהן ספירות אײַנגעטײלט אין דרײַ קאטעגאריעס. די ערשטע, העכסטע, װירקט אויף דער װעלט פון גײַסט (עולם האצילות). אין איהר געהען ארײַן די ספירות: קרוין (כתר), חכמה (די שאפענדע, רײַנע) און פערשטאנד (בינה); פון די דרײַ ספירות קומען ארויס: די נעטליכע קראפט, די העכסטע ערקענטניש, די תורה, די מלאכים און די נבואה. אין דער צװײַ־טער קאטעגאריע געהען ארײַן די ספירות: גנאד (חסד), גערעכט (דין) און שענקײַט (תפארת); זײ זענען משפיע אויף די נשמות און האבען אין זײער רשות די מאראלישע הנהגה פון דער בריאה. די דריטע קאטעגאריע איז שוין משפיע אויף דער פאקטישער, ממשות'דיגער װעלט; זי נעהמט ארײַן די ספירות: אײביגע־שטארקײַט (נצח), פראכט (הוד), פונדאמענט און הערשאפט (יסוד). די

צעהנטע ספירה איז די השגחה (מלכות) , די שכינה , וואָס רוהט אויף דעם יודישען פאָלק און בעשיצט איהם . א דאנק די ספירות ווערט דער אין סוף צוגענגליך פאר אונזערע חושים , און דורך די אונזיכט־בארע „צנורות" (קאנאלען) , וועלכע ציהען זיך פון זיי , האָבען מיר אויף דער וועלט דאָס אלץ , וואָס מיר זעהען .

זעהר א הויכע בעדייטונג האָט די מענשליכע נשמה—זי שטאַמט פון די העכסטע וועלטען און שטעהט אין א אונמיטעלבארער פערבינ־דונג מיט אַלע ספירות . דאָס גיט איהר די מעגליכקייט אויסצופועל'ן פאר זיך א גרויסען שכר , אויב זי איז ריין און הייליג , און פערקעהרט אויך , אַרויפצוציהען אויף זיך א גרויסע שטראָף . אין דער גאנצער וועלט־אָרדנונג וויעדער בכלל פערנעהמט די יודישע אומה א בעזונדער פלאץ ; זי ציהט אראב אויף דער וועלט אַלע צנורות פון גנאָד און גייסט און בארימהערציגקייט . דאָס טוט זי אויף מיט איהר ענטפלע־קונג , מיט איהרע תרי"ג (613) מצוות , וועלכע בילדען אויף אזא אופן דעם איינציגען וואונדער־מיטעל צו דערהאלטען די וועלט און האָבען א טיעף־מיסטישע בעדייטונג . אזא בעדייטונג האָבען געהאַט די קרבנות אין בית המקדש — זיי האָבען לעבעדיג געהאלטען די פער־בינדונג צווישען דער ניעדריגער וועלט מיט די העכערע ספערען, מיט די ספירות . דעם זעלביגען צוועק האָבען אויך די תפילות : יעדעם וואָרט , יעדער אות פון דער תפילה איז בעשטימט פאר אַנ'אַנדערער ספירה , און יעדע בעוועגונג ריהרט אָן אַנ'אַנדער פונקט אין די „עולמות העליונים" (העכערע וועלטען) .

אויסער די דאָזיגע אַלע הנהות , וואָס האָבען געמוזט פערשטאַר־קען דעם פרעסטיזש פון דער קבלה אין די קרייזען פון דער יודישער אָרטאָדאָקסיע , האָט די נייע מיסטישע טעאָזאָפיע אריינגעבראַכט אין יודענטום נאָך א איבערגענומענעם אַבערגלויבען פון די מזרח־פעלקער , די אמונה אין ג ל ג ו ל י ם . אין דער צייט , ווען די ריינע נשמות שוועבען גלייך נאָכ'ן מענשענ'ס טויט אַוועק אין די געטליכע הויכע וועלטען , בלייבט די נשמה פון דעם זינדיגען געשטאָרבענעם אויף דר'ערד , וואנדערט ארום אַ לאנגע צייט , בעזעצט זיך אין קערפער פון אַנ'אַנדער מענשען (אָדער א חיה , א בהמה א. א. וו.) און האָט נישט קיין „תקון" פריהער , איידער זי קויפט נישט אויס איהרע זינד .

אזוי האָט די קבלה אַרומגענומען אַלע זייטען פונ'ם רעליגיעזען

שאפען און אויף אלץ גענעבען א אויספיהרליכע, חאטש נישט קיין קלארע, תשובה. דער ערשטער פערטרעטער פון דער נייער ריכטונג אין דרייצעהנטען יאהרהונדערט זאל האבען געווען א געוויסער ר' עזריאל פון גערונא, דאס קליינע ארגאנישע שטעדטיל, וואס איז איבערהויפט געווארען ווי א מין נעסט פאר דער קבלה אויף א לאנגער צייט. אט דער ר' עזריאל האט נאך געפרובט זיך צוחנפה'נען צו דער פילאזאפיע און זי געווינען פאר זיך, דאגעגען האט אנ'אנדער קבלי'סט, מיט'ן נאמען ר' יעקב בן ששת גערונדי, אויך פון גערונא (1243), שוין פערהאסט די גאנצע פילאזאפיע און זי פערשאלטען.

כדי צוצוגעבען זייערע מיסטישע אידעען א גרעסערן אויטאריטעט אין די אויגען פון דעם יודישען עולם, האבען די קבלים'טען פון דער עפאכע זיך בענוצט מיט דער אמאליגער פסעווידאגראפיע: זיי האבען אויף זייערע ווערק ארויפגעשטעלט נעמען פין פערזאנען, וועלכע זענען שוין פון הונדערטער יאהרען פערהייליגט געווען ביי יודען. אזוי האט איין מקובל פון דער צייט אנגעשריבען א קבלי'שען ספר, אונטערן נאמען „הבהיר" (גלאנץ), און איהם צוגעשריבען דעם אויטאריטעטען תנא ר' נחוניא בן הקנה. אומזיסט האבען אזעלכע תלמודי'שע גדולים, ווי ר' מאיר בן שמעון פון נארבאנא און ר' משולם בן משה פון בעזיער געווארענט זייערע קהלות פון די פאלשע איינבילדונגען, וואס די קבלים'טען פון גערונא פערשפרייטען אונטער פערהייליגטע נעמען, — אט די פאלשע איינבילדונגען האבען בעפריעדיגט א דרינגענדע בעדערפניש פון טויזענדער יודישע געמיטער, און די קונציג-געשאפענע נייע ווערק פון כלומר'שט אלטע מחברים זענען פון טאג צו טאג מעהר פערשפרייט און פערהייליגט געווארען.

א שטארקער נצחון פאר דער נייער לעהרע איז געווען דאס, וואס זי האט געוואונען פאר זיך דעם רמב"ן. אט דער קלארער שארפער גייסט, וואס האט ארייננגעבראכט אזוי פיעל ליכט און קלארקייט אין די פערדונקעלטע שטעלן פון דער תלמודישער דיאלעקטיק, — האט זיך איננאנצען ארייננגעווארפען אינ'ם תהום פון דער פאנטאסטישער הימעל-וועלט, און דאס האט שוין צוגעצויגען אויף דער זייט פון די מקובלים נאך פיעל אנדערע אנגעזעהענע חכמים און רבנים, וועלכע האבען זיך נישט געקענט אנטקעגענשטעלן דעם אויטאריטעט פון גרויסען רמב"ן.

אויף אזא אופן זענען ענטשטאנען גאנצע דריי פארטייען אין

יודענטום : פילאָזאָפיש-אויפגעקלעהרטע , תלמודיסטען און קבלי'סטען . די ערשטע האָבען זיך געהאַלטען בײַם רמב"ם'ס ווערק און זענען אפילו אַוועק נאָך פיעל ווײַטער פון איהם בנוגע צו אַ סך אַנגענומענע בעגריפען פון דער יודישער מסורה ; די תלמודיסטען האָבען זיך איננאַנצען דערווײַטערט פון אַלע חקירות וועגען „מה למעלה און מה למטה" (וואָס אויבען און וואָס אונטען , מעטאַפיזיק), זיך פערנומען מיט דעם הלכי'שען טײַל פון תלמוד אָדער מיט די תלמוד'ישע אגדות , אין וועלכע זײַ האָבען אויך אַרײַנגעלעגט געוויסע כונות — אויף זײַער שטײַגער ; דאַן ענדליך די קבלי'סטען , וועלכע האָבען צום סוף פון דרײַצעהנטען יאָהרהונדערט שוין אויסגעמאַכט אַ בעדײַטענדע פּאַרטײַ ; צווישען זײַ מיט די תלמודיסטען זענען אין אָנהויב קײַן גרויסע רײַבונגען נישט פאָרגעקומען , שפּעטער איז אָבער דער תהום צווישען די צוויי פּאַרטײַען זיך אויך שטאַרק פונאַנדערגעוואַקסען , און די בײַדע ווידער זענען אַרויסגעזעצט געגען די אפּיקורסים-מײַמוניסטען .

וועניגער פּרוכטבאַר איז געווען אין יענער צײַט די טעטיגקײַט פון דעם יודישען גײַסט אויף דעם געביעט פון דער פּאָעזיע . די סאַטירישע ליעדלעך און עפּיגראַמען , מיט וועלכע די מײַמוניסטען און די אַנטי-מײַמוניסטען האָבען זיך אײַנע די אַנדערע דורכגעווערטעלט , זענען געווען די לעצטע שטראַהלען פון דער נײַ-העברעאישער פּאָעזיע , וואָס איז געוואַקסען און האָט זיך ענטוויקעלט אינ'ם משך פון גאַנצע דרײַ הונדערט יאָהר . אין די דאָזיגע געריימטע פונקען האָט זיך גאַנץ זעלטען געפיהלט דער הויך פון עכט-דיכטערישער שענקײַט , און די פערפאַסער אַלײן האָבען שוין אויך געקוקט אויף זיך בלויז , ווי אויף איבערגעבליבענע זכרונות פון „די גוטע אַלטע צײַטען" . צו די דאָזיגע לעצטע פערטרעטער פון דער נײַ-העברעאישער פּאָעזיע האָבען אַנגעהערט ר' יהודה אַלחריזי , ר' יוסף בן סבאַרה און ר' יהודה בן שבתי . זײַערע שאַפונגען טראָגען אַלע אויף זיך כמעט אײן און דעם זעלבינען שטעמפּעל ; דאָס זענען סאַטירישע ראָמאַנען אויסגעמישט מיט רעטאָרישע איבערטרײַבונגען און אַלגעמײַנע חקירות . אַלחריזי האָט איבערזעצט אַ בעדײַטענדע צאָהל רעליגיעז-פילאָזאָפישע און עטישע ווערק פון אַראַביש אויף העברעאיש און דערצו האָט ער געשאַפען אויך עטליכע אײגענע , מעהר וועלטליכע ספרים , פון וועלכע דער בעריהמטסטער איז דער „תחכמוני" , אַ פליסיגע שילדערונג פון אַלערלײַ לעבענס-בילדער און געשעהענישען אין געריימטער פּראָזאַ .

ענגליק צום „תחכמוני" איז דער ראָמאַן „ש ע ש ו ע י ם" (אונטערהאַל־טונג) פון ר' יוסף בן סבארה. דער דריטער, ר' יהודה בן שבתי, האָט אָנגעשריבען א וכוח צווישען חכמה און עשירות און א סאַטירי־שען ראָמאַן, אונטערן נאָמען „דער ווייבער־פיינד". נאָהנט צו די דריי איז געשטאַנען ר' א ב ר ה ם ב ן ח ס ד א י פון באַרצעלאָנא, דער הייסער אָנהענגער פון בילדונג און אויפקלעהרונג, וועלכער האָט צו דעם צוועק איבערזעצט פון אראַביש א רעליגיעז־מאָראַלישען שמועס, מיט'ן נאָמען „ב ן ה מ ל ך ו ה נ ז י ר" (דער פרינץ און דער אסקעט).

מעהר איבערזעצער, ווי אָריגינעלער דיכטער איז געווען אויך ר' ב ר כ י ה ב ן נ ט ר ו נ א י ה נ ק ד ן פון דרום־פראַנקרייך. ער האָט געזאַמלט אויפלעבען די אַלט־העברעאישע פאַבעל־דיכטונג, און אַזוי ווי ער אַליין איז נישט אימשטאַנד געווען צו שאַפען אייגענע דראַמאַטישע טיער־געשפרעכען, האָט ער איבערגעזעצט א מאַסע משלים פון דעם אינדישען בידפאַי, דעם גריכישען עזאָפוס און דעם אראַבישען לוקמאַן; אַט די שען געפאָרמטע פאַבעלן האָט ער ארויסגעגעבען אין איין זאַמ־לונג, אונטערן נאָמען „משלי שועלים". ר' ברכיה האָט זיך בעשעפ־טיגט אויך מיט פילאָזאָפישע פראַגען און איבערגעלאָזען א פערקירצטע איבערזעצונג פון ר' סעדיה גאון'ס „האמונות והדעות".

אַן'אנדער פאַבעל־דיכטער, ר' י צ ח ק א ב ן ־ ס א ה ו ל א פון צפון שפאַניען, האָט אָנגעשריבען א ווערק, מיט'ן נאָמען „מ ש ל ה ק ד מ ו נ י", וואו ער בעמיהט זיך צו דערווייזען, אַז די העברעאישע פאָעזיע איז נישט אָרימער פון דער אראַבישער. די לעצטע האָט, איבריגענס, איינגעשלונגען אויך נישט וועניג יודי ש ע כחות, און איינער פון די בעריהמטעסטע אראַבישע ליעבעס־דיכטער אין דער עפּאָכע איז געווען א ב ו ־ א י ס ח א ק א י ב ר א ה י ם א י ב ן ־ ס א ה א ל פון סעווי־לא (1250 — 1211). די אראַבער האָבען זיך נישט געקענט אָבּ־לויבען פון זיינע הארציגע שענע ליעדער, און אין דער צייט, ווען פאר'ן קאָראַן האָט מען געצאָהלט צעהן גאָלד־רענדליך, האָט מען פאר אַן'עקזעמפּליאר פון איבן־סאַהאַל'ס ליעדער־זאַמלונג געצאָהלט צוועלף די זעלביגע מטבעות. דער געריהמטער אראַבישער דיכטער איז געווען אויך פאָרשטעהער פון דער יודישער קהלה אין סעווילא, און ווי אייניגע היסטאָריקער ווילען האָבען, איז ער געווען פון די, וואָס האָבען אָנגענומען דעם איסלאַם אין דער צייט פון די אַלמאָהאַ־דישע שמד־רדיפות.

צוזאמען מיט'ן אונטערגאנג פון דער העברעאישער פאעזיע זענען אנגעקומען די לעצטע צייטען אויך פאר דער שפראך- און ביבעל-פארשונג. ר' דוד קמחי איז געווען דער לעצטער פערטרעטער פון די פשוט'ע ביבעל-ערקלערער און גראמאטיקער. דער רמב"ן האט אפילו אויך געשריעבען א פירוש אויף דער תורה און דא ארויסגעוויזען א שטארקען שפראך-געפיהל, דאס איז אבער געווען פאר איהם נישט קיין צוועק פאר זיך, נאר א מיטעל אבצושלאגען די אויסטייטשונגען פון אנדערע.

# עלפטעם קאפיטעל.

## די שרעקליכע רדיפות און די וכוחים איבער'ן תלמוד.

אין דער צייט פון די אינוועניגסטע ארומרייסענישען צווישען די פערשידענע שטרעמונגען אין יודענטום האבען די יודען-פערפאלגונגען מצד דער קירך אנגענומען א שרעקליכען כאראקטער. ווי א אנשטעקענדע קראנקהייט האט זיך די שנאה צו יודען איבערגעטראגען פון איין ארט אין אנדערן, און פון יאהר צו יאהר איז זי געווארען בלוטיגער און אכזריות'דיגער. איגאצענץ האט געוואלט אראבדריקען די יודען ביז דער סאמע ניעדריגסטער שטופע; ער האט געוואלט, אז זיי זאלען טראגען אויף זיך די לאסט פון אלע געזעלשאפטליכע שטאנדען. פירשטען, גייסטליכע, בירגער און פויערן — אלע זאלען מיט זייער משא צוזאמענפרעסען דעם הייפעל יודען און איהם אויף אזא אופן פערמאוס'ען, דערדריקען. דאס פראסטע פאלק האט אבער פון קיינע גרענעצען נישט געוואוסט; אט די אליין פעראכטע און געפלאגטע האבען מעהר נישט געדארפט, ווי בעקומען א גאנצען קלאס מענשען טיעף אונטער זיך. פאר דעם המון איז דער יוד געווארען א ווילדע בעשעפעניש, וואס קיינער נעהמט זיך דערפאר נישט אן און מ'קען עס אהן שום געוויסענסביסע בע'עולה'ן און דערשלאגען. די שענדליכסטע פערברעכענס זענען ארויפגעווארפען געווארען אויף יודישע קעפ, און דער צעווילדעטער המון האט שטענדיג געגלויבט און געפונען זיינע קרבנות. דער בלוט-בלבול איז וואס ווייטער געווארען אלץ אפטער און זיכערער, און מיט דער צייט האבען שוין אנגעהויבען גלויבען אין

איהם אפילו די מעהר געבילדעטע קרייזען. צווישען לווירא און בישאפס-היים (אין באדען) האט מען געפונען דעם קערפער פון א געהרג'עטען קריסט . ווער-ושע איז דער מערדער געווען? פערשטעהט זיך: יודען, און הונדערטער יודישע מענער, פרויען און קינדער ווערן אהן א שום חקירה ודרישה געטויט פון קריסטליכע הענד. דערנאך ערשט פער-פיהרט מען כלומר'שט א פראצעס נעגען אלט אנגעזעהענע געלעהרטע יודען און מ'פערמשפט זיי צום פערברענען (3—2 יאנואר 1235); דערביי זענען נאטירליך נאכמעהר יודישע הייזער צורויבט און צושטערט געווארען. די אונגליקליכע פון די שכני'שע ערטער לויפען צום פויפסט בעטען רחמים, און ער לאזט ארויס א בוללע (הייליגען בעפעהל), וואס פערבאט צו-אכזריות'דיגע ארויסטרעטונגען געגען יודען (8 מאי 1235); דאס פאלק גלויבט אבער דעם פערטרעטער פון הימעל אויך נישט: אויב ער שטעלט זיך איין פאר די „פערשאלטענע" יודען, מסתמא האבען זיי איהם אונטערגעקויפט מיט געלד. אזוי איז די אונמענשליכע בעציהונג צו דעם „גאט-פערשאלטענעם" שטאם בישליכ-וויז איינגעזויגען געווארען אי'ם בלוט פון דער גאנצער קריסטליכער וועלט, און אפילו די בעסטע און איידעלסטע נאטורען האבען זיך פון דעם עלעמענטארען געפיהל נישט געקענט בעפרייען. און דאס איז אין דער צייט געווען, ווען יודען זענען געווען כמעט די איינציגע פערטרע-טער פון גייסט און האנדעל אין גאנץ אייראפא; ווען נאר זיי אליין האבען געפפלעגט און ענטוויקעלט פערשידענע געביעטען פון דער וויסענשאפט (בעזונדער פילאזאפיע און מעדיצין) און זיי צוגענגליך געמאכט פאר דע ר קריסטליכער וועלט; ווען זיי די איינציגע האבען פערזעהען די האנדעלס-פלעצער מיט סחורה און דעם ביכער-מארק מיט די שענסטע שאפונגען פון דעם מענשליכען גייסט!

די בעציהונג פון דער מיטעלאלטערליכער וועלט צו יודען לאזט זיך בעזונדער גוט אילוסטרירען מיט דעם פערהאלטען זיך צו זיי פון דעם געבילדעטען דייטש-רוימישען קייזער פרידריך II, דער געניאל-סטער און פערהעלטניסמעסיג פרייזיניגסטער מאנארך פון יענעם יאהר-הונדערט. מעהר סיציליאנער, ווי גערמאנער, האט ער ליעב געהאט די וויסענשאפט און מיט א ברייטער האנד געשטיצט איהרע טרעגער. גרינדענדיג די אוניווערזיטעט אין נעאפאל האט ער געלאזען איבערזע-צען פון אראביש מאסען פילאזאפישע און אסטראנאמישע ווערק, און זיך דערביי בענוצט מיט יודישע געלעהרטע. מיט דעם בערימטען

געלעהרטען ר' יהודה בן שלמה אבן־מתקה פון טאָלעדאָ איז דער קייזער געשטאַנען אין אַ בריעפליכען פערקעהר, און אויף זיין פערלאַנג איז אבן־מתקה זאָגאַר געקומען קיין איטאַליען. אַן'אַנדער יודישע בעריהמטהייט, ר' יעקב אנאטאָלי פון דרום־פראַנקרייך האָט פרידריך אראָבגעבראַכט ספּעציעל קיין נעאַפּאָל און איהם בע־שטימט אַ פירשטליכע יעהרליכע פּענסיע, אום ער זאָל קענען אונגע־שטערט ארבייטען איבער דער איבערזעצונג פון פערשיעדענע ווערק. פרידריך האָט זאָגאַר אַליין שטאַרק ליעב געהאַט דעם רמב"ם „מורה נבוכים" און איהם מיט פערגניגען געלעהרנט.

ביי אַזאַ פערהאַלטען זיך צו יודישע וויסענשאַפטליכע כחות וואָלט דאָך נאַטירליך זיין, ווען דער קייזער וואָלט זיין נישט שלעכט גע־שטימט אויך צו יודען אין אַלגעמיין; דאָס איז אָבער דער פאַל נישט געווען. אַ פערביטערטער געגנער פון קריסטענטום און בעזונדער פון דער פויפּסטליכער הייליגקייט, איז פרידריך פון דעסטוועגען געווען נישט וועניגער יודענפיינד, ווי לודוויג „דער הייליגער". אין זיין הויפּט־שטאָרט פאַלערמאָ האָט ער די יודען פערשפּאַרט אין אַ געטאָ, און אין אַלגעמיין האָט ער בנוגע צו יודען אָבגעהיט אַלע קירכליכע בע־גרענעצונגען און גזירות.

עטוואָס בעסער איז געווען די יודישע לאַגע אין עסטרייך. דאָ האָט די ממשלה אָנערקענט די בעדייטונג פון דעם יודישען האַנדעל פאַר'ן וואוילשטאַנד פון לאַנד, און בעשטימט זאָגאַר יודען פאַר הויכע מלוכה־בעאַמטע. לויט אַ בעפעהל פון עסטרייכישען הערצאָג פרידריך I (1244) איז די קריסטען אונטער טויט־שטראָף פערבאָטען געוואָרען צו טויטען אַ יודען; דערביי האָט דער הערשער בעשטעטיגט דעם געזעץ, אַז קיין פראָצעס קען נישט פערפיהרט ווערן געגען אַ יודען אויף דעם סמך פון בלויזע קריסטליכע עדות; יודען האָבען דאָ אפילו בעקומען אייגענע געריכטען, און זייערע שוהלען און בית־עולם'ס זענען געאַכט געוואָרען אויך פון דער קריסטליכער בעפעלקערונג. דאָס פראָצענט נעהמען איז יאָ בעגרענץ־עצט געוואָרען, דערפאַר האָט אָבער דער הערצאָג געגעבען יודען אַ סך הנחות אין מסחר און שטאַרק בעוואָרנט זייערע תביעות; מיט צוויי צעהנדליג יאָהר שפּעטער האָבען די אַלע הנחות געגאָלטען אויך פאַר אונגאַרן, בעהמען, גרויספּוילען, מיירען, טהירינגען און דערנאָך אויך פאַר שלעזיען.

אָט די יודענפֿײַנדליכע מלוכה-פֿיהרונג פֿון דעם קלײנעם עסט-רײַכישען הערצאָג האָט שטאַרק בעאונרוהיגט דעם מעכטיגען קײזער (פֿרידריך II), און ער האָט בעפֿוילען דעם ערשטען, צו דערװײַטערן יודען פֿון אַלע מלוכה-פּאָסטענס און בכלל זיך צו בעגעהן מיט זײ שטרענג לויט די קאַנאָנישע געזעצען. מיט אַ בעזונדער בעפֿריעדיגונג בעטאָנט דער פֿרײַזיניגער מאָנאַרך דעם זאַץ, אַז די יודען דאַרפֿען אומעטום בעהאַנדעלט װערן, װי קאַמער-קנעכט פֿון קײזער, און אין דער צײַט, װען אין שפּאַניען האָט די מאַכט זיך נישט װיסענדיג גע-מאַכט פֿון דעם שאַנד-צײכען און פֿערגעסען אָן איהם, האָט פֿרידריך געצװאונגען אַלע יודען פֿון זײַן מלוכה איהם צו טראָגען. צו די גזירות זענען נאָך צוגעקומען אומגעװעהנליך שװערע שטײַערן, װאָס יודען האָבען געהאַט בעזונדער צו צאָהלען, און דאָס האָט אויך נישט װעניג מיטגעװירקט, צו פֿערשטאַרקען אין דער בעפֿעלקערונג די פֿעראַכטונג צום יודישען מיטבירגער.

דאָס איז געװען אין רוהיגע צײַטען; אין אונרוהיגע, װען די בלוטיגע אינסטינקטען האָבען זיך צושפּילעט, האָבען יודישע לעבענס אינגאַנצען קײן װערט נישט געהאַט. די מחנות פֿון דעם נײַעם קרײַץ-צוג האָבען זיך, װי צוראַיצטע װעלף, אַרויפֿגעװאָרפֿען אויף די יודי-שע קהלות אין פֿראַנקרײַך; אַנזשו, פּאָאַטו, באָרדאָ, אַנגולעם און נאָך אַנדערע שטעדט—אומעטום זענען די יודען געצװאונגען געװאָרען צום שמד; און װען די „װילדע עקשנים" האָבען זיך אויך דאָס מאָל אָבגע-זאָגט פֿון דעם „אמת'ען גלויבען", האָבען די קרײַץ-פֿאָהרער זײ צוטרע-טען מיט זײַערע פֿערד, אויפֿגעשניטען די בײַכער פֿון זײערע פֿרויען, דערהרג'עט זײַערע ברוסט-קינדער, נישט געלאָזען בעגראָבען זײַערע הרוגים, פֿערברענט זײַערע הײַזער, צורויבט דאָס האָב און גוטס, חרוב געמאַכט די שוהלען און געשענדעט די הײליגסטע ספרים. מעהר װי דרײַ טויזענד יודישע נפשות זענען אין דעם זומער אומגעקו-מען (1236) און איבער פֿינף הונדערט האָבען זיך געשמד'ט.

די איבערגעבליבענע קהלות האָבען װידער געפּרובט בעטען רחמים בײַם פּויפּסט, און ער האָט װידער צושיקט אַ ערקלערונג, אַז די קירך הײסט נישט פֿערטיליגען די יודען און נישט אָבשמד'ען זײ איבער געװאַלט (סעפּטעמבער 1236); אַזעלכע ערקלערונגען האָבען אָבער קײנעם נישט איבערצײַגט — האָט דאָך די זעלביגע קירך אַרויס-געגעבען אַלערלײ גזירות און בעגרענצונגען פֿאַר די „גאָט-פֿערשאָלטענע"

יודען! פאר יודען איז נאָר איין איינציג מיטעל געבליבען, זיך צו ראטעווען פון די פאנאטישע בלוט־מענשען — דאָס געלד. דערמיט האָבען די יודען פון ענגלאנד אונטערגעקויפט דעם קעניג הענריך III און געפועל׳ט ביי איהם, ער זאָל דורך ספעציעלע הערלאָדען אָנזאָגען אין אלע זיינע לענדער, אַז קיינער זאָל די יודען נישט טשעפּען און נישט בע׳עולה׳ן. דאָס דאָזיגע מיטעל איז אָבער געווען אַ צוויי־זייטיגער מעסער; כדי צו קענען אויסהאלטען די שווערע שטייערן, האָבען די יודען געמוזט אַרויספּרעסען פון דער קריסטליכער בעפעלקערונג זעהר גרויסע פראָצענטען, און דאָס האָט, נאַטירליך, ווידער פערגרעסערט די אייביגע שנאה צו יודען און געבראַכט צו נייע ווילדע אויסברוכען. לודוויג IX האָט אפילו בעגרענעצט דעם פראָצענט־מסחר און גאַנץ אָפט האָט ער הונדערטער יודישע חובות פון קריסטען איינגאַנצען קאַסירט; ווען דער זעלביגער קעניג האָט אָבער געפּרובט א י נ ג אַ נ ־ צ ע ן פ ע ר ב אָ ט ע ן פראָצענט, האָבען די צונויפגערופענע באַראָנען ער־קלערט, אַז די פויערן און סוחרים קענען פאר קיין פאַל נישט אויסקומען אָהן הלוואות, און אויב שוין יאָ דולדען פראָצענטניקעס איז שוין בעסער י ו ד י ש ע, ווארום די קריסטליכע זענען נאָכמעהר אַכזריות׳דיג און פרעסען אַרויס פון זייערע בעלי חובות נאָך גרעסערע פראָצענטען.

ביי אַזאַ פעראַכטונג פון דער גאַנצער אַרומיגער וועלט און ביי אַזעלכע העלישע פערפאָלגונגען איז נאָך פון דעסטוועגען געבליבען איין ווינקעל, וואו דער יוד האָט זיך געפיהלט פ ר יי און ג ע ה ו י ב ע ן, וואו ער האָט פערגעסען אָן אלע צרות — דער ב י ת מ ד ר ש. פער־טיעפט אין דיעם הלכי׳שען לאַבירינט פון תלמוד אָדער אין זיינע הארציג־קינדישע אגדות, האָט דאָ דער יוד זיך אַרויסגעטאָן פון דער וואָכעדיגער וועלט, מיט איהר גיפטיגער רשעות, מיט איהרע גיהנם־יסורים. פרינצען, אויסדערוועהלטע קינדער פון אַ אויסדערוועהלטען שטאַם, מענשען פון גייסט און געדאַנק — אַזעלכע זענען אין די פיער ווענט פון בית־מדרש געוואָרען די אייביג־בעליידיגטע, אייביג־געדרודפ׳טע. לעזען אַ שווערע שטעלע אין תלמוד, בעלייכטען עטוואָס אָדער אויפטאָן עטוואָס נייעס — דאָס איז ג ל י ק געווען, און דאָס וויכטיגסטע, הייליגסטע און ליעבסטע פון אלע בעשעפטיגונגען איז געווען ל ע ר נ ע ן ת ו ר ה, ל ע ר נ ע ן ת ל מ ו ד (ג מ ר א). ווי דאָס קינד האָט נאָר אָנגעהויבען פלאַפּלען, האָט מען עס גלייך (מיט אַרומגעוויקעלטע אויגען — עס זאָל נישט זעהען קיין אונריינע זאַך) אַוועקגעפיהרט אין בית

מדרש אָדער אין חדר, און דער טאָג, ווען דאָס קינד האָט אָנגעהויבען לערנען חומש אָדער גמרא, איז אַ פייער-טאָג געווען פאַר דער גאַנצער משפּחה. דער אָנגעזעהענסטער שטאַנד איז געווען דער פון די „לומדים" (תּלמודיש געלעהרנטע), און אויב די לעהרע איז אַפילו געווען זעהר איינזייטיג, האָט זי אָבער דערפאַר געהאַט אין זיך אַ סך הייליגעס, אידעאַלעס.

אין דעם ווינקעל האָט מען אָבער די יודען אויך נישט געלאָזען רוהיג לעבען, אויך פון דאָרטען האָט מען זיי געוואָלט פערטרייבען. די איניציאַטיווע דערצו האָט געשטאַמט פון אַ געטויפטען יודען, דאָנין, וועלכער האָט אויפגערייצט אי די וועלטליכע, אי די גייסטליכע מאַכט געגען זיינע געוועזענע גלויבענס-ברידער. ער האָט אַלס תּלמודישער געלעהרטער (אין לאַראָשעל, צפון פראַנקרייך) זיך שאַרף אַרויסגעזאָגט געגען געוויסע תּלמודישע שטעלן און געגען דער מסורה בכלל; דאָס האָט אויף איהם אַרויפגעצויגען דעם כעס פון די יודישע גדולים, און זיי האָבען אויסגערופען אויף איהם אַ חרם. דאַן האָט זיך דאָנין גע-שמד'ט און אָנגענומען דעם נאָמען ניקאָליי; דאָס איז איהם אָבער וועניג געווען. ער האָט זיך דורכאויס געוואָלט נוקם זיין אי אָן תּלמוד, אי אָן די רבנים, און נאָכדעם ווי זיין יודענפיינדליכע אַגיטאַציע האָט שוין געבראַכט צו אַכזריות'דיגע יודישע שחיטות, האָט ער זיך אָוועקגעלאָזען צום פּויפּסט גרעגאָר IX און פער'מסר'ט פאַר איהם דעם תּלמוד. דער נייער קריסט האָט ערקלערט דעם פּאָטער פון דער קירך, אַז דער תּלמוד איז פול מיט פאַלשקייטען, גאָט-לעסטערונגען און בע-זונדער בעליידיגענדע שטעלן געגען דעם נוצרי און זיין מוטער. אַזעלכע תּלמודישע מאמרים געגען קריסטענטום אָדער געגען קריסטען האָט ניקאָליי-דאָנין צוזאַמענגעקליבען ביז פינף-און-דרייסיג, און אויף דעם יסוד איז אויפגעשטעלט געוואָרען אַ שווערער בעשולדיגונגס-אַקט נישט בלויז געגען תּלמוד, נאָר געגען אַלע יודען. דער פּויפּסט האָט גלייך פונאַנדערגעשיקט בריעף צו די בישאָפען פון פראַנקרייך, ענגלאַנד, קאַסטיליען, אַראַגאָניען און פּאָרטוגאַל און זיי בעפוילען, צו בעפאַלען די יודען אין אַ בעשטימטען שבת'דיגען פריהמאָרגען, ווען זיי זענען אַלע פערזאַמעלט אין די שוהלען, און קאָנפיסקירען אַלע עקזעמפּליאַרען פון תּלמוד. די קאָנפיסקירטע עקזעמפּליאַרען האָבען געדאַרפט צוגע-שטעלט ווערן די דאָמיניקאַנער און פראַנציסקאַנער, — די זעלביגע, וועלכע

האָבען געהאַט אין זייער מאַכט די אינקוויזיציע איבער ביכער אין איבערזעצונגען; זיי האָבען געדאַרפט נאָכזעהען די אָנגעגעבענע שטעלען, און אים פאַל, אויב די בעשולדיגונג וועט זיך בעשטעטיגען, — פערברענען די עקזעמפּליאַרען אויף אַ עפענטליכען שייטערהויפען.

אין שפּאַניען און ענגלאַנד האָט מען זיך מיט דעם בעפעהל גאָרנישט גערעכענט; נאָר אין פראַנקרייך, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון „הייליגען" לודוויג IX, האָבען די גייסטליכע זיך אָנגעחאַפּט אָן דעם נייעם אויפטו. עס איז פערפיהרט געוואָרען אַ פּראָצעס געגען תלמוד, און אויפ׳ן בעפעהל פון קעניג איז פאָרגעקומען אַ עפענטליכער ווכוח איבער די אָנגעגעבענע ציטאַטען צווישען ניקאָליי-דאָנין און פיער רבנים. די רבנים זענען געוועזען ר׳ יחיאל פון פאַריז, ר׳ משה פון קוצי, ר׳ יהודה בן דוד פון מעלון און ר׳ שמואל בן שלמה פון שאַטאָ טיערי; פון זיי איז ר׳ יחיאל געוועזען דער הויפּט-רעדנער. דער ווכוח איז פאָרגעקומען אין דער לאַטינישער שפּראַך, אין קעניגליכען הויף, ביי דער אָנוועזענהייט פון אַ מאַסע בישאָפען, דאָמיניקאַנער און דער קעניגין-מוטער בלאַנש (25 יוני 1240).

דאָנין, ווי אַ געוועזענער תוספי׳סט, האָט געפאָדערט אַ שבועה פון ר׳ יחיאל׳ן, אַז ער וועט ענטפערן לויט זיין פערשטאַנד און געוויסען און נישט מיט קיין צווייזייטיגע פּלפּול׳דיגע פשט׳לעך; אויף דעם האָט ר׳ יחיאל געענטפערט, אַז ער האָט נאָך אין זיין לעבען נישט געשוואוירען און ער וויל איצט אויך נישט דערמאָנען אומזיסט גאָט׳ס נאָמען. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען דער ווכוח, און ר׳ יחיאל האָט, ערשטענס, ערקלערט, אַז דער תלמוד איז די נשמה פון דער יודישער אומה און זי וועט זיך אפילו לאָזען אומברענגען פאַר איהם; דאַן וואָס ס׳געהערט צו די אָנגעגעבענע שטעלען, בעציהען זיי זיך אינגאַנצען נישט צו קריסטען און צום נוצרי, וואָרום עס זענען דאָך געווען שוין אַ סך קריסטליכע געלעהרטע, וואָס האָבען גוט געקענט דעם תלמוד און קיינער פון זיי האָט אין איהם קיין בעליידיגונג פאַר׳ן קריסטענטום נישט געפונען. אָט די טענות האָבען אין אַ געוויסער מאָס געווירקט אויף איינעם פון די איינפלוסרייכע בישאָפען, און די עקזעמפּליאַרען האָבען שוין געזאָלט אומגעקעהרט ווערן צוריק; איז אָבער צום אונגליק אָט דער בישאָף געשטאָרבען גלייך נאָכדעם, און זיינע איבערגעבליבענע חברים האָבען דאָס אויסגעטייטשט, ווי אַ שטראָף פון גאָט

פאר זײן יודענפרײנדשאפט. דאן האט מען לויט א בעפעהל פון קעניג צונויפגענומען אלע קאנפיסקירטע תלמוד-עקזעמפלארען, זײ אוועקגעפיהרט (אויף פיער און צוואנציג וועגענער) אויף א אפענעם פלאץ אין פאריז און פערברענט (1242). דאס איז געוועזען א שרעקליכער קלאפ פאר דער גאנצער אומה, און צוויי יונגע געלעהרטע האבען געשאפען הארצ-רײסענדע קינות איבער דעם פאלקס-אונגליק.

נאטירליך, האבען זיך געצעהלטע עקזעמפלארען פון תלמוד פארט דערהאלטען בײ די פראנצויזישע יודען, און זײ האבען געפרובט לערנען אין זײ בגנבה. דאס האט ארויסגערופען נײע רעפרעסיעס און אין עטליכע יאהר ארום איז ווידער אײנגעארדענט געווארען א שײטער-הויפען פאר׳ן פערראורטײלטען תלמוד.

אזוי האבען די גזירות מיט די פערפאלגונגען נישט אבגעלאזען אפילו אויף א קורצער צײט די אונגליקליכע קינדער פון דעם אויסדער-וועהלטען שטאם. בעזונדער האבען זיך די רדיפות פערשטארקט אין דײטשלאנד; ווען די מאנגאלישע און טאטארישע מחנות האבען זיך ארײנגעריסען אין אײראפא און פערשקלאפט רוסלאנד מיט פוילען, האט מען די יודען אין דײטשלאנד בעשולדיגט, אז זײ האבען געשטיצט די ווילדע אנפאלער, כדי זיך נוקם צו זײן אן די קריסטען. ס׳זענען, אמת, געוועזען יודישע קריגער אין די רײהען פון די מאנגאלען, די אונאבהענגיגע יודישע שבטים פון לאנד כאראזאן אדער די יודען פון הינטער די קאספישע בערג; יעדענפאלס אבער האבען די אײראפעאישע יודען מיט זײ קײנע פערבינדונגען נישט געהאט, און דא האט דער המון זיך שוין נוקם געוועזען אן די כלומר׳שטע „פעררעטער".

נישט גערוהט האט אין דער צײט אויך די קירך אלײן. זי האט געווארפען אנ׳אויג אויף דעם לעצטען בכבוד׳יגען ווינקעל, וואס איז פאר יודען געבליבען אין דער קריסטליכער געזעלשאפט, — די מעדיצין. כמעט יעדער פירשט האט געהאט זײן יודישען לײב-דאקטאר, וועלכער האט געקענט מעהר אדער ווייניגער ווירקען אויף איהם לטובת די פער-פאלגטע און גערודפ׳טע. דאס האבען די פערטרעטער פון דער קירך נישט געקענט פערטראגען, און אויף זײער פערזאמלונג אין בעזיער (1246) איז אנגענומען געווארען א בעשלוס, אז קײן קריסט טאר זיך נישט לאזען הײלען פון א יודישען דאקטאר. דאס איז געוועזען דער דאנק פון די קריסטליכע אײדעל-לײט פאר דער עשירות, וואס יודען האבען ארײנגעבראכט אין דער דעמאלטיגער מעדיצין-ליטעראטור; פאר אלץ,

וואס זיי האבען אויף דעם געביעט אויפגעטאן . צום גליק פון די יודישע מעדיקער, האט די בעשטימונג זיך נישט אזוי לייכט געלאזען דורכפיהרען אין לעבען . דער פינסטערסטער קריסט האט אויך פערגעסען אן אלע פרומקייטען , ווען עס האט זיך געהאנדעלט נישט וועגען דער נשמה , נאר וועגען זיין לייב , און דעם „הייליגען“ לודוויג'ס ברודער אפילו , גראף פון פאאטו און טולוז , ווען ער האט געליטען אויף די אויגען , האט ער זיך כמעט איינגעבעטען ביי דעם יודען אברהם פון אראגאניען , ער זאל קומען איהם היילען . אין מאנכעליע פלעגען יודען שטענדיג גערופען ווערען אלס פערהערער ביי דעם מעדיצינישען עקזאמען און אנדערע פון זיי האבען פערנומען אויך פראפעסאר-שטוהלען .

שרעקליך איז געווען אין דער צייט די לאגע פון די יודען אין ענגלאנד ; דער קעניג , היינריך III, האט אפילו ערלויבט יודען פון אנדערע לענדער , זיך צו בעזעצען אין ענגלאנד און בעשטימט פאר אלע קהלות איין רב הכולל מיט ברייטע פאלמאכטען ; דער לעצטער איז אבער פאקטיש געווען נישט מעהר , ווי א שטייער-אויפזעהער פון קעניג . ער האט געמוזט אנפילען די קאסע פון דעם לייכטזיניגען און פערשווענדערישען הערשער — פון יודישע אבצאהלונגען . יודען זענען געווען פאר דעם קעניג , ווי א אפענע קאסע , וואס נעהמט זיך קיינמאל נישט אויס , און איינמאל האט ער זאגאר געלאזען צונויפרופען א ספעציעלען יודישען פארלאמענט , וואס האט געהאט אויסצוגעפינען נייע קוועלען פאר א אונגעהויערע סומע געלד . און דאס געלד האט געמוזט איינגעטראגען ווערען — פאר דעם זענען די אנגעזעהענסטע יודען פעראנטווארטליך געווען מיט זייערע ווייבער און קינדער . שפעטער , ווען די קהלות זענען פון דעם רויבערישען קעניג שוין אינגאנצען אויסגעזויגט געווארען, האט ער זיי ערשט פערקויפט זיין ברודער , וועלכער האט זיי ווידער געדריקט און ארויסגעפרעסט פון זיי דעם לעצטען גראשען . צו די רויבערישע אפעטיטען פון די וועלטליכע הערשער זענען נאך צוגעקומען די גייסטליכע מיט זייערע קירכליכע רדיפות . זיי האבען אויסגעפועל'ט ביים קעניג א געזעץ , אז די יודען טארען נישט אויפשטעלען קיין נייע שוהלען און בתי-מדרשים , טארען נישט צו הויך שרייען בעת'ן דאווגען און מוזען אהן א שום תירוץ טראגען דעם „יודענצייכען“ .

אט די דאפעלטע אכזריות'ען האבען אויף אזוי פיעל פערביטערט דאס לעבען פון די ענגלישע יודען , אז איינער פון די הויפט-רבנים מיט נאך עטליכע פערטרעטער פון די קהלות האבען זיך געפרובט

ווענדען צום קעניג אים נאמען פון די לעצטע און איהם בעטען, ער זאל ערלויבען די יודען אויסצעוואנדערן פון לאנד. די בקשה איז אבער נישט אנגענומען געווארען, און די אונגליקליכע האבען געמוזט פערבלייבען אין זייער גיהנם, אבגעבען דעם לעצטען פערהארעוועטען גראשען און וואלערן, כדי כסדר אנצופילען דעם אויסגעפרעסטען שוואם. אין א משך פון זיעבען יאהר האבען די ענגלישע יודען איינגע־טראגען אין הענריך'ס קאסע איבער 422,000 (פיער־הונדערט־צוויי־און־צוואנציג טויזענד) פונט שטערלינג, און דער איינציגער אהרן פון יארק האט דעם קעניג אין דער צייט איבערגעגעבען ביז דרייסיג טויזענד זילבער־מארקען און דער קעניגין צוויי־הונדערט גאלד־רענדלעך.

ווען מ'בעטראכט די אלע צרות און פערפאלגונגען, וואס יודען האבען געהאט אויסצושטעהן אין ענגלאנד, פראנקרייך און דייטשלאנד, מוז מען אנערקענען די לאגע פון די שפאנישע יודען פאר א גליקליכע. אין קאסטיליען האט רעגירט דעמאלט געהערשט אלפאנזא X (1225 — 1284), וועלכער האט ווירקליך ליעב געהאט די וויסענשאפט און דערצו אויך פערשטאנען אבצושאצען די יודישע פערדיענסטען פאר דער מלוכה. ווען ער האט זיך געשלאגען פאר סעווילא, האבען זיך אין זיין מחנה געפונען א סך יודען, און נאכדעם ווי ער האט דאס לאנד איינגענומען, האט ער די יודישע קריעגער אוועקגעשענקט א גרויסע שטרעקע ערד, וואס האט בעקומען דעם נאמען יודישער דארף (אלדעא דע לאס יודי־אס). אין סעווילא גופא האט אלפאנזא איבערגעגעבען די יודען דריי מחסר'נישע מאשעען, וועלכע זיי האבען איבערגעמאכט פאר שוהלען, און א גרויסער טייל פון שטאדט, ארומגעצוימט מיט א געמויערטער וואנט, האט אנגעהערט אינגאנצען צו יודען.

אוים דאנקבארקייט פאר די בעוויזענע חסדים האט די קהלה פון סעווילא אונטערגעטראגען דעם קעניג א קאסטבארען, קינסטליך אויסגעארבייטען שליסעל מיט א אויפשריפט אויף העברעאיש און שפאניש: מלך מלכים יפתח, מלך הארץ יבא (דער מלך איבער אלע מלכים וועט עפנען. דער מלך פון לאנד וועט אריינטרעטען). אלפאנזא האט יודען אנפערטרויט די פעראנטווארטליכסטע פאסטענס פון דער מלוכה; זיין פינאנץ־מיניסטער איז געווען דער געבילדעטער און תלמודיש־געלערנטער דון מאיר דע מאליאה, פון וועלכען דער פאסטען מיט'ן טיטול „אלמאקסאריף“ איז איבערגעגאנגען בירושה צום

זוהן דון צאג (יצחק). די פינאנץ-פערוואלטונג איז בכלל א לאנגע צייט געלעגען אין יודישע הענד, און דערצו זענען די יודען דא אויך, ווי אומעטום, געוועזען די איינציגע פערמיטלער אויף די געביעטען פון מעדיצין, אסט־אנאמיע און פילאזאפיע. אלפאנזא האט געהאט א יודישען לייב-דאקטאר, דון יהודה בן משה הכהן, וועלכער איז צוגלייך געוועזען אויך אסטראנאם און אסטראלאג פון קעניגליכען הויף. אנאנדער בעדייטענדער יודישער אסטראנאם, דער שוהל-חזן דון צאג (יצחק) איבן-סעיד, האט אויפן קעניג׳ס פערלאנג צונויפגעשטעלט די בעריהמטע טאבעלן (אלפאנזינישע טאבעלן), מיט וועלכע די פאלמענער האבען זיך בענוצט ביז די אסטראנאמישע ענטדעקונגען פון דער נייער צייט. אין אלפאנזא׳ס הויף האט זיך געפונען נאך א יודישער נאטור-פארשער, מיט׳ן נאמען שמואל הלוי, וועלכער האט ערפונדען דעם וואסער-זייגער. נאטירליך, האבען די פערטרעטער פון דער קירך נישט אזוי לייכט געקענט פערטראגען אזא בעציהונג צו יודישע געלעהרטע און דער פויפסט ניקאליי III האט דעם קעניג אריינגעשיקט א שארפען מוסר-בריעף.

נאך דעם אלעמען וואלט פון דעסטוועגען דאך נישט ריכטיג זיין צוצושרייבען דעם קעניג אלפאנזא בעזונדער פריינדליכע געפיהלען צום יודישען כלל. אין דעם בעריהמטען קאדעקס פאר אלע פעלקער פון זיין מלוכה, וואס ער האט געשאפען אין דער קאסטילישער שפראך (1257 — 66), פערנעהמען די יודען א בעזונדער קאפיטעל, און דארטין שטעהט געשריעבען: „חאטש די יודען גלויבען נישט אין קריסטוס׳ען, ווערן זיי דאך געדולדעט אין אלע קריסטליכע לענדער, כדי צו דיענען אלס אייביגע עראינערונג אן יענעם שטאם, וואס האט קריסטוס׳ען געקרייציגט". אין דעם קאדעקס זענען אריינגענומען געוועזען אלע בעשרענקונגען פאר יודען נאך פון די אמאליגע ביזאנטינער און וועסטגאטען, און אפילו דער „יודענצייכען" איז דא אויך נישט אויסען געבליעבען. עס האט געהייסען, אז יעדער יוד (אויך פרויען) מוז טראגען אויף דער קאפ-בעדעקונג א לאטע פון א בעשטימטער פארב, אונטער דער שטראף פון צעהן שמיץ פאר די, וואס וועלן עובר זיין אויף דעם געבאט. יודען האבען אויסער דעם נישט געטארט עסען מיט קריסטען צוזאמען, זיך ווייזען אין גאס אינ׳ם הייליגען פרייטאג און אויך קיינעם נישט קרייציגען אין דעם טאג — דער „קלוגער" הערשער האט פעסט געגלויבט, אז די יודען קרייציגען

יעדעס יאהר א קריסטליך קינד און טרינקען זיין בלוט, האטש דער פויפסט אליין, אינאצענץ IV, האט דעם בלבול אפגעלייקענט.

דאס איינציגע, וואס אלפאנזא׳ס קארעקס האט די יודען איבערגע־לאזען, איז געווען דער פערבאט, נישט צו שענדען יודישע שוהלען און אנדערע הייליגקייטען, נישט אבצושמד׳ען קיין יודען איבער געװאלט, נישט צוצוציהען א יודען צום געריכט אין די יודישע פייער־טעג און צו לאזען די יודען שווערן ביי א ספר תורה אהן די בעלאידי־גענדע צערעמאניעס, וועלכע זיי האבען געהאט דערביי אויסצואיבען אין דייטשלאנד און אין אנדערע לענדער.

די אלע אויפטועלצען פון דעם זיעבענטיילינגען קארעקס האבען נאך דערוויל איינענטליך קיין פראקטישע בעדייטונג נישט געהאט, און אלפאנזא אליין האט בנוגע צו יודען עובר געוועזען אויף א סך פון זיינע פעראָרדנונגען; וואס ווייטער אבער איז די נייע געזעצען־זאמלונג אלץ מעהר איינגעפיהרט געווארען אין לעבען, און אין דער שפאנישער אמעריקא האבען די דאזיגע רשעות׳דיגע געזעצען געגאלטען ביז דער נייעסטער צייט.

אין דעם שכני׳שען אראגאניען איז די יודישע לאגע נאך פיעל ערגער געווען. דא האבען יודען געהאט א סך צו ליידען פון די דאמי־ניקאנער, וועלכע האבען דורכאויס געוואלט אבשמד׳ען אלע יודיש־און מחמד׳ניש־גלויביגע פון לאנד. צו דעם צוועק האט מען אין די דאמי־ניקאנישע שולען גילערנט העברעאיש און אראביש, און באלד איז פון די שולען אויסגעוואקסען איין תלמיד, וואס האט די דאזיגע גרויסע ישועה פאר׳ן קריסטענטום געגלויבט צו דערנעהנטערן מיט זיינע דרשות. דאס איז געווען דער דאמיניקאנער פאבלא חריסטיאני, א גע־שמד׳טער יוד, וועלכער האט דער ערשטער גענומען פיהרען א מיס־יאנערישע אגיטאציע צווישען יודען. ער איז ארומגעפאהרען פון קהלה צו קהלה און אומעטום אויפגעפאדערט די יודען, זיי זאלען זיך מיט איהם מתוכח זיין וועגען דעם קריסטליכען משיח. נאטירליך האבען יודען זיך נישט זעהר געאיילט צו דערפילען זיין מיסיאנערישען פערלאנג און די אגיטאציאנס־רייזע האט קיין גרויסע נוצען נישט געבראכט. דאן איז דער דאמיניקאנער־געגעראל פעניאפארטע געפאלען אויף אן אנ־דער מיטעל; ער האט געצוואונגען עטליכע יודישע גדולים ארויסצוטרעטען אין א עפענטליכען וכוח וועגען קריסטענטום מיט דעם משומד כריסטיאני, גלויבענדיג, אז ווען אזא אויטאריטעט, ווי דער

רמב"ן, למשל, ווערט זיך אָבשמד'ען, ווערן איהם אלע יודען נאָכטאָן און ענדליך דאָך בעגליקען זייערע „פערבלאָנזשעטע" נשמות. אזוי זענען די אָנגעזעהענסטע יודישע קעפּ פון אראגאָניען, מיט'ן רמב"ן בראש, גערופען געוואָרען צום קעניג קיין באַרצעלאָנאַ, וואו ס'איז פאָרגעקומען דער פייערליכער וכוח. דער רמב"ן האָט פאָראויס ערקלערט, אַז ער פאָדערט פאַר זיך פאָלשטענדיגע רעדע-פרייהייט, וואָס דער קעניג האָט איהם געגעבען, און ווען פעניאַפאָרטע האָט דערביי בעמערקט, אַז אָט די געשענקטע רעדע-פרייהייט ערלויבט נאָך נישט צו לעסטערן דאָס קריסטענטום, האָט דער רמב"ן זיך שטאָלץ ארויסגערופען: „איך ווייס אויך, וואָס טאַקט איז". דאַן האָט זיך אָנגעהויבען דער וכוח, וואָס האָט געדויערט פיער טאָג (פון 20-טען יולי אָן) אין דער אָנוועזענהייט פון גאַנצען הויף, פיעל הויכע גייסטליכע, ריטער, פאָלקסמאַסען און יודען. דער רמב"ן האָט גלייך אין אָנהויב קאָנצענטרירט דעם וכוח און איהם אוועקגעשטעלט אויף דריי הויפּט-פונקטען, וועלכע ער האָט איינציגווייז בעהאַנדעלט. ווען חריסטיאַני האָט געפּרובט בעווייזען פון תלמודי'שע אגדות די הייליגקייט פון דעם קריסטליכען משיח, האָט דער רמב"ן איהם שאַרף ערקלערט, אַז די אגדות זענען נישט מעהר ווי פרייע שאַפונגען, אין וועלכע יודען זענען נישט מחויב צו גלויבען. חריסטיאַני האָט זיך אָבער שטאַרק געהאַלטען ביי זיינע אגדות; דאַן האָט דער רמב"ן פשוט ערקלערט: אלע נביאים האָבען אונז פאָרגעזאָגט, אַז נאָך משיח'ס קומען ווערט זיך אָנהויבען אַ צייט פון הויכער מאָראַל און געהויבענער מענשליכקייט; אַז דעמאָלט וועלען אַלע קריעגערייען אויפהערן און קיין בלוט-פערגיעסען ווערט מעהר נישט געדאַכט ווערן, און דאָ זעהען מיר, אַז זינט קריסטוס איז ערשיענען איז די וועלט, פערקעהרט גאָר, פול געוואָרען מיט גזילות און רציחות און מלחמות. —

די שטאָלצע און פרייע האַלטונג פון רמב"ן האָט ארויסגעוואָרפען אַ שרעק אויף די יודען. זיי האָבען איהם געבעטען, ער זאָל איבעררייסען דעם וכוח אינמיטען און נישט אויפרייצען מעהר די שוין אזוי אויך אויפגערייצטע קריסטען; דער קעניג האָט אָבער דורכאויס פערלאַנגט, דער וכוח זאָל געענדיגט ווערן, און דאַן האָט ער זיך אין אַ פּריוואַט-געשפּרעך אויסגעדריקט וועגען רמב"ן, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזעהען אַ מענשען פערטיידיגען אַ אונגערעכטע זאַך מיט אזוי פיעל גייסט. דעם קומענדיגען שבת איז פעניאַפאָרטע צוזאַמען מיט'ן קעניג

געקומען אין דער יודישער שוהל און ווידער בעניים דעם וכוח מיט'ן רמב"ן; אויך דאס מאל אבער האט דער רמב"ן בעוויזען זיינע געגנער און דער קעניג האט איהם אפילו געשענקט א עהרען-צייכען.

פעניאפארטע האט פון רעסטוועגען נאך אלץ נישט פערלוירען זיין האפנונג אבצושמד'ען די יודען, און ער האט ווידער ארויסגעשיקט א גאנצע מחנה מיסיאנערען, וועלכע האבען זיך אומעטום אריינגעלאזען אין וכוחים מיט יודען. דאס איז פאר די לעצטע א נייע גזירה געווען; זיי האבען לויט א בעפעהל פון קעניג געמוזט אויסהערען די „דרשנים", געבען זיי די ספרים, וואס זיי האבען פערלאנגט און אפילו דעקען די קאסטען פון די דאזיגע וכוחים. ווען אט די אלע מיטלען האבען ווידער נישט געווירקט, האבען זיך די דאמיניקאנער גענומען צום תלמוד אויפן שטייגער פון דעם בעריהמטען דאנין. זיי האבען זיך געווענדעט צום פויפסט קלעמענס IV' מיט א מסירה אויפן תלמוד, און ער האט בעפוילען צו קאנפיסקירען אלע תלמוד-עקזעמפליארען און זיי פערברענען; דער קעניג האט אבער די גזירה פערלייכטערט. ער האט געהייסען נאכזוכען די אנגעגעבענע בעליידיגענדע שטעלן פון תלמוד און אויב זיי זענען ווירקליך בעליידיגענד פאר'ן קריסטענטום — זיי אויסמעקען. דאס איז געווען די ערשטע דאמיניקאנישע צענזור איבערן תלמוד אין שפאניען.

די שנאה פון די פערביטערטע דאמיניקאנער האט געטראפען אויך דעם רמב"ן פערזענליך. דער לעצטער האט פערעפענטליכט א העברעאישען בעריכט פון דעם וכוח אין בארצעלאנא, וואו ער האט אויספיהרליך איבערגעגעבען זיינע תשובות אויף די טענות פון די געגנער. דאס האט די בעזיגטע דאמיניקאנער אויפגעקאכט, און זיי האבען איהם פערמסר'ט פאר'ן קעניג, אז ער פערשפרייט שלעכטע מיינונגען וועגען קריסטענטום. דער קעניג האט דאן צונויפגערופען א אויסערגעוועהנליכע קאמיסיע, וואס האט ארויסגעפאדערט דעם אנגעקלאגטען זיך צו פערטיידיגען. דער רמב"ן האט מודה געווען, אז אין זיין בעריכט געפינען זיך ווירקליך שטעלן געגען דער קריסטליכער אמונה, אבער נישט מעהר און נישט קיין אנדערע, ווי יענע, וואס ער האט עפענטליך אויסגעדריקט בעת'ן וכוח אין דער אנוועזענהייט פון קעניג און אלע זיינע איצטיגע שופטים. אט די טענה האט די קאמיסיע אין א געוויסער מאס אנגענומען, און זי האט פערמשפ'ט דאס ווערק צום פערברענען און דעם רמב"ן אליין בלויז אויף צוויי יאהר

גלות פון אראגאניען . די דאמיניקאנער האבען זיך אבער מיט דעם אורטהייל נישט בעפריעדיגט , און זעהענדיג , אז דער קעניג איז צום רמב"ן בכלל גוט געשטימט , האבען זיי זיך געווענדעט וועגען דעם מיט א אנקלאגע צום פויפסט . און דאס האט געווירקט : דער קעניג האט זיך דערשראקען פאר דעם הארבען מוסר פון פויפסט , און דער זיעבעציג-יעהריגער רמב"ן האט געמוזט פערלאזען אראגאניען אויף אייביג . אויסגעוואנדערט האט ער קיין ארץ ישראל , וואוהין עס האט איהם שוין לאנג געצויגען , און אנקומענדיג אהין האט ער דארט געפונען א שרעקליכען חורבן . דאס איז געווען עטליכע יאהר נאך די ווילדע אנפאלען פון די מאנגאלען און טאטארען אויפ'ן גאנצען מזרח (1260), פון וועלכע דאס הייליגע לאנד האט אמשטארקסטען געליטען . „וואס הייליגער א ארט איז , שרייבט דער רמב"ן אין זיין בריעף פון ארץ ישראל , אלץ גרעסער איז זיין חורבן ; ירושלים איז מעהר פערוויסט פון די שכני'שע שטעדט און די — פון גליל" . ווען די מאנגאלען זענען פערטריעבען געווארען פון פאלעסטינא האבען זיך אין ירושלים געפונען צוויי טויזענד מחמד'נער און עטליכע הונדערט קריסטען , און יודען בלויז צוויי אדער דריי משפחות, — די איבריגע זענען אלע אויסגעטויט געווארען .

דער רמב"ן איז אבער נישט פערצווייפעלט געבליעבען ; ער האט זיך גענומען שאפען צוריק א יודישען כלל-לעבען אינ'ם לאנד פון דער יודישער פערגאנגענהייט . ער האט ארגאניזירט קהלות , אויפגעבויט שוהלען און געגרינדעט א בעדייטענדע ישיבה , וואס איז מיט דער צייט געווארען א אנגעזעהענער גייסטיגער צענטר פאר'ן גאנצען מזרח . עס האבען זיך צונויפגעזאמעלט הונדערטער תלמידים ארום דעם פערטריעבענעם שפאנישען גדול און ער האט פאר זיי נייע האריזאנטען געעפענט , נייע געביעטען פון דענקען און שאפען .

אין דער צייט איז דעם רמב"ן'ס השפעה פארטגעזעצט געווארען אויך אין דעם לאנד , פון וואנען ער איז געקומען , א דאנק דער טעטיגקייט פון זיינע דארטיגע תלמידים . זיי זענען פעסט געשטאנען אויף דער וואך פון דעם יודישען גייסט , פון דער יודישער קולטור , אין דער צייט , ווען די מאטעריעלע יודישע לאגע איז וואס ווייטער געווארען אלץ ערגער און פינסטערער . יודען זענען געווארען דער „שעיר לעזזאל" פאר אלעמענס זינד און האבען מיט זייער בלוט דורכגענעצט די ערד פון גאנץ איירָאפא . בעת דער אנארכיע , וואס האט

אויסגעבראָכען אין דייטשלאנד נאָכ'ן טויט פון קייזער פרידריך II, ווענען טויזענדער יודען געפאלען, און ס'האָבען זיך געפונען הונדערטער דייטש־קריסטליכע פאמיליעס מיט דעם שטאָלצען טיטול יודענברעטער (יודענבראטער), צום אָנדענקען פון די „גאָט־פערשאָלטענע", וועלכע זיי האָבען אין שפאס פערברענט. און די קירך פון איהר זייט האָט אויך נישט געשוויגען — זי האָט ערקלערט, אז די יודען־לאטע איז ווייניג, נאָר יעדער יוד מוז טראָגען אבעזונדער מין הוט (מיט שפיצען און הערנער), וועלכע די גאסען־שקצים זאָלען לחלוטין נישט קענען רוהיג פערבייגעהן (אויפן וויענער קירכען־קאָנגרעס, 1264). —

א געזעץ זיין דעם זעלביגען זין האָט ארויסגעגעבען אויך לודוויג דער היילינער. ער האָט בעפוילען, אז יעדער יוד זאָל טראָגען אויפן אויבער־מאנטעל א געלע טוכענע אָדער לעדערנע לאטע אין דער געשטאַלט פון א ראָד אי אויפן ברוסט, אי אויפן פלייצע, „כדי די פערפלכטעטע זאָלען דערקאָנט ווערן פון אלע זייטען".

אין אנ'אנדער לאנע האָבען זיך געפונען די יודען אין אונגארן און פוילען. די דאָזיגע האלב־ווילדע קריגערישע פעלקער האָבען אָהן יודען פשוט נישט געקענט אויסקומען; די לעצטע, מיט זייערע אינדוסטריעלע פעהיגקייטען און פראקטישער געשיקליכקייט, האָבען פערשטאַנען אויסצונוצען די אונגעהויערע נאטירליכע עשירות פון די לענדער ארום דונאי און ווייכסעל און פון ביידע זייטען קארפאטען, און דאָס האָט די לענדער גרויס און שטארק געמאַכט. די אלע השתדלות'ען מצד דער קירך ארויסצורייסען פון יודישע הענד די הכלערע מלוכה־פאָסטענס און די ארענדע פון פערשיעדענע שטייערן, — האָבען דאָ דעריבער קיין ערפאָלג נישט געהאַט, ווייל די מלוכה האָט איינפאַך נישט געהאַט, מיט וועמען צו פערבייטען די אָבגעזאָגטע יודען, נישט ברענגענדיג דערביי דאָס לאנד צו א פאָלשטענדיגער ירידה. דער אונגארישער קעניג בעלא IV האָט כמעט אלע שטייערן פון לאנד איבערגעגעבען יודישע ארענדאטאָרען נאָכדעם, ווי דאָס לאנד איז שרעקליך פעראָרימט געוואָרען צוליעב דעם אָנפאל פון די מאָנגאָלען. דער זעלביגער קעניג האָט איינגעפיהרט פאר די יודען פון זיין לאנד די געזעצען פון דעם עסטרייכישען הערצאָג פרידריך I, וועלכע האָבען נישט בלויז געשיצט די יודישע רעכטען, נאָר אפילו זיי פערברייטערט און פערגרעסערט. דאָס טלץ האָט שטארק בעאונרוהיגט דעם פאָטער

פוּן דֶער קִירך , אוּן עֶר הָאט אַראָבגעֶשִׁיקט אִין דִי קַארפַּאטֶען-לֶענדֶער אַ גאַנצֶע מחנה ראָמִינִיקאַנֶער אוּן פראַנציסקאַנֶער , ווֶעלכֶע הָאבֶען „עֶרצוֹיגֶען״ דִי דאָרטִיגֶע פֶעלקֶער אוּן אַיינגֶעפּלאַנצט אִין זֵיי אַלֶע שֶׂנאֶה מדות פוּן דֶעם רֵיינֶעם גלוֹיבֶען . נאַטִירלִיך , הָאבֶען דִי יוּדֶען אִיצט שׁוֹין נִישׁט געֶקענֶט מֶעהר בּלַייבֶען אָהן אַ בֶּעזוּנדֶער השגחה , אוּן דִי צוּזאַמֶענגֶערוּפֶענֶע קִירכֶען-פֶערזאַמלוּנג, אוּנטֶער׳ן פאָרזִיץ פוּן פּוֹיפּסטלִיכֶען שׁליח, הָאט אוֹיסגֶעאַרבַּייט אַ גאַנצֶע רֵייהֶע בֶּעגרֶענֶעצוּנגֶען פאַר יוּדֶען אִין אוּנגאַרן , פּוֹילֶען , דאַלמאַציֶען , קראָאַטִיֶען , סלאַוואָניֶען , לאָדאָמֶעריֶען אוּן גאַלִיציֶען . זֵיי אִיז פֶערבָּאטֶען געֶוואָרֶען יֶעדֶער מִין אַרֶענדֶע פוּן שׁטֵייֶערן, „ווייל ס׳אִיז געֶפֶעהרלִיך , אַז יוּדֶען זאָלֶען וואוֹינֶען צוּזאַמֶען מִיט קרִיסטלִיכֶע פאַמִילִיֶעס אוּן פֶערקֶעהרֶען מִיט זֵיי פרַיינדלִיך אִין דִי הוֹיפֶען אוּן דִי הַייזֶער״ , אוֹיך דִי געֶלֶע לאַטֶע הָאבֶען דִי הֵיילִיגֶע נִישׁט פֶערגֶעסֶען אַרוֹיפצוּפּרֶעסֶען אוֹיף דֶער יוּדִישֶׁער בּרוּסט — טאָמֶער ווֶעט מֶען , חס ושלום , דֶעם יוּדֶען נִישׁט דֶערקֶענֶען .

צוּם גלִיק פוּן דִי אוּנגאַרִישֶׁע אוּן פּוֹילִישֶׁע יוּדֶען הָאבֶען דִי דאָזִיגֶע געֶשׁרִיבֶּענֶע פֶעראָרדנוּנגֶען דֶערווייל קֵיין גרוֹיסֶען בֶּעדַייטוּנג נִישׁט געֶהאַט , אוּן דִי הֶערשֶׁענדֶע בֶּעפֶעלקֶערוּנגֶען הָאבֶען אַ לאַנגֶע צַייט נאָך זִיך אָבגֶעזאָגט צוּ פֶערשׁטֶעהן דֶעם טִיפֶען שֵׂכל פוּן דִי קִירכלִיכֶע קדושים , לוֹיט ווֶעלכֶען מ׳טאָר קֵיין טרוּנק וואַסֶער נִישׁט גֶעבֶּען אַ יוּדֶען, וואָס הָאט נִישׁט קֵיין געֶלֶע לאַטֶע אוֹיפ׳ן מאַנטֶעל,—אִין קלֵיין פּוֹילֶען הָאבֶען יוּדֶען , אוֹיסֶער דִי גַייסטלִיכֶע , געֶהאַט גֶעגֶען זִיך אוֹיך דִי אַרבַּייטֶער-צֶעהֶען אוּן מאַגִיסטראַטֶען , ווֶעלכֶע זֶענֶען בֶּעשׁטאַנֶען פוּן אַיינגֶעוואַנדֶערטֶע דַייטשֶׁען . דִי לֶעצטֶע , וואָס הָאבֶען זִיך בֶּעשֶׁעפטִיגט מִיט מסחר אוּן מלאכה , הָאבֶען געֶזֶעהֶען אִין יוּדֶען גֶעפֶעהרלִיכֶע קאָנקוּרֶענטֶען אוּן געֶוואָלט פוּן זֵיי פרַיי ווֶערֶען ; דִי מלכים פוּן לאַנד הָאבֶען אָבֶער געֶשִׁיצט דִי יוּדֶען אוּן זֵיי עֶרקלֶערט פאַר אַ פּרִיווִילֶעגִירטֶען געֶזֶעלשׁאַפטלִיכֶען שׁטאַנד , וואָס געֶפִינט זִיך אוּנטֶער דֶער בֶּעזוּנדֶער השגחה פוּן מלך אַלֵיין , אַזוֹי אַז נִישׁט דִי גַייסטלִיכֶע, נִישׁט דִי ווֶעלטלִיכֶע מאַכט הָאט דאָס רֶעכט יוּדֶען צוּ משפט׳ען אָדֶער צוּ בֶּעשׁטראָפֶען .

דֶער עֶרשׁטֶער פוּן דִי פּוֹילִישֶׁע מושלים , וואָס הָאט זִיך אַזוֹי בֶּעצוֹיגֶען צוּ יוּדֶען , אִיז געֶוועֶן באָלֶעסלאַוו דֶער פרוּמֶער , דֶער דוּכס פוּן קאַלִישׁ , אִין זַיין צַייט הָאבֶען קֵיין פּוֹילֶען אַיינגֶעוואַנדֶערט מאַסֶען יוּדֶען פוּן דִי שכני׳שֶׁע לֶענדֶער , וואוּ עֶס הָאבֶען געֶווילדֶעוועֶט

די קרייץ-פאָהרער און אַלערליי אַנדערע בלוט-מענשען ; דאָס האָט גע-בראַכט צו פערשידענע רייבונגען צווישען דער יודישער און דער אָרטיגער בעפעלקערונג , און דער דוכּס האָט זיך גלייך געחאַפּט אויף דעם , אַז די בעציהונגען פון יודען צו דער מלוכה און צו די איבריגע איינוואוינער מוזען קלאָר און גענוי רעגולירט ווערן . דאַן האָט ער אַרויסגעגעבען פאַר די יודען פון זיין מלוכה אַ ספּעציעלען סטאַטוט , וואָס האָט זיי אַוועקגעשטעלט אין אַ פּריווילעגירטער לאַגע מיט אַ פאָלשטענדיגער אינערליכער זעלבסט-פערוואַלטונג (1264) .

אַ ענליכע ערשיינונג איז פאָרגעקומען אויף דער פּירענעאישער האַלב-אינזעל . דאָ איז די קירך אויך הינטערשטעליג געבליבען מיט איהרע גזירות און רדיפות צוליעב דעם , וואָס די בעפעלקערונג איז געווען געמישט פון קריסטען , מחמד׳נער און יודען . דערצו איז דאָ נאָך צוגעקומען דער פאַקט , וואָס די יודען האָבען פערנומען כּמעט דעם אָנגעזעהענסטען פּלאַץ אינ׳ם קולטור-לעבען פון לאַנד און געקענט לייכט אַנטקעגענווירקען אַלע אָנפאַלען מצד די קירכליכע פאַנאַטיקער . אַלפאָנס („דער קלוגער״) אַליין , חאָטש ער האָט זיי אין זיין קאָרעקס אויסגעשלאָסען פון יעדען קולטורעלען און געזעלשאַפטליכען פּאָסטען , האָט דערווייל כּמעט די בעדייטענדסטע פונקציעס פון זיין מלוכה אָנ-פערטרויט יודען . נאָר איין מאָל האָט זיך דער קעניג פערביזערט אויף זיין יודישען אַלמאָקסאַריף און דערביי האָט ער זיין צאָרן אויסגעגאָסען אויף אַלע יודען פון זיין מלוכה . דאָס איז פאָרגעקומען אויף דעם פאָלגענדען אופן : דער אינפאַנט (קרוין-פּרינץ) דאָן סאַנטשאָ איז געווען פיינדליך געשטימט געגען קעניג , און איינמאָל האָט ער דעם יודישען שאַצמייסטער דאָן צאַג געצוואונגען , איהם אַרויסצוגעבען די עפענטליכע געלדער . פאַר דער שוואַכקייט האָט אַלפאָנס געלאָזען דאָן צאַג׳ן שמיע-דען אין קייטען און איהם פּייניגען דעם פּרינץ אין די אויגען . דער לעצטער האָט געבעטען רחמים ביים פאָטער פאַר דעם אונשולדיגען שאַץ-מייסטער ; דאָס האָט דעם צורייצטען הערשער נאָכמעהר אויפגע-בראַכט און דעם פיינדליכען זוהן אויף צו-להכעיס , האָט ער געהייסען טויטען דעם פערמשפּט׳ען און קאָנפיסקירען זיין פערמעגען (1280). נאָכדעם האָט ער געלאָזען איינשליעסען אין געפענגניש אַלע קאַסטילישע יודען און אויף אַזאַ אופן אַרויסגעפּרעסט פון זיי אַ גרויסע סומע געלד.

אָט די געוואַלט-מעשים האָבען אַלע שיכטען פון פאָלק אַוועקגע-שטעלט אויף דער זייט פון קרוין-פּרינץ , און אין גיכען איז ער גע-

ווארען הערשער פון לאנד . דער נייער קעניג האט רעגולירט די יודישע שטייערן ; ער האט אנשטאט דעם קאפּ־שטייער , וואס יעדער יוד האט ביז אהער געמוזט אבצאהלען צום אנדענקען פון ישו׳ס טויט , בעשטימט איין אלגעמיינע סומע פאר יעדער פראווינץ , און די יודישע פארשטעהער האבען שוין די סומע אליין איינגעטיילט צווישען די קהלות . בסך הכל האבען די אלט הונדערט און פופציג טויזענד יודען פון קעניגרייך קאסטיליען געהאט אריינצוטראגען יעהרליך אין דער מלוכה־קאסע 2,780,000 מאראוועדי׳ס (ארום 2 מיליאן רובעל). אויף דעם זענען געווען אכציג יודישע קהלות, פון וועלכע די בעדייטענדסטע איז געוועזען טאלעדא מיט איהרע צוויי און זיבעציג טויזענד יודען .

נישט שלעכט האט זיך יודען דעמאלט געלעבט אויך אין קעניג־רייך פארטוגאל , אונטער אלפאנזא III און דיניז . יודען זענען דא פריי געווען פון דעם מעשר פאר דער קירך און פון דעם שענד־ליכען „צייכען“ און די אנגעזעהענע פון זיי האבען פערנומען בעדייטענ־דע פאסטענס . דאס האט געבראכט צו שארפע סכסוכים צווישען דער וועלטליכער און דער קירכליכער מאכט , און געענדיגט האט זיך עס דערמיט , אז דיניז האט כלומר׳שט איינגעפיהרט די קירכליכע גע־זעצען , אבער נישט מעהר , ווי אויפ׳ן פאפיר .

## צוועלפטעס קאַפּיטעל.

### די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון דער קבלה.

אויב די מאטעריעלע לאגע פון די שפאנישע יודען איז בכלל נישט פיעל בעסער געווען פון דער יודישער לאגע אין עטליכע אנדערע לענדער (פוילען, אונגארן), זענען זיי אבער קולטורעל נאך אלץ געשטאנען בראש פון גאנצען יודענטום. דא האט נאך אלץ אמשטארקסטען פולסירט דאס גייסטיגע לעבען, און די בעדייטענדסטען אויסדריקען פון דעם יודישען שאפען און דענקען זענען פון דאנען פונאנדערגעטראגען געווארען אין אלע טיילען פון דער דיאספארא.

די בעדייטענדסטע פערזענליכקייט פון שפאנישען יודענטום פאר דער עפאכע איז געווען ר' שלמה בן אדרת פון בארצעלאנא (1245—1310) אדער, ווי ער איז בעקאנט אינטער דעם פערקירצטען נאמען: דער רשב"א. א מענש מיט א שארפען און קלארען פערשטאנד און מיט א טיעף אינערליכען, פעסטען גלויבען, האט ער זיין גאנצע טעטיגקייט געווידמעט דעם שטודיום פון תלמוד; ער האט זיך ערווארבען א אונגעוועהנליכע בקיאות אין דער גאנצער תלמודישער געזעצגעבונג, און בעהערשענדיג דעם דאזיגען אונגעהויער-פערוויקעלטען מאטעריאל מיט זיין גאונישען קאפ, האט ער אין איהם אריינגעבראכט ליכט און לעבען. ווי א תלמיד פון רמב"ן איז ר' שלמה נישט חייט געווען איינגאנצען פון דער אויבערפלעכליכער פילאזאפיע, און אויך די קבלה האט ער שטארק פערהייליגט; ער האט אבער געראטען,

צו זײַן זעהר פּראָזײַטיג מיט די אַלע למודים און זײַ נישט צו פערשפּרײַטען צווישען המון.

פיערציג יאָהר האָט דער רשב״א פערנומען דעם רבנות־שטוהל אין באַרצעלאָנאַ, און פאַר דער צײַט איז זײַן אויטאָריטעט איבערגעוואַקסען נישט בלויז די גרענעצען פון שפּאַניען, נאָר פון גאַנץ איראָפּא, אַזיען און אפריקא. די קהלות פון דײַטשלאַנד און פון ארץ ישראל, אַ פּערוואָרפענע שטעדטיל זײַן צפון אפריקא און די גרעסטע געמײַנדעס פון בעהמען און איטאַליען, — אַלע האָבען זיך מיט זײַערע שאלות געווענדעט צו דעם גרויסען געזעצלעהרער אין שפּאַניען, און ער האָט קײַן אײַנציגע שאלה נישט געלאָזען אָהן אַ קלאָרען ענטפער.

אלם תלמודישער געלעהרטער איז דער רשב״א געוועזען נישט אײַנער אין זײַן צײַט; אין שפּאַניען גופא האָט געלעבט ר׳ אהרן הלוי, וועלכער האָט אויך געהאַט גרויסע פערדיענסטען פאַר זײַן טעטיגקײַט אויף דעם געביעט פון דער יודישער הלכה. דער מנהיג הדור איז אָבער געוועזען דער רב פון באַרצעלאָנאַ, ווײַל ער האָט מעהר פון אַלע זײַנע צײַט־חברים זיך אײַנגעשטעלט פאַר׳ן יודענטום און עם געשיצט געגען יעדען אָנגריף פון אינוועניג, ווי פון אויסוועניג. דער רשב״א האָט אָפט געפיהרט וכוחים מיט קריסטליכע טעאָלאָגען וועגען די יסודות פון דער קריסטליכער אמונה און ווען דער געלעהרנטער דאָמיניקאַנער רײַמונד מאַרטין האָט אָנגעשריבען צווײַ ביכער געגען יודענטום, האָט דער רשב״א איהם אָבגעענטפערט מיט אַ קלײַנער בראָשור, אין וועלכער ער האָט אײַנס נאָך אײַנס אָבגעשלאָגען אַלע טענות פון די יודישע געגנער.

אין דער צײַט האָט צוריק אויפגעלעבט דער אַלטער קאַמפּף צווישען בילדונג און פרומקײַט, און דאָס מאָל האָבען שוין די קבליסטען אויך זייער וואָרט געזאָגט. עס האָט זיך פונאַנדערגעקאָכט די אַלטע פראַגע וועגען רמב״ם׳ס פילאָזאָפישע ווערק, צי זענען זײַ שעדליך פאַר דער אמונה, צי נישט, נאָר אָנשטאַט שפּאַניען און פראַנקרײַך, זענען איצט אַרויסגעטרעטען די קהלות פון דײַטשלאַנד און איטאַליען. די דײַטשע יודען, וועלכע האָבען ביז אַהער קײַן אַהנונג נישט געהאַט פון די אַלע פילאָזאָפישע חקירות און פשט׳לעך וועגען גאָט און וועלט, זײַענדיג אינגאַנצען פערזונקען אין דעם שטודיום פון דער יודישער הלכה, — האָבען איצט איבערגעלעבט דאָס אײַגענע, וואָס די פראַנצויזישע תוספי׳סטען מיט פופציג יאָהר צוריק. געראָרפ׳ט און געפּײַניגט

פאר דער אמונה, האבען די גדולים פון דייטשען יודענטום אנגעהויבען קרום צו קוקען אויף אלע יודישע פילאזאפען און אויף דער פילאזאפיע בכלל, וואס זוכט צו ערקלערען יעדער זאך „על פי שכל" און גראבט דערמיט ממילא אונטער די יסודות פון דער אמונה. אט די שטילע אונצופריעדענהייט איז שטארק פונאנדערגעבלאזען געווארען פון א הייסען מקובל און תלמודיסט, מיט'ן נאמען ר' שלמה פעטיט. אליין א פערביסענער שונא פון יעדער מין בילדונג און חקירה, האט דער דאזיגער קנאי געוואלט דורכאוים פערטרייבען דעם רמב"ם פון דער יודישער גאס, און צו דעם צוועק איז ער געפאהרען פון לאנד צו לאנד און פון קהלה צו קהלה קלייבען חתימות פון גדולים אויף א נייעם חרם. אויף אזא אופן האט דער אייראפעאישער מקובל זיך דערשלאגען קיין ארץ ישראל, און דארט (אין עכו) איז איהם ענדליך געלונגען צו פערווירקליכען זיין אידעאל: די רבנים פון ארץ ישראל האבען אויך איינגעזעהען די שעדליכקייט פון דער געפעהרליכער פילא-זאפיע און דער חרם איז אויסגערופען געווארען. עס האבען זיך זאגאר געפונען פאנאטיקער, וועלכע האבען אופן רמב"ם מצבה אויפגעקריצט די ווערטער: „משה בן מיימון איז אנ'אפיקורס און ליגט אין חרם".

מיט די מעשים האט זיך די מחלוקת ערשט פונאנדערגעקאכט. ווען דעם רמב"ם'ס אייניקעל ר' דוד, דער נגיד פון עגיפטען האט זיך דערוואוסט פון דער בעליידיגענדער אגיטאציע געגען דעם נאמען פון זיין גרויסען זיידען, האט ער צונויפגענומען ארום זיך די אנגעזעהענסטע פארשטעהער פונ'ם מזרח'ישען יודענטום און זיי האבען אויסגערופען א געגען-חרם איבער אלע, וואס שענדען דעם נאמען פון גרעסטען יודישען דענקער ארער פון זיינע ווערק. ר' שלמה האט זיך דעמאלט ווידער אוועקגעלאזען קיין אייראפא און בענייט אין די רבני'שע קרייזען זיין שארפע אגיטאציע געגען רמב"ם. איצט האט זיך איהם ווידער איינגעגעבען צו בעקומען אויף זיין צד כמעט אלע יודישע גדולים פון דייטשלאנד, און ער האט זיך געלאזען צוריק קיין פאלעס-טינא דורך איטאליען; דא האט ער אבער בעגעגענט א שטארקען ווידער-שטאנד. די איטאליענישע קהלות האבען דעמאלט גראד אנגעהויבען אויפבליהען און אויפלעבען נאלדעם, ווי זיי האבען אין דעם משך פון עטליכע יאהרהונדערט נישט ארויסגעוויזען קיין שפור פון א גייסטיגען לעבען. עס איז געווען, ווי א מין איראניע פון דער געשיכטע: די נאהנטסטע שכנים פון פעטרוס'עס שטוהל, די יודען אין די איטאליע-נישע פראווינצען, האבען נישט געוואוסט פון קיינע קאנאנישע גזירות

און בעגרענצונגען ! דער קעניג פון סיציליען האט געהאט א יודישען לייב-דאקטאר, פאראדיז איבן-שלמה, וועלכער איז אלס געוועזען געלעהרטער (אונטערן נאמען פאראגוט) געוועזען בעריהמט אויך אין די קריסטליכע קרייזען ; דער פויפסט אליין זאגאר האט עובר געוועזען אויף דער קירכליכער גזירה, זיך נישט צו לאזען היילען פון א יודען, און האט זיין אייגענעם היילינגען גוף אנפערטרויט דעם יודישען דאקטאר יצחק בן מרדכי, וועלכער האט געטראגען דעם טיטול מאעסטרא גאיא. יודען האבען זיך דא בכלל זעהר היימיש געפיהלט אין דעם לעבעדיגען האנדעל, ווי אין דער בליהענדער קולטור פון לאנד, און זייערע גייסטיגע פיהרער זענען גאנץ ווייט געוועזען פון רעליגיעזען פאנאטיזם.

אייניגע פון די טאן-געבענדע יודישע פערזענליכקייטען איז דא געוועזען דער דאקטאר הלל פון וועראנא. ער האט זיך בעזונדער ווארים אייגעשטעלט פאר'ן רמבם'ס כבוד און פארגעלעגט צוגויפצורופען א ספעציעלען רבנים-צוזאמענפאהר פון גאנצען מזרח, וואס זאל ארויסטראגען א בעשטימטען און שארפען אורטייל וועגען אלע מעשים פון ר' שלמה'ס צד. דאס איז אבער שוין נישט נויטיג געוועזען נאכדעם שארפען חרם, וואס די אנגעזעהענסטע יודישע פארשטעהער פון די מזרח-לענדער האבען ארויסגערופען אויף די בעליידיגער פון רמב"ם.

אין יענער צייט האבען די יודישע קהלות אין דייטשלאנד געהאט אויסצושטעהן שווערע רדיפות און פערפאלגונגען. דא האבען זיך איבערגעחזר'ט די צרות פון די ענגלישע יודען אין די צייטען פון היינריך III, נאר מיט מעהר גראבקייט און אכזריות. דער פלוצלינג אויפגעקומענער קייזער רודאלף פון האבסבורג האט זיך שטארק גענויטיגט אין געלד, כדי צו בעפעסטיגען די מאכט פון זיין דינאסטיע, און דאס האט ער אהן א אויפהער ארויסגעפרעסט פון זיינע יודישע אונטערטאנען — אמאל פאר דעם פרייז פון געוויסע הנחות און אמאל אונטער דער מורא פון שווערע גזירות און בעשולדיגונגען. רודאלף האט בעשטעטיגט פאר די רעגענסבורגער יודען א גאנצע רייהע פון זייערע אלטע פריווילעגיעס, און אין א קורצער צייט ארום האט ער פערבאטען יודען זיך צו בעווייזען אין גאס אין די טעג פון פסחא, „אום נישט צו בעליידיגען דעם קריסטליכען גלויבען". פאר די עסטרייכישע יודען האט רודאלף בעפעסטיגט דעם בעריהמטען סטאטוט פון הערצאג פרידריך I, וואס האט די יודען געשיצט פון יעדער מין

נגישה מצד דער קריסטליכער בעפעלקערונג און זיי געשענקט א סך פריווילעגיעס; דאגעגען האט ער עפענטליך פערבאטען צו בעשטימען יודען אויף וועלכען ס'איז פאסטען. רודאלף האט עטליכע מאל בעשטעטיגט די פויפסטליכע בוללעס וועגען דער פאלשקייט פון „עלילת דם", און בכלל אוועקגעשטעלט די יודען אונטער זיין פערזענליכער שוץ; פון דעסטוועגען איז די צייט פון זיין הערשען נישט אריבער אהן פאגראמען און יודען-שחיטות. ביי איינעם אזא פאגראם, וואס איז ארויסגערופען געווארען א דאנק דעם זעלביגען אבגעלייקענטען בלוט-בלבול, זענען צעהן יודען געטויט און א מאסע יודישע הייזער צורויבט געווארען (מיינץ 1283). אין דעם זעלביגען טאג זענען אין באכראך אומגעקומען פון דעם צעווילדעטען המון נאך זעקס און צוואנציג יודען, און מיט איינע צוויי יאהר שפעטער האט די מינכענער יודישע קהלה מקריב געווען נאך א גרעסערע צאהל לעבענס. דא האט זיך דער המון אויך צעבושעוועט איבער א בלוט-בלבול און דערשלאגען צעהנדליגער יודען, און ווען די אונגליקליכע האבען זיך געפרובט פערקלאפען אין א שוהל, האבען די פערשכורט'ע מערדער געבראכט ברענמאטעריאל און פערברענט די שוהל מיט הונדערט אכציג לעבעדיגע נפשות. אזא בלוטיגע סצענע האט זיך אבגעשפיעלט אויך אין אבערוועזעל, וואו איבער פיערציג יודען זענען אומגעקומען (1280).

אט די אונערטרעגליכע לאגע האט געבראכט דערצו, אז גאנצע קהלות האבען בעשלאסען אויסצעוואנדערן פון דעם פערשאלטענעם לאנד. בראש פון די אויסוואנדערנדע קהלות איז געשטאנען דער בא-ריהמטער תלמודישער געלעהרטער ר' מאיר פון ראטענבורג (מהר"ם מרוטנבורג, 1220—1286), וועלכער איז געווען פערעכענט פאר א קדוש. די אונגליקליכע האבען זיך געלאזען קיין ארץ-ישראל, פערפיהרט פון עפעס א פאלשער האפנונג וועגען א משיח, וואס זאל האבען דארט ערשיינען אויסצולייזען דאס פאלק ישראל.

און אינ'ם מזרח איז פאר יענער צייט ווירקליך פארגעקומען עטוואס בעזונדערעס, מערקווירדיגעס, חאטש עס לאזט זיך דערביי, נאטירליך, גאנץ ווייניג רעדען וועגען א משיח. די מאנגאלען האבען געגרינדעט א גרויסע מלוכה אין פערסיען, וואס האט זיך געצויגען פון טייך פרת ביז'ן קאספישען ים, און אט האט איינער פון די מאנגאלישע הערשער שטארק דערהויבען זיין יודישען לייב-ארצט סעד אבדאולא. דער לעצטער איז געווען א מענש מיט ברייטע קענטעניסען, מיט א

קלאָרען פּאָליטישען פערשטאַנד און מיט זעהר אַ שענער געשטאַלט; ער האָט דערינבער שטאַרק נושא חן געווען ביים גרויס-כאַן, וועלכער האָט איהם געמאַכט פאַרן פאַקטישען פיהרער פון דער גאַנצער מלוכה.

עס קען אַלזאָ זיין, אז די פערנעבעלטע ידיעות וועגען דעם „גרויסען שר" האָבען עס אויפגעמונטערט די דערשלאָגענע דייטשע יודען צו פערלאָזען זייער פאָטער-לאַנד. עס האָט זיך אָבער געפונען אַ משומד, וואָס האָט פערמסר'ט דעם גרויסען ר' מאיר מיט דער גאַנצער מחנה אויסוואַנדערער, און רודאָלף האָט אלס שטראָף פאַר דער שלעכטער כונה געלאָזען אַריינזעצען דעם פערהייליגטען גאון אי"ם שלאָס-טורעם פון עלזיסהיים (עלזאַס, 4 תמוז 1286). אין געפענגע- ניש האָט מען ר' מאיר'ן גאַנץ וויך בעהאַנדעלט, ווייל פאַקטיש איז ער געזעסען בלויז אלס משכון פאַר די קייזערליכע „קאַמער-קנעכט", זיי זאָל נישט איינפאַלען נאָכאַמאָל זיך צו ווען אַרויסגנב'נען פון לאַנד און צונעהמען דערמיט ביים קייזער אַ בעדייטענדע הכנסה. ר' מאיר'ס געפענגעניש איז געווען נישט מעהר, ווי אַ מין הויז-אַרעסט; ער האָט געמעגט אָננעהמען, וועמען ער האָט געוואָלט, לערנען מיט די תלמידים און בכלל אויסאיבען אַלע רבני'שע פונקציעס, נאָר דעם אָרט נישט בייטען. די הייזער און פּלעצער ווידער פון די אויסגעוואַנדערטע יודען האָט דער קייזער פאַר זיך צוגענומען, אלס אַ ירושה פון זיינע קאַמער-קנעכט.

די דייטשע יודען האָבען געפּרובט אָנווענדען דאָס אַלטע מיטעל. זיי האָבען דעם קעניג געגעבען צוואַנציג טויזענד מאַרק און דערפאַר געוואָלט אויספּועל'ן ביי איהם עטליכע זייטיגע הנחות און הויפּטזעכליך ר' מאיר'ס פרייהייט; דער יודישער גדול האָט זיך אָבער אָבגעזאָגט פון אַזאַ אויסלייזונג, כדי נישט צו ווייזען קיין וועג פון אַרויספּרעסען ביי יודען געלד דורך אַזעלכע מיטלען. ער איז אַלזאָ פערבליבען זיצען אין געפענגעניש ביז זיין טויט, און אויך דעמאָלט האָט רודאָלף'ס נאָכפאָלגער נישט געוואָלט אַרויסגעבען דעם קערפּער פון גרויסען נפטר אינ'ם משך פון אַ לאַנגער צייט. דאַן האָט זיך געפונען אַ רייכער פראַנק- פורטער יוד, ר' אַלעקסאַנדער זיסקינד ווימפּפען, וועלכער האָט בעצאָהלט דעם קייזער אַ אונגעהויערע סומע געלד, און דער מהר"ם איז געבראַכט געוואָרען צו קבורה (אין מיינץ).

נאָך אונגליקליכער פון די דייטשע יודען זענען געווען אין דער צייט די יודען אין ענגלאַנד. די ערשטע יאהרען פון עדוואַרד דעם

ערשטענ׳ס ממשלה זענען אריבערגעגאנגען געוויסערמאסען בשלום , און די יודישע בעפעלקערונג האט געליטען בלויז פון שווערע שטייערן אליין . דאן איז אבער פארגעקומען א פאל , וואס האט אינגאנצען אונמעגליך געמאכט דאס יודישע לעבען אין דעם לאנד . ראבערט רעדדינגוש , א איינפלוסרייכער בעריהמטער דאמיניקאנישער דרשן , וועלכער האט א לענגערע צייט געשטודירט די העברעאישע שפראך און איהר ליטעראטור , כדי צו קענען בעסער קעמפפען מיט דער יודישער „עקשנות״ , — איז א ל י י ן „אראב פון וועג״ . ער האט אויף אזוי ווייט ליעב בעקומען דאס יודענטום , אז ניט קוקענדיג אויף דער אכזריות׳־דיגער שטראף , וואס האט איהם געדראהעט , האט ער זיך מגייר געוועזען און חתונה געהאט כרת משה וישראל מיט א יודישער טאכטער (1275) . אט דער פאקט האט די דאמיניקאנער אינגאנצען ווילד געמאכט און זיי האבען אויסגעלאזען זייער גאנצען כעס צו די יודען פון לאנד . עס האט זיך אנגעהויבען א סדרה פון שענדליכע בלוטיגע רדיפות געגען די „פערשאלטענע פערפיהרער״ , אין וועלכע די הויפט־ראליע האט געשפיעלט ניט דער קעניג , נאר די קעניגין־מוטער עלעאנארא . בעאיינפלוסט פון דער קעניגין מיט איהרע דאמיניקאנישע יועצים האט דער פארלאמענט ארויסגעגעבען א סטאטוט וועגען יודען , וואס האט זיי — ווי ס׳דריקט זיך אוים א ענגלישער שריפט־שטעלער פון יענער צייט — אוועקגעשטעלט כמעט אין איין לאגע מיט די יודען אינ׳ם אמאליגען מצרים , נאר אנשטאט די ציגעל , וואס יענע האבען געדארפט אויסארבייטען פאר פרעה׳ס פאלאצען , האבען די ענגלישע „קאמער־קנעכט״ געמוזט ברענגען — געלד .

דערצו האט זיך די פערביטערטע יודענפיינד באלד געמאכט א געלעגענהייט , ארויסצוטרעטען מיט א שווערער בעשולדיגונג געגען די ענגלישע יודען . עס האבען צירקולירט אין ענגלאנד פאלשע מטבעות , וואס פלעגען אריינגעפיהרט ווערען פון אויסלאנד אדער פאבריצירט ווערען בגנבה אין לאנד גופא ; האט מען די בעשולדיגונג ארויפגעווארפען אויף די אייביגע „שולדיגע״ , און אין איין טאג (17 נאוועמבער 1278) זענען אלע יודען פון ענגלאנד מיט די פרויען און קינדער אריינגעזעצט געווארען אין געפענגעניש . ביים משפט האט זיך ארויס־געשטעלט , אז אויסער א געוויסער צאהל יודען , זענען אין דעם ענין פערמישט אויך מאסען קריסטען און אפילו עטליכע לאנדאנער אריס־טאקראטען , דאס האט אבער די לאגע ניט געענדערט ; הונדערטער

יודען זענען פערמשפט געווארען צום הענגען און צו אנדערע אכזריות'־
ען, ווערענד די קריסטען זענען אבגעקומען מיט געלד־שטראפען.
דער אויסגאנג פון דעם משפט איז געווען אזוי שרעקליך פאר יודען,
אז נאך א צייט לאנג פלעגען די שלני'שע קריסטען דראהען די יודען
מיט פער׳מסר׳ן און אויף אזא אופן ארויספרעסען פון די אונגליק־
ליכע דעם לעצטען גראשען. די זאך איז ענדליך דערגאנגען צום
קעניג, און ער האט בעפוילען, נישט אנצונעהמען מעהר קיינע בע־
שולדיגונגען געגען יודען פאר פאלש־מינצעריי.

אינ׳ם זעלבען יאהר האבען די דאמיניקאנער אויסגענוצט נאך
עטליכע „געלעגענהייטען". אין נאטהאמפטאן האבען יודען, ווי
ס׳האט געהייסען, „געקרייציגט" א קריסטליך קינד, און צעהנדליגער
יודען זענען געטויט געווארען מיט מיתות משונות (2 אפריל 1279);
מיט עטליכע חדשים שפעטער איז ארוים א קלאנג, אז יודען האבען
געלעסטערט די קריסטליכע הייליגקייטען, און ווידער זענען יודען גע־
טויט און געפייניגט געווארען: דערנאך האבען זיך די דאמיניקאנער
גענומען צו זייערע פריהערדיגע דרשות״; די יודען זענען פון אלע
זייטען ארומגערינגעלט געווארען מיט אלערליי מיסיאנערען און האבען
געמוזט מיט זיי זיך מתוכח זיין; דער קעניג האט זאגאר געלאזען
אויפשטעלען א ספעציעלען בנין פאר יודישע משומדים, און ווען דאס
אלץ האט נישט געהאלפען, האט דער בעריהמטער פראנציסקאנישער
געלעהרטער דונס סקאטוס פארגעלעגט דעם קעניג, ער זאל בע־
פוילען איבער געוואלט אבצורייסען די יודישע קינדער פון זייערע
עלטערן און זיי ערציהען אין קריסטליכען גלויבען. פון די זעלביגע
קרייזען איז אוועקגעשיקט געווארען אויך א מסירה צום פויפסט אין
רוים (האנאריוס IV), אז די יודען בעגעהען זיך שלעכט מיט קריסטען,
בענוצען זיך מיט שבת־גוים נויטען זיי, צו קניען פאר דער תורה
און צווינגען די משומדים זיך צוריק אומצוקעהרען צום יודענטום. אויף
דער מסירה האט זיך דער פויפסט אבגערופען מיט א שטרענגען בריעף,
וואס האט ארויסגערופען נייע רדיפות און בעגרענעצונגען (1286).

מיט א יאהר שפעטער האט די קירכען־פערזאמלונג אין עקסעטער
בעשטעטיגט אלע ביזהעריגע גזירות פאר יודען, און אין פירצעהן
טאג ארום האט דער קעניג ווידער געלאזען איינזעצען אין געפענגעניש
אלע ענגלישע יודען מיט די ווייבער און קינדער, בעפרייענדיג זיי
שפעטער פאר א אונגעהויערע סומע אויסלייז־געלד. די פארשטעהער

פון דער קירך האָבען זיך אָבער נאָך אַלע נישט בעפריידיגט, און אין יאָהר 1290 האָט דער קעניג בעפוילען אַרויסצוטרייבען אַלע יודען פון לאַנד. זיי איז געגעבען געוואָרען אַ קורצער טערמין, צו פערקויפען זייער האָב-און גוטס און אָבצוגעבען אַלע קריסטליכע משכנות, וואָס האָבען זיך בײַ זיי געפונען, און נאָך דעם טערמין האָט קיין איינציגער יוד — אונטער טויט-שטראָף — נישט געטאָרט זיך געפינען אין די גרענעצען פון ענגלאַנד. די אונגליקליכע האָבען אפילו נישט אויסגענוצט די גאַנצע צײַט: זיי (16,511) האָבען פערלאָזען ענגלאַנד נאָך פאַר'ן בעשטימטען טערמין, איבערלאָזענדיג הײַזער און פעלדער, וואָס האָבען הונדערטער יאָהרען אָנגעהערט צו זייערע זיידעס און עלטער-זיידעס. די אכזריות האָט שוין נאָכ'ן אויסוואַנדערן אויך נישט אויפגעהערט; איין שיפס-קאַפּיטאַן האָט הונדערטער פאַמיליעס פון די אונגליקליכע צוגעפיהרט צו אַ זאַמד-באַנק און זיי דאָרט איבערגעלאָזען פאַר די חוואַליעס פון ים, שרײַענדיג פון זײַן שיף אַראָב, אַז משה וועט פאַר זיי שפּאַלטען דאָס וואַסער און פיהרען דורך דער טריקעניש. — ווען דער קעניג האָט זיך דערנאָך דערוואוסט פון דער רציחה, האָט ער דעם קאַפּיטאַן געלאָזען אויפהענגען; וויפיעל אָבער אַזעלכע רציחות זענען נישט ענטדעקט געוואָרען?

צוזאַמען מיט די ענגלישע יודען האָבען געמוזט אויסוואַנדערן פון לאַנד אויך די יודען פון גאַסקאָנע, וואָס האָט אָנגעהערט צו דער ענגלישער קרוין. די ראָזיגע יודען האָבען געפּרובט זיך בעזעצען אין פראַנקרײַך; זיי זענען אָבער באַלד פון דאָרטין אויך פערטריבען געוואָרען (1291).

אין דעם זעלביגען יאָהר האָבען אויך די יודען פון די מזרח-לענדער בעקומען אַ שטאַרקען קלאַפּ. אַ לאַנגע צײַט האָבען זיך דאָ יודען געפיהלט זיכער און פעסט, אַ דאַנק דער שטיצע פון סעד אבדאולאה, דעם מעכטיגען יודישען פיהרער פון דער גרויסער מאָנגאָלישער מלוכה. דער יודישער שטאַאַטסמאַן האָט אײַנגעפיהרט געזעצליכקײַט און אָרדנונג אין דער האַלב-ווילדע אימפּעריע פון חאַן ארגון, פערפלאַנצט דאָרטין קולטור און וויסענשאַפט און אַפילו פערקניפּט בעציהונגען מיט אייראָפּאַ. דערבײַ האָט ער יודען, נאַטירליך, בעזונדערע טובות געטאָן און זיי איבערגעגעבען די בעדײַטענדסטע פּאָסטענס, וועהרענד די אָרטיגע מחמד'נישע בעפעלקערונג, צו וועלכער דער חאַן אַליין איז אויך געווען פײַנדליך געשטימט, איז דערווײַטערט

געוואָרען פון יעדען אָנטייל אין דער מלוכה־פיהרונג. דאָס האָט אַרויס־גערופען אַ שטארקען צאָרן געגען דעם יודישען שני למלך און נאָכ'ן האַן'ס טויט האָט אויסגעבראָכען אַ אויפשטאַנד, בעת וועלכען סעד אַבדאולאַה איז געטויט געוואָרען. דער מחמד'נישער המון האָט זיך אויך נוקם געווען אָן די יודישע בעדריקער און אין באַגדאַד איז עס געקומען צו אַ בעוואָפענטען קאַמפף צווישען יודען און מחמד'נער.

-----------------

די צווייטע העלפט פון XII־טען יאָהרהונדערט, וואָס איז אַזוי רייך געווען אין פערגאָסען יודיש בלוט און ביטערע יודישע טרערען, האָט אַ שטארקען שטויס געטאָן פאָראויס די לעהרע פון דער קבלה. די לעצטע האָט איצט שוין בעהערשט די אַנגעזעהענסטע פערזענליכ־קייטען פון דער יודישער אינטעליגענץ און פון דעם קליינעם שטעד־טיל געראָנאַ האָט זי זיך אַריבערגעקליבען אין דער אַריסטאָקראַטיש־רייכער טאָלעדאָ. דאָ האָט זי געוואונען פאַר זיך דעם טאָן־געבער פון יודישען געזעלשאַפטליכען און גייסטיגען לעבען אין גאַנץ קאַסטיל־יען ר' טודרוס בן יוסף הלוי אַבולפיאַ (1234—1305) און דערמיט איז איהר פּאָזיציע נאָך פעסטער און שטארקער געוואָרען. אַבולפיאַ האָט פערנומען אַ אָנגעזעהענעם פּאָסטען אין קעניגליכען הויף, וואו ער איז שטאַרק בעליעבט געווען, און די יודען האָבען געקוקט אויף איהם, ווי אויף זייער נשיא. ווען דאָס שפּאַנישע קעניגס־פּאָר איז געפאָהרען זיך טרעפען מיט'ן קעניג פון פראַנקרייך (לודוויג דער שענער), האָט זיך אַבולפיאַ געפונען אין זייער סוויטע און די דרום־פראַנצויזישע יודען האָבען דעם יודישען שר פייערליך בעגריסט. אָט דער געשעצטער אַריסטאָקראַט און בעגאַבטער שטאַאַטסמאַן איז אָבער געווען אַ ביטערער שונא פון יעדער מין חקירה און פילאָזאָפיע. ער האָט דעם רמב"ם נישט געקענט מוחל זיין זיינע לייכטקייטען בנוגע צו שדים און רוחות און נאָך אַזעלכעס, און דאַנעגען האָט ער אין דער קבלה געזעהען אַ געטליכע חכמה. די זעלביגע בעציהונג צו דער קבלה האָבען אַרויסגעוויזען אויך אַבולפיאַ'ס צוויי זיהן לוי און יוסף, און באַלד האָבען זיך אַרום דער אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע גרופּירט די דריי בעדייטענדסטע קבלים'טען פון דער עפּאָכע: ר' יצחק אבן־לאַטיף, ר' אברהם אַבולפיאַ און ר' משה דע־לעאָן.

ר׳ יצחק אבן־לאטיף (אָדער אללאטיף) איז אַליין נאָך גע־שטאַנען אויף דעם באָדען פון דער פילאָזאָפיע, און ווי אַלע פילאָזאָס־טיקער פון יענער צײַט האָט ער אויך געוואָלט צונויפצובינדען די לאָגי־שע חקירות מיט די סודות פון דער קבלה. גאַנץ אַנדערש איז געווען זײַן צײַט־חבר ר׳ אַברהם אבולפיאַ פון סאַראַגאָסאַ (1260 — 1291). דאָס איז געווען אַ עקסצענטרישער קאָפּ פול מיט ווילדע פאַנטאַזיעס, און דערצו אַ אַנגעוועהנליך ריהרעוודיגע, בעוועגליכע נאַטור. דאָס גאַנצע לעבען פון דעם דאָזיגען מערקווירדיגען גײַסט איז געווען אַ קײַט פון אויפפאַלענדע געשעהענישען און איבעראַשענדע איבערראַשונגען. צו צוואַנציג יאָהר האָט זיך אבולפיאַ אַוועקגעלאָזען זוכען דעם לעגענדאַרישען טײַך סמבטיון, וואו ס׳האָבען זיך געזאָלט געפינען די אַלטע עשרת השבטים. אַזוי איז ער געקומען קיין פּאַלעס־טינאַ און פון דאָרט קיין גריכענלאַנד, וואו ער האָט זיך פערליעבט אין אַ מיידעל, גלײַך מיט איהר חתונה געהאַט און גלײַך טאַקי... איבערגעלאָזען אויף גאָט׳ס בעראָט. ערשט אויפן דרײַ און דרײַסיגסטען יאָהר קומט אבולפיאַ צוריק קיין שפּאַניען און פערטיעפט זיך מיט אַ אונגעוועהנליכער התמדה אין די קוועלן פון דער קבלה. דאָס האָט זײַן פאַנטאַזיע אינגאַנצען צושרויפט, און ווי ער אַליין דריקט זיך אויס, איז ער פון דאַן אָן גאַנצע פופצעהן יאָהר אַרומגעגאַנגען אַ צוטראָגע־נער, ווי אין אַ וועלט פון כאַאָטישע בילדער און געשטאַלטען. אײַנס נאָר איז איהם קלאָר געוואָרען, אַז די פילאָזאָפיע, מיט וועלכער ער האָט זיך פריהער אַ סך בעשעפטיגט, איז נישט אימשטאַנד צו בע־פריעדיגען דעם דאָרשט נאָך אַ קלאָרען, אַלזײַטיגען אמת. איהם איז די עלעמענטאַרע קבלה אויך וועניג געווען — ער האָט געבענקט נאָך אַנבואה־ליכטיגקײַט, וואָס זאָל איהם פאַר אײַן מאָל אַלץ בעלײַכטען. און נאָך אַ רײַהע יאָהרען פון אָנגעשטרענגטער געהירען־אַרבײַט און פאַנטאַסטישע געדאַנקען־בילדער האָט ער ענדליך אַליין אָנגעהויבען גלויבען אין זײַנע כלומר׳שט־נביאי׳שע ענטפּלעקונגען. דער־בײַ האָט ער ערפונדען אַ מין העכערע קבלה, וואָס שטיצט זיך אויף געהײַמע צונויפשטעלונגען פון די ביבלישע אותיות (צרופים) און ווײַער צאָהל (גמטריות) און נאָך אַנדערע הײליגע פאָרמולעס.

פון דער „ענטפּלעקונג" בעגײַסטערט און פול מיט כאַאָ־טישע פלענער און געדאַנקען, פערלאָזט אבולפיאַ ווידער זײַן פאָטערלאַנד און פאָהרט קיין איטאַליען. דאָ פרובט ער אײַן

פערשידענע פארמען ארוים מיט זיין „ענטפלעקונג" (1279), און ענדליך פאלט איהם גאר איין א משוגע'נער געדאנק: ער וועט געהן צום פויפסט, מארטין IV, און איהם מאכען פאר א יודען. פאר דעם אויפטו איז ער ארייננעפאלען אין געפענגעניש און איהם האט געדראהעט טויט-שטראף; סוף כל סוף האט ער זיך אבער פון דאנען אויך ווי ס'איז ארויסגעדרעהט און איז אוועק קיין סיציליען, תאו ער האט זיך שוין אנגעגעבען נישט בלויז פאר א נביא, נאר אויך פאר א משיח. לויט זיין בשורה האט די גאולה געדארפט קומען אין יאהר 1290, און ס'האבען זיך געפונען נישט ווייניג אזעלכע, וואס האבען געגלויבט אין דעם היילינגען אסקעט און זענען גרייט געווען, זיך צו לאזען מיט איהם קיין ארץ-ישראל. די פיהרער פון די קהלות זענען אבער געווען פיעל פארזיכטיגער; זיי האבען אוועקגעשיקט א בריעף צום בערימטען ר' שלמה בן אדרת פון בארצעלאנא און איהם אנגעפרעגט וועגען דעם שפאנישען משיח. דער רשב"א האט, נאטירליך, געווארנט די סיציליאנישע יודען פון אבולפיא'ס חלומות, און דער לעצטער האט געגען דעם זיך שטארק געוועהרט. מיט צארן און ביטערקייט שרייט אוים דער נישט אנערקענטער נביא און משיח: „די יודען זענען אונגלויביג; אנשטאט צו בערעכנען די אותיות פון גאט'ס נאמען, רעכנען זיי בעסער, וויפיעל געלד זיי האבען". פון סיציליען איז אבולפיא אוועק ערגעץ אין א שכני'שען לאנד, און מעהר זענען צו אונז פון איהם קיינע ידיעות נישט דער-גאנגען.

אין דער זעלביגער צייט — און אפשר אונטער דעם איינפלוס פון דעם זעלביגען אבולפיא — זענען אין שפאניען אויך אויפגעטרעטען צוויי מיסטישע משיח-טרוימער, וואס האבען ארויסגערופען נישט קיין קליינעם טומעל. דאס זענען געווען צוויי יונגע לייט פון אילאן און אתילא, וועלכע האבען פלוצלינג אנגעהויבען צו זאגען נביאות וועגען דער נאהנטער גאולה. דאס האט ארויסגערופען א שטארקען גערודער אין די ביידע קהלות, און די מעהר געלאסענע האבען זיך ווידער געווענדעט צום רשב"א. דער לעצטער האט דאן ערקלערט, אז די ערשיינונג גופא איז פאר איהם אויך א אונערקלערבאר רעטעניש; פון רעסטוועגען געפינט ער ראך נישט פאר מעגליך צו אנערקענען די „וואהרזאגער" פאר אמת'ע געטליכע נביאים. אט די ווארנונג האט די נביאים נישט איבערגעשראקען און זיי האבען בעשטימט דעם טאג פון

דער גאולה אין יאָהר 1295. און דער המון האָט געגלויבט: אַ סך האָבען געפאַסט, תשובה געטאָן, צדקות געטײַלט און זיך רײַן געוואַשען פון אַלע זינד צו דעם גרויסען טאָג פון דער אויסלייזונג. אין בעשטימטען טאָג האָבען זיך די גלויביגע, יום כפור׳דיג געקליידט, פערזאַמעלט אין שוהל און געוואַרט אויפן שופר של משיח; נאַטירליך, איז קיין זאַך נישט געשעהען, און ווי די לעגענדע דערצעהלט, זאָלען די אָבגענאַרטע, אַרויסגעהענדיג פון שוהל, האָבען בעמערקט אויף די קליידער קלײנע צלמים׳לעך. דאָס האָט אויף זיי שטאַרק געווירקט: אַ סך האָבען זיך געשמד׳ט און אַ סך זענען פון זינען אַראָב. וואָס מיט די צוויי נביאים איז געוואָרען — איז נישט בעוואוסט.

מיט אַ ווײַטערער ווירקונג אויף די קומענדיגע דורות און מיט אַ רײַכערער גײַסטיגער ירושה איז געווען די טעטיגקייט פון דעם דריטען פון די טעאָרעטישע קבל׳יסטען אין יענער צייט, ר׳ משה בן שם־טוב דע־לעאָן (1250—1305). עס איז שווער צו זאָגען עטוואָס בעשטימטעס וועגען דער דאָזיגער מערקווירדיגער פערזענליכקייט; זיכער איז בלויז דאָס, אַז ער האָט אין אַ גרויסער מאָס בעזעסען די קונסט פון אויסדריקען — אָדער, ריכטיגער געזאָגט, פון נישט אויסדריקען — געדאַנקען אין אַ שענער, עטוואָס פערנעבעלטער פאָרם. אַ געבוירענער אַ שפּאַניער האָט ער זײַן גאַנצען לעבען געוואַנדערט אין דעם לאַנד פון קהלה צו קהלה און זיך מפרנס געווען פון זײַנע חבורים. אַזעלכע זענען געווען דער „ספר הרמון״, „ספר המשקל״, „שקל הקודש״ און „ספר הסודות״, וואו ער פּאָלעמיזירט מיט דער פילאָזאָפיע און פאַלט וואָס ווײַטער אַלץ מעהר אַרײַן אינ׳ם טאָן פון דער זעהר גאַנג־באַרער קבלה. צוויי פון די ספרים ווירמעט ער די רײַכע אָבולפיאַ׳ס און ווערט דערפאַר פון זיי שטאַרק געשטיצט. דאָס איז אָבער די לעאָנ׳ען ווייניג און ער פאַלט אויף דעם זעלבינגען מיטעל, אויף וועלכען עס איז שוין געפאַלען אײַן מקובל פאַר איהם: ער לאָזט אַרויס אַ גרויס ווערק, אַ מין קבל׳יסטישען מדרש אָדער אַ פירוש אויף דער תורה, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט פון קונציגע, מיסטיש־אײַנגעהילטע מאמרים און בילדער, אונטערן נאָמען זהר (גלאַנץ, שײַן), און שרייבט איהם צו דעם פערהייליגטען תנא ר׳ שמעון בן יוחאי. דער לעצטער זאָל אָט דעם הייליגען ספר האָבען געשאַפען אין די דרייסיג יאָהר, ווען ער איז געווען בעהאַלטען אין אַ פערבאָרגענער מערה, דעריבער איז די שפּראַך פון דעם ספר נישט העברעאיש, נאָר

כאלדעאיש (אראמ׳יש). אויף דער פראגע: פון וואנען האט זיך עס פלוצלינג גענומען אזא הייליג ווערק און פארוואס האט מען ביז אהער גארנישט געוואוסט פון איהם? — האט דער געשיקטער מחבר געענט־פערט מיט דעם קלאנג, וואס ער האט ארויסגעלאזען, אז דער רמב״ן, זייענדיג אין ארץ־ישראל, האט דארטין געפונען דעם הייליגען כתב־יד און איהם איבערגעשיקט קיין שפאניען, וואו ער, דע־לעאן, האט זוכה געווען איהם צו בעקומען, כדי צו פערשפרייטען אין דער יודישער וועלט. די דאזיגע אלע עפעקטען האט דע־לעאן אזוי קונציג ארומגעארבייט, אז נאר ווענינגע האבען געפועל׳ט ביי זיך צו צווייפלען אין זייער ריכטיגקייט, און כדי זיך איננאנצען צו פערזיכערן האט דע־לעאן נאך איין קלייניגקייט אויפגעטאן: ער האט געלאזען דעם הייליגען תנא אליין (אין „זהר״ גופא) פארזאגען, אז זיין געטליכע שאפונג וועט ענטפלעקט ווערן אין אנהויב פון זעקסטען טויזענד ד. ה. נאכ׳ן יאהר 1240 לויט דער קריסטליכער צייט־רעכנונג.

דער כלומר׳שטער מחבר פון זהר, בן יוחאי, טרעט דא ארוים, ווי א מין „הייליגע ליכט״, וואס בעקומט דירעקטע ענטפלע־קונגען פון די סאמע העכסטע הימעל־ספערען וועגען מענש, וועלט און לעבען. אין איין ארט פון זהר שרייט בן יוחאי אויס: „איך נעהם פאר עדות די הייליגע הימלען און די הייליגע ערד, אז מיר איז איצט ענטפלעקט געווארען דאס, וואס איז קיין שטערבליכען נישט ענטפלעקט געווארען, זינט משה איז צום צווייטען מאל אראב אויפ׳ן בארג סיני; מיין ענטפלעקונג איז זאגאר נאך גרעסער, דען משה האט נישט גע־וואוסט, אז זיין געזיכט שטראהלט און איך ווייס דאס יא״.

בנוגע צו דער יודישער מסורה איז די שטעלונג פון „זהר״ א צווייזייטיגע: ער גיט צו דעם מינדסטען יודישען מנהג א מיסטישע, וועלט־ענדערנדע בעדייטונג, און פון דער צווייטער זייט בעציהט ער זיך גרינגשעציג צום תלמוד און צו דער גאנצער הלכי׳שער לעהרע, — נאטירליך, אין זעהר פערשטעלטע אנדייטונגען און רמזים. דער זהר פערגלייכט דעם תלמוד מיט א ניעדריגער שקלאפין אדער מיט א הארטען פעלזען, פון וועלכען ס׳לאזט זיך קיין זאך נישט ארויספרעסען, ווערענד די הארינטע קבלה איז עהנליך צו א רייכפליסענדען קוואל, פון וועלכען עס גיסט זיך לעבען, טוי און פרישקייט.

די ערשיינונג פון „זהר״ האט ארויסגערופען שטוינען און איבער־ראשונג אין די קבלי׳סטישע קרייזען. פון אלע זייטען האט מען זיך

געהענדערט צו דעם גליקליכען בעזיצער פון דעם הייליגען אוצר און געפאָדערט קאָפּיעס, פאר וועלכע מ'האָט איהם גוט בעצאָהלט, — וואָס ס'איז אפשר געווען זיין איינציגע כונה. איינמאָל איז אפילו פאָרגעקומען אַ אינצידענט, וואָס האָט ענטדעקט דעם גאַנצען שווינדעל: ווען דער מקובל ר׳ יצחק פון עכו (ארץ ישראל) איז געקומען קיין שפּאַניען און געזעהען דעם הייליגען ספר פון ר׳ שמעון בן יוחאי, וועלכען דער רמב״ן זאָל כלומר׳שט האָבען ענטדעקט אין דער זעלביגער שטאָדט, — איז ער נבהל ונשתומם געוואָרען. דען אויסער דעם, וואָס ער איז דאָרטין געבוירען און ערצויגען געוואָר׳ען, איז ער געוועזן אויך פון רמב״ן׳ס נאָהנטסטע תלמידים, און ביי דעם אלעם האָט ער פון אַזאַ מין „מציאה" קיינמאָל נישט געהערט. אַזוי צוגע־דריקט צום וואַנט, האָט דע־לעאָן פייערליך געשוואוירען, אַז ער האָט ביי זיך אין דערהיים דעם אָריגינעלען כתב־יד פון ר׳ שמעון בן יוחאי אַליין, פון וועלכען ער מאַכט די קאָפּיעס. און אַ קורצער צייט אַרום איז ער געשטאָרבען; דאַן האָבען זיך געפונען עטליכע בעלנים, וועלכע האָבען פאָרגעלעגט דער אָרימער אלמנה גרויסע סומען געלד פאַר דעם אמת׳ען כתב־יד און זי האָט בתמימות ער־קלערט, אַז איהר מאַן האָט אַזאַ מין כתב־יד קיינמאָל נישט געהאַט און דעם „זהר" האָט ער אַליין אויפגעשריבען „פון קאָפּ". אָט די ענטדעקונג האָט אַרויסגערופען אַ שטיקעל גערודער אין אַ ענגערן קרייז, וואו מ'האָט וועגען דעם נישט וועניג גערעדט; בכלל אָבער איז די רעפּוטאַציע פון „זהר" שוין גענוג פעסט געווען און ער איז אויך אויף ווייטער פערבליבען הייליג און פערגעטערט, ווי אַ גביאי׳שע ענטפּלעקונג פון אַ געטליכען קדמון. אַזוי האָט זיך אין דער געדאַנקען־וועלט פון יודענטום אַריינגענב'עט אַ נייע ווערק, וואָס איז געוואָרען די ביבעל פון דער קבלה און איהר וועג־ווייזער. אַ שטיקעל מעלה האָט דער „זהר" געהאַט: ער האָט אין אַ געוויסער מאָס אָב־געשוואַכט די טרוקענקייט פון דעם הלכי׳שען שטודיום און איהם צוגע־געבען פאַנטאַזיע, ליריזשע וויכקייט, הארציגקייט; דערפאַר האָט ער אָבער אויך פערפינסטערט דעם יודישען פערשטאַנד, איהם ארום־גערינגעלט מיט אַלערליי שדים און רוחות און אין אלגעמיין פערצויגען דיווירקליכע וועלט מיט אַ מיסטישען נעבעל.

נאַטירליך, האָט דער אַנדערער צד זיך נישט אַזוי שנעל אונ־טערגעגעבען, און אויף וויפיעל די קבלי׳סטען זענען ווייט פערגאַנגען

אין זייערע מיסטישע שווערמערייען , אויף אזוי פיעל און נאך ווייטער זענען די מיימוני׳סטישע ראציאָנאליסטען אוועק אין זייער פרייהייט בנוגע צו די בעגריפען פון דער מסורה . אנשטאט די סודות , כונות און צרופים פון די מיסטיקער , האבען די פילאָזאָפען אריינגעלעגט פילאָזאָפישע חקירות און געדאנקען אין די הייליגע שריפטען און אין תלמוד , און דערמיט לחלוטין אונטערגעגראבען די בעדייטונג פון אלע מצוות און געבאָטען ; וואָרום אויב די דאָזיגע געבאָטען זענען נישט מעהר ווי פאָרשטעלונגען פון א געוויסען געדאנק , איז דאָך שוין נישט וויכטיג די אויסאיבונג פון דעם געבאָט גופא , קוים איז דער געדאנק אליין קלאָר און פעסט . אנדערע פון די ראציאָנאליסטען האבען אפילו אבגעלייקענט די נבואה פון משה רבינו אין איהם אוועקגעשטעלט אויף איין מדרגה מיט די געזעצגעבער פון אלע איבריגע פעלקער .

דער טאָן-געבער פון די חוקרים איז געווען א געוויסער ר׳ לוי בן חיים פון ווילפראנזש (1240 — 1305) . ער האט אין יעדען וואָרט פון דער יודיש-רעליגיעזער ליטעראטור אריינגעלעגט אנ׳אנדער פילאָזאָפישען פשט׳ל , אויף דעם שטייגער פון די אמאליגע אלעקסאנד-רינישע העלעניסטען . זייענדיג אליין זעהר אָרים האט ר׳ לוי זיך גע-זוכט שוץ אין דעם דעראייבינגען שטעדטיל פערפיניאן ביים דאָרטיגען גביר און למדן דון שמואל הסולמי אָדער סען עסקאליטא , וועלכער איז זעהר געריהמט געוואָרען פאר זיין לומדות און פאר זיינע גוטע מדות . אין פערפיניאן האט דאן געלעבט אלס רב פון שטאָדט דער גייסטרייכער תלמודישער געלעהרטער דון ווידאל מנחם בן שלמה המאירי , וועלכער איז אויך געווען א שטארקער ליעבהאָבער פון פילאָזאָפישע חקירות , האָטש פון די אלעגאָריעס אליין האט ער נישט קיין סך געהאלטען .

נישט אומעטום אָבער האט מען זיך אזוי רוהיג בעצויגען צו די פרייזיניגע חקירות . אין מאָנפעליערע , די פראנצויזישע היימאט פון פשוט׳ען אָרטאָדאָקסישען יודענטום , האט זיך ווידער אָנגעהויבען רודערן געגען די פילאָזאָפען מיט זייערע חקירות , און ס׳איז באלד געקומען דערצו , עס זאל זיך ווידער פונאנדערקאָכען א פייערדיגע מחלוקת . דער פאָרשטעהער פון די איצטיגע קנאים איז געווען ר׳ אבא מרי בן משה , מיט זיין אלגעמיינעם נאָמען : דאָן אסטרוק דע ליונעל , א מענש פון אָנגעזעהענעם יחוס , וועלכער האט געשפיעט א גרויסע ראָליע אין זיין שטאָדט (מאָנפעליערע) . ער האט

זיך געווענדעט מיט אַ בריעף צום אויטאָריטעטען רשב״א פון באַרצעלאָנאַ, אין וועלכען ער האָט איהם געשילדערט די גאַנצע שעדליכקייט פון די חקרני׳שע און אַלעגאָרישע ביבעל-אויסטייטשונגען און איהם אויפגעפאָדערט, שאַרף אַרויסצוטרעטען געגען דער ערשיינונג. בן אדרת האָט זיך אַפילו אין אָנהויב אָבגעזאָגט אַריינצומישען אין ענינים פון פרעמדע קהלות; ביסליכווייז איז ער אָבער דאָך אַריינגעצויגען געוואָרען אין דעם אַלגעמיינעם טומעל און אויף זיין פערלאַנג האָט דון שמואל הסולמי אויפגעהערט צו שטיצען דעם „אפיקורס״ לוי בן חיים. דאָס איז אָבער די קנאים ווייניג געווען: זיי האָבען געוואָלט מיט אַ חרם פערבאָטען בכלל צו לערנען וויסענשאַפטליכע ספרים (אויסער מעדיציניש) אַלע יונגע לייט, יונגער פון דרייסיג יאָהר. צו דעם צוועק האָט ר׳ אבא מרי געוואָלט געווינען פאַר זיך אויך דעם אָנגעזעהענעם ר׳ יעקב בן מכיר אבן-תבון פון מאָנפעליעה, וועלכער איז שטאַרק געשעצט געווען אין די יודישע, ווי אין די קריסטליכע קרייזען (זיין פאַך-וויסענשאַפט איז געווען מעדיצין; דערצו איז ער געווען טיעף געלערנט אויך אין מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע, און גוט געוואוסט די יודישע ליטעראַטור). דער לעצטער איז, האָטש אַ דעקאַן אין אוניווערזיטעט, דאָך געשטאַנען אינגאַנצען אויף דעם באָדען פון דער יודישער מסורה, און ר׳ אבא מרי האָט איהם געפּרובט פּאָרלעגען, ער זאָל זיך אויך אונטערשרייבען אויף דעם דערמאָנטען חרם, אויף וועלכען עס זענען שוין געווען די חתימות כמעט פון אַלע דרום-פראַנצויזישע גדולים. דער אַלטער בן מכיר (מיט׳ן אַלגעמיינעם נאָמען דאָן פּראָפיאַט) האָט אָבער שאַרף פּראָטעסטירט געגען אַזאַ ווילדער בעגרענעצונג פאַר דער וויסענשאַפט, און באַלד האָבען זיך אַרום איהם גרופּירט אַלע פרייערע עלעמענטען, וואָס האָבען דעריבער בעקומען דעם נאָמען תבוני׳דען. די פּאַרטיי האָט געפאָדערט פרייהייט פאַר דעם מענשליכען פאָרשונגס-גייסט און דערביי האָט זי בעטאָנט, אַז זי האָט נישט קיינע שלעכטע כונות געגען דער תורה. „אויב מ׳האָט אייך געזאָגט, — שרייבט ר׳ יעקב בן מכיר אין זיין פּראָטעסט-בריעף צום רשב״א — אַז ס׳זענען פערהאַן צווישען אונז אַזוינע, וואָס לייקענען אין די עקרים, האָט איהר געדאַרפט די זאַך גוט נאָכפאָרשען און נישט זיך פערלאָזען אויף איין עדות״.

דער באַרצעלאָנאַ׳ער גאון איז אָבער געווען מעהר גענויטיגט צום

צווייטען צד, צום צד פון די קנאים, צו וועלכען עס זענען פאר דער צייט שוין געהאט צוגעשטאנען די קהלות אַרגענטיער, עה, אווינ-יאָן און ליונעל. אין פערפיניאַן האָבען ביידע צדדים געוואָלט בע-קומען פאר זיך די חתימה פון דעם זעהר אָנגעזעהענעם ר' קלונימוס בן טודרוס, און ענדליך איז ער אריבער אויף דער זייט פון די קנאים. דערווייל איז ווידער די צאָהל פון די תבוני'דען אויך געוואקסען און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אז דער רשב"א האָט זיך נישט געאיילט מיט'ן חרם; ער האָט געפאָדערט פריהער נישט ווענינער, ווי צוואנציג חתימות פון גרויסע קהלות. און עס וואָלטען זיך אפשר אזוי פיעל קנאי'שע קהלות נישט געפונען, ווען נישט די נייע פערוזענ-ליכקייט, וואָס האָט זיך אין דער צייט בעוויזען אויף דעם האָריזאָנט פון מערב-אייראָפעאישען יודענטום.

דאָס איז געוועזען ר' אשר בן יחיאל פון דייטשלאַנד (געב. 1250, געשט. 1327). א תלמיד פון דעם בעריהמטען מהר"ם מרוטנבורג (ר' מאיר פון ראָטענבורג), האָט ר' אשר (דער ראַ"ש) זיך איינגעאיבט אין דעם שארפזיניגען לעהר-סיסטעם פון די תוספים'טען; דערביי האָט ער געהאַט מעהר זין פאר אָרדנונג און קלאָרקייט. נאָך ר' מאיר'ס טראַגישען טויט (אין געפענגעניש) איז ר' אשר אַוועקגע-שטעלט געוואָרען בראש פון דייטשען יודענטום; די שרעקליכע רציחות און רדיפות האָבען איהם אָבער נישט געלאָזען ענטוויקלען קיין טעטיג-קייט. נאָך די איבערגעלעבטע רציחות פון די קרייץ-צוגען האָט זיך אין לאנד פונאנדערגעקאָכט א בלוטיגער בירגער-קריעג, וואָס האָט ווידער איינגעשלונגען הונדערטער יודישע קרבנות. אינ'ם שטעדטיל רעטינגען האָט מען יודען בעשולדיגט אין שענדען די האָסטיע און דאָס האָט געבראַכט צו א נייעם קרייץ-צוג געגען די יודען פון אַלע ארומיגע שטעדט, שוין נישט רעדענדיג וועגען רעטינגען גופא. דאָ זענען אַלע מיטגליעדער פון דער קהלה פערברענט געוואָרען (אפריל 1298); דעם זעלביגען גורל האָט געהאַט ווירצבורג (יולי). אין נירנבערג האָבען די יודען זיך געפרובט ראַטעווען אין א פעסטונגס-שלאָס און אפילו זיך שלאָגען מיט געוועהר; זיי זענען אָבער דאָך בעזיעגט און ביז איינעם אויסגעטויט געוואָרען (אויגוסט). בעת דער שחיטה איז אומגעקומען דער גאון ר' מרדכי בן הלל מיט זיין פרוי און פינף קינדער, און א סך פון די, וועלכע האָבען מורא געהאַט פאר זייערע קינדער, טאַמער

וועלן זײַ דעםנסיון נישט בײַשטעהן,—האבען פריהער זײַ אין די פלאמען ארײַנגעווארפען און דערנאך זיך.

פון פראנקען און בײַערן האבען זיך די צעווילדעטע בלוט־מחנות אריבערגעטראגען קײַן עסטרײַך, וואו זײַ האבען פערניכטעט איבער הונדערט און פיערציג יודישע קהלות מיט א בעפעלקערונג פון מעהר ווי הונדערט טויזענד נפשות. די בלוטיגע באנדע וואלט זיכער פערטיליגט דאס גאנצע דײַטשע און עסטרײַכישע יודענטום, ווען דער בירגער־קריעג וואלט זיך דערווײַל נישט ענדיגען. דער אויסגעוועהלטער קייזער האט זיך גענומען צוריק אויפשטעלען די ארד־נונג אין לאנד און די אלע, וואס האבען זיך בעטײַליגט אין די שחיטות פון זײַנע „קאמער־קנעכט", זענען הארט בעשטראפט געווארען. דער קייזער האט אפילו ערלויבט די געצעהלטע יודען, וואס האבען זיך געשמד'ט אונטער דער שרעק פון טויט, איבערצוגעהן עפענטליך צום יודענטום.

נאך די דאזיגע שחיטות און הריגות האט זיך דער רא"ש גע־פיהלט נישט גוט אין דײַטשלאנד, און ווי ס'ווערט דערצעהלט האט דער קייזער גאר געפאדערט פון איהם די סומע אויסלייז־געלד פאר'ן טויטען קערפער פון מהר"ם מרוטנבורג, פאר וועלכער ער האט ערב געווען. דאס האט געבראכט דעם רא"ש צו פערלאזען דײַטשלאנד (1303) און ער האט א לאנגע צײַט געוואנדערט מיט זײַן ווײַב און קינדער פון לאנד צו לאנד ביז ער האט זיך ענדליך דערשלאגען קײַן טאלעדא (1305), וואו ער איז מיט פרייד און כבוד אויפגענומען געווארען פאר א רב.

דאס איז געווען נאך פאר דעם קולטור־קאמפף, וואס האט דער־נאך אויסגעבראכען אין שפאניען און דרום־פראנקרײַך. שוין דעמאלט אבער האט ער ארויסגעוויזען זײַן שארפע התנגדות צו אלע מיני וועלטליכע למודים. דער פשוט גלויבענדער צדיק און תלמודישער גאון האט לחלוטין נישט פערשטאנען, ווי אזוי א פרומער יוד קען אבגעבען צײַט און מוח אויף צו ערלערנען „חכמות חצוניות" אין דער צײַט, ווען עס איז פערהאן אזא גרויסער תלמוד מיט אזוי פיעל נאך אנדערע הלכי'שע קוועלן. שפעטער, ווען דער קאמפף האט אויס־געבראכען, איז דער רא"ש נאטירליך צוגעשטאנען צו די קנאים; ער איז אבער אוועק נאך ווײַטער פון זײַ: פאר איהם איז וועניג געווען דער פערבאט זיך צו בעשעפטיגען מיט וויסענשאפט ביז

דרייסיג יאָהר, און ש פ ע ט ע ר, און נ אָ ך דרייסיג יאָהר. מעג דען אַ יוד זיך אַוועקזעצען און עוסק זיין אין דברים בטלים? זיין פּלאַן איז דעריבער געווען, צוזאַמענצורופען אַ גרויסע אספה פון רבנים, וואָס זאָל בעפעהלען אַלע יודען צו לערנען אויסשליסליך נאָר תורה און תלמוד, ווי דער פּסוק זאָגט אָן: והגית בו יומם ולילה (דו זאָלסט דיך פערטיעפען אין איהר (אין דער תורה) ביי טאָג און ביי נאַכט); ווילזשע איינער דורכאויס זיך פערנעהמען מיט חכמות חצוניות אויך, זאָל ער עס טאָן, „ווען ס'איז נישט טאָג און נישט נאַכט".

אָט די פעסטע אמונה פון דעם דייטשען גאון האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדריק אויף די געמיטער פון די שפּאַנישע יודען. דער רשב"א אַליין אפילו, וועלכער האָט זיך ביז אַהער אביסעל געוואַקעלט אין דער דעה, האָט מיט אַמאָל ערקלערט, אַז ער איז גרייט אויסצורופען דעם פּראָיעקטירטען ח ר ם, און אין'ם „שבת חזון" (תשעה באב 1305) איז אונטער פייערליכע צערעמאָניעס געלייענט געוואָרען די שרעקליכע תוכחה געגען אַלע יונגערע פון פינף און צוואַנציג יאָהר, וואָס לייענען וויסענשאַפטליכע ספרים, אין אָריגינאַל אָדער אין אַ העבּרעאישער איבערזעצונג. אין דעם חרם זענען אַריינגענומען געוואָרען אויך אַלע יענע, וואָס טייטשען אויס די תורה על פי שכל אָדער לייגען אַריין אין איהר וועלכע ס'איז פילאָזאָפישע חקירות און כונות. אַ אויסנאַהם איז געמאַכט געוואָרען נאָר פאַר דער מעדיצין, ווייל דער תלמוד אַליין האָט גאַרנישט געגען דעם. דער טעקסט פון חרם, וואָס איז אויסגערופען געוואָרען אויף פופציג יאָהר, איז פונאַנדערגעשיקט געוואָרען (מיט דער חתימה פון רשב"א און נאָך זעקס און דרייסיג פאָרשטעהער פון דער באַרצעלאָנא'ער געמיינדע) אין אַלע יודישע קהלות פון שפּאַניען, דרום-פראַנקרייך, צפון פראַנקרייך און דייטשלאַנד.

דערמיט האָט זיך אָבער דער שטרייט נאָך נישט געענדיגט. די תבוני'דען האָבען זיך פריהער דערוואוסט פון דעם שריט, וואָס דער רשב"א קלויבט זיך צו מאַכען, און זיי האָבען זיך מקדים געווען. דער אַלטער ר' יעקב בן מכיר מיט נאָך פיעל אַנגעזעהענע פּערזענליכקייטען פון מאָנפּעליעה האָבען אויסגערופען אַ געגען-חרם געגען יענע, וועלכע שטערען זייערע קינדער, זיך צו בעשעפטיגען מיט וויסענשאַפט; בעליידיגען דעם אָנדענקען פון גרויסען רמב"ם און לעסטערן בכלל אַ

גלויביגען מחבר פאר זיינע פילאזאפישע איבערצייגונגען. דער חרם איז אויך אויסגערופען געווארען זעהר פייערליך אין דער שטאדטישער שוהל, אין דער אנוועזענהייט פון דער גאנצער קהלה.

די אנהענגער פון קולטור און וויסענשאפט האבען בעקומען פאר זיך נאך א שטארקע קראפט אין דער פערזאן פון ר׳ ידעיה הבדרשי (פון בעזיער, 1340—1280). ער האט פערעפענטליכט א שענע זאמלונג פון עטיש-פילאזאפישע בעטראכטונגען אין דער געשטאלט פון ספר קהלת, אונטערן נאמען „בחינת עולם״, וואס איז זעהר בעליעבט געווארען, און אלס הייסער פערעהרער פון רמב״ם און אבן-עזרא האט איהם דעם רשב״א׳ס חרם שטארק אויפגעקאכט. ער האט זיך דעריבער געווענדעט מיט א שארפען בריעף צו דעם בארצעלאנא׳ער גאון, וואס לייענט זיך, ווי א שווערער בעשולדיגונגס-אקט. ר׳ ידעיה ערקלערט דרייסט, אז ער נעהמט זיך אן נישט פאר׳ן כבוד פון דער בעליידיגטער וויסענשאפט — זי איז געטליך און שרעקט זיך פאר קיין הרם נישט אב; איהם ארט נאר דער כבוד פון די דרום-פראנצויזישע קהלות, אויף וועלכע מ׳האט ארויפגעווארפען פאלשע בעשולדיגונגען. זייער איינציגע זינד איז די וויסענשאפט, מיט וועלכער זיי גיעבען זיך אב, און זי איז נישט קיין פרעמדע אין יודענטום, מיט איהר האבען זיך בעשעפטיגט אלע יודישע גדולים פון שפאניען און פראוואנס אינ׳ם משך פון פינף הונדערט יאהר, ווייל זי איז בעצם א נויטיגער טייל פון יודענטום גופא. און ווי קורצזיכטיג איז דער אויסנאהם פאר מעדיצין! ערשטענס, קען מען מעדיצין נישט גרינדליך ערלערנען אהן די איבריגע חכמות, און צווייטענס, קען די מעדיצין אליין אויך ברענגען צו כפירה און אפיקורסות. און ר׳ ידעיה ענדיגט זיין בריעף מיט דער פאדערונג, אבצורופען צוריק דעם חרם אויף דער וויסענשאפט און איהרע ווערק, דען עס וועט נישט העלפען; יודען וועלען זיך פון דער וויסענשאפט נישט שיידען „אזוי לאנג, ווי עס וועלען נאר זיין נשמות אין זייערע קערפער׳ס; און ווען אפילו עס וואלט קומען יהושע בן נון און דאס זאגען מיט זיין אייגענעם מויל וואלטען זיי איהם אויך נישט געפאלגט, ווייל זיי האבען פאר זיך דעם גרויסען לעהרער (רמב״ם) מיט זיינע ספרים; פאר זיין כבוד זענען זיי גרייט צו קעמפפען און פאר זיין לעהרע וועלן זיי זייער געלד און זייער לעבען מקריב זיין״.

דער פייערדיגער בריעף האט געמאכט א געוואלדיגען איינדריק אויפ׳ן רשב״א מיט זיינע יועצים, און זיי האבען אנגעהויבען רופען צו

שלום און צו אחדות. „הערט אויף, רבותי, זיך ארומצוקריגען, — בעט זיך דער רשב"א אין זיינע בריעף פון דער צייט — הערט אויף צו זידלען, צו דערוויטערן און צו אסר'ן — אונז (בארצעלאנא'ער) וועט גארנישט ארען, ווען מ'וועט זיך מיט אונזער בעשטימונג (חרם) נישט שטארק רעכנען". עס איז שוין אבער צו שפעט געווען; די ליידענשאפטען האבען זיך פונאנדערגעקאכט, פון ביידע זייטען זענען געווען בעליידיגטע, וואס האבען אויף זייער כבוד נישט געוואלט מוחל זיין און אין דער לופטען האט זיך געטראגען די געפאהר פון א שרעקליכער מחלוקת, וואס וואלט זיך געווים געענדיגט מיט א שארפער שפאלטונג אין יורענטום, — ווען עס וואלט נישט אנקומען פלוצלינג א גרוים אונגליק אויף די פראנצויזישע יודען.

## דרייצעהנטעם קאַפּיטעל.

## דער גירוש פון פראנקרייך.

---

גלייכצייטיג מיט דעם קולטור־קאמפף אין יודענטום האבען אויסגעבראכען שארפע סכסוכים צווישען דעם קעניג פיליפּ (דער שענער) IV פון פראנקרייך און דעם פויפסט באניפאציוס VIII; עס האט זיך געהאנדעלט וועגען מאכט און געלד, מיט וועלכע די ביידע הערשער האבען זיך נישט געקענט איינטיילען. דאס האט נאך יודען נישט שטארק נוגע געווען און זיי האבען דערפון נישט געליטען; דאן האט אבער אויסגעבראכען א צווייטער סכסוך צווישען פיליפּ'ן מיט'ן דייטשען קייזער אלברעכט, און דאס מאל האט עס געבראכט צו א שרעקליכען קלאפּ פאר'ס גאנצע פראנצויזישע יודענטום; פיליפּ האט אין שטרענגסטען סעקרעט בעפוילען זיינע בעאמטע, צו בעפאלען פלוצלינג אלע יודען פון דער פראנצויזישער מלוכה און זיי מיט די ווייבער און קינדער איינצוזעצען אין געפענגעניש (תשעה באב 1306). דארט האט מען די אונגליקליכע מודיע געווען, אז אין א חודש ארום טאר קיין איינציגער פון זיי נישט איבערבלייבען אויף דער פראנצויזישער ערד און אלץ, וואס זיי בעזיצען און פערמאגען (אויך די חובות פון קריסטען), געהט איבער צום קעניג.

די סיבה פון דער אונגעוועהנליכער אכזריות איז געווען נישט די שנאה צו יודען, נאר די שטארקע ליעבע צו זייער פערמעגען, וואס איז דעם קעניג גראד זעהר נויטיג געווען. פיליפּ'ס ארימקייט איז דערגאנגען ביז אזוי ווייט, אז „קיין הון אין טאפּ, ווי ס'האט זיך געזונגען

אין א פאלקסליעדעל, איז נישט זילבער געוועזען פון קעניג'ס גאפעל". דערצו איז אבער צוגעקומען נאך א אומשטאנד, וואס האט איהם גע־בראכט צו דעם בעשלוס; דער דייטשער קייזער אלברעכט, וועלכער האט מיט פיליפ'ן געהאט פערשידענע חשבונות, האט איהם פלוצ־לינג ארויסגעשטעלט דריי שארפע פאדערונגען: ער זאל אוועקגעבען דער דייטשער קרוין די פראווינץ ארל, ער זאל איבערגעבען דייטש־לאנד דעם דערנער־קראנץ פון ישו הנוצרי, וואס געפינט זיך אין א פראנצויזישער קירכע און... די פראנצויזישע יודען זאל ער איהם, אלברעכטען, אבגעבען, ווייל זיי זענען זיינע, זיי געהערען נאר איהם אליין, אלס נאכפאלגער פון די רוימישע מלכים. נאטירליך, האט אלברעכט נישט פערלאנגט די יודען אליין, נאר זיין טייל פון זייערע הכנסות, און דאס האט פיליפ'ן שטארק געקרענקט. ער האט געפרובט נאכפארשען פריהער, צי די טענה פון דעם דייטשען קייזער איז יורידיש אויסגעהאלטען, און ווען זיינע יוריסטען האבען אנערקענט, אז די יודישע „קאמער־קנעכט" געהערען ווירקליך צו דעם יורש פון די רוימישע מלכים, איז פיליפ געפאלען אויף דעם שכל, אוועקצו־נעהמען ביי זיינע יודען אלץ, וואס זיי פערמאגען, און דאן זיי, נאקעט און בלויז, אבגעבען אלברעכטען. און דער אויפטו האט זיך פאלשטענדיג איינגעגעבען: פיליפ'ס משרתים האבען אהן רחמנות אוועקגענומען ביי די אונגליקליכע נישט בלויז זייער געלד און זייערע נחלאות, נאר אפילו — די קליידער פון לייב. גאנצע וועגענער מיט יודיש גאלד, זילבער, עדעלשטיינער און אנדערע קאסטבארקייטען האבען זיך פון אלע עקען לאנד געצויגען אין פיליפ'ס פאלאץ, און די קליידער און איבריגע קלייניגקייטען זענען פערקויפט געווארען פאר גראשענס. פון דעם גאלד האבען די אונגליקליכע געפאנגענע בעקומען אלע גלייך צו א בעשטימטער צאהל מטבעות — אויף איין טאג צום לעבען.

צום בעשטימטען טערמין (סעפטעמבער 1806) האבען איבער הונדערט טויזענד יודישע נפשות פערלאזען דאס לאנד, וואו זייערע אור־אור־עלטערן האבען זיך בעזעצט נאך א צייט לאנג פאר דער רוימישער רעפובליק, ד. ה. איידער די פראנקען מיט'ן קריסטענ־טום צוזאמען זענען אריינגעדרונגען אין פראנקרייך. די בעריהמטע פלעצער, וואו ס'איז אמאל אזוי פיעל גייסט ענטוויקעלט געווארען, די ישיבות פון רש"י און די בעלי התוספות, די היסטארישע שוהלען

און בתי מדרשים, — אלץ איז פערקויפט אָדער אוועקגעשענקט גע־וואָרען דעם ערשטען און בעסטען, און קיינעם איז גאָרנישט איינגעפאַ־לען זיך צו רעכנען מיט דער הייליגקייט פון די בנינים. איין פאריזער שוהל האָט פיליפּ אוועקגעשענקט — זיין קוטשער, און וויפיעל ס'האָבען איינגעבראַכט די פערקויפטע יודישע נחלאות איז צו זעהן דערפון, וואָס אין דער פּראָווינץ אָרלעאַן אַליין האָט דער קעניג פאַר זיי בע־קומען 337,000 פראנק.

דער שרעקליכער גירוש איז נישט אריבער אויך אָהן נאָכוועהע־נישען: פיעל האָבען זיך געשמד'ט, פיעל האָבען בלויז צוגעזאָגט זיך צו שמד'ען און האָבען דערנאָך דערפאַר אויפן שייטערהויפען מיט זייער לעבען בעצאָהלט. די פערטריבענע ווידער האָבען זיך צושטרייט איבער דער גאַנצער וועלט; אַנדערע האָבען זיך אוועקגעלאָזען קיין ארץ ישראל, די מעהרסטע אָבער זענען פערבליבען נעהנטער צו די גרענעצען פון זייער ליבער פראַנקרייך: אין די פּראָווינץ־שטעדט, וואָס האָבען זיך געפונען אונטער דער אויבערהערשאַפט פון דייטשלאַנד און אין דער פּראָווינץ רוסיליאָן, וואָס האָט אָנגעהערט צום אראַגאָ־נישען קעניג. די אונגליקליכע האָבען געוואָלט אָבוואַרטען אויף בעסערע צייטען, און זיי האָבען זיך ווירקליך נישט גענאַרט; דער זעלביגער פיליפּ איז באַלד ווייכער געוואָרען און האָט ערלויבט געוויסע קאַטע־גאָריעס יודען זיך אומצוקעהרען אין לאַנד.

כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, וואָס דער שטרייט צווישען די אויפגעקלעהרטע און די אָרטאָדאָקסען האָט זיך איבערגעטראָגען צוזאַמען מיט די פערטריבענע אין יענע ערטער, וואו דער טרויעריגער גורל האָט זיי פערוואָרפען. אַ טייל פון די תבוני'דען האָט זיך בעזעצט אין פּערפּיניאַן, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער הער־שאַפט פון דעם נישט זעהר יודענפריינדליכען מאַלאָרקי'שען קעניג, און ווען אַהין איז אָנגעקומען אויך דער בעריהמטער ר' אַבּא מרי, כדי זיך דאָרט צו בעזעצען, האָבען די משכילים אָנגעווענדעט זייער גאַנצען איינפלוס אין די הויכע ספערען, אום דאָס צו שטערען. דער־פון האָט זיך דאָס פייער פונ'ם נייַ פונאנדערגעקאָכט און ווידער האָבען די שפּאַנישע גדולים, דער רשב"א מיט'ן רא"ש, זיך געמוזט אריינמישען אין דעם ענין. פון זיי האָט דער לעצטער, ר' אשר, איצט נאָכמעהר צאָרן ארויסגעוויזען געגען די משכילים, וועלכע זענען נישט בעסער געוואָרען אפילו נאָך די שרעקליכע צרות, און

אזוי ווי דער רשב"א איז אין גיכען געשטארבען (1310) איז ער גע-בליבען דער איינציגער אויטאריטעט אין אלע רעליגיעזע אנגעלעגענ-הייטען פון דעם יודישען לעבען פאר גאנץ מערב איראפא . צום רא"ש זענען צוגעקומען זיינע זיהן און תלמידים , וועלכע זענען מיט איהם צוזאמען געקומען פונ'ם פינסטערן דייטשלאנד , און זיי האבען ביסליכווייז ארויפגעלעגט זייער שטעמפעל — דעם שטעמפעל פון פיינ-ליך-פרומער , איינזייטיג-עהרליכער יודישקייט — אויף אלע יודען פון דער לעבענס-לוסטיגער , ליכטיגער פירענעאישער האלב-אינזעל . דער תלמוד האט אלעמען בעהערשט און אלע אנדערע חכמות פערדונקעלט ; אלט און יונג האט זיך פערזונקען אין דעם פערוויקעלטען לאבירינט פון דער תלמודישער הלכה , און דער גרויסער רא"ש האט געלערנט , געפיהרט און דעם וועג געוויזען .

אין דער צייט איז די מאטעריעלע לאגע פון שפאנישען יודענטום געווען נישט קיין שלעכטע . דער קעניג פערדינאנד IV (1295—1312) האט געהאט א יודישען שאצמייסטער מיט'ן נאמען שמואל , וועלכער האט איהם געדינט אויך פאר א דיפלאמאטישען יועץ ; צוליעב די סכסוכים צווישען קעניג און זיין מוטער איז אבער שמואל שטארק פערהאסט געווען פון דער לעצטער און זי האט זאגאר אונטערגעשיקט איינעם , וואס האט דעם שאצמייסטער געוואלט טויטען . שפעטער , ווען די זעלביגע קעניגין האט איבערגענומען די הנהגה פון דער מלוכה , האט זי אויך געהאט א יודישען פינאנץ-פערוואלטער (דון משה 3129—1312) . די לאגע האט זיך נישט געענדערט אויך פאר דער צייט פון רעגענט דאן יואן עמנואל (1319—1325) , וועל-כער איז אליין געווען א בערייטענדער שריפטשטעלער און דיכטער . זיין יודישער ליעבלינג און יועץ איז געווען ר' יהודה בן יצחק אבן-וואקאר , וועלכער איז גאנץ וועניג אבגעשטאנען פון רא"ש אליין בנוגע צו פאנאטישער פרומקייט . די וועלטליכע מיט דער גייסט-ליכער מאכט האבען דא אויף אזא אופן געבילדעט איין הארמאנישע שטימונג און דאס האט די אטמאספערע פון שפאנישען יודענטום נאכ-מעהר פערפינסטערט און פערווילדעט . אבן-וואקאר האט , למשל , פער-משפט א יודישען גאט-לעסטערער , איהם אויסצושניידען די צונג און א יודיש מערעל , וואס האט געהאט קערפערליכע בעציהונגען מיט א קריסט , איהר אבצושניידען די נאז , — שטראפען , וואס האבען זיך גאנץ זעלטען פראקטיצירט אין דער ביז-דעמאלטיגער יודישער געזעצ-

געבונג. און דער רא״ש האט די משפטים נישט נאר בעשטעטיגט— ער האט ר׳ יהודה׳ן פאר זיי קאמפלימענטען געמאכט און געדאנקט.—

ערגער האט זיך יודען געלעבט אין צפון-שפאניען און אין דרום-פראנקרייך. די יודען האבען אין אנהויב א געוויסע טרייסט געפיהלט, ווען לודוויג X האט מבטל געווען זיין פאטער׳ס גזירה און זיי געבעטען, זיי זאלען זיך צוריק בעזעצען אין פראנקרייך. די פריהערדיגע (מיט ניין יאהר צוריק) ארויסגעטריבענע האבען זיך ערלויבט אפילו בעדינגונ-גען צו שטעלען: לודוויג האט זיי געמוזט פערזיכערן, אז קיינער וועט זיי נישט שטערן זיך צו בעזעצען, וואו זיי האבען געוואוינט פאר׳ן גירוש; אז מ׳וועט זיי אומקעהרען זייערע שוהלען, בית-עולם׳ס און ספרים אדער שענקען פלעצער אויף דעם, און ענדליך, אז זיי וועלען קע-נען אויפמאהנען זייערע אלטע חובות פון די קריסטען. פון זייער זייט ווידער האבען די יודען מסכים געווען צו טראגען דעם „צייכען" פון א בעשטימטער פארב, און אזוי איז געשלאסען געווארען א פארמע-לער אבמאך צווישען די יודען און דעם קעניג אויף צוועלף יאהר, ד. ה. אז אויב ער וועט נאך דעם טערמין זיי ווידער וועלען ארויס-טרייבען פון לאנד מעג ער עס טאן, נאר ער פערפליכטעט זיך, זיי וועגען דעם מודיע צו זיין מיט א יאהר פריהער. דאן האט לודוויג ארויסגע-לאזען א דעקרעט, אין וועלכען ער האט ערקלערט, אז זיין פאטער האט ארויסגעטריבען די יודען פון לאנד, ווייל ער איז פערפיהרט געווארען פון שלעכטע יועצים; און אזוי ווי די אלגעמיינע שטים פון פאלק פערלאנגט, אז די יודען זאלען זיך צוריק אומקעהרען אין לאנד, טוט ער נאך זיין גרויסען זיידען, וועלכער האט אויך פריהער פער-טריבען די יודען און דערנאך זיי צוריק אויפגענומען. דער הערשער נאך איהם, פיליפ V, האט די יודישע פריווילעגיעס נאך פערמעהרט און בעפעסטיגט; אינדירעקט האט ער אבער ארויסגערופען נייע אכזריות׳ען און שרעקליכע יודען-שחיטות.

פיליפ׳ן איז איינגעפאלען צו ארגאניזירען א נייעם קרייץ-צוג, כדי ענדליך פארט ארויסצורייסען דאס הייליגע לאנד פון די הענד פון די אונגלויביגע. די העכערע קרייזען האבען זיך פון דעם פלאן אויסגע-לאכט און אפילו דער פויפסט אליין, יאהאן XXII, האט זיך ארויס-געזאגט געגען איהם. דערפאר האט אבער דער המון זיך אויפגעקאכט ביי דעם געדאנק פון געהן קעמפפען געגען די אונגלויביגע. עס האט זיך געפונען א יונגער פאסטוך מיט א צוהיצטער פאנטאזיע, וואס האט ערקלערט

אז די הייליגע יונגפרוי האט זיך צו איהם בעוויזען און געהייסען זאמלען קרייץ-טרעגער. אט די „ענטפלעקונג״ איז פון געווינסע גייסטליכע שטארק פונאנדערגעבלאזען געווארען און אין גיכען האט זיך א מחנה פון איבער פיערציג טויזענד פאסטוכער געלאזען מיט געזאנג און הייליגע פאהנען — אויסלייזען דעם הייליגען קבר (1320). דאס פאלק האט אין אנהויב מיט בעגייסטערונג געקוקט אויף דער אונגעוועהנליכער פראצעסיע, וואס האט זיך געצויגען פון שטאדט צו שטאדט, און ארויסגעוויזען די העלדען א שטארקע ליבע; דאן האבען זיך אבער צוגעשלאסען צו זיי אויך אלערליי גנבים און רוצחים און עס האט זיך אנגעהויבען א סדרה פון יודישע שחיטות. אויפן גאנצען וועג פון אגען ביז טולוז האבען די פאסטוכער קיין איינציגען יודען נישט לעבען געלאזען; פינף הונדערט יודען האבען זיך פערבאריקאדירט אין דער פעסטונג ווערדון, און ווען זיי האבען געזעהן, אז זיי וועלן נישט אויסהאלטען דעם שטורם פון דער שטארקער מחנה, האבען זיי זיך איינע די אנדערע אויסגע׳שחט׳ען, כדי נישט אריינצופאלען אין די הענד פון דער צעווילדעטער באנדע. דערביי איז פארגעקומען א אינטערעסאנטער אינצידענט: די אונגליקליכע האבען אויסגעוועהלט דעם עלטסטען און א געזעהענסטען פון זיך פאר׳ן „שוחט״; ער איז אבער צו שוואך געוועזען ד רצו, און האט גענומען א יונגען מיטהעלפער, וועלכער האט ווירקליך אלע אויסגעשחט׳ען, אויך דעם אלטען אליין; נאר אויף זיך אליין האט ער זיין האנד נישט געוואלט אויפהויבען — ער איז ארויס צו די זינגער און זיי פארגעלעגט, זיך צו לאזען אבשמר׳ען. יענע זענען אבער געלעכטער געווען און זיי האבען דעם פעררעטער אויף שטיקער צוריסען.

אין טולוז האט זיך די אדמיניסטראציע אנגענומען פאר יודען און אפילו אר׳סטירט א סך פון דער מחנה פאר זייערע פריהערדיגע רציחות; דאס האט אבער נאר אויפגערייצט דעם קריסטליכען המון, וועלכער האט זיך אנגענומען פאר די „קדושים״, און דערביי איז די גאנצע יודישע קהלה אומגעקומען. סך הכל זענען פון דעם פאסטוכער-צוג חרוב געווארען איבער הונדערט און צוואנציג יודישע קהלות אין פראנקרייך און צפון-שפאניען, און די איבערגעבליבענע זענען אויך צורויבט און שטארק פעראָרימט געווארען.

מיט איין יאהר שפעטער האט אנ׳אנדער אונגליק איינגעשלונגען גאנצע טויזענדער יודישע לעבענס. דאס מאל האט זיך עס אנגע-

הויבען מיט אַ שענדליכען בלבול פון מצורעים (קרעציגע); די לעצטע פלעגען אין מיטעלאַלטער בעהאַנדעלט ווערן, ווי לעבעדיגע טויטע, און האָבען געמוזט אויסשטעהן אונמענשליכע יסורים. דאָס האָט עטליכע פון זיי שטאַרק פערביטערט געגען די געזונדטע און זיי האָבען פערגיפטעט דאָס וואַסער פון אַלע שטאָדטישע ברונעמס, פון וואָס עס זענען פיעל מענשען געשטאָרבען (1325). נאַטירליך איז מען די זאַך דערגאַנגען און די בעשולדיגטע שרעקליך געפייניגט; דאַן זענען זיי געפאַלען אויף אַ אָריגינעלען געדאַנק: זיי האָבען ערקלערט, אַז יודען האָבען זיי אָנגערעדט צו פערגיפטען די ברונעמס.

און דאָס איז געלונגען: אין פאָלק האָבען גלייך אָנגעהויבען אַרומגעהן פערשיעדענע ערקלערונגען צו דער משונה׳דיגער בעשולדיגונג (אַז יודען האָבען זיך געוואָלט נוקם זיין פאַר זייערע קרבנות פון דעם פאַסטוכער-צוג א. נ. אַ.) און געענדיגט האָט זיך עס — מיט שחיטות און שייטערהויפענס. אין שינאָן האָט מען אָנגעפילט אַ טיעפע גרוב מיט פייער און אַריינגעוואָרפען אַהין אַלט יודישע מענער און פרויען, וועלכע האָבען זיך זינגענדיג איבערגעגעבען דעם טויט אין די אָרעמס; כדי נישט איבערצולאָזען די קינדער אונטער דער געפאַהר פון שמד, האָבען די מוטער׳ס פריהער זיי אין די פלאַמען אַריינגעוואָרפען, און אַזוי זענען דעמאָלט צוזאַמען ביז פינף טויזענד יודישע נפשות פערברענט אָדער דערשטאָכען געוואָרען. דאָס איז אָבער נאָך וועניג געווען. פיליפ האָט געוואָלט אויך זיין קאַסע אָנפילען אויף דעם סמך פון דער בעשולדיגונג. חאָטש ער האָט שוין דעמאָלט געוואוסט, אַז זי האָט לחלוטין קיין שום גרונד נישט געהאַט, ער האָט דעריבער אַרויפגעלעגט אויף די פראַנצויזישע יודען אַ מין קאָנטריבוציע פון 150,000 פונט, וועלכע זיי האָבען אַליין איינגעטיילט צווישען די קהלות.

אינ׳ם זעלביגען יאָהר איז פאָרגעשטאַנען אַ גרויסע געפאַהר דער עלטסטער יודישע קהלה אין אייראָפּאַ, און דאָס איז אויך געקומען אונערוואַרטעט. יודען האָט זיך אין רוים געלעבט זעהר רוהיג זייט עטליכע יאָהרהונדערטער, נישט קוקענדיג אויף דעם. וואָס פון דאַנען האָט זיך די יודישע שנאה פערשפרייט איבער דער גאַנצער קריסטליכער וועלט. דאָ איז בכלל די גאַנצע פינסטערניש פון מיטעלאַלטערליכען קריסטענטום קיינמאָל נישט אַזוי געדיכט געווען, ווי אין די איבריגע לענדער, און דערצו האָבען אין איטאַליען פאַר

דער צייט (אין אנהויב פון פירצעהנטען יאהרהונדערט) אנגעהויבען נייע ווינטען צו בלאזען — ווינטען פון גייסט, שענהייט און ליעבע; עס האבען זיך אנגעהויבען הערן די ערשטע קלאנגען פון א נ י ע ר מוזיק — פון דער מוזיק, וואס האט זיך שפעטער פונאנדערגעשפיעלט איבער גאנץ אייראפא און צושמעטערט אלע קייטען פון מענשליכער קנעכטשאפט און גייסטיגער פינסטערניש.

די יודען זענען נאטירליך נישט אבגעשטאנען פון דער אלגעמיינער שטימונג און עטליכע פון זיי האבען אפילו געשפיעלט נישט קיין אונבעדייטענדע ראליע אין דער אזוי גערופענער „אויפלעבונג“. זיי האבען קודם כל אריינגעבראכט די יודישע גייסטיגע אוצרות אין די קרייזען פון דער גייסט-דורשטיגער קריסטליכער אינטעליגענץ, און דערביי האבען זיי אליין אויך ארויסגעוויזען א שטארקע עמפפינדליכקייט פאר די נייע שטרעמונגען און בעגריפען. דער קעניג פון נעאפאל האט געהאט ביי זיך א יודישען לעהרער, ביי וועלכען ער האט געלערנט די ביבעל אין ארגינאל, און זייענדיג אין דרום-פראנקרייך האט ער פון דארטין מיטגעבראכט מיט זיך א הויך געבילדעטען יודישען סאטיריקער, מיט׳ן נאמען ר׳ ק ל ו נ י מ ו ס ב ן ק ל ו נ י מ ו ס (1284—1337). ער האט געקענט די אראבישע שפראך און אין דער יוגענד שוין איבערזעצט אין העברעאיש מעדיצינישע, אסטראנאמישע און פילאזאפישע ווערק. אין די שפעטערדיגע יאהרען האט ער געשריעבען עטליכע אריגינעלע ווערק איבער פראגען פון מאראל אין דער פארם פון סאטירישע שילדערונגען. די אלגעמיינע שטימונג פון דער דאזיגער סאטירע איז מעהר א לייכטע, פרייזיניגע; דער דיכטער שילדערט, למשל, ווי גוט איהם וואלט געווען, ווען ער וואלט געבוירען ווערן א פרויענצימער: ער וואלט פערשפארט צו לערנען אזוי פיעל גמרות, פוסקים, חכמות און וואלט אויך פטור געווען פון דעם גאנצען בארג מצוות און דינים און חומרות און סיגים. דער לעזער קען אבער נישט אנווייזען די אמת׳ע כונה פון דיכטער, איבער דעם צווייטיגען טאן. דאס זעלבע איז אויך מיט זיין שפאס „מ ס כ ת פ ו ר י ם“, וואס איז א קינסטלערישע פאראדיע אויפן תלמוד.

מעהר דיכטעריש און בעגאבט איז געווען זיין עלטערער פריינד און פערעהרער ר׳ ע מ נ ו א ל ב ן ש ל מ ה ה ר ו מ י (1265—1330), וועלכער האט געהאט דאס גליק אויפגענומען צו ווערן אינ׳ם קרייז פון דעם בעריהמטען ד א נ ט ע. ר׳ עמנואל איז געווען די ערשטע

וועלטליכע פּערזענליכקייט אין דער יודישער ליטעראַטור פאַר דער צייט פון גאַנצען מיטעל-אַלטער. גייסטרייך, שאַרפזיניג און לעבעדיג-לייכט, האָט ר׳ עמנואל „פערוואַנדעלט דער צניעות׳דיגער, טיעף-פער-דעקטער יונגפרוי פון דער העברעאישער מוזע אין אַ לייכט-אומגעהיל-טער טענצערין, וואָס וואַרפט כסדר בליקען אַרום זיך און מאַכט הנ׳-דלען". ר׳ עמנואל איז שטאַרק בעאיינפלוסט געוואָרען פון זיין גרויסען איטאַליענישען צייט-חבר, דאַנטע, און האָט איינגעפיהרט די איטאַליעני-נישע קונסט-פאָרם אין דער העברעאישער פּאָעזיע. ער האָט אָנגע-שריבען אַ מאַסע קליינע נאָוועלען, עראָטישע לידער, דיאַלאָגען און הומאָריסטישע לויב-דרשות. אין איינער פון די נאָוועלען שילדערט עמנואל אַ סצענע מיט אַ העברעאישען גראַמאַטיקער. דער לעצטער, אַ שרעקליכער פּעדאַנט, פיהרט מיט זיך אַ יונג שען ווייבעל, און דער דיכטער לאָזט זיך אַריין מיט׳ן מאַן אין אַ טיעפען וכוח וועגען דער גראַמאַטיק, כדי צו קענען דערווייל בעסער בעטראַכטען די בליהענדע שענהייט. און דער וכוח ענדיגט זיך מיט׳ן דיכטער׳ס דורכפאַל אין דער גראַמאַטיק, דערפאַר אָבער מיט זיין נצחון אין דער — ליעבע. עמנואל האָט אַפילו געפּרובט נאָכאַהמען דעם גרויסען דאַנטע און אויך אָנגעשריבען אַ פאַנטאַסטישע שילדערונג פון גיהנם און גן עדן; ער איז אָבער דאָ אויך געבליבען בלויז סאַטיריקער, און וועהרענד דאַנ-טע האָט געשאַפען אַ געניאַלע „געטליכע קאָמעדיע", איז זיין שילדערונג נישט מעהר, ווי אַ געוועהנליכע דיכטערישע הלצה איבער אַלע פאַלשקייטען און קאָמישע זייטען אינ׳ם לעבען פון דער מענשליכער (בעזונדער: יודישער) געזעלשאַפט. זיך אַליין לאָזט עמנואל מיט גרויס פאראַד אַריינפיהרען אין גן-עדן; דערביי לויפען אַלע אבות, נביאים, חכמים און צדיקים איהם אַנטקעגען און רופען אויס בעגייסטערט: „אָ, באַלד וועט פרעהליך ווערן — עמנואל איז געקומען!"

אַזוי האָבען די יודען אַ לאַנגע צייט רוהיג געלעבט אויף דער איטאַליענישער ערד און אונגעשטערט זיך בעטיילינט אין אַלע צווייגען פון איהר געזעלשאַפטליכען און קולטורעלען לעבען; איצט איז אָבער אָט די יודישע מנוחה איבערגעריסען געוואָרען און זיי האָבען מיט אַמאָל דאָ אויך דערפיהלט אויף זיך די אייזערנע הערשאַפט פון דער קירך מיט איהרע דינער. אויפן פערלאַנג פון זיין שוועסטער, וועלכע האָט אַרויסגעלאָזען אַ קלאַנג, אַז יודען האָבען בעליידיגט אַ הייליגע פראָ-צעסיע, — האָט דער פּויפּסט יאָהאַן XXIII בעפוילען, אַרויסצוטרייבען

אלע יודען פון דעם רוימישען געביעט. דאס האט ארויסגערופען א שטארקע צורודערונג אין די יודישע קרייזען און זיי האבען געשיקט א דעפוטאציע צום פויפסט קיין אוויניאן און צום קעניג פון נעאפאל; דער לעצטער האט דאן די יודען א טובה געטאן, און נאכדעם ווי דער פויפסט מיט זיין שוועסטער האבען בעקומען 20.000 דוקאטען, איז די בעשולדיגונג געגען יודען צוריקגעצויגען געווארען און צוזאמען מיט איהר אויך די גזירה.

דער איינציגער פונקט אין אייראפא, וואו יודען האט זיך פאר דער צייט איננאנצען רוהיג און גליקליך געלעבט, איז נאך דערוויילע געוועזען — שפאניען. יודען האבען דא ניט בלויז זיך בעטייליגט, נאר אפילו אויך בעהערשט אין א געוויסען זין דאס קולטור-לעבען פון לאנד, און אנשטאט די יודישע איינגעבוירענע רוקענס מיט דער שענדליכער לאטע אויף׳ן פלייצע, וואס זענען שוין לאנג געווארען א געוועהנליכע ערשיינונג אין די אנדערע אייראפעאישע לענדער, האבען דא געלעבט שטאלצע, רייכע יודען מיט אריסטאקראטישע מאניערן, וואס האבען זיך געקלייערט אין גאלד און זייד.

אין א פיעל ערגערער לאגע האבען זיך געפונען די יודען אין אראגאניען, וואס איז דעמאלט געוועזען פעראייניגט מיט מאלארקא און סיציליען. אין נאווארא, וואס האט אנגעהערט צו דער פראנצויזישער קרוין, האט זיך צו יענער צייט אנגעהויבען א שטארקע בעוועגונג געגען דער פראנצויזישער איבער-הערשאפט, און געענדיגט האט זיך דאס מיט ווילדע פאגראמען, בעת וועלכע איבער זעקס טויזענד יודען זענען געטויט געווארען אויף אן׳אכזריות׳דיגען אופן.

דער דאזיגער המוני׳שער צארן געגען יודען האט זיך, איבריגענס, שוין אנגעהויבען ארויסווייזען דאן אויך אינ׳ם גליקליכען קאסטיליען. אזוי איז פארגעקומען, אז דער שאצמייסטער און פריוואט-סעקרעטאר פון קעניג דון יוסף בן אפרים בנבנישתי הלוי איז בעפאלען געווארען פון צעווילדעטען המון, וועלכער האט איהם דורכאוים געוואלט טויטען, און נאר דער קעניג אליין, וואס איז געקומען צולויפען אויפן פלאץ מיט א מחנה ריטער, האט איהם געראטעוועט פון דער געפאהר. דער צווייטער יודישער שר אין אלפאנזא׳ס הויף איז געוועזען דער אויבענדערמאנטער דון שמואל אבן-וואקאר, וועלכער האט דארט פערנומען די פאסטענס פון א לייב-ארצט און א אסטראנאם. ער האט בעקומען פון קעניג אויך

די ארענדעס פונ׳ם גרעסטען טייל שטייערן, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס די קריסטליכע בעפעלקערונג האט זיך עטליכע מאל אפען ארויס־געזאגט נעגען יודישע שאצמייסטער׳ס און שטייער־ארענדאטארען. דאס האט געדיענט פאר א גוטען מאטעריאל אין די הענד פון פערשיעדענע יודענפיינד, וועלכע האבען אויפגערייצט דעם פאלק און איהם אנגע־וויזען אויף די יודישע מוכס׳ניקעס און פראצענטניקעס, ווי אויף די אמנציגע שולדיגע אין אלע זיינע צרות. אין אט דער יודענפיינדליכער אגיטאציע האבען, ווי אלע מאל, די הויפט־ראליע געשפיעלט די פארשטעהער פון דער קירך, און צווישען זיי האט זיך ביי דער אר־בייט בעזונדער אויסגעצייכענט דער משומד אבנר (מיט׳ן קריסטליכען נאמען: אלפאנזא בורגענזיס דע וואלאדאליד), פון וועלכען יודען האבען מיט דער צייט געהאט אויסצושטעהן שרעקליכע צרות. דאס איז געווען א מענש מיט ברייטע יודישע און אלגעמיינע קענטעניסען (לויט דער פראפעסיע א דאקטאר), וואס האט פון לעבען א סך גע־פאדערט און זיך נישט בעפריעדיגט מיט זיין ארימער לאגע. צו דעם צוועק האט ער זיך געשמד׳ט און אנגעהויבען נישט געהן, נאר לויפען אויף דעם לייטער פון דער קירכליכער היעראכיע, וואס האט צו יענער צייט געגעבען אי עשירות, אי מאכט. געהאלפען דערביי האט איהם זיין געלערנטקייט אין דער יודישער ליטעראטור און זיין אנגעבוירענע פעסטקייט, און כדי נאך מעהר צו פערשטארקען זיין פאזיציע אלס קירכען־זייל האט ער אנגעהויבען מיט א אונגעוועהנ־ליכער אכזריות פערפאלגען זיינע געוועזענע גלויבענס־ברידער. אלפאנ־זא האט אנגעשריבען עטליכע ווערק מיט שארפע זלזולים געגען יודענטום און זיי ארייננגעשיקט זיין געוועזענעם פריינד ר׳ יצחק פולנאר; דער לעצטער איז דאן ארויס מיט א ביסענדער סאטירע געגען דעם געוויסענלאזען משומד און פון אלע זייטען האט מען איהם גענומען ענטפערן אויף זיינע זלזולים. אויף אזא אופן איז ענטשטאנען א פערביטערטע פאלעמיק צווישען יודענטום און קריסטענטום, און דער סוף איז געווען, אז אלפאנזא האט פשוט פערמסר׳ט דעם יודי־שען גלויבען. ער האט ערקלערט דעם קעניג, אז די יודען לעסטערן אין זייערע תפילות דעם נוצרי און שילטען זיינע אנהענגער, און נאך א עפענטליכען וכוח, וואס איז פארגעקומען וועגען דעם אין קעניג׳ס געגענווארט צווישען דעם משומד און יודישע פערטרעטער, האט דער קעניג בעפוילען, אויסצומעקען די אנגעגעבענע תפילות (1336). אזוי

איז די יודענפײַנד געלונגען צו געווינען אויף זײַער זײַט דעם יודענ־פרײַנדליכען קעניג .

דאן איז עס שוין געגאנגען כסדר . די יודישע הויף־לײַט זענען אין גיכען פערהאַסט געוואָרען פון זײַער פריהערדיגען בעשיצער , און ער האָט זיי געלאָזען אײַנזעצען אין געפענגעניש און פײַניגען . עס איז אפילו געשטעלט געוואָרען די פראַגע וועגען אַרויסטרײַבען אלע יודען פון קאַסטיליען , כדי אַרויסצופרעסען פון זיי — אויפן שטײַגער פון לודוויג דעם פראַנצויזישען — די הוצאות אויף דער מלחמה מיט גראַנאַדאַ , נאָר די בעראַטונג בײַם קעניג האָט אײַנגעפונען , אז עס איז נישט פראַקטיש , אַרויסצולאָזען פון די הענד אַ שטענדיגע הכנסה צוליעב אַ חײ־שעה .

צום גליק פון די קאַסטילישע יודען , איז דער הויפט־אויפטוער פון די אַלע יודישע רדיפות , גאָנצאַלאָ מאַרטינעץ , אין גיכען געטויט געוואָרען פאַר פערראַט , און די פערפאָלגטע האָבען ווידער עטוואָס פרײַער אָבגעאָטעמט . עס זענען ווידער אַוועק אַ רײַהע יאָהרען פון מנוחה און רײַכטום פאַר דאָס קאַסטילישע יודענטום ; עס איז שוין אָבער גײַסטיג פעראָרימט געוועזען , און אויסער אויף דעם געביעט פון דער תלמוד׳ישער הלכה האָבען די קאַסטילישע יודען מעהר קײַן זאַך נישט געשאַפען פאַר די קומענדיגע דורות . איבער דער יודישער גאַס האָט זיך דאָ אַ שווערע פינסטערנישׂ פערצויגען , אַזוי אַז קוים האָט זיך יאָ געפונען אַ יוד מיט גײַסט און געפיהל , האָט ער שוין מעהר בײַ יודען גופא קײַן אָרט נישט געהאַט און געמוזט איבערגעהן צו דער אַלגעמײַנער קולטור פון לאַנד .

אין דער הלכה דאַגעגען האָבען די קאַסטילישע יודען בעדײַטענ־דעס געשאַפען . דער רא״ש מיט זײַנע אַלט זיהן , קרובים און תלמידים , האָבען פערשפרײַט איבער׳ן גאַנצען לאַנד אַ נעץ פון ישיבות , וואו ס׳איז געלערנט געוואָרען בלויז תלמוד , און באַלד האָבען זיך אויף דעם געביעט בעוויזען גרויסע שאַפונגען , וואָס דערמאָנען די קלאַסישע צײַט פון דער תלמוד׳ישער לעהרע .

דער בעדײַטענדסטער פון רא״ש׳ס זיהן איז געוועזען ר׳ יעקב (1280—1340) . ער האָט אַרײַנגעבראַכט אַ געוויסע אָרדנונג אין דעם הלכי׳שען לאַבירינט פון תלמוד , און זיך בענוצענדיג מיט אַלע קוועלען , וואָס ער האָט געפונען פאַר זיך פון פריהער (אלפס , רמב״ם א. א.) האָט ער געשאַפען אַ צווײַטען אָבגעשלאָסענעם רעליגיאָנס־

קאָרעקס (אין פיער אָבטײלונגען , טורים , אַרום 1340) . אין דעם קאָרעקס האָט ר׳ יעקב אַרײַנגענומען נישט בלויז די מסקנות פון תלמוד , נאָר אויך אַלע רבני׳שע אויפטועכצען , מנהגים און בעגריפען , וואָס זענען געשאַפען געוואָרען אינ׳ם דײַטשען יודענטום פאַר די לעצטע יאָהרהונדערטער . לויט דער פאָרם און דעם סטיל זענען ר׳ יעקב׳ס „טורים" פיעל ניעדריגער פון רמבם׳ס יד-החזקה ; דאָך זענען זײ גלײַך אָנגענומען געוואָרען פון אַלע תלמודישע אויטאָריטעטען און אין אַלע קהילות האָט מען זיך אָנגעהויבען צו בענוצען מיט זײ , ווי מיט פראַקטישע געזעצביכער . דער צווײטער זוהן נאָך ר׳ יעקב׳ן (דעם „בעל הטורים") איז געווען ר׳ יהודה . ער האָט איבערגענומען פון פאָטער די רבנות אין טאָלעדאָ און איז פון אלעמען זעהר געשעצט געוואָרען ; איהם איז אָבער שפאַניען נישט געווען צום האַרצען , און זײַנע זיהן האָט ער אָנגעזאָגט , זײ זאָלען זיך אומקעהרען קײן דײַטשלאַנד , די הײמאַט פון זײער פאַמיליע .

יודען מיט מעהר זין פאַר אַלגעמײנע פראַגען זענען פערבליעבען נאָר געצעהלטע , און דאָס אויך מעהר אין דרום-פראַנקרײַך , ווי אין שפאַניען . דער בעדײַטענדסטער צווישען די יחידים איז געווען ר׳ לוי בן גרשון (לעאָן דע באַנאָלס , 1345 — 1288) . דאָס איז געווען א פיעלזײַטיגער און גרינדליכער גײַסט , וואָס האָט נישט פערטראָגען קײן האַלבקײַט און אויבערפלעכליכקײַט . זיך בעשעפטיגענדיג מיט אַסטראָנאָמיע , האָט ער ערפונדען א ספּעציעלען אַפּאַראַט , כדי צו קענען מאַכען גענויע בעאָבאַכטונגען ; איבערגעהענדיג צו מעדיצין האָט ער אויך ערפונדען נײַע הײל-מיטלען , און אין דער תלמוד-לעהרע אפילו האָט ער אויך אַרײַנגעבראַכט א בעשטימטען סיסטעם (אין זײַן מעטאָדאָלאָגישען פירוש אויף דער משנה) ; אָט די אַלע אויפטועכצען האָבען אָבער נישט אַזאַ שטאַרקען רושם געמאַכט , ווי זײַן רעליגיעז-פילאָזאָפישער „מלחמות ד'" מיט די פרײַע מעטאַפיזישע געדאַנקען , וואָס ווערן דאָרט אַרויסגעזאָגט . דער זעלבסטשטענדיגער שאַרפער דענקער וויל נישט וויסען נישט פון רעליגיעזע כונות און נישט פון פילאָזאָפישע אויטאָריטעטען ; אַלץ מוז דורכגעהן דורך דער קריטיק פון זײַן אײגענעם פערשטאַנד , וואָס אורטײלט מיט אײַן און דער זעלביגער פילאָזאָפישער רוהיגקײַט וועגען די פסוקים פון דער תורה , ווי וועגען די הנחות פון אַריסטו און רמב"ם . בײַ דעם

אַלעמען האָט דער רלב"ג דאָך כמעט קיין איינפלוס נישט געהאַט אויף דער יודישער געדאַנקען-וועלט; די אָרטאָדאָקסישע קרייזען האָבען איהם גלייך ערקלערט פאַר אַן'אַפּיקורס און זיין ספר „מלחמות פון גאָט״ (מלחמות ד') האָבען זיי אָנגערופען „מלחמות געגען גאָט״. דאַגעגען האָט מען אין דער קריסטליכער וועלט יאָ אָבגעשאַצט די בעדייטונג פון רלב"ג און עטליכע פון זיינע ווערק זענען נאָך פאַר זיין לעבען איבערגעזעצט געוואָרען אין לאַטייניש (1342).

עהנליך אין אַ געוויסען זין צום רלב"ג איז געוועזען ר' משה בן יהושע פון נאַרבאָנאָ (הנרבוני) אָדער, ווי מ'האָט איהם גערופען מיט זיין אַלגעמיינעם נאָמען, מאַעסטראָ ווידאַל. ער האָט געשריבען פּירושים צו פערשידענע פילאָזאָפישע ווערק, בעזונדער צו די פון רמב"ם און אבן-רשד. ער האָט אויך פיעל געדייזט און מיט אַ אונגעוועהנליכער רוהיגקייט בעאָבאַכטעט די פערשידענסטע לעבענס-ערשיינונגען; דערביי איז ער אָבער נישט אַזוי אָריגינעל געוועזען, ווי דער רלב"ג און זיינע „אַפּיקורסישע״ געדאַנקען האָט ער אויך אַרויסגעזאָגט נישט דרייסט און פערשטעלט. געשטאָרבען איז ר' משה אין סאָריאַ, צו דרום-זייט פון די פּירענעען, ווען ער האָט זיך געקליבען אומצוקעהרען אין זיין געבורטס-לאַנד.

## פִּיערצֶעהנטֶעס קאַפּיטֶעל.

## דער „שוואַרצער טויט“ און די שרעקליכע יודען־שחיטות.

---

די גלִיקלִיכֶע לאַגע פון דער יודִישער קאָלאָניע אִין שפּאַניען פאַר דער צייט פון אַלפאָנזאָ XI האָט געבראַכט צו אַיין אַלגעמייַנעם ווִילדען אויסבּרוך געגען יודען אִין אַלע לענדער פון דער קריסטלִיכער וועלט, — צו אַנאויסבּרוך, וואָס האָט אִיבּערגעשטִיגען אַלע בּיזהעריגע יודִישע שחיטות מִיט זייַן סטִילִישער גרויזאַמקייַט. עס האָט זִיך ווִי אַ שרעקלִיכער בּלוט־שטורם אַראָבּגעלאָזען אויפ׳ן קאָפּ פון דער גאַנצער יודִישער אומה און געוואָלט זִי דערשטִיקען, מִיט די חוואַליעס אייַנשלִינגען און פייַנִיגען, פייַנִיגען בּיז משוגעת, בּיז אונמענשלִיכער ווִילדקייַט.

געעפענט אָט דעם טויט־טאַנץ האָט דייַטשלאַנד. דער קייזער לודוויג פון בּייַערן האָט קודם כל געוואָרפען אַנ׳אויג אויפ׳ן יודישען פערמעגען און געזוכט אַרויסצופּרעסען פון זייַנע „קאַמער־קנעכט“ וואָס מעהר געלד. צו דעם צוועק האָט ער זיי בּעלעסטִיגט מִיט די שווערסטע שטייַערן און דערצו אַרויפגעלעגט אויף זיי אַ ספּעציעלען לייַבּ־אָבּצאָהל פון אַ גולדען אַ יאָהר — אַ זכר פון דעם קאָפּ־שטייַער, וואָס די יודען האָבּען אַמאָל געמוזט צאָהלען וועספּאַסיאַנ׳ען און טִיטוס׳ען, די פאָטער׳ס פון דער איצטִיגער דייַטש־רוימִישער אִימפּעריע. דאָס איז אָבּער נאָך נִישט דאָס שרעקלִיכסטע געוועזען; דער המון האָט נאָך אַלץ געקוקט אויף די פערשאָלטענע יודען, ווי אויף אַ פּריווילעגירטען שטאַנד, וואָס פועל׳ט אוים בּייַם קייזער אַלערליי הנחות אויף זייַן חשבון,

און באלד האבען זיך אנגעהויבען איבערצוחזר'ן די אלטע ערשיינונגען. בעת דעם בירגער-קריעג, וואס האט אויסגעבראכען אין לאנד, האבען צוויי יאהר דורכאנאנד געבושעוועט פאלשטענדיג ארגאניזירטע פויערן-מחנות, אונטערן נאמען „יודענשלעגער”, וואס האבען כלומר'שט בעקומען א בעפעהל פון אויבען, זיך נוקם צו זיין אן די יודען פאר'ן טויט פון דעם געקרייציגטען משיח. אזוי האבען פינף טויזענד פויערן, בעוואפענט מיט העק, זעגען, שנייד-מעסער'ס און שפיזען, זיך אוועק-געלאזען איבער די געגענדען ארום רהיין און אומגעבראכט טויזענדער יודישע לעבענס. די אונגליקליכע האבען שוין נארנישט געווארט אויפן טויט פון שונא — זיי האבען זיך אליין צוקוילעט איינער דעם אנדערן און אין די פלאמען געווארפען. דער קייזער איז אפילו גע-שטאנען אויף דער זייט פון די יודען און געפרובט זיי שיצען; עס איז שוין אבער צו שפעט געווען. דערפאר האט ער איינעם פון די אנ-פיהרער פון די מחנות, דעם ריטער ארמלעדער, בעשטראפט מיט'ן טויט.

אין דער זעלביגער צייט האט אין אנ'אנדער דייטשער פראווינץ אויך נישט ווייניגער יודיש בלוט געשטראמט. דער מאגיסטראט פון דער שטאדט דעקענדארף אין בייערן האט געוואלט זיך און די קריסט-ליכע בירגער פריי מאכען פון די יודישע חובות; דאס איז גענוג גע-ווען, אום עס זאל איבערגעחזר'ט ווערן די לעגענדע וועגען שענדען די קירכליכע הייליגקייטען מיט אלע איהרע פאלגען. לויט א גענוי-אויסגעארבייטען פלאן, ביי סיגנאלען פון קירכען-גלאקען און אין א בעשטימטען טאג, האט זיך דער המון, אונטער דער אנפיהרונג פון ריטער, ארויפגעווארפען אויף די אונבעוואפענטע יודען און גערויבט, געבריענט און געטויט. צום אנדענקען פון דעם גרויסען נס, וואס איז דא געשעהען מיט דער פון יודען דורכגעשטאכענער האסטיע, איז זאגאר אויפגעשטעלט געווארען א ספעציעלע קירך, וואו די „געשענדעטע-האסטיע גופא האלט זיך אויף נאך ביז היינטיגען טאג.

פון ראנען האבען זיך די שרעקליכע יודען-שחיטות איבערגע-טראגען קיין בעהמען, מעהרען און עסטרייך. טויזענדער יודען זענען אויף די אכזריות'דיגסטע אופנים געטויט און געפייניגט געווארען; נאך די בירגער פון וויען און רעגענסבורג האבען זיך אנגענומען פאר זייערע יודישע שכנים. דער פויפסט האט אפילו געשריבען די בישאפען, זיי זא-לען מאכען א חקירה ודרישה וועגען דעם כלומר'שטען פאקט מיט דער

האָסטיע און שטרענג בעשטראָפען די שולדיגע, אויב עס וועט זיך ארויסווייזען, אַז די בעשולדיגונג איז פאַלש געווען, — וואָס ס'האָט זיך ווירקליך ארויסגעוויזען. די ווילדקייט פונ'ם דעמאָלטיגען קריסט-ליכען המון איז שוין אָבער לאַנג אריבערגעוואַקסען אַט די טלע נאַר-מען פון רעכט און גערעכטיגקייט, און זי האָט אפילו דער קירך אליין נישט אָנערקענט דאָרט, וואו ס'האָט זיך געהאנדעלט וועגען די „פער-שאָלטענע" יודען. —און טאָמער האָבען זיך געפונען עטליכע יודען, וואָס זענען אין דעם נאָך נישט איבערצייגט געווען, האָבען זיי דאָס באַלד געזעהען בחוש. עס האָט זיך אָנגעהויבען די שוידערהאַפטע עפּידעמיע („די שווארצע מגפה"), וואָס האָט אין אַ משך פון גאַנצע פיער יאָהר (1348 — 1352) כסדר געשניטען מענשליכע לעבענס, ווי מ'שנייַדט אונטער זאנגען אין פעלד. זיך פערשפרייטענדיג פון חינא איבער גאַנץ אייראָפּאַ, האָט די קאַטאַסטראָפע איינגעשלונגען אין דער צייט אַ פיערטעל פון דער דעמאָלטיגער מענשהייט (25,000,000), נישט שוינענדיג קיין שטאַנד, קיין פאָלק און קיין עלטער.

און דאָ איז געשעהען עטוואָס אונגלויבליכעס: די פערווילדעטע קריסטליכע מאַסען האָבען אויך אַט דעם אונגעהויערן נאַטור-אויסברוך צוגעפּגעבונדען מיט יודען. עס האָט געהייסען, אַז יודען האָבען געבראַכט די מגפה אויף דער וועלט (דורך פערגיפטען די לופט און אַלע וואַסערן), כדי אויף אַזאַ אופן איינמאָל פאַר אַלע מאָל פטור צו ווערן פון זייערע אייביגע שונאים, די קריסטען; והראיה: ערשטענס, פאַלען יודישע קרבנות אַ סך ווייניגער פון קריסטליכע (דאָס איז ניכער געווען אַ רעזולטאַט פון דעם יודישען מעסיגען לעבען); און צווייטענס — פון וועלכער אמונה אויף דער וועלט האָבען יודען נאָך אַזוי פיעל צרות געליטען, ווי פון דער קריסטליכער!?... ווי אַזוי אָבער האָבען עס די יודען אַזאַ גרויסע זאַך געקענט אַ דורכפיהרען? ווער האָט זיי אין דעם געהאָלפען? גאַנץ פשוט: די שפּאַנישע יודען, וועלכע זענען אַזוי רייך און אַזוי גע-בילדעט, זיי האָבען אויסגעקלערט דעם טייוולאַנישען פּלאַן צו פערטי-ליגען פאַר איין מאָל אַלע קריסטען. זיי האָבען פונאַנדערגעשיקט אומעטום דעם סם, און די יודען אין גאַנץ אייראָפּאַ האָבען גע-פאָלגט — זיי האָבען מורא געהאַט פאַר'ן חרם פון די מעכטיגע ספרדים. אין באַלד זענען אויך געמען אויסגעוואַקסען: יעקב אַ פּאַסקאַטע פון טאָלעדאָ האָט מיטגעבראַכט מיט זיך דעם גיפט

קיין שאמבערי, און פון דאנען פונאנדערגעשיקט גאנצע שארען יודישע ניפטמישער אין אלע שטעדט און לענדער.

אזעלכע אונגעלומפערט-נארישע לעגענדעס, וועלכע זענען פון דער צוהיצטער פאנטאזיע נאך פיעלפאלטיג פערגרעסערט און איבערטריבען געווארען, האבען בעשעפטיגט נישט בלויז דעם המון; גאנצע געריכטס-קאלעגיומ׳ס זענען געזעסען און געפארשט די בעשולדיגטע, — נאטירליך מיט אלערליי פיין- און צוואנגס-מיטלען; דאס איבריגע האט שוין דאס פאלק אליין געטאן. אין איין דרום-פראנצויזישער שטאדט זענען אלע יודישע מענער, פרויען און קינדער פערברענט געווארען אינאיינעם מיט די הייליגע ספרים (מאי 1398). פון דאנען האט זיך דער שטורם אריבערגעטראגען קיין קאטאלאניען און אראגאניען, נאר דא האט דער אדעל זיך איינגעשטעלט פאר יודען, און זיי זענען אבגעקומען מיט עטליכע צעהנדליג קרבנות. דער פויפסט אליין אפילו האט צושיקט א שטרענגען בעפעהל, נישט שלעכטס צו טאן קיין יודען אהן א געריכטליכער אויספארשונג; דער בעפעהל איז אבער געבליבען כמעט אהן א שום בעדייטונג אין די איבריגע קריסטליכע לענדער, אויסער פראנקרייך און שפאניען. אין דער געגענד פון גענף זענען הונדערטער יודען געפאנגען און געפייניגט געווארען אלס פערדעכטיגע אין דער פערגיפטונג, און דער סוף איז געוועזען, אז עטליכע האבען די יסורים נישט געקענט אריבערטראגען און אנגעגעבען כלומר׳שט בעשטימטע שטעדט, וואו זיי האבען דעם גיפט אוועקגעלעגט. אויף דעם סמך זענען אלע יודען פון דער געגענד פערברענט געווארען. פון גענף האט זיך די געריכטליכע „ענטפלעקונג“ פונאנדערגעטראגען איבער גאנץ שווייצאריען און באלד האבען זיך דא אויך אבגעשפיעלט די זעלביגע סצענעס פון גריבער און שייטער-הויפענס. דער פויפסט האט זיך איצט נאכאמאל געווענדעט צו דער קאטוילישער וועלט און פשוט אריינגעלעגט אין חרם יענע, וואס פערמשפט׳ען אדער טויטען א יודען פאר דער פאלשער בעשולדיגונג. אבער אומזיסט! דאס קינד איז איבערגעוואקסען זיין ערציהער, דער פויפסט איז מעהר קיין אויטאריטעט נישט געוועזען.

נאכמעהר ווילד און אכזריות׳דיג איז צוגעגאנגען די יודישע פערטיליגונג אין דער הייליגער רוימיש-דייטשער מלוכה. דא האט אויך דער קייזער בפירוש בעפוילען נישט צו לאזען פאלען אפילו איין האר פון זיינע „קאמער-קנעכט“; ווער קען זיך עס אבער רעכנען מיט בעפעהלען דארט, וואו עס האנדעלט זיך וועגען מענשען, וואס האבען

פערגיפטעט אַלע ימ'ען, טײַכען, קוואלען, ברונעמס, פעלדער, לאַנקעס און אפילו — די לופט! בלויז געצעהלטע איינצעלנע קריסטען האָבען זיך געפונען, וועלכע זענען געווען גענוג ניכטער און קלאָר, אום צו פערשטעהן די גאַנצע לעכערליכקײַט פון אַזא מין בעשולדיגונג. אזעלכע האָבען זיך געפונען אין יעדער שטאָדט און זײַ האָבען ווירקליך געשיצט מיט אלע כחות די אונגליקליכע און נישט געלאָזען זײַ שלעכטס טאָן.

אין בענפעלדען (עלזאס) האָט די בעראַטונג וועגען יודען בעשלאָסען, זײַ, אמת, נישט צו פערברענען, נאָר צו פערטרײַבען פון לאַנד; עס איז אָבער דאָך דערבײַ נישט געבליבען און דער גרעסטער טײל יודען פון באַזעל, פרײַבורג און אַנדערע רהײַן-שטעדט זענען פערברענט אָדער אַזוי געטויט געוואָרען. אין שטראסבורג איז די גאַנצע קהלה — צווײַ טויזענד נפשות — גײַנגעזעצט געוואָרען אין געפענגניש און גלײַך אויף צומאָרגענס האָט מען די אונגליקליכע אוועקגעפיהרט אופ'ן יודישען בית עולם; דאָרט איז אויפגעשטעלט געוואָרען אַ הילצערנע געבײַדע, אין וועלכער זײַ האָבען אלע געטויט אַרײַנגעיאָגט, און דאַן האָט מען זײַ אונטערגעצונדען. נאָכדעם איז דאָס יודישע פערמעגען צוטײלט געוואָרען צווישען די בירגער, און דער מאַגיסטראַט האָט בעשלאָסען, אז אין אַ משך פון הונדערט יאָהר זאָל זיך אין שטראסבורג קײן איינציגער יוד נישט געפינען.

דאַן איז אָנגעקומען די רײַהע צו דער עלטסטער יודישער קהלה אין דײַטשלאַנד, צו וואָרמס (ווירמײַזא). דאָ האָבען די יודען גאָרנישט געקענט האָפען אַפילו אויף אַ שוץ פון קײזער, ווײַל ער האָט זײַ נאָך פריהער „אוועקגעשענקט" דער שטאָדט און די בירגער; די לעצטע האָבען אויף אַזא אופן געקענט טאָן מיט „זײַערע" יודען אַלץ, וואָס זײַער האַרץ האָט געגלוסט, אָהן אַ שום פעראַנטוואָרטליכקײַט, און זײַ האָבען אָהן גרויסע שהיות בעשלאָסען נאָכצוטאָן זײַערע חברים פון שטראסבורג. די יודען האָבען אָבער נישט געוואַרט אויף די תלינים — זײַ האָבען אַלײַן אונטערגעצונדען זײַערע הײַזער און זיך אַרײַנגעוואָרפען אין די פלאַמען. דאָס אײגענע איז פאָרגעקומען אויך אין אָפּענהײַם און פראַנקפורט-אַם-מײַן.

אָט די טויזענדער יודישע קרבנות האָבען נאָך נישט געשטילט אינגאַנצען דעם פאַרדיגען בלוט-דורשט, וואָס האָט זיך פונאַנדערגע-קאָכט אין די קריסטליכע מאַסען, און קוים איז די בלומר'שטע בעשולדיגונג פון גיפטמישערײַ עטוואָס אָבגעשוואַכט געוואָרען איז ענטשטאַנען

א נײַע בעוועגונג מיט נײַע לאָזונגען, וואָס האָט ווידער זיך אויסגע־לאָזען צו יודישע קעפּ. די מגפה האָט ארויפגעוואָרפען א פחד אויף די גלויביגע קריסטען און זײַ האָבען אָנגעהויבען זיך צו פערנעהמען מיט תשובה און פײַניגונגען. אין דײַטשלאַנד האָבען זיך געצויגען פון שטאָדט צו שטאָדט גאַנצע שאַרען פון האלב־נאַקעטע אסקעטען, וואָס האָבען, ווי די אמאָליגע כהנים פון אָבגאָט בעל, זיך געשלאָגען ביז צו בלוט און אין אלגעמײַן געפּײַניגט דעם קערפּער מיט אלערלײַ ענויים. די דאָזיגע ווילדע פּראָצעסיעס האָבען שטאַרק גע־ווירקט אויפ'ן פּראָסטען פאָלק און צוקאָכט אין איהם דעם רעליגיעזען פאַנאַטיזם, פּאַר וועלכען די זעלביגע „גיפטמישער״ זענען ווידער אויסגעוואַקסען אין דער געשטאַלט פון „אונגלויביגע״, פון „משיח־פּײַניגער״. פון די הײַליגע בעלי־תשיבות אלײַן זענען אויך געוועזען א סך, וואָס האָבען זיך מיט שטאָלץ אָנגערופען „יודענשלעגער״, און די גרויסע יודען־שחיטה אין פראַנקפורט איז כמעט אינגאַנצען זײַער אַרבײַט געוועזען. פון פראַנקפורט האָבען זיך די הײַליגע געלאָזען קײַן מײַנץ, דאָ איז אָבער זײַער פּלאַן עטוואָס געענדערט געוואָרען. די מײַנצער יודען האָבען בעשלאָסען נישט אָוועקצוגעבען זײַערע לעבענס אומזיסט, און בעגעגנענדיג דער ווילדער מחנה מיט געוועהר אין די הענד, האָבען זײַ פון איהר אויסגעטויט ביז צוויי הונדערט מאַן. אָט די „הוצפה״ האָט, נאַטירליך, נאָכמעהר אויפגערײַצט דער קריסטליכער בעפעלקערונג, און עס האָט זיך פונאַנדערגעקאָכט א בלוטיגער קאַמפּף אויף לעבען און טויט, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט'ן נצחון פון די קריסטען. דעמאָלט ערשט האָבען די בעזיגטע — זעקס טויזענד נפשות — זיך פערמאַכט אין זײַערע הײַזער און זײַ אונטערגעצונדען. אינ'ם זעלביגען טאָג איז אויך קעלן בעפאַלען געוואָרען, און נישט קוקענדיג אויף דער שטיצע פון בירגער־מײַסטער זענען אלע יודען פון שטאָדט אומגעקומען. אין שוואַבען און בײַערן זענען אויף דעם זעלבי־גען אופן חרוב געוואָרען כמעט אלע יודישע קהלות.

אויסער דײַטשלאַנד זענען די אויסברוכען געוועזען פערהעלטניס־מעסיג מענשליכער. דער אונגאַרישער קעניג, לודוויג, האָט אין דער זעלביגער צײַט ארויסגעטריבען די יודען פון זײַן לאַנד, אמת, נישט אלס גיפטמישער, נאָר אלס אונגלויביגע. אין פּוילען, וואו די מגפה האָט אויך שטאַרק געבושעוועט, האָבען די יודען כמעט נישט גע־ווּאוסט פון קײַנע פערפאָלגונגען, ווײַל דער דעמאָלטיגער קעניג,

קאזימיר דער גרויסער, האט זיי געשיצט. קאזימיר האט בעשטעטיגט פאר יודען די פריווילעגיעס, וואס זיי האבען בעקומען פון באלעסלאוו דעם פרומען, און בכלל ארויסגעגעבען פאר זיי זעהר גינסטיגע געזעצען. דער גרויסער „העררשער פון די פויערן און ארימע לייט" האט געקוקט אויף יודען, ווי אויף א לעבעדיגען מלוכה-קאפיטאל, וואס פערדיענט נישט בלויז שוץ, נאר אויך אכטונג. „יודען — זאגט זיך אין איין ערקלערונג פון זיין סטאטוט — מוזען זיין די געלד-מענשען און אלס אייגענטום פון דער מלוכה, דארפען זיי איהר שטיצען מיט געלד, ווען זי נויטיגט זיך אין דעם". ווענען דעם זעלביגען קעניג דערצעהלט זיך, אז ער האט זיך פערליעבט אין א יודיש מעדעל פון אפאטשנא (נעבען סאנדאמירזש), מיט'ן נאמען אסתר, צוליעב וועלכער ער האט פערלאזען זיין פריהערדיגער בעהמישער געליעבטער. אסתר זאל האבען געלעבט פריהער אין איהר געבורטסשטאדט און דערנאך אין דעם שלאס לאבזאווא ביי קראקא, וואו זי האט דעם קעניג געבוירען צוויי זיהן מיט צוויי טעכטער.

אויף דער מערב-זייט פון דייטשלאנד, אין בעלגיען, זענען די יודען בעת דער שווארצער מגפה שטארק פערפאלגט געווארען. אין בריסעל זענען די אנגעקומענע „קרושים" בעפאלען אלע יודישע הייזער, ארויסגעטריעבען די איינוואוינער אין גאס און דארט זיי אלע (בּיז פינפהונדערט מאן) אויסגעטויט. די געליטענע קהלות זענען אבער אויך נישט זיכער געוועזען פון א צווייטען איבערפאל, און דאס האט זיי געצוואונגען צו טראכטען וועגען אנגעהמען מיטלען. אין אראגאניען, למשל, האבען די יודען געזאלט צונויפזאמלען אנ'אלגעמיינעס געלד-פאנד אויפן פאל פון א פאלקס-אונגליק; זיי האבען געוואלט אויספועל'ן א זיכערע שטיצע פון קעניג און פון פויפסט. פון די פלענער איז אבער גארנישט געווארען און די יודען זענען, ווי ביז אהער, אויך ווייטער געבליעבען הענגען צווישען שרעק און האפנונג.

אונטער דער צייט איז אין די לענדער, וואו די ערד איז נאך פייכט געוועזען פון'ם פערגאסענעם יודישען בלוט, פארגעקומען עטוואס מערקווירדיגעס: מ'האט אנגעהויבען זוכען יודען און זיך רייסען פאר זיי. די דריי הונדערט שטעדט, וואס האבען זייערע יודען פערברענט און זיך פערשוואוירען אויף הונדערטער יאהרען, נישט אריינצולאזען מעהר ביי זיך קיין איינציגען פון דער פערשאלטענער אומה, — האבען זיך מיט אמאל ארומגעזעהען

אַז זײ קענען אָהן די דאָזיגע „פערשאָלטענע" יודען נישט אויסקומען. די יודישע פערניכטונג האָט אויך דאָס לעבען פון לאַנד אָבגעשטעלט: עס איז אָבגעשטאָרבען דער האַנדעל, קײנע אונטערנעהמונגען האָבען נישט געקענט אויספיהרט ווערן צוליעב מאַנגעל אין געלד און דערצו האָבען זיך שטאַרק פערקלענערט די מלוכה-אָבצאָהלען. דאַן האָט זיך אָנגעהויבען אַ קאַמפף צווישען די פירשטען, מאַגיסטראַטען און בישאָפען: יעדערער האָט געוואָלט „האָבען יודען", האָבען בײַ זיך וואָס מעהר פון דעם מענשען-קאַפּיטאַל, וואָס ברענגט אַזוי פיעל הכנסה. דער בישאָף פון אויגסבורג האָט זיך משתדל געווען בײַם קײזער קאַרל IV, ער זאָל איהם ערלויבען „צו האַלטען יודען און זײ אויפצונעהמען". דאָס זעלבע האָבען געטאָן אויך די קורפירשטען, נאָר אַנשטאָט זיך משתדל צו זײַן, האָבען זײ פּעסט געפאָדערט דאָס רעכט, צו קענען בעזיצען „קאַמער-קנעכט", — דאָס רעכט, וואָס האָט ביז אהער געהערט בלויז צום קײזער אַלײן. און קאַרל האָט געמוזט נאָכגעבען: ער האָט אין דער בעריהמטער „גאָלדענער בוללע" פון יאָהר 1355 נאָכגעגעבען די פאָדערונג פון זיבען דײַטשע קורפירשטען, צו מעגען עקספּלאָאַטירען די נאַטירליכע אוצרות פון זײער ערד (גאָלד-, זילבער- און אנדערע מינעס) און אויך „צו האַלטען יודען". צו די מעטאַל-גריבער און אנדערע נאַטור-אוצרות האָט זײ דער קעניג, הײַסט עס, צוגעגעבען נאָך אַ מקור פון עשירות: יודען. די קלענערע פירשטען, דאַגעגען, און די מאַגיסטראַטען האָבען דאָס רעכט נישט געהאַט: „זײערע" יודען זענען, ווי פריהער, געבליבען „קאַמער-קנעכט" פון קײזער.

דאָס אײגענע איז פאָרגעקומען אויך אין פראַנקרײַך. אויך דאָ האָבען די הערשער געזוכט אַרײַנצוברענגען די יודען צוריק אין'ם לאַנד, אום עס צו ראַטעווען פון אַ שרעקליכען קריזיס. די יאָהרען-לאַנג דויערנדע מלחמות מיט ענגלאַנד האָבען פעראָרימט דער מלוכה-קאַסע און דאָ איז נאָך דער קעניג אַלײן (יאָהאַן) געפאַנגען געוואָרען פון די ענגלענדער. בײַ אַזאַ לאַגע איז גאַנץ נאַטירליך, אַז דער יונגער רעגענט האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן יודען, ווי אָן די אײנציגע רעטער. ער האָט געפונען אַ יודען מיט'ן נאָמען מנשה (מאַנעסיע) דע וועזו, וועלכער האָט איהם געהאָלפען אָנפילען צוריק די פראַנצויזישע שטעדט מיט יודישע אײַנוואוינער, — די זעלבינע שטעדט, פון וועלכע יודען זענען אין אײנע פופציג יאָהר פריהער פערטריבען, צוריקגערופען און ווידער פער-

טריִבען געוואָרען. איצט איז דער אָבמאַך געשלאָסען געוואָרען אויף צוואנציג יאָהר; יודען האָבען גענומען זיך בעזעצען, וואו זיי ווילען, בעזיצען אייגענע נחלאות, האַנדלען און זיך פריי בעוועגען איבערן גאַנצען לאַנד. נאָר צאָהלען האָבען זיי געדאַרפט אַ סך צאָהלען; אויסער דעם שטייער (14 גולדען פון פאָטער און צו איין גולדען פון יעדען פאַמיליענגליעד) ביים אָנקומען, האָט נאָך יעדע פאַמיליע געהאַט צו צאָהלען אויך אַ יעהרליכען קאָפּ-שטייער. דערפאַר זענען זיי גישט געשטאַנען אונטער דעם ווילקיר פון די אַלגעמיינע געריכטען, נאָר געהאַט אַ אייגענעם הויפּט-שופט — אַ פּרינץ פון דער קעניגליכער פאַמיליע. די קלענערע משפטים זענען פאָרגעקומען פאַר אַ יודישען בית-דין פון עטליכע דיינים מיט עטליכע בייזיצענדע. די יודען זענען גאַראַנטירט געוואָרען פון געוואַלט-מעשים אויך מצד דעם אַדעל און די גייסטליכע; קיינער האָט נישט געטאָרט טשעפּען זיך צו זייערע ספרים און אויך נישט צווינגען זיי, אויסצוהערן זיינע מיסיאָנערישע דרשות. בעזונדער זענען געשעצט געוואָרען די יודישע רעכט אין האַנדעל: זיי האָבען גענומען פערלייהען געלד ביז אויף אַכציג פּראָצענט, געהמען משכנות און בכלל מאַכען אַלערליי געלד-אָפּעראַציעס.

נאַטירליך, האָבען די דאָזיגע פּריוויליעגיעס גופא שוין געשאַפען אַ באָרען פאַר אַלערליי רייבונגען און פיינדשאַפטען מצד די פערשידענסטע שיכטען פון פאָלק, און די מלוכה האָט געפּרובט עטליכע מאָל אָבנעהמען אייניציגע פון די יודישע זכיות; נאָר ווען קאַרל V איז אַרויף אויף דעם פראַנצויזישען טראָן, האָט ער פערלענגערט דעם טערמין פון יודישען וואוין-רעכט אין פראַנקרייך און ביי דער געלעגענהייט חידער בעפעסטיגט אַלע זייערע פריהערדיגע פּריוויליעגיעס. ער האָט זיך זאָגאַר אָפען געשטעלט אויף דער זייט פון די יודען געגען דער קירך, און אין דער צייט, ווען די גייסטליכע האָבען אַריינגעלעגט אין חרם יעדען קריסט, וואָס גיט אַ יודען אַ טרונק וואַסער אָדער פערקויפט איהם עפּעס, — האָט קאַרל בעפוילען זיינע בעאַמטע שטרענג צו בעשטראָפען יעדען, וואָס וועט אַ יודען בעליידיגען אָדער שלעכטס טאָן.

אַזוי האָבען די יודען אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך אויפגעלעבט עטוואָס נאָך דעם נאָר-וואָס איבערגעלעבטען חורבן. זייער גייסט איז אָבער נאָך אַלץ טויט געווען; אין פראַנקרייך זענען געווען בלויז געצעהלטע רבנים, וועלכע זענען איבערגעוואַקסען די גרענעצען פון

זייערע קהלות. פון זיי איז דער בעדייטענדסטער געוועזן ר׳ מתתיהו בן יוסף הפרובנסי. ער איז פון קעניג אזוי געאכט געוועזן, אז איהם מיט זיין גאנצער פאמיליע איז ערלויבט געוועזן, זיך צו קליידען אהן דעם בעשטימטען יודען-צייכען. ר׳ מתתיהו האט א סך אויפגעטאן פאר׳ן פראנצויזישען יודענטום; ער האט געגרינדעט א ישיבה אין פאריז, וואו ס׳זענען ערצויגען געווארען רבנים פאר אלע קהלות פון לאנד, און דערצו האט ער געלאזען פונ׳ם ניי קאפירען א גרויסע צאהל עקזעמפליארען פון תלמוד, וואס איז, איבער די אפטע קאנפיסקאציעס, שוין געווארען א יקר המציאות. פאר די פערדיענסטען איז ער מיט דער צייט בעשטימט געווארען אלס רב הכולל פון גאנץ פראנקרייך.

אין דייטשלאנד האבען די שרעקליכע שחיטות אויך צוגענומען די בעסטע גייסטיגע קרעפטען פון דעם יודישען קבוץ. עס איז נישט געבליבען כמעט קיין איינציגער, וואס זאל קענען דיענען פאר אנ׳אויטאריטעט בנוגע צו אלע פראגען פון דעם רעליגיעזען לעבען, און אזוי ווי די צייט האט איצט גראד ארויסגערופען א סך זעהר פערוויקעלטע שאלות (וועגען די איבערגעבליבענע עגונות א. ג. א.), האבען די רבנים ארגאניזירט א צוזאמענפאהר, וואס האט בעשטעטיגט פיעל בעשטימונגען פון די פריהערדיגע צייטען און ארויסגעגעבען נייע (תקנות שו״ם, 1381). די זעלביגע גייסטיגע ארימקייט פון דייטשען יודענטום האט געבראכט אויך צו דער תקנה פון דעם וויענער ר׳ מאיר בן ברוך הלוי (געשט. 1390), אז קיינער טאר נישט אויסאיבען די פונקציעס פון א רב (פסק׳נען שאלות, מסדר זיין קדושין און גט׳ין א. א. וו.) איידער ער בעקומט סמיכה — מיט׳ן טיטול מורנו — פון א אנערקענטען גדול.

מיט וועניגער צרות ווי אומעטום איז דער שווארצער טויט אריבער פאר די יודען פון שפאניען; געבילדעטער און פון אלטע יאהרען ענג צוזאמענגעלעבט מיט יודען, איז דא דער בעפעלקערונג גארנישט איינגעפאלען אפילו חושד צו זיין די יודישע מיטבירגער אין אזא שענדליך-נארישען פערברעכען. דערפאר האט דא די מגפה נופא צוגענומען פיעל אנגעזעהענע יודישע קרבנות, צווישען זיי אויך די פאמיליעס אבולפיא, אבן-שושן און אשרי (די אייניקלעך פון רא״ש).

א קרבן פון דער מגפה איז געוועזן אויך דער קאסטילישער

קעניג, אַלפאָנס XI, און אונטער דער הערשאַפט פון זיין יורש דאָן פּעדראָ (1350—1360) איז דער יודישער איינפלוס נאָך גרעסער געוואָרען. דאָן פּעדראָ האָט געהאַט געגען זיך דעם פּאַפּסט'ס אונגע־זעצליכע פרוי מיט איהרע צוויי זיהן, וועלכע האָבען איהם מיט זיין מוטער שטאַרק געראָדפ'ט; ער האָט דעריבער געמוזט אָנווענדען געגען זיי שאַרפע מיטלען און דערפאַר האָט ער בעקומען ביטערע שונאים אין די קרייזען פון שפּאַנישען אדעל און אויך דעם ביינאָמען „דער גרויזאַמער". די יודען, דאַגעגען, צוזאַמען מיט די ברייטע מאַסען פון פאָלק זענען געווען מיט לייב און זעעל איבערגעגעבען דעם געביל־דעטען הערשער, חאָטש זיי איז נישט איין מאָל אויסגעקומען צו ליידען דערפאַר.

דאָן פּעדראָ'ס לעהרער אין דער שפּאַנישער פּאָעזיע איז געווען דער יודישער דיכטער שם טוב (סאַנטאָס) דע קאַריאָן (1300—1350). דאָס איז געווען אַ שענגייסטיגער און בעגאַבטער דיכטער, וואָס האָט איבערגעלאָזען נאָך זיך אַ רייכע ירושה אין דער שפּאַנישער ליריק פון יענער עפּאָכע. דער צווייטער אָנגעזעהענער יוד אין הויף איז געווען דער שאַצמייסטער און פריוואַט־סעקרעטאַר פון קעניג דון שמואל בן מאיר הלוי פון די אַבולפיאַ'ס. ער האָט זיך בעטייליגט אין די וויכטיגסטע בעראַטונגען וועגען אַלערליי מלוכה־פראַגען און צו זיין מיינונג האָט מען זיך שטענדיג צוגעהערט. דאָן פּעדראָ האָט געהאַט אויך אַ יודישען לייב־אַרצט און אַסטראָלאָג, אברהם אבן־צרצל, און בכלל איז ער געווען אַרומגערינגעלט פון אַזוי פיעל יודען, אַז די שונאים האָבען חוזק געמאַכט פון זיין „יודישען" הויף. און אפשר אונטער דעם איינפלוס טאַקע פון די יודישע מקורבים האָט דער קעניג אַרויסגעוויזען יודען אַ בעזונדער האַרציגע פריינדשאַפט. ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל געעפענט דעם אַדעלס־פּאַרלאַמענט (קאָרטעס) אין וואַלאַדאָליד (מאַי 1351), האָבען די דעפּוטאַטען פון איהם פערלאַנגט, ער זאָל אונטערדריקען די יודישע געריכטען און נישט לאָזען זיי מעהר בעשטימען קיין אייגענע שופטים; אויף דעם האָט דאָן פּעדראָ געענט־פערט, אַז די יודען, אַלס אַ שוואַכע קליינע אומה, מוזען האָבען אַ בעזונדער שוץ: די קריסטליכע ריכטער וועלן זיי נישט יושר'דיג משפט'ען אָדער פערשלעפּען זייערע פּראָצעסען.

דאַן איז פאָרגעקומען אַ סכסוך איבער דעם קעניג'ס שדוך, וואָס האָט בעדייטענד פערערגערט די לאַגע פון דער יודישער בעפעלקערונג.

די אריסטאקראטען פון הויף האבען דעם יונגען קעניג דורכאוים געוואלט פערבינדען מיט דער פראנצויזישער הערצאגין בלאנקא, און אין דער צייט האט זיך דער קעניג אליין שטארק פערליבט אין א שפאנישער אדעל-פרייליין מאריא דע פאדילא. דער פערליבטער קעניג האט אין אנהויב זיך אונטערגעגעבען דער פאליטיק און חתונה געהאט מיט דער פראנצויזישער הערצאגין; ער האט אבער מעהר ווי צוויי טעג נישט געקענט מיט איהר זיין. דאן האט אויסגעבראכען א שארפער פארטיי-קאמפף: איינע האבען געהאלטען פאר דער פערשטויסענער קעניגין און די אנדערע פאר מאריא דע פאדילא. דערביי זענען די יודען געשטאנען אויפן צד פון דער לעצטער, ווייל זיי האבען זיך דערוואוסט, אז אין דער קורצער צייט, וואס די פראנצויזישע הערצאגין האט פערבראכט אינ'ם שפאנישען הויף, האט זי זיך פעראייניגט מיט די יודענפיינד און אפילו שוין געטראכט וועגען ארויסטרייבען אלע יודען פון שפאניען. די יודישע הויף-לייט האבען אלזא אלע זיך פעראייניגט מיט'ן קעניג, און בעזונדער האט דא געשפיעלט א גרויסע ראליע דון שמואל הלוי. ער האט בעקומען אין זיין רשות כמעט די גאנצע הנהגה פון דער מלוכה און נישט פערלאזען דעם קעניג אין די גוטע, ווי אין די שלעכטע צייטען. איינמאל האבען די שונאים פערנארט דעם קעניג מיט זיין יודישען יועץ אין א פעסטונג און זיי דארטין געדראהעט צו טויטען; דון שמואל'ן איז אבער געלונגען ארויסצוראטעווען זיך מיט זיין הערשער פון דער געפאנגענשאפט, און ווען עס האט דערנאך אויסגעבראכען א בלוטיגער בירגער-קריעג האבען די יודען פערטיידיגט טאלעדא מיט זייערע לעצטע כחות און אויף אזא אופן דערהאלטען פאר דאן פעדרא דעם קאסטילישען טראן. דאס האט דעם קעניג נאכמעהר פערפליכטעט געגען זיין יודישען פריינד און ער האט איהם אויפגעהויבען איבער אלע שפאנישע גראנדען הן אין מאכט, הן אין עשירות.

וואס ס'געהערט ספעציעל צו יודען, האט דער דאזיגער נשיא קיין שטארקע ווייטזיכטיגקייט נישט ארויסגעוויזען. ער האט בעשיצט די יודישע זכיות און זיי איבערגעגעבען פערשיעדענע מלוכה-פאסטענס, קיין נייע קולטור-צענטערן האט ער אבער נישט געגרינדעט און בכלל זיך ווייניג אינטערעסירט מיט פראגען פון גייסט. דאס איינציגע,

וואָס דון שמואל האָט געלאָזען נאָך זיך פאַר דאָס קאַסטיליִשע יודענטום, איז געווען אַ נעץ פון נייע שענע שוהלען. די פּרעכטיגע שוהל אין טאָלעדאָ, וואָס איז נאָך ביז היינטיגען טאָג אַ ציערונג פאַר דער שטאָדט (אַלס קירך), איז געבויט האַלב אין גאָטישען, האַלב אין מוירישען סטיל, ווי די מערסטע שפּאַנישע קירכען פון יענער עפּאָכע. הינטער פיינגעשניצטע אַראַבעסקען איז אויף איין גרינער וואַנט אויס־געקריצט מיט ווייסע, בולט'ע אותיות דאָס גאַנצע אַכציגסטע קאַפּיטעל פון תהלים, און די דרום- און צפון-זייטען זענען פול מיט קונציגע אויפשריפטען, וואָס פערהערליכען די פערדיענסטען פון דעם נשיא דון שמואל בן מאיר הלוי. די קהלה דאַנקט אין די אויפשריפטען דעם „אַלמעכטיגען גאָט, וואָס האָט נישט אָבגעטאָן קיין גנאָד פון זיין פאָלק און אויפגעשטעלט גרויסע מענער, וואָס זענען איהם מציל פון פיינדליכע הענד. אויב ישראל האָט נישט מעהר קיין קעניג, האָט גאָט דאָך אויסדערוועהלט איינעם פון זיין פאָלק, איהם געגעבען ליַיט־זעליגקייט אין די אויגען פון קעניג דאָן פעדראָ(מיט גרויסע בוכשטאַבען), וועלכער האָט איהם איבער אַלע גרויסע דערהויבען, געמאַכט פאַר'ן יועץ פון זיין מלוכה און אָבגעגעבען כמעט אַ קעניגליכען כבוד". צום סוף ווערט דאָ אויסגעדריקט דער וואונש, אַז דער גרויסער שר דון שמואל זאָל זוכה זיין צו דערלעבען די ערוואַרטעטע אויפבויאונג פון בית המקדש און דאָרט מיט זיינע זיהן בעדיענען די כהנים ביי דער עבודה (אַלס לוי).

די לעצטע ברכה האָט אַ שטיקעל שיכות צו די פערשיעדענע נאָהנטע קצים, וואָס זענען אין יענער צייט אויסגערעכענט געוואָרען: כמעט יעדער מקובל האָט ענטפלעקט אַ נייעם קץ *), און זיך געשטיצט דער־ביי אויף אַנאַנדער פּסוק אָדער אויף אַנאַנדער רעכנונג. די מעהר ווייט־זיכטיגע גדולים האָבען פערשטאַנען, אַז אַזעלכע משיח-חשבונות קענען ברענגען צו טרויעריגע פאָלגען, און בעזונדער איז געגען די מחשבי־קצין (קץ-רעכ'נער) אַרויסגעטרעטען דער תלמודישער גאון ר' נסים בן ראובן גערונדי פון באַרצעלאָנאַ (דער ר"ן, 1340—1380). ער האָט אָנגעוויזען אויף דעם, אַז די ענטטוישונג נאָך די אַלע

*) קץ—ענדע, משיח'ס צייטען. אַ מעהר דייטליכער רמז אויפ'ן קץ געפינט זיך אינ'ם ביבלישען ספר דניאל און אויף דעם האָבען זיך בעצויגען אַלע חשבונות.

חשבונות, אויב זיי וועלן זיך נישט פערווירקליכען, קען ברענגען צו פאלשטענדיגער כפירה און פערצווייפלונג.

און פון די האפנונגען איז ווירקליך גארנישט געבליבען—דער שטערן פון דעם גרויסען שר איז אויך באלד אויסגעלאשען געווארען. דעם קעניג׳ס ברידער, די קעניגין בלאנקא און דער גאנצער אדעל—אלע האבען זיך פעראייניגט אין קאמפף געגען דעם יודישען קאנצלער, און זיי האבען מיט זייערע מסירות די זאך אזוי ווייט געבראכט, אז דאן פעדרא האט געלאזען איינזעצען שמואל׳ן אין געפענגעניש און קאנפיסקירען דאס גאנצע פערמעגען פון איהם מיט זיינע קרובים, וואס האט בעטראפען א אונגעהויערע סומע. כדי ארויסצובעקומען פון שמואל׳ן ידיעות וועגען זיינע בעהאלטענע געלדער, האט מען איהם אין געפענגעניש שטארק געפייניגט און דערפון איז ער געשטארבען.

די בעציהונג פון קעניג צו די יודען פון לאנד איז פון דעסטוועגען געבליבען נישט געענדערט, און די גרעסערע פון זיי האבען ווידער בעקומען גרויסע אויסצייכנונגען. דאס האט די יודענפיינד ווידער אויפגערייצט געגען קעניג און זיי האבען אנגעווענדעט אלע מעגליכע מיטלען, איהם צו בעזייטיגען. אונטער דער צייט איז דאן פעדרא׳ן איינגעפאלען, צו לאזען טויטען דער קעניגין בלאנקא און דאס האט גלייך אויסגענוצט זיין נישט-כשר׳ער ברודער, הענריך דע טראסטאמארא. ער איז אוועק קיין פראנקרייך און בעקומען אויף זיין צד דעם פראנצויזישען קעניג מיט די בורבאנען. דאן האט ער געוואונען פאר זיך אויך דעם פויפסט, פאר וועלכען ער האט ערקלערט, אז מאריא דע פאדילא איז א יודישע טאכטער, אז דאן פעדרא אליין שטאמט אויך פון יודען און אז ער האט די גאנצע מלוכה איבערגעגעבען יודען.

אזוי האט הענריך בעפעסטיגט זיין פאזיציע פון אלע זייטען און ענדליך איז ער מיט א געדונגענער מחנה אריבער די שפאנישע גרענעץ און איינגענומען דעם שפאנישען טראן. בעת דעם בירגער-קריעג האבען די יודען פערטיידיגט „זייער” קעניג מיט געלד און בלוט; דערפאר האט זיי הענריך איצט בעשטראפט מיט א גרויסער סומע געלד. אין א קורצער צייט ארום האט זיך דער העלדענמוטיגער פרינץ פון אועלס איינגעשטעלט פאר׳ן פערטריבענעם געזעצליכען קעניג און איהם צוריק אומגעקעהרט די שפאנישע קרוין (1367). באלד האט אבער הענריך זיך ווידער אריינגעריסען אין לאנד און די

מלחמה האָט זיך פונ'ם נײַ פונאַנדערגעקאָכט. און ווידער האָבען די יודען זיך אָנגענומען פאַר זײַער הערשער: זיי זענען איהם ביז דער לעצטער מינוט טרײַ געבליעבען, ווערענד די קריסטליכע בירגער פלעגען מיט פרייד עפענען פאַר הענריך'ן די טויערן פון זייערע שטעדט.

ווען דער קריעג האָט זיך געענדיגט, האָט הענריך נאָכאַמאָל אַרויפגעלעגט אַ אונגעהויערע קאָנטריבוציע אויף די יודישע קהלות, און די קריסטליכע בעפעלקערונג האָט זיך מיט דעם נישט בעגניגענט. זי האָט פערלאַנגט פון קעניג, ער זאָל קיין איינציגען יודען נישט בעשטימען אויף וועלכען ס'איז אָנשטענדיגען פאָסטען, אפילו אויך נישט פאַר קיין לייב-דאָקטאָר. הענריך האָט אָבער מורא געהאַט אַזאַ שריט צו מאַכען; ער האָט נאָר צוגעזאָגט, אַז ער וועט די יודישע בעאַמטע נישט געבען צופיעל מאַכט אין הויף.

אונטער דער צייט האָט דאָן פעדראָ אויך נישט גערוהט. ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט נאָך אין לאַנד אַ שטאַרקען צד פאַר זיך אין דער יודישער בעפעלקערונג, און נאָכדעם ווי דער פרינץ פון אועלס (דער שוואַרצער פרינץ) האָט איהם געלאָזען אין שטיך, האָט ער זיך פערבונדען מיט'ן מחמד'נישען הערשער פון גראַנאַדאַ. אָט די לאַנגע אַרומרייסענישען האָבען דער יודישער בירגערשאַפט פון קאַסטיליען אוועקגעשטעלט צווישען צוויי פייערן. דאָן פעדראָ'ס שטיצער האָבען געקוקט אויף די יודען, ווי אויף הענריך'ס הפקר-בירגער און הענריך'ס סאָלדאַטען — ווי אויף איבערגעגעבענע פריינד פון דאָן פעדראָ. אַזוי האָבען די ענגלענדער חרוב געמאַכט עטליכע יודישע קהלות (ווילאַ-דיעגאָ און אַגולאַר), די מחמד'נער האָבען דרײַ הונדערט יודישע פאַמיליעס אוועקגעפיהרט אַלס געפאַנגענע קיין גראַנאַדאַ, און בעת דער בעלאַגערונג פון טאָלעדאָ איז די יודישע קהלה כמעט אינגאַנצען פערניכטעט געוואָרען פון הונגער און קריעגס-אונגליקען.

געענדיגט האָט זיך דער ברודער-קאַמפף מיט דאָן-פעדראָ'ס טויט. איהם האָט הענריך געטראָפען און אין פנים געשליידערט די בעליידיגונג: „וואו איז ער דער יוד, דער זוהן פון אַ שאַנד-פרוי, וואָס רופט זיך קעניג פון קאַסטיליען!" די ברידער האָבען זיך דאַן גענומען ראַנגלען איינער מיט'ן אַנדערן און הענריך איז אַרויס דער זיעגער. ווען דער פויפסט (אורבאַן V) האָט בעקומען די ידיעה וועגען דאָן-פעדראָ'ס טויט, האָט ער מיט פרייד אויסגערופען: „די קירך דאַרף זיך פרעהען איבער דעם טויט פון אַזאַ טיראַן, פון אַזאַ רעוואָלוציאָנער געגען

קריסטענטום און בעשיצער פון יודען און מחמר'נער". די קירך האט זיך ווירקליך געמענט פרעהען: די קאסטיליישע יודען האט מיט דאן-פעדראָ'ס טויט פערלוירען זייער אָנזעהען און פון דער צייט הויבט זיך איינגענטליך אָן זייער ירידה.

דערוויל האט הענריך איבערגענומען די ממשלה איבערן לאנד און די יודען האבען זיך געפונען אין א שווערער לאגע. טויזענדער פון זיי זענען אומגעקומען בעת דעם לאנגיעהריגען קריעג און די איבער-געבליבענע זענען געווען שרעקליך פעראָרימט; דערצו האבען זיי שטארק מורא געהאט פאר דעם נייעם הערשער: צי וועט ער זיך איצט נישט נוקם זיין אָן זיי פאר זייער קעמפפען נעגען איהם? און ער האט דאָך דעם פויפסט אזוי פיעל הבטחות געגעבען, צו בעהאנדלען יודען לויט די קאנאנישע געזעצען. די מורא האט זיך אָבער ארויסגעוויזען פאר נישט בעגרינדעט; נאָך די אלע הבטחות, וואס הענריך האט געגעבען, האט ער דאָך נישט געקענט אויסקומען אָהן יודען, אזוי ווי עס האבען נישט געקענט אויסקומען אָהן זיי די דייטשע און פראנצויזי-שע מלכים. די יודישע פינאנץ-פערוואלטער, ווי די יודישע קאפיטא-ליסטען בכלל, זענען געווען כמעט די איינציגע שטיצע פון דעם דעמאָלטיגען מלוכה-מעכאניזם, און הענריך האט זיך אין זיי נאָך מעהר גענויטיגט, ווי אלע איבריגע הערשער. ער האט די גאנצע צייט געהאלטען א געדונגענע מחנה, וואס האט איהם ארייננעצויגען אין אונגעהויערע חובות, דאס לאנד איז שרעקליך פעראָרימט געוואָרען, קיין רעגעלמעסיגע הכנסות זענען נישט געווען, — ווער-זשע דען, אויב נישט יודען, האבען איהם דאָ געקענט העלפען? הענריך האט דעריבער גלייך געענדערט זיין טאקטיק, און אָנשטאָט זיך צו טשעפען צו די בעזיגטע יודען, האט ער זיי כלומר'שט געחנפה'ט פאר דער נאָבע-לער איבערגעגעבענקייט, וואס זיי האבען ארויסגעוויזען בנוגע צו זייער קעניג. דאן האט ער אויך בעשטימט צוויי יודען פון סעווילא אויף הויכע מלוכה-פאָסטענס, און איינעם פון זיי, **דון יוסף פיכון**, געמאכט פאר'ן אויבער-שטייער-אויפנעהמער פון לאנד. צו די צוויי גרויסע שרים זענען באלד צוגעקומען נאָך פיעל קלענערע בעאמטע, וואס האבען ווידער פול געמאכט דעם הויף און די גאנצע אדמיניס-טראציע, און דאס האט ארויסגערופען א שטארקען צאָרן מצד דער קריסטליכער בעפעלקערונג. די פאלקס-פערזאמלונג אין טאָראָ (1371) האט זיך בעקלאָגט פאר'ן קעניג אויף דעם „שלעכטען און חוצפה'דיגען

שטאם", אויף די פיינד פון גאט און קריסטענטום, וועלכע פערנעהמען אלע אמטען, האבען אין זייערע הענד די ארענדע פון אלע שטייערן און האלטען אויף אזא אופן די קריסטען אין אפהענגיגקייט און מורא. אויף דעם סמך האבען זיי געפאדערט, אז די יודען זאלען נישט צוגעלאזען ווערן צו קיין אמט, נישט וואוינען מיט קריסטען צוזאמען, נישט רייטען אויף מויל-אייזלען, נישט אנרופען זיך מיט קריסטליכע נעמען און דורכאויס טראגען דעם בעשטימטען „ציילען". פון די פארגעלעגטע בעשרענקונגען האט הענריך אנגענומען נאר צוויי: די קאסטיליאנישע יודען האבען געמוזט אנהויבען טראגען די שענדליכע „לאטע" און פון די קריסטליכע נעמען האבען זיי זיך געמוזט אבזאגען. דאס איז געווען נישט אזוי וויים א מאטעריעלער, ווי א מאראלישער קלאפ; די שטאלצע יודישע גראנדען זענען געווארען בירגער פון צווייטען ראנג, און צוגלייך מיט אלע יודען אין די קריסטליכע לענדער האבען זיי אויך געמוזט טראגען אויף זיך א אויסערליכען שאנד-ציילען.

הענריך האט געמאלט דער קירך נאך פיעל אנדערע הנחות. לויט זיין בעפעהל האבען די יודען זיך נישט געטארט אבזאגען צו דיספוטירען מיט קריסטליכע מיסיאנערען, ווען יענע האבען עס פערלאנגט, און צוויי געשמד'טע יודען האבען באלד גענומען אייננארדנען די דאזיגע געצוואונגענע רעליגיאנס-געשפרעכען אין פערשידענע קאטילישע שטעדט. ווען די געשפרעכען האבען קיינע נוצען נישט געבראכט, האבען די משומדים ארויסגעפאדערט יודען אויף א עפענטליכען ויכוח אין אווילא (1375), וואוהין עס זענען זיך צונויפגעקומען פיעל קריסטען און מחמר'נער. דאס מאל איז דער פארשטעהער פונ'ם יודישען צד געווען דער דאקטאר ר' משה הכהן דע טארדעסילאס, — דער זעלביגער, וועלכער איז בעת דעם בירגער-קריעג בערויבט און פערוואונדעט געווארען פון א קריסטליכער באנדע. ער האט זיך אבער געהאלטען זעהר רוהיג און מיט קורצע תשובות אבגעשלאגען די טענות פונ'ם משומד יאהאן (פון וואלאדאליד), וועלכער האט פון דער תורה דערוויזען די דאגמען פון קריסטענטום. דאס איינענע איז געווען אויך מיט'ן צווייטען, וועלכער האט די זעלביגע דאגמען דערוויזען פון תלמוד. שפעטער האט ר' משה פערעפענטליכט זיינע תשובות אין א בעזונדער ספר און ביי דער געלעגענהייט זאגט ער אן, מ'זאל זיין זעהר פארזיכטיג ביי אזעלכע פאלען און זיך נישט ארויסהאפען מיט קיין צו-שארפע אויסדריקען, וויל „די קריסטען קענען

מיט'ן פויסט צווינגען, אנצונעהמען זייערע אמת'ען.

כמעט אין איין צייט מיט ר' משה הכהן האט אנאנדער שפאני־שער יוד, ר' שם טוב בן יצחק שפרוט, אויך פערפאסט א פאלעמיש ווערק געגען קריסטענטום. אין דעם ספר האט ר' שם טוב אויפגע־טאן א ווילכטיגע זאך: כדי די יודען זאלען נישט פרעמד זיין פון די קריסטליכע יסודות און וויסען, מיט וואס זיי אבצושלאגען, האט ער איבערזעצט אויף העברעאיש די מעהר בעדייטענדע שטעלן פון עוואנ־געליום, און צוגעגעבען צו זיי בעליידיגענדע בעמערקונגען. אט די ווערק האבען עס געזאלט אויספילען דעם פלאץ פון מענשען, פון גייסטרייכע פערזאנען, וואס זאלען קענען אליין זיך אנ'עצה געבען מיט טועלכע וכוחים און זיין געגוג בעוואפענט דערצו מיט וויסען און פעהיג־קייטען. ווארום גרויסע מענשען זענען צו יענער צייט געוועזען אין שפאניען גאנץ וועניג, און די תלמודישע גדולים האבען זיך נישט פערנומען מיט קיינע חקירות.

---

# פופצעהנטעס קאַפּיטעל.

## די ירידה פון שפּאַנישען יודענטום.

---

מיט דער צווייטער העלפט פון XIV-טען יאָהרהונדערט הויבּט
ראָס שפּאַנישע יודענטום צו פאַלען אַלץ נידעריגער און נידעריגער.
מאַטעריעלע, אויסערליכע לאַגע פון די שפּאַנישע יודען איז נאָך
רוויל כמעט, ווי געוועזען: זיי ווערן צוגעלאָזען צום הויף, פערנעה-
ן אַלערליי מלוכה-פּאָסטענס, האָבּען אַ פּאָלשטענדיגע זעלבּסט-פער-
לטונג און וויסען נישט פון קיין ממשות׳דיגע בּעגרענצונגען; דער-
ר הויבּען זיך אָבּער אָן צו בּעמערקען אין זיי שטאַרקע סמנים פון
ערליכער צופּוילטקייט, פון גייסטיגער געפאַלענקייט. ווען די קריס-
ן האָבּען בּעשולדיגט די יודישע גראַנדען אין אונעהרליכקייט און
ייענדיגער חוצפה, איז דאָס געוועזען נישט אינגאַנצען פאַלש, און
ה אין יודישע קרייזען האָט מען וועגען די אַריסטאָקראַטען קיין
סערע מיינונג נישט געהאַט. די דרשנים און מאָראַליסטען פון
ער צייט קלאָגען אַלע איבּער דער פערדאָרבּענקייט פון די גבירים
שילדערן זיי מיט זעהר פינסטערע פאַרבּען. „אין אַלע (פאָלקס-)
גליקען — שרייבּט איינער — זענען די יודישע פירשטען, אַריסטאָ-
אַטען און גבירים אַממעהרסטען שולדיג; זיי טראַכטען נאָר וועגען
רות און וועגען זייער כבוד, און גאָט׳ס אָנזעהען געהט זיי גאָרנישט
. אַנ׳אַנדער דרשן שילדערט די לאַגע פיעל אויספיהרליכער; „די
הרסטע יודישע גדולים, — שרייבּט ער — וועלכע האָבּען אַ צוטריט
קעניגליכען הויף און בּעזיצען די שליסלען פון דער מלוכה-קאַסע,

האלטען זיך גרוים מיט זייער עשירות. און הויכע פאסטענס און טראכ־טען גארנישט וועגען די אָרימע לייט. זיי בויען זיך פאלאצען, פּאָהרען אין פראכט־עקיפאזשען און בעצירען זייערע ווייבער און טעכטער, ווי פירשטינס, מיט גאלד, פערעל און עדעלשטיינער. זיי זענען קאלט אין גלויבען, פעראכטען די בעשעפטיגקייט, האסען יעדער מלאכה און האבען פערגעניגען פון לעדיג־געהן; זיי האבען ליעב טענץ און מוזיק, קליידען זיך ווי די קריסטען און געהען מיט צוגעקעמטע בערד; זיי פילען אן זייער לייב מיט אלע גוטע מאכלים, וועהרענד די תלמידים פון די ישיבות האבען קוים ברויט מיט וואסער (דעריבער זענען די רבנים אזוי פעראכט, און די ברייטע קלאסען פון פאלק מאכען זייערע קינדער ליעבער פאר בעלי מלאכות, איידער פאר געזעצלעהרער...) אין יעדער שטאדט רייסען זיי זיך ארום איבער ניעדריגע ענינים און ברענגען צו מחלוקת... גאָך ערגער איז די קנאה־שנאה, וואס הערשט צווישען זיי: איינער פערגינט נישט דעם צווייטען און פער־מסר'ט איהם פאר'ן קעניג".

די מסירות זענען ווירקליך געוואָרען א אָפטע ערשיינונג אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען פון שפאנישען יודענטום, און די רבנים האבען זיך גענומען קעמפפען געגען דער ערשיינונג מיט די שטרענג־סטע מיטלען פון יודישען געזעץ. אזוי ווי די בית דין'ס אין שפאניען האבען געמעגט משפט'ן אויך דיני־נפשות, פלעגען זיי די מוסרים פשוט פערמשפט'ען צום טויט און אויסבעטען ביים קעניג א בעשטעטי־גונג אויף דעם אורטייל; די אינערליכע צופוילטקייט איז אבער דערגאנגען אויך ביז די בית דין'ס גופא, און אויך דא זענען אבגעטאן געוואָרען שרעקליכע מעשים. זייטיגע מענשען האבען אנגע־הויבען זיך בענוצען מיט די בית דין'ס, אום אבצורוימען פון וועג זייערע קאנקורענטען אדער שונאים, און איינמאל האט אזא מין רציחה געבראכט צו זעהר טרויעריגע רעזולטאטען פאר'ס גאנצע שפאנישע יודענטום.

עס האט זיך געהאנדעלט וועגען דעם אויבענדערמאנטען דון יוסף פיכון פון סעוויליא, וועלכער האט פערנומען ביים קאסטילישען קעניג דעם פאסטען פון א אויבער־שטייער־אויפנעהמער און זיך ערוואר־בען א אונגעהויערע עשירות. דעם דאזיגען שר האבען זיינע שונאים פערמסר'ט פאר'ן קעניג, און ער איז איינגעזעצט געוואָרען אין געפענ־געניש. דערנאך האט ער געמוזט בעצאהלען דעם קעניג א גרויסע

סומע געלד. אַט דיִ מסירה האָט דון יוסף נישט געקענט מוחל זיין, און נאָכדעם וויִ ער איז בעפרייט געוואָרען פון תּפיסה, האָט ער ווידער איינעם פון זיינע מוסרים פערוויקעלט אין אַ שווערען פּראָ-צעס. דערהויפּט איז דער קעניג, הענריך, געשטאָרבען און דעם טראָן האָט געירשה'נט זיין זוהן יואַן (1379); האָבען דיִ רבנים אויסגע-נוצט דעם טומעל פון דער קאָראָנאַציע און אויף גיך פערמשפּט דון יוסף'ן צום טויט — גאָר אָהן זיין וויסען און אונטער דיִ אויגען. דער-ביי האָבען זיינע שונאים פאַר געלד אַרויסבעקומען דיִ נויטיגע פאָרמאַ-ליטעטען — אויך דעם קעניגס אונטערשריפט — און דער אורטהייל איז אויסגעפיהרט געוואָרען נאָך איידער אימיצער האָט צייט געהאַט, זיך אַרומצוקוקען. לאַנג האָט אָבער דיִ זאַך נישט געקענט בלייבען פערשוויגען, און ווען דער יונגער קעניג האָט זיך דערוואוסט, אַז מ'האָט אויסגענאַרט ביי איהם זיין אונטערשריפט אויף אַ אונגערעכטען טויט-אורטהייל, האָט ער געלאָזען טויטען דיִ עקזעקוטאָר'ם פון דעם יודישען געריכט, וואָס האָבען דעם אורטהייל אויסגעפיהרט, איינעם פון דיִ רבנים-ריכטער און דעם פאָרשטעהער פון דער מאַלט, וואָס האָט געהאָלפען אַרויסבעקומען דיִ נויטיגע פּאַפּירען. חוץ דעם האָט דער קעניג אָבגענומען פון דיִ יודישע געריכטען דאָס רעכט צו משפּט'ען דיני נפשות, און בכלל אָנגעהויבען שטאַרק נאָכצוקוקען און צו קאָנטראָלירען דיִ אינווענינסטע יודישע אָנגעלעגענהייטען.

אַט דיִ יודענפיינדליכע שטימונג פון קעניג איז באַלד אויסגענוצט געוואָרען פון דער קריסטליכער קאַסטילישער בעפעלקערונג, וועלכע איז אויך געוועזען שטאַרק אויפגעבראַכט איבער דער רציחה פון דעם יודישען בית דין, און דיִ קאָרטעס'ען (פאָלקס-, אַדעלס-פערזאַמלונגען) אין וואַלאַדאָליד האָבען פאָרגעלעגט דער רעגירונגס-מאַכט, איינצו-פיהרען פאַר יודען דעם קאָדעקס פון דיִ אַמאָליגע וועסטגאָטישע מלכים. און דאָן יואַן האָט ווירקליך בעשטעטיגט אַ גרויסען טהייל פון דעם קאָדעקס; יודען איז אונטער אַ שטרענגער שטראָף פערבאָטען געוואָרען צו וואוינען אינאיינעם מיט קריסטען, צו האַלטען קריסטליכע אַמ'ען פאַר זייערע קינדער און מגייר צו זיין אַ מחמר'נער אָדער וועמען ס'איז פון אַנ'אַנדער גלויבען. שפּעטער האָט דער זעלביגער הערשער דערווייטערט יודען כמעט פון אַלע מלוכה-פּאָסטענס.

אין דער צייט האָבען זיך געשטאַרקט דיִ רדיפות געגען יודען אויך מצד דער קירך. דאָס קאַטוילישע קריסטענטום האָט אין

פיערצעהנטען יאָהרהונדערט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון מיטעלאלטערישען בארבאריזם, און דערצו זענען נאך צוגעקומען די ליידענשאפטליכע ארומרייסענישען און מחלוקת'ען אין די רייהען פון דער קירך גופא, וואס האבען די גיפטיגע יודען־שנאה נאָכמעהר פונאנדערגעקאָכט. אין פראג האבען די גייסטליכע אויפגעהעצט דער בעפעלקערונג צו א שרעקליכען פאָגראָם: עס זענען טויזענדער יודען געטויט געוואָרען און דערצו האבען די רוצחים געשענדעט אלע יודישע הייליגקייטען (1389). נישט פיעל מעהר מענשליכקייט בנוגע צו יודען האבען ארויסגעוויזען די גייסטליכע אין פראנקרייך; מיט יעדען טאג זענען ארויסגעשטעלט געוואָרען נייע בעשולדיגונגען געגען די „אונגלויביגע", פון וועלכע זיי האבען קיין מעגליכקייט נישט געהאט, זיך ריין צו וואשען, ווייל יענע, וואס האבען די בעשולדיגונגען ארויסגעשטעלט, זענען אליין אויך איבערצייגט געוועזען אין זייער נישטיגקייט. ביי אזא לאגע איז דאס לעבען פון די אונגקליכע פערוואנדעלט געוואָרען אין א אייביגען גיהנם, און דערצו האבען זיי שטענדיג געמוזט גרייט האלטען דעם וואנדער־שטעקען; דען פראנקרייך האט זיך געשפיעלט מיט איהרע יודישע געמיינדעס, ווי מיט א הויפען שוצלאָזע, פערבלאָטעטע ציגיינער: אין א משך פון עטליכע צעהנדליג יאָהר האט זי די יודען פערטריבען, צוריקגערופען און וויעדער פערטריבען, אבהענגיג פון די קאפריזען פון איהרע קירכליכע טאָנגעבער.

און ביי די קאפריזען אליין האט זיך די קירך נישט אבגעשטעלט. די רעליגיע פון דער גרויסער ליעבע האט זיך פערבענקט נאך מענשען־בלוט, נאך פאקעל־צונגען פון מענשליכע לייבער, און באלד האט זיך אויף דער פירענעאישער האלב־אינזעל אנגעהויבען די ארגיע פון דער אינקוויזיציע מיט איהרע אויטא־דא־פע'ס, — די ארגיע, וואס האט מיט פייער און בלוט בעפעסטיגט דעם שטראהלען־קראנץ אויפ'ן קאָפּ פונ'ם אייביגען מערטירער, אייביגען וואנדערער, אייביגען יודען. —

